# תחית המתים

רָאמַאן אין 3 טהיילען

—פון—

ל. טאָלסטאָי

איבערזעצט פון מ. ק א ט ץ

STAR HEBREW BOOK CO.
54-58 Canal Street, New York

## 1.

וויפיעל מיה די מענשען האָבען זיך ניט געגעבען צו פער־דארבען די ערד, אויף וועלכער זיי האָבען זיך צוזאמענגעפרעסט צו עטליכע הונדערט טויזענד אויף איין קליינעם שטח; וויפיעל שטיינער זיי האָבען ניט אנגעשאטען אויף דער ערד, כדי עס זאל אויף איהר חס וחלילה קיין זאך ניט וואקסען; ווי זיי מאטערען זיך ניט אויסצורייסען יעדער גרעזעלע אפילו; ווי זיי האָבען ניט פערפאסקודיעט די ערד מיט רויך, דאמפף און אויל; די ביימער האָבען זיי ארומגעשניטען און אויסגעהאקט, און טהירען און פויגלען פערטריעבען, — דער פריהלינג איז דאך געווען פריהלינג, אפילו אין שטאדט.

די זונן האָט געווארעמט, די גראָז איז געוואקסען און האָט געגרינט אומעטום, וואו נור מען האָט זי ניט אויסגעריסען; די בעראזעס און די ווילדע קארשען־ביימער האָבען אנגעהויבען ארויסצולאזען זייערע זאפטיגע און דופטיגע בלעטער; די ליפּאַ־ווע קנאָספּען האָבען זיך בליהענד פאנאנדערגעעפענט; די שוואל־בען, טויבען און וואָראָבייטשיקעס, פול מיט פריהלינגס־פרייד, האָבען שוין פארטיג זייערע נעסטען; די פליגען הוזשען און זשוזשען אויף די וועגד, דערווארעמט פון די זונען־שטראהלען. אלעם פרעהט זיך: פפלאנצען, פויגלען, אינזעקטען און קינדער־לעך טהיילען דיעזע פרייד פון דער צועפענטער נאטור. נור מענ־שען, ערוואקסענע מענער און פרויען, זיי האלטען נאר אין איין נארען, פלאגען און קוועלען זיך אליין און איינער דעם אנדערן. זייערע מוחות זיינען ניט געווען פערנומען מיט דיעזען פריהלינגס־מאָרגען, ניט מיט דער שעהנהייט פון גאָט'ס וועלט, וועלכע איז

געגעבען געוואָרען פאַר גליק און פרייד פון אַלע ברואים. ניט דיזע שעהנהייט, וועלכע דאַרף ערוועקען אין די מענשליכע הערצער פריעדען און ליעבע, ניין, ניט דאָס איז געוועזען ביי זיי הייליג און טהייער, זאָנדערן זייערע אייגענע פּלענער, ווי צו הערשען איינער איבער דעם אַנדערן.

אין דער קאַנצעלאַריע פון טורמע איז איצט געוועזען ניט הייליג און טהייער דער פאַקט, אַז מענשען און טהיערען דאַרפען איצט געניסען דעם חן און די שמחה פון פריהלינג. ניין, עס איז דאָרט געוועזען אַ גרעסערע הייליגקייט, אַ וויכטיגערע אַנגעלעגענהייט, — אַ פּאַפּיר איז דאָרט נעכטען אָנגעקומען, אַ גענומערירטע פּאַפּיר מיט אַ חתימה און מיט אַן אויפשריפט. אין פּאַפּיר ווערט געאָרדערט, אַז היינטיגען טאָג, דעם 28טען אַפּריל, 9 אַזייגער אין דער פריה, זאָל מען צושטעלען פאַר'ן געריכט דריי אַרעסטאַנטען, וועלכע געפינען זיך אין אונטערזוכונגס-האַפט, אַ מאַן און צוויי פרויען. און דאַרום זיינען היינט, דעם 28טען אַפּריל, 8 אַזייגער אין דער פריה, אַריין דער נאַדזיראַטעל מיט צוויי סאָלדאַטען, קלינגענדיג מיט די וואָפען אין דעם הילכעדיגען קאָרידאָר פון טורמע, אין דער פרויען-אַבטיילונג, און האָבען זיך געשטעלט לעבען טהיר פון איינער פון די קעמערלעך. גלייך נאָך זיי איז געקומען די אויפזעהערין, אַ קריינקליכע פרוי, אָנגעטאָהן אין אַ גרויען יאַקעל און אַ שוואַרצע קלייד.

— ווּעמען איז דאָס, מאַסלאָווא? — האָט זי אַ פרעג געטאָהן, דערלאַנגענדיג דעם נאַדזיראַטעל דעם שליסעל.

דער נאַדזיראַטעל האָט אָבגעשלאָסען, אויפגעעפענט די קאַמער, פון וועלכער עס האָט אַ קלאַפּ געטאָהן אין נאָז אַ טוכלע לופט, נאָך ערגער ווי אין קאָרידאָר, און האָט אַ געשריי געטאָהן: „מאַסלאָווא, צום געריכט!“ ער האָט באַלד צוריק פערריגעלט די טיהר.

די פרישע, קלאָהרע לופט פון די פעלדער האָט זיך אַריינגעריסען אפילו אינ'ם הויף פון אָסטראָג. אָבער דאָ אינעווייניג איז די לופט געוועזען דורכגענומען פונ'ם עיפּוש, דזעגעכץ, דומפּפּיג

און שטיקענד. דאס האָט געפיהלט אריינקומענדיג פון הויף אפילו די נאדזיראטעלניצע, וועלכע איז שוין געוואוינט צו דער שלעכטער לופט. זי האָט גלייך ביים אריינגעהן דערפיהלט זיך אזוי שווער, מיעד, געדריקט, אז עס האָט זי געצויגט צום שלאפען.

די צוויי סאלדאטען, איינער מיט א רויטער, געשטופּעלטער צורה פון פּאָקען, א טשוואוואש, פון קאזאן, דער אנדערער, א ברייט־פּלייציגער, פון ניזשני נאָווגאָראָד, וועלכע זיינען אריינ־געגאנגען לוסטיג און אויפגעלעבט, האָבען עפּעס אויך דערפיהלט ווי עס שטיקט זיי.

פון קעמערל האָט זיך געלאזט הערען א שארען מיט פיס, ווי מען קלייבט זיך צו געהן, און פרויען־שטימען. דער שארען איז געווען פון בארפוסע פיס אויף דער ערד.

— עי, שנעלער! — האָט א געשריי געטאָהן דער נאדזיראַ־טעל. א קליין־געוואקסענע פול־בריסטיגע און זעהר שעהנע פּרוי־ענצימער איז מיט פעסטע טריט שטאלץ ארויס צום טיהר פון קעמערל און איז געבליעבען שטעהן לעבען נאדזיראטעל. זי האָט געטראגען א גרויען כאלאט, אנגעטאהן אויף א ווייסען יאקעל און אונטערקליידעל. אויף די פיס זיינען געווען לייוועגדענע זאָ־קען און ארעסטאנטסקע שיך, אויפ'ן קאָפּ א ווייסע טיכעל, פער־בונדען אונטער'ן מאָרדע, און פון אונטער דער ווייסער טיכעל האָבען זיך געזעהן עטוואס איהרע שווארצע האָר, זארגפעלטיג פערקאמט פון שטערן ארויף. איהר פּנים איז געווען ווייס, דאס איז געווען יענע ווייסקייט, מיט וועלכע עס צייכענען זיך אויס די פּנים'ער פון מענשען, וואס זיינען לאנג געזעסען פערשפּארט, און וועלכע עראינערט דעם צושויער אויף די ווארצלען, וואס שפּראצען ארויס פון קארטאָפעל ווען זיי ליגען לאנג אין א קע־לער. איהרע קליינע הענד און די פולע האלז, וועלכע האָט זיך ארויסגעזעהן פון אונטער'ן גראָבען קאָלנער, האָבען געהאט דעמזעל־ביגען אבשלאג, איהרע שווארצע, בליציגע אויגען, — איינע אבי־סעל קאָסע, — זיינען געווען א שארפער קאָנטראסט צו דער מאָ־

טער בלאסקייט פון איהר געזיכט, אויף וועלכען עס האט זיך געזעהן דאך אן איידעלקייט.

זי האט זיך געהאלטען גלייך און שטאלץ, אויסשטעלענדיג איהר פולע ברוסט, בשעת אין איהרע גלענצענדע אויגען און אויף איהרע פערשלאסענע ליפען האט געשפיעלט א שמייכעל.

אריינטרעטענדיג אין קארידאר, מיט דעם קאפ אין דער הויך, פארטיג צו פאלגען אלעס וואס מען וועט איהר הייסען, האט זי געקוקט שטאלץ דעם נאדזיראטעל אין די אויגען און דערנאך אויף די סאלדאטען. דער געשטופעלטער טשואוואש און דער נאוואגאראדער סאלדאט זיינען עטוואס פרעהליכער געווארען און האבען אנגעהויבען קוקען אויף איהר מיט הנאה. דער אונטעראפיציער האט שוין געהאלטען ביי פארמאכען די טיהר, ווען אן אלטע פרוי האט ארויסגערוקט איהר גרויען קאפ אום עפעס צו זאגען מאסלאווא, אבער דער נאדזיראטעל האט האסטיג פערמאכט די טיהר און האט געגעבען מיט איהר דער אלטער א קלאפ אין קאפ. ניט קוקענדיג דערויף האט די אלטעס געזיכט געוויזען זיך באלד אין גראטע ביי דער אנדער זייט פון טיהר, און האט מיט א הויזעריגע שטימע אויסגעשריען:

— די הויפטזאכע איז, ניט גערעדט צו פיעל און ווען זיי וועלען דיך נעהמען אויפ׳ן דאפראס, האלט זיך ביי דאס דייניגע, נור ניט געזאגט צו פיעל.

— וואס דארטען וועט שוין זיין, ערגער קען דאך ניט זיין, — האט געענטפערט מאסלאווא.

— געוויס וועט זיין וואס עס וועט זיין — האט זיך אבגערופען דער נאדזיראטעל, הנאה האבענדיג פון זיין חכמה, — ני, מארש נאך מיר!

די אלטע׳ס פנים איז פערשוואונדען פון די אייזערנע גראטעס, און מאסלאווא איז צוגעטראטען צום מיטען פון קארידאר. דער קאנוואי (וואך) הינטער איהר, דער נאדזיראטעל אין פראנט און זי אליין אין מיטען. אזוי זיינען זיי געגאנגען אראפ פון די שטיינערנע טרעפ, זיינען פערבייגעגאנגען נאך עטליכע קעמערלעך

פון ארעסטאנטקעס און זיינען אריין אין דער קאנצעלאריע פון אס־טראָג. דאָרט האָט דער קאנצעליארסקער שרייבער אויסגעמאכט עפּעס א פּאַפּיער, פון וועלכער עס האָט געשטונקען טאבאק־רויך, און ער האָט זי דערלאנגט צו איינעם פון די קאנוואָינע סאלדא־טען; דיעזער האָט אריינגערוקט דעם פּאַפּיער אין דעם פאלד פון זיין פערבויגענעם ארבעל און דיביידע סאלדאטען פון פארענט און פון הינטען מיט דער ארעסטאנטקע אין מיטען האָבען ארויס־געמארשירט דורך דער פּאָדערסטע טיהר אין הויף פון אסטראָג. דאָרט האָט זיך געעפענט א טהירעל אין דעם גרויסען טויער, דער נאדזיראטעל איז געבליעבען פון דער זייט און די סאלדאטען מיט דער ארעסטאנטקע זיינען ארויס אויפ'ן גלאטען שאָסע, וועלכער האָט געפיהרט פון טורמע צו דער שטאדט.

אריינגעהענדיג אין שטאָדט, זיינען זיי געגאנגען אין מיטען פון דער שלעכט־ברוקירטער גאס. קינדער האָבען זיך אפּגעשטעלט און האָבען מיט דערשראקענע אויגלעך געקוקט אויף דער „מער־דערין"; זיי זיינען אבער באלד דרייסטער געוואָרען, זי איז דאָך בעוואכט פון ביידע זייטען פון סאלדאטען מיט אנגעלאדענע ביק־סען. דערוואקסענע מענשען — איזוואָזטשיקעס, קרעמער, קעכינס, ארבייטער, טשינאווניקעס, בעלי מלאכות, דיענסטען — האָבען זיך אבגעשטעלט און האָבען א קוק געטאהן אויס נייגעריגקייט; מאנכע האָבען געשאקעלט מיט די קעפּ, ריידענדיג צו זיך אליין: „אט דאָס איז דער סוף, ווען מען פיהרט זיך ניט אויף עהרליך, אָט אזוי ווי מיר". א דאָרפישער פויער, וועלכער איז געפאָהרען צוריק אהיים מיט די געלייזטע עטליכע גראשען, נאך דעם ווי ער האָט זיך אנגעטרונקען אין טראקטיר מיט טהעע, האָט זיך אי־בערגע'צלם'ט און האָט דערלאנגט דער ארעסטאנטקע א קאָפּיקע. זי איז רויט געוואָרען, האָט אראבגעלאזען דעם קאָפּ און האָט עפּעס א מורמעל געטאָהן.

זי האָט געפיהלט אויף זיך אלעמעס בליקען און האָט גאנץ אונבעמערקט, ניט א קעהר טוהענדיג מיט'ן קאָפּ, געקוקט קרומ־לעך אויף די אלע, וואס האָבען געווארפען אויף איהר זייערע בלי־

קען; זי האָט הנאה געהאט, ווי עס שיינט, וואס זי ציהט אויף זיך זייער אויפמערקזאמקייט. זי האָט אויך הנאה געהאט פון דער פריהלינגס־לופט, וועלכע איז דאָ ריינער ווי אין אסטראג, אבער איהר איז געווען שווער צו געהן איבער די הארטע, קרומע שטיי־נער, זייענדיג אבגעוועהנט פון געהן און נאָך אין דיעזע שוועֿ־רע, גראָבע אַרעסטאנטסקע שיך; זי האָט געקוקט אויף די פיס און האָט זיך בעמיהט צו געהן אויף ווי פיעל מעגליך לייכטער. פערבייגעהענדיג אַ מעהל־קראָם לעבען וועלכע עס האָבען זיך אנ־געקליבען טייבעלעך, פון קיינעם ניט געטריבען, ניט בעליידיגט, האָט די ארעסטאנטקע שיער ניט ארויפגעטראטען אונגערן אויף איינער פון זיי. די טויב האָט אַ שוועב געטאָהן אין דער הויך. פאָכענדיג מיט איהרע פליגלען דער ארעסטאנטקע אין סאמע גע־זיכט אריין. זי האָט אַ שמייכעל געטאָהן ליעבליך, האָט אבער גלייך שווער אבגעזיפצט: זי האָט זיך דערמאָנט אן איהר לאגע.

## 2.

די געשיכטע פון דער ארעסטאנטקע מאסלאווא איז א גאנץ געוויינליכע. איהר מוטער איז געווען א מוזשיצקע, וועלכע האָט געדיענט אין הויז פון צוויי שוועסטער פאמעשציצעס — א פּאָר אַלטע מוידען. ניט קוקענדיג דערויף וואס איהר מוטער איז געווען אונפערהייראט, פלעגט זי פון דעסטוועגען יעדען יאהר מזכה זיין די וועלט מיט א קינד, ווי עס פיהרט זיך געוועהנליך אין דאָרפי־שען לעבען. נו, א קינד איז א קינד, מען פלעגט דאס קינד טויפען, ווי עס געהער צו זיין, און דערנאָך פלעגט עס בלייבען אויף גאָט'ס בעראָט. די מוטער פלעגט דאס קינד ניט ערנעהרען, עס איז פאר איהר געווען אן איבעריגע צוצעפעניס; און אזא קינד פלעגט לעבען, צאפּלען זיך אזוי לאנג, ביז עס פלעגט אויסגעהן פון הונגער.

אזוי זיינען אוועקגעשטארבען ביי איהר פינף קינדער. דאס

זעקסטע קינד, וועלכעס איז געקומען פון דער מוטער׳ס בעקאנטשאפט מיט א טרעמפישען ציגיינער, איז געוועזן א מיידעלע, און איהר גורל וואלט געוועזן דערזעלבער ווי פון די פריהעריגע קינדער, עס האט אבער פאסירט צופעליג אנדערש. איינע פון די מוידען־פריצ׳טעס איז גראדע אריינגעגאנגען אין קוה־שטאהל אנבייזערן זיך אויף די מעלקערקעס פאר וואס די מילך האט א שלעכטען ריח. אין שטאהל איז געלעגען א געווינערין מיט א שעהניכקען, נור וואס געבארענעם קינד. די אלטע מויד האט זיך שטארק צובייזערט, אי פאר די מילך און אויך דערפאר וואס מען מאכט גאר די שטאהל פאר א קינד־בעט, און האט שוין געוואלט אוועקגעהן. אבער עס האט איהר עפעס א צופ געטאהן ביים הארצען, זי האט רחמנות געקראגען: אזא שעהנינקע עופ׳לע! זי האט זיך בעשלאסען צו ווערען די טויף־מוטער פונ׳ם קינד.

וויבאלד די מיידעלע איז שוין געווארען איהר טויף־קינד, האט זי רחמנות געהאט אויף איהר און געשיקט דער מוטער מילך פאר דאס קינד און אפט אויך א פאאר גראשען.

די אלטע מוידען האבען דערפאר א נאמען געגעבען דעם קינד „די געראטעוועטע“.

עס זיינען אריבערגעגאנגען דריי יאהר, דעם קינד׳ס מוטער איז קראנק געווארען און איז געשטארבען. פאר דער אלטע באבע איז דאס קינד געוועזן א׳ן איבריגע לאסט. די מוידען־פריצטעס האבען דערפאר גענומען דעם קינד צו זיך. די שווארץ־אויגעלדיגע מיידעלע האט זיך אויסגעהאדעוועט א לעבעדיגע, צאפעלדיגע. ליעבינקע בעשעפענעס און די אלטע מוידען האבען פון איהר אמת הנאה געהאט.

די צוויי פריצטעס, אבוואהל שוועסטער, זיינען געוועזן פון פערשיעדענע נאטורען: די איינגערע, סאפיא איוואנאוונא, איז געוועזן א גוט־הערציגע פערזאן, זי האט עס געטויפט דאס קינד; די עלטערע, מאריא איוואנאוונא, האט געהאט א הארטערען כאראקטער. סאפיא איוואנוונא פלעגט אויספוצען די מיידעלע אין קליידעלעך, שירצעלעך, בענדעלעך און האט זי געלערנט לעזען

און שרייבען און האָט הויפּטזעכליך פון איהר געוואָלט מאַכען א גוט־ערצויגענע „באַרישניע“. מאַריא איוואנאוונא האָט אָבער גע׳טענה׳ט, אז מען דאַרף די מיידעלע הויפּטזעכליך געוואוינען צו דער אַרבייט און לערנען זי א בעשטימטע מלאכה, עס זאָל כאָטש פון איהר אַרויסקומען א גוטע קאַמער־מעדכען. זי איז געווען דערפאר זעהר שטריינג צו דער מיידעלע און האָט אפּט ניט געזשאַלעוועט צו געבען איהר אויך א קלאַפּ.

זעלבסטפערשטענדליך, אז צווישען דיעזע צוויי געגענגעזעצטע ווירקונגען איז די מיידעל אויסגעוואַקסען האַלב א דיענסט, האַלב א באַרישניע. און דאָס האָט זיך אויסגעדריקט שוין אין דעם נאָמען, וועלכען זי האָט געטראָגען. מען האָט זי ניט גערופען קאַטקאַ — פערעכטליך, און ניט קאַטינקאַ — ליעבליך, זאנדערן קאַטיושאַ — עטוואס א פערמיטלונג צווישען פעראַכטונג און ליעבע. אזוי איז אויך געווען אין איהר אַרבייט: זי האָט געוואשען, געקאָכט, דערלאַנגט צום טיש, ווי א דיענסט, אָבער זי איז צייטענווייז אויך געזעסען מיט די פּריצטעס צוזאַמען און האָט זיי עטוואס פאָרגעלעזען פון א בוך.

פיעלע האָבען זיך צו איהר גע׳שדכנ׳ט, אָבער זי האָט מיט קיינעם פון זיי ניט געקענט חתונה האָבען. זי האָט עס ניט געקענט דערפאר, ווייל דאָס זיינען אַלץ געווען נור בעל־מלאכות, אַרבייטס־מענשען, און זי איז שוין געוואוינט געוואָרען צו א בעסערען לעבען — זי איז דאָך א האַלבע באַרישניע.

ווען זי איז אַלט געוואָרען 16 יאָהר, האָט עס פּאַסירט אז צו איהרע מוידען־פּריצטעס איז געקומען צו גאַסט זייער א פּלימעניק, א רייכער סטודענט, און קאַטיושאַ האָט זיך אין איהם פערליעבט, ניט וואגענדיג צו ערקלערען דאָס איהם און ניט וואגענדיג צו ערקלערען עס אפילו זיך אליין. דערנאָך, אין א צוויי יאָהר ארום נאָך זיין ערשטען וויזיט, איז ער ווידער אַמאָל געקומען צו גאַסט. ער איז דאָס דאַן געפאָהרען אויף דער מלחמה און האָט זיך אויפ׳ן וועג אָבגעשטעלט ביי די טאַנטעס אויף עטליכע טעג. גאַנצע פיער טעג האָט ער ביי זיי פערבראַכט, האָט פאַר־

פארט קאטיושען און איז דערנאך אוועקגעפאהרען. א הונדערט־רובעלדיגע האָט ער איהר אריינגערוקט אין האנד פאר זיין אברייזען.

פון דאן אן איז איהר לעבען אין גאנצען פעראומערט געוואָרען און זי האָט נור געטראכט וועגען איין זאך: ווי זי זאל קענען פטור ווערען פון דער שאנדע, וועלכע עס ערוואַרטעט זי. זי איז געווען אזוי ערביטערט, אז זי האָט ניט געקענט צופריעדען שטעלען מעהר די אלטע מוידען. נאך ערגער, ניט וויסענדיג אליין ווי אזוי עס איז געקומען דערצו, האָט זי איין מאָל אנגעזידעלט און בעליידיגט די פריצטעס און געפאדערט מען זאל זיך מיט איהר אברעכענען און זי וועט אוועקגעהן.

זי איז אוועק פון זיי און איז אנגעקומען אלס דיענסט צום סטאנאָוואָי פריסטאוו. אבער דארט האָט זי אויך געקענט האלטען זיך ניט מעהר ווי דריי מאָנאטען, דען דער סטאנאָוואָי, א 50 יעהריגער בל־בו׳ניק האָט זיך אנגעהויבען צו איהר צוצושארען. זי האָט אזוי לאנג געליטען ביז איין מאָל, ווען ער איז צו איהר צו שטארק צוגעשטאנען, האָט זי איהם אנגעזידעלט גוט און געגעבען א שטויס אין הארצען, אז ער האָט געקליבען אלע ציינער. זעלבסטפערשטענדליך, אז מען האָט זי באלד ארויסגעטריבען פון איהר גראָבקייט.

וואָס איז איהר געבליעבען צו טאָהן? אנקומען איצט אויף א פלאץ איז אונמעגליך, באלד דארף זי געלעגען ווערען, און זי האָט זיך אריינגעקליבען צו א דארפישער הייבאם, וועלכע האָט דערצו אויך געהאלטען שנאפס צו פערקויפען. זי האָט גרינג געהאט דאס קינד. אבער די באָבע האָט אין דער זעלבער צייט אויך צוגענומען א קינד ביי א קראנקע קינפעטארין און האָט דורך דעם אנגעשטעקט מאסלאווען מיט קינפעט־פיבער; דאס קינד — א אינגעלע, האָט מען געמוזט אוועקשיקען אין אן ערציהונגס־אנשטאלט און דארט איז ער באלד געשטארבען.

אין גאנצען איז ביי מאסלאווען געווען א 127 רובעל, ווען זי האָט זיך אריינגעקליבען צו דער דארפישער באָבען; 27 איה־

רע אייגענע פערדינטע, און 100 רובעל וועלכע איהר פערפיהרער האט איהר געגעבען. ווען זי האט געדארפט פערלאזען דאס הויז פון דער הייב־אם זיינען ביי איהר פונ׳ם גאנצען געלד געבליבען נור 6 רובעל. די צרה איז געווען מיט מאסלאווע וואס זי האט ניט געקענט האלטען קיין געלד; זי האט ניט געקענט אבזאגען, ווען אימיצער האט ביי איהר א בעט געטאהן עטליכע רובעל. די באבע האט ביי איהר גענומען פאר קווארטיר און עסען פאר צוויי חדשים 40 רובעל, 25 רובעל האט געקאסט דאס אוועקשיקען פונ׳ם קינד, 40 רובעל האט ביי איהר די באבע סתם געליהען — א בהמה האט זי געדארפט קויפען, און 20 רובעל זיינען ביי איהר אליין אוועקגעגאנגען אויף פערשיעדענע זאכען.

קורץ, ווען זי איז געזונד געווארען איז זי געבליעבען אהן געלד, און זי האט געמוזט זוכען א פלאץ. זי האט טאקע באלד אויך געפונען אזא פלאץ ביי א וואלד־וועכטער. דער וואלד־וועכטער איז געווען אפילו א בעווייבטער, פון דעסטוועגען האט ער געקרא־גען חשק צו דער דיענסט פון דעם ערשטען טאג אן וואס זי איז אנגעקומען, גאר אזוי ווי דער סטאנאוואי. דאס ווייב האט זיך דערוואוסט אז דער מאן שארט זיך צו קאטיושא׳ן און זי איז צו־געלאפען צו איהר מיט א פאר קולאקעס; קאטיושא האט זיך ניט געלאזען און עס איז ארויסגעקומען א געשלעג צווישעןביידען. דער סוף איז געווען, אז מען האט זי ארויסגעטריעבען און אפילו ניט בעצאהלט וואס איהר האט געקומט. דאן איז קאטיושא אוועק אין שטאדט און האט זיך בעזעצט ביי איהרע א מוהמען. די מוה־מעס מאן איז געווען אן איינבינדער, וועלכער האט אמאל גוט גע־ארבייט און פערדיענט געלד. ער האט אבער אנגעהויבען שיכור׳ן, האט פערלארען זיינע קונדען און האט איצט נור געהאלטען אין איין טרינקען, פערזעצענדיג אלעס וואס עס האט זיך נור געמאכט צום האנד.

די מוהמע האט געהאלטען א וועשעריי און האט דערפון געמאכט קוים א לעבען פאר זיך, פאר די קינדער און פאר דעם שיכור׳ן מאן. זי האט איינגערעדט קאטיושען, אז זי זאל ביי איהר

ארבייטען אלס וואש־פרוי. מאסלאווא האט אבער געזעהען וואס פאר א לעבען עס פיהרען די וועשערקעס, וועלכע ארבייטען ביי איהר מוהמע, און זי האט זיך ניט געקענט בעשליסען צו פיהרען אזא לעבען. זי האט בעסער געזוכט א פלאץ דורך די מעקלער־קאנטארען, וואוהין דינסטען און דינער ווענדען זיך, ווען זיי דאר־פען א פלאץ.

עס האט זיך ענדליך געפונען פאר איהר א פלאץ ביי א דא־מע, א׳ן אלמנה מיט צוויי זיהן גימנאזיסטען. איין וואך האט זי געארבייט, מעהר ניט, דען דער עלטערער גימנאזיסט, א שילער פון זעקסטען קלאס, האט אין גאנצען אוועקגעווארפען זיינע ביכער און האט זיך נור געשארט צו דער דינסט גאנצענע טעג; ער האט איהר קיין מינוט רוהע ניט געגעבען. די מוטער האט דאס דערזעהן און זי האט אנגעהויבען בעשולדיגען קאטיושען, אז זי פיהרט איהרע קינדער אראפ פון וועג. זי האט געמוזט אלזא זוכען א׳ן אנדער פלאץ. אומזיסט; קיין פאסענדער פלאץ האט זיך אזוי גיך ניט געמאכט.

נון, דארף פאסירען אזא מין געשיכטע: ווען מאסלאווא איז געקומען אין קאנטאר, וואו מען רעקאמענדירט פלעצער, האט זי דארט בעגעגענט א׳ן עלעגאנטע דאמע, אויסגעפוצט אין עסיג און אין האניג, מיט בראסלעטען, מיט דימענטענע רינגעלעך אויף די ווייכע, דיקע פינגער און אויף די נאקעטע, ווייסע ארעמס. ווען די דאמע האט זיך דערוואוסט פון קאטיושא׳ס לאגע, האט זי איהר געגעבען איהר אדרעס און האט זי איינגעלאדען צו זיך. מאסלאווא איז צו איהר אריבערגעגאנגען. די דאמע האט זי זעהר פריינדליך צוגענומען, האט זי טראקטירט מיט פוטער־פלעצלעך און מיט זיסען ווייז און האט דערנאך אוועקגעשיקט איהר דיענסט־מיידעל מיט א צעטעלע ערגעץ אין א פלאץ. פארנאכט איז געקו־מען אהין א הויכער מאן מיט גראהליכע האר און א גאנץ גראהע באָרד; דיזער אלטער האט זיך געזעצט נאהענט לעבען קאטיו־שען און האט זיך מיט איהר אנגעהויבען צו שפיעלען.

די ווירטין האט דערנאך ארויסגערופען דעם מאן אין צוויי־

מען צימער, און קאטיושא האָט געהערט ווי זי האָט צו איהם געזאגט: א פרישינקע, פון דאָרף, א געשמאקינקע. דערנאָך האָט די ווירטהין זי א רוף געטאָהן און האָט איהר פארגעשטעלט, אז דער מאן איז דאס א פּערפאסער, ביי וועלכען עס איז דא א'ן אוצר מיט געלד און ער זשאַלעוועט ניט, ווען נור מען געפעהלט איהם.

קאטיושא איז איהם געפעלען געווארען און דער פערפאסער האָט איהר געשיינקט א פינף־און־צוואנציגער, פערשפּרעכענדיג אז ער וועט זיך נאָך מיט איהר זעהן. דאס געלד איז זעהר גיך צוקראָכען; זי האָט געדארפט בעצאהלען דער מוהמע פאר קווארטיר און עסען. היינט ווי קויפט מען דאָס ניט א היטעלע, בענדעלעך און קלייניגקייטען?

אין עטליכע טעג ארום האָט דער שריפטשטעלער געשיקט ווידער נאָך איהר. זי איז געגאנגען. ער האָט איהר געגעבען נאָך א פינף־און־צוואנציגער און האָט איהר פארגעשלאגען, זיי זאלען זיך גאר ארייננקלייבען אין א בעזונדער קווארטיר, פאר זיך. וואהנענדיג אויף אזא קווארטיר מיט דעם פערפאסער, האָט זיך מאסלאווא דערוויל פערליעבט אין א פריקאשטשיק, וועלכער האָט געוואהנט אויך אינ'ם זעלבען הויז. זי האָט אפענהערציג דאס אליין דערצעהלט דעם פערפאסער און האָט זיך איבערגעקליבען אין אן אנדער קווארטיר, א קלענערע, צוזאמען מיט דעם פּריקאשטשיק, וועלכער האָט איהר צוגעזאגט, אז ער וועט מיט איהר חתונה האָבען. ער האָט אבער ניט געהאלטען וואָרט, ער האָט זי באלד אוועקגעווארפען און איז מעהר ניט געקומען. מאסלאווא איז נעביך געבליעבען אליין. זי האָט געוואלט דאן אליין אנהאלטען די קווארטיר; מען האָט איהר אבער ניט ערלויבט. זי האָט געמוזט גיין צוריק צו איהר מוהמען.

די מוהמע האָט זי צוגענומען גאר מיט אן אנדער כבוד, זעהענדיג ווי שיין זי איז געקליידעט, א גאנצע דאמע, אין א פּאָפּערינע, מיט האנדשוה. די מוהמע האָט שוין איצט גאָר קיין העזה ניט געהאט פארצושלאגען איהר, א שטייגער, זי זאל ביי איהר

ווערען א וועשערקע; זי האָט דאָך געזעהן, אז איהר פּלימעניצע שטעהט עפּעס אויף א העכערע שטופּע פון לעבען.

איהר איז גאר קיין מאָל אין קאָפּ ניט געקומען אזא פראגע צו זאָל זי ווערען א וועשערקע ביי איהר מוהמען; זי האָט מיט הארצווייטאג געקוקט אויף די ארעמע הארעפּאסנע מיידלעך, וועל־כע פּלאגען זיך דעם גאנצינקען טאג און רייבען די קויטיגע וועש, — בלאסע, אויסגעמוטשעטע, אנדערע זיינען שוין שווינדזיכטיג פון דער שווערער ארבייט אין היץ, אין שטיקענעם פּון פּארע דורכ־גענומען מיט שמוץ און זייף. איהר האָט געשווידערט דער געדאנק, אז זי האָט אויך געקענט אזוי פערוועלקט ווערען, ווען זי וואָלט איינגעוויליגט דאן צו שטעלען זיך ארבייטען ביי איהר מוהמען אין דער וועשעריי.

גערויכערט האָט מאסלאָווא שוין פון לאנג, און אין דער לעצטער צייט האָט זי אפילו זיך צוגעוועהנט היבש צו טרינקען. ווייז האָט זי ליעב געהאט, ניט אזוי דערפאר ווייל עס איז גע־שמאק, זאנדערן דערפאר, ווייל דאס האָט זי פערטויבט און האָט איהר געגעבען א מעגליכקייט צו פערגעסען אלע יסורים, וואס זי האָט אריבערגעטראגען, איהר שווערען שיקזאל; דער ווייז האָט זי געמאכט לעבעדיגער, פרישער און האָט איהר צוגעגעבען מוטה און זעלבסט־ווירדע, זאנסט איז זי ביי זיך אין די אויגען געווען זעהר געפאלען. אהן ווייז איז איהר געווען אזוי פאסקודנע אויפ'ן הארצען און שענדליך — אך, ווי מיאוס!

זי האָט נעבאך געהאט צו וועהלען ענטוועדער די ערנידערונג פון א דיענסט, צו וועלכער די „הערשאפטען" וועלען זיך געוויס אפּט זעהן צו־צושארען און וועלען איהר קיין רוה ניט געבען, אדער זיין פארזארגט, זיין רוהיג און האָבען א'ן „ארדענטליכען" פּלאץ.

אויסער דעם האָט זיך איהר געדוכט אז טרינקענדיג רעכענט זי זיך אָפּ מיט זיי אלעמען, מיט די אלע, וואס האָבען איהר ביי־זעם געטאָהן, מיט איהר ערשטען פערפיהרער, מיט דעם פריקאש־ציק און מיט אלעמען, מיט אלע די, וואס האָבען איהר פערבי־טערט דעם לעבען. דאצו האָט אויף איהר בעשלוס אויך געהאט

א גאנץ שטארקע ווירקונג דאס וואס אזא לעבען וועט איהר געבען די מעגליכקייט צו קליידען זיך שעהן ; זי וועט בעשטעלען קליי־דער וועלכע נור איהר הארץ געלוסט : סאמעטענע, זיידענע, באַ־טיסטענע, סאטינענע, פאר בעלער און פאר שפּאציר ; אויסגע־בלייזט דאס האלז ווייט, מיט אפענע שולטערן, נאקעטע ברוסט און בלויזע ארעמס. און ווי מאסלאווען האָט זיך נור אין דער פאנטאזיע פארגעשטעלט ווי זי וועט אויסזעהן אין א געלב־זיי־דענעם קלייד מיט שווארץ־סאמעטענע בעפּוצונגען, אזוי האָט זי זיך שוין מעהר ניט געהאט וואס מישב צו זיין.

פון דאן אן האָט זיך פאר מאסלאווא אנגעהויבען יענער לע־בען, וועלכען עס פיהרען הונדערטע און טויזענדע אזעלכע פרויען און וועלכער ענדיגט זיך ביי ניינציג פון הונדערט מיט שרעקליכע קראנקהייטען, פריהצייטיגעס אלט ווערען און טויט.

אין דער פריה און בייטאג שווערער שלאף נאך דער נעכט־ליכער אויסגעלאסענהייט ; אזייגער פיער פארנאכט אויפשטעהן מיעד, פויל פון דער שמוציגער בעט ; די גליעדער שווער און אין מויל פאסקודנע פון צופיעל טרינקען, — לעשען זיך פון שכרות מיט זעלצער, קאפע ; פוילערהייט שלעפען זיך אין שליורעס, אין א לאנגען ווייסען יאקעל, אין א ראפּער, אדער אין א מאנטעל אויפ'ן האלב נאקעטען קערפּער, קוקען אין פענסטער מיט פערגאַ־כענע אויגען, צו־זידלען זיך מיט די חבר'טעס ; דערנאך פודרען דעם פנים, פערפיומירען דעם קערפּער, שמירען די האָאר און אנ־פאסען דאס נייע קלייד, צוקריגען זיך מיט דער ווירטהין איבער דעם, ארומקוקען זיך גוט אין שפּיגעל, אונטערפארבען די אויגען ; עסען עפּעס זיסעס, פעטעס און נאכהער אנציהען זיך אין זיידע־נע קליידער און ארויסגעהן אין אויסגעפּוצטע, אן אויסגעגלאנצטע אין דעם גרויסען, בעלויכטענעם זאאל ; געסט, מוזיק, טענץ, צוקערקעס, וויין, רויכערען, שמייכלען, אנציהען.

אזוי האָט מאסלאווא אבגעלעבט זיעבען גאנצינקע יאהר. אויף דעם אכטען יאהר, דאס איז שוין געוועזן דער 26טער יאהר פון איהר לעבען, האָט מיט איהר פאסירט דאס, פאר וואס מען

האָט זי אריינגעזעצט אין אסטראָג און פאר וואס מען פיהרט זי איצט צום געריכט, נאכדעם ווי זי איז אפּגעזעסען זעקס מאנאטען אין טורמע, צוזאמען מיט מערדער און גנבים.

3.

אין דער צייט ווען מאסלאווא, אויסגעמאטערט פון לאנגען געהן, איז צוגעקומען מיט דעם קאנוואָי צום אקרוזשנאָי סוד, איז איהר פערפיהרער, דער פּלימעניק פון איהרע מוידען־פּריצטעס, פירסט דמיטרי איוואנאָוויטש נעכליודאָוו, געלעגען בכבודיג אין זיין שעהנער בעטעל, אויף די ווייכע, ווייסע, פוכאָווע קישעלעך, אין א שנעע־ווייסער, האָלענדער נאכט־העמד, מיט קנייטשעלעך, אויסגעשטעפּט אין פראנט, און האָט געריכערט א פּאפּיראס. ער איז געלעגען און האָט געקוקט מיט פאנאנדערגעעפענטע אויגען אין לעהרען רוים, טראכטענדיג וועגען דעם נעכטיגען טאָג און וואס איהם שטעהט פאר צו טאָהן היינט.

ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם נעכטיגען אבענד, ווי ער האָט פערבראכט ביי די רייכע קארטשאגין'ס — א בעריהמטע פאַמיליע, וואו ער פלעגט אָפט פערברייגגען. ער ווייס אז אלע מיינען, דאס ער וועט מסתמא חתונה האָבען מיט פריילין קארטשאגין. ער האָט זיך אבגעזיפצט, האָט אוועקגעווארפען דעם שטיקעל פּאַפּיראָס און האָט שוין אויסגעצויגען די האנד נאָך דעם זילבערנעם פּאָרט־סיגאר אום צו נעהמען אנ'אנדער פּאפּיראס. אבער ער האָט חרטה געקראגען. ער האָט זיך אויפגעהויבען, האָט אריינגעשטעקט די פיס אין די ווייכע, לייכטע שטעק־שיך, האָט ארויפגעווארפען אויף זיינע ברייטע פּלייצעס דעם זיידענעם כאלאט און איז אריין אין זיין גארדעראבנע, וועלכע איז געווען לעבען שלאָף־צימער. אין גארדעראבנע איז די לופט געווען דורכגענומען מיט געשמאקע ריחות פון פּערפיום, פּאמאדע, פיקסטואר און אלערליי בשמים־טראָפּענס.

דארט האָט ער אויסגעפּוצט מיט אן עלעגאנטער בערשטעלע

און מיט אן עקסטרא־פולווער די פערפלאמבירטע ציינער, האָט אויסגעשווייגקט דעם מויל מיט א שמעקעדיגען וועסערל, און האָט זיך דערנאך גענומען וואשען דעם פנים מיט אלערליי מיטלען, אָדעקאָלאָן, טהייערע זייף, האָט זיך געוואשען און ווידער גע־וואשען, געווישט און ווידער געווישט מיט האנד־טיכלעך אלערליי. ווען ער האָט געענדיגט דיזע ארבייט, האָט ער זיך גענומען פוצען די נעגעל פון די הענד, און איז דערנאך ווידער אריין אין דריטען צימער, האָט גענומען א טרוקענע וואנע, האָט זיך מיט א פייכטען, קאלטען האנד־טוך אויסגעריבען דעם דיקען פולען קערפער, וועלכער איז געווען ווי באדעקט מיט א ווייסע, קלאהרע פעטס, האָט זיך איינגעוויקעלט אין א ווייכען פוכיגען ליילעך, ביז די גאנצע פייכקייט פון קערפער איז ארויס־געצויגען געווארען און ער האָט זיך גענומען אנציהען. ער האָט שוין אויף זיך אנגעטאָהן די שנעע־ווייסע אויסגעפרעסטע אויבער־העמד, שטיוועלעך, גלאנציג ווי א שפיעגעל, און ער זעצט זיך ערשט לעבען טואלעט־שפיגעל, פערקאמען די קרויזע, שווארצע בערדעל און די געגרייזעלטע האָאר, וועלכע זיינען שוין געווארען שיטערלעך אויפ׳ן קאָפּ.

אלע זיינע קליידער, וועש, קנעפלעך, האלזטיכער, שפילקע־לעך א. ז. וו. זיינען געווען פון דעם בעסטען זאָרט, אלעם איידעל, שיין, שטארק, גוט און טהייער. פון א צעהן האלזטיכלעך האָט ער ארויסגענומען דעם ערשטען בעסטען, וואס איז געקומען צום האנד — אמאָל פלעגט ער לאנג קלייבען אזא זאך, איצט איז איהם גאנץ גלייך. נעכלודאָוו האָט געענדיגט זיין טואלעטע און איז א רייניגקער, א שייניגקער, אבוואָהל ניט גאָר פריש, ארויס פון גארדעראָבנע אין גרויסען עסס־צימער, וואו עס האָ־בען געגלאנצט די געוועקסטע דילען, דורך דער ארבייט פון די פויערים, וועלכע האָבען דערויף שטארק געשוויצט נעכטען. אינ׳ם עסס־צימער איז געווען א רייכער, דובאָווער בופעט און א גרויי־סער, שווערער טיש מיט געשניצטע, דיקע פיס אין דער פאָרם פון לייבען־לאפּעס.

דער טיש איז געווען געדעקט מיט א קלאָר־ווייסען טיש־טוך, אויף וועלכען עס זיינען געווען גרויסע הערבען פון דער פירסטליכער פאמיליע. פון אויבען זיינען געשטאנען זילבערנע געשיער, א קאַ־פע־קאן, פון וועלכע עס האָט זיך געטראָגען איבערן צימער א גע־שמאקער ריח פונ'ם בעסטען קאפפע, א זילבערנע צוקער־פושקע, אינעווייניג געגילט, אויך אזא קריגעלע מיט שמאנט און קערבעלעך מיט פערשיעדענע ביסקוויטען, מאנדעל־בייגעלעך, סוכאריקלעך און א פרישינקער, געפילטער קוילעטש. אויף איין ווינקעל פון טיש זיינען געלעגען, אנגעקומענע מיט דער מאָרגען־פּאָסט, בריעף, צייטונגען און א פראנצויזישער זשורנאל פאר דעם מאנאט.

נעכלודאָוו האָט זיך שוין געוואלט נעהמען לעזען די בריעף, אבער אין טיהר, וועלכע פיהרט צום קארידאָר, האָט זיך געוויזען, ווי אריינשווימענדיג, אן עלטערע, פעטע פרוי, אנגעטאָהן אין טרויער־קליידער. דאָס איז געווען די גארניטשנע פון דער אלטער פירסטין, נעכליודאָוו'ס מוטער, וועלכע איז דאָ אינ'ם זעלבען הויז ניט לאנג געשטארבען. דיעזע פרוי איז פערבליבען איצט דינען ביי'ם זוהן אלס עקאנאמקע.

אגראפענא פעטראוונא — אזוי האָט מען די פרוי גערופען — האָט געהאט א פנים אזוי ווי זי וואלט אליין געווען א פריצ־טע; זי איז אזוי פיעל געווען צוזאמען מיט דער אלטער פירס־טין, פלעגט מיט איהר זאָגאר ארומפאהרען אין אויסלאנד און זי האָט איבערגענומען אלע דרכים פון א פריצטע. ביי די נעכליו־דאווס איז זי פון קינדהייט אָן און זי האָט נאך דמיטרי איוואנאָ־וויטשען געקענט, ווען ער איז געווען א קליינינקער, ווען זי האָט איהם נאך גערופען מיטענקא.

— א גוטער מאָרגען אייך, דמיטרי איוואנאָוויטש.

— גוט מארגען, אגראפענא פעטראוונא. עפּעס נייעס? — האָט שפּאסענד א פרעג געטאן ניעכליודאָוו.

— א בריעף פון דער פירסטין־מוטער אדער פון דער פיר־סטינ'ס טאכטער; די קאמערמעדכען זייערע האָט עס געבראכט שוין לאנג און זי ווארט דאָרט ביי מיר, — האָט געענטפערט מיט

א צוקערדיגע מינע אגראפענא פעטראָווגא און האָט א פּינטעל געטאָהן מיט די אויגען.

— זעהר גוט, באלד, — האָט נעבליודאוו געענטפערט, נעה־מענדיג פון איהר דעם בריעף און האָט זיך אנגעבלאָזען, בעמער־קענדיג דעם פיעלדייטיגען שמייכעלע אויף אגראפענא׳ס געזיכט.

אגראפענא׳ס צוקערדיגער שמייכעל האָט בעדייט, אז זי פער־שטעהט, אז דער בריעף איז פון פריילין קארטשאגין, צו וועלכער, נאָך איהר מיינונג נאָך, ניעבליודאוו שרכנט זיך. אט דיעזע בעדיי־טונג פון אגראפענא׳ס שמייכעל, האָט אונאנגענעהם געשמעקט נעבליודאוו׳ן.

— זאל איך איהר הייסען ווארטען? — האָט די עקאנאמ־קע א פרעג געטאָהן, א כאפּ טאָהענדיג מיט בעזונדערע טרייהייט די טיש־בארשט, ווי אבצושטויבען עפּעס, און אוועקלייגענדיג זי באלד אויף אן אנדער פּלאַץ. און ניט דערווארטענדיג זיך קיין ענטפער, איז זי ארויסגעשוואומען פון עסס־צימער.

נעבליודאוו האָט געעפענט דעם שיינעם, פּערפיומירטען בריעף און האָט גענומען לעזען. געשריעבען האָט מען איהם פאל־גענדעס:

„אזוי ווי איך האָב זיך גענומען פאר א פּפליכט אייך צו ערמאנערן, איהר זאלט ניט פערגעסען וואס איהר האָט צו טאָהן, דערמאן איך אייך, אז היינט, דעם 28טען אפּריל, דארפט איהר ערשיינען אין אקרוזשני סוד אלס געשווארענער, און דארום קענט איהר ניט אויספאהרען היינט מיט אונז און מיט הערכן קאלא־סאָוו צו בעקוקען די בילדער, אזוי ווי איהר האָט נעכטען פער־שפּראכען, צו פערדאנקען אייער געוועהנליכער לייכטזיניגקייט.

יעדענפאלס וועט איהר דאך ניט וועלען בעצאהלען 300 רו־בעל שטראף פאר ניט ערשיינען. איך האָב זיך דערמאנט דערויף, באלד נאָך דעם ווי איהר זייט אוועק. פערגעסט דאָס ניט.

„פּירסטין מ. קארטשאגין".

אויף דער אנדער זייט פון בריעף איז געווען אין פראנצוי־זיש געשריעבען:

„מאמא לאָזט אייך וויסען, אז אייער פלאץ ביים טיש וועט ניט זיין פון קיינעם פערנומען, ווי שפּעט איהר זאלט ניט קומען. אלזאָ קומט אונבעדינגט.

„מ. ק.".

נעבליודאוו האָט געמאכט א זויערע מינע. דיעזער בריעף איז געווען א טהייל פון דער קונציגער ארבייט פון פריילין קאר־טשאגין, וועלכע געברויכט אלערליי מיטלען, אום צובינדען איהם צו זיך. שוין צוויי מאָנאט ווי זי ארבייט אזוי און פלעכט איהם צו צו זיך מיט אונבעמערקבארע קונציג־געוועבטע פעדים.

נעבליודאָוו האָט געהאט אן אורזאכע ניט צו איילען זיך אזוי צו בעטען די האנד פון פריילין קארטשאגין שוין אויסער דעם וואס א מענש אין זיינע יאהרען און ניט קיין ליידענשאפט־ליך פערליבטער איז זיך גוט מישב בעפאר ער בעשליסט זיך א שידוך צו טאָהן. דיעזע אורזאכע איז אבער ניט געוועזן חס וחלילה דאָס, וואס מיט א יאהר 10 צוריק האָט ער פערפיהרט קאטיושען און האָט זי דערנאָך אוועקגעווארפען ; ניין, אזא קלייניגקייט וואלט ער ניט גערעכענט פאר א מניעה אין א שידוך טאהן. אן אנדער אורזאכע איז דא געווען.

נעבליודאוו האָט אקוראט אין דיעזער צייט געהאט פער־בינדונגען מיט א פערהייראטהע פרוי ; אמת, ער האָט שוין זיך אביסעל דערווייטערט פון איהר, אבער זי איז נאך געווען נאָ־הענט צו איהם. פון דער נאטור איז נעבליודאוו געווען אביסעל א שעהמעדיגער מיט פרויענצימער, אבער גראדע דיעזע אונענט־שלאסענהייט, דיעזע שעהמענדיגקייט האָט ערוועקט אין דיעזער אשת־איש א פערלאנג צו ערשבערן איהם.

דיעזע דאמע איז געווען די פרוי פון דעם פרעדוואדיטעל דוואָריאנסטוואָ פונ'ם אויעזד, וואוהין נעבליודאוו איז געפאהרען צו די גאלקעס. זי האָט איהם אריינגענומען אין איהרע הענד, אז ער איז צו איהר געווארען אלץ מעהר צוגעבונדען, פיהלענדיג אלץ מעהר אבשטוים. גלייך פון אנהויב האָט זי טאקע נעבליודאוון געוואָלט א נאש טאָהן, דערנאָך האָט ער זיך שוין געפיהלט שולדיג

געגען איהר און האָט ניט געקענט אין גאנצען שיידען זיך מיט איהר, וואו זי זאָל אליין ניט איינוויליגען. איבער דעם האָט ער ניט געקענט בעטען די האנד פון פריילין קאַרטשאגין.

אויפ'ן טיש ביי איהם איז גראדע געלעגען א בריעף פונ'ם מאן פון יענער דאמע. דערזעהענדיג די האנדשריפט און פון וואַנען עס איז, איז נעכליודאָוו רויט געווארען און האָט דערפיהלט אין זיך אן ענטשלאסענהייט ווי אין דער ערוואַרטונג פון א סכנה. אבער זיין מורא איז געווען אומזיסט: דער פרעדוואדיטעל האָט איהם בלויז בענאכריכטעט, דאס ענדע מאי וועט זיין אן עקסטרא זיצונג פון דער זעמסקער פערוואלטונג און עס וואלט געווען נויטיג ער זאָל אנוועזענד זיין; עס האנדעלט זיך אום דארפישע שוהלען איינצוריכטען און נאך אזעלכע זאכען; דען אויב ער קומט ניט וועלען די רעאקציאנערע מיטגליעדער פון זעמסטוואַ האָבען די אויבערהאנד אין די אלע פראגען.

דער פרעדוואדיטעל איז נעהמליך געווען א ליבעראל און ער איז אזוי געווען פערשלונגען אינ'ם קאמפף געגען דער רעאקציאנערער פארטי, אז ער האָט גאָר ניט געקענט בעמערקען זיין אונגליק, די ענדערונג, וועלכע עס איז פארגעקומען אין זיין פאמיליען-לעבען.

נעכליודאָוו האָט זיך איצט ערא‍ינערט וועגען די אלע מינוטען פון קוואל, וועלכע ער האָט דורכגעלעבט, פיהלענדיג ווי אונגערעכט ער האנדעלט געגען דיעזען מענשען. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי ער האָט אפילו אמאָל געפאנטאזירט, אז אָט רופט איהם דער פרעדוואדיטעל ארויס אויף א דועל און ער האָט ניט אנדערש גערעכענט, אז ער וועט אין פרעדוואדיטעל ניט שיסען; ער וועט בעסער אויסשיסען אין די לופט. איהם האָט זיך דאַן אויך געדוכט, אז זי איז פערצווייפעלט, לויפט אין גארטען, פון דאָרט צום טייכעל מיט דעם אבזיכט צו טרינקען זיך און ער לויפט זי זוכען.

ער האָט זיך דערפאר בעשלאסען צו מאכען אן ענדע. ניט צו פאהרען, קיין זאך ניט צו טאָהן, ביז וואנען זי וועט איהם ניט

געבען אן ענטשיעדענעם ענטפער. ער האָט איהר ערשט מיט א וואָך צוריק געשריבען, דאס ער איז געווען איהר א שולדיגער, אבער ער רעכענט, אז יעדער פערבינדליכקייט צווישען זיי איז יעצט צו ענדע. אויף דיעזען בריעף ווארט ער דאס אן ענטפער. עס איז אפילו געווען א גוטער צייכען וואס דער ענטפער קומט ניט אזוי גיך; ווען זי וואלט בשום אופן ניט וועלען איינגעהן אויף א שיידונג צווישען זיי וואלט זי גלייך געענטפערט. נעכליודאָוו האָט אויך געהערט, אז ביי דעם פּרעדוואדיטעל געהט איצט איין עפּעס אן אפּיציער, וועלכער שארט זיך ארום איהר. דאס האָט איהם פון איין זייט געפלאגט מיט אייפערזוכט און פון דער אנדער זייט האָט עס איהם גראָד געפרעהט, דען דאס וועט איהם געבען א מעגליכקייט פּטור צו ווערען פון איהר.

דער צווייטער בריעף איז געווען פון דעם פערוואלטער פון זיינע גיטער. ער האָט געשריעבען ניעכליודאוו'ן דאס ער מוז אליין זיין אויפ'ן פּלאץ אום צו פערפעסטיגען זיין רעכט אלס יורש און אז זיין אנוועזענהייט איז אויך זעהר נויטהיג אום אויסצוארבייטען א פּלאן ווי די גיטער זאלען פערוואלטעט ווערען. עס וואלט א סך בעסער געלוינט — שרייבט דער פערוואלטער — אז די ערד, וועלכע עס בעארבייטען די פּויערים, און קריגען דערפון א העלפט, זאל בעסער דורך געדונגענע בעארבייט ווערען. עס וואלט מעהר איינבריינגען. פאר איינע הוצאות האָט דער פערוואלטער אויך געבעטען דעם פירסט אום ענטשולדיגונג וואס ער האָט אביסעל פערשפּעטיגט מיט דעם ארויסשיקען פון דריי טויזענד רובעל צום ערשטען מאי.

די אורזאכע פון דיעזער פערשפּעטיגונג פון די געלד איז, וואס עס איז שווער איצט פון די פּויערים אויפצומאָנען די רענט פאר דער ערד; זיי זיינען געווארען אזוי ווילד אין זייער עקשנות ניט צו צאָהלען, אז ער האָט זיך געמוזט ווענדען צו רעגיערונגס־מיטלען. נעכליודאוו'ן האָט דער בריעף געבראכט ליידען און פערגניגען אין איין צייט. ער האָט הנאה געהאט צו פיהלען זיך דער ווירטה פון אזוי פיעל גיטער, אבער עס איז איהם אויך

געוועזן אונאנגענעהם, דען אין זיין ערשטער יוגענד איז ער געוועזן א נאכפאלגער פון ספענסער, וועלכער בעהויפטעט אין זיין „סאשיעל סטעטיקס“ אז נאך דעם בעגריעף פון רעכט דארף קיין אייגענטהום אויף לאנד ניט עקזיסטירען.

דאן, אין יענע יונגע יאהרען, האָט ער ניט נור געגלויבט אין דער טעאריע, אז אויף לאנד טאָר ניט זיין קיין פריוואט־אייגענטהום, זאנדערן ער האָט טאקע מיט אן אמת אוועקגעשיינקט דעם קליינעם טהייל ערד, וועלכער איז פערזענליך איהם געבליבען בירושה פון פאטער, צו די פויערים. ער האָט ניט געוואלט פערמעגען לאנד; דאָס איז געוועזן געגען זיינע איבערצייגונגען. איצט, ווען ער איז געווארען דער גרויסער בעזיצער פון דאָס גאנצע לאנד, וואס איז איהם געבליבען בירושה נאך דער מוטער'ס טויט, בלייבט איהם אייגענטליך צו טאָהן איינס פון די ביידע, ענטוועדער ענטזאגען זיך פון זיין אייגענטהום, אדער איינשטימען שווייגענדיג, אז ער איז דער ווירטה און דערמיט פערלייקענען זיינע אמאָליגע איבערצייגונגען.

דאס ערשטע האָט ער ניט געקענט טאָהן, דען אויסער דער ירושה האָט ער קיין אנדערע מיטלען ניט געהאט צום לעבען. בעטרעטען א רעגיערונגס־שטעלע האָט ער ניט געוואלט; און דא איז ער געוואהנט געווארען צו לעבען ברייט, אהן זארג, אין לוקסוס און אלעם פארטיגע. אפזאגען זיך פון דיעזען פערגעניגען האָט ער ניט געקענט און עס וואלט טאקע געוועזן איבעריג, דען זיינע אמאָליגע איבערצייגונגען זיינען שוין לאנג אבגעשוואכט געווארען; עס איז שוין ניט געוועזן יענער גלויבען, יענע קראפט פון ענטשלאסענהייט, יענער פערלאנג צו איבערראשען די וועלט, ווי עס איז געוועזן דער פאל אין דער יוגענד.

דאָס צווייטע — לייקענען אין יענע בעווייזע געגען דאס רעכט פון אייגענטהום אויף לאנד, וועלכע ער האָט אמאָל אויסגעלערנט ביי ספענסער און דערנאָך אין „פראגרעס ענד פאווערטי“ פון הענרי דזשארדזש, האָט ער בשום אופן ניט געקענט.

און דער בריעף האָט איהם געבראכט אונאנגענעהמליכקייט.

4.

ווען ער האָט אבגעטרונקען זיין קאפע, איז נעכליודאוו גע־גאנגען אין קאבינעט, כדי צו ערקונדיגען זיך וועגען דער פּאָ־ וועסטקע פון אקרוזשנאָי סוד, אין וועלכע שטונדע ער מוז שוין דאָרט זיין און אויך צו ענטפערען דער פירסטין קארטשאגין אויף איהר בריעף. גייענדיג צום קאבינעט איז נעכליודאוו׳ן אויסגעקו־מען פארבייצוגעהן זיין ארבייטס־צימער. אין דיעזען צימער איז געשטאנען א מאלער־געשטעל מיט אן איבערגעקעהרטע אנגעפאנ־גענע בילד. דאס אנזעהן פון דיעזען בילד האָט איהם דערמאנט אויף דער אבגעלאזענהייט, וועלכע ער האָט דערפיהלט אין דער לעצטער צייט, און ווי דאס האָט ביי איהם אבגענומען יעדע ענער־גיע צו צייכנען, צו מאלען.

מיט זיעבען יאהר צוריק האָט ער אוועקגעווארפען זיין אמט מיט דעם בעשלוס, אז ער איז בערופען פון דער נאטור א צייכ־נער צו זיין, און ער האָט זיך בעטראכט אלס קינסטלער, וועלכער דארף מיט פעראכטונג קוקען אויף אלע אנדערע טהעטיגקייטען. איצט האָט זיך איהם געדוכט אז ער האָט קיין רעכט ניט צו בע־טראכטען זיך אלס קינסטלער. מיט פערדרוס האָט ער בעטראכט די אלע איינריכטונגען פון דיעזען ארבייטס־צימער און איז מיט שנעלע טריט אריין אין קאבינעט. דאס איז געווען א גרויסער, ליכטיגער צימער מיט אלערליי בעקוועמליכקייטען און בעפוצונ־גען.

אין טישקעסטעל פון גרויסען שרייב־טיש האָט ער געפונען די פּאָוועסטקע, אין וועלכע עס איז געשריבען געווען, אז א זייי־גער 11 דארף ער זיין אין געריכט. ער האָט זיך געזעצט ענטפערן דער פירסטין קאָרטשאגין. האָט אנגעשריעבען אן ענטפער — צו־ריסען; אנגעשריעבען א צווייטען — צו קאלט, כמעט בעליי־דיגענד. ער האָט ווידער צוריסען און האָט א דריק געטאָהן א קנעפעל אין וואנד. אין טיהר האָט זיך געוויזען דער לאקיי — אן אלטער מיט א טרויעריגען פּנים.

— שיקט נאָך אַן איזוואָזטשיק, געפעליגסט.

— גלייך.

— ווארט מען נאָך אויף אַן ענטפער פון די קארטשאגינס ? זאג זיי, אז איך וועל זעהן היינט זיין צו מיטאג ביי זיי.

— גלייך.

עס איז אפילו זעהר אונהעפליך, אבער איך קען ניט העלפען, איך קען איהר ניט שרייבען — האָט זיך נעכליודאוו געטראכט און ער איז געגאנגען אנטאָהן זיך צום אויסגעהן.

ווען ער איז ארוים אויפ'ן גאניק האָט שוין אויף איהם גע־ווארט די בעקאנטע דראָשקע מיט רעזינענע רעדער. דער איז־וואזטשיק האָט זיך צו איהם א קעהר געטוהן מיט זיין געזונטען, פערברענטען נאקען און האָט געזאגט.

— און נעכטען האָב איך זיך לוידער פערשפעטיגט. איך בין געקומען צו פירסט קארטשאגינ'ס הויז און דער שווייצער זאגט מיר : „ערשט אוועקגעפאהרען“.

„די איזוואזטשיקעס ווייסען שוין אויך מיינע פערהעלטניסע צו די קארטשאגינס“ — האָט נעכליודאוו א טראכט געטאהן, און אין זיין קאָפּ האָט זיך ערוועקט ווידער די פראגע, מיט וועלכע ער איז געוועזען בעשעפטיגט אָפּט אין דער לעצטער צייט : זאל ער הייראטהען מיט פריילין קארטשאגין אדער ניט ? איהם איז געוועזען שווער צו לייזען די פראגע ווי אלע אנדערע פראגען, וועלכע זיינען אין דער לעצטער צייט געשטאנען ביי איהם צום ענט־שיידען.

הייראטהען וואלט לוינען ערשטענס שוין דערפאר, ווייל די הייראטה גיט די מעגליכקייט צו פיהרען א מאָראלישען לעבען, — אזוי האָט ער גערופען פאמיליען־לעבען ; צווייטענס, און הויפּט־זעכליך, גיבען פאמיליע, קינדער אריין א געוויסען זינען אין לע־בען, אנשטאט וואס זיין איצטיגער לעבען איז אזוי פוסט. דאס אלעס איז געוועזען פאר הייראטה. דערפאר אבער זיינען אויך גע־ווען ארגומענטען געגען הייראטהען : ערשטענס, די געוועהנלי־כע פורכט פון אלע שוין ניט גאָר יונגע בחורים, זיי זאָלען ניט

פערליערען זייער פרייהייט. און צוווייטענס, די בלינדע פורכט פאר'ן געהיימען וועזען פון א פרוי. דאס איז געגען הייראטה בכלל.

די הייראטה פון מאריע קארטשאגין אין בעזאנדערס איז געוועזן פארטהיילהאפט, דערפאר ווייל זי האט זיך אין אלעס, פון איהר קליידונג ביז איהרע מאנערען אין ריידען, געהן, לאכען, אויסגעצייכענט פון איינפאכע מענשען; זי האט זיך אויסגעצייכענט ניט מיט עטוואס בעזונדערעס, נאר מיט איהר „אנשטענדיגקייט" — ער האט קיין אנדער אויסדרוק ניט געהאט פאר דיעזער אייגענשאפט, וועלכע זי בעזיצט און וועלכע ער האט זעהר הויך געשעצט. צוווייטענס, האט זי איהם געשעצט העכער פון אלע אנדערע מענשען, און דאס הייסט דאך — איז ביי איהם אויסגעקומען — אז זי פערשטעהט איהם. און וויבאלד אז זי פערשטעהט איהם, דאס הייסט, שעצט איהם מעהר פון אלע אנדערע, דאן צייגט עס דאך אז זי איז פערנינפטיג און קען אורטיילען גלייך.

אבער געגען הייראטהען מיט איהר איז געוועזן, ערסטענס, דאס, וואס איז אפשר מעגליך צו קריגען א פריילין, וועלכע האט נאך פיעל העכערע אייגענשאפטען אלס מאריע, און אזא וועט דאך זיכער מעהר ווערטה זיין צו זיין זיינע א פרוי; צוווייטענס איז מאריע קארטשאגין שוין אלט געוועזן 27 יאהר און ווי קען דאס זיין זי זאל שוין ניט האבען געליעבט וועמען עס איז פריהער, — דיעזער געדאנק האט בעזאנדערס געפלאגט נעכליודאוו'ן. זיין שטאלץ האט געליטען ביי דעם איין געדאנק, דאס זי האט אין דער פערגאנגענהייט דאך געקענט ליעבען אימיצען; דאס האט איהם בעליידיגט.

הכלל, עס זיינען געווען גענוג טעמים דאפיר און דאגעגען און ביידע זיינען געווען גלייך שטארק גענוג, אזוי דאס ביידע וואגשאלען האבען געהאט א גלייכגעוויכט און נעכלודאוו האט ניט געוואוסט ווי צו בעשליסען זיך.

„דערווייל, ווי לאנג איך האב נאך ניט בעקומען קיין אנטווארט פון דער פרעדוואדיטעלשע מאריע וואסיליעוונא, האב איך כליודאוו.

דאָך זיכער ניט וואס צו בעשליסען" — האָט זיך געטראכט נע־
און איהם איז געוועזן אנגענעהם, וואס ער דארף און מוז
ווארטען ביז ער זאל ענטשיידען אהין אדער אהער.

„עס איז נאך דא צייט, איך וועל עס שוין דערנאך גוט בע־
קלעהרען", — האָט ער צו זיך אליין געזאגט, ווען די דראשקע
איז שוין צוגעפאהרען צום אקרוזשנאָי סוד, — „און דערווייל
דארף איך היינט עהרליך און געוויסענהאפט, ווי מיין שטייגער
איז ערפילען מיין געזעלשאפטליכע פפליכט, דאצו איז דאך דאכ
אמאָל אויך גאנץ אינטערעסאנט". און אזוי ריידענדיג צו זיך איז
ער אראָפּ פון דראשקע, איז אריין אין פאָדערציממער פון געריכט
פערביי דעם שטעהענדען שווייצאר.

5.

די קאָררידאָרען פון אָקרוזשנאָי סוד זיינען געווען פול מיט
רעגונג און בעוועגונג, ווען נעכליודאוו איז אריין. די געריכטס־
דינער זיינען ארומגעגאנגען איילענדיג דאס אהין, דאָס אהער מיט
פאפיערען אין די הענד; אמאָהל זיינען זיי אויך אונטערגעלאָפען
פון גרויס איילענעס, אבער אזוי גלאטיג, לייכט, אזוי ווי זייערע
פיס וואלטען זיך ניט אנריהרען אן די דילען. ריכטער, אדוואקא־
טען, שרייבער, געשווארענע זיינען ארומגעגאנגען דאָ און דאר־
טען, געקומען און אוועק, אוועק און געקומען; מענשען מיט
פראָשעניעס אין די הענד, אנגעקלאגטע אין בעוואכונג פון סאָל־
דאטען זיינען טרויעריג געזעסען לעבען די וואנט אדער זיינען גע־
שטאנען אנגעשפארט, ווארטענדיג.

— וואו איז דער אקרוזשנאָי סוד? האָט נעכליודאוו א
פרעג געטאָהן איינעם פון די סטאָראָזשען.

— וועלכען ווילט איהר? עס איז דא די ציוויל־אבטיילונג
און קרימינעלע אבטהיילונג.

— איך בין א געשווארענער.

— איז דאס די קרימינעלע אבטהיילונג; האט איהר דאך דאס גלייך טאקע געקענט זאגען. אהער רעכטס און דערנאך וועט איהר זיך א קעהר טאהן לינקס און דארט וועט איהר אריין אין דער צווייטער טיהר.

נעכליודאוו איז געגאנגען ווי מען האט איהם געזאגט.

לעבען דער אנגעוויזענער טיהר זיינען געשטאנען צוויי פער־זאנען: איינער א הויכער, דיקער קופעץ, א גוט־הארציגער מענ־שעל, וועלכער האט, ווי עס האט געשיינט, גוט אריינגענאסען און געזונד פערביסען און פיהלט דערפאר גאנץ פרעהליך; דער אנ־דערער איז געווען א פריקאשציק, קענטיג א איד. זיי זיינען גע־שטאנען און האבען גערעדט וועגען די מקחים פון וואל, ווען נעכ־ליודאוו איז צוי זיי אונטערגעגאנגען און א פרעג געטוהן, אויב דא איז דאס דער צימער פאר די געשווארענע.

— דא, מיין הערר, דא. אויך הפנים אונזערער, א געשווא־רענער? — האט לוסטיג און גוטהארציג א פרעג געטאהן דער צופריעדענער קופעץ. און הערענדיג, אז יא, האט ער אליין פארט־געזעצט.

— נו גוט, וועלען מיר טאקע אין איינעם א'ן ארבייט טאהן. איך האב די עהרע, קופעץ פון צווייטער גילדע באקלאשאוו, — האט ער אויסציהענדיג זיין ווייכע, ברייטע האנד, זיך פאר־געשטעלט. — און מיט וועמען האב איך דעם גליק?

נעכליודאוו האט איהם געזאגט זיין נאמען און איז אריין אין צימער פאר די געשווארענע.

דאס איז געווען א קליינער צימער; אין איהם האבען זיך איצט איינגעפונען ביי א צעהן פערזאן, פערשיעדענע מינים מענ־שען. זיי זיינען אלע, ווי עס האט אויסגעוויזען, נאר וואס געקור־מען; מאנכע האבען זיך געזעצט, מאנכע האבען געקוקט איינע אויף די אנדערע און געשלאסען בעקאנטשאפט. איינער איז נאר דארט געווען א'ן „עקס" אין א מונדיר, די איבריגע זיינען אלע

געווען ציווילנע געקליידעט, אין פּידזשאַקען, אין סורטוקען, איי־
נער זאגאר אין א פּאַדיאָווקע.

אויף יעדענס געזיכט איז געלעגען עפּעס א מין צופריע־
דענהייט, ניט קוקענדיג דערויף וואס זיי האָבען דאך געמוזט
אוועקוואַרפען זייערע געשעפטען און קומען אהער; די צופריע־
דענהייט האָט געמוזט קומען פון'ם בעוואוסטזיין, אז זיי האָבען
צו ערפילען א וויכטיגע געזעלשאַפטליכע פּפליכט.

די געשווארענע, נאך שליסען בעקאנטשאפט, האָבען גע־
רעדט צווישען זיך וועגען דעם וועטער, וועגען דעם פריהען פריה
לינג, וועגען די בעפארשטעהענדע פּראצעסען. מאנכע, וועלכע
זיינען נאך ניט בעקאנט געווען מיט נעכליודאוו'ן, האָבען געאיילט
צו בעקאנען זיך מיט איהם, רעכענענדיג דאס פאר א בעזונדערע
עהרע. נעכליודאוו האָט דערויף געקוקט ווי אויף עטוואס זעלבסט־
פערשטענדליכעס. ווען אימיצער וואלט איהם א שטייגער א פרעג
טאָהן פארוואס רעכענט ער זיך עפּעס פאר העכער פון דאס רוב
מענשען, וואלט ער דערויף ניט געוואוסט וואס צו ענטפערען,
דען זיין גאנצעס לעבען האָט ניט געהאט אויפצואווייזען וועלכע
עס איז בעזונדערע פערדינסטען. עס האָט דאך ניט געקענט בע־
שטעהן זיין גרויסקייט דערינען בלויז, וואס ער האָט גערעדט
שעהן ענגליש, דייטש, פראנצויזיש און האָט געטראגען אזעלכע
קלאהר־ווייסע וועש מיט רייכע קליידער. ער האָט אליין פערשטא־
נען אז דערמיט אליין איז ניטאָ וואָס איבערצונעהמען זיך. פון
דעסטוועגען האָט ער זיך דאך מחמת דעם געהאלטען העכער און
האָט גערעכענט, אז איהם קומט א בעזונדער כבוד; ער האָט
זיך אפילו געפונען בעליידיגט, ווען מען האט איהם אזא כבוד
ניט אבגעגעבען.

דאָ, אין דעם צימער פון די געשווארענע, איז איהם טאקע
אויסגעקומען צו ליידען אויך פון אזא אונ־כבוד. צווישען די גע־
שווארענע האָט זיך נעמליך איינפונען איינער זיינער א בעקאנטער.
דאס איז געווען פּעטער געראסימאוויטש. זיין פאמיליע האָט נע־
כליודאוו קיין מאָל ניט געדיינקט און האָט זיך אפילו געריהמט

דערמיט. דיזער פעטער געראסימאוויטש איז געווען א לעהרער אינ'ם הויז פון נעכליודאוו'ס שוועסטער. איצט איז ער א לעהרער אין גימנאזיום.

נעכליודאוו האט איהם קיינמאל ניט האלט געהאט פאר זיין ניט זשענירען זיך און האלטען זיך צו פאמיליאר מיט איהם. היינט לאכט ער עפעס אזוי זעלבסטצופרידען און איז צופיעל פאניבראט מיט ניט א גלייכען.

— אהא, איהר זייט אויך דא ארייננגעפאלען — האט ער אויסגעשריען מיט א געלעכטער צו נעכליודאוו'ן — איהר האט זיך הפנים ניט געקענט ארויסדרעהען?

— איך האב גאר אין זינען ניט געהאט ארויסצודרעהען זיך — האט אנגעבלאזען און שטרענג געענטפערט נעכליודאוו.

— נו, געווים, דאס איז דאך א בירגערליכע עהרע, אבער ווארט אקארשט, איהר וועט זיך אביסעל אויסהונגערן, און אפשר וועט מען נאך ניט לאזען שלאפען אויך, וועט איהר שוין זינגען גאר אן אנדער ניגון! — האט נאך שטארקער זיך צולאכט פעטער געראסימאוויטש.

נעכליודאוו'ן האט אזא האלטונג ניט געשמעקט. דיזע אונגעהובעלקייט! ער וועט איהם נאך באלד זאגען אפשר „דו", א קשיא אויף א לעהרער'ל, וועלכער איז נאך דאצו אודאי א גלח'ם א זוהן! און ביי נעכליודאוו'ן האט זיך אזוי זויער־טרויעריג פערקרימט דער פנים, אקוראט ווי מען וואלט איהם נאר וואס אנזאגען, אז אלע זיינע קרובים זיינען אויסגעשטארבען. ער איז אוועק פונ'ם אונערטרעגליכען לעהרער און איז צוגעגאנגען צו א רעדעל מענשען, וואס האט זיך ארומגעשטעלט ארום א גלאטראזירטען, הויכען, רעספעקטאבלען הערין, וועלכער האט געהאלטען אין דערצעהלען עפעס מיט א בעזונדער לעבעדיגקייט. ער האט דאס געמליך דערצעהלט וועגען א פראצעס, וועלכער ווערט געפיהרט איצט אין דער ציוויל־אבטהיילונג פון אקרוזשנאי סוד; דעם פראצעס איז ער קלאהר אויסווייניג און ער רופט אן אלעמען ביי די נעמען, די ריכטער און אדוואקאטען, וועלכע נעהמען אין

איהם אנטהייל. ער דערצעהלט ווי דער בעריהמטער אדוואקאט האט מיט אזא געניאלע פעהיגקייט געגעבען א דרעה די גאנצע זאך גאר קאפויר אזוי, אז די אלטע פריצטע האט נאך געדארפט צוצאהלען דעם אנדער צד א גרויסע סומע כאטש עס איז קלאהר ווי טאג, אז דאס וואס זי האט געמאנט פון יענעם צד קומט איהר טאקע.

— אט דאס קען א געניאלער אדוואקאט!

מען האט די ערצעהלונג געהערט מיט א בעזונדערן רעספעקט, און מאנכע האבען זיך געגעבען מיה צו מאכען אויך זייערע בעמערקונגען דאביי, אבער דער גלאט־געראזירטער פנים האט קיינעם ניט געלאזט ריידען, ווייל נור ער אליין ווייס א פנים געגנוי ווי די מעשה איז.

ניט קוקענדיג דערויף וואס נעבליודאוו איז געגוג שפעט געקומען, איז איהם נאך אויסגעקומען צו ווארטען גאנץ לאנג. מען האט געווארט אויף א צווייטען ריכטער, וועלכער איז נאך ניט געקומען.

דער פרעדסעדאטעל אליין איז געקומען פריה אין געריכט. ער איז געווען א הויכער, דיקער מאן, מיט גרויסע גראהליכע באקענבארדען. ער איז געווען א פערהייראטהער נאר האט געפיהרט זעהר אן אויסגעלאסענעם לעבען, גאר אזוי ווי זיין פרוי. זיי האבען איינער דעם אנדערן ניט געשטערט. היינט גראדע אין דער פריה האט ער ערהאלטען א צעטעלע פון דער גאווערנאנטקע, וועלכע האט ביי זיי אין הויז געוואהנט לעצטען זומער, אז זי פאהרט נאך פעטערבורג און האט זיך אבגעשטעלט אויף א ווײלע דא אין שטאדט; זי ערווארטעט איהם בכן צווישען 3 און 6 אוהר נאכמיטאג אין האטעל „איטאליען". דערפאר איז ער דאס געקומען בעצייטענס אין סוד אום פריהער אפצופערטיגען די היינטיגע זיצונג און ער זאל ביז 6 נאך קענען בעזוכען די רויט־קאפיגע, שעהנע קלארא וואסיליעוונא, מיט וועלכע עס האט זיך ביי איהם ענטוויקעלט לעצטען זומער אויפ'ן דאטשע א גאנצער ראמאן.

6.

אריינגעהענדיג אין זיין קאבינעט, האָט ער פערמאכט די טיהר און האָט ארויסגענומען פון שאפע צוויי גירעס, מיט וועל־כע מען מאכט גימנאסטיקע, און האָט אנגעהויבען מיט זיי צו מא־כען פערשיעדענע איבונגען; האָט אמאָל צוואנציג אויפגעהויבען די הענד מיט די שווערע אייזענס אין דער הויך, האָט זיי דער־נאָך מיט דערזעלבער לייכטקייט פאנאנדערגעפיהרט צוביידע זייטען, ארויף און אראב, און האָט זיך ענדליך צוגעזעצט האל־טענדיג אויסגעשטרעקט הויך איבערן קאָפּ די הענד מיט די שווע־רע געוויכט.

„קיין זאך האלט אזוי ניט אויף דאס געזונד, ווי ערפרישען דעם קערפּער מיט קאלטע בעדער און מאכען גימנאסטיקע“ — האָט זיך דער פּרעדסעדאטעל געטראכט. איהם איז נאר געבלי־בען צו מאכען נאך א פּאָר נויטיגע בעוועגונגען מיט די גירעס, ווי ער מאכט יעדען אין דערפריה, ווען ער קומט אין געריכט; ער האָט אבער נאך ניט צייט געהאט דיזעס אויסצופיהרען, ווי אי־מיצער האָט א דריק געטאָהן די טיהר. הפּנים אימיצער וויל אריין. ער האָט באלד אוועקגעלעגט צוריק אין שאפע די גירעס און האָט געעפענט די טיהר, זאגענדיג.

— ענטשולדיגען זיי, ביטטע.

אין צימער איז אריינגעגאנגען איינער פון די ריכטער אין גאָלדענע ברילען, ניט קיין הויכער, מיט אויפגעשטעלטע פּליי־צעס און פערוואָלקענטען פּנים.

— מאטוויי ניקיטיטש איז דאך ווידער ניטאָ — האָט דיע־זער ארויסגערעדט מיט אונצופריעדענהייט.

— נאָך ניטא? — האָט איבערגעפרעגט דער פּרעדסעדא־טעל, אָנטאָהנדיג דעם מונדיר — שטענדיג פערשפּעטיגט ער זיך.

— איך פערשטעה ניט, ווי ער שעהמט זיך דאס ניט — האָט דער צווייטער ריכטער מיט כעס ווייטער בעמערקט און ער האָט פערראויכערט א פּאפּיראָס.

דיעזער צווייטער ריכטער איז פון דער נאטור זעהר א פּינקט־

ליכער מענש. היינט אין דער פריה האָט ער זיך צוזאַווערטעלט מיט זיין צווייטע העלפט דערפאַר וואס זי האָט אויסגעבראַכט שוין דאס גאַנצע געהאַלט פאַר'ן מאָנאַט, בעפאַר נאָך דער מאָנאַט האָט זיך געענדיגט. זי האָט געפאַרדערט, אַז ער זאָל איהר שוין געבען פאַר דעם קומענדען מאָנאַט פאָראויס; ער איז אבער געבליבען פעסט ביי דאס זייניגע. ער וועט איהר נאָר געבען, ווען דער מאָנאַט קומט, ווי אבגעמאַכט. נון א סצענע. די ווייב האָט איהם פשוט געגעבען אנצוהערענעס, אַז אויב אַזוי, האָט ער ניט וואס צו קומען אהיים צו מיטאָג, ער וועט ניט געפינען וואס צו עסען. ער איז אוועקגעפאַהרען אין געריכט, אבער דאס האַרץ ציטערט איהם, זי זאָל טאַקע ניט האַלטען ווארט; פון אַזאַ אשתחיל קען מען אַלעס ערוואַרטען.

„היינט פיהר אויף אַזאַ'ן אופן א מאָראַלישען לעבען" — האָט ער זיך געטראַכט, קוקענדיג אויף דעם געזונדען, אבגעפרעסענעם, גלאַנציגען און פריילּיכען פּרעדסעדאַטעל, וועלכער האָט מיט זיינע שיינע ווייסע פינגער פאַנאַנדערגעגלעט די ווייסע באַקענבאַרדען צו ביידע זייטען פונ'ם אויסגענעהטען קראַגען פון זיין מונדיר. „ער איז אימער פריילּעך און צופריעדען און איך קוועל זיך נאָר".

דאַ איז אריין דער סעקרעטער און האָט געבראַכט עפּעס א פּאַפּיער.

— דאַנקע בעסטענס — האָט איהם העפליך געזאָגט דער פּרעדסעדאַטעל און האָט אויך פּעררויכערט א פּאַפּיראָס, — נו, ווי מיינט איהר, וועלכען פּראָצעס פּטר'ט מען פריהער?

— איך מיין, אַז צום ערשטען זאָל געהן די פּערגיפטונג — האָט מיט א געשעפטליכע קאַלטקייט געענטפערט דער סעקרעטער.

— נו, פּערגיפטונג זאָל זיין פּערגיפטונג — האָט געענטפערט דער פּרעדסעדאַטעל, אויסרעכענענדיג, אַז דאס איז אַזאַ פּראָצעס, וועלכען מען קען אב'פּטר'ען אין א וועלכע עס איז 4 שטונדען, און ער וועט קענען באַצייטענס אוועקפאַהרען, — און מאַטוויי ניקיטיטש איז נאָך אַלץ ניטאָ?

— ניין נאָך.

— און ברעווע איז שוין דאָ?

— דאָ, — האָט געענטפערט דער סעקרעטער.

— טאָ זאָגט איהם דאָך, אז מיר וועלען אנהייבען פון דער פערגיפטונג.

ברעווע איז געווען דער נאָמען פונ'ם געהילפס־פּראָקוראָר, וועלכער איז געווען דער אנקלעגער אין דיעזער זיצונג פון אקרוזש־נאָי סוד.

ארויסגעהענדיג פון פּרעדסעדאטעל'ס צימער האָט דער סעקי־רעטער בעגעגענט ברעווע'ן. דיעזער לעצטער האָט איצט געהאל־טען אין איין ארומשפּאצירען איבער'ן קארידאָר, מיט א צושפּי־לעטען מונדיר, מיט דעם פּאָרטפעל אונטער'ן פּאכווע און וויגענדיג הין און צוריק זיין אראבגעהאנגענע האנד.

— מיכאאיל פּעטראָוויטש האָט געפרעגט אויב איהר זייט פערטיג, — האָט זיך צו איהם געווענדעט דער סעקרעטער.

— געוויס, ביי מיר איז עס איממער פערטיג, — האָט גע־ענטפערט דער געהילפס־פּראקוראר. — און וואס געהט צום ער־שטען?

— די פערגיפטיגונג.

— זעהר גוט, — האָט געזאגט ברעווע; אין אמת'ן אבער האָט עס איהם גאָר ניט זעהר גוט געשמעקט, א גאנצע נאכט האָט ער ניט געשלאָפען. זיי האָבען לעצטע נאכט בעגלייט א קאמע־ראד און מען האָט אביסעל א לעב געטאָן ביז א זייגער צוויי; ער האָט נאָך אפילו די פּאפּיערען פון דיעזען פּראצעס גאר ניט גע־האט די מעגליכקייט איבערצוקוקען. מען דארף טאקע אט איצט גלייך כאטש א בליק טאָהן אין זיי, און דאָ עפענט זיך שוין באלד דאָס געריכט.

דער סעקרעטער האָט איהם דאס אבגעטאָהן מיט א כיון. ער האָט געוואוסט, אז דער אסיסטענט־פּראקוראר ברעווע האָט נאָך די פּאפּיערען וועגען דער פערגיפטונג ניט איבערגעזעהען און ער האָט דערפאר געראטהען דעם פּרעדסעדאטעל, מען זאל

דעם פּראצעס אויפנעהמען צוערשט. דער סעקרעטער איז געווען א ליבעראל, בעסער א ראדיקאל; ברעווע איז דוקא געווען א קאָנסערוואטאר; דער סעקרעטער האָט איהם דערפאר ניט געקענט ליידען. אגב האָט ער טאקע אביסעל מקנא געווען איהם זיין גוטע שטעלע.

— און וואס וועט זיין מיט די סקאָפּצעס*)? — האָט א פרעג געטאָהן דער סעקרעטער.

— אה, איך האָב אייך שוין געזאגט, אז איך קען איצט ניט לאזען פערהאנדלען דיעזען פּראצעס; איך קען ניט, די עדות זיינען דאָ ניטאָ. איך וועל אזוי ערקלערען פאר'ן געריכט.

— נו, דאס בלייבט זיך עגאל, צו עס זיינען דאָ די עדות, אדער...

— אבער איך קען ניט, זאג איך דאָך — האָט געענטפערט ווייטער דער אסיסטענט־פּראָקוראר און אלץ וויגענדיג די אראָבגעהאנגענע האנד הין און צוריק איז ער אריינגעלאפען צו זיך אין קאבינעט.

דעם פּראצעס פון די סקאפּצעס האָט ברעווע אבגעלייגט ניט דערפאר ווייל עס האָט געפעהלט אן עדות, וועלכער איז געווען גאנץ ניט וויכטיג פאר דער בעשולדיגונג, נאר דערפאר, ווייל די געשווארענע אין דיעזער זיטצונג פון געריכט זיינען צו אינטעליגענט, און אינטעליגענטנע געשווארענע וועלען זיכער ערקלעהרען די אנגעקלאגטע פאר אונשולדיג. דערפאר האָט ברעווע מורא געהאָט. ער האָט גע'פּועל'ט ביי דעם פּרעדסעדאטעל, אז דיעזער פּראָצעס זאל אריבערגעטראגען ווערען אין דער זיצונג פון אויעזדנעם אקרוזשנאָי סוד, וואו די געשווארענע וועלען זיין פּראָסטע פּויערים און ער האָט מעהר געקענט האָפען, אז די אנגעקלאגטע וועלען ארויס שולדיג.

אין קארידאר איז וואס ווייטער געווארען אלץ געדיכטער

---

*) סקאָפּצעס זיינען א רעליגיעזע סעקטע אין רוסלאנד, וועלכע די רעגיערונג פערפאָלגט.

און בעוועגליכער. די מענשען האָבען זיך געשטויסען לעבען דעם זאאל פון ציוויל־אבטהיילונג, וואו עס האָט זיך פערהאנדעלט דער אינטערעסאנטער פּראצעס, וועגען וועלכען דער גלאט־געראַזירטער געשווארענער האָט עס פריהער אזוי לעבעדיג דערצעהלט מיט אלע איינצעלהייטען. מען האָט דאָרטען איצט געהאלטען ביי עטליכע מינוטען אפּרוהה, און די אלטינקע, ביי וועלכע דער געניאַלער אדוואָקאט האָט דורך א גוזעצליכען איינפאל געוואונען, ניט נאר דאס וואס זי האָט פונ׳ם אנדער צד געמאנט, נאר אויך נאך איהר גאנצען ביסעל פערמעגען, איז איצט ארויסגעגאנגען אויף א וויילע אין קאָררידאָר. אלע האָבען געוואוסט, אז זי האָט נעביך רעכט, אז זי פערלירט אומזיסט; די ריכטער האָבען דאס אויך געוואוסט, און ווער רעדט דער צווייטער צד און דער אדוואָקאט; ווער האָט דאס נאך געוואוסט אזוי ווי זיי! אבער דאס האָט מיט דער זאך ניט צו טאָהן. דער געניאלער אדוואקאט האָט אזוי א קעהר געטאָהן דעם עסק פון דעם שאכער־מאכער, וועלכער האָט איהם געדונגען צו פיהרען דעם פּראצעס, אז די ריכטער האָבען נישט געקענט העלפען און האָבען לויט׳ן געזעטץ געמוזט צו׳פּסק׳ענען, אז אלעס קומט דעם שאכער־מאכער.

די אלטינקע איז געוועזן א דיקע פרוי אין א יו״ט׳דיגע קלייד מיט אפולע בלומען אויפ׳ן היטעלע. ארויסגעהענדיג אין קארריהאר האָט זי גע׳טענה׳ט צו איהר אדוואָקאט, צופיהרענדיג אין פערצווייפלונג איהרע קורצע, דיקע הענד: „טאָ ווי זשע איז דאָס, הא? זאגט מיר, איך בעט אייך, ווי אזוי זשע איז דאס עפּעס?“ דער אדוואקאט האָט געקוקט אויף דער היטעלע, אויף די גרויסע בלומען און האָט געשוויגען. ער האָט גאר נישט געהערט; ער איז געוועזן צוטראגען.

גלייך נאָך דער אלטינקער האָט זיך געוויזען אין טיהר, ארויסגעהענדיג שנעל, דער בעריהמטער אדוואקאט פון צווייטען צד, א צופריעדענער, א גלענצענדער; ער האָט דאס געוויזען די קונץ, אז דער שאכער־מאכער, וועלכער האָט איהם געגעבען 10 פּראצענט פון דעם עסק, האָט געוואונען פאר גאר נישט איהרע

הונדערט טויזענד רובעל. אלעמענס בליקען זיינען געווען געווענ־דעט אויף דעם אדוואקאט, און ער האט דאס געפיהלט; זיין גאנצער אויסזעהען און זיין בליק האבען עפּעס אזוי ווי געזאגט „עס זיינען ניט נויטיג קיינע בעווייזע פון אנערקענונג און איבער־געבענהייט, דאס איז פערשטענדליך פון זעלבסט".

7.

ענדליך איז מאטוויי ניקיטיטש געקומען, און דער סודעבני פּריסטאוו, א דארער מענש מיט א לאנגער האלז, וואס געהט נור מיט א זייט, איז אריין אין צימער פון די געשווארענע.

דיעזער סודעבני פּריסטאוו איז געווען אן ערליכער מאן, האט געענדיגט אן אוניווערזיטעט; ער האט אבער בשום אופן ניט געקענט האלטען זיך לאנג אויף א פּלאץ, ווייל ער איז געווען א געפעהרליכער שיכור. דעם פּלאץ פון א סודעבני פּריסטאוו האט איהם מיט דריי מאנאטען צוריק צוגעשאפט א געוויסע גרעפין, וועלכע האט אימער מיטלייד געהאט אויף זיין פרוי און האט איהר געטאהן טובות. ער איז זעהר גערן געווען פון אזא פּלאץ און האט זיך אויף איהם געהאלטען דערוייל.

— נו, מיינע הערען, שוין אלע דא? האט ער געפרעגט, אנטאהנדיג זיין פענסנע און קוקענדיג ניט דורך די גלעזער, נאר אריבער.

— דוכט זיך, אז אלע — האט פרעהליך געענטפערט דער קופּעץ.

— לאמיר אקארשט זעהן — האט געזאגט דער סודעבני־פּריסטאוו און האט אנגעהויבען אויסצורופען די נעמען נאך דער ליסטע און האט א קוק געטאן אויף יעדען איינעם, וואס האט זיך אבגערופען, אמאל אריבער די ברילען און א מאל דורך די גלעזער.

— שטאאטס־ראטה י. א. ניקיפאראוו.

— איך — האט זיך אבגערופען דער רעספּעקטאבלער הערר,

וועלכער האָט פריהער געוויזען, אז ער וויים די געשעפטען פון געריכט.

— אויסגעדינטער פּאָלקאָווניק איוואַן סעמיאָנאָוויטש אי־וואנאָוו.

— היער, — האָט געענטפערט א מאָגערער מענשיל אין א מונדיר פון אן אויסגעדינטען.

— קופּעץ פון צווייטער גילדע פּיאָטר באקלאשאָוו.

— אויפ'ן פּלאַץ, פּארטיג, — האָט זיך מיט א פרעהליכען שמייכעל אפּגערופען דער גוטמוטהיגער קופּעץ.

— פירסט דמיטרי ניעכליודאָוו, פּארוטשיק פון גווארדיע.

— איך, — האָט רוהיג געענטפערט נעכליודאוו.

דער סודעבני פּריסטאוו האָט מיט א בעזונדער העפליכקייט א קוק געטאָהן אויף נעכליודאוו'ן פון איבער די ברילען און האָט זיך א נייג געטאָהן, א מין צייכען, אז ער איז עפּעס גאר אנדערש, ניט אזוי ווי אלע.

— קאַפּיטאַן יורי דמיטראוויטש דאנטשענקא ; קופּיעץ גרי־גאָרי יעפימאָוויטש קולישאוו, א. ז. וו., א. ז. וו.

אלע זיינען געווען אנוועזענד, אויסער צוויי האָבען געפעהלט.

— איצט, מיינע הערען, זייט אזוי גוט און קומט אין זאאל

— האָט מיט אן אנגענעהמער מינע, צייגענדיג צו דער טיהר גע־זאגט דער פּריסטאוו.

אלע האָבען זיך א רוק געטאָהן און זיינען דורכגעגאנגען איינציגווייז דורך דער טיהר, זיינען דורך דעם קאָרידאר און זיי־נען אריין אין געריכטס־זאאל.

דער געריכטס־זאאל איז געווען א גרויסער, לאנגער צימער. איין טהייל פון דעם צימער איז געווען העכער. מען האָט אהין געדארפט ארויפגעהן אויף דריי טרעפּלעך. אין מיטען פון דיזען העכערען טהייל איז געשטאנען א טיש בעדעקט מיט א גרינעם געוואנד, פון וועלכען עס זיינען אראָבגעהאנגען פון די זייטען טיש דונקעל־גרינע פרענז.

הינטער'ן טיש זיינען געשטאנען דריי פוטעלען מיט הויכע

דובאָווע, געשניצטע הינטער־ווענטלעך, צו אנשפארען זיך. אין ווינקעל, צו דער רעכטער האנד, איז געשטאנען אן אויל־לאָמפּ און א בילד פון קריסטוס אין א דארן־קראנץ. צו דער לינקער האנד איז געשטאנען דער טישעל פון דעם סעקרעטער, און נידריגער, נעהנטער צום פובליקום — איבערגעצאמט מיט דובאָווע סטאַכעטלעך — איז געווען די באנק פאר די אנגעקלאגטע.

נעבען דער רעכטער וואנד זיינען געשטאנען צוויי ציילען מיט שטוהלען, אויך מיט הויכע ווענדלעך, דאס זיינען געווען די פּלעצער פאר די געשווארענע. נידריגער אביסעל — צוויי טישלעך פאר די פערטהיידיגער.

דאס אלעס איז געווען אין דעם פאדערסטען העכערען טהייל פון זאאל, וועלכער איז אויך געווען אפגעצאמט. דער ניעדריגער טהייל איז געווען אין גאנצען אויסגעשטעלט מיט ביינק, וועלכע זיינען געגאנגען אין ציילען, וואס צום טיהר אלץ העכער ביז צו דער הינטערשטער וואנד.

אויף דער פאָדערשטער פון דיעזע ביינק זיינען געזעסען פיער פרויענצימער; פאבריק־ארבייטערינס אדער הויז־דינסטען זיינען דאָס הפנים געווען, און צוויי מאנסלייטע, אויך הפנים ארבייטער; זיי האָבען זיך געפיהלט אראָבגעפאלען פון דיעזען הערליכען גלאנץ פונ'ם גרויסען זאאל און זיי האָבען קוים הערבאר זיך איבערגעשעפּטשעט איינער מיט דעם אנדערן וועגען עפּעס.

גלייך נאך די געשווארענע האָט זיך דער פריסטאוו אריינגערוקט אין געריכט־זאאל, אלץ נעהענטער מיט א זייט, האָט זיך אוועקגעשטעלט אין מיטען זאאל און האָט מיט א הויכער שטימע, ווי צו דערשרעקען אלעמען, אויסגעשריען:

— דאס געריכט קומט!

אלע האָבען זיך א שטעל געטאהן; פון דער זייטען־טיהר, נאָהענט פון פאדערסטע וואנט, זיינען ארויסגעקומען די ריכטער: פאראויס דער פּרעדסעדאטעל מיט זיינע געזונטע גליעדער און שעהנע באקען־בארדען; נאָך איהם דער טרויעריגער ריכטער מיט די גאָלדענע ברילען; ער איז איצט געווען נאָך טרויערי־

גער פון פריהער, דען מיט א ווײלע צוריק איז אין געריכט געווע־
זיין שוואגער, א קאנדידאט אויף ריכטער־שטעלע, און האָט איהם
דערצעהלט, אז די שוועסטער האלט זיך נאך פעסט ביי איהר
סטראשונעק און זי האָט אנגעזאָגט, אז ער האָט ניט וואס צו קור־
מען אהיים צו מיטאג. זי וועט קיין זאך ניט הייסען קאָכען.

— דאס הייסט, מיר וועלען מוזען אריין אין א שיינקעל,
הא? — האָט מיט א געלעכטער דאביי בעמערקט זיין שוואָגער.

— וואס איז דאס אזוינס צום לאכען? — האָט איהם גע־
ענטפערט דער טרויעריגער ריכטער און איז נאך טרויעריגער גע־
ווארען.

צום לעצטען איז ארויס דער דריטער ריכטער, דער זעלבי־
גער מאטוויי ניקיטיטש, וועלכער פלעגט זיך אימער פערשפעטיגען.

דיעזער ריכטער האָט געהאט נעביך א מאגען־קאטער און
האָט געליטען פון שטענדיגע עצירות; היינט אין דערפריה האָט
ער אויף דער פעראָרדנונג פון דאקטאר, אנגעהויבען א נייעם
קורס פון פראוועןן נקיות, און דיעזער נייער קורס האָט איהם
אויפגעהאלטען אין דערהיים נאך לייגנער איידער אלע מאָל.

איצט, ווען ער איז אריין אין געריכט זאאל, איז ער געווען
שטארק פערטראכט וועגען עפעס. ער האָט נעמליך געהאט א גע־
וואהנהייט צו וועלען לייזען פראגען דורך ווארפען גורל, דורך
סימנים. איצט האָט ער דאס געהענדיג געווארפען גורל: אויב
די צאהל פון טריט, וועלכע ער וועט מאכען פון טיהר ביז זיין
ריכטער־שטוהל, וועט זיך טהיילען אקוראט אויף דריי, אין א סימן,
אז דער נייער קורס וועט איהם זיכער אויסהיילען פון זיין קראנק־
הייט, און אויב ניט, איז א סימן אז ניט. צום אונגליק זיינען
אויסגעקומען אקוראט 26 טריט, ער האָט אבער אויסגעמארקירט
לפחות א פיצינקען טריטעלע ביים שטוהל און עס זיינען געווארען
27 טריט. ער האָט זיך רוהיגער געזעצט.

די פערזענליכע ערשיינונג פונ׳ם פרעדסעדאטעל און די ריכ־
טער אין זייערע מונדירען מיט גאלדענע קראגענס און קנעפ האָט
געמאכט א טיעפען איינדרוק אויף אלעמען. זיי האָבען דאס אליין

געפיהלט און זיי האבען זיך געזעצט בכבוד'יג אין זייערע שטוהד־לען מיט די אויגען אראבגעלאזען. אויף דעם גרינעם טיש איז גע־לעגען ריינע שרייב־פאפיער און בלייפעדערס גרויסע און קליינע. אלע נור וואס פערשניצט.

דער געהילפס־פראקוראר איז אויך אריין צוזאמען מיט די ריכטער. ער איז געגאנגען שנעל, די האנד האט זיך געוויעגט ווי פריהער, מיט דעם פארטפעל אונטער'ן פאכווע, איז צוגעגאנגען צו זיין פלאץ לעבען פענסטער און האט גלייך זיך גענומען דורכ־קוקען די פאפירען, ביז וואנען עס וועט קומען צו וואס, כדי בעסער צו בעקאנען זיך מיט דעם פראצעס.

דער פראקוראר האט דאס ערשט געהאט אין זיין גאנצער פראקטיקע דעם פיערטען פראצעס, אין וועלכען ער איז געווען דער אנקלעגער. ער איז געווען זעהר זעלבסטליעבענד און האט זיך פעסט בעשלאסען צו מאכען א קאריערע; דערפאר האט זיך איהם געוואלט ניט אנדערש, דאס אין יעדער פראצעס, וואו ער איז דער אנקלעגער, זאל דער אנגעקלאגטער פעראורטיילט ווערען.

בכלל האט ער געוואוסט די געשיכטע פון דער פערגיפטונג און אין קאפ האט זיך שוין ביי איהם אויסגעארבייט א פלאן פון זיין רעדע; ער האט נור איצט געוואלט וויסען לפחות א ביסעל פרטים פון דעם פערברעכען און ער איז שנעל געלאפען מיט די אויגען איבער די פאפירען און האט אלץ פערצייכענט און פער־צייכענט.

דער סעקרעטער איז געזעסען נעבען דער אנטקעגענדיגער וואנד; ער האט שוין אלע פאפירען געהאלטען אנגעגרייט ביים האנד, און האט דערוויייל, ביז וואנען וואס, גענומען זיך דערלעזען א'ן ארטיקעל, וועלכען איהם האט זיך געוואלט וויסען ביז'ן סוף, דען ער האט גערעכענט א שמועס צו טאן וועגען דיעזען ארטיקעל מיט דעם ריכטער מיט'ן גרויסען בארד, וועלכער האט ענהליכע אנזיכטען צו זיינע.

8.

דער פּרעדסעדאטעל האָט איבערגעקוקט די פּאַפּיערען, האָט ווענען עפּעס א פראג געטאָהן דעם סודעבני פּריסטאוו און דעם סעקרעטער און האָט דערנאָך געהייסען אריינפיהרען די ארעס־טאנטען. די טיהר מיט אייזערנע גראטעס האָט זיך באלד אָן עפען געטאָהן און צוויי זשאנדארמען מיט בלויזע שווערדען זיינען אריין און נאָך זיי די אנגעקלאגטע: איין מאנספּערזאָן, א רויטער מיט פּרישצעס אויפ׳ן צורה, און צוויי פרויען.

דער רויטער איז געגאנגען אנגעטאָהן אין אן ארעסטאנט־סקען כאלאט, א צו לאנגער און צו ברייטער פאר איהם. אריינ־געהענדיג האָט ער געהאלטען די פינגער פון האנד צושפּרייט, כדי דער לאנגער ארבעל זאל זיך ניט אראבלאזען איבער׳ן האנד. ער האָט אין קיין זייט ניט געקוקט, נאר אויף דער באנק, לעבען וועלכע ער איז געגאנגען, האָט ער געקוקט אויפמערקזאם.

צוקומענדיג צום ברעג פון באנק, האָט ער זיך געזעצט, לא־זענדיג פּלאץ פאר די איבעריגע, און האָט באלד איינגעטרונקען זיך מיט די אויגען אין דעם פּרעדסעדאטעל און זיינע באקען האָ־בען זיך געשאקעלט נערוועז, אזוי ווי ער וואלט עפּעס שעפּטשען.

נאָך איהם איז אריינגעגאנגען אן עלטערע פרוי, אויך אין אן ארעסטאנטסקען כאלאט. איהר געזיכט איז געווען ווייסלעך־גרוי, און א פּאָר רויטע אויגען אָהן ברעמען. זי האָט געשיינט צו זיין זעהר רוהיג. ווען זי האָט געדארפט צוגעהן צו איהר פּלאץ האָט זיך איהר כאלאט עפּעס פערצעפּעט; זי האָט זיך אבגע־שטעלט, האָט איהם רוהיג אבגעצעפּעט און האָט זיך געזעצט אויף איהר פּלאץ.

די דריטע איז געווען מאסלאווא.

ווי זי איז נאר אריין, האָבען אלע מאנסלייט, וואס זיינען גע־ווען אין זאאל, אויסגעשטעלט אויף איהר זייערע אויגען און א לאנגע צייט האָבען זיי זיך ניט געקענט אברייסען פון איהר ווייסען געזיכט מיט די שווארצע, גלאנציגע אויגען און דער הויכער ברוסט, אויסגעפּילט אונטער באלאט.

אפילו דער זשאנדארם, לעבען וועלכען זי איז פארבייגעגאנ־
גען, האָט פון איהר ניט געקענט אראבנעהמען זיינע אויגען און
האָט אויף איהר געקוקט ביז זי האָט זיך אוועקגעזעצט; דאן האָט
ער זיך אזוי ווי געכאפּט, אז ער טהוט אן עולה, האָט זיך אבגע־
קעהרט, אבגעטרייסעלט זיך און האָט גענומען קוקען אויף דעם
פענסטער אנטקעגען איהם.

דער פּרעדסעדאטעל האָט געווארט ביז די ארעסטאַנטען האָ־
בען פערנומען זייערע פּלעצער, און ווי נאָר מאסלאווא האָט זיך
געזעצט, האָט ער א וואונק געטאָהן צום סעקרעטער.

עס האָט זיך אנגעהויבען די געוועהנליכע סדרה: איבער־
צעהלען די געשווארענע, אויסרעכענען די וואס זיינען ניט ערשינע־
נען און שטראפירען זיי, אבלאָזען די, וועלכע האָבען זיך אבגע־
בעטען און אויספילען די צאָהל, וועלכע איז נויטיג.

דערנאך האָט דער פּרעדסעדאטעל צונויפגעלעגט די קליינע
צעטלעך, האָט זיי אריינגעווארפען אין א גלעזערנער וואזע און
פערקאשערענדיג עטוואס דעם ארבעל פון מונדיר, האָט ער אנגע־
הויבען ארויסציהען איינציגווייז די צעטלען, האָט אויפגעוויי־
קעלט יעדען און איבערגעלעזען. האָבענדיג פערטיג אלע געשווארע־
נע, האָט ער געהייסען, אז דער גלח זאל זיי געבען די שבועה.

דער אלטער גלח, מיט א געשוואלענעם בלייך־געלבען פּנים,
אין א ברוינער ריזע מיט א גאלדענעם צלם אויפ'ן ברוסט און
נאָך עפּעס א קליינעם מעדאל צוגעצעפּעט נעבען ברוסט, איז
לאנגזאם צוגעגאנגען מיט זיינע געשוואָלענע פיס צום הייליגען
בילד מיט'ן אויל־לאמפּ. די געשווארענע זיינען איהם נאכגעגאנגען.
ער האָט אנגעטאָהן זיין נויטיגע לענטע, האָט פעררריכט די שיטערע
האָר אויפ'ן קאָפּ און האָט זיך דאן געווענדעט צו די געשווארענע.

— הויבט אויף די רעכטע האנד און די פינגער שטעלט אויס
אָט אזוי אָ, — האָט ער זיי געזאגט, ווייזענדיג ווי זיי דארפען
צונויפלייגען די פינגער אין איין הייפעל, — איצט זאגט: איך
פערשפּרעך און איך שווער ביי דעם אלמעכטיגען, ביי דעם היילי־

גען עוואַנגעליום און געטליכען קרייז, אַז אין דעם משפּט, אין וועלכען... — האָט דער אַלטער אַרויסגערעדט וואָרט ביי וואָרט.

דער רעספּעקטאַבלער הערר מיט די באַקען־באַרדען, דער פּאַלקאָווניק, דער קוּפּעץ און אַנדערע האָבען געהאַלטען די הענד און די פינגער אַזוי ווי דער אַלטער גלח האָט געהייסען, און האָבען עפּעס מיט אַ בעזונדערן חשק נאַכגעזאָגט אין דער הויך וואָרט ביי וואָרט; מאַנכע האָבען עס געטאָהן מיט אַ האַלבען מויל, אָהן חשק. אייניגע האָבען געזאָגט עפּעס ווי אימיצען אויף צו להכעיס הויך, די צווייטע האָבען געשעפּטשעט שעמעדיג, זיינען געבליבען הינטערשטעליג, האָבען געמוזט אַניאָגען און האָבען זיך פּערשפּעטיגט; די ערשטע האָבען מיט כח צונויפגעקוועטשט די פינגער, שטאַרק, גאַנץ שטאַרק, און ביי די אַנדערע פלעגען זיי זיך אין מיטען צושפּרייטען, ווי פאַנאַנדערגעשאַטען, און זיי פלעגען זיי אַלע ווייטע קוים אויפקלייבען.

איבערגעקומען די שבועה, און דער פּרעדסעדאַטעל האָט גע־הייסען די געשוואָרענע, זיי זאָלען אויסקלייבען צווישען זיך אַן עלטסטען. די געשוואָרענע האָבען זיך, כמעט שטויסענדיג, אריינ־געריקט אין זייער בעזונדער בעראַטהונגס־צימער, וואו זיי האָ־בען זיך גלייך אַ נעהם געטאָהן רויכערן.

אימיצער האָט פאָרגעשלאָגען, אַז פאַר אַן עלטסטען זאָל מען אויסקלייבען דעם רעספּעקטאַבלען הערר, דעם זעלבען, וואָס ווייס די אַלע מעשׂות פון געריכט און אַלע זיינען טאַקע תוך כדי דבור געווען איינפערשטאַנדען, האָבען אוועקגעוואָרפען די שטיקלעך פּאַפּיראָסען און זיינען אריין צוריק אין זאַאַל. דער אויסערוועהל־טער עלטסטער האָט ערקלעהרט דעם פּרעדסעדאַטעל, אַז ער איז ערוועהלט געוואָרען און זיי האָבען זיך אַ לאָז געטאָהן צו זייערע פּלעצער, אַבטרעטענדיג איינער דעם אַנדערן די פיס, זיי האָבען זיך צוזעצט אויף זייערע שטוהלען מיט די הויכע ווענטלעך.

אַלעס איז געגאַנגען אַזוי ווי געשמירט, גיך, און דאָך מיט צערעמאָניע; אַלע אַנטהיילנעהמער האָבען הנאה געהאַט, זיי האָ־

בען בעגריפען אז זיי ערפילען דאך דאָ עפּעס א וויכטיגע געזעל־שאפטליכע פפליכט; דאס האָט אויך געפיהלט נעכליודאוו.

ווי נאר די געשווארענע האָבען זיך געזעצט אויף זייערע פלעצער, האָט דער פּרעדסעדאטעל פאר זיי געהאלטען א רעדע וועגען זייערע רעכטע, וועגען זייערע פפליכטען און זייער פער־אנטווארטליכקייט. האלטענדיג זיין רעדע, האָט דער פּרעדסעדא־טעל יעדע ווײלע געביטען זיין פּאָזע: דאס האָט ער זיך אנגע־לעהנט מיט דעם עלענבויגען פון דער רעכטער האנד אויפ'ן טיש, דאס האָט ער זיך אנגעשפּארט מיט'ן פּלייצע צום ווינקעל פון זיין שטוהל, א ווײלע האָט ער זיך אנגעלעהנט אויף איין זייט שטוהל, א ווײלע אויף דער אנדער זייט, האָט אין מיטען אבגעקנייטשט די ברעגען פון די פּאפּירען אויפ'ן טיש, האָט אנגעטאפּט די בליי־פעדער א פּאָר מאָל, א. ז. וו.

די רעכטע פון די געשווארענע, ווי ער האָט ערקלערט, זיי־נען בעשטאנען דעריין, וואס זיי מעגען דורך איהם שטעלען פרא־גען צו די אנגעקלאגטע, מעגען האלטען א בלייפעדער און פּאפּיער און מעגען זיך צוקוקען צו זאכליכע בעווייזע. זייערע פפליכטען בעשטעהען אין דעם, וואס זיי טאָרען ניט אורטיילען פאלש, זאנ־דערען וואהרהייטליך. זייער פעראנטווארטליכקייט בעשטעהט דעריין, וואס אויב זיי גיבען איבער די סודות פון געריכט צו אי־מיצען, וועלען זיי געמשפּט ווערען אלס פערברעכער.

אלע האָבען זיך צוגעהערט מיט רעספּעקטפולער אויפמערק־זאמקייט. פון דעם לעבעדיגען קופּעץ האָט זיך געלאזט הערען דער שטארקער ריח פון משקה; ער האָט געשלונגען אין זיך זיי־נע גרעבצען, זיי זאלען זיך ניט צו הויך ארויסרייסען און האָט אויף יעדער ווארט פון פּרעדסעדאטעל צוגעשאָקעלט איינשטימיג מיט'ן קאָפּ.

9.

ווען זיין רעדע איז געווען געענדיגט האָט זיך דער פּרעדסע־
דאטעל געווענדעט צו די אנגעקלאגטע.

— סעמיאָן קארטינקין, שטעלט זיך, — האָט ער געהייסען.

סעמיאָן האָט נערוועז אַ שפּרונג געטאָהן, די מוסקולען פון
זיינע באקען האָבען נאָך שטארקער אנגעהויבען ציטערן.

— אייער נאָמען?

— סעמיאָן פּעטראָוו קארטינקין, — האָט דער ארעסטאנט
שנעל געענטפערט מיט א רייסענדיגער שטימע. ער האָט זיך
וואהרשיינליך צוגעגרייט שוין צו דעם ענטפער.

— פון וועלכען שטאנד?

— א פויער.

— פון וועלכער גובערניע, פון וועלכען אויעזד?

— טולער גובערניע, קראפּיווענסקען אויעזד, קופּיאנסקי וואָ־
לאָסט, פון דארף באָרקי.

— ווי אלט זייט איהר?

— פיער און דרייסיג, איך בין געבארען אין טויזענד אכט־
הונ...

— פון וועלכען גלויבען?

— אונזער גלויבען איז דער רוסישער, דער פּראוואָסלאוו־
נער גלויבען.

— פערהייראטה?

— ניין.

— וואס איז אייער בעשעפטיגונג?

— מיר זיינען געווען בעשעפטיגט אין קאָררידאר פון האָ־
טעל „מאווריטאניא“.

— האָט איהר שוין געהאט אויף זיך אמאָל משפטים?

— קיין מאָל זיינען מיר ניט געווען פערמשפט, ווארום מיר
האָבען געלעבט...

— קיינע משפטים ניט געהאט?

— זאל גאט אויסהיטען, קיין מאָל ניט.

— האָט איהר בעקומען א קאָפּיע פון אנקלאגע־אקט?

— בעקומען.

— זעצט זיך. יעפימיא איוואנאוונא באָטשקאָווא, — האָט זיך דער פּרעדסעדאטעל געווענדעט צו דער צווייטע ארעס־טאנטקע.

אבער סעמיאָן איז נאך אלץ געשטאנען און האָט פערשטעלט באָטשקאָווא.

— קארטינקין, זעצט זיך!

קארטינקין איז נאך אלץ געשטאנען.

— קארטינקין, זעצט זיך!

אבער קארטינקין איז געשטאנען. ער האָט זיך דאן געזעצט, ווען צו איהם איז אונטערגעלאָפען דער פּריסטאוו, האַלטענדיג דעם קאָפּ אויף א זייט און פאנאנדערגעעפענט די אויגען, און האָט איהם א שעפּטשע געטאָהן: אוועקזעצען זיך, זיצען!

קארטינקין האָט זיך שנעל א זעץ געטאָהן, אזוי ווי ער האָט זיך פריהער שנעל א שטעל געטאָהן. ער האָט זיך איינגעקנייטשט אין כאלאט, און זיינע באקען האָבען אלץ געשאקעלט זיך.

— אייער נאָמען? — האָט מיט א זיפץ אוים מידקייט זיך געווענדעט דער פּרעדסעדאטעל צו באָטשקאווא, ניט קוקענדיג אויף איהר און בריינגענדיג די פּאַפּיערען אין ארדנונג. ער איז שוין געווען אזוי געוועהנט מיט דיזער ארבייט, אז ער האָט גע־קענט טאָהן אין איהר צוויי זאכען אין איין צייט.

באטשקאווא האָט געענטפערט, אז זי איז 43 יאהר אלט, איז א מעשצאנקע פון קאָלאָמנע, אז זי איז אויך געווען א דינסט אין קאָרידאר פון האָטעל „מאווריטאניא“; האָט אויף זיך קיין מאָל קיין משפּטים ניט געהאט; א קאָפּיע פון דער אנקלאגע האָט זי בעקומען.

באטשקאָווא האָט געענטפערט אויף אלעם דרייסט און מיט אזא טאָן, אזוי ווי זי וואלט עפּעס צו יעדער ענטפער זאגען: „טאקע נו, אמת, אזוי רופט מען מיך, יא, יעפימיא, און באטש־

קאווא, און א קאפּיע האָב איך בעקומען, און איך בין שטאָלץ דער־רויף, און לאָבען פון זיך לאָז איך ניט".

זי האָט ניט געוואַרט ביז דער פּרעדסעדאטעל וועט איהר הייסען זעצען זיך און האָט זיך אַליין אוועקגעזעצט, ווי די פראגען האָבען זיך געענדיגט.

— אייער נאָמען? — האָט דער פּרעדסעדאטעל זיך געווענ־דעט צו דער דריטער ארעסטאנטקע, — איהר דאַרפט זיך שטעלען, — האָט ער אביסעל זאנפטער געזאגט, זעהענדיג אז מאסלאָווא זיצט.

מאסלאָווא האָט זיך מיט א לייכטער בעוועגונג אויפגע־שטעלט און האָט אויסגעשטעלט איהר הויכע ברוסט, זייענדיג פּערטיג צו פאָלגען. זי האָט געשוויגען, קוקענדיג מיט איהרע גרויסע, שווארצע אויגען, אין וועלכע עס האָט געשפּיעלט א שמייכעל גלייך דעם פּרעדסעדאטעל אין פּנים.

— ווי רופט מען אייך?

— אמאָל האָט מען מיך גערופען ליובאָוו, — האָט זי גיך א זאָג געטאָהן.

נעכליודאָוו האָט אונטערדעסען אנגעטאָהן זיין פּאנסנע און האָט געקוקט אויף די אנגעקלאגטע, ווען דער פּרעדסעדאטעל האָט זיי אויסגעפרעגט.

„אבער עס קען דאָך ניט זיין", — האָט ער זיך געטראכט, איינקוקענדיג זיך גוט אין דער ארעסטאנטקע — און ליובאָוו גאָר, וואס הייסט עפּעס ליובאָוו? האָט זיך איהם געטומעלט אין קאָפּ, הערענדיג איהר ענטפער.

דער פּרעדסעדאטעל האָט געוואָלט ווייטער אויספרעגען, אבער דער טרויעריגער ריכטער אין די ברילען האָט זיך צו איהם צוגעבויגען און האָט עפּעס בייז א שעפּטשע געטאָהן. דער פּרעד־סעדאטעל האָט א שאָקעל געטאָהן איינשטימיג מיט'ן קאָפּ און האָט איבערגעפרעגט די ארעסטאנטקע:

— ווי אזוי רופט מען אייך ליובאָוו? איהר זייט דאָך פּער־שריעבען אנדערש.

די ארעסטאנטקע האָט געשוויגען.

— איך פרעג אייך, ווי איז אייער ריכטיגער נאָמען?

— אייער טויף־נאמען ווי איז? — האָט א פרעג געטאָן דער בייזער ריכטער אין די ברילען.

— מען האָט מיך אמאָהל גערופען קאטערינא.

„זאל דאס מעגליך זיין“, — האָט צו זיך אליין געשעפטשעט נעכליודאוו, און עס איז אין דער אמת'ן ביי איהם שוין גאר מעהר קיין צווייפעל ניט געווען אז דאס איז זי, און קיינע אנדערע, זי דיעזעלביגע מיידעל, אין וועלכע ער איז א מאָל געווען פערליעבט, טאקע פערליעבט מיט אן אמת, און דערנאָך האָט ער עפּעס אזוי וואהנזיניג־ליידענשאפטליך איהר פערפיהרט און אוועקגעווארפען; דערנאָך האָט ער פון איהר מעהר קיין מאָל ניט געהערט, דערפאר ווייל ער פלעגט ליידען, ווי ער פלעגט זיך דערמאנען וועגען איהר. דיעזע עראינערונג איז פאר איהם געווען אליין זיך א פּאטש אין פּנים צו געבען; ער, אזא שטאָלצער מיט זיין „אנשטענדיג קייט“, האָט געקענט האנדלען אזוי ניעדריג, אזוי אונאנשטענדיג געגען דיעזער פרוי!..

יא, דאס איז געווען זי. ער האָט איצט דערקענט אין איהר יענע אונבעשטימטע אבזונדערונג וועלכע אונטערשיידעט איין מענשען פון דעם אנדערן און מאכט איהם צו דאס, וואס ע ר איז און ניט קיין צווייטער. ניט קוקענדיג דערויף, וואס איהר געזיכט איז אזוי אוננאטירליך ווייס און פול, איז אין איהר גע־בליבען די אמאָליגע ליבליכקייט, א געשמאקע ליבליכקייט מיט וועלכע דאס געזיכט האָט זיך אויסגעצייכענט; היינט דיעזע גלאנציגע, עטוואס קרימליכע אויגען, און הויפּטזעכליך דיעזער אונשולדיגער, שמייכלענדער בליק און דער אויסדרוק פון פערטיג קייט, בערייטקייט אין געזיכט און אין דער גאנצער פיגור.

— אזוי האָט איהר געדארפט גלייך זאגען, — האָט מיט א בעזונדער ווייכקייט געזאגט צו איהר דער פּרעדסעדאטעל, — און אייער פאטער'ס נאמען?

— איך בין אן אונגעזעצליך־געבארענע, — האט ארויסגע־
ריעדט מאסלאווא.

— דאך ווי רופט איהר זיך נאך אייער טויף־פאטער?

— מיכאילאוונא.

„וואס האט זי אזוינס געקענט טאהן?" — האט זיך אליין
געדרעהט ביי נעכליודאוו'ען אין מוח. ער האט שווער געאטהעמט.

— אייער פאמיליע? — האט דער פרעדסעדאטעל ווייטער
געפרעגט.

— מאסלאווא.

— פון וועלכען שטאנד?

— א מעשצאנקע.

— פון פראוואסלאוונעם גלויבען?

— יא, פון פראוואסלאוונעם.

— אייער בעשעפטיגונג? מיט וואס האט איהר זיך בע־
שעפטיגט?

מאסלאווא האט געשוויגען.

— מיט וואס האט איהר זיך בעשעפטיגט?

דער פרעדסעדאטעל האט איבערגעפרעגט נאך א מאל.

— איהר ווייסט דאך אליין, — האט געזאגט מאסלאווא,
האט עטוואס א שמייכעל געטאהן, האט געווארפען א בליק אויף
אלעמען און האט דערנאך ווייטער גענומען קוקען און געזאגט
דעם פרעדסעדאטעל.

עטוואס משונה'דיגעס איז געווען אין דעם אויסדרוק פון
איהר געזיכט, און אימה און רחמנות זיינען געווען אין איהרע
ווערטער, אין דיעזען שמייכעל, אין דעם שנעלען בליק, מיט וועל־
כען זי האט א קוק געטאהן ארום זיך, דאס דער פרעדסעדאטעל
האט געמוזט אראפלאזען די אויגען און אין זאאל איז געווארען
שטיל ווי אויף א בית עולם.

אימיצער פון פובליקום האט א לאך געטאהן און האט אי־
בערגעריסען די שטילקייט, נאך אימיצער האט א שעפטשע גע־

טאָהן: ששש... דער פּרעדסעדאטעל האָט אויפגעהויבען די אויגען און האָט אנגעהויבען פּאַרטזעצען.

— האָט איהר געהאט ווען אויף זיך משפטים?

— ניין, — האָט זי מיט א לייכטען זיפץ געענטפערט.

— א קאפּיע פון דער בעשולדיגונג ערהאלטען?

— ערהאלטען.

— זעצט זיך — האט געזאגט דער פּרעדסעדאטעל.

די ארעסטאנטקע האָט זיך געזעצט, אויפהויבענדיג עטוואס פון איין זייט איהר קלייד, ווי עס איז דער שטייגער פון עלעגאנט געקליידעטע דאמען, און זי האָט אלץ די אויגען ניט אראָבגענומען פון פּרעדסעדאטעל.

עס האָט זיך אנגעהויבען די אויסרופונג פון עדות און א דעבאטע איבער דעם מעדיצינישען עקספּערט. נאָך דעם האָט דער סעקרעטער אנגעהויבען לייענען דעם בעשולדיגונגס־אקט, ער האָט געלעזען הויך און קלאהר, אבער אזוי שנעל אז עס האָט געקלונגען ווי א הויכער רויש.

די ריכטער האָבען זיך אנגעשפּארט דאס אויף דער רעכטער דאס אויף דער לינקער האנד, האָבען פערמאכט די אויגען און ווייטער געעפּענט, האָבען זיך א פּאָר מאָל איבערגעשעפּטשעט איינער מיט דעם צווייטען. איין זשאנדארם האָט עטליכע מאָל געוואלט אבגענעצען זיך, אבער האָט זיך איינגעהאלטען.

ביי קארטינקין האָבען זיך ניט אויפגעהערט צו שאָקלען די באקען. באטשקאווא איז געזעסען רוהיג און גלייך און האָט נאר עטליכע מאָל זיך א קראַץ געטאָהן די פּאטילניצע מיט איין פינגער.

מאסלאווא איז געזעסען אונבעוועגליך, האָט געהערט וואס מען לעזט און האָט פון מאָל צו מאָל א ציטער געטאָהן, אזוי ווי זי וואלט וועלען אבלייקענען דאס געלעזענע; דערנאָך האָט זי זיך אבגעזיפצט, רויט ווערענדיג, האָט זיך ארומגעקוקט און האָט ווייטער אויסגעשטעלט איהרע אויגען אויף דעם לעזער.

נעבליודאוו איז געזעסען אין דער ערשטער רייהע פון די געשוואָרענע, און האָט נאכאנאנד געקוקט דורך זיין פענסטע אויף מאסלאווע'ס פנים. אין איהם איז פארגעקומען א פיעלפאכער, מאטערנדער קאמפף.

## 10.

דער בעשולדיגונגס־אקט האָט אזוי געלויטעט: דעם 17טען יאנואר ...18 יאהר איז פלוצלונג געשטארבען אין דעם האָטעל „מאוריטאניא" דער קופעץ פון צווייטער גילדיע פעראפאָנט יע־מעליאנאוויטש סמעלקאָוו.

דער פאליציי־ארצט פון פערטען קווארטאל האָט געפונען, אז זיין טויט איז פעראורזאכט געווארען דורך א הארץ־שלאג, וועל־כער איז געווען א פאָלגע פון צופיעל געברויכען שטארקע גע־טראנקען.

סמעלקאָוו'ס קערפער איז בעערדיגט געווארען.

אין עטליכע טעג ארום נאך דעם האָט זיך פון פעטערסבורג צוריקגעקעהרט דעם פערשטארבענעם'ס פריינד, דער קופעץ טי־מאָכין. ווען ער האָט זיך דערוואוסט אונטער וועלכע אומשטענדען זיין פריינד און לאנדסמאן איז געשטארבען, איז איהם די זאך פאָרגעקומען זעהר פערדעכטיג. ער האָט ערקלערט דער פאליציי זיין פערדאכט, אז סמעלקאָוו האָט געמוזט פערגיפטעט ווערען מיט דעם צוועק צו רויבען זיין געלד.

דיעזער פערדאכט איז אונטערשטיצט געווארען דורך אומ־שטענדען, וועלכע האָבען זיך ארויסגעוויזען ביי דער אונטערזו־כונג. די אונטערזוכונג האָט אויסגעפונען, דאָס: 1) סמעלקאָוו האָט א קורצע צייט פאר זיין טויט געצויגען פון באנק די סומע פון 3.800 רובעל, וועהרענד אין דעם אייגענטהום פון דעם טויטען האָט מען געפונען ניט מעהר ווי 312 רובעל מיט 16 קאפיקעס. 2) דעם גאנצען טאָג און די נאכט פאר זיין טויט האָט סמעלקאָוו פערבראכט מיט דער מיידעל ליובקע (יעקאטערינא מאסלאווא)

אין איהר וואהנונג און אין דער גאסטיניצע „מאווריטאניא“, וואָרהין זי איז געקומען אויף זיין אויפפאָדערונג. 3) ווען סמעלקאוו מיט ליובקא׳ן זיינען געקומען אין האָטעל „מאווריטאניא“, האָט די לעצטע אויף דעם פאָרשלאג פונ׳ם דינער קארטינקין געגעבען סמעלקאָוו׳ן צו טרינקען א גלעזעל קאָניאק, אין וועלכען זי האָט אריינגעשאָטען א ווייסען פּראָשיק, וואָס קארטינקין האָט איהר געגעבען.

4) אויף מארגען נאך דעם האָט די מיידעל ליובקא (יעקאַטערינא מאסלאָווא), פערקויפט צו איהר ווירטהין, ראזאנאווא, א בריליאנטענעם פינגערל, וועלכער האָט בעלאנגט צו סמעלקאוו׳ן, זאגענדיג אז סמעלקאוו האָט איהר דעם פינגערל געשיינקט פאר א מתנה.

5) די האָטעל־דינערין, יעפימיא באָטשקאָווא, האָט אריינגעטראגען אין קאמערץ־באנק און איינגעלייגט אויף איהר אייגענעם נאמען א סומע פון 1.800 רובעל.

די געזעצליך־מעדיצינישע אונטערזוכונג פון דעם פערשטארבענעם׳ס קערפּער האָט אויסגעפונען פאלגען פון פערגיפטונג. אין די איינגעווייט פונ׳ם טויטען, וואס דאס ווייזט, אז סמעלקאוו איז טאקע געשטארבען פון פערגיפטונג.

די אנגעקלאגטע אין דעם פערברעכען: מאסלאווא, באטשקאווא און קארטינקין האָבען זיך ניט אנערקענט פאר שולדיג, ערקלערענדיג: 1) מאסלאווא, — אז זי איז טאקע אמת געוועזען אינ׳ם צימער פון סמעלקאוו׳ן אין האָטעל „מאווריטאניא“, אבער דאס האָט זי אהין געשיקט נאָך געלד דער קופּעץ סמעלקאוו אליין און ער האָט דאס איהר געגעבען דעם שליסעל; אז זי האָט מעהר ווי 40 רובעל פון טשעמאָדאן ניט גענומען אזוי ווי סמעלקאוו האָט איהר געהייסען, דאס קענען עדות זאגען קארטינקין און באָטשקאָווא, וועלכע זיינען געוועזען דערביי, ווען זי האָט דאָס געלד גענומען.

ווייטער האָט דיעזע אנגעקלאגטע, מאסלאווא, בעוויעזען, דאס זי האָט טאקע איינגעגעבען, סמעלקאוו׳ן ווען זי איז דעם

צווייטען מאָל געווען אין נומער, א גלעזעל קאניאק מיט'ן ווייסען פּראָשיק, אבער זי האָט געמיינט, אז דאס איז נאר א שלאָף־טרונק; אזוי האָט איהר געזאגט קארטינקין, ווען ער האָט גע־הייסען דאס איינגעבען סמעלקאוו'ן. זי האָט נאר געוואונשען, ער זאל איינשלאָפען און זאל זי מעהר ניט מאטערן. דעם רינגעלע האָט איהר געשיינקט סמעלקאוו אליין נאך דעם ווי ער האָט איהר געגעבען עטליכע קלעפּ און זי האָט זיך פונאנדערגעוויינט און געוואלט פון איהם אוועקגעהן. ער האָט איהר דאס געשיינקט כדי זי זאל מיט איהם בלייבען ווייטער.

יעפימיא באטשקאָווא האָט בעוויזען, אז זי ווייס פון קיין זיך ניט, ווייס ניט פון קיינע פערפאלענע געלדער, איז אין נומער פון סמעלקאוו'ן ניט אריין, דאָרט האָט נאר געמאכט פאראָנד־קעם ליובקא אליין, און אויב עס זיינען ביים קופּעץ געגנב'עט גע־ווארען געלדער, איז דאס די ארבייט פון ליובקא'ן אליין, וועלכע האָט געמוזט נעהמען דאס געלד, ווען זי האָט געעפענט מיט'ן שליסעל דעם טשעמאדאן.

ווען עס איז געקומען צו דיעזע ווערטער אין בעשולדיגונגס־אקט, האָט מאסלאווא א ציטער געטאָהן, האָט געעפענט דאס מויל און האָט א שטארקען קוק געטאָהן אויף באטשקאָווא.

דער סעקרעטער האָט געלעזען ווייטער:

— ווען מען האָט געוויזען דער אנגעקלאגטער, יעפימיא באטשקאָווא, איהר רעכנונג אין באנק אויף 1800 רובעל און מען האָט זי געפרעגט: פון וואנען האָט זיך גענומען צו איהר אזוי פיעל געלד? האָט די אנגעקלאגטע געענטפערט, אז דאס געלד איז איהרע אייגענע פערדינטע צוזאמען מיט קארטינקין אין צייט פון 12 יאהר ארבייט אין האָטעל; דאס האָבען זיי צוזאמען אבגע־שפּארט מיט דעם צוועק צו הייראטהען.

סעמיאָן קארטינקין האָט צום ערשטען בעוויעזען, פון זיין צד, אז ער האָט צוזאמען מיט באטשקאָווא גערויבט דאס געלד פון סמעלקאוו'ן און זיי האָבען זיך צוזאמען מיט מאסלאווא צו־טהיילט, דען זי האָט דאס זיי אנגערעדט דערצו.

דאָ האָט ווידער מאסלאווא א ציטער געטאָהן, איז אפילו אויפגעשפרונגען פון פּלאַץ, איז רויט געווארען שרעקליך און האָט עפּעס אנגעהויבען ריידען אויפגערעגטערהייט. דער סודעבני פּריי־סטאוו איז אבער צו איהר צוגעלאפען און האָט זי ניט געלאזט ריידען.

דער סעקרעטער האָט ווייטער געלעזען.

— קארטינקין האָט זיך אויך מודה געווען פון אנפאנג, אז ער האָט דאס געגעבען צו מאסלאווא די ווייסע פּראָשקעס, איינצו שלעפערען דעם קופּעץ.

דעם צווייטען מאָל אבער האָט קארטינקין חרטה געהאט אויף זיינע ערשטע בעווייזע — האָט אבגעלייקענט, אז ער האָט גענו־מען וועלכען ניט איז אנטייל אין גנב'ענען דאס געלד און אין גע־בען די פּראָשקעס צו סמעלקאוו'ן און האָט די גאנצע שולד ארויפ־געווארפען נאר אויף מאסלאווא אליין.

וועגען דאס געלד, וועלכע באטשקאָווא האָט איינגעלייגט אין באנק האָט קארטינקין בעוויזען, אויך אזוי ווי באטשקאווא, אז דאס האָבען זיי צוזאמען אנגעזאמעלט אין דער צייט פון 12 יאהר, וואס זיי דינען אין האָטעל.

דער שלום פונ'ם בעשולדיגונגס־אקט איז געווען פאלגענדער:

„אין אנבעטראכט פון אלעם דעם, וואס איז אויבען געשריע־בען געווארען, ווערען די אנגעקלאגטע, סעמיאן קארטינקין 33 יאהר אלט, יעפימיא באַטשקאָווא, 43 יאהר אלט, און יעקאטע־רינא מאסלאווא, 27 יאהר אלט, געשטעלט פאר'ן געריכט און בע־שולדיגט דעריין, דאס זיי דריי האָבען דעם 17טען יאנואר...188 יאהר, דורך א פאראויס־אבגעמאכטען פּלאן, בערויבט דעם קופּעץ סמעלקאוו אין 2,500 רובעל און האָבען מיט א כיון איהם אנגע־טרונקען מיט סם, פון וואס עס האָט געפאלגט סמעלקאוו'ס טויט.

„דיעזער פערברעכען איז אנגעוויזען געווארען אין 4 און 5 פּונקטען פון 1453 ארטיקעל פון שטראף־קאדעקס. לויט דיעזע פּונקטען און אויפ'ן גרונד פון ארטיקעל 201 פון דעם קאָדעקס פאר קרימינאל געריכט ווערען אונטערווארפען די אנגעקלאגטע,

סעמיאָן קאַרטינקין, יעפימיא באַטשקאָוואַ און יעקאַטערינאַ מאַסלאָוואַ דעם אורטייל פון אַקרוזשנאַי סוד מיט דעם אַנטהייל פון געשוואָרענע".

דערמיט האָט דער סעקרעטער געענדיגט לעזען דעם לאַנגען בעשולדיגונגס־אַקט, האָט צונויפגעלייגט די גרויסע בויגענס פאַ־פיער און האָט זיך געזעצט אויף זיין פּלאַטץ, פערריכטענדיג מיט ביידע הענד זיינע האָאר. אַלע האָבען לייכטער אויפגעאָטהעמט מיט דעם אַנגענעהמען בעוואוסט זיין, אַז די אונטערזוכונג הויבט זיך גלייך אַן און דער אמת וועט אַרויפשווימען, ווי אויל אויפ'ן וואַסער, און די גערעכטיגקייט וועט בעפרידיגט ווערען.

נאָר איין נעכליודאָוו האָט דאָס ניט געפיהלט: דער שרעק־ליכער געדאַנק, צו וואָס עס איז געקומען אַט דיעזעלביגע מאַסלאָ־וואַ, וועלכע ער האָט געקענט פאַר אַ ליעבליכעס, אונשולדיגעס מעדכען מיט אַ יאָהר צעהן צוריק, האָט איהם אין גאַנצען פער־שלונגען.

## 11.

ווען עס האָט זיך געענדיגט דאָס לעזען פון בעשולדיגונגס־אַקט, האָט זיך דער פּרעדסעדאַטעל בעראַטהען מיט די אַנדערע צוויי ריכטער און האָט זיך געווענדעט צו קאַרטינקינען מיט אַזאַ מינע, אַזוי ווי ער וואָלט פּשוט געזאָגט: נו איצט וועלען מיר אַלעס גלייך זעהען אַזוי קלאָר ווי טאָג.

— סעמיאָן קאַרטינקין, — האָט דער פּרעדסעדאַטעל אָנגע־הויבען, צובייגענדיג זיך צו דער לינקער זייט.

סעמיאָן קאַרטינקין האָט זיך אויפגעהויבען, האָט אויסגעצויי־גען ביידע הענד גלייך מיט דעם נאָט פון די הויזען, ווי אַ סאָל־דאַט, און האָט מיט'ן גאַנצען קערפּער אַ בויג געטאָהן צו פאָרענט, ניט אויפהערענדיג צו שאָקלען מיט די באַקען.

— איהר ווערט בעשולדיגט דעריין, דאָס אַם 17טען יאַנואַר

...188 יאהר, האט איהר צוזאמען מיט יעפימיא באטשקאווא און יעקאטערינא מאסלאווא ארויסגע'גנב'עט פון קופעץ סמעלקאוו'ס טשעמאדאן געלד, וועלכע האבען איהם געהערט און האט דערנאך געבראכט סם און דערלאנגט מאסלאווא'ן, זי זאל דאס איהם גע־בען אין שנאפס טרינקען, פון וואס ער איז געשטארבען. זייט איהר זיך מודה, אז איהר האט דאס געטאן? — האט דער פרעד־סעדאטעל אבגעזאגט און האט זיך צוריק א בייג געטאהן אויף דער רעכטע זייט.

— וואו זאלען מיר דאס טאהן אזעלכע זאכען, מיר האבען דאך אונזער ארבייט צו בעדיענען געסט...

— דאס וועט איהר דערנאך דערציילען. זייט איהר זיך מודה אדער ניט?

— ניין, ווי אזוי זאלען מיר...

— דערנאך, דערנאך. זייט איהר זיך מודה? — האט רוהיג, ..בע מיט א פעסטע שטימע איבערגעפרעגט דער פרעדסעדא־טעל.

— ווי קען איך גאר טאהן אזא זאך, ווארום אז...

דער סודעבני פריסטאוו איז דא וויעדער אונטערגעשפרונגען צום ארעסטאנט און האט מיט א טראגישען שעפטשען איהם אב געהאלטען אין מיטען די ווערטער.

דער פרעדסעדאטעל האט זיך איצט אנגעלעהנט מיט'ן עלענ־בויגען אויפ'ן טיש, מיט א מינע, וועלכע האט אויסגעדריקט, אז, מיט קארטינקינען האט ער שוין דעם עסק פערטיג און האט זיך געווענדעט צו באטשקאווא.

— יעפימיא באטשקאווא, איהר ווערט בעשולדיגט, דאס איהר האט דעם 17טען יאנואר ...188 צוזאמען מיט סעמיאן קאר־טינקין און יעקאטערינא מאסלאווא גע'גנב'עט געלד און א רינגע־לע פון קופעץ סמעלקאוו'ס א טשעמאדאן און האט איהם דערנאך פער'סם'ט מיט דעם צוועק צו פערדעקען אייער פערברעכען. זייט איהר זיך מודה, אז איהר זייט שולדיג אין דיעזען פערברעכען?

— איך בין ניט שולדיג אין קיין זאך — האט פעסט און

דרייסט אַ זאַג געטאָהן באַטשקאַווא, — איך בין אין נומער ניט אריין... נור דיעזע פּאַסקודסטווע איז אריין אהין און זי האָט דאס אליין אלץ געטאָהן...

— דאס וועט איהר דערנאָך דערצעהלען, — האָט ווייך בע־מערקט וויעדער דער פּרעדסעדאַטעל, — דאס הייסט, אז איהר ערקלעהרט זיך פאר אונשולדיג?

— ניט איך האָב גענומען דאס געלד און ניט איך האָב איהם אנגעזויפען מיט סם און איך בין גאר אין נומער ניט געוועזן. ווען איך וואלט דארטען זיין, וואלט איך זי ארויסגעוואָרפען.

— איהר ערקלערט זיך אלזאָ פאר ניט שולדיג?

— ניין, קיין מאָל ניט.

— זעהר גוט.

— יעקאַטערינאַ מאַסלאַווא, — האָט זיך געווענדעט דער פּרעדסעדאַטעל צו דער דריטער אנגעקלאַגטע — איהר ווערט בע־שולדיגט דעריין, דאס איהר זייט געקומען אין האָטעל „מאַוריטאַ־ניא“ און האָט מיט דעם שליסעל פון קופיעץ סמעלקאָוו ארויסגע־נומען פון זיין טשעמאָדאַן זיין געלד און א רינג, — דאַ האָט זיך דער פּרעדסעדאַטעל ניט איבעררייסענדיג די אייגענע ווערטער צו־געבויגען מיט׳ן אייער צו איינעם פון די ריכטער און צוגעהערט זיך, ריידענדיג ווייטער ווי אן אויסגעלערנטע לעקציאָן אויף אויס־ווייניג.

דער סוד, וואס דער ריכטער אין די ברילען האָט איינגערוימט איצט דעם פּרעדסעדאַטעל, איז געוועזן, דאס עס פעהלט צווישען די זאכליכע בעווייזע די גלעזעל, אין וועלכער עס איז סמעלקאָוו׳ן איינגעגעבען געוואָרען די גיפט.

— ארויסגענומען פון טשעמאָדאַן דאס געלד און א רינג — האָט איבערגעזאָגט וויעדער דער פּרעדסעדאַטעל — און איהר האָט זיך צוטיילט מיט די אנדערע צוויי אנגעקלאַגטע מיט דער גניבה, דערנאָך זייט איהר וויעדער געקומען אין נומער און האָט געגעבען סמעלקאָוו׳ן א גלעזעל קאָניאַק מיט גיפט, פון וואס עס האָט גע־פאָלגט זיין טויט, זייט איהר זיך מודה אין דיעזען פערברעכען?

— איך בין אין קיין זאך ניט שולדיג, — האָט שנעל אנגע־קויבען זאגען מאסלאווא — ווי איך האָב פון אנפאנג שוין גע־זאגט, אזוי זאג איך אויך איצט: איך האָב נישט גענומען, נישט גענומען און נישט גענומען; איך האָב קיין זאך ניט גענומען, דעם פינגערל האָט ער מיר אליין געשיינקט.

— אלזא איהר רעכענט זיך פאר שולדיג אין גנב'ענען די 2,500 רובעל? האָט איבערגעפרעגט דער פרעדסעדאטעל.

— איך זאג דאך, איך האָב קיין זאך ניט גענומען, אויסער 40 רובעל.

— נון און אין דעריין, וואס איהר האָט געגעבען סמעלקאוו'ן סם אין קאָניאק, זייט איהר זיך מודה?

— דעריין בין איך זיך מודה, אבער איך האָב געמיינט, אז דאס זיינען אונשעדליכע פראָשקעס; אזוי האָט מען מיר גע־זאגט. אז זיי זיינען נור צום איינשלאפען, איך האָב קיין אבזיכט ניט געהאט און האָב ניט געוואלט קיין זאך. איך זאג אייך ווי פאר גאָט אליין, איך האָב איהם קיין זאך ניט געוואָלט טאָהן, — האָט זי געזאגט.

— אלזא אין גנב'ענען דאס געלד און דעם פינגערל ערקלערט איהר זיך פאר ניט שולדיג, נאר אין איינגעבען איהם די פראשקעס זייט איהר זיך יא מודה?

— אזוי איז דאס, וואהרשיינליך, אז איהר רופט דאס מודה זיין זיך אבער איך האָב דאך געמיינט, אז דאס זיינען נור צום שלאפען. איך האָב זיי איהם נור געגעבען צום איינשלאפען, — ווייטער האָב איך דאך קיין אבזיכט ניט געהאט און ניט געוועלט האָבען.

— זעהר גוט, — האָט געענטפערט דער פרעדסעדאטעל מיט צופריעדענהייט פון דעם ערשטען רעזולטאט, — נון, דערצעהלט אונז דאך, ווי די געשיכטע איז צוגעגאנגען; דערציילט אלעס אפענהערציג. איהר וועט דורך דעם לייכטער מאכען אייער שטראף — האָט ער צו איהר געזאגט גאנץ ווייך און האָט זיך ווייטער אנ־געשפארט מיט'ן עלען־בויגען אויפ'ן טיש.

מאסלאווא האָט איהם אלץ געקוקט גלייך אין די אויגען און האָט געשוויגען.

— דערצעהלט, ווי אזוי איז עס געווען ?

— ווי אזוי געווען ? — האָט פּלוצלונג און שנעל אנגעהויבען מאסלאווא — איך בין געקומען אין האָטעל, האָט מען מיך ארייג־געפיהרט אין נומער, דארטען איז ער געווען, און ער איז געווען זעהר בעזויפען. (זי האָט מיט א מין שרעק אין איהר שטימע ארויסגערעדט דאס ווארט „ער"). איך האָב געוואלט אוועק, אבער ער האָט ניט געלאזען.

זי איז מיט איין מאָל ענטשוויגען געווארען, אזוי ווי זי וואלט פערלירען דאס געשילדער פון איהרע געדאנקען, אדער ווי זי וואלט זיך אין מיטען דערמאנט וועגען עפּעס.

— נ׳ן, און דערנאך ?

— ד׳ערנאך ? דערנאך בין איך דארט מיט איהם געווען און בין אוועק אהיים.

דער פּראקוראָר האָט זיך איצט האלב אויפגעהויבען פון זיין פּלאץ און האָט זיך אוננאטירליך אנגעשפּארט אויף איין האנד.

— איך האָב געוואלט א פּרעג טאָהן, האָט די אנגעקלאגטע געהאט זי וועלכע בעקאנטשאפט מיט סעמיאן קארטינקין בעפּאר דעם פערברעכען ? — האָט דער פּראָקוראָר א פּרעג געטאָהן, ניט קוקענדיג אויף מאסלאווא.

— איהר ווילט א פראגע שטעלען דער אנגעקלאגטער ? — האָט א׳הם געפרעגט דער פּרעדסעדאטעל און האָט איהם מיט א צייכען געוויזען, אז ער קען פּרעגען.

ויען ער האָט געענדיגט זיין פראגע, האָט ער צונויפגעדריקט די ליפּען און האָט זיך עפּעס אנגעבלאזען.

״ער פּרעדסעדאטעל האָט וויעדערהאלט די פּראגע. מאסלא־ווא ־אָט אויסגעשטעלט איהרע דערשראקענע אויגען אויף דעם פּראָ׳קוראָר.

— מיט סימאָנען ? יא, געווען בעקאנט.

— איך וואלט וועלען וויסען, אין וואס איז בעשטאנען דיע־זע בעקאנטשאפט פון דער אנגעקלאגטער מיט קארטינקינען?

— אין וואס די בעקאנטשאפט? ער האט מיך איינגעלאדען צו די געסט, און ניט קיין בעקאנטשאפט — האט געענטפערט מאסלאווא, און איהר בליק האט געבלאנדזשעט פון דעם פרעדסע־דאטעל אויף דעם געהילפס־פּראָקוראָר און צוריק.

— איך וואלט וועלען וויסען, ווארום קארטינקין האט דוקא אויסשליסליך איינגעלאדען אימער די אנגעקלאגטע צו די געסט און ניט קיין אנדערע מיידלעך? — האט מיט א מעפיסטאפעלי־שען שמייכעל א פרעג געטאָהן דער אסיסטענט־פּראקוראר.

— איך וויים ניט. פון וואנען זאל איך וויסען, — האט גע־ענטפערט מאסלאווא, קוקענדיג מיט שרעק ארום זיך און אויף א סעקונדע איז איהר בליק געבליעבען שטעהן אויף נעכליודאוו׳ן — וומען ער האט געוואלט, יענע האט ער איינגעלאדען.

„האט זי מיך דען דערקענט?“ — האט ערשראקען א טראכט געטאָהן נעכליודאוו, פיהלענדיג אז דאס בלוט האט איהם א שפּאר געטאָהן אין פנים.

מאסלאווא האט אבער ניט אונטערשיידעט נעכליודאוו׳ען פון די אנדערע געשווארענע. זי האט גלייך אבגעקעהרט פון איהר איהר בליק און האט מיט ערשראקענע אויגען גענומען קוקען אויף דעם געהילפס־פּראקוראר.

— די אנגעקלאגטע לייקענט אלזא, אז צווישען איהר און קארטינקין איז געווען א וועלכע בעזונדערע בעקאנטשאפט? זעהר גוט. איך האב מעהר קיין זאך ניט צו פרעגען.

און דער פּראקוראר האט גלייך אראבגענומען זיין עלענבויגען פון טישעל און האט געכאפט אין דער גיך עפּעס פערצייכענען מיט זיין בליישטיפט. אין אמת׳ן אבער האט ער גאר ניט פערשריעבען, ער האט מעהר ניט געמאכט א רונדען שטריך ארום די ווערטער פון זיין פערשריעבענער פאפּיערעל. ער האט געזעהן, אז דער פּראָ־קוראר אליין טהוט אזוי צייטענווייז און אדוואקאטען טהוען אזוי: נאָך א געלונגענער פראגע רינגלען זיי ארום מיט א שטריך זייער

פערצייכנונג — א סימן אז דא ליעגט דער הונד בעגראבען, און דערמיט אליין קען מען שוין דעם געגנער צורייבען אויף אש.

דער פרעדסעדאטעל איז איצט געווען פערנומען פרעגענדיג דעם ריכטער אין די ברילען, אויב ער שטימט איין מיט דער ארט, ווי די פראגען זיינען געשטעלט געווארען. די פראגען זיינען שוין געוועזן פון פאראויס פערפערטיגט און אויסגעשריעבען. זייענדיג פערנומען דערמיט, האט עס געדויערט א ווייל ביז ער האט זיך ווידער געווענדעט צו מאסלאווא.

— נו, וואס זשע איז געווען ווייטער?

— איך בין געקומען אהיים — האט אנגעהויבען מאסלאווא עטוואס דרייסטער און קוקענדיג אלץ אויף דעם פרעדסעדאטעל — און האב זיך געלייגט שלאפען, ערשט אונזער מיידעל, בערטהא, וועקט מיך: „געה, דיין קופעץ איז ווידער געקומען". און דא איז „ער" אליין — זי האט ווידער מיט שרעק ארויסגערעדט דעם „ער" — און „ער" האט געוואלט שיקען נאך וויין, אבער ביי איהם איז אויסגעגאנגען דאס געלד, האט ער מיך צוגעשיקט צו זיך אין נומער און האט מיר געזאגט, וואו זיינע געלד איז און וויפיעל איך זאל נעהמען. נו, בין איך געפאהרען.

דער פרעדסעדאטעל האט זיך געהאלטען איצט אין איבער־שושקען מיט דעם ריכטער פון לינקער זייט און האט גאר ניט געהערט, וואס מאסלאווא האט דא דערצעהלט; אום אבער צו ווייזען, אז ער הערט, אפילו ווען ער רעדט גאר בשעת מעשה, האט ער ווידערהאלט איהרע לעצטע ווערטער.

— זייט איהר געפאהרען, נו, און וואס ווייטער?

— איך בין געפאהרען אין האטעל און האב דארט געטאהן אלעס ווי ער האט מיר געהייסען; בין איך אריין אין נומער. איך בין אליין ניט אריין אין נומער, איך האב גערופען סעמיאן מיכאי־לאוויטשען און זי — האט מאסלאווא געוויזען אויף באטשקאווא.

— זי ליגט, מיין פוס איז אהין ניט אריין און... — האט אנ־געהויבען זי איבערצושלאגען באטשקאווא.

— פאר זיי אין די אויגען האב איך גענומען די 4 צעהן־רו־

בעלדיגע — האָט בייזלעך און ניט קוקענדיג אויף באטשקאווא ווייטער געזאגט מאסלאווא.

— נון, און די אנגעקלאגטע האָט דאן בעמערקט, וויפיעל געלד אין טשעמאדאן איז געווען? — האָט א פרעג געטאָהן ווי־דער דער פּראָקוראָר.

מאסלאווא האָט א ציטער געטאָהן, ווי נאר דער פּראקורא האָט זיך צו איהר געווענדעט. זי האָט ניט געוואוסט ווארום און ווי אזוי, אבער דאס הארץ האָט איהר געזאגט, אז ער וויל איהר שלעכטס מאָהן.

איך האָב ניט געצעהלט, האָב געזעהען בלויז, אז דארט ליגען הונדערט־רובעלדיגע בילעטען.

— אלזאָ, די אנגעקלאגטע האָט געזעהען 100 רובעלדיגע? גוט, מעהר האָב איך ניט צו פרעגען.

— נו, דאן האָט איהר געבראכט דאס געלד? — האָט פארט־געזעצט זיינע פראגען דער פּרעדסעדאטעל, קוקענדיג אויפ'ן זייגער.

— געבראכט.

— נו, און דערנאך?

— און דערנאך האָט „ער" מיך מיטגענומען, האָט געזאגט מאסלאווא.

— און ווי האָט איהר איהם געגעבען אין שנאפּס דעם פּראָ־שיק?

— ווי געגעבען? ארייגעשאטען אין שנאפּס און געגעבען איהם.

זי האָט ניט געענטפערט גלייך, זי האָט זיך שווער און טיעף אבגעזיפצט.

— ער האָט מיך אלץ ניט אבגעלאזען... איך בין פון איהם פערמאטערט געווארען, בין איך ארויס אין קאָרידאָר און זאָג צו סעמיאָן מיכאילאוויטש: „ווען ער זאל מיך כאטש אויף א ווילע אבלאזען. איך בין מיעד". זאגט סעמיאן מיכאילאָוויטש צו מיר: אונז האָט ער שוין אויך דערעסען. מיר ווילען איהם געבען שלאָף־פּראָשקעס; ער וועט איינשלאָפען, וועסטו קענען אוועקגעהן. זאָג

איך: „גוט“. איך האָב געמיינט, אז דאָס זיינען ניט שעדליכע פּראָשקעס. ער האָט זיי מיר געגעבען. איך בין אריין, ערשט „ער“ ליגט און שרייט, מען זאל איהם געבען קאָניאק, האָב איך גענומען פון טיש די פלאַש מיט פין־שאמפאן, האָב אנגעגאסען צוויי גלע־זער — זיך און איהם, און אין זיינע האָב איך דאס אריינגעשאָטען און איהם געגעבען. וואלט איך איהם דען געגעבען, ווען איך וואלט וויסען וואס דאס איז?

— נו, ווייטער. ווי אזוי קומט צו אייך דער פינגערל? — האָט געפרעגט דער פּרעדסעדאטעל.

— דעם פינגערל האָט ער מיר אליין געשיינקט.

— ווען זשע האָט ער אייך דאס געשיינקט?

— ווען מיר זיינען געקומען אין נומער, איך האָב געוואלט אוועק, האָט ער מיר געגעבען אַ קלאַפּ איבער'ן קאָפּ און האָט צו־בראכען מיין קעמעלע. איך בין אין כעס געווארען און האָב גע־וואלט פאהרען צוריק, האָט ער אראבגענומען פון האנד דעם רינגע־לע און האָט מיר געשיינקט, איך זאל ניט אוועקפאהרען, — האָט מאסלאווא ווייטער געזאגט.

דאָ האָט זיך דער פּראָקוראר ווידער אויפגעהויבען, און אלץ מיט דער זעלבער כלומר'שט נאאיווער מינע האָט ער א בעט גע־טאָהן ערלויבנים צו שטעלען נאך א פראגע, אנבויגענדיג שטארק דעם קאָפּ איבער דעם אויסגענייטען גאלדענעם קראגען פון מונדיר.

— איך וואלט געוואלט וויסען, ווי לאנג איז די אנגעקלאגטע געוועזען אין נומער פון קופּעץ סמעלקאוו?

אויף מאסלאווא איז ווידער אנגעפאלען אַ שרעק, און איה־רע אויגען האָבען ווידער געבלאנדזשעט פון פּרעדסעדאטעל אויף דעם געהילפס־פּראָקוראר און צוריק.

— איך געדיינק ניט ווי לאנג, — האָט זי שנעל ארויסגע־רעדט.

— געדיינקט אפשר די אנגעקלאגטע, אויב זי איז אין האָטעל וואו עס איז אריין נאָך דעם ווי זי איז ארוים פון קופּיעץ סמעל־קאוו'ס נומער?

מאסלאָווא האָט א טראכט געטאָהן.

— אין א צווייטען נומער, אין א פּוסטען, גלייך לעבען דעם קופּעץ'ס נומער, בין איך אריין, — האָט זי געענטפערט.

— נאך וואס זשע זייט איהר אריין? — האָט דער פּראָקורָאר זיך געווענדעט שוין גלייך צו איהר.

— איך האָב דארט געוואַרט אויף אַן איזוואָזטשיק.

— און קארטינקין איז געווען אין יענעם נומער מיט דער אַנגעקלאגטער?

— ער איז אויך אריין.

— און נאך וואס איז ער אריין?

— פונ'ם קופּיעץ איז איבערגעבליעבען פינ־שאמפּאַן האָבען מיר דאסביידע אויסגעטרונקען.

— א, צוזאמען געטרונקען. זעהר גוט.

— און די אנגעקלאגטע האָט עפּעס גערעדט מיט קארטינקען'ען וועגען וואס?

מאסלאווא איז בייז געווארען פּלוצלונג, איז רויט געווארען ווי צונטער און האָט שנעל א זאָג געטאָהן:

— ו ו א ס גערעדט? איך ווייס מעהר קיין זאך ניט. איהר קענט מיט מיר טאָהן וואס איהר ווילט. איך בין ניט שולדיג, אָט איז אלעס. וואס האָב איך גערעדט? איך האָב גארנישט גערעדט. איך האָב אויסגעזאגט אלעס וואס עס איז דאָ צו זאגען.

— איך האָב מעהר קיין פראגען, — האָט דער פּראָקוראר געזאגט צום פּרעדסעדאטעל, און אויפהויבענדיג איין אקסעל עפּעס אוננאטירליך האָט ער אנגעהויבען גיך, גיך צו פערשרייבען אין דעם פּלאַן פון זיין רעדע, דאס מודה זיין זיך פון דער אנגעקלאגטער אליין, אז זי איז אריין מיט סעמיאַן אין א ליידיגען נומער.

אלע האָבען א ווײַלע געשוויעגען.

— האָט איהר נאך וואס צו זאגען?

— איך האָב אלעס געזאגט, — האָט מיט א זיפץ געענטפערט מאסלאווא און האט זיך אליין אוועקגעזעצט.

דער פּרעדסעדאטעל האָט גענומען פערשרייבען וואס אויפ'ן

פאפיער און, אויסהערענדיג- עפעס פון דעם ריכטער פון דער לינ־
קער זייט, האָט ער ערקלערט, אז די זיצונג ווערט איבערגעריסען
אויף 10 מינוט, האָט זיך גלייך טאקע אויפגעהויבען און איז
שנעל ארויס פון זאל.

נאָך די ריכטער האָבען זיך אויפגעהויבען די געשווארענע, די
אדוואקאטען, די עדות און, מיט א געפיהל פון צופריעדענהייט,
אז זיי זיינען די טהיילנעהמער אין אזא וויכטיגען פראצעס, האָ־
בען זיי זיך אנגעהויבען צו בעוועגען איבער'ן זאל.

נעכלודאָוו איז ארויס אינ'ם צימער פאר די געשוואָרענע און
האָט זיך אוועקגעזעצט לעבען פענסטער.

12.

יא, דאס איז געווען קאטיושא.

די פערהעלטניסע צווישען נעכליודאוו און קאטיושען זיינען
געווען אָט וועלכע:

צום ערשטען מאָל האָט נעכליודאוו דערזעהן קאטיושא'ן
דאן, ווען ער איז געווען אויפ'ן דריטען קורס פון אוניווערזיטעט
און ער איז געקומען אויף זומער צו זיינע טאנטעס, אום דארט
צו פערפערטיגען זיין אבהאנדלונג איבער לאנד־אייגענטהום.

געוועהנליך פלעגט נעכליודאוו וואהנען מיט זיין מוטער און
שוועסטער אין זייער גרויסען לאנד הויף, וואס האָט זיך געפונען
הינטער מאסקווע. אבער דעם יאהר האָט זיין שוועסטער חתונה
געהאט און די מוטער איז אוועק קיין אויסלאנד אין די בעדער.

נעכליודאוו האָט אבער דאָך געמוזט האָבען זעהר א בעקווע־
מען און רוהיגען פלאץ דיעזען יאהר, וואו ער זאל קענען רוהיג
פערפאסען זיין ווערק, און ער האָט דערפאר בעשלאסען צו אי־
בערוואהנען דעם זומער ביי זיינע טאנטעס. דארט זיינען פאר
איהם אלע בעקוועמליכקייטען. עס איז א פערוואָרפענער ווינקעל,

שטיל, קיינע געזעלשאפטען, קיינע אבענדען, און ער וועט קענע רוהיג ארבייטען.

די טאנטעס האָבען זעהר געליעבט זייער פּלימעניק, וועלכער איז אויך זייער יורש, און ער האָט זיי אויך געליעבט; ער האָט גע־ ליעבט זייער איינפאכען לעבען אויף דעם אַלטען שטיינער.

אין יענעם זומער, זייענדיג ביי זיינע טאנטעס, האָט נעכליו־ דאָוו איבערגעלעבט יענעם בעגייסטערטען און הארציגען צושטאנד, וועלכען עס לעבט איבער א יונגער מענש, ווען ער הויבט אָן צו ווערען אליין בעוואוסט, זעלבסטשטענדיג, ניט ווי עמיצער ווייזט איהם אָן, און ער הויבט אן צו בעגרייפען די גאנצע וויכטיגקייט פון לעבען און וועלכע בעדייטונג דעם מענשען׳ס שאפען האָט אין דיעזען לעבען. ער זעהט דאן די מעגליכקייט פון זיין אייגענער פערפאלקאמונג און פון דער פערפאלקאמונג פון דער גאנצער וועלט און ער גיט זיך איבער מיט גוף און נשמה צו עררייכען יענעם אידעאל פון פאָלקאָמענהייט, וועלכען ער שטעלט זיך אליין פאָר.

נאך זייענדיג אין אוניווערזיטעט האָט ער אין דיעזען יאהר איבערגעלעזען ספּענסער׳ס „סאָציאל סטאטיקס“ און ספּענסער׳ס געדאנקען וועגען לאנד־אייגענטהום האָבען אויף איהם געמאכט א טיעפען איינדרוק, נאך בעזונדער דערפאר, וואס ער אליין איז געווען א זוהן פון א רייכער גוטבעזיצערין.

דער פאטער זיינער איז געווען ניט רייך, נאר די מוטער האָט בעקומען אלס נדן 10 טויזענד אקער לאנד. ער האָט דאן צום ער־ שטען מאָל בעגריפען, וואס פאר אן אונרעכט עס איז פון א מענ־ שען צו פערמעגען אלס אייגענטהום אזוי פיעל לאנד, און אזוי ווי ער איז געווען איינער פון די נאטורען, וועלכע עס האָבען א העכע־ רען גייסטיגען פערגעניגען צו אויפאָפּפערן זיך אינ׳ם נאָמען פון מאראלע פפליכטען, האָט ער בעשלאָסען ניט צו בענוצען זיך מיט זיין געזעצליכעס רעכט אויף זיין לאנד און האָט דאן אוועקגע־ שיינקט צו די פויערים דאס שטיקעל לאנד, וואס איז איהם גע־ בליעבען בירושה פון זיין פאטער.

אויף דיעזע טהעמא האָט ער אויך געשריעבען זיין דיסערטאַ־
ציע פאר'ן אוניווערזיטעט.

זיינע טעג האָט ער אזוי פערבראכט ביי די טאנטעס צו לאנד:
ער פלעגט אויפשטעהן זעהר פריה, אמאָל זאָגאר אזייגער 3 אין
דער פריה, און בעפאר זונען־אויפגאנג איז ער געגאנגען באדען
זיך אין טייך הינטערן בארג; אמאָל פלעגט ער זיך באדען נאָך
ווען די טייך איז געווען איינגעהילט אין אַ טומאן און ער פלעגט
זיך אומקעהרען צוריק, ווען דער טהוי איז נאך געלעגען אויף די
גראז און בלומען.

אמאָל פלעגט ער פריהמארגענס אנטרינקען זיך מיט קאפע
און נעהמען זיך נאכהער גלייך צו זיין ווערק, אבער זעהר אָפט, אנ־
שטאט צו לעזען אדער צו שרייבען, פלעגט ער בעסער אוועקבלאנ־
זשען איבער די פעלדער און אין די וועלדער.

פאר מיטאג פלעגט ער ערגעץ איינשלאפען אין גארטען, און
ביים טיש צו מיטאג איז ער געווען הארציג־פריילעך און פלעגט
מיט זיין הייטערקייט מאכען פריילעך אויך די טאנטעס. דערנאך
פלעגט ער זיך דורכרייטען אדער דורכפאהרען אויף א שיפעל און
פארנאכט האָט ער ווידער געלעזען אדער געזעסען צוזאמען מיט
די טאנטעס.

אָפט פלעגט ער ביי־נאכט ניט קענען שלאפען, בעזאנדערס
אין די לבנה נעכט; ער האָט ניט געקענט שלאפען, ווייל ער איז
געווען איבערפילט אין גאנצען מיט לעבענס־פרייד און אנשטאט
צו שלאפען, פלעגט ער ארומשפאצירען אין גארטען, דיינקען און
טראכטען, ביז עס פלעגט אנהייבען צו טאגען.

אזוי האָט ער גליקליך און רוהיג פערבראכט דעם ערשטען מאַ־
נאט ביי זיינע טאנטעס, און האָט געשענקט ווייניג אויפמערקזאמ־
קייט דער שווארץ־אויגעלדיגער, האלב־בארישניע האלב־דינסט, דער
שנעל־בעוועגליכער קאטיושען.

נעכליודאוו, וועלכער האָט זיך אויסגעהאָדעוועט לעבען דער
מאמע'ס פארטוך, איז נאך צו 19 יאהר געווען אַן אונשולדיגער
בחור. ער האָט געפאנטאזירט וועגען א פרויענצימער, ווי נאר ווע־

גען א פרוי. אלע פרויענציטמער אלזא, וועלכע נאך זיין פערשטאנד פאסען ניט צו זיין זיינע א פרוי, זיינען פאר איהם געווען ניט פרויענצימער, נאר מענשען.

דארף זיך אבער טרעפען אין דיעזען זומער אין צייט פון די פייער־טעג, דאס צו די טאנטעס איז געקומען צו גאסט א שכנה, א פאמעשטשיצע, מיט איהרע קינדער: צוויי פריילינס, איין זוהן, א גימנאזיסט און אויך זייערער א פריינד, א יונגער קינסטלער.

נאך דעם טהעע־טרינקען איז מען ארויס אויף דער אבגעשני־טענער לאנקע און מען האט אנגעהויבען שפיעלען אין „כאפענעס“. מען האט אין דער חברה אריינגענומען אויך קאטיושען. נעבלוי־דאוו'ן איז אויסגעקומען איינינגע מאל צו יאגען זיך מיט קאטיושען. ער האט אייגענטליך תמיד געפיהלט אנגענעהם צו זעהן זי, איהם איז אבער קיין מאל אויף די געדאנקען ניט ארויף, אז צווישען איהם און איהר קען עפעס זיין א בעזונדערע שייכות.

— נו, איצט וועסטו זי שוין פאר קיין געלד ניט כאפען, — האט געשריען ערמידעט און פרעהליך דער קינסטלער, וועלכען עס איז איצט אויסגעקומען צו זיין דער כאפער, און ער האט זיך גע־יאגט שנעל נאך די אנטלאפענע.

— זיי וועלען זיך סיידען פערצעפען.

— אבער איהר וועט ניט כאפען.

— איינס, צוויי, דריי!

אלע האבען דריי מאל א פאטש געטאהן מיט די הענד. קא־טיושא האט קוים איינהאלטענדיג זיך פון לאכען, שנעל זיך איבער־געביטען מיט נעכליודאוו'ן אין די פלעצער, האט מיט איהר שאר־סטקער, שטארקער קליינער הענטעל א כאפ געטאהן זיין גרויסע האנד און האט זיך געלאזט מיט איהם לויפען, וועהרענד עס האט זיך געהערט דער רויש פון איהר אנגעקראכמעלטע קלייד.

נעכליודאוו איז געלאפען שנעל, איהם האט זיך ניט געוואלט: דער קינסטלער זאל איהם פאקען, און ער איז געלאפען מיט אלע כוחות. ווען ער האט זיך ארומגעקוקט, האט ער דערזעהן, ווי דער קינסטלער יאגט זיך נאך קאטיושא'ן, אבער זי איז שנעל אונטער־

געשפּרונגען מיט איהרע לייכטע, יונגע פיס און האָט זיך ניט געלאזט כאַפּען. זי האָט פּלוצלונג זיך פלינק א קעהר געטאָהן לינקס. אבי־סעל ווייטער איז געוועזן א גאנצע צייל קוסטעס פון מאַיאָווע בלו־מען. ווייטער פון די קוסטעס איז קיינער ניט געלאפען, אבער קאטיו־שא האָט א וואָרף געטאָהן א בליק אויף נעכליודאוו'ן און האָט איהם געגעבען א וואונק, זיי זאלען זיך בעהאלטעןביידע אין דיע־זען פּלאץ.

ער האָט זי פערשטאנען און איז געלאפען גלייך נאָך איהר. הינטער די קוסטעס איז געווען א גראבען, פערוואקסען מיט קראָפּי־ווע, פון וועלכען ער האָט ניט געוואוסט. ער האָט זיך פערצעפּעט, האָט אבגעשטאכען די הענד אן די קראפּיווע און איז שיער ניט געפאלען, האָט זיך אבער פלינק אויסגעקעהרט און איז באלד גע־ווען נאָהענט פון איהר.

קאטיושא איז געלאפען איהם ענטגעגען, שיינענדיג מיט איהרע שווארצע אויגען און מיט איהר שמייכעל. זיי זיינען צוגעלאפען איינער צום אנדערן און האָבען זיך אנגעכאפּט פאר די הענד.

— איהר האט זיך צושטאכען די הענד — האט זי געזאגט פעררירכטענדיג מיט דער פרייער האנד איהר צופאלענעם צאָפּ פון קאָפּ; זי האָט שווער געאטהעמט און האָט געשמייכעלט, קוקענ־דיג פון אונטען ארויף גלייך אויף איהם.

— איך האָב גאר ניט געוואוסט, אז דאָ איז א גראבען, — האָט ער געענטפערט אויך שמייכלענדיג און האָט ניט ארויסגע־לאזען איהר האנד.

זי האָט צוגעטראטען נאָך נעהענטער צו איהם, און ער האָט, עפּעס אליין ניט וויסענדיג ווי אזוי, אויסגעצויגען צו איהר זיין גע־זיכט; זי האָט זיך ניט אבגעקעהרט. ער האָט שטארקער א דריק געטאָהן איהר האנד און האָט זי א קוש געטאָהן אין די ליפּען.

— אָט האסטו דיר! — האָט זי א זאג געטאָהן, האָט שנעל ארויסגעריסען איהר האנד פון זיינער און איז אוועקגעלאפען.

צולויפענדיג צום קוסט מיט מאַיאָווע בלומען, האָט זי פון זיי אראָפּגעריסען צוויי צווייגעלעך מיט ווייסע בלומען, וועלכע זיינען

שוין געווען א ביסעל אראבגעשאטען, און האט מיט זיי גענומען פאכען זיך איבער'ן ערהיצטען געזיכט. זי האט ווידער א קוק גע־טאהן אויף איהם און האט זיך געקליבען געהן צו די שפיעלענדע.

פון דעם מאל אן האט זיך די האלטונג פון ניעכליודאוו'ן צו קאטיושא'ן געביטען, און עס האבען זיך אנגעהויבען צווישען זיי יענע פערהעלטניסע, ווי זיי פאסירען צווישען אן אונשולדיגען יונ־גען מענשען און אן אונשולדיגע יונגע מיידעל, וועמעס הערצער עס ציהען איינס צום אנדערען...

ווי נאר קאטיושא פלעגט אריינגעהן אין צימער וואו ער איז געווען, אדער ווען ער פלעגט אפילו דערזעהן פון ווייטען איהר ווייס־סינקען שירצעל, איז אלעס פאר איהם געווארען גאר ליבמיגער, ווי א בעזונדער ליכטיגקייט פאר איהם וואלט איהר ערשיינען פערשפריי־טען אויף אלעס; אלעס איז געווארען דאן אינטערעסאנטער, פרעהליכער, בעדייטענדער; דאס לעבען איז גאר היימערער גע־ווארען.

דאסזעלבע האט אויך זי געפיהלט. פאר איהם איז ניט נאר געווען א גליק צו זעהן זי נאהענט פון זיך, נאר דאס בעוואוסטזיין אליין, אז עס איז דא קאטיושא אויף דער וועלט, אפילו ניט זע־הענדיג זי, האט איהם שוין גליקליך געמאכט, און דאסזעלבע האט זי זיך געפיהלט גליקליך ביי דעם געדאנק אליין, אז עס עקזיסטירט נעכליודאוו.

האט ער בעקומען א שלעכטען בריעף פון דער מוטער אדער ווען זיין ווערק איז עפעס ניט געגאנגען, עס האט זיך ניט געשריע־בען, אדער עפעס סתם אזוי דאס הארץ איז פול, פול מיט דעם טיע־פען ביינקען פון דער יוגענד, דאן האט ער זיך נאר געדארפט ער־אינערן, אז עס לעבט קאטיושא און ער וועט זי זעהן, — דאן איז אלעס אנדערע אוועק און די וואלקענס זיינען פערטריבען געווארען.

קאטיושא האט געהאט גענוג ארבייט אין הויז, זי האט אבער אימער בעוויזען אלעס אבצוטאהן און אין די פרייע ביסעל צייט האט זי געלעזען. נעכלודאוו האט איהר געגעבען פון דאסטאיעווו־סקי'ס און טורגעניעוו'ס ווערקע, וועלכע ער האט נאר וואס אליין

איבערגעלעזען. מעהר פון אלעס איז איהר געפעלען געווארען טור־געניעוו׳ס „זאטישיע“.

די געשפרעכען צווישען זיי זיינען נאר געווען צופעליגע; זיי פלעגען זיך אומטוישען מיט עטליכע געדאנקען ביים בעגע־גענען זיך אין קארידאר, אויפ׳ן באלקאן, אין הויף און אמאל אויך אינ׳ם צימער פון דער אלטער גארניטשנע, מאטרענא פאוולאוונא, מיט וועלכע צוזאמען קאטיושא האט געוואהנט. אהער פלעגט א מאהל נעבליודאוו אריינקומען טרינקען טהעע.

דיעזע געשפרעכען אין דער אנוועזענהייט פון דער אלטער מאטרענא פאוולאוונא, זיינען געווען די אנגענעהמסטע. זיינען זיי געווען אליין, איז געווען שלעכט צו ריידען; די אויגען האבען גלייך אנגעהויבען צו ריידען עפעס אנדערם ביי אזעלכע געלעגענ־הייטען, און די אויגען האבען גערעדט עפעס פיעל וויכטיגערעס אלס דאס, וואס די ווערטער האבען אויסגעדריקט; די ליפען האָ־בען זיך פערקרימט, עס האט זיך געפיהלט עפעס אונבעקוועם און זיי זיינען זיך שנעל צוגאנגען.

דאס זיינען געווען די פערהעלטניסע צווישען נעבליודאוו׳ן און קאטיושא׳ן אין דער גאנצער צייט פון זיין ערשטען מאל פער־ברייננגען ביי די טאנטעס. די טאנטעס, פון זייער זייט, האבען בע־מערקט דיעזע פערהעלטניסע, האבען זיך ערשראקען און האבען אפילו געפונען פאר נויטיג אנצושרייבען וועגען דעם א לאנגען בריעף קיין אויסלאנד, צו דער פירסטין יעלענא איוואנאוונא, נע־בליודאוו׳ס מוטער.

די טאנטע, מאריא איוואנאוונא, האט מורא געהאט, איהר פלימעניק זאל זיך חו״ש ניט פערבינדען ווי עס איז מיט קאטיושא׳ן. אבער איהר שרעק איז געווען אומזיסט: נעבליודאוו, אליין ניט וויסענדיג, האט ליעב געהאט קאטיושא׳ן, אזוי ווי עס ליעבען אונ־שולדיגע נאטורען, און זיין ליעבע איז געווען די הויפט־שיצונג פאר זיי ביידען, זיי זאלען ניט זינקען נידעריג.

ביי איהם איז ניט נאר אין געדאנקען ניט געווען קיין פער־לאנג פיזיש צו בעוועלטיגען זי, זאנדערן איהם האט זאגאר אבגע־

שראקען אזא געדאנק, ווען ער איז איהם ארויף אויפ׳ן זינען. דער־פאר האט שוין מעהר גרונד געהאט די פורכט פון זיין צווייט־טאנטע, סאפיא איוואנאווגא.

די פאעטישע סאפיא איוואנאוונא האט מורא געהאט, דאס ווען נעכליודאוו וועט פאלען אין ליעבע מיט קאטיושא׳ן וועט אזא עהרליכע נאטור ווי זיינע אנדערש ניט טאהן ווי דוקא מיט איהר חתונה האבען, ניט קוקענדיג אויף איהר נידריגע אבשטאמונג און אויף איהר שטאנד אין דער געזעלשאפט.

ווען נעכליודאוו וואלט ווירקליך דאן פערשטאנען זיין ליע־בע צו קאטיושא, און בעזאנדערס נאך, ווען עמיצער וואלט זיך בע־מיהען דאן איהם צו איבערצייגען, אז ער טאר חו״ש ניט טאהן אזא געפעהרליכען שריט צו פעראייניגען זיין שיקזאל מיט אזא מיידעל, וואלט זעהר מעגליך פאסירט, אז ער וואלט מיט איהר דוקא היי־ראטהען. אזא גלייכע נאטור ווי זיינע וואלט זיכער איינגעזעהן, אז עס איז ניטא קיין אורזאכע, פאר וואס ער זאל ניט טארען היי־ראטהען א מיידעל, ווער זי זאל זיך ניט זיין, ווי באלד נאר ער ליעבט זי.

אבער די טאנטעס האבען איהם קיינע מעשיות ניט דער־צעהלט וועגען זייערע בעפירכטונגען, און ער איז אזוי אוועקגעפאה־רען, ניט האבענדיג די געלעגענהייט אין זיך אליין צו דערקענען, אז ער ליעבט קאטיושען.

ער איז געווען זיכער, אז זיינע געפיהלען צו דיעזער מיידעל איז נאר איין ערשיינונג פון די געפיהלען און עמפפינדונגען פון לעבענס־פרייד, וועלכע האבען דאן איבערפילט זיין גאנצעס וועזען, און דיעזע געפיהלען טהיילט ער... מיט איהר, מיט דיעזען ליעב־ליכען, פרעהליכען נפש.

דערפאר אבער, ווען ער איז אוועקגעפאהרען, און קאטיושא איז געשטאנען צוזאמען מיט די טאנטעס אויפ׳ן גאניק און האט איהם בעגלייט מיט איהרע גרויסע, שווארצע אויגען, אנגעפילטע מיט טרערען, האט ער דערפיהלט, אז ער רייסט זיך אפ פון עטוואס

שעהנעס, טהייערעס, וואס ער וועט נאָך אמאָל ניט טרעפען. און ער האָט דאן אנגעהויבען טיעף צו ביינקען.

— בלייבט געזונד, קאטיושא, איך דאנק פיר אלעס, — האָט ער איהר געזאגט, ווען ער האָט זיך געזעצט אין קאליאסקע.

— פאָרט געזונד, דמיטרי איוואנאָוויטש, — האָט זי געענטפערט מיט איהר אנגענעהמע, צערטליכע שטימע, און איינהאלטענדיג די טרערען, מיט וועלכע איהרע אויגען זיינען פול געווארען, איז זי גלייך ארייננעלאָפען אין פאָר־הויז, וואו זי האָט געקענט פריי אויסוויינען זיך.

## 13.

גאנצע דריי יאָהר נאָך דעם האָט זיך נעכלודאָוו ניט געזעהן מיט קאטיושא. זיי האָבען זיך ווידער געטראפען יעמאלט, ווען נעכלודאָוו איז געוועזן שוין אפיציער און איז, פאהרענדיג צו זיין דינסט אין דער ארמעע, ארייננעפאהרען אויף עטליע טעג צו זיינע טאנטעס,

ער איז שוין דאמאלט אין גאנצען געוועזן ניט דער, וועלכער האָט מיט עטליכע יאָהר צוריק פערבראכט א גאנצען זומער ביי די טאנטעס.

דאן, דעם ערשטען מאָל, איז ער געוועזן אן עהרליכער יונגלינג, פערטיג אויף זעלבסט־אויפאפפערונג, פעהיג איבערצוגעבען זיך מיט לייב און זעלע פאר יעדער גוטער טהאט; איצט איז ער געווען א זעלבסטזיכטיגער, צולאזענער יונגער מאן, וועלכער ליעבט נאר גוט א לעב צו טאָהן.

דאן, אין יענער ערשטער צייט, האָט פאר איהם גאט'ס וועלט זיך פארגעשטעלט אלס א געהיימניס, וועלכע ער האָט מיט פרייד און בעגייסטערונג געוואלט זיך אליין ערקלערען; איצט האָט פאר איהם אלעס אין לעבען געשיינט אזוי איינפאך און קלאהר און אלעס

האָט זיך אזוי דייטליך געלאָזט ערקלעהרען דורך די פערהעלטניסע, אין וועלכע ער געפינט זיך.

פריהער איז פאר איהם געווען וויכטיג און נויטווענדיג דער־שטרעבען צו לעבען אין איינינקייט מיט דער נאטור און מיט די פילאזאפען און פאעטען, וועלכע האָבען שוין פ א ר איהם גע דיינקט, געפיהלט און דורכגעמאכט אלעס; איצט האָט ער געפונען גאָר פאר וויכטיג און נויטיג די געזעלשאפטליכע איינריכטונגען און האָט געזוכט געמיינשאפטליכקייט נור מיט גוטע ברידער.

פריהער האָט זיך איהם א פרויענצימער פארגעשטעלט אלס עטוואס געהיימעס און מילדעס, — א מילדעס וועזען נעמליך דורך דיעזער געהיימליכקייט; איצט האָט פאר איהם יעדע פרוי, אויסער פון זיין פאמיליע און פרויען פון זיינע פריינד, געווען א בעשטימטע זאך: זי איז פאר איהם געווען איינע פון די בעסטע לוסט־מיט־לען, וועלכע ער האָט שוין היבש פערזוכט.

דאן האָט ער קיין געלד ניט בעדארפט און האָט געקענט אויסקומען אפילו מיט א דריטעל פון דעם געלד, וואס די מוטער האָט איהם געגעבען, און דערפאר האָט ער אויך געקענט אָבזאָגען זיך פון דעם פאטער׳ס ירושה און אוועקגעבען זי צו די פויערים; אבער איצט זיינען פאר איהם געווען ווייניג די 1500 רובעל א מאָ־נאט, וואס ער בעקומט פון דער מוטער, און עס זיינען אפילו דורך דעם שוין ארויסגעקומען אונאנגענעהמע סצענעס צווישען איהם און איהר.

דאן האָט ער גערעכענט פאר זיין א י ך זיין גייסטיגעס וועזען, זיין נשמה, איצט אבער איז זיין א י ך קיין אנדערעס, ווי דער געזונדער, טהירישער, מגושם׳דיגער א י ך.

און דיעזע שרעקליכע ענדערונג איז אין איהם פערגעקומען, בלויז דערפאר, ווייל ער האָט אויפגעהערט גלויבען ז י ך, און האָט אנגעהויבען גלויבען אין דאָס, וואס אנדערע הייסען. און אויפ־געהערט אין זיך גלויבען און אנגעהויבען גלויבען אין אנדערע האָט ער דערפאר, ווייל עס איז געווען זעהר שווער צו לעבען, גלויבע־דיג זיך אליין.

גלויבענדיג זיך, האָט ער געמוזט יעדע פראגע לייזען אָפּט געגען זיין טהירישעם  א י ך, וועלכעס זוכט נאר לייכטע תענוגים ; גלויבענדיג אבער אנדערע, איז גאר ניט געווען וואס צו לייזען, דער־פאר ווייל אלע פראגען זיינען שוין לאנג געלייזט, און געלייזט גע־גען דעם גייסטיגען און פאר דעם טהירישען איך. דאצו נאָך, גלוי־בענדיג זיך, איז ער שטענדיג געווען אין לייטישע מיילער, זיי האָ־בען איהם שלעכט בערעדט ; גלויבענדיג אנדערע, האָבען איהם אלע זיינע ארומיגע געלויבט.

אזוי, ווען נעכליודאוו האָט געדיינקט, געלעזען, גערעדט ווע־גען וואהרהייט, גאָט, רייכטהום, ארמוטה, — פלעגען אלע ארומיגע איהם אנקוקען ווי עפּעס אויסען וועג, ער איז ביי זיי אויסגעקומען לעכערליך, אפילו זיין מוטער און די טאנטעס פלעגען איהם ליעב־ליך א שטאָך טאָהן „אונזער ליעבער פילאזאף“ ; איצט אבער, ווען ער האָט געלעזען ראמאנען, האָט דערציילט פּיקאנטע מעשה'לעך, האָט בעזוכט דעם פראנצויזישען טהעאטער מיט זיינע לעכערליכע וואָדעווילען און האָט איבערדערציילט, וואס דאָרט איז פארגעקומען, האָבען אלע איהם געלויבט און צוגעגעבען נאָך מעהר חשק.

דאן, ווען ער האָט גערעכענט פאר נויטיג בעגרענצען זיינע אויסגאבען, בעמעסיגען זיינע פאדערונגען, האָט געטראגען אן אל־טען מאנטעל, האָט ניט געטרונקען קיין וויינען, האָבען איהם אלע גערעכענט פאר א זאנדערבארען מענשען, עפּעס פאר איינעם וואס וויל זיך אויספיינען מיט זיין ווילדקייט, — און איצט, ווען עה האָט אויסגעגעבען מאסען געלדער אויף יאגד, אויף איינצוריכטען זיך אן אויסערגעוועהנליך־רייכען קאבינעט א. ז. וו., האָבען איהם אלע געלויבט אין הימעל און האָבען איהם געשיינקט די טהייער־סטע מתנות.

דאן, ווען ער איז נאָך געווען אונשולדיג, ריין, אונבעריהרט און האָט געוואלט אזוי בלייבען ביז דער חתונה, האָבען זיינע פערוואנדטע מורא געהאט, עס זאל איהם חס־וחלילה ניט שאדען צום געזונד, און אפילו די מוטער איז דערנאָך זעהר־גערן געווען,

ווען זי האט זיך דערוואוסט, אז ער איז ווירקליך געווארען א מאנספערזאן, וואס א מאנספערזאן הייסט, און האט עפּעס ביי א חבר זיינעם פון אונטערן נאז ארויסגענארט זיינע א פראנצויזישע דאמע.

וועגען דער געשיכטע מיט קאטיושען, וועגען דעם, אז איהם קען אפשר ארויפקומען אויפ'ן זינען חתונה צו האבען מיט דיעזער מיידעל, וועגען דעם האט די גרעפין ניט געקענט א טראכט טאהן און זי זאל ניט ציטערן מיט'ן גאנצען קערפּער פאר איהם.

דאס גלייכען איז אויך געווען אין דעם פאל פון שיינקען די ירושה צו די פויערים, ווען ער איז ארויס אין זיין אייגענעם רשות און האט גערעכענט, אז ער האט קיין רעכט ניט צו בעזיצען אייגענטהום און לאנד. דיעזער שריט זיינער האט דערשראקען די מוטער און אלע זיינע קרובים און מען האט וועגען דעם ניט אויפגעהערט צו ריידען און צו רייצען איהם אימער מיט פארווירפע און שטעכווערטלעך.

אלע זיינע פערוואנדטע האבען פון איהם געמאכט חוזק דאן; זיי פלעגען איהם ניט אויפהערען צו דערצעהלען, אז די פויערים, וועלכע האבען בעקומען פון איהם צו שטיקער לאנד, זיינען דערפון ניט נאר ניט רייכער געווארען, זאנדערן נאך ארעמער, ווארום זיי האבען גלייך געמאכט דריי שיינקען אין דארף און האבען נאר געשיכורט און אין גאנצען אוועקגעווארפען ארבייטען.

דערפאר אבער, ווען ער איז אריינגעטראטען אין גווארדיע אלס אפיציער און האט אנגעהויבען א לעב צו טאהן מיט גוטע־ברידער אזוי, אז די גרעפין האט שוין געמוזט אנריהרען איהר גרונד־קאפיטאל איבער זיינע פערשווענדונגען און קארטען־שפּיעלעריי האט זי גאר זיך ניט געוואונדערט און האט זיך צופיעל פון דעב דאס לעבען ניט גענומען, דען זי האט דאך געוואוסט, אז אן אנשטענדיגער יונגער מענש דארף זיך אזוי פיהרען און אזעלכע שוואכקייטען זיינען א מעלה אין דער הויכער געזעלשאפט.

לכתחילה האט נעכליודאוו זיך שטארק געראנגעלט געגען אזא לעבען, אבער עס איז געווען א צו שווערער קאמפף; דען דאס וואס ער האט גערעכענט פאר גוט, גלויבענדיג זיך, האבען אנדערע

גערעכענט פאר שלעכט, און פערקעהרט, דאָס וואס ער האָט גע־רעכענט פאר שלעכט, האָבען אנדערע גערעכענט גראדע פאר גוט. און ענדליך, האָט זיך נעכליודאוו אונטערגעגעבען: ער האָט אויפ־געהערט צו גלויבען זיך און האָט אנגעהויבען גלויבען אין דעם, וואס אנדערע זאגען.

איהם איז אפילו אויף דער ערשטע צייט געווען זעהר אונאנ־גענעהם צו פיהרען דעם נייעם ארט לעבען, אבער דיעזע אונאנגע־נעהמליכקייטען האָט זעהר לאנג ניט געדויערט, און דערנאך האָט זיך נעכליודאוו צוגעוואהנט און האָט מעהר ניט געפיהלט אונאנ־גענעהם; פערקעהרט, ער האָט דערפיהלט א גרויסע ערלייכטע־רונג אין זיין לעבען.

מיט דער גאנצער ליידענשאפט פון זיין נאטור האָט זיך שוין נעכליודאוו דערנאך איבערגעגעבען דיעזען ארט לעבען, וועלכער איז אלעמען אזוי געפעהלען געווען; די שטימע, וועלכע האָט אין איהם געפאדערט עטוואס אנדערעס, איז ביסלעכוויים פערטויבט געווארען. אנגעפאנגען האָט ער דיעזען לעבען נאך דעם ווי ער איז געקומען אין פעטערסבורג און האָט זיך איהם איבערגעגעבען אין גאנצען, ווען ער איז אריינגעטראטען אין מיליטער־דינסט.

אין דיעזען פעריאד פון זיין לעבען האָט נעכליודאוו דערפיהלט זיך גליקליך, זייענדיג איין מאָל פאר אלע מאָל פריי פון אלע מאָ־ראל־פפליכטען און הינדערניסע, וועלכע ער האָט זיך פריהער אליין געבילדעט, און ער האָט זיך וואהנזיניג איבערגעגעבען אהן אויפ־הער, צו בעפרידיגען זיין נידריגען עגאָאיזמוס.

אין אזא צושטאנד האָט ער זיך איינגעפונען ווען ער איז, נאך דריי יאהר אבוועזענהייט, וויעדער געקומען צו די טאנטעס צום בעזוך.

14.

אריינגעפאהרען איז נעכליודאוו צו זיינע טאנטעס איצט, ווייל עס איז, ערשטענס, איהם אזוי אויסגעקומען ביים וועג; צוויי־טענס, האָבען איהם די טאנטעס געבעטען אזוי, און הויפטזעכליך האָט זיך איהם טאקע געגארט זעהן קאטיושא.

עס קען זיין, אז טיעף אין הארצען האָט זיך ביי איהם שוין געהאט פער׳גנב׳עט א בייזער פערלאנג געגען קאטיושא, זיין אויס־געלאסענהייט האָט איהם דאצו איצט געמוזט טאקע אנרייצען, ער האָט אבער אליין דערפון קלאָהר ניט געוואוסט; עס האָט זיך איהם נאר איינפאך געוואלט זיין נאך א מאָהל אין די פלעצער, וואו ער האָט זיך געפיהלט אזוי גוט מיט עטליכע יאהר צוריק, דאצו אויך זעהן זיך מיט די טאנטעס, וועלכע האָבען איהם אלע מאָל אזוי געליעבט און געצערטעלט און נאך א מאָהל זעהן די ליעבליכע קאטיושא, וועלכע האָט אין איהם איבערגעלאזען אזא אנגענעהמע ערינערונג.

געקומען צופאהרען איז ער ענדע מערץ, פאר פסח, די רעכ־טע צייט, ווען דער שנעע שמעלצט און די אייז הויבט אָן צו לאזען און די וועגען ווערען פערפלייצט; ער איז געקומען א׳ן אויסגעווייק־טער פון רעגען און צופראָרענער פון קעלט, אבער ער איז געווען דאָך פריש, ערדעגט און לעבעדיג, ווי ער האָט זיך איבערהויפט געפיהלט אין דיעזער צייט.

„איז זי נאך ביי זיי?" — איז איהם דורכגעפלויגען די פראגע דורכ׳ן מוח, ווען ער איז צוגעפאהרען צו דעם ברייטען גאניק פון דעם גוט־בעקאנטען הויז. ער האָט ערוואַרטעט, דאס ווי זי וועט דערהערען זיין גלעקעל וועט זי דאך מסתמא ארויסלויפען איהם ענטגעגען, אבער ער האָט נאר געזעהן צוויי באָרפוסע פויערטעס, ארויסגעהענדיג פון הויז מיט עמערס נאך וואסער. זיי וואשען וואהרשיינליך די דילען. זי איז ניט ארויס איהם ענטגעגען; עס איז איהם נאר געקומען בעגעגענען דער אלטער לאקיי טיכאָן אין א פארטוך, אויך מסתמא אין מיטען אן ארבייט עפעס פון רייניגען. אין פאדערצימער איז איהם ארויס ענטגעגען די טאנטע סאפיא איוואנאָוונא אין א זיידענעם קלייד מיט א צעפיק.

— געקומען, ליעבינקער, דאס איז פון דיר גוט — האָט זי זיך דערפרעהט, קושענדיג איהם. — די טאנטע מאשע איז עפעס ניט גאנץ אין גאנצען. מיר זיינען נאר וואס געקומען פון קלויסטער.

עס איז דאָך פאַר דער הייליגער פּאסכא און מיר זיינען געווען בע־העפטעט זיך צו זיין הייליגען נאָמען.

— גראַטולירע, טאַנטע סאָניע, — האָט ניעבליודאַוו געענט־פערט, קושענדיג איהר האַנד — פערצייהעט, איך האָב אייך דער־וויל פערנעצט.

— געה אין דיין צימער, ביזט דאָך אין גאַנצען נעבעך דורכ־געווייקט... און א פּאָר וואַנצעס דו האָסט עס שוין... קאַטיושאַ !. קאַטיושאַ ! מאַך שוין די קאַפּע פערטיג פאר איהם.

— באַלד ! — האָט זיך דערהערט א בעקאַנטע, אנגענעהמע שטימע פון קאַרידאָר. ביי ניעכליודאַוו'ן האָט א צופּ געטאָהן דאָס האַרץ. „זי איז דאָ !" פאַר איהם איז עס געווען אזוי ווי די זונן וואָלט זיך מיט איין מאָל ווייזען פון צווישען די וואָלקענס, און ער איז גאַר מיט אַן אַנדער שמחה געגאַנגען נאָך דעם אַלטען טיכאָן, וועלכער האָט איהם געפיהרט צו זיין צימער איבער צוטאָהן זיך.

איהם האָט זיך זעהר געגלוסט נאַכצופרעגען זיך ביי טיכאָנען וועגען קאַטיושען : וואָס מאַכט זי ? ווי לעבט זי ? צו האָט זי אָפּט מאָל ניט חתונה ? אבער טיכאָן איז געווען אזוי העפליך און אין דערזעלבער צייט שטרענג, און האָט געפאָדערט מיט אזא שטאַרקייט, אז ער וועט אַליין אויפגיסען דעם באַרין אויף די הענד דאָס וואַסער, דאָס ניעכליודאַוו האָט זיך ניט ענטשלאָסען צו פרעגען איהם וועגען קאַטיושען, און האָט זיך ביי איהם ליעבערשט נאַכגע־פרעגט וועגען זיינע אייניקלעך, וועגען דעם הונד פּאָלקאָן און וועגען זיין ברודער'ס זשערעבעץ.

— וואָס זאָלען זיי מאַכען ? דאַנקען גאָט, אַלע לעבעדיג און געזונד, אויסער פּאָלקאַנען ; דער הונד איז נעביך משוגע געוואָרען פאַר א יאָהרען זומער און האָט קראַפּירט.

אראָבוואַרפענדיג זיינע נאַסע קליידער און נאָר וואָס אנפאַנ־גענדיג זיך אנצוציהען, האָט ניעכלודאָוו דערהערט טריט אין קאָרידאָר, און באַלד אויך א קלאַפּ אין טיהר. ער האָט דערקענט די טריט און אויך דעם קלאַפּ אין טיהר. אזוי איז געגאַנגען און אזוי האָט געקלאַפּט נאָר זי.

ער האָט ארויפגעכאפּט אויף זיך זיין נאסען שינעל און איז צו־געגאנגען צום טיהר.

— קומט אריין!

דאָס איז געווען זי, קאטיושא. גאר די זעלביגע, — נאָך ליעב־ליכער אלס פריהער. די שווארצע, קרימליכע אויגען האָבען אלץ אזוי ווי אמאָל געקוקט פון אונטען ארויף, שמייכלענדיג נאאיוו, גאר אזוי ווי אמאָל, אינ'ם זעלביגען רייניגקען, ווייסינקען פארטוכעל.

זי האָט עס געבראכט פון די טאנטעס א שטיק פרישע פּער־פיום־זייף, נאר וואס אויסגעוויקעלט פון שעהנעם פּאַפּיער, און צוויי האנדטיכער: איינעם א גרויסען און איינעם א פּוכיגען, ווייכען. אלעם האָט געשמעקט מיט אזא זויבערקייט, פרישקייט און ריינ־קייט, די נאָך ניט געריהרטע שמעקענדע זייף, די רייניגקע האנדטי־כער און זי אליין — אלעס אזוי אנגענעהם.

איהרע ליעבליכע, רויטע, פולע און הארטע ליפּען האָבען זיך אלץ אזוי געקנייטשט, ווי אמאָל, ווען זי פּלעגט איהם דערזעהן; דאס איז געווען פון פרייד, פון גליק, וועלכע זי האָט ניט געקענט בעהאלטען.

— מיט ליעב אייער קומען, דמיטרי איוואנאוויטש — האָט זי קוים ארויסגערעדט, ווען זי איז אריין, און איהר גאנצער פּנים האָט זיך בעגאסען מיט א רויטקייט.

— וואס מאכסט... וואס מאכט איהר, — האָט ער אנגעהויבען, ניט וויסענדיג, צו זאָל ער דו'צען, צו איהר'צען. ער איז אויך רויט געווארען, אזוי ווי זי. — זייט איהר געזונד? לעבט איהר?

— גאָט זיי דאנק... אט דאס האָט אייך די טאנטע געשיקט די זייף, וועלכע איהר האָט אימער האָלט געהאט, די ראזע זייף — און זי האָט אוועקגעלייגט די האנדטיכער און די זייף אויפ'ן הענטעל פון קרעסלע.

— דאנקט דער טאנטע. אך, ווי בין איך צופרידען, וואס איך בין געקומען—האָט ניעכלודאָוו געענטפערט, פיהלענדיג ווי ליכטיג און ליעבליך עס ווערט איהם אויפ'ן הארצען, גאר אזוי ווי אמאָל, ווען ער איז דאָ געווען.

זי האָט נאר ליעב א שמייכעל געטאָן אלס אנטווארט אויף דיעזע ווערטער, און איז גלייך ארויסגעגאנגען.

די טאנטעס, וועלכע האָבען אימער היים געליעבט ניעבליור־דאָוו׳ן, האָבען איהם דיעזען מאָהל בעגעגענט נאָך מיט מעהר פרייד אלס געוועהנליך. דמיטרי איז דאס איצט געפאהרען צו זיין פאָלק, וועלכער דארף געהן גלייך אין מלחמה און, ווער ווייס, ער קען נאָך פערוואונדעט ווערען אדער גאר פאלען טויט אין שלאכט. דאס האָט געריהרט די טאנטעס.

ניעבליודאוו האָט אזוי איינגעטהיילט זיין נסיעה, אז איהם זאל אויסקומען צו זיין ביי די טאנטעס נאר איין מעת־לעת; ווי ער האָט אבער דערזעהען קאטיושען, האָט ער איינגעוויליגט צו זיין מיט די טאנטעס איבער פאסכא, וועלכע דארף זיך אנהויבען אין צוויי טעג ארום.

ער האָט דערפאר טעלעגראפירט זיין קאָלעגע און גוטען פריינד שענבאָק, מיט וועלכען ער האָט געדארפט צונויפקומען זיך אין אדעסס, אז ער וועט פערוויילען נאָך עטליכע טעג און אז שענבאָק זאל אויך אריינפאהרען צו די טאנטעס.

שוין פון דעם ערשטען טאָג אָן, ווי נעכלודאָוו האָט וויעדער דערזעהן קאטיושא׳ן, האָט ער געפיהלט דאס זעלביגע, וואס ער האָט געפיהלט אמאָל צו איהר. ער האָט איצט אויך עבען אזוי ווי אמאָל ניט געקענט זעהן איהר ווייסען שירץ און ער זאל ניט צוטומעלט ווערען; ווי נאר ער דערהערט איהרע טריט פון ווייטען, אזוי הויבט אן, ווי אמאָל, זיין הארץ טאנצען פון פרייד.

ווי אנגענעהם איז איהם געווען צו הערען איהר שטימע, איהר געלעכטער און וואס פאר א חיות ער האָט געפיהלט אין הארצען, ווען ער האָט געקוקט אין איהרע אויגען — שווארצע און גלאנ־ציגע, ווי נאסע שווארצע קארשען, און בעזאנדערס נאָך ווען זי שמייכעלט. ער האָט בשום אופן ניט געקענט זעהען, ווי זי ווערט רויט, ווען זי בעגעגענט זיך מיט איהם, און ער זאל אליין בשעת מעשה ניט שעהמענדיג ווערען.

ער האָט געפיהלט, אז ער איז פערליעבט, נאר דאָך ניט אזוי

ווי אמאָל, ווען דיעזע ליעבע איז פאר איהם געווען א געהיימנים און ער האָט דאן זיך אליין ניט געוואגט אויסצוזאגען, אז ער ליעבט זי, — דאן, ווען ער האָט נאך געגלויבט, אז א י י ן מאָל קען מען נאר ליעבען. איצט אבער איז ער געווען פערליעבט, וויסענדיג אפען אז ער ליעבט און הנאה האָבענדיג פון דעם וואס ער ווייס, — ער ווייס אין וואס עס בעשטעהט די ליעבע און וואס פון איהר קען ארויסקומען, אבוואהל ער וויל עס אליין בעהאלטען פון זיך.

אין נעכלודאָוו'ן, אזוי ווי אין אלע מענשען, זיינען געזעסען צוויי מינים מענשען. איינער א גייסטיגער, וועלכער האָט געזוכט פאר זיך אזא מין פערגעניגען נאָר, וועלכער זאל טוהן גוטעס אוי־ אנדערע מענשען; דער צווייטער, א טהירישער מענש, און דיעזער האָט געזוכט נאר אליין הנאה צו האָבען, און פון דיעזער הנאה ווע־ גען וואלט איהם ניט געארט אפילו, אז די וועלט זאל זיך אונטער־ געהן.

אין דעם צושטאנד פון אזא משוגעת פון עגאָאיזמוס, וועלכען זיין לעבען אין פעטערבורג און אין מיליטער־דיענסט האָט אין איהם ערוועקט, האָט אין איהם אין גאנצען געהערשט דער טהירי־ שער מענש און האָט זיך אונטערטהעניג געמאכט דעם גייסטיגען מענשען.

נאָר איצט, ווען ער האָט דערזעהן קאטיושא און ווידער דערפיהלט דאס זעלביגע, וואס ער האָט איבערגעלעבט דאן, האָט דער גייסטיגער מענש אין איהם אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האָט אנגעהויבען צו פאָדערן זיין רעכט.

אין דיעזע צוויי טעג פאר די פייערטעג האָט נעכליודאוו אי־ בערגעלעבט א שווערען קאמפף, וועלכער איז אהן אויפהער פארגע־ קומען אינערליך אין איהם, אבוואהל ער האָט זיך עס אליין ניט ערקלערט.

ער האָט גאנץ גוט געוואוסט ביי זיך אין הארצען, אז ער האָט דאָ ניט וואס צו פערברייגגען ביי די טאנטעס, אז ער דארף פון דא־ נען אוועקפאהרען; ער האָט געוואוסט, אז פון זיין בלייבען דאָ איבער די פייערטעג וועט קיין גוטס ניט ארויסקומען. איהם איז

אבער געווען אזוי צום הארצען דאָ און אזוי אנגענעהם, אז ער האָט זיך אליין וועגען דעם פערשווייגען און איז געבליעבען.

שבת אווענד, ערב דעם „ליכטיגען־כריסטוס־זונטאג“, איז דער פּאָפּ צוזאמען מיט דעם דיאקאָן, דורך די בלאָטעס און פערפלייצונ־גען קוים דערקראָכען, צו פּראווען דעם פריה־מאָרגען געבעט.

נעכליודאוו איז געשטאנען, וועהרענד דאס געבעט, די גאנצע צייט, צוזאמען מיט די טאנטעס און מיט דער גאנצער דינערשאפט, און ער האָט די אויגען ניט אראָבגענומען פון קאטיושא, וועלכע איז געווען בעשעפטיגט מיט דערלאנגען דעם גלח די רויכערדיגע וויי־רוך. ער האָט זיך געזעגענט מיט די טאנטעס און מיט דעם גלח און האָט שוין געוואלט געהן שלאָפען; ער האָט אבער דערהערט, ווי די אלטע מאטרענא פּאוולאָוונא — די גאָרניטשנע פון זיין טאנטע — צוזאמען מיט קאטיושא'ן קלייבען זיך צו געהן אין קלויסטער, דער גלח זאל דארט בעשפּריצען מיט הייליגען וואסער די געבעקס אויף פּאסכא:

„איך וועל מיט זיי מיטפאהרען“, — איז איהם ארויף אויפ'ן געדאנק.

דער וועג צום קלויסטער איז געווען איצט אן אונמעגליכער דורכצופאהרען ניט אויף א שליטען און ניט אויף א וואָגען, נעכליר־דאָוו האָט געהייסען אנזאטלען זיך א רייט־פערד, און, אנשטאט צו לייגען זיך שלאָפען, האָט ער אנגעצויגען אויף זיך זיין פּאראדנעם מונדיר, האָט אנגעטאָהן די שפּארען מיט אלע פּיטשעווקעס, ווי צו א פּאראדנעם מארש, האָט זיך געזעצט רייטענדיג אויף דעם אלטען, שווערען און פעטטען זשערעבעץ, וועלכער האָט ניט אויפגעהערט צו הירזען, און איז אוועקגעריטען דורך שנעע און בלאָטע צום קלויסטער.

## 15.

יענער פריה־מארגען געבעט איז דערנאָך אויף דעם גאנצען לעבען פערבליבען די אנגענעהמסטע און ליכטיגסטע עראינערונג אין דעם זכרון פון נעכלודאָוו'ן.

ווען ער האָט אריינגעריטען אינ'ם הויף פון קלויסטער, וועל־

כער איז געווען בעלויכטען ארום און ארום מיט לעמפעלעך האָט זיך שוין דאס גאַטעס דיענסט אנגעפאנגען.

די פויערים האָבען דערקענט מאריא איוואנאָוונא'ס פלימעניק און זיי האָבען גענומען זיין פערד פאר'ן צאם, האָבען איהם ארויפגעפיהרט אויף א טרוקענעם שטיקעל פלאץ, האָבען איהם צוגעבונדען און האָבען נעבליודאוו'ן אריינגעפיהרט אין קלויסטער.

אין קלויסטער איז געווען פול מיט עולם, אלע יו"ט'דיג פערפוצט. פון דער רעכטער זייט זיינען געשטאנען פויערים: אלטינקע אין קאפטאנעס פון אייגענע ארבייט, און אין ווייסינקע אָנוצעס אויף די פיס, מיט נייע לאפטיעס; יונגע אין נייע, געווענטענע קאפטאנעס, אונטערגעגארטעלט מיט בונט־פערביגע גארטלען און אין שטיוועל.

לינקס — פויערטעס אין רויטע, זיידענע טיכלעך אויף די קעפּ, אין פּליסענע פּאַדדיאָווקעס, מיט בונט־רויטע ארבעל און אין בלויע, רויטע, גרינע און העל פארביגע קליידלעך און האלבע שטיוועלעך אויף די פיס, מיט פּאַדקאָוועס אויף די קנאפּעל.

אלטינקע פויערטעס אין ווייסע טיכלעך אויף די קעפּ, גרויע קאפטאנעס און אין נייע לאפטיעס. צווישען די יונגע און די אלטע זיינען געשטאנען די קינדערלעך, אויסגעפוצטע מיט זייערע גלאנציגע פערקאמטע קעפּלעך.

די פויערים האָבען זיך געבוקט און גע'צלמ'ט, צו יעדער בויג א טרייסעל מיט די האָר; פרויען, בעזאנדערס די אלטע, מיט מאטע אויגען, האָבען ניט אויפגעהערט צו קוקען אויף דעם בילד פון דער הייליגער מאריע, מיט ליכט ארום, און זיי זיינען געפאלען אויף די קניע, שעפּצענדיג עפּעס שטילינקערהייט.

די קינדער, קוקענדיג אויף אלעמען, האָבען אויך געבעטען און גע'צלמ'ט זיך, בעזאנדערס, ווען זיי האָבען געזעהען, אז מען קוקט אויף זיי. ארום די גרויסע הייליגע בילדער האָבען געברענט פיעלע ליכט, ארומגעוויקעלטע מיט גאלדענע פעדים. די פרייוויליגע העלפער האָבען געזונגען די תפילות מיט זייערע גראָבע באס־שטימען און דינינקע דיסקאנטען.

נעבלויודאוו איז ארויף העכער. אין מיטען קלויסטער איז גע־שטאנען די אריסטאקראטיע. א גוט־בעזיצער מיט זיין פרוי און מיט זיין זוהן, אין א מאטראזען־יאקע; דער סטאנאָוואָי, א טעלעגרא־פיסט, א קופּעץ אין א פּאָר שטיוועל מיט גלאנציגע כאליאוועס, דער סטארשינא מיט א גרויסען מעדאל אויפ'ן ברוסט. הינטער דער פּאָמעשציצע איז געשטאנען מאטרענא פּאוולאָוונא, אין א דונ־קעל־בלויע קלייד און מיט א ברייטע ווייסע טוך אויף די שולטערן, און לעבען איהר קאטיושא אין א ווייסען קלייד מיט קנייטשעלעך ביים טאליע, מיט א בלויען גורט און א רויטען שלייף אויף דעם שווארצען קאָפּ.

אלעם איז געווען יו"ט'דיג, בעגייסטערענד, פרעהליך און שעהן; דער גלח אין זיין זילבערנע ריזע, אויסגענעהט מיט גאל־דענע צלמים'לעך, דער דיאקאָן, דער דיאטשאָק אין זייערע יו"ט־דיג־הייליגע אויבערציהערס און די פּריוויליגע זינגער מיט זייערע גלאנציגע מיט אויל בעשמירטע קעפּ, אוסגעפּוצט אין נייע קליידער, זייער געזאנג, די קאלירטע ליכט מיט גאלד בעפּוצט, און די שטענ־דיגע הארציגע אויסגעשריען: „כריסטאָס וואָסקרעס!" דאס אלעם איז געווען הערליך שעהן. נאר שעהנער פון דעם אלעם איז געווען קאטיושא אין איהר ווייסען קלייד מיט דעם רויטען שלייפעל אויף דעם שווארצען קאָפּ און מיט איהרע גלאנציג־שווארצע אויגען, וועלכע האָבען געבליצט מיט פריידע און גליק.

נעכלודאָוו האָט געפּיהלט, אז זי האָט איהם געזעהן, ניט ארומ־קוקענדיג אפילו. ער האָט דאס געזעהן, ווען ער איז פארבייגע־גאנגען פערביי איהר נעהענטער צום אלטאר. ער האָט אייגענטליך ניט געהאט וואס צו זאגען איהר. ער האָט אבער געפונען עפּעס א'ן איינפאל און קומענדיג נעהענטער צו איהר, האָט ער געזאגט שטיל:

— די טאנטע האָט געזאגט, אז זי וועט זיך אפּפאסטען ערשט נאָך דעם מיטאגס־געבעט.

דאס יונגע בלוט האָט זיך צוגאסען איבער איהר גאנצען ליעב־ליכען געזיכט, ווי אימּמער, ווען זי פלעגט איהם דערזעהען, און

איהרע שווארצע אויגען, איבערפילט מיט פרייד, האָבען אויף איהם נאַאיוו געקוקט פון אונטען ארויף, ווי איהר שטייגער איז געווען.

— איך וויים, — האָט זי שמייכעלדיג געענטפערט.

אין דיעזער מינוט איז דער דיאטשאָק פערביינגעגאנגען מיט זיין קופּערנע פושקע שטופּענדיג זיך צווישען עולם, ער האָט ניט בעמערקט קאטיושען און האָט פערצעפּעט איהר קלייד מיט זיין הייליגען כאַלאַט. וואהרשיינליך איז דאס געווען דערפאר, ווייל דער דיאטשאָק האָט אויס אכטונג, צו נעכליודאוו׳ן מורא געהאט, ער זאָל איהם ניט אנריהרען און האָט דערוייל אונגערן אנגעריהרט קאטיוּ־שאַ׳ן.

נעכליודאוו האָט אבער אויף איהם אַ קוק געטאָהן פערוואונ־דערט, ווי אזוי קען ער, דיעזער דיאטשאָק, ניט בעמערקען ז י? ווי פערשטעהט ער דאס ניט אז אלעס וואס דא טוט זיך ארום און ארום און אלעס וואָס עס טוט זיך אויף דער גאנצער וועלט — איז נאר פון איהר ט׳וועגען, פון קאטיושא׳ס וועגען! פער־בייגעהן און ניט בעמערקען זי? מען קען אלעס פערבייגעהן אונ־בעמערקט, אבער ז י — זי איז דאך דער מיטעל־פּונקט פון אלעס, וואס עס עקזיסטירט.

אזוי האָט זיך געדוכט נעכליודאוו׳ן, ווען ער האָט געקוקט אויף איהר שלאַנקער פיגור און ווייסען קלייד מיט די קרויזעלעך און אויף איהר ליכטיגען פּנים, אין וועלכען ער האָט געלעזען דייט־ליך, אז דאסזעלבע זיסע ליעד, וואס זינגט זיך ביי איהם אין האר־צען, זינגט זיך אויך אין איהר הארצען.

ווען נעכליודאוו איז ארויסגעגאנגען פון קלויסטער צווישען דאס ערשטע און דאס צווייטע גאָטעס־דינסט, האָבען אלע בעטלער־דע פאר איהם געמאכט אַ ווארע און האָבען צו איהם אַ בייג געטאָהן זיך. מאנכע האָבען איהם דערקענט; אנדערע האָבען געפרעגט: „ווער איז ער?“ אויף די טרעפּלעך האָט ער זיך אבגעשטעלט. בעטלער זיינען איהם בעפאלען; ער האָט זיי צוטהיילט דאס קליינ־געלד, וואס ער האָט ביי זיך געהאט, און איז אראבגעגאנגען.

עס האָט שוין געהאט אנגעהויבען צו טאגען, נאר די זון איז

נאָך ניט ארויס. ארום קלויסטער, אויף די בערגלעך פון קברים, האָט זיך צוזעצט דער עולם. קאטיושא איז נאָך געבליעבען אין קלויסטער און נעכליודאוו איז געבליעבען ווארטען אויף איהר.

פון קלויסטער זיינען אלץ ארויסגעגאנגען און ארויסגעגאנגען מענשען, זיינען אראב די טרעפּלעך און האָבען זיך צושאטען אין אלע זייטען, איבערן הויף און אויפ׳ן מאהילניק.

אן אלטער אויסגעדינטער קאנדיטאָר פון נעכליודאוו׳ס טאַנטע, האָט זיך אבגעשטעלט לעבען נעכליודאוו׳ן, זיין קאָפּ האָט זיך געטרויסעלט, און ער האָט זיך כריסטאָסעוועט מיט זיין אלטער פריצ׳טעם פּלימעניק. זיין פרוי, א׳ן אלט־אלטינקע, מיט צורונצעלטע באקען, האָט ארויסגענומען פון א טיכעל א געלע איי און געגעבען נעכליודאוו׳ען.

באלד איז צו איהם אונטערגעגאנגען אויך א יונגער, פרעהליכער, קרעפטיגער פויער אין א נייע פּאָדדיאָווקע און א גרינעם קושאק.

— כריסטאס וואסקרעס, — האָט ער מיט א שמייכעלדיגער און פרעהליכער מינע זיך צוגערוקט מיט זיין מויל צו נעכלודאָוו׳ס געזיכט. האָט איהם מיט זיינע פרישע, שטארקע ליפען דריי מאָל א קוש געטאָהן אין רעכטען מיטען פון נעכליודאוו׳ס ליפען.

וועהרענד נעכליוזאוו האָט זיך צוקושט מיט דעם יונגען פויער און האָט פון איהם גענומען א דונקעל ברוינע איי, האָט זיך, ארויסגעהענדיג פון קלויסטער, געוויזען די דונקעל־בלויע קלייד פון מאטרענא פאוולאָוונא און די ליעבליכע שווארצע קעפּעלע מיט׳ן רויטינקען שלייפעלע.

זי האָט איהם באלד אויך דערזעהען, קוקענדיג איבער די קעפּ פון די ארויסגעהענדע און ער האָט אויך בעמערקט, ווי עס האָט אנגעהויבען צו לייכטען איהר געשטאלט, ווען זי האָט איהם דערזעהן.

זי איז ארויס צוזאמען מיט מאטרענא פאוולאָוונא און זיי טהיילען דאס איצט נדבות פאר די בעטלער. א בעטלער מיט אן וואונד אויפ׳ן מיטען צורה, אנשטאט א נאָז, איז צוגעגאנגען צו

קאטיושא. זי האָט פון טיכעל עפּעס ארויסגענומען, האָט איהם דער־לאנגט און האָט זיך צוגעבויגען נאכהער צו איהם און זאגענדיג „כריסטאָס וואָסקרעס“ האָט זי זיך מיט איהם צוקושט, ניט פּיה־לענדיג קיין אבשטויס דאביי.

און אקוראט דאן, ווען זי האָט זיך צוקוסט מיט דעם בעטלער, האָט זיך איהר בליק בעגעגענט מיט נעכלודאָוו׳ס, אזוי ווי זי וואָלט איהם פרעגען: איז גוט אזוי ווי זי טוהט?

„אזוי, אזוי, ליעבינקע, אלץ טוהסט דו גוט, אלץ שעהן און איך ליעב דיך דערפאר“, האָט איהר געענטפערט זיין בליק.

אָט זיינען זיי אראבגעגאנגען פון די טרעפּלעך פון קלויסטער, און ער איז צו איהר צוגעגאנגען. ער האָט ניט געמיינט צו כריסטא־סעווען זיך מיט איהר, נאר איהם האָט זיך געוואָלט זיין נעהענטער לעבען איהר.

— כריסטאָס וואָסקרעס! — האָט זיך צו איהם אבגערופען מאטרענא פּאוולאָוונא, מיט אזא קלאנג אין איהר שטימע, אזוי ווי זי וואָלט איהם בפירוש זאגען, אז היינט איז ניטאָ קיין אונטער־שיעד; אלע זיינען היינט גלייך, און זי האָט א רוק געטאָהן איהם אין צורה אריין איהר מויל, אָבווישענדיג פריהער דעמזעלבען מיט׳ן פאטשיילקע.

— וואָ־איסטינו וואָסקרעס! — האָט געענטפערט נעכליודאוו, און האָט זיך מיט איהר צוקושט.

ער האָט זיך איצט ארומגעקוקט אויף קאטיושא׳ן. זי האָט זיך אנגעצונדען, איז גלייך צוגעגאנגען צו איהם.

— כריסטאָס וואָסקרעס, דמיטרי איוואנאָוויטש.

— וואָאיסטינו וואָסקרעס! — האָט ער איהר געענטפערט, און זיי האָבען זיך צוויי מאָל צוקושט, און האָבען זיך אבגעשטעלט אזוי ווי זיי וואָלטען א טראכט טאהן, צו דארף מען נאָך, און ווי זיי וואָל־טען בעשלאָסען אין דער זעלבער סעקונדע אז מען דארף, האָבען זיי זיך נאך א דריטען מאָל צוקושט, און האָבען ביידע א שמייכעל גע־טאָהן.

— געהט איהר ניט צום גלח? — האָט א פרעג געטאָהן נעכ־ליודאוו.

— ניין, מיר בלייבען דא, דמיטרי איוואנאוויטש, א ווײלע זיצען, — האָט געענטפערט קאטיושא און האָט זיך אבגעאטהעמט, אזוי ווי נאך א לוסטיגער ארבייט מיט פולער ברוסט; זי האָט איהם געקוקט גלייך אין זיינע אויגען מיט איהרע געלאסענע, מילדע, מיידעלשע, ליעבליכע בליקען.

אין דער ליעבע צווישען א מאנספּערזאן און א פרויענצימער איז אימער דא איין מינוט, ווען דיעזער געפיהל גרייכט זיין העכ־סטען פונקט, ווען אין דיעזער ליעבע איז ניטא קיין בעוואוסטעס, דורכגערעכענטעס און מגושם'דיגעס.

דיעזע נאכט פון'ם ליכטיגען כריסטוס־זונטאג איז פאר נעכ־ליודאוו'ן געווען אזא מינוט, דער העכסטער פונקט פון זיין ליעבע. ווען ער האָט זיך איצט דערמאָנט אָן דער פערגאנגענהייט, אָן דער אמאליגער קאטיושא, האָט ער זי דאס געזעהען אין דער גע־שטאלט, ווי זי איז פאר איהם ערשיענען אין יענער מינוט און האָט פערדונקעלט אלע אנדערע מאָמענטען.

א שווארצען, גלאנציגען, גלאט־פערקאממטען קאָפּ, אין א ווייסע קלייד מיט קרויזלעך, וועלכע האָט אזוי מיידעלש־שעהן ארומגעצוי־גען איהר גלייכע טאליע און איהר ניט גאָר הויכע ברוסט, און די רויטליכקייט אין איהרע באקען, און די ווייכע, שווארצע, גלאנציגע קארשען־אויגען, און אין איהר גאנצעס וועזען האָבען זיך געפיהלט די צוויי אייגענשאפטען: די ריינהייט פון אונבעריהרטע ליעבע, און ליעבע ניט נאר צו איהם — ער האָט דאס געוואוסט — נאר צו אלעם און צו אלעמען, וואס עס איז נאר דאָ אין דער וועלט, אפילו צו יענעם בעטלער, מיט וועלכען זי האָט זיך צוקושט.

ער האָט געוואוסט, אז דיעזע ליעבע איז געווען אין איהר, דערפאר ווייל ער אליין האָט אין דיעזער נאכט, אין דיעזען פריה־מאָרגען געפיהלט דאס זעלביגע און אין איהם איז געווען דאס קלאָהה־רע בעוואוסטזיין, אז אין דיעזער ליעבע איז ער געווען צונויפגעגא־סען מיט איהר אין איינעם.

אך, ווען דאס אלעס וואלט געבליעבען אינ'ם צושטאנד פון יענעם געפיהל, וועלכען ער האָט דורכגעלעבט יענע נאכט! „דאָס שרעקליכע איז שוין דערנאָך געשעהן, נאָך דיעזער נאכט פון ליכטי־גען כריסטוס־זונטאג", — האָט ער זיך איצט געטראכט, זיצענדיג לעבען פענסטער אינ'ם צימער פון די געשווארענע, אין אקרוזשנאָי סוד.

16.

נאָך זיין אומקעהרען זיך פון קלויסטער האָט נעכליודאוו זיך אבגעפאסט צוזאמען מיט זיינע טאנטעס, און, אום צו שטארקען זיך אביסעל, האָט ער אויסגעטרונקען א שנאפּס און וויין, אזוי ווי מען איז געוועהנט געווארען דינענדיג אין רעגימענט און ער איז טאקע באלד אן אנגעטאָנענער איינגעשלאפען.

א קלאפּ אין טיהר האָט איהם אויפגעוועקט. נאָך דעם קלאפּ נאָך האָט ער דערקענט, אז דאס איז געווען זי; ער האָט זיך אויפ־געכאפּט, האָט אויסגעריבען די אויגען, האָט זיך אביסעל א ציה געטוהן און איז אויפגעשטאנען.

— קאטיושא, דו? קום אריין, — האָט ער געזאגט.

זי האָט אן עפען געטאָהן די טיהר.

— צום טיש רופט מען, — האָט זי געזאגט.

זי איז געווען אינ'ם זעלבען ווייסען קלייד, נאר אהן א שלייפעל אויפ'ן קאָפּ. א קוק טוהענדיג איהם אין די אויגען האָט א ליכטיג־קייט בעגאסען איהר געזיכט, אזוי ווי זי וואָלט איהם אנזאגען עפּעס א הימעלשע בשורה וועגען אונגעוועהנליכען גליק.

— איך געה גלייך — האָט ער געענטפערט און האָט גענומען דעם קעמעלע אום צו פערקאמען די האָר.

זי איז געשטאנען א מינוט אן איבעריגע. ער האָט עס בע־מערקט, און אוועקווארפענדיג דעם קעמעלע, האָט ער זיך א רוק גע־טאָהן צו איהר. אבער זי האָט אין דער זעלבער מינוט זיך שנעל

א קעהר געטאָהן און איז זיך אוועקגעגאנגען מיט איהרע געוועהנ־ליכע שריט דורכ'ן קאָרידאָר שנעל, לייכט.

„בין איך דאס א ביסעל א נאר" — האָט זיך א טראכט גע־געבען נעכליודאוו — פאר וואס האָב איך זי ניט געקענט צוהאלטען א ווייל ?"

און ער האָט זיך געלאזט לויפען נאך איהר איבער'ן קאָרידאָר און האָט זי דעריאגט. וואס ער האָט פון איהר געוואלט האָט ער אין דער מינוט אליין ניט געוואוסט. איהם האָט זיך אבער געדוכט, אז ווען זי איז אריין אין זיין צימער האָט ער עפּעס געדארפט טאָהן אזוי ווי אלע טוהען, און דאס האָט ער ניט געטאָהן.

— ווארט נאר אויף, קאטיושא, — האָט ער געבעטען.

זי האָט זיך אומגעקוקט.

— וואס איז ? — האָט זי א פרעג געטאָהן און האָט זיך אבגע־שטעלט.

— קיין זאך ניט, נאר אזוי...

און ער האָט ביי זיך גע'פועל'ט ווי עס איז, ער האָט זיך דער־מאָנט ווי אנדערע טוהען ביי אזעלכע געלעגענהייטען, בפרט מענ־שען אין זיין לאגע, און ער האָט ארומגעכאפּט קאטיושא'ן ביין טאליע.

זי איז געבליעבען שטעהן און האָט איהם גוט אנגעקוקט.

— ניין, דמיטרי איוואנאוויטש, מען דארף ניט, מען דארף ניט — האָט זי געשעפּטשעט מיט א געבעט, רויט ווערענדיג ביז טרע־רען, און מיט איהר שטארקער האנד האָט זי אפּגעצויגען זיין ארעם פון איהר טאליע.

נעכלודאָוו האָט זי געלאזען און ער האָט זיך אין דיזען אויגענ־בליק אליין פערשעהמט און האָט דערפיהלט אונאנגענעהם, מיאוס פאר זיך אליין.

ער האָט יעמאָלט געדארפט גלויבען זיך אליין ; אבער ער האָט ניט פערשטאנען, אז דיעזע אויגענבליקליכע שאנדע און אונבע־קוועמליכקייט זיינען די בעסטע געפיהלען פון זיין נשמה, וועלכע האָבען ארויסגעשיינט אויסערליך, און איהם האָט זיך גאר געדוכט,

אז דאס רעדט אין איהם זיין נארישקייט, אז מען דארף האָבען שכל צו טאָהן, ווי אלע טהוען אין אזעלכע פעלע.

ער האָט זי דעריאגט נאך אמאָהל, האָט זי ווייטער ארומגע־נומען און האָט זי א קוש געטאָהן אין פּאטילניצע. דיעזער קוש איז שוין געווען גאר ניט דער זעלביגער, ווי די ערשטע צוויי קושען: דער ערשטער אן אונבעוואוסטער, לעבען א מאיאָווען בלומען־קוסט און דער אנדערער היינט אין דער פריה ביים קלויסטער.

דיעזער קוש איז געווען אן אימה, און זי האָט עס דערפיהלט.

— וואס טהוט איהר אזוינס? — האָט זי אויסגעשריען מיט אזא ריהרענדער שטימע, אזוי ווי ער האָט דאָ אויף אימער פערניכ־טעט עפּעס טהייערעס און הייליגעס, און זי האָט זיך א ריס גע־טאָהן פון איהם און אוועקגעלאפען.

ער איז געקומען אין עסס־צימער. די יו"ט'דיג אויסגעפּוצטע טאנטעס, דער דאָקטאָר און די שכנה'שע גוטבעזיצערין זיינען געשטאנען לעבען טיש מיט די צוקער־געבעקס. אלעס האָט אויסגע־זעהען ווי געוועהנליך, נאר ביי נעכליודאוו'ן האָט אינווייניג גע־קאָכט א ים א גאנצער.

ער האָט כמעט קיין זאך ניט פערשטאנען פון דאָס, וואס מען האָט מיט איהם גערעדט, האָט געענטפערט ניט צו דער זאך און פון די גערעדקען איז איהם אלץ ניט ארוים קאטיושא, פיהלענדיג נאָך דעם טעם פון דעם לעצטען קוש, ווען ער האָט זי דעריאגט אין קאָ־רידאָר.

ער האָט וועגען קיין אנדער זאך גאָר ניט געקענט טראכטען. ווען זי פלעגט ארייגעהן אין עסס־צימער, האָט ער, ניט קוקענדיג אויף איהר, געפיהלט איהר אנוועזענהייט מיט זיין גאנצען קערפּער און האָט געמוזט מיט מיהע זיך צווינגען, איינצוהאלטען זיך ניט צו קוקען אויף איהר.

גלייך נאכמיטאג איז ער אוועק אין זיין צימער און איז אן אויפגערעגטער אומגעגאנגען, שפּאצירענדיג אהין און צוריק, צוהע־רענדיג זיך צו יעדער רויש אין שטוב און ווארטענדיג צו דערהערען איהרע שריט.

יענער טהירישער מענש, וועלכער האָט געלעבט אין איהם, האָט איצט ניט נאר דעם קאָפּ אויפגעהויבען, נאר האָט אנגעהויבען מיט די פיס שטארק צו בריקען און צו־צוטרעטען דעם גייסטיגען מענ־שען, וועלכער איז אין איהם געווען דער אויבער־הערר, ווען ער איז געקומען צופאהרען אהער און אין דער פריה, ווען ער איז געווען אין קלויסטער. און דיעזער שרעקליכער טהירישער מענש איז איצט גע־ווארען דער איינצעלנער הערשער אין זיין נשמה.

ניט קוקענדיג דארויף, וואס נעכליודאוו האָט אזוי שטארק גע־זוכט אבצוהיטען קאטיושא, האָט זי זיך דעם גאַנצען טאָג דאָך ניט געוויזען און איהם איז ניט געלונגען צו טרעפען זיך מיט איהר איי־נער אויף איינעם אויף קיין איין מינוט אפילו.

וואהרשיינליך האָט זי איהם אויסגעווייכט.

דארף זיך אבער אבענדס טרעפען, אז זי האָט געמוזט אריינ־געהן אין א צימער, וואס איז געווען לעבען יענעם צימער, וועלכען נעכלודאָוו האָט פערנומען. דער דאקטאר איז געבליבען נעכטיגען און קאטיושא האָט געמוזט אריינגעהן אין יענעם צימער אויסצו־בעטען די בעט פאר דעם גאסט.

ווי נאר נעכליודאוו האָט דערהערט איהרע טריט, איז ער, שטי־לינקערהייט, איינגעהאלטען דעם אטהעם און קוים וואס געשטעלט זיינע טריט, אזוי ווי ער וואלט זיך צוקלייבען טאָהן דעם גרעסטען פערברעכען, אריין אהין נאָך איהר.

מיט ביידע הענד אריינגערוקט אין דער ווייסער ציכעל און האלטענדיג אזוי די צוויי ווינקלען פון דער קישעלע צום אנציהען, איז זי געבליבען שטעהן, האָט אויף איהם געקוקט און האָט א שמיי־כעל געטאָהן, אבער דאס איז ניט געווען דער לוסטיגער, הייטערער שמייכעל, ווי אמאָל, נאר אן ערשראָקענער, רחמנות׳דיגער שמייכעל.

דיעזער שמייכעל האָט בעדייטעט אזוי פיעל, ווי צו זאגען איהם, אז דאס וואס ער טהוט איז ניט גוט.

ער איז אויף איין מינוט געבליעבען שטעהן. איצט איז נאָך מעגליך געווען א קאמפף, אפשר א שוואכער קאמפף שוין, אבער אין איהם האָט נאָך געקלונגען די שטימע פון וואהרע ליעבע צו איהר,

וועלכע האָט איהם עראינערט וועגען א י ה ר לאגע, וועגען א י ה ר ע געפיהלען, וועגען א י ה ר לעבען.

אבער נאך א שטימע האָט זיך אין איהם געהערט, און דיעזע שטימע האָט איהם געזאגט: זעה כאפ אריין, א'ניט וועסט ד ו פערליערען א געשמאקען ביסען, — האָב ד ו הנאה.

און דיזע צווייטע שטימע האָט פערטויבט די ערשטע. ער האָט זיך ענטשלאסען און איז צוגעגאנגען צו איהר. די מורא'דיגע אונגע־צאהמטע, טהירישע ליידענשאפט האָט איהם אין גאנצען איבער־וועלטיגט.

ער האָט זי ניט ארויסגעלאָזען פון זיינע ארעמס, האָט זי אוועק־געזעצט אויף דער בעטעל און האָט זיך אליין געזעצט נאָהענט לע־בען איהר.

— דמיטרי איוואנאוויטש, ליבינקער, איך בעט אייך, לאָזט מיך — האָט זי צו איהם גערעדט מיט א רחמנות קול. — מאטרע־נא פאווּלאָוונא קומט! — האָט זי פלוצלונג א געשריי געטאָהן און האָט זיך ארויסגעדרעהט פון זיינע ארעמס. עס איז ווירק־ליך אימיצער געגאנגען צום טיהר.

— וועל איך צו דיר קומען ביינאכט — האָט ער איהר איינ־גערוימט — דו ביסט דאָך אליין?

— וואס רעדט איהר? אך, ניין, ניין! מען דארף ניט! — האָט זי געזאָגט, אבער בלויז מיט די ליפען, דען איהר גאנצעס וועזען, איהר אויפגערעגטקייט און פערלעגענהייט האָט געזאגט עטוואס אנדערש.

די שריט, וועלכע האָבען זיך געהערט זיינען ווירקליך געווען מאטרענא פאווּלאָוונא'ס. זי איז אריין איצט אין צימער מיט א דעקע אויפ'ן האנד און א קוק טוהנ'דיג מיט פארוואורף אויף נעכ־ליודאָוו'ן, האָט זי זיך אנגעבייזערט אויף קאטיושא, פארוואס זי האָט גענומען ניט ד י דעקע.

נעכלודאָוו איז ארויס שווייגענדיג. ער האָט זיך אפילו גאָר ניט געשעהמט איצט. ער האָט, אמת, געלעזען אויף מאטרענא פאווּ־לאָוונא'ס געזיכט, וואס זי דיינקט וועגען איהם, און האָט פערשטאַ־

נען, אז זי האָט פּאָלקאָם רעכט צו דיינקען אזוי וועגען איהם, דען ער האָט געוואוסט אז זיין טהאט איז א שלעכטע; אבער דאס טהירי־שע געפיהל, וועלכעס האָט פערנומען די פּלאץ פון זיין פריהערדיגער גוטער ליעבע צו איהר, האָט איהם איצט אזוי איבערוועלטיגט, אז דאס האָט איינציג און אליין איהם יעצט בעהערשט, און ער האָט קיין אנדערס ניט אנערקענט.

ער האָט איצט געוואוסט נאר וואס ער דארף טאָהן אום צו בעפריעדיגען זיין לוסט און ער האָט נאר געזוכט די מיטלען ווי עס אויסצופיהרען.

דעם גאנצען אבענד איז ער געווען ווי ניט ביי זיך; ער האָט זיך קיין פּלאץ ניט געפונען; דאס איז ער אריין צו די טאנטעס, דאס איז ער ארויס דרויסען, דאס איז ער אריין וויעדער צו זיך אין צימער, און ער האָט אלץ געהאט אין זינען נאר איינס, ווי בעגע־גענט מען זי ערגעץ איינע אליין; אבער זי אליין האָט איהם געזעהען אוסמיידען און מאטריאָנא פּאוולאָוונא האָט זי דאצו נאָכ־געשפּירט און האָט זי פון אויג ניט אבגעלאזען.

17.

אזוי איז אריבער דער גאנצער אבענד און עס איז געווארען נאכט. דער דאקטאר איז אוועק שלאפען. די טאנטעס האָבען זיך שוין אויך געקליבען אוועקצולייגען זיך. נעכליודאוו האָט געוואוסט, אז מאטרענא פּאוולאָוונא איז איצט אין שלאָף־צימער ביי די טאנטעס, און אז קאטיושא איז איינע אליין אין דעם הויז פון די דיענסטען.

ער איז וויעדער ארויס דרויסען. עס איז געווען פינסטער, נאס וואַרעם און א ווייסער טומאן האָט בעדעקט די ערד — דער פריהי־לינגס־טומאן, וועלכער פערטרייבט די לעצטע ביסעל שנעע.

פונ׳ם טייך, וועלכער איז געווען ביי א הונדערט טריט ווייט

פונ'ם הויז, האָבען זיך געהערט מאוים'דיגע קלאנגען: דאס האָט זיך געבראכען דער אייז.

נעכליודאוו איז אראב פון גאניק, און שפּרייזענדיג איבער לו־זשעס און איבער'ן פערגלעזערטען שנעע איז ער צוגעגאנגען צום פענסטער פונ'ם צימער וואו זי איז געווען.

דאָס הארץ האָט ביי איהם אזוי געשלאָגען אין ברוסט, אז ער האָט אליין געקענט הערען יעדער קלאפּ; זיין אטהעם האָט זיך ווייל-ע־וויַיז גאר אבגעשטעלט און ווייל-ע־וויַיז האָט ער זיך ארויס־געריסען אין א שווערען זיפץ.

דורכ'ן פענסטער האָט זיך געזעהען דער שיין פונ'ם קליינעם לעמפּעלע אויפ'ן טיש, און לעבען דיעזען טיש איז געזעסען קאטיושא איינע אליין, פערטראכט, און האָט געקוקט אין דער וויַיטענס.

לאנג איז געשטאנען נעכליודאוו אזוי ווי א פערשטיינערטער און האָט געקוקט אויף איהר, כדי צו זעהען, וואס וועט זי אזוינס טאָהן, מיינענדיג אז קיינער זעהט זי ניט.

א פּאָר מינוט איז זי געזעסען אונבעוועגט, דערנאך האָט זי אויפגעהויבען די אויגען, א שמייכעל האָט א שפּיעל געטאָהן אויף איהר געזיכט און איז באלד פערשוואונדען. זי האָט א שאקעל גע־טאָהן איןביידע זייטען מיט'ן קאָפּ, אזוי ווי זי וואלט זיך דאס ביי־זערן אויף זיך אליין פאר עטוואס, האָט געמאכט א אונצופריע־דענע בעוועגונג און האָט א לייג געטאָהן ביידע הענד אויפ'ן טיש, קוקענדיג מיט איהרע שווארצע אויגען וויעדער ווי אין א טיעפער וויַיטקייט.

ער איז אלץ געשטאנען און האָט געקוקט אויף איהר און האָט, אונווילענדיג, געהערט אין דערזעלבער צייט זיין אייגענעם הארץ־קלאפּען און די מאוים'דיגע קרעכצען פונ'ם ברעכענדען אייז אינ'ם ניט וויַיטען טייך. דאָרט, אויף דעם טייך אונטער'ן טומאַן, האָט עס גע'רעש'ט, געארבייט, לאנג, לאנג, אונערמידליך, דאס האָט זיך געהערט א מין זשיפּען, דאס א קראכען, דאס א קלינגען, ווי דאס צושיטען זיך פון א מאסע שטיקער גלאָז.

**ער איז געשטאנען, קוקענדיג אויף איהר פערטראכטען פּנים,**

וועלכער האָט אויסגעדריקט אינערליכען קאמפף, און עס האָט זיך אין איהם ערוועקט א רחמנות צו איהר; אבער זאנדערבאר — דיעזער רחמנות האָט נאך פערשטארקט זיין פערלאנג צו זיין נאָהענט צו איהר, און איהם האָט נאך מעהר געצויגען צו איהר.

ער האָט א קלאפּ געטאָהן אין פענסטער.

זי האָט א ציטער געטאָהן מיט'ן גאנצען קערפּער, אזוי ווי געטראפען פון א עלעקטרישען שלאג און איהר געזיכט האָט אויסגעדריקט פּחד. א ווייל̇ע האָט זי געקוקט צושראקען. דערנאך איז זי אויפגעשפּרונגען, איז אונטערגעגאנגען צום פענסטער און האָט צוגערוקט איהר געזיכט צו די שויבען.

דערזעלביגער פּחד איז נאך געווען אויף איהר געזיכט, ווען זי האָט מיט ביידע הענד בעשירמט איהרע אויגען, אום צו זעהען גוט, און האָט איהם דערקענט דורכ'ן פענסטער.

איהר געזיכט איז געווען אונגעוועהנליך ערנסט, — ער האָט זי אזא קיין מאָל ניט געזעהן. זי האָט נאר דאן א שמייכעל געטאָהן, ווען זי האָט דערזעהן א ליעבען שמייכעל אויף זיין געזיכט, און איהר שמייכעל איז עפּעס אויך געווען אזוי ווי אוים אונטערטעניגקייט צו איהם, אבער אין הארצען האָט זיך איהר ניט געשמייכעלט. דאָרט איז נאר געווען שרעק.

ער האָט געמאכט א צייכען מיט'ן האנד, זי זאל ארויסגעהן דרויסען צו איהם, אבער זי האָט געשאקעלט מיט'ן קאָפּ, אז ניין, זי וועט ניט ארויסגעהן, און זי איז געבליעבען שטעהן אין פענסטער. ער האָט נאך א מאָל צוגערוקט זיין געזיכט נאהענט צום שויב און האָט געוואלט זאגען, זי זאל ארויס צו איהם, אבער אין דיעזער מינוט האָט זי זיך א קעהר געטאָהן צום טיהר; אימיצער האָט זי הפּנים א רוף געטאָהן דורכ'ן טיהר.

נעכליודאוו איז אוועק פון פענסטער, דער טומאן איז געווען אזא געדיכטער, שווערער, דאס אבגעהענדיג פינף טריט פון הויז, האָט ער די פענסטער שוין ניט געזעהען מעהר, נאר א שווארצע מאַסע, פון וועלכער עס האָט ארויסגעשיינט א רויטליכעס ליכט פון'ם לאָמפּ, וועלכעס האָט איצט אויסגעזעהען אזוי גרויס.

אויפ'ן טייך איז אלץ אנגעגאנגען די אונאויפהערליכע ארבייט; עס האָט געזשיפּעט, געסקריפּעט, געקראכט, געקרעכצט און געקלונ־גען דער אייז. פון הויף האָט זיך געהערט דער אויסקרעהען פון א האהן, נאָך איהם האָבען זיך אבגערופען אנדערע און פונ'ם ווייטען דאָרף האָט זיך געלאזט הערען א קרעהען פון העהנער, איינע נאָך די אנדערע און איינע די אנדערע איבעררייסענדיג.

ווייטער איז אלעס ארום, אויסערן טייך, געווען שטיל, גאנץ שטיל, ווי אויסגעשטארבען. דאס איז שוין געווען דאס צווייטע קרע־הען פון די העהנער.

נעכליודאוו איז א פּאָר מאָהל דורכגעגאנגען הין און צוריק ביז'ן ווינקעל פון הויז און האָט זיך דערנאָך אומגעקעהרט צוריק צום פענסטער. דער לאָמפּ האָט נאָך אלץ געברענט און קאטיושא איז ווידער געזעסען ביים טיש, אזוי ווי זי וואלט זיך ניט קענען ענט־שליסען, ווי צו טאָהן.

ווי נאר ער איז איצט צו צום פענסטער, האָט זי איהם דער־זעהן, האָט אויף איהם א קוק געטאָהן. ער האָט א קלאפּ געטאָהן וויע־דער אין שויב. זי האָט זיך מעהר ניט ארומגעקוקט, איז אוועק פון טיש און ער האָט געהערט, ווי די טיהר האָט אַ סקריפּ געטאָהן.

ער איז אין איין אויגענבליק געווען שוין לעבען פיר־הויז און האָט זי שטילערהייט גענומען אין זיינע ארעמס. זי האָט זיך צו איהם צוגעפּרעסט, האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האָט מיט איה־רע ליפּען בעגעגענט זיין קוס.

זיי זיינען געשטאנען אהינטער'ן ווינקעל פון פיר־הויז אויף א טרוקענעם שטיקעל פּלאַץ און ער איז געווען אין גאנצען איבערפילט מיט אונבעפריעדיגטע ליידענשאפט. פּלוצלונג האָט ווידער א סקריפּ געטאָהן די טיהר און עס האָט זיך דערהערט מאריא פּאוולאָוונא'ס בייזע שטימע.

— קאטיושא!

זי האָט זיך פון איהם אויסגעריסען און איז אריין צוריק אין הויז. ער האָט געהערט, ווי די קליאמקע האָט זיך פערמאכט. נאכ־דעם איז אלעס שטיל געווארען. די גרויסע רויטע אויג איז פער־

שוואַנדען פון פענסטער. עס האָט זיך געזעהען בלויז דער טומאַן און געהערט די אייז־ברעכענעס פון טייך.

נעבליודאָוו איז צוגעגאַנגען צום פענסטער, קיינער האָט זיך נישט געזעהען. ער האָט א קלאַפּ געטאָהן, קיינער האָט איהם ניט געענטפערט. ער האָט זיך צוריקגעקעהרט אין הויז, דורך דער פּאַראדנער טיהר, איז אריין אין זיין צימער, אבער שלאָפען איז ער ניט געגאַנגען.

ער האָט אראָבגענומען די שטיוועל פון די פיס און איז באָרוועס ארויס און איז דורכגעגאַנגען דורכ'ן קאָרידאָר צו דער טיהר פון קאטיושא'ס צימער וועלכער איז געווען לעבען מאטרעונא פּאַוולאָוונא'ס.

ער האָט זיך צוגעהערט און האָט געהערט ווי די אַלטע מאַטרענא כראָפּעט. ער האָט שוין געוואָלט אריין, אבער פּלוצלונג האָט זיך די אַלטע מאטרענא צוהוסט און עס האָט זיך געהערט ווי זי קעהרט זיך איבער אויף דער סקריפּעדיגער בעטעל. ביי איהם האָט זיך אבגעריסען אין הארצען און ער האָט אבגעוואַרט א מינוט פינף.

מאטרענא פּאַוולאָוונא האָט ווידער געכראָפּעט אזוי ווי פריהער, און אַלעס ארום איז געווען שטיל. ער איז אויף די שפּיצען פינגער געגאַנגען ווייטער, און דורך מאטרענא'ס צימער ביז דער סאמע טיהר וואו קאטיושא האָט געשלאָפען.

שטיל. זי שלאָפט הפּנים ניט, דען עס הערט זיך גאר ניט קיין אטהעם. ווי נאר אבער ער האָט א שעפּטשע געטאָהן: „קאטיושא“, אזוי איז זי אויפגעשפּרונגען, איז צוגעגאַנגען צום טיהר און האָט בייז — אזוי האָט זיך איהם געדוכט — איהם אנגעהויבען בעטען, ער זאָל אוועקגעהן.

— ווי זעהט עס אוים? אך, ווי קען מען דאָס? און די מאנטעס וועלען נאָך דערהערען, — אזוי האָבען גערעדט איהרע ליפּען, אָבער איהר גאנצעס וועזען האָט ווי געזאָגט: „איך בין דיינע, אין גאנצען דיינע“.

און אזוי נור האָט נעבליודאָוו פערשטאַנען.

— נו, עפען דאָך אויף איין מינוט נור; איך בעט דיך.

דאס זיינען געווען אונבעטראכטע ווערטער; ער האָט אליין ניט געוואוסט וואָס זיינע ליפּען האָבען גערעדט.

זי האָט געשוויגען; דערנאָך האָט ער דערהערט א שארען מיט'ן האנד, זי האָט געזוכט די קליאמקע צו עפענען די טהיר.

אָט גיט א קלאַפּ די קליאמקע און ער האָט זיך שוין ארייג־געכאפּט אין דער געעפענטער טהיר.

ער האָט זי א כאַפּ געטהאָן אין זיינע אָרעמס, אָט אזוי ווי זי איז געשטאנען, האָט זי א הויב געטהאָן אויף זיך און האָט זי אוועקגעטראָגען.

— אך, וואָס טהוט איהר — האָט זי געשעפּטשעט.

אבער ער האָט ניט געוואָלט הערען איהרע פּראָטעסטען און האָט זי געטראָגען אויף די הענד צו זיך אין צימער.

— אך, לאָזט אָב, מען דארף ניט, מען דארף ניט, אך — האָט זי אלץ שעפּטשענדיג פּראָטעסטירט און האָט זיך אליין פעסט צוגעדריקט צו איהם אין דער זעלבער צייט.

. . . . . . . . . . . . . . . .

ווען זי איז אוועק פון איהם, ציטערנדיג, שטיל, ניט ענטפּע־רענדיג אויף אלע זיינע ווערטער, איז ער ארויס אין דרויסען אויפ'ן גאניק און איז געבליבען שטעהן.

אויף דרויסען איז שוין געווען ליכטיגלאָך, דאָס קרעכ־צען, רוישען און קראכען פונ'ם ברעכענדען אייז אויפ'ן טייך איז אָנגעגאנגען איצט נאָך שטארקער אלס פריהער — דאָס וואַ־סער האָט איצט שטארקער גערוישט און געבורבעלט, מאכענדיג זיך פריי פונ'ם אייז.

דער טומאן האָט זיך אראָפּגעזעצט אלץ נידריגער און דורך איהם האָט זיך געלאָזט זעהן די ארויסשווימענדע לבנה, טרויעריג בעלייכטענדיג עטוואָס שווארצע און שרעקליכע.

„ווי זשע איז דאָס אלעס: האָט עס א גרויסער גליק אָדער א גרויסער אונגליק מיט מיר פּאסירט?" — איז איהם ארויף די פראגע אויפ'ן זינען. — „נו, אָבער אזוי איז עס. אלע מאָהל אזוי, אלע זיינען אזוי, — האָט ער זיך געענטפערט און אוועק צו זיך אין צימער זיך לייגען שלאָפען

18.

אויף מאָרגען איז דער אויסגעפּוצטער פרעהליכער שעהנבאק אריינגעפאהרען צו די טאנטעס, קומענדיג נאָך נעבלודאָוו'ען. ער האָט אויף זיי געמאכט א פּראכטפאָלען איינדרוק מיט זיין גלאנץ, מיט זיינע עלעגאנטע מאניערען, פרעהליכקייט, ברייטע האנד און ליעבע צו דמיטרי.

אמת, די טאנטעס האָבען א ביסעל געקוקט פערוואונדערט אויף דער אונגעוועהנליכער ברייטקייט און לייכטקייט, מיט וועל־כער ער האָט פערשווענדעט געלד; זיינען פערביי בלינדע בעטלער האָט ער זיי געשיינקט א גאנצען רובעל; די דינער אויף טהעע האָט ער צוטהיילט 15 רובעל, און ווען סיוזעטקא, סאָפיא איוואַ־נאָוונא'ס הינטעל, האָט זיך אבגעקראצט א פיסעל און בלוט האָט אָנגעהויבען גיסען, האָט ער זיך ארויסגערופען צו מאכען א באנ־דאזש און האָט, אָהן לאנגען ישוב הדעת, צוריסען אויף צווייען זיין באטיסטענע נאָז־טיכעל מיט זיימעלעך און איינבאנדאזשירט די פיסעל. סאָפיא איוואנאָוונא האָט געוואוסט, אז אזעלכע טיכ־לעך קאָסטען 15 רובעל א דוצענד.

אזעלכע פערשווענדער האָבען נאָך די טאנטעס ניט געזעהן און זיי האָבען ניט געוואוסט, אז דיעזער שעהנבאק איז פערשול־דיגט איבער'ן קאָפּ, און אז מען איז א בעל חוב אין צוויי מאָהל הונדערט טויזענד רובעל, וויסענדיג, אז מען וועט זיי קיינמאָל ניט בעצאָהלען, טו וואָס פאר א חילוק איז דאָ שוין מיט 25 רובעל מעהר אָדער וועניגער? דער חשבון קומט אוים דער זעלבער. און ביי שעהנבאק האָט דערפאר א 25־ער קיין בעטרעף ניט געהאט.

ער האָט פערבראכט דאָרט נור איין טאָג און אויף מאָרגען איז ער אוועקגעפאָהרען צוזאמען מיט נעכליודאָוו'ן. זיי האָבען ניט געקענט ווייטער בלייבען, אזוי ווי דאס איז שוין געווען דער לעצטער טערמין פיר מעלדען זיך אין זייער רעגימענט.

אין דעם לעצטען טאָג פאר'ן אוועקפאָהרען, ווען אין איהם איז נאָך געווען פריש די ערינערונג פון דער לעצטער נאכט, איז אין נעכלודאָוו'ן פארגעקומען אן אינערליכער קאמפף; צוויי געפיה־

לען האָבען זיך געראַנגעלט אין זיין נשמה: איין געפיהל — א ברענענדער, ליידענשאפטליכער, די עראינערונג פון דער ליעבע, אָבוואָהל זי האָט ניט געבראכט יענעם פערגעניגען, וועלכען ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, און אויך די זעלבסט־צופריעדענהייט פון דעם ערר͏ייכטען צוועק; דער צווייטער געפיהל — דאָס בעוואוסט־זיין, אז ער האָט בעגאַנגען א מיאוסע טהאט, אז מען דארף ווי עס איז דאָס פערריכטען, ניט פון איהר'ט וועגען אזוי, ווי פון זיך אליין וועגען.

אין יענעם צושטאנד פון וואהנזיניגער זעלבסט־ליעבע, אין וועלכען ער האָט זיך איינגעפונען, האָט נעכליודאָוו הויפּטזעבליך געהאט נור זיך אין זינען און ער האָט אלץ געטראכט וועגען דעם וואָס וועט מען וועגען איהם זאָגען דאָ, ווען מען וועט זיך דער־וויסען, ווי ער איז זיך מיט איהר בעגאנגען, און איהם איז ווענינ געלעגען אין זינען צו טראכטען וואס זי מוז פיהלען און וואס וועט פון איהר ווערען.

ער האָט אויך געטראַכט, ווי שעהנבאק וועט גלייך טרעפען וועגען זיינע פערהעלטניסע מיט קאטיושא, און דאָס האָט איהם זעהר הנאה געטהאָן, דאָס האָט געשמייכעלט זיין זעלבסט־ווירדע.

— איך קלער, וואס איז עפּעס מיט א מאָל געווארען אזא פייערינע ליעבע צו די טאנטעס, אז מען קען דיך גאָר ניט אָפּ־רייסען, — האָט איהם שעהנבאָק אריינגעוואָרפען ווערטלעך, ווי נור ער האָט דערזעהן קאטיושא, — אזוי שיקט זיך דאָס. איך אויף דיין פּלאַץ וואָלט אויך ניט געוואָלט אזוי גיך אוועק... וואָס פאר א פראכט!

נעכליודאָוו'ען איז אויך ארויף אויפ'ן זינען דער געדאנק, דאָס אָבוואָהל עס איז א פערדרוס איצט אוועקצופאָהרען, ווען ער האָט זיך נאָך ניט גענוג אָנגעזעטיגט מיט איהר ליעבע, פון דעסט־וועגען לוינט טאקע איצט אוועקצופאָהרען, ווייל עס איז בעסער, ווען מען צורייסט מיט גוואלט אזעלכע פערבינדונגען, וועלכע קע־נען דאָך לאנג זאָ ווי זאָ ניט אָנגעהאלטען ווערען.

ער האָט אויך געטראכט וועגען דעם, אז מען דארף זי בע־

פריעדיגען מיט געלט, ניט אזוי פון איהר'ט וועגען, ווייל איהם זאל ליגען אין זינען, טאָמער וועט זי זיין אין נויט, זאָנדערן, ווייל אזוי טהוט זיך דאָס אימער. און ער האָט איהר טאקע געגעבען אזוי פיעל געלט, וויפיעל ער האָט גערעכענט עס פּאסט פאר זיין שטאנד און ווי עס זאָל פּאסען אויך פאר איהר.

אין'ם טאָג פון זיין אוועקפאָהרען, נאָך מיטאָג, האָט ער אויף איהר אויפגעווארט אין פירהויז. זי האָט זיך אָנגעצונדען דער־זעהענדיג איהם און האָט געוואָלט פערבייגעהן, אָבער ער האָט זי אָבגעהאלטען.

— איך האָב געוואָלט זעגענען זיך — האָט ער געזאָגט, קנייטשענדיג אין האנד א קאָנווערט, אין וועלכען עס איז געלעגען א הונדערט־רובעל־בילעט — אָט האָב איך אייך דאָס געוואָלט...

זי האָט געטראָפען. איהר געזיכט האָט זיך צוקרימט און זי האָט אנגעהויבען שאָקלען מיט'ן קאָפּ, אבשטויסענדיג זיין האנד.

— ניין, נעהם — האָט ער ארויסגעפּלאָפּעלט, און האָט איהר ארייגגערוקט אין בוזים דעם קאָנווערט; ער האָט זיך עפּעס ווי אָפּגעברענט דערביי און זיפצענדיג און קרעכצענדיג איז ער אריינ־געלאָפען צו זיך אין צימער.

און לאנג דערנאָך איז ער ארומגעגאנגען אין זיין צימער און האָט זיך געדרעהט אין דרייען, איז עטליכע מאָל אפילו אויפגע־שפּרונגען און אלץ געקרעכצט און געזיפצט אין דער הויך, אזוי ווי פון א פּהיזישען וועהטאָג, דערמאָהנענדיג זיך אָן דיעזע סצענע.

אָבער וואָס קען מען מאכען? עס איז דאָך שוין אלע מאָל אזוי. איז עס אזוי ניט געווען מיט שעהנבאָקען און מיט דער גאָווערנאנטקע, ווי ער האָט אליין דערצעהלט? און מיט דעם אָנ־קעל גרישא איז ניט געווען דאָס זעלביגע? און מיט דעם טאטען, ווען ער האָט געוואָהנט צו לאנד און ביי איהם איז געבאָרען גע־וואָרען דער אונגעזעצליכער זוהן, מיטענקא, וועלכער לעבט נאָך איצט, איז דען ניט געווען אזוי? אלע טהוען אזוי, מסתמא קען

דאָך אנדערש ניט זיין. אזוי האָט ער זיך געטרויסט, אָבער אין הארצען האָט ער געליטען. דיעזע עראינערונג האָט איהם גאַ־בריהט זיין געוויסען.

אין הארצען, טיעף אינערליך, האָט ער געוואוסט גאנץ גוט, אז ער איז זיך בעגאנגען מיט איהר שענדליך, געמיין, הארצלאָז, און אז נאָך אזא טהאט, האָט ער פון זיך ניט נור גערויבט דאָס רעכט ניט נור אנדערע צו אורטהיילען, זאָנדערן אפילו קוקען לייד טען גלייך אין די אויגען טאָר ער איצט ניט, און ווער רעדט שוין וועגען רעכענען זיך פאר אן אנשטענדיגען, עדעלען, גרויסמוטהיגען יונגען מענשען, פאר וועלכען ער האָט זיך אימער געהאלטען.

און ער האָט אָבער געמוזט רעכענען זיך פאר א מוסטער־האפטען, עדעלען און שעהנעם מענשען, אום צו קענען מיט מעהר צופריעדענהייט לעבען און הנאה האָבען פון לעבען. דאצו איז געווען איין מיטעל: ניט צו טראכטען וועגען דעם וואָס עס האָט פאסירט. אזוי האָט ער טאקע געטהאָן.

די נייע ארט לעבען, וועלכע איז איהם אויסגעקומען צו פיהד רען — נייע ארט פלעצער, אימער מיט קאָלעגעס, די מלחמה — דאָס האָט איהם געהאָלפען. און וואָס מעהר ער האָט געלעבט, אלץ מעהר האָט ער פערגעסען, און ענדליך האָט ער טאקע לגמרי פערגעסען וועגען דעם.

בלויז איין מאָל נאָכדעם נור האָט עס פאסירט, אז ביי איהם האָט זיך עפּעס ווי אָבגעריסען אין הארצען, און דאָס איז געווען נאָך דער מלחמה, ווען ער איז אריינגעפאָהרען צו די טאנטעס, האָפענדיג זי צו זעהן, און ער האָט זיך דערוואוסט, אז באלד נאָך זיין אוועקפאָהרען האָט זי פערלאָזען די טאנטעס און איז אוועק ערגעץ געלעגען צו ווערען; די טאנטעס האָבען עפּעס געהערט, אז געווארען. דאן האָט עס איהם אנגענומען ביי דעם הארצען.

ווען מען זאָל אויסרעכענען די צייט האָט עס געקענט זיין זיין קינד, אָבער עס קען דאָך געמאָלט זיין, אז דאָס איז גאָר ניט זי איז ערגעץ געלעגען געוואָרען און איז גאָר מיאוס פרדאָרבען ווינער. די טאנטעס זאָגען, אז זי איז אין גאנצען פערדאָרבען

און איז געוועז פון דער זעלבער נאטור, וואס איהר מאמע. און דיעזע מיינונגען פון די טאנטעס זיינען איהם געוועז אנגענעהם צו הערען. דאס האָט איהם אין זיינע אויגען מעהר פערטהיידיגט.

פון אָנפאנג אפילו האָט ער געוואָלט ניט אנדערש ווי אויפ־זוכען זי מיט׳ן קינד אָבער דערנאָך האָט ער זיך קיין מיהע ניט געגעבען צו געפינען זי; דאס איז געוועז פשוט דערפאר, ווייל אינערליך אין הארצען, האָט איהם דאָס זעהר געקרענקט און ער האָט זיך געשעהמט. קורץ, ער האָט ניט געזוכט, האָט ניט גע־טראכט מעהר וועגען דעם און האָט מיט דער צייט אין גאנצען פערגעסען זיין עבירה.

אָבער אָט האָט איצט דער זאָנדערבארער צופאל איהם דער־מאָהנט אלעס און האָט געפאָדערט פון איהם, ער זאָל זיך ביי זיך אין הארצען מודה זיין, אז ער איז הארצלאָז, פערדאָרבען, געמיין דאמיט וואָס ער האָט געקענט די גאנצע צעהן יאָהר רוהיג לעבען מיט אזא שולד אויף זיין געוויסען. אבער ער האָט זיך נאָך ניט מודה געוועז, ניין, ער איז נאָך געוועז דערווייל ווייט דערפון; איהם האָט זיך נור געדרעהט אליץ אין מוח: עס זאָל זיך חס וחלילה ניט מאכען אזוי, אז אלע זאָלען זיך דערוויסען; ווער ווייס, זי אליין אָדער דער פערטהיידיגער קענען נאָך ארויספלאפלען איהר פערגאנגענהייט און איהם מאכען צו שאנדע פאר אלעמען אין די אויגען.

19.

אין אזא גייסטיגען צושטאנד איז געוועז נעכליודאָוו, ווען ער איז ארויסגעגאנגען פון געריכטס־זאאל און איז אריין אין צימער פון די געשוואָרענע.

ער איז געזעסען ביים פענסטער, האָט געהערט די געשפרע־כען, וועלכע זיינען אנגעגאנגען ארום איהם און האָט געראויכערט א פאפיראָס נאָך א פאפיראָס.

דער לוסטיגער קופעץ, ווי עס ווייזט אויס, האָט שטארק מקנא געוועזן, ווען ער האָט זיך דערמאָהנט ווי דער פערגיפטעטער קופעץ סמעלקאָוו האָט פערבראכט אביסעל זיין צייט.

— נו, ברודער לעבען, דאָס הייסט א ביסעל געקנאקט, טאקע אזוי ווי אין סיביר. האָט געוואוסט וואָס גוט איז, מיט אזא מחיה׳דיגע אַ שפּיעל צו טהאָן.

דער סטארשינא האָט עפּעס געגעבען צו פערשטעהן, אז די גאנצע זאך וועגדעט זיך אָן דער עקספּערטיזע. פּיאָטר גערא־סימאָוויטש האָט זיך געוויצעלט מיט דעם אידישען פּריקאזטשיק און האָבען ביידע זיך צולאכט וועגען עפּעס. נעכליודאָוו האָט נור געענטפערט אויף פראגען איינזילביג און אַלץ וואָס איהם האָט זיך געוואָלט איז געווען, מען זאָל איהם לאָזען צורוה.

ווען דער סודעבני פּריסטאוו, געהענדיג אַלץ מיט א זייט, האָט איינגעלאדען די געשוואָרענע, זיי זאָלען צוריק אריין אין געריכטס־זאאַל, איז אויף נעכלודאָוו׳ן ארויפגעפאלען אַ פּחד, אזוי ווי ער וואלט זיין אליין אָן אנגעקלאגטער און ניט א ריכטער.

ער האָט געפיהלט, אז ער איז א טויגעניכטס, א ליידאק, וועלכער האָט זיך געדארפט שעהמען ווייזען די אויגען פאר לייטען, און פון דעסטוועגען איז ער זיך אריין אין זאאל מיט דער זעלבער גדלות און האָט זיך געזעצט אויף זיין פּלאַץ, דער צווייטער נאָך דעם עלטסטען פון די געשוואָרענע; ער האָט פערוואָרפען א פוס אויף א פוס און האָט געשפּיעלט זיך מיט די פּענסנע.

די ארעסטאנטען האָט מען אויך געהאט ארויסגעפיהרט ער־גענץ און איצט האָט מען זיי צוריק אריינגעפיהרט.

אין זאאל זיינען איצט געווען נייע פּנים׳ער — עדות, און נעכלודאָוו האָט בעמערקט, ווי מאסלאָווא האָט עטליכע מאָהל גע־וואָרפען בליקען אויף אַן אויסגעפּוצטער דיקער פרוי, וועלכע איז געזעסען אין דער ערשטער רייהע, אָנגעטהאָן אין א הויכער הי־טעלע מיט א גרויסען שלייף און מיט אַן עלעגאנטער קלייד און געבלויזטע ארעמס. ווי ער האָט זיך דערנאָך דערוואוסט איז דאָס געווען די ווירטהין פון מאסלאָווא.

עס האָט זיך אָנגעהויבען דאָס אויספרעגען פון די עדות: דער נאָמען, דער גלויבען א. ז. וו. דערנאָך האָט זיך ווייטער אָנגעהויבען די שלעפּענעס פון דעם אלטינקען גלח מיט׳ן גאָל־

דענעם צלם אויפ׳ן ברוסט, וועלכער האָט מיט די זעלביגע גע־וואָהנהייט, ווי פריהער, געזאָגט די שבועה, וועלכע די עדות האָ־בען געדאַרפט נאָכזאָגען.

ווען די שבועה איז געווען צו ענדע, האָט מען אַלע עדות אַרויסגעפיהרט און געלאָזען בלויז די מאַדאַם קיטאַיעווא, מאַס־לאָוואָ׳ס ווירטהין. מען האָט זי געפרעגט, וואָס ווייס זי צו זאָגען וועגען דיעזער געשיכטע; קיטאַיעווא האָט דערצעהלט לאַנגזאַם, מיט אַ פער׳גנב׳עטען שמייכעלע און אין אַ צובראָכענעם רוסיש ווי אַ דייטשקע, אַלעם וואָס זי ווייס.

— אַם אַלעם ערשטען איז צו איהר געקומען דער פאַקטער סעמאָן נאָך ליובאַשען. אין אַ ווייל׳ע אַרום איז ליובאַשא געקו־מען צוריק צוזאַמען מיט דעם קופּיעץ. דער קופּיעץ איז שוין געווען אַביסעל צוהיצט, — האָט מיט אַ לייכטען שמייכעלע דער־צעהלט קיטאַיעווא.

— און ביי אונז האָט ער געטרונקען נאָך מעהר און האָט טראַקטירט, אָבער אַזוי ווי ער איז געווען קורץ אין געלד, האָט ער געשיקט צו זיך אין נומער אָט די זעלבע ליובאַשא, צו וועלבע ער האָט זיך צוגעבאַקען — האָט זי געזאָגט, אַ קוק טהוענדיג אויף דער אַרעסטאַנטקע.

נעכליודאָוו׳ען האָט זיך אויסגעוויזען, אַז מאַסלאָווא האָט ביי דיעזע ווערטער אַ שמייכעל געטהאָן, און דיעזער שמייכעל איז איהם אויסגעקומען עקעלהאַפט. אַ זאָנדערבאַרעס, אונבעשטימ־טעם געפיהל פון אָבשטויס, צומישט מיט מיטלייד, האָט זיך ער־וועקט אין איהם.

— וואָס פאַר אַ מיינונג זייט איהר אימער געווען פון מאַס־לאָווא? האָט, רויט ווערענדיג און אַראָפּגעפאַלען, אַ פרעג געטהאָן זער פערטהיידיגער פון מאַסלאָווא, וועלכען דאָס געריכט האָט פאַר איהר געשטעלט.

— גוט, זעהר גוט — האָט געענטפערט קיטאַיעווא אין איהר צובראָכענעם רוסיש — אַ מעדכען פון בילדונג און מיט גלאַנץ,

ערצויגען אין א שעהנער פאמיליע און נאך פראנצויז קען זי אויך. זי האט נור א ביסעל צופיעל געטרונקען, אבער אלע מאהל גע־בליבען ביים שכל. גאר א גוטס, גאר א גוטס פון א מיידעל.

קאטיושא האט געקוקט אויף די ווירטהין, האט דערנאך פלוצלונג איבערגעטראגען איהר בליק אויף די געשוואָרענע און איז געבליבען קוקען אויף נעכליודאָוו׳ן, און איהר געזיכט איז געוועזן ערנסט, זאגאר שטרענג. איינע פון איהרע שטרענגע אויגען האט געקוקט קרום.

א לאנגע צייט האבען דיעזע צוויי זאנדערבארע אויגען גע־קוקט אויף נעכליודאָוו׳ן און, ניט קוקענדיג דערויף, וואס אויף איהם איז ארויפגעפאלען א פחד, האט ער דאך ניט געקענט זיין בליק אפרייסען פון דיעזע קרומליכע אויגען מיט בונט־ווייסע ווייסלעך.

אין זיין עראינערונג האט זיך איצט ערוועקט די סצענע פון יענע שרעקליכע נאכט, מיט דעם טומאן, מיט דעם ברעכענדען אייז, מיט דער פערקעהרטער לבנה, וועלכע איז ארויסגעשוואומען פארטאג און האט בעגאסען מיט א זאנדערבארעם ליכט עטוואס שרעקליכע און שווארצע. דיעזע צוויי שווארצע אויגען, וועלכע האבען געקוקט דוכט זיך אויף איהם און פערביי איהם, האבען איהם דערמאהנט דיעזעס שווארצע און שרעקליכע.

„האט זי מיך דערקענט?" — איז דורכגעפלויגען דורך זיין מוח. און נעכליודאָוו האט זיך ווי צונויפגעקנייטשט, ערוואר־טענדיג א קלאפ. אבער זי האט איהם ניט דערקענט. זי האט זיך רוהיג אפגעזיפצט און האט ווידער אנגעהויבען קוקען אויף דעם פרעדסעדאטעל. נעכלודאָוו׳ן האט זיך אויך אבגעזיפצט.

„אך, ווען וועט שוין זיין א סוף?" — האט ער זיך גע־טראכט. ער האט איצט געפיהלט אונגעפעהר דאס זעלבע, וואס ער האט געפיהלט געהענדיג אויף געיעג, ווען מען מוז דערשטיקען א פערוואונדעטען פויגעל: עקעלהאפט, א רחמנות און פערדרים־ליך. דער פויגעל צאפעלט זיך נאך א האלב טויטער צובלוטיגט

אין יאנד־טאש ; אָבשטויסענד, א רחמנות און עס ווילט זיך מאכען דערפון א סוף, גיכער דערשטיקען און פערגעסען.

אזא צומישטעם געפיהל האָט איצט איבערגעלעבט נעכליוּדאָוו, הערענדיג ווי מען פרעגט אוים די עדות.

20.

אָבער ווי איהם אויף צו להכעים, האָט זיך דער פּראָצעס געצויגען לאנג : די עדות זיינען געוואָרען אויסגעפרעגט יעדער בעזונדער, איינציגוויים, און נאכהער דער עקספּערט, און נאָך אַלע אזעלכע פראגען, ווי געוועהנליך, פון ביידע צדדים, פון דעם אנקלעגער און פערטהיידיגער, האָט דער פּרעדסעדאטעל פאָרגעלייגט די געשוואָרענע זיי זאָלען בעטראַכטען די זאכליכע בעווייזע, וועלכע זיינען דאָ.

די זאכליכע בעווייזע זיינען בעשטאַנען פון א גראָבען גאָלדענעם רינג מיט ברילּיאַנטען, און דעם זייגער, אין וועלכען מען האָט אונטערזוכט די גיפט. דיעזע זאכען זיינען געווען פערזיגעלט און אויף זיי זיינען געווען אָנגעקלעפּט צעטעלעך.

די געשוואָרענע זיינען שוין געווען פאַרטיג צו געהן בעטראַכטען די זאכען, אבער דאָ האָט זיך ווידער דער פּראָקוראָר לאַנגזאם אויפגעהויבען און האָט געשטעלט די פאָדערונג, אז בעפאָר מען טרעט צו בעקוקען די זאכען, זאָל מען איבערלייענען דעם מעדיצינישען רעפּאָרט וועגען דער אונטערזוכונג פון דעם קערפּער.

דעם פּרעדסעדאטעל האָט זיך אפילו געוואָלט וואָס גיכער אָב'פּטר'ן דעם גאנצען עסק און ער האָט טאקע אויך געוואוסט, אז אלעם וואָס אזא לעזונג וועט ברייננען, איז נור א שלעפעריגקייט און א פערשפּעטיגונג, אָבער דער פּראָקוראָר האָט געהאַט א געזעצליכעם רעכט צו פאָדערען דיעזע פאָרלעזונג, און האָט דערפאר געהייסען דעם סעקרעטער פאָרלעזען די מעדיצינישע אונטערזוכונג. דער פּראָקוראָר האָט אויך געדארפט אויף כפרות דיעזע

פאַרלעזונג, איהם האָט זיך אָבער געוואָלט צייגען אלע אנוועזענדע, אז ער האָט א מאכט צו פאַדערען.

דער סעקרעטאר האָט געפונען די פאפיערען און האָט ווייטער מיט זיין כאַרכלענדיגען און זויערען קול אָנגעהויבען צו לעזען:

נאָך דער אויסערליכער אונטערזוכונג האָט זיך געצייגט:

1) די הויך פון פעראפאָנט סמעלקאָוו 2 ארשין מיט 12 ווערשקעס.

2) יאהרען, נאָך דעם אויסערליכען אויסזעהן, ארום 40.

3) אויסגעזעהן האָט דער קערפער אָנגעפּױזט ווי א געשווילעכץ.

4) די פארב פון לייב דורכאוים א גרינליכע און אויסגעשאָטען מיט שווארצע פלעקען.

5) די אויבערשטע הייטעל פון קערפער אנגעבלאָזען פלעצערווייז אזוי ווי פענכערס פון פערשיעדענע גרוים און ערטערווייז אין גאנצען אראָבגעקראָכען און היינגט אזוי ווי שטיקער שמאטעס.

6) די האָאר דונקעלע, געדיכטע און ווען מען ריהרט זיך צו, קריכען זיי אוים.

7) די אויגען סטארטשען ארוים פון זייערע לעכער און דער גלאנץ פון די הייטלעך איז פארלאָשען.

8) פון די נעזלעכער, פון די אויערען און פון מויל פליסט א שאמיגע, בלוטיגע שיטערקייט, דער מויל איז האלב־אָפען.

9) קיין האלז איז גאָר ניטאָ, איבער דער געשווילעכץ פון געזיכט און ברוסט.

10) א. ז. וו., א. ז. וו.

27 פונקטען זיינען אזוי געווען אויסגערעכענט אויף פיער בלעטלאך, אלע איינצעלהייטען און קליינינקייטען פון דער אויסערליכער אונטערזוכונג פון דעם גרויסען, גראָבען און נאָך דאצו געשוואָלענעם קערפער פון דעם קופּיעץ, וועלכער האָט זיך פערהולטאיעוועט אין שטאָדט.

דער געפיהל פון עקעל, וועלכער האָט געמאטערט נעכליודאָוו'ן, האָט זיך איצט פערשטארקערט ביי דער פאַרלעזונג פון דיעזער בעשרייבונג. קאָטיושא'ס לעבען, די בלוטיגע שיטערקייט,

וועלכע האָט ארויסגעשלאָגען פון די נאָז־לעכער פון טרופּ, די ארויסגעקראָכענע אויגען פון די לעכער און זיין אייגענע האנדלונג מיט איהר, — דאָס אלעס האָט זיך פאר איהם געצויגען אין איין אָרדנונג און ער איז אין גאנצען געווען ארומגענומען און פער־שלונגען פון דיעזע געדאנקען.

ווען עס האָט זיך ענדליך געענדיגט דאָס לעזען פון דער אױ־ספרליכער בעשרייבונג, האָט דער פּרעדסעדאטעל זיך אָפּגעזיפצט, האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און געמיינט, אז דערמיט איז שוין גע׳פּטור׳ט. ערשט דער סעקרעטאר האָט אויפגעמישט נאָך א פּאפּיער און האָט באלד אָנגעהויבען לעזען די בעשרייבונג פון דער אינערליכער אונטערזוכונג.

דער פּרעדסעדאטעל האָט ווייטער אראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ און האָט פערמאכט די אויגען, אָנשפּארענדיג זיך אויפ׳ן עלען־בויגען.

דער קופּיעץ, וואָס איז געזעסען לעבען נעכליודאָװ׳ן, האָט זיך קוים איינגעהאלטען פון שלאָפען און האָט זיך יעדע מינוט אונטערגעהוידעט, אום צו האלטען זיך וואכענדיג; די ארעסטאנ־טען, עבען אזוי ווי די זשאנדארען, זיינען געזעסען אונבעוועגליך.

דער סעקרעטאר האָט געלעזען:

נאָך דער אינערליכער אונטערזוכונג האָט זיך בעוויזען:

1) די שארבען־הויט איז לייכט אָפּגעטהיילט פון די שארבען־ביינער, און קיין בלוט־פליסיגקייט איז ערגעץ ניט געווען קענטיג. 2) די ביינער פון שארבען זיינען פון מיטעל־גראָבע דיקקייט און גאנץ. 3) אויף דער הארטער מארך־הייטעל געפינען זיך צוויי קליינע פלעקען אונגעפעהר 4 צאָהל גרויס; די הייטעל אליין האָט א בלאסען מאטען אויסזעהן און א. ז. וו. און ז. וו. נאָך 13 פּונק־טען.

נאָך דעם האָבען געפאלגט די נעמען פון די אנוועזענדע וועהרענד דער אונטערזוכונג און צום שלוס די מיינונג פון דעם ארצט, פון וועלכער עס ציינט זיך, אז דיעזע אלע ענדערונגען אין 'עם צושטאנד פון קערפּער, אין די קישקעס, אין מאָגען, א. ז. וו.

ווי עס איז בעשריעבען אין פּראָטאָקאָל, גיבען דאָס רעכט צו שליסען א י ן א ל ע װ ו א ה ר ש י י נ ל י כ ק י י ט, אז סמעלקאָוו'ס טויט איז געוועזן א פאָלגע פון פערגיפטונג און אז דאָס גיפט איז אריינגעקומען אין זיין מאָגען צוזאמען מיט'ן וויין, דען אין מאָגען איז געפונען געוואָרען א היבשע מאָס וויין.

— א געזונטער קנאקער געוועזן — האָט ווידער א בע־מערקונג געמאכט דער קופּיעץ האלב־שלעפעריג.

די לעזונג פון דיעזען פּראָטאָקאָל, וועלכע האָט געדויערט אודאי א שטונדע, האָט אבער דעם פּראָקוראָר נאָך ניט בעפריע־דיגט. ווען דער פּראָטאָקאָל איז געוועזן געענדיגט, האָט זיך דער פּרעדסעדאטעל צו איהם געווענדעט.

— איך רעכען, אז עס איז גאנץ איבעריג צו לעזען דעם רעפּאָרט פון דער אונטערזוכונג פון די אינגעווייט.

— איך וואָלט, פערקעהרט, זעהר געבעטען, אז מען זאָל דיע־זע אקטען יא דורכלעזען — האָט מיט א שטרענגקייט געזאָגט דער אסיסטענט־פּראָקוראָר, ניט קוקענדיג אויף דעם פּרעדסעדאטעל. ער האָט מיט זיין טאָן געגעבען צו פערשטעהן אז דעריין האָט ער אויך א דעה און אז אויב חו"ש ניט, וועט ער דערלאנגען א קאסאציע.

דער ריכטער מיט דער גרויסער באָרד, וועלכער האָט געליטען פון מאָגען־קאטאר, האָט זיך געפיהלט אָבגעשוואכט און האָט זיך געווענדעט צום פּרעדסעדאטעל.

— און צו וואָס איז די ווייטערע לעזונג? עס פערנעהמט מעהר ניט אומזיסטע צייט. דיעזע נייע בעזימער זיינען ניט ריי־נער, נור קעהרען לאנגזאמער.

דער ריכטער מיט די גאָלדענע ברילען האָט גארנישט געזאָגט און האָט נור טרויעריג געקוקט פאראויס, ניט ערוואַרטענדיג קיין גוטעס, ניט פון דער ווייב, די ארורה, און ניט פון לעבען.

עס האָט זיך אָנגעהויבען די ווייטערע פאָרלעזונג פון דעם רעפּאָרט.

— ...188 יאָהר, פעברואר דעם 15טען, איך, דער אונטער־

צייכענטער, האָב פאַרגענומען די אונטערזוכונג פון די איינגעווייט, אין דער אנוועזענהייט פון דעם אסיסטענט אינספעקטאָר, אויף דעם אויפטראג פון דער געזונדהייטס־ביורא, נומער 638. די איינגעווייט בעשטעהט פון:

1) די רעכטע לונגען און די הארץ (אין א זעקס־פונטיגער גלעזערנער כלי).

2) דעם אינהאלט פון מאָגען (אין א זעקס־פונטיגער גלע־זערנער כלי).

3) דעם מאָגען אליין (אין א זעקס־פונטיגע גלעזערנע כלי).

4) די לעבער, די הייטעל און די נירען (אין א דריי־פונטי־גער גלעזערנער כלי).

5) די קישקעס (אין א זעקס־פונטיגער ליימענער כלי).

דער פרעדסעדאטעל האָט זיך צוגעבויגען צו איינעם פון די ריכטער און האָט איהם עפּעס איינגערוימט א סוד אין אויער, דערנאָך אזוי צום צווייטען און דערנאָך, ווי דיעזע האָבען איינ־שטימיג צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, האָט ער איבערגעריסען אין מיטען די לעזונג מיט די ווערטער:

— דאָס געריכט געפינט די לעזונג פון די ווייטערע אקטען פיר איבעריג.

דער סעקרעטאר איז ענטשוויגען געוואָרען און האָט צונויפ־גענומען די פאפּיערען; דער אסיסטענט־פּראָקוראָר האָט מיט כעס עפּעס אנגעהויבען שנעל פערשרייבען ביי זיך אויפ'ן פאפּיער.

— די הערען געשוואָרענע קענען איבערקוקען די זאכליכע בעווייזע — האָט געזאָגט איצט דער פרעדסעדאטעל.

דער עלטסטער און נאָך איינינע פון די געשוואָרענע האָבען זיך אויפגעהויבען און, פיהלענדיג זיך אומבעקוועם, זיינען צוגע־גאנגען צום טיש איינציגווייז און יעדערער האָט א קוק געטהאָן אויפ'ן רינג, אויף דער גלעזעל און אויף דעם זייגער. דער קופּע'ץ האָט אפילו אָנגעמאָסטען דעם רינג אויף זיין פינגער.

— און א פינגער א ביסעל האָט ער געהאַט, אזוי ווי אַן אָר־גערקע — האָט ער געזאָגט, אוועקלייגענדיג צוריק דעם רינג, איהם האָט זעהר אַמוזירט דער געדאנק, אז דער פערגיפטעטער קופּעץ איז געווען עפּעס אזא גבור שבגבורים.

21.

ווען דאָס בעקוקען פון די זאכליכע בעווייזע איז געווען צו ענדע, האָט דער פּרעדסעדאטעל ערקלעהרט, אז די געריכטליכע אונטערזוכונג איז געענדיגט אין גאנצען און האָט גלייך טאקע גע־געבען דאָס וואָרט דעם פּראָקוראָר, ער זאָל האַלטען זיין בעשול־דיגונגס־רעדע, האָפענדיג אז דער פּראָקוראָר איז דאָך אויך א מענש, וויל דאָך רויכערען, עסען, ארויסגעהן און ער וועט דאָס מסתמא מאכען בקיצור.

אָבער דער אנקלעגער האָט ניט געזשאַלעוועט ניט זיך, ניט די ריכטער. ווען דער פּרעדסעדאטעל האָט איהם געגעבען דאָס וואָרט האָט ער זיך לאנגזאם אויפגעהויבען, ווייזענדיג זיין גראַ־ציעזע פיגור, און אָנשפּארענדיג זיך מיט די פינגער אָן ראנד פון טיש און אָנבייגענדיג דעם קאָפּ עטוואָס אויף א זייט, האָט ער געוואָרפען א בליק איבער דעם גאנצען זאאַל, אויסמיידענדיג בלויז די אָנגעקלאָגטע, און האָט אָנגעהויבען:

„מיינע הערערן געשוואָרענע! דער פאַל, איבער וועלכען איהר דארפט יעצט אורטהיילען,—האָט ער אנגעפאנגען די פראזען, וועלכע ער האָט פערפערטיגט נאָך וועהרענד דעם לעזען פון פּראָטאָקאָל,— איז זעהר א כאראקטעריסטישער, אויב מ'ען קען אזוי זיך אויס־דריקען, זעהר א כאראקטעריסטישער פערברעכען.“

ווי ער האָט געדענקט, מוז די רעדע פון דעם בעשולדיגער האָבען א געזעלשאפטליכע בעדייטונג; אזוי הויבען אָן אימער די גרויסע יוריסטען אין זייערע גלענצענדע רעדען. אמת, צווי־שען די אנוועזענדע זיינען נור דריי פרויען: א שניידערין, א קע־

בין און קארטינקינ׳ס א שוועסטער, און דאצו נאָך איין קוטשער,
אָבער דעם פּראָקוראָר האָט עס ניט אויסגעמאכט. די אלע גרויסע
יוריסטען האָבען דאָך אזוי אָנגעפאנגען, טאָ ווי זאָל ער זיך דער־
מיט ניט אויספיינען. זיין רעגעל איז געוועזן צו זיין אזוי ווי די
העכסטע, ווי די גרעסטע, אויך אריינדרינגען אין דער פּסיכאָלאָ־
גישער בעדייטונג פון דעם פערברעכען און ארויסשטעלען נאקעט
די וואונדען אויפ׳ן געזעלשאפטליכען קערפּער.

„איהר האָט דאָ פאר אייערע אויגען, מיינע הערען געשוואָ־
רענע, א כאראקטעריסטישען פערברעכען, אויב מען קען זיך אזוי
אויסדריקען, א פערברעכען פון דער ענדע פון אונזער יאָהר־הונ־
דערט, וועלכער טראָגט אין זיך, זאָ צו זאָגען, די ספּעציפישע
צייכענס פון יענע צופוילונג, וועלכער עס זיינען אונטערוואָרפען
אין אונזער צייט יענע עלעמענטען פון אונזער געזעלשאפט,
וועלכע געפינען זיך אם מייסטען אונטער די בעזאָנדערע ברענענדע
זאָ צו זאָגען שטראהלען פון דיזען פוילונגס־פּראָצעס...“

דער געהילפס־פּראָקוראָר האָט גערעדט זעהר לאנג, פון איי־
נער זייטע זוכענדיג אין זיינע געדאנקען אלע יענע חכמות, וועלכע
ער האָט געקענט אויסטראכטען און צופּאסען צום עסק און, פון
דער צווייטער זייט, געבענדיג זיך די מיהע צו ריידען נאָכאנאנד,
נאָכאנאנד אָהן אָפּשטעלען זיך, עס זאָל זיך גיסען, עס זאָל פלי־
סען; און דאָס לעצטע איז ביי איהם געוועזן די הויפּט־זאַך, זיין
רעדע האָט זיך געגאָסען און האָט געפלאָסען נאָכאנאנד א גאנצע
שטונדע מיט א פערטעל.

נור איין מאָהל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, זיין רעדע האָט
זיך איבערגעריסען און ער האָט עטליכע מינוטען געשלונגען די
שפּייעכץ, נור ער האָט זיך באלד טאקע גוט אויסגעדרעהט, האָט
נאָך שעהנער צורעדט זיך און עס איז אוועק ווי געשמירט.

גערעדט האָט ער א ווייל מיט א זאנפטע, ווייכינקע שטי־
מעלע, פוטערדיג, איבערטרעטענדיג פון איין פוס אויף דער אנ־
דערער און קוקענדיג אויף די געשוואָרענע, און א ווייל מיט א
שטילער, געשעפטליכער, טרוקענער שטימע, אריינקוקענדיג אין

זיינע פאפיערען, און פלוצלונג פלעגט ער זיך א בייזער טהאָן מיט א צאָרן פון גערעכטיגקייט, ווענדענדיג זיך צום פובליקום.

נור אויף די ארעסטאנטען האָט ער ניט געקוקט; זיי האָבען אלע דריי ארייגעלאָזען אין איהם זייערע אויגען, אָבער ער אויף זיי האָט ניט א בליק געטהאָן.

זיין רעדע איז געווען צונויפגעשטעלט פון די געדאנקען און ריידערייען, וואָס זיינען ערשט געווען אין דער מאָדע, שפּאָגעל־נייע, פון וואָס אלע אין זיין קרייז האָבען גערעדט, וואָס מען האָט גערעכענט פאר די לעצטע ווערטער פון דער וויסענשאפט.

אין איהר איז געווען די ערבונגס־טהעאָריע, פערברעכערישע אנלאגען פון געבורט, און לאמבראָזאָ און טארד, און עוואָלוציאָן, און קאמפף אום'ס דא־זיין, און היפּנאָטיזמוס, און איינפלוס, און שארקאָ, און דעקאדענץ, און וואָס ניט?

נאָך די בעשטימונג פון דעם פּראָקוראָר האָט דער קופּעץ סמעלקאָוו מיט זיך פארגעשטעלט דעם טיפּ פון א געזונדען, נאַ־טור־רייכען, אונבעריהרטען רוסישען פאלקס־מענשען, וועלכער איז געפאלען אלס אָפּפער פון מאָראליש־געזונקענע פערזאָנען, וועלכע ער האָט זיך פערטרויט, צו פערדאנקען זיין גוטמוטיגקייט, און וועלכע האָבען איהם אריינגענומען אין זייער פינסטערער געוועל־טיגקייט.

סעמיאָן קארטינקין איז נאָך דער מיינונג פון פּראָקוראָר אויסגעקומען אן אטאוויסטישע ארויסקומענעס פון דער לייב־אייגענשאפט, א נידערשלאָגענע נאטור, א פערטויבטע, אָהן ביל־דונג, אָהן פרינציפּען, אפילו אָהן גאָט אין הארצען.

באטשקאָווא איז געווען קארטינקינ'ס ליובאָווניצע און אויך א קרבן פון פערדערבונג. אין איהר זיינען קענטיג געווען, לויט דעם פּראָקוראָר'ס טהעאָריע, אלע צייכענס פון א דעגענערירטער פערזאָן.

אָבער די הויפּט־פערברעכערקע, די אָנפיהרערין פון אלעס איז געווען מאסלאָווא, וועלכע שטעלט מיט זיך פאָר דעם נידריג־סטען טיפּ פון דעקאדענץ.

„דיעזע פרוי — האָט שטרענג געזאָגט דער פּראָקוראָר, ניט קוקענדיג אויף איהר — האָט גענאָסען בילדונג; אזוי האָבען מיר געהערט דאָ פאר אונז אויפ'ן געריכט די צייגניסע פון איהר ווירטהין. זי קען ניט נור לעזען און שרייבען, זי קען זאָגאר פראנצויזיש; זי איז א יתומה און זי טראָגט מסתמא אין זיך פון איהר געבורט שוין דעם אורשפּרונג פון פערברעכען; זי האָט זיך ערצויגען אין אן אינטעליגענטער פאמיליע, אין א הויז פון ארעליגע, און זי האָט געקענט פערדיענען איהר ברויט פון עהרליכע ארבייט...

„אָבער וואָס טהוט זי? זי ווארפט אוועק דאָס הויז פון איהר וואָהלטהעטער, גיט זיך איבער איהרע ליידענשאפטען און צייכענט זיך נאָך דעריין אויס, צו פערדאנקען איהר בילדונג, און הויפּטזעכליך, ווי איהר, הערען געשוואָרענע, האָט דאָ געהערט פון איהר ווירטהין, מיט איהר שטארקען איינפלוס; זי האָט אין זיך די געהיימע אייגענשאפט צו ווירקען אויף מענשען. דאָס איז אן אייגענשאפט, וועלכע איז ערשט אין דער לעצטער צייט ערפאָרשט געוואָרען פון דער וויסענשאפט, בעזאָנדערס פון דער שולע פון שארקאָ, און מיט דיעזע אייגענשאפט האָט זי זיך דאָס בענוצט, אריינגעהמענדיג אין איהרע הענטעלעך דעם שטילען, גוטהערציגען, רוסישען, נאטור־רייכען קופּעץ, זי געווינט זיין פערטרויען. צוערשט בע'גנב'עט זי איהם. דערנאָך ערמאָרדעט זי איהם הארצלאָז."

— נו, דאָ איז ער שוין, דוכט זיך, פערקראָכען אין בויבעריק, — האָט דער פּרעדסעדאטעל מיט א שמייכעל געמאכט א בעמערקונג צום שטרענגען ריכטער פון דער רעכטער זייט.

— א שרעקליכער באָלוואן, — האָט דיעזער געענטפערט צוריק דעם פּרעדסעדאטעל.

„מיינע הערען געשוואָרענע, — האָט דערווייל פאָרטגעזעצט מיט א זיסער מינעלע דער פּראָקוראָר, — אין אייער האנד איז דער שיקזאל פון דיעזע פערזאָנען, אָבער פערגעסט ניט אז אין אייערע הענד איז אויך דער שיקזאל פון א געזעלשאפט, אויף וועלכער איהר מוזט ווירקען מיט אייער ענטשיידונג. איהר דארפט

ארייגדרינגען אין דער בעדייטונג פון אזא פערברעכען, און די געפאהר וועלכע עס דראָהעט דער געזעלשאפט פון אזעלכע, זאָ צו זאָגען, פאטאלאָגישע אינדיווידיאומען, ווי א מאסלאָווא, און איהר וועט דאן פערהיטען די אונשולדיגע, די געזונדע קרעפטען פון דער געזעלשאפט, זיי זאָלען ניט פערפעסטעט ווערען און די געזעל־שאפט זאָל חס וחלילה ניט אונטערגעהן!"

און אזוי ווי ער אליין וואָלט געפיהלט די גאנצע וויכטיגקייט פון דער קומענדער ענטשיידונג, זייענדיג ענטציקט מיט זיין אייגענע שעהן־רעדעריי, האָט זיך דער אָנקלאָגער אראָפּגעלאָזען אויף זיין שטוהל.

אין גאנצען דער רעיון פון דער רעדע, ווען מען זאָל ארויס־ווארפען די אָראטאָרישע בלומען, איז געווען, אז מאסלאָווא האָט היפּנאָטיזירט דעם קופּעץ, האָט דאדורך געהאט זיין פערטרויען, און ווען זי איז געקומען צו איהם אין נומער נאָך דאָס געלד, האָט זי לכתחילה געוואָלט גאָר אליין אין גאנצען עס צונעהמען פאר זיך, נור זעהענדיג אז זי האָט לעבען זיך סעמיאָנען און יעפימאָ־ווא, האָט זי זיך בעסער צוטהיילט דעם רויב מיט זיי צוזאמען. דערנאָך, ווען זי איז געקומען צוריק מיט דעם קופּעץ און האָט געוואָלט בעהאלטען איהר פערברעכען, האָט זי איהם פערגיפטעט.

נאָך דער רעדע פון דעם עפענטליכען אנקלעגער האָט זיך אויפגעהויבען פון דער פערטהיידיגונגס־באנק א מאן פון א יאָהר 40, אין א פראק, מיט א האלב־רונדער אָנגעקראָכמעלטער ברוסט, און האָט געהאלטען א פעהיגע רעדע צור פערטהיידיגונג פון זיינע קליענטען, קארטינקין און באָטשקאָווא.

דיעזער פערטהיידיגער איז געווען א געדונגענער אדוואָקאט פאר 300 רובעל. ער האָט זיינע ביידע קליענטען לעבעדיג פער־טהיידיגט ווייזענדיג אז זיי זיינען ניט שולדיג און אז די גאנצע פערברעכערין איז מאסלאָווא בלויז. אויף איהר האָט ער אלעס ארויפגעוואָרפען.

ער האָט אָפּגעלייקענט מאסלאָווא'ס בעהויפּטונג, אז קאר־טינקין און באָטשקאָווא זיינען געווען מיט איהר צוזאמען ווערה־

רענד זי איז געקומען אין נומער ארויסנעהמען דאָס געלד פון טשעמאָדאן. און האָט אונבעדינגט געפאָדערט אז די בעווייזע פון מאסלאָווא זאָלען ניט האָבען קיין געוויכט דערפאר, ווייל אזא פער־ברעכערין, אזא נידעריגע פערזאָן איז ניטאָ וואָס צו גלויבען.

דאָס געלד, וואָס קארטינקין מיט באָטשקאָווא האָבען איינגע־לייגט אין באנק — האָט דער אדוואָקאט גע׳טענה׳ט — זיינען זיכער געווען אָנגעזאמעלטע פון די צוויי האָרעפּאסנע מענשען, דיען 2,500 רובעל איז גאָר ניט אזוי שווער אָנצוזאמלען אין צייט פון אזוי פיעל יאָהר ארבייט, און די געסט פלעגען פון זיי צופריעדען זיין, און פלעגען זיי א מאָל שיינקען צו 3 און צו 5 רובעל מיט א מאָל. זיי האָבען דאָס געלד ניט פערספּענדט.

דאָס געלד אָבער פון׳ם קופּעץ האָט געראובט קיין אנדערער ווי מאסלאָווא, אָבוואָהל מען האָט דאָס ביי איהר ניט געפונען. זי האָט דאָס געלד אפשר וואו בעגראָבען אָדער האָט עס פערלאָרען, אזוי ווי זי איז געווען אין איין אוננאָרמאלען צושטאנד. די פער־גיפטונג איז אויך די ארבייט פון מאסלאָווא אליין, דען איין מאָל האָט זי גענומען דאָס געלד, דאן האָט זי איהם געמוזט טויטען, און אן אנדערער האָט קיין אינטערעס ניט געהאט צו טויטען דעם קופּעץ.

דער אדוואָקאט האָט דארום אויפגעפאָדערט די געשוואָרענע, זיי זאָלען ערקלעהרען קארטינקין און באָטשקאָווא אלס אונשולדיג אין רויבען דאס געלד, און אויב אפילו ביי זיי וועט, טראָץ אלע וואהרשיינליכקייטען, אויסקומען, אז קארטינקין מיט באָטשקאָווא זיינען יא שולדיג אלס אנטהייל־נעהמער אין גנב׳ענען דאָס געלד, טאָ מוזען זיי אָבער זיכער ערקלעהרט ווערען אלס אונשולדיג אין דעם מאָרד, און אז זיי האָבען אין דעם פערברעכען קיין פאָראויס־בעשטימטע אבזיכט ניט געהאט.

אין דער ענדע פון זיין רעדע האָט זיך דער געשיקטער אדוואָ־קאט ניט געקענט איינהאלטען ניט צו געבען א שטאָך דעם פּראָ־קוראָר און האָט סארקאסטיש א זאָג געטהאָן, אז דעם אנקלעגער׳ס

גלענצענדע פילאָזאָפיע וועגען ערבונג, ווי גוט עס זאָל ניט ער־קלעהרען די ערבונגס־טהעאָריע, פאסט זיך אָבער ניט צו דיעזען פאל, דען ווער עס זיינען באַטשקאָווא׳ס עלטערען איז אונ־בעוואוסט.

דער אנקלעגער האָט מיט כעס און בורטשענדיג עטוואָס פער־צייכענט גיך אין זיינע נאָטיצען, און האָט מיט פעראכטונג געוואָר־פען א בליק אויף דעם פערטהיידיגער.

נאָך דעם האָט זיך אויפגעהויבען דער פערטהיידיגער פון מאס־לאָווא און האָט שעהמענדיג, שטאמלענדיג און שטיל געהאלטען זיין רעדע.

ער האָט ניט געלייקענט, אז נאָך אלעם איז קענטיג, דאָס מאסלאָווא קען ערקלעהרט ווערען פאר שולדיג אין גנב׳ענען דאָס געלד צוזאמען מיט קארטינקין און באָטשקאָווא; ער האָט אָבער געגעבען זיך אלע מיהע צו ווייזען, אז אין דער פערגיפטונג איז זי ניט שולדיג, אז זי האָט קיין אבזיכט ניט געהאט צו טויטען דעם קופּע...

ער האָט געוואָלט דאָ געברויכען א ביסעל מליצה, האָט זיך אָנגעהויבען פונאנדערלאָזען אין שילדערונגען פון מאסלאָווא׳ס פער־גאנגענהייט, ווי אלס עהרליכע מיידעל איז זי פערפיהרט געווארען א מאָל פון א פערדאָרבענעם יונגען מאן, וועלכער איז געבליבען אונבעשטראָפט, און די גאנצע לאסט פון דער זינד איז געפאלען אויף איהר — א משא וואָס איז געוועזען צו שווער פאר אן אונער־פאהרענער מיידעל און זי האָט, נאטירליך, געמוזט זינקען אונטער דיעזער משא. אבער ער האָט זיך פערשעהמט, צוטומעלט און איז רויט געווארען און זיין שילדערונג איז ארויס ניט געראָטען, אזוי, אז אלע אין זאאל האָבען זיך עפּעס דערפיהלט אונבעקוועם און פערשעהמט.

ווען ער האָט ארויסגעשטאמעלט זיינע קלאגען וועגען דער הארטהערציגקייט פון די מענער, וועגען דער אונבעהאָלפענהייט פון די פרויען א. ז. וו., האָט דער פּרעדסעדאטעל, זעהענדיג ווי ער מא־

טערט זיך, איהם אויסגעהאָלפען, בעמערקענדיג איהם, ער זאָל זיך האלטען צום פונקט און זאָל ניט אראָפּ אָן א זייט.

נאָך דיעזען פערטהיידיגער האָט זיך ווידער א מאָל אויפגעהויבען דער פּראָקוראָר, און האָט גענומען ווייזען, אז זיינע מיינונגען אין דער ערבונגס־פראגע זיינען ריכטיג און זיינען וויסענשאפטליך בעגרינדעט געוואָרען פון אלע גרויסע געלעהרטע, און אויב אפילו מען וויים ניט, ווער באָטשקאָווא׳ם עלטערען זיינען געווען, איז דאָך די ערבונגס־טהעאָריע ריכטיג, ווייל דיעזע טהעאָריע צייגט ניט נור, אז ביי שלעכטע עלטערען זיינען שלעכטע קינדער, זאָנדערן אז שלעכטע קינדער האָבען שלעכטע עלטערען און אויב באָטשקאָווא איז בעגאַנגען א פערברעכען, איז א סימן, אז איהרע עלטערען האָבען געמוזט זיין פערברעכער.

און וואָס עס אנבעלאַנגט דער פערטהיידיגונג פון מאסלאָווא, אז זי איז געוואָרען פערדאָרבען א דאנק א כלומרשט׳ן פערפיהרער, איז גראדע דאָס פערקעהרטע דער פאַל: אלעס ווייזט אז זי איז געווען א פערפיהרערקע פון פיעלע, פיעלע אָפּפער, וואס זיינען דורכגעגאַנגען איהרע הענד, — האָט דער פּראָקוראָר געענדיגט זיין אנטוואָרט און האָט זיך אוועקגעזעצט ווי א שטאָלצער זיעגער.

עס איז נאָך דעם פאָרגעלייגט געוואָרען די אנגעקלאָגטע, אז זיי זאָלען אליין זאָגען עטוואָס צו זייער פערטהיידיגונג.

יעווופימא באָטשקאָווא האָט ווידערהאָלט דאָס וואָס זי האָט פריהער געזאָגט, אז זי האָט גאָר נישט געטהאָן, האָט אין קיין זאך קיין אנטהייל גענומען, און האָט ווידער א מאָהל גע׳טענה׳ט, אז די גאַנצע פערברעכערין איז מאסלאָווא אליין. סעמיאָן האָט נור ווידערהאָלט איינינע מאָהל:

— ווי אייער רצון איז, אָבער אומזיסט, אָבער אומזיסט, ניט שולדיג.

מאסלאָווא האָט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. אויף דעם פאָרשלאַג פון דעם פּרעדסעדאטעל, זי זאָל זאָגען וואָס זי קען פיר איהר אייגענער פערטהיידיגונג, האָט זי נור א הויב געטהאָן אויף איהם איהרע גרויסע אויגען, האָט זיך ארומגעקוקט אויף אלעמען,

אזוי ווי א פערפאָלגטע חיה, האָט באלד צוריק אראָפּגעלאָזען די אויגען און האָט אויסגעבראָכען אין א שלוכצען.

— וואָס איז מיט אייך? — האָט א פרעג געטהאָן דער קופּעץ וואָס איז געזעסען לעבען נעכליודאָוו'ן, ווען ער האָט דערהערט, ווי איהם האָט זיך אזוי ווי פון הארצען עפּעס ארויסגעריסען א זאָנדערבארער קלאנג. דאָס איז געוועזן א קלאנג פון א קוים איינגעהאלטענעם שלוכצען.

נעכליודאָוו האָט נאָך אלץ ניט פערשטאנען די גאנצע בערייטונג פון זיין איצטיגען צושטאנד און האָט צוגעשריעבען זיין אינערליכען געוויין צו נערווען־שוואכקייט. טרעהרען האָבען זיך געשטעלט איהם אין די אויגען און ער האָט אָנגעטהאָן די פּענסנע, אום צו פערדעקען די טרעהרען. דערנאָך האָט ער ארויסגענומען זיין טאשענטיכעל און האָט גענומען שנייצען די נאָז.

דער שרעק פאר אן עפענטליכען סקאנדאל, פאר אן אייביגער שאנדע האָט פערטויבט אין איהם דעם אינערליכען קאמפּף. דיעזער שרעק איז ביי איהם אין דיעזען אויגענבליק געוועזן שטארקער פון אלץ.

22.

נאָך דעם לעצטען ווארט פון דער אנקלאגע און נאָך דעם ווי די צדדים האָבען זיך צוזאמענגערעדט וועגען דער פאָרם, ווי די פראגען זאָלען געשטעלט ווערען צו די געשוואָרענע, וואָס עס האָט גענומען א היבשע צייט, האָט דער פּרעדסעדאטעל אָנגעהויבען זיין רעזיומע.

ניט קוקענדיג דערויף וואָס איהם אליין האָט זיך געוואָלט וואָס שנעלער אָב'פּטור'ן דעם גאנצען עסק און זיין פריי, איז ער אָבער אזוי געוואָהנט געוואָרען צו זיין בעשעפטיגונג, דאָס ווי נור ער האָט אָנגעפאנגען ריידען, האָט ער זיך ניט געקענט מעהר איינהאלטען און האָט מיט אלע קלייניגקייטען ערקלעהרט די געשוואָרענע, דאָס אויב זיי וועלען געפינען די אָנגעקלאָגטע שולדיג, דאן האָבען זיי א רעכט צו אנערקענען אלס שולדיג, און אויב זיי וועלען געפינען די אָנגעקלאָגטע פאר אונשולדיג, זאָ האָבען זיי א רעכט צו ערקלעהרען זיי אונשולדיג; אויב־זשע זיי וועלען געפינען די

אנגעקלאגטע אלס שולדיג אין איין טהייל פון פערברעכען, נור אונשולדיג אין אן אנדערען, זאָ האָבען זיי דאָס רעכט צו ערקלעהרען די אָנגעקלאָגטע פיר שולדיג אין דאָס איינע, און פאר אונשולדיג אין דאָס אנדערע.

דערנאָך האָט ער ווידער ערקלעהרט, דאָס ניט קוקענדיג דערויף וואָס זיי האָבען דיעזע אלע רעכטע, פון דעסטוועגען דאר־פען זיי זיך זעהר פארזיכטיג און פערנינפטיג בענוצען מיט זיי.

געוואָלט האָט ער אויך ערקלעהרען זיי, דאָס אויב זיי ענטפע־רען אויף א פראגע מיט „יא", דאן הייסט אזא אנטוואָרט, אז זיי אנערקענען דאמיט אלעס דאָס, וואָס עס ענטהאלט אין זיך די פרא־גע, און אויב זיי אנערקענען ניט אלעס דאָס, וואָס איז געשטעלט געווארען אין דער פראגע, דארפען זיי בפירוש אויסשרייבען, אז דאָס און דאָס אנערקענען זיי ניט.

אָבער דאָ האָט ער א קוק געטהאָן אויפ'ן זייגער און זעהענדיג, אז עס איז שוין פינף מינוט צו דריי, האָט ער דיעזע ערקלעהרונג איבערגעהיפט און האָט גלייך אנגעהויבען צו איבערדערצעהלען אין קורצען דעם אינהאלט פונ'ם פראָצעס פאר זיי.

— די אומשטענדען פון דיעזען פראָצעס זיינען אָט וועלכע — האָט ער אָנגעהויבען און האָט ווידערהאָלט אלעס דאָס, וואָס עס איז שוין איינינע מאָל ווידערהאָלט געוואָרען פון די פערטהיידי־גער, פון דעם עפענטליכען אנקלעגער און פון די עדות.

דער פרעדסעדאטעל האָט גערעדט, גערעדט, און פון ביידע זייטען די צוויי ריכטער האָבען געהאָרכט מיט ערנסט און מיט א טיעפזיניגקייט אויף זייערע געזיכטער און האָבען אויך צייטענ־וויז ניט געקענט איינהאלטען זיך ניט א קוק צו טהאָן אויפ'ן זייגער.

זיי האָט די רעדע געקלונגען גאנץ שעהן, ד. ה. אזא ווי א רעדע פון א פרעדסעדאטעל בעדארף צו זיין, אָבער פון דעסטוועגען איז זי געווען צו לאנג. דער פראָקוראָר איז אויך געווען מיט דער זעלבער מיינונג, און אזוי אלע געריכטס־בעאמטע און אלע וואָס זיינען אנוועזענד געווען אין זאאל.

ענדליך האָט דער פּרעדסעדאטעל געענדיגט זיין רעזיומע.

דוכט זיך, ער האָט אלעס געזאָגט, אָבער ער האָט געפונען פאר ניט איבעריג זאָגען נאָך עטליכע ווערטער וועגען דער וויכטיגקייט פון דאס רעכט, וועלכע עס איז געגעבען געווארען אין די הענד פון די געשוואָרענע און אז זיי דארפען אויפמערקזאם און ווידער א מאָהל פאָרזיכטיג בענוצען זיך מיט דיעזען רעכט, דען זיי האָבען געשוואָרען, זיי זיינען דאָס געוויסען פון דער געזעלשאפט, און נאָך א זאך, — די געהיימניסע פון זייער בעראטהונגס־צימער מוזען געהיט ווערען הייליג און טאָרען פון יענעם צימער ניט ארויס אין דער עפענטליכקייט, א. ז. וו., א. ז. וו.

פון דער ערשטער מינוט אָן, וואָס דער פּרעדסעדאטעל האָט אָנגעהויבען ריידען, האָט מאסלאָווא פון איהם ניט אראָפּגענומען איהרע אויגען, האָט אויף איהם געקוקט אויפמערקזאם, אזוי ווי זי וואָלט מורא האָבען צו פערלירען א וואָרט, און דערווייל האָט נעכליודאָוו געקענט קוקען אין איהרע אויגען אונגעשטערט, ניט מורא האָבענדיג, אז זי וועט איהם דערזעהן און דערקענען.

ער האָט אויף איהר איצט געקוקט אָהן אויפהער, און אין זיין פאָרשטעלונגס־קראפט איז פאָרגעקומען דאָס זעלביגע וואָס עס קומט פאָר, ווען מען דערזעהט דאָס לאנג ניט געזעהענע געזיכט פון א געליעבטער פערזאָן. פון אָנפאנג ווערט מען איבערראשט פון די שטארקע אויסערליכע ענדערונגען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין דער געשטאלט פון דער געליעבטער פאר דער לאנגער צייט פון ניט זעהן זיך; אָבער וואָס ווייטער הויבט מען אָן צו דערקענען דיעזע געשטאלט, דיעזע געזיכטציגע און מען דערזעהט די זעלביגע, וואָס מען האָט געליעבט דאן, מיט יאָהרען צוריק.

די צייטליכע ענדערונגען פערשווינדען פון די אויגען און עס טרעטען מעהרער און קלאָהרער ארויס פאר דעם גייסטיגען בליק די הויפּט־ציגע, דער הויפּט גייסטיגער איינדרוק פון געזיכט, וועלכער ענדערט זיך ניט. דאָס זעלביגע האָט איצט דערזעהן און דערקענט נעכליודאָוו.

יא, ניט קוקענדיג אויף דעם ארעסטאנטסקען כאלאט, אויף

איהר פעט־געוואָרענעם קערפּער, אויף דער הויך־אויסגעהויבענער ברוסט, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס דער אונטערשטער טהייל פון איהר פּנים האָט זיך מעהר ארויסגעזעצט און וואָס אונטער איהרע אויגען האָט זיך געזעהן ווי אַ מין געשווילעכץ, איז דאָס אָבער געווען יענע קאטיושא, יענע אמאָהליגע קאטיושא, וועלכע האָט אזוי אונשולדיג־ליעבליך געקוקט אויף איהם אין יענעם „ליכטיגען קריסטוס־זונטאָג“, מיט יענע גרויסע, שווארצע, עטוואָס קרומליכע אויגען, שמייכלעדיג אזוי זאַנפט פון פריידּ און פול מיט לעבען.

„און אזא וואונדערבארער צופאל. דארף זיך דאָך מאכען גראדע, אז דיעזער פּראָצעס זאָל פּאָרקומען גראדע אין דער סעסיע, ווען איך בין געשוואָרענער און נאָך 10 יאָהר ניט זעהען זיך זאָל איך זי דאָ טרעפען, אויף דעם אנקלאגע־באנק. אָך, מיט וואָס וועט זיך דאס אלעס ענדיגען ? ווען עס וואָלט שוין גענומען א מאָל א סוף !“ — האָט ער זיך געטראכט.

ער האָט זיך נאָך אליץ ניט אונטערגעגעבען דעם געפיהל פון חרטה, וועלכער האָט אין איהם אזוי שטארק אנגעהויבען צו ריידען. איהם האָט זיך געדוכט, אז דאס איז בלויז נור א צופאל, וועלכער וועט פערבייגעהן און וועט מעהר נישט שטערען זיין רוהע.

ער האָט זיך געפיהלט אין דער לאגע פון יענעם יונגען הינטעל, וועלכער האָט זיך ניט גוט אויפגעפיהרט אין די צימערען פון זיין העדר, און דער הערר האָט איהם אָנגעכאפּט ביים פעלכעל און רוקט זיין שנוקעל אין זיין אייגענע שמוץ, וואס ער האָט אנגעמאכט. דער הינטעל קוויטשעט, ציהט זיך צוריק, וויל אנטלויפען פון זיינע אייגענע פּאָלגען און פערגעסען וועגען זיי ; אָבער די שטארקע האנד פון ווירטה לאָזט איהם ניט אָפּ.

אזוי עבען איז דאָס געווען איצט מיט נעכליודאָוו׳ן. ער האָט שוין געפיהלט דעם גאנצען עקעל פון זיינע אייגענע מעשים, ער האָט אויך געפיהלט די מעכטיגע האנד פונ׳ם בעל־הבית, ער האָט אָבער ניט פערשטאנען די גאנצע בעדייטונג פון דעם וואָס ער האָט

אָנגעטהאָן און ער האָט דעם ווירטה אַליין נאָך ניט געוואָלט אנער־קענען.

איהם האָט זיך נאָך אלץ ניט געוואָלט גלויבען, אז דאָס, וואָס עס האָט זיך איצט אָפּגעשפּיעלט פאר זיינע אויגען, איז די פאָלגע פון זיינע אייגענע מעשים, אז דאָס איז זיין ארבייט.

אָבער די אונזיכטבארע האנד פון דעם ווירטה האָט איה: געהאלטען פעסט און ער האָט אָנגעהויבען צו פיהלען, אז ער וועט זיך דאָ ניט אזוי גלאט ארויסדרעהען. ער האָט זיך נאָך גע־פּלייסט און ער האָט אריבערגעלייגט א פוס איבער א פוס, ווי זיין געוואָהנהייט איז געווען, און ער האָט זיך געשפּיעלט מיט זיינע פענסנע, מאכענדיג א מינע, אז איהם געהט עס גאָר ניט אָן.

אינערליך אָבער האָט ער שוין גאנץ גוט געפיהלט די האַרט־הערציגקייט, נידעריגקייט, געמיינהייט ניט נור פון זיין יענער טהאט, זאנדערן אויך פון זיין גאנצען פוסט־און־פּאסנעם, אויס־געלאסענעם, פערדאָרבענעם לעבען, און די שווערע וואנד, וועלכע האָט פערשטעלט פון איהם דיווירקליכקייט אין פערלויף פון די גאנצע לעצטע 12 יאהר, — דיעזע וואנד האָט זיך איצט אנגעהויבען צו שאָקלען, האָט געהאלטעןביים פאלען און ער האָט עס ביסלעכווייז דערזעהן.

## 23.

ענדליך האָט דער פּרעזסעדאטעל געענדיגט זיין רעדע, און אויפהויבענדיג פון טיש די ליסטע מיט פראגען, האָט ער זי איבער־געגעבען דעם עלטסטען פון די געשוואָרענע, וועלכער איז צוגע־גאנגען צום טיש.

אלע געשוואָרענע האָבען זיך באלד אויפגעהויבען און האָבען אָנגעהויבען צו געהן צו זייער בעראטהונגס־צימער, אונגעשיקט, ניט וויסענדיג וואו די הענד אהינצוטהאָן. זיי זיינען אריין אין צימער און ווי נור די טיהר האָט זיך צוגעמאכט הינטער זיי, איז גלייך

צוגעלאָפּען א זשאַנדאַרם, האָט אַרויסגעכאַפּט דעם שווערד פון שייד און האָט זיך אַ שטעל געטהאָן לעבען טהיר.

די ריכטער האָבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע פּלעצער און זיינען אַרויס. די אַרעסטאַנטען האָט מען אויך אַרויסגעפיהרט.

אַריינקומענדיג אין זייער בעראַטהונגס־צימער האָבען זיך די געשוואָרענע גלייך א נעהם געטהאָן צום רויכערען. די אוננאַטיר־ליכקייט און פאַלשקייט פון זייער לאַגע, וועלכע זיי האָבען געפיהלט די גאַנצע צייט, זיצענדיג אין געריכטס־זאַאל אויף זייערע פּלעצער, איז פערשוואונדען פון זיי, און זיי האָבען זיך אָנגעהויבען צו פיהלען בעסער איצט און עס האָט זיך פערבונדען א לעבעדיגער גע־שפּרעך.

— די מיידעטשקע איז נעביך ניט שולדיג, זי האָט זיך אַריינגעפּלאָנטערט — האָט געזאָגט דער גוט־הערציגער קופּעץ — מען דאַרף צו איהר גנעדיג זיין.

— וועגען דעם וועלען מיר זיך דאָך דאָס דורכריידען, — האָט געענטפערט דער עלטסטער פון די געשוואָרענע — מיר טאָ־רען ניט אונטערגעבען זיך אונזער פּערזענליכען איינדרוק.

— דער פּרעדסעדאַטעל האָט שעהן גערעדט אין רעזיומע, — האָט געמאַכט א בעמערקונג דער פּאָלקאָווניק.

— אויך מיר שעהן! איך בין שיער ניט איינגעשלאָפען.

— די הויפּטזאַכע איז, דוכט זיך, דאָ, וואָס די צוויי קאָרי־דאָרנע דיענער האָבען דאָך גאָר ניט געקענט וויסען, וואָס ביים קופּעץ אין טשעמאָדאַן טהוט זיך, ווען מאַסלאָוואַ וואָלט מיט זיי ניט געמאַכט יד אחת מיט די געלד, — האָט גע'טענה'ט דער אי־דישער פּריקאַזטשיק.

— קומט נאָך אייך נאָך, הייסט עס, אויס, אַז זי האָט גע־גנב'עט דאָס געלד? — האָט איהם איבערגעפּרעגט אַן אַנדער גע־שוואָרענער.

— דאָס וועל איך קיין מאָל ניט גלויבען, — האָט געשריען אין דער הויך דער קופּעץ: — דאָס האָט די רויט־אויגיגע מכשפה

אליין אפגעטהאָן די גאנצע געשיכטע און זי ווארפט עס נאָך ארויף אויף איהר.

— זיי זיינען אלע פיינע סחורות, — האָט א זאָג געטהאָן דער פּאָלקאָווניק.

— זי זאָגט דאָך אָבער, אז איהר פּוס איז גאָר אין נומער ניט אריינגעטראָטען.

— און איהר גלויבט אזא גנב'ישער צורה וואָס זי זאָגט? איך וואָלט אויף מיין לעבען אזא בריה ניט געגלויבט וואָס א האָאָר איז ווערטה.

— איהר וואָלט ניט געגלויבט! דאָס איז דאָך אָבער נאָך ווייניג וואָס איהר וואָלט אָדער ניט — האָט געענטפערט דער פּריקאזטשיק.

— דער שליסעל איז דאָך אָבער ביי איהר געוועזן. ווי קען זי ניט זיין פערמישט?

— נו, איז וואָס אז ביי איהר איז געוועזן דער שליסעל? — האָט זיך געהיצט דער קופּעץ.

— און דער פינגערל?

— זאָגט זי דאָך, אז דעם פינגערל האָט ער איהר געשיינקט,— האָט זיך אלץ געהאמפּערט דער גוטער קופּעץ: — א סוחר, פערשטעהט איהר מיך, איז ער געוועזן א ביטערער, און אריינגעגאָסען האָט ער נאָך אויף דאצו, נו איז ער איהר אריינגעפּאָהרען אין באק, געוועהנליך, נו, און דערנאָך האָט עס איהם אליין פערדראָסען, האָט ער זי איבערגעבעטען: נאַ דיר, ווי זאָגט מען דאָס, נעהם און וויין נישט. עפּעס א קלייניגקייט, א יונג דאָס איז געוועזן: מען זאָגט, אודאי 12 ווערשאָק, א פּוד 8 האָט ער דאָך געוואויגען!

— עס האָט דאָך אבער ניט דערמיט צו טאָהן, — האָט איהם איבערגעשלאָגען פּיאָטר געראסימאָוויטש, — די פראגע איז דאָ: האָט זי דאָס פּערפיהרט דאָס גאנצע געשיכטע אָדער די דינערשאפט? איז דאס געוועזען איהר קאָפּ, אדער זייערע?

— די דינערשאפט אליין וואָלט עס ניט קענען טוהן אָהן איהר, זעהט איהר דאָס ניט?

אזוי האָט זיך געצויגען א לאנגע, לאנגע איבעררייידענעס.

— ערלויבט אָבער, מיינע הערריען, — האָט זיך אבגערופען דער עלטסטער, — לאָמיר זיך צוזעצען אויף די פּלעצער ארום טיש און לאָמיר זיך בעראטהען. ביטע, — האָט ער געזאגט זעצענדיג זיך אליין ביים טיש אלס פּאָרזיצענדער.

— דאָס זיינען אביסעל חברה־לייט אזעלכע נקבות, — האָט אנגעהויבען דער פּריקאזטשיק און אלס בעוויז, אז די הויפּט־שולדיגע אינ׳ם גאנצען פערברעכען איז מאסלאָווא, האָט ער דער־צעהלט, ווי ער וויים פון א געשיכטע, אז אזא נקבה האָט ארויס־געגנב׳עט א זייגער ביי איינעם אין מיטען בולוואר: דאָס האָט פּאסירט מיט זיין אייגענעם חבר.

דער פּאָלקאָווניק האָט זיך אויך דאביי דערמאָנט אָן א גע־שיכטע ווי מען האָט אין א פּלאטץ געגנב׳עט א זילבערנעם סאמאָ־וואר און ער האָט דערצעהלט פון דיעזער מערקווירדיגער גנבה.

— מיינע הערריען, ביטע, לאָמיר בעקלערען איינע ביי איינע די פראגען, — האָט געבעטען דער עלטסטער, קלאפּענדיג אין טיש מיט זיין בלייפעדער.

אלע זיינען ענטשוויגען געווארען. די פראגע האָבען אזוי גע־לויטעט:

1) איז שולדיג סעמיאָן קארטינקין, דער פּויער פון דאָרף בארקאָווא, פון קראפּיווענסקען אויעזד, 33 יאהר אלט, דעריין, דאס דעם 17טען יאנואר ...188 יאהר, האָט ער אין דער שטאָדט N. פארגענומען צו טויטען דעם קופּעץ סמעלקאָוו, מיט דער אב־זיכט איהם צו בערויבען, און צוזאמען מיט נאך אנדערע האָבען זיי דעם קופּעץ איינגעגעבען סם און בערויבט זיין געלד — א סומע פון 2500 רוב. און א בריללויאנטענעם פינגערל?

2) איז שולדיג אינ׳ם אויבענבעשריבענעם פערברעכען די מעשצאנקע יעפימיא איוואנאָוונא באָטשקאָווא, 43 יאָהר אלט?

3) איז שולדיג אין דיעזען אויבענבעשריבענעם פערברעכען יעקאטערינא מיכאילאָוונא מאסלאָווא, 27 יאהר אלט?

4) אויב די אנגעקלאגטע יעפימיא באָטשקאָווא איז ניט שול־

דיג לויט דער ערשטער פראגע, דאן צו איז זי ניט שולדיג אין דעם דאס דען 17 יאנואר ...188 יאהר, אין דער שטאָדט נ., דיענענדיג אין דעם האָטעל „מאווריטאניא" האָט זי בגנבה ארויסגענומען געלד פון דעם טשעמאָדאן פון דעם גאסט אין האָטעל, קופעץ סמעלקאָוו, אין דער סומע פון 2500 רובעל, געברויכענדיג דאביי א שליסעל, וועלכען זי האָט אליין צוגעפּאסט?

דער עלטסטער האָט איבערגעלעזען די ערשטע פראגע.

אויף דיעזער פראגע האָט מען געענטפערט זעהר שנעל. אלע האָבען איינגעשטימט מען זאל ענטפערען „שולדיג", ערקלערענדיג איהם אלס טהייל נעהמער אין דער פערגיפטונג און דעם רויב. נור איינער האָט ניט געוואָלט איינוויליגען צו אנערקענען קארטינקינען פאר שולדיג, און דאָס איז געווען אן אלטער ארטעלשטיק, וועל־כער האָט אויף אלע פראגען געענטפערט אין זינען פון פערטהיי־דיגונג.

דער עלטסטער האָט געמיינט, אפשר פערשטעהט ער ניט און האָט איהם געגעבען צו פערשטעהן, ווייזענדיג, אז עס איז קענ־טיג, דאס קארטינקין מיט באָטשקאָווא זיינען זיכער שולדיג, אבער דער ארטעלשטיק האָט געענטפערט דאָס זייניגע; ער פערשטעהט טאקע אלעס ווי דאס איז, אבער עס איז דאך א רחמנות. „מיר זיינען דאך אליין אויך ניט אזעלכע מלאכים".

אויף דער צווייטער פראגע וועגען באָטשקאָווא, איז געבליבען נאָך לאנגע ריידערייען און האמפערן זיך, אז מען זאל ענטפערען „ניט שולדיג", דען עס האָבען געפעהלט קלאָהרע בעווייזע, אז זי האָט אנטהייל גענומען אין דער פערגיפטונג, ווי עס האָט הויפּט־זעכליך בעטאָנט שטארק איהר אדוואָקאט.

דער קופעץ, וועלכען עס האָט זיך אזוי געוואָלט פערטהיידי־גען מאסלאָווא, האָט דאָ אפילו גע'טענה'ט מיט אלע כוחות, אז באָטשקאָווא איז די הויפּט־מאכערקע געווען אין אלעס. פיעלע גע־שוואָרענע זיינען מיט איהם אויך געווען איינפערשטאנען דעריין. אבער דעם עלטסטען האָט זיך געוואָלט זיין שטרענג געזעצליך, און

ער האָט בעהויפּטעט, אז עס איז געזעצליך קיין גרונד ניטאָ צו בעשולדיגען זי אלס אנטהיילנעהמערקע אין דער פערגיפטונג. נאָך לאנגען האמפּערן זיך האָט די מיינונג פון דעם עלטסטען געוואונען.

אויף דער פערטער פראגע וועגען באָטשקאָווא האָט מען גע־ענטפערט : „שולדיג“, נור אויף דער שטארקער פאָדערונג פון דעם ארטעלשטיק האָט מען צוגעלייגט : „נור זי פערדינט גנאָ־דע“.

דערפאר האָט די דריטע פראגע, וועגען מאסלאָווא, ערוועקט א שטארקע מיינונגס־פערשידענהייט. עס איז ענטשטאנען א מחלוקה. דער עלטסטער האָט געטענה׳ט ניט אנדערש, אז זי איז שולדיג אין דעם רויב און אין דער פערגיפטונג ; אין אלעם. דער קופּעץ האָט דאָס ניט געוואָלט דערלאָזען און האָט זיך געהיצט, אז, פערקעהרט, זי איז ניט שולדיג ניט אין דאס ערשטע און ניט אין דאס צווייטע. אזוי האָבען אויך געהאלטען דער פּאָלקאָווניק און דער אַרטעלשטיק, — די איבריגע האָבען זיך, ווי עס שיינט, ניט געקענט ענטשליסען.

די מיינונג פון דעם עלטסטען האָט שוין כמעט געוואונען א גרויסע טהייל פון די געשווארענע און עס האָט געשיינט, אז ער וועט אויספיהרען, הויפּטזעכליך נאָך דערפאר ווייל די געשוואָרענע זיינען שוין געווען ערמיעדעט און זיי וואָלטען גערן צוגעשטאנען צו דער מיינונג, וועלכע וועט גיכער אב׳פטור׳ן דעם גאנצען עסק, און מען וועט אין גיכען פריי ווערען.

פון אלעם דעם, וואס עס האָט זיך ארויסגעוויזען פון אינ־טערזוכונגס־רעפּאָרט און איבערהויפּט נאָך פון דעם, וואָס ער האָט געקענט מאסלאָווא פון אמאָל, האָט נעכלודאָוו ארויסגעטראגען א זיכערע מיינונג, אז מאסלאָווא איז אונשולדיג, אז זי האָט ניט געגנב׳עט קיין געלד און אז זי האָט אין זינען ניט געהאט צו טויטען דעם קופּעץ.

ער האָט אנפאנגס אפילו געמיינט, אז אנדערע געשוואָרענע וועלען גאָר אויך אנדערש ניט דיינקען. ווען ער האָט אבער דער־זעהען, דאס איבער דער אונפעהיגקייט פונ׳ם קופּעץ צו פערטהיי־

דיגען גוט זיין מיינונג, אז מאסלאָווא איז אונשולדיג, וואס ער האָט געטאָהן וואהרשיינליך בלויז דערפאר, ווייל זי האָט נושא חן געווען אין זיינע אויגען; ווען ער האָט דערזעהען, אז איבער דיזער שוואכקייט פונ׳ם קופּעץ געווינט דער עלטסטער די אויבער־האנד און אלע זיינען אזוי מיעד שוין, אז זיי וועלען צושטימען צו אלעס, וואָס דער עלטסטער זאָגט, האָט זיך אין איהם ערוועקט א הייסער פערלאנג צו נעהמען דאָס וואָרט און פערטהיידיגען זי, אבער ער האָט מורא געהאט, דאָס ווי נור ער וועט אָנהויבען ריי־דען, וועלען אלע גלייך דערקענען זיינע פערהעלטניסע צו מאס־לאָווא.

אבער ער האָט אונטערדעסען געפיהלט אז ער קען אנדערש ניט, אז ער מוז זיך דאָ איינשטעלען פיר איהר, אז לאָזען דאָס אזוי איז אונמעגליך, איז געפעהרליך. ער איז רויט און בלאס געווארען און האָט נאָר געוואלט עפענען זיין מויל צו זאגען, ווי ס׳האָט זיך אויפגעהויבען פּלוצלונג פּיאָטר גראסימאָוויטש, וועלכער איז געזעסען ביז איצטער און האָט געשוויגען; פּיאָטר גראסימאָ־וויטש איז, ווי עס שיינט, סתם צורייצט געווארען פון דעם עלט־סטענ׳ס אויטאָריטעטער טאָן און ער האָט פּלוצלונג זיך א הויב געטאָן און האָט אנגעהויבען וויעדערשפּרעכען דעם עלטסטען, זאָ־גענדיג כמעט אלעס דאָס, וואס נעכלודאָוו האָט געדיינקט צו זאָגען.

— ערלויבט נור, — האָט ער געזאגט, — איהר זאגט, אז זי האָט גע׳גנב׳עט דערפאר, ווייל ביי איהר איז געווען דער שלי־סעל; האָבען דען די קאררידארנע ניט געקענט נאָך איהר אריינ־געהן אויפעפענען דעם טשעמאָדאן מיט א צוגעפּאסטען שליסעל?

— געוויס, געוויס, — האָט אונטערגעהאלפען דער קופּעץ.

— זי האָט דאך אודאי ניט געקענט נעהמען דאָס געלד; זי איז דאך געווען אין אזא לאגע, אז זי האָט דאָך גאָר ניט געהאט וואו דאָס געלד אהינצוטאָן.

— אָט דאָס זאָג איך דאָס אויך — האָט מיטגעשטימט דער קופּעץ.

— עס איז גיכער פון אלעס אנצונעהמען, אז איהר קומען מיט דעם שליסעל און עפענען דעם טשעמאָדאן האָט ארויפגע־בראכט זיי אויף דעם געדאנק, אז עס וואָלט געווען א גוטע זאך איצט ארויסצונעהמען פון דארט דאָס געלד, און ארויפוואַרפען דערנאָך אויף איהר אז זי האָט עס געטאָהן.

פיאָטר געראסימאָוויטש האָט גערעדט גערייצט, אויפגערעגט, און דיעזע אויפרעגונג האָט אויפגערייצט דעם עלטסטען, וועלכער האָט זיך שוין מיט עקשנות איינגעשפּארט, אז ער האָט רעכט, אז זיין מיינונג איז אמת'ער. אבער פיאָטר געראסימאָוויטש האָט איבערצייגענד געווירקט אויף דעם גרעסטען טהייל פון די גע־שוואָרענע און זיי זיינען געווען איינשטימיג מיט איהם, אז מאס־לאָווא האָט קיין אנטהייל ניט גענומען אין דער גנבה און אז דעם פינגערל האָט איהר דער קופּעץ געשיינקט.

ווי עס איז אבער געקומען צו רייד וועגען איהר אנטהייל־נעהמען אין דער פערגיפטונג, האָט דער עלטסטער גע'טענה'ט, אז מען קען זי ניט געפינען פאר אונשולדיג, דען זי האָט זיך דאָך אליין מודה געווען, אז זי האָט איהם איינגעגעבען דעם גיפט. דער קופּעץ האָט אבער געשטריטען, אז זי איז דעריין אויך אונשולדיג.

— זי האָט איהם געגעבען, פאר וואָס ניט, זי האָט געמיינט, אז דאָס איז אָפּיום, — זאגט ער.

— זי האָט מיט אָפּיום איהם אויך געקענט מאכען א טויט, — האָט זיך אפּגערופען דער פּאָלקאָווניק, און ער האָט אנגעהויבען דערווייל דערצעהלען פון אזא מין פאל; ביי זיינעם א שוואָגער האָט זיך די ווייב פערגיפטעט מיט אָפּיום, און זי וואָלט אודאי גע־שטאָרבען, אויב עס וואָלט ניט באלד געבראכט געוואָרען א דאָק־טאָר און זי אין דער צייט אָפּראטעוועט.

דער פּאָלקאָווניק האָט דאָס דערציילט מיט אזעלכע תקיפות און מיט אזא גדלות, אז קיינער האָט ניט געוואָגט איהם איבער־צושלאָגען אין מיטען. נור דער פּריקאזטשיק האט זיך פון דיעזער געשיכטע דערמאָנט דערווייל אָן אן אנדער עהנליכע געשיכטע,

און איהם האָט זיך אויף פערוואָלט דערציילען, ניט האָבענדיג קיין געדולד צו ווארטען ביז דער פּאָלקאָווניק וועט ענדיגען.

— אנדערע געוואָהנען זיך צו — האָט ער איבערגעשלאָגען דעם פּאָלקאָווניק אין מיטען דערצעהלען — און אז מען געוואהנט זיך צו, קען מען אפילו 40 טראָפּענס אָפּיום איינגעהמען און עס זאל ניט שאדען. אָט האָט מיינער א קרוב...

אבער דער פּאָלקאָווניק האָט ניט געלאָזט זיך איבערשלאָגען און האָט מיט מעהר תקיפות נאָך אנגעהויבען צו ווייזען, ווי אויף זיין שוועגערין האָט געווירקט דער אָפּיום.

— מיינע הערען, עס איז דאָך שוין באלד 5 אוהר, — האָט זיך אבגערופען איינער פון די געשווארענע.

— נו איז ווי בלייבט, מיינע הערען? — האָט זיך געווענדעט דער עלטסטער צו אלע געשוואָרענע: — זאלען מיר זי אנערקענען פאר שולדיג, נור אהן אן אבזיכט צו רויבען און אז זי האָט גאָר נישט גענומען? בלייבט עס אזוי?

פּיאָטר גערַאסימאָוויטש איז געוועזן צופריעדען מיט זיין זיעג און ער האָט צוגעשטימט.

— אבער זי פערדינט גנאדע, — האָט צוגעלייגט דער קופּעץ.

אלע האָבען איינגעשטימט. דער ארטעלשטיק נור האָט גע־טענה'ט, אז מען דארף שטעלען פּשוט „ניין, ניט שולדיג".

— נו, אזוי קומט דאָך דאָס אויס, — ערקלעהרט דער עלט־סטער, — אהן דער אבזיכט צו רויבען און קיין זאך האָט זי ניט גע'גנב'עט, הייסט עס דאָך, אז זי איז ניט שולדיג.

— נו, האקט אזוי: און זי פערדינט גנאדע. הייסט עס, אז טאָמער בלייבט וואס, וועט דאָס לעצטעם ארָאָפּוואשען אין גאנצען, — האָט פריילייך א מאך געטאָהן מיט'ן האנד דער קופּעץ.

אלע זיינען שוין געוועזן אזוי מיעד, האָבען זיך אזוי פער־פּלאָנטערט פון דעם האמפּערן זיך, אז זיי האָבען פערגעסען צו שרייבען צו דעם ענטפער די ווערטער: „יא, אבער אָהן דער אב־זיכט צו נעהמען דאָס לעבען".

נעכלודאָוו איז געוועזן אזוי צוטראָגען, אז ער האָט דאָס אויך

יט בעמערקט, און אזוי זיינען די אנטווארטען אריינגעטראגען געווארען אין געריכטס־זאאל.

ר א ב ל ע דערצעהלט פון א יוריסט צו וועלכען עס זיינען געקומען צוגעהן צוויי בעל משפט׳ניקעס, און נאך דעם ווי ער האט זיי אויפגעמישט אלערליי געזעצע און האט זיי איבערגעלייענט א צוואנציג בלעטער פון אונזיניגע יוריסטישע ליטיין, האט ער זיי געמאכט א פארשלאג אויסצו־ווארפען מיט ביינדלעך: „אום צו גראד?“ אויב ג ר א ד אין דער ערשטער גערעכט, אויב א ו ם איז דער צווייטער גערעכט.

אזוי איז דאס געווען אויך דא. עס איז אנגענומען געווארען אזא ענטשיידונג און ניט אן אנדערע, ניט דערפאר, ווייל אלע האבען טאקע אין הארצען אזוי איינגעשטימט, זאנדערן, ווייל ערשטענס, דער פרעדסעדאטעל האט אזוי לאנג גערעדט זיין רעזירמע, אז ער האט דעם מאל פערגעסען זאגען דאס, וואס ער האט געוועהנליך ערקלעהרט אין אזעלכע פעלע, און נעמליך, דאס ענטפערענדיג אויף א פראגע, מעגען זיי זאגען: יא, שולדיג, אבער אהן דער אבזיכט צו נעהמען דאס לעבען; צווייטענס, דערפאר ווייל דער פאלקאווניק האט א לאנגע צייט געדולט א קאפ מיט זיין שוואגער׳ס ווייב, אז עס איז געווארען איבערדריסיג; דריטענס, ווייל נעכלודאוו איז געווען אזוי צוטראגען, אז ער האט גאר ניט בעמערקט ווי מען האט דורכגעלאזען און ניט געמאכט דיעזע נויטווענדיגע בעמערקונג און האט געמיינט, אז די ווערטער: „אהן דער אבזיכט צו רויבען“ בעדייטען דאס זעלבע, און די בעשולדיגונג ווערט אין גאנצען פערניכטעט; פערטענס, ווייל פיאטר געראסימאוויטש איז גראד ארוים פון צימער בשעת מען האט געשריעבען דעם ענטפער אויף דיעזער פראגע, און הויפטזעכליך, ווייל אלע זיינען שוין געווען אזוי מיעד, אז עס האט זיך איטליכען געוואלט וואס גיכער פטור ווערען פון דער גאנצער געשיכטע און דאפיר זיינען אלע צופריעדען געווען מיט אזעלכע ענטפערס, וועלכע וועלען גיכער מאכען א סוף און מען וועט בעפרייט ווערען.

די געשוואָרענע האָבען אנגעקלונגען.

דער זשאנדארם, וועלכער איז געשטאַנען מיט דעם בלויזען שווערד לעבען טיהר, האָט אריינגעדוקט דעם קלינג אין שייד און האָט זיך א שטעל געטאָהן אָן א זייט. די ריכטער האָבען פאַרנומען זייערע פּלעצער; איינער נאָך איינעם זיינען ארויס די געשוואָרענע.

דער עלטסטער האָט טריאומפירענד געטראָגען די ליסטע. ער איז אונטערגעגאנגען צום פּרעדסעדאטעל און האָט עס איהם דערלאנגט. דער פּרעדסעדאטעל האָט איבערגעלעזען און, ווי עס האָט געשיינט, איז ער נשתומם געוואָרען, האָט שטוינענד פאַנאַנדערגענומען די הענד און האָט זיך געווענדעט צו די אנדערע ריכטער נאָך א ראטה.

דער פּרעדסעדאטעל איז דאָס פערוואונדערט געוואָרען פון דעם פעהלער, וואס די געשוואָרענע האָבען געמאכט אין פערפעהלען צו בעמערקען די ווערטער „נור אהן דער אבזיכט צו נעהמען דאָס לעבען". נאָך דיעזער ענטשיידונג פון די געשוואָרענע איז אויסגעקומען, אז מאסלאָווא האָט ניט גע'גנב'עט, האָט ניט גערויבט, און אין דערזעלבער צייט האָט זי גע'הרג'עט א מענשען סתם אזוי אהן יעדער צוועק.

— זעהט נור וואס פאר א מין דומהייט זיי האָבען דאָ ארויסגעטראָגען, — האָט דער פּרעדסעדאטעל געזאָגט דעם ריכטער פון דער לינקער זייט, — דאָס הייסט דאָך קאטאָרזשנע ארבייט, און זי איז נעבעך אונשולדיג.

— נו, גאר אונשולדיג, — האָט א בורטשע געטאָהן דער ביי־זער ריכטער.

— פּשוט איז פּשוט, אונשולדיג. איך רעכען אז פיר דיעזען צופאל איז אקוראט פאסענד דער פּאראגראף 818. (דער פּונקט 818 לויטעט, דאָס אויב די ריכטער געפינען דעם אורטהייל פון די געשוואָרענע פאר אונגערעכט, דאן קענען זיי אומבייטען אזא ענטשיידונג אויף אן אנדערע).

— ווי דיינקט איהר? — האָט ער זיך געווענדעט צום ריכטער מיט גוטע אויגען.

— איך רעכען אויך, אז עס וואָלט געווען גלייך אזוי, — האָט דיעזער געענטפערט.

— און איהר? — האָט ער געפרעגט דעם ריכטער מיט די ברילען.

— קיין מאָל אין דער וועלט ניט, — האָט דיעזער געענטפערט ענטשלאָסען, — די צייטונגען זיינען שוין אזוי אויך פול דאמיט, אז דאס געריכט פעראורטהיילט קיין מאָל קיין פערברעכער ניט און דאָס ווערט פערדעכטיגט; וואס וועט מען נאָך זאגען, ווען מען וועט הערען, אז די געשווארענע האָבען געפונען שולדיג און דאס געריכט האָט פריי־געשפּראָכען. ניין, איך שטים אויף קיין פאל ניט איין.

— א רחמנות, אבער וואס קען מען מאכען, — האָט דער פּרעדסעדאטעל בעדויערנד געענטפערט און ער האָט איבערגעגעבען די ליסטע מיט פראגען דעם עלטסטען צום פארלעזען.

אלע זיינען אויפגעשטאנען, און דער עלטסטער האָט זיך אָפּגעהוסט, האָט זיך איבערגעשטעלט פון איין פוס אויף דער אנדערער און האָט גענומען איבערלעזען די פראגען און אנטווארטען.

אלע טהייל־נעהמער אין פּראצעס: דער סעקרעטער, די אדוואָקאטען, אפילו דער פּראָקוראָר, זיינען נשתומם געווארען.

די אנגעקלאגטע זיינען זיך געזעסען רוהיג. ווי עס האָט געשיינט האָבען זיי ניט פערשטאנען די בעדייטונג פון די אנטווארטען.

אלע האָבען זיך ווידער געזעצט און דער פּרעדסעדאטעל האָט א פרעג געטאָהן דעם פּראקוראָר: וועלכע שטראפע וואָלט ער אויסזעצען געגען די פעראורטהיילטע?

דער פּראָקוראָר, וועלכער איז געווען אונגעהייער צופריעדען פון זיין ערפאלג אין בעצוג אויף מאסלאָווא, דיינקענדיג אז דאס איז צו פערדאנקען זיין אראטאָרישער פעהיגקייט, מיט וועלכע ער האָט געהאלטען זיין גלענצענדע רעדע, איז אויפגעשטאנען,

האָט זיך איינגעקוקט אין עפּעס א ביכעל און האָט געזאָגט:

— סעמיאָן קאַרטינקין וואָלט איך פאָרשלאָגען צו אונטער־וואַרפען א שטראפע לויט קאפּיטעל 1452, פּאַראַגראַף 4; יעפי־מיא באָטשקאָוואַ לויט קאפּיטעל 1659 און יעקאַטערינאַ מאסלאָ־וואַ אויף גרונד פון קאפּיטעל 1454.

אלע דיעזע בעשטראַפונגען זיינען געוועזען די העכסטע גראַד, די שטרענגסטע, וועלכע מען האָט געקענט אהער צופּאסען.

— די ריכטער וועלען ארויס אין בעראַטהונגס צימער אום צו קומען צו א בעשלוס — האָט, זיך אויפהויבענדיג, געזאָגט דער פּרעזידענט.

נאָך איהם האָבען זיך אלע אויפגעהויבען און ערלייכטערט, מיט אן אנגענעהמערען געפיהל, אז זיי האָבען געטאָהן א גוטע זאַך, האָבען זיי אנגעהויבען ארויסצוגעהן פון זאאַל אָדער אין זאאַל גופא צו בעוועגען זיך.

— אַך, מיר האָבען דאָך, ברודערל, אזוי מיאוס געלייגט, — האָט זיך אָבגערופען פּיאָטר געראַסימאָוויטש, אונטערקומענדיג צו נעכלודאָוו'ן, וועלכען דער עלטסטער האָט עפּעס איצט דער־צעהלט, — ווער, מיר האָבען איהר דאָך צוגעדיענט קאַטאָרגע.

— וואָס רעדט איהר? — האָט א געשריי געטאָהן נעכליו־דאָוו, ניט בעמערקענדיג שוין איצט די אונאנגענעהמע פאמיליא־ריטעט פון'ם לעהרער.

— יאָ, אזוי איז דאָס, — האָט ער געענטפערט — מיר האָ־בען זיך פערגעסען ארייננשטעלען אין ענטפער: „שולדיג, אָבער אָהן דער אבזיכט צו נעהמען דאָס לעבען". מיר האָט דאָס נור וואָס דער סעקרעטער געזאָגט, דער פּראָקוראָר האָט איהר אויסגע־זעצט 15 יאָהר קאַטאָרגע.

— אזוי איז דאָך אָבער געוועזען אונזער ענטשיידונג — האָט זיך אָבגערופען דער עלטסטער.

פּיאָטר געראַסימאָוויטש האָט אנגעהויבען האמפּערן זיך, האָט געגעבען צו פערשטעהן, אז אזא ענטפער איז געוועזען א זעלבסט־פערשטענדליכע זאַך, אז אנדערש האָבען גאָר אלע ניט געמיינט,

דען איין מאָל האָט מען געפונען, אז זי האָט דאָס געלד ניט גע־נומען, טאָ וואס פאר א צוועק האָט זי געהאט אין נעהמען דאָס לעבען פונ׳ם קופּעץ?

— איך האָב דאָך אבער געלייענט די פראַגען און אנטוואר־טען, איידער מיר זיינען אריין אין זאאל, פאר אלעמען אין דער־הויך, — האָט זיך פערענטפערט דער עלטסטער, — און קיינער האָט דאָך א וואָרט ניט געזאגט.

— איך בין גראדע אויף דער מינוט ארויס פון צימער, — האָט געזאגט פיאטר געראסימאָוויטש, — אבער ווי האָט איהר דאָס געקענט אזוי דורכלאָזען?

— מיר איז גאר ניט איינגעפאלען אזא זאך, — האָט גע־ענטפערט נעכלודאָוו.

— זעהט איהר דאָך, נו, אייך איז ניט איינגעפאלען.

— מען קען דאָך דאָס אבער פעררעכטען, — האָט זיך א כאפּ געטאָהן נעכלודאָוו.

— נו, פעררעכטען קען מען שוין ניט. עס איז איצט שוין פערפאלען.

נעכלודאָוו האָט א קוק געטאָהן אויף די ארעסטאנטען. זיי אליין, די זעלביגע, וועמעס שיקזאל עס דארף זיך איצט ענטשיידען, זיצען נעביך נאָך אלץ אזוי אונבעוועגט צווישען די צוויי קאָנוואָינע סאָלדאטען. מאסלאָווא האָט עפּעס א שמייכעל געטאָהן.

און דאָס האָט ערוועקט אין נעכלודאָוו׳ן א שלעכטען גע־פיהל. פריהער, ווען ער האָט ערווארטעט, אז זי וועט פרייגעשפּראָ־כען ווערען, האָט ער געדיינקט, ווי זאל ער זיך פערהאלטען געגען איהר, זי בלייבט דאָך אין שטאדט און פריי. און ער האָט ניט גע־וואוסט, ווי ער זאל טאָהן; אבער קאטארגע, ווייט אין סיביר, דאָס ראמט דאָך זי גלייך אָפּ און ניטאָ וואס צו טראכטען איבער דעם ווי צו פערהאלטען זיך: דער ניט דערשלאָגענער פויגעל וואָלט זיך אויפגעהערט צו צאפּלען אין יאגד־טאש, און וואָלט ניט עראינערען מעהר וועגען זיך.

24.

פיאָטר גערַאסימאָוויטש׳עס נביאות איז מקוים געוואָרען.

אומקעהרענדיג זיך פון בעראטהונגס־צימער האָט דער פרעד־סעדאטעל גענומען אין האנד א פאפיר און האָט געלעזען:

„...188טען יאהר, אפריל דען 28טען, לויט דעם בעפעהל פון זיין קייזערליכער מאיעסטעט, האָט דער אָקרוזשנאָי סוד פון שטאָדט .N אין זיין קרימינאל־אבטהיילונג, לויט׳ן בעשלוס פון די געשוואָרענע אויף גרונד פון 3טען פונקט קאפיטעל 771 און פונקט 3 קאפיטעל 776 און 777 פון שטראף־געזעץ־בוך, ענטשיעדען: דעם פויער סעמיאָן קארטינקין, 33 יאהר אלט, און די מעשצאנ־קע יעקאטערינא מאסלאָווא, 27 יאהר אלט, פערשיקען אויף קא־טארזשנע ארבייט, אפנעהמענדיג פון זיי אלע רעכטע: קארטינ־קין אויף 8 יאהר, און מאסלאָווא אויף 4 יאהר, און פארביידען מיט די אלע פאלגען נאָך פונקט 25 פון שטראף קאָדעקס.

די מעשצאנקע יעפימיא באָטשקאָווא, 43 יאָהר אלט, אָב־נעהמענדיג פון איהר אלע רעכטע, ארייגזעצען אין אסטראָג אויף 3 יאהר, מיט די אלע פאָלגען נאָך פונקט 49 פון שטראף־קאדעקס.

די געריכטס־קאָסטען אין דיעזען פראָצעס זאלען גלייך פער־טהיילט ווערען אויף די פעראורטהיילטע און אויף דער רעגירונג, און אויב די פעראורטהיילטע זיינען אונפערמעגליך זאלען די גאנצע קאסטען פאלען אויף דער רעגירונג.

די זאכליכע בעווייזע אין דיעזען פראָצעס זאלען פערקויפט ווערען, דעם רינג זאל מען אומקעהרען און די גלעזעל פערניכטען".

אזוי האָט געלויטעט דער אורטהייל פון געריכט.

קארטינקין איז געשטאנען, אויך אזוי אויסגעצויגען, די הענד אויסגעלאָזען גלייך מיט די נעט פון די הויזען, און די באקען האָ־בען זיך געשאָקעלט, ווי פון אנפאנג געריכט. באָטשקאווא האָט אויסגעזעהן אין גאנצען רוהיג. מאסלאָווא איז רויט און בלוי גע־וואָרען, דערהערענדיג דעם אורטהייל.

— איך בין אונשולדיג, איך בין אונשולדיג, — האָט זי פלוצלונג אויסגעשריען איבער׳ן גאנצען זאאל. — דאָס איז א

זינד. איך בין אונשולדיג. איך האָב ניט געוואָלט, האָב ניט גע־מיינט. איך זאָג דעם אמת. דעם אמת, — און זינקענד אויפ'ן באנק האָט זי זיך פאַנאַנדערגעוויינט אויפ'ן קול.

ווען קאַרטינקין און באַטשקאָווא זיינען אַרויס, איז זי נאָך אַלץ געזעסן אויף איין אָרט און האָט הויך געוויינט; דער זשאַנ־דאַרם האָט זי געמוזט אַ שלעפּ טאָהן פאַר'ן אַרבעל פון אַרעס־טאַנטסקען כאַלאַט.

— ניין, אַזוי לאָזען איז עס אונמעגליך, — האָט זיך גע־טראַכט נעכלודאָוו, פערגעסענדיג אין גאַנצען זיין שלעכטעם גע־פיהל, און, אַליין ניט בעמערקענדיג ווי אַזוי, איז ער אַרויסגעלאָפען אין קאָרידאָר נאָך אַמאָל אַ קוק צו טאָהן אויף איהר. אין די טיה־רען האָט זיך געשטויסען דערוויל די לעבעדיגע מאַסע פון גע־שוואָרענע און אַדוואָקאַטען, וועלכע זיינען אַרויס צופריעדען וואָס דער פּראָצעס איז שוין אַמאָל געענדיגט.

ווען ער איז אַרויס אין קאָרידאָר איז שוין מאַסלאָווא גע־ווען ווייט.

מיט שנעלע שריט האָט ער זי דעריאָגט, ניט טראַכטענדיג וועגען דעם, אַז דאָס וועט ערוועקען אויפמערקזאַמקייט פון אַלע־מען; ער איז אַריבערגעלאָפען עטליכע טריט ווייטער פון איהר און האָט זיך אָבגעשטעלט. זי האָט שוין אויפגעהערט אונטערדע־סען וויינען און האָט זיך נור יעדע ווייל אָפגעזיפצט, אָפּווישענ־דיג דאָס געזיכט, אויף וועלכען עס האָבען אַרויסגעטראָטען רויטע פלעקען און זי איז פערבייגעגאַנגען פערביי איהם, אָהן אַרומ־צוקוקען זיך.

ווען זי איז אַריבער האָט ער שנעל זיך אומגעקעהרט צוריק אום צו טרעפען זיך נאָך מיט דעם פּרעדסעדאַטעל, אָבער דער לעצ־טער איז שוין אוועק און נעכלודאָוו האָט זיך געמוזט צו איילען און דעריאָגען איהם ביים אַרויסגעהן.

— הערר פּרעדסעדאַטעל, — האָט נעכלודאָוו זיך צו איהם געווענדעט אין דער ווייל, ווען ער איז שוין געשטאַנען לעבען טיהר אָנגעטאָהן אין מאַנטעל און האָט צוגענומען דעם שפּאַנעם

שטעקען מיט דער זילבערנער גאלקע פון דעם שווייצער: — קען איך מיט אייך ריידען עטליכע ווערטער וועגען דעם פּראָצעס, וואָס האָט זיך נור וואָס געענדיגט? איך בין א געשווארענער.

— אך, געוויס, פירסט נעכלודאָוו, זעהר אנגענעהם, מיר האָבען זיך, דוכט זיך, שוין אמאָל געטראפען צוזאמען, — האָט געזאגט דער פּרעדסעדאטעל, דריקענדיג נעכלודאוו'ס האנד און ערינערענדיג זיך מיט הנאה, ווי גוט און פריילאך זיי האָבען אמאָל צוזאמען פערבראכט און ווי ער האָט דאן געטאנצט — בעסער פון אלע יונגע, — נון, מיט וואס קען איך אייך בעהילפיג זיין?

— עס איז פארגעקומען א מיספערשטענדניס אין דעם ענטפער וועגען מאסלאָווא. זי איז ניט שולדיג אין דער פערגיפטונג, און פון דעסטוועגען האָט מען זי פער'משפט אויף קאטאָרגע, — האָט מיט א טרויעריגער מינע געענטפערט נעכלודאָוו.

— דאָס געריכט האָט ארויסגעגעבען דעם אורטהייל אויפ'ן גרונד פון די אנטווארטען, וועלכע איהר האָט אליין געגעבען, — האָט זיך אפּגערופען דער פּרעדסעדאטעל, ארויסגעהענדיג פון טיהר, — אבוואָהל די אנטווארטען האָבען פאר'ן געריכט געשיינט צו זיין גאנץ ניט פּאסענד לויט די פערהעלטניסע פון דער בעשולדיגונג.

ער האָט זיך איצט דערמאָנט, אז ער האָט געוואלט ערקלערען פאר די געשווארענע, אז אויב זייער אנטווארט וועט זיין: „שולדיג", ניט אויסטייטשענדיג דאביי, אז עס איז געטאָהן געווארען אהן אבזיכט, דאן וועט דאס בעדייטען, אז זי איז שולדיג אין געבען גיפט מיט דער אבזיכט צו טויטען, אבער אזוי ווי ער האָט זיך געאיילט צו ענדיגען זיין רעזיומע, האָט ער דיעזע ערקלערונג דורכגעלאזען.

— אבער קען מען דען ניט פעררויכטען אזא פעהלער?

— אָ, מען קען אימער געפינען אן אורזאכע צו דערלאנגען א קאססאציע. מען דארף זיך ווענדען צו אדוואָקאטען, — האָט געזאגט דער פּרעדסעדאטעל, אָנטאָהנדיג זיין הוט עטוואָס אויף א זייט און ארויסגעהענדיג דרויסען.

— אבער דאס איז דאך שרעקליך.

— זעהט איהר, מיין פריינד, פאר מאסלאָווא איז פארגעשטאַנען איינס פון די צוויי — האָט דער פרעדסעדאטעל מיט אן אנגענעהמער העפליכקייט גערעדט, נעהמענדיג נעכלודאוו'ן געארמט, און געהענדיג מיט איהם. — איהר געהט דאך אויך, ניט וואהר?

— יא, — האָט שנעל געענטפערט נעכלודאוו, אונטערזאָגענדיג זיך צו געהן גלייך מיט איהם.

דרויסען האָט געשיינט די קלאָהרע, פרעהליך־מאכענדע זונן, און עס איז אויסגעקומען פאר זיי צו ריידען העכער, איבער די קלאפעריי און רויש פון רעדער.

— די לאגע, ווי איהר זעהט, איז זעהר א זאנדערבארע, האָט פארטגעזעצט דער פרעדסעדאטעל, ריידענדיג העכער, — איהר דיעזער מאסלאָווא, איז פארגעשטאנען איינס פון דיביידע: כמעט אין גאנצען ארויס ריין אדער אָפזיצען א קלייניגקייט אין אסטראָג, פון וואס מען האָט געקענט אראָפרעכענען דאס וואָס זי איז שוין געזעסען, אדער קאטאָרגע. קיין מיטעלוועג איז דאָ ניטאָ. אויב מען וואלט צום ענטפער צוגעלייגט די ווערטער: „אבער אהן דעם אבזיכט צו נעהמען דאס לעבען“, וואלט זי ארויס אונשולדיג.

— עס איז אונפערצייהליך פון מיר, וואס איך האָב דאס דורכגעלאזען אונבעמערקט, — האָט ווידער געזאגט נעכלודאוו.

— אָט דעריין, ווי איהר זעהט, איז די גאנצע זאך, — האָט זיך שמייכלענדיג געזאגט דער פרעדסעדאטעל, א קוק טאָהנדיג אויפ'ן זייגער.

עס איז אין גאנצען איהם געבליבען נאָך דריי־פערטעל שטונדע ביז דער צייט, ווען ער האָט געדארפט זיך טרעפען מיט קלארא.

— איצט, ווען איהר ווילט, ווענדעט זיך צו אן אדוואקאט. מען דארף געפינען אן אורזאכע פיר א קאסאציע. אבער דאס קען מען אימער געפינען. אויף דוואָריאנסקע — האָט ער דערוויייל א זאָג געטוהן דעם איזוואָזטשיק, וועלכער איז אונטערגעפאהרען אויף זיין צייכען — 30 קאפיקעס, מעהר צאָהל איך קיינמאָהל נישט.

— ביטע, עקסעלענץ.

— נון, בלייבט וואָהל, אויב איך קען אייך מיט וואס בעהילפיג זיין, זעהר גערן, דוואָרניקאָוו'ס הויז, אויף דוואָריאנסקע גאַס, עס איז לייכט צו געדיינקען.

ער האָט זיך העפליך פערנייגט און איז שוין געזעסען אין דראָשקע.

25.

דער געשפרעך מיט דעם פרעדסעדאטעל און די ריינע לופט האָבען אביסעל בערוהיגט נעכלודאָוו'ן. איהם האָט זיך איצט געדוכט, אז ער האָט אביסעל פערגרעסערט פריהער די אונאנגענעהמליכקייט, וועלכע ער האָט געפיהלט, דערפאר וואס די גאנצע פערהעלטניסע, אין וועלכע ער האָט זיך איינגעפונען דעם טאָג, זיינען פאר איהם אונגעוועהנליכע.

„פארשטעהט זיך, אז דער צופאל אליין איז וואונדערבאר און איבערראשענד!“ יא, מען מוז טאָהן אלעס מעגליכעס און צו פערלייכטערן כאָטש איהר שיקזאל. טאקע גלייך מוז עס געטאָהן ווערען. יא מען דארף ארייגעהן צוריק אין געריכט און דערוויסען זיך טאקע דא גופא, וואו עס וואהנט פאנארין אדער מיקישין. ער האָט זיך דערמאָנט די נעמען פון דיעזע צוויי בעוואוסטע אדוואָקאטען.

נעכלודאוו איז אריין צוריק אין געריכט, האָט אויסגעטאָן אונטען אין פאָדער־צימער דעם מאנטעל און האָט זיך גענומען געהן אויף די טרעפ. גלייך אין ערשטען קארידאר האָט ער בעגעגענט טאקע דעם אדוואָקאט פאנארין. ער האָט איהם אבגעשטעלט און האָט געזאגט, אז ער האָט מיט איהם עטוואָס צו ריידען.

פאנארין האָט נעכלודאוו'ן געקענט פון זעהען און פון הערען

דעם נאמען, און ער האָט העפליך געענטפערט, אז ער איז זעהר גערן צו טאָהן פאר איהם אלעם אם אנגענעהמסטען.

— איך בין זאגאר ערמידעט... אָבער אויב עס איז ניט אויף לאנג, זאָ זאָגט מיר גלייך וועגען וואָס עס האנדעלט זיך: אָט לאָמיר אריין אהער.

און פאנארין האָט ארייגעפיהרט נעכלודאוו'ן אין איינעם פון די צימערען, וואהרשיינליך איז דאס געווען א קאבינעט פון א ריכטער, און זיי האָבען זיך געזעצט ביים טיש.

— נון, וואס איז דאָס?

— אם אלעם ערשטען וויל איך אייך בעטען, קיינער זאל דער־פון ניט וויסען, — האָט נעכלודאוו געזאגט, — קיינער ניט, אז איך שטעק זיך אין דיעזען עסק.

— נון, דאס איז דאָך זעלבסטפערשטענדליך, אלזאָ...

— איך בין היינט געווען געשוואָרענער און מיר האָבען פער־אורטיילט א פרוי צו קאטאָרזשנע ארבייט, — אן אונשולדיגע. מיך פלאגט עס...

נעכלודאָוו איז רויט געווארען, גאנץ אונערוואַרטעט פאר זיך אליין, און האָט אנגעהויבען צו שטאמלען. פאנארין האָט אויף איהם א בליץ געטאָהן מיט די אויגען, וועלכע ער האָט באלד צו־ריק ארונטערגעלאזען, און האָט זיך צוגעהערט.

— נון, אלזא? — האָט ער בלויז א פרעג געטאָהן ווייטער.

— מען האָט פעראורטהיילט אן אונשולדיגע, און איך האָב געוואלט מען זאל דערלאנגען א קאסאציע, דער פראצעס זאל ווידער פארקומען אין א העכערען געריכט.

— אין סענאט, — האָט פעררירכט פאנארין.

— נו, בעט איך דאס אייך, איהר זאָלט זיך נעהמען פאר דיע־זען פראָצעס.

נעכלודאוו האָט געוואלט וואס שנעלער ענדיגען דאָס שווער־סטע און ער האָט דערפאר, ניט ווארטענדיג אויף א'ן אנטוואָרט, געזאגט גלייך:

— די קאָסטען און בעלאָהנונג, דאס נעהם איך אלעם אויף

זיך, ווי גרויס זיי זאָלען ניט זיין, — האָט ער געזאָגט גיך און איז ווידער רויט געוואָרען.

— נון, מיר וועלען שוין וועגען דעם דורכקומען, — האָט דער אדוואָקאט א שמייכעל געטאָהן פון נעבלודאָוו'ס אונערפאהרענהייט, — וואס פאר א פּראָצעס איז דאָס?

נעבלודאָוו האָט איהם דערצעהלט.

— זעהר גוט, איך וועל מאָרגען נעהמען די אַלע פּאַפּיערען פון'ם פּראָצעס און וועל זיי גוט דורכקוקען, און איבערמאָרגען, ניין, בעסער דאָנערשטאָג, קומט צו פאהרען צו מיר א זייגער 6 פאַרנאַכט און איך וועל אייך געבען אן אנטוואָרט. איז עס רעכט? נו, קענען מיר איצטער געהן, איך האָב דאָ נאָך ספּראַווקעס צו מאַכען.

נעבלודאָוו האָט זיך געזעגענט מיט איהם און איז ארויס.

די אונטערהאַלטונג מיט דעם אדוואָקאט און דאָס אַליין, וואס ער האָט שוין אנגעהויבען פּאַרצונעהמען מיטלען פיר איהר פערטהיידיגונג, האָבען איהם מעהר בערוהיגט.

ער איז ארויס דרויסען. דער וועטער איז געווען זעהר שעהן. ער האָט מיט פריידע איינגעאָטהעמט אין זיך די פריהלינגסלופט. איזוואָזטשיקעס זיינען אונטערגעפאהרען און האָבען איהם אנגעבאָטען זייערע דראָשקעס, אבער ער האָט ניט געוואָלט, ער איז געגאַנגען געהן צו־פוס, און א גאַנצע מחנה רעיונות האָבען זיך ערוועקט ביי איהם אין מוח.

ערינערונגען וועגען קאַטושא און וועגען זיין בעגעהן זיך מיט איהר האָבען זיך געדרייט אַלץ אין זיין קאָפּ, און איהם איז געוואָרען אַזוי ביטער, און אַלעס האָט אויסגעזעהן אזוי פינסטער טרויעריג.

„ניין, איך וועל וועגען דעם צייט האָבען דערנאָך טראַכטען" — האָט ער צו זיך גערעדט, — „און דערווייל, פערקעהרט, דאַרף מען זעהען זיך אביסעל אונטערהאַלטען און פערטרייבען די שווערע איינדריקע".

ער האָט זיך דערמאָנט וועגען דעם מיטאָג ביי די קאָרטשאַ-

גינס, צו וועלכע ער איז געווען איינגעלאדען, און ער האָט אַ קוק געטאָהן אויפ'ן זייגער. עס איז נאָך ניט געווען שפּעט, און ער האָט נאָך געקענט בעוויזען צו קומען אהין צו מיטאג. די קאָנקע האָט פערביי געקלונגען. ער איז אונטערגעלאָפען און איז ארויפגע־שפּרונגען. ער איז נור צוגעפאהרען ביז דעם פאראדעם פּלאַץ אָן דאָרט איז ער אראָפּגעשפּרונגען, האָט גענומען אַ גוטען איזוואָז־טשיק און אין צייט פון צעהן מינוט איז ער שוין געווען לעבען פאראדנעם ארייגאנג פון קארטשאגינ'ס הויז.

## 26.

— ביטע, דורכלויכט, מען ווארט אויף אייך, — האָט גע־זאגט העפליך און אונטערטהעניג דער פעטער שווייצער פון קאָר־טשאגינ'ס הויז, עפענענדיג די גרויסע, דובאָווע, געשניצטע טיהר אין פאראדנעם ארייגאנג פאר נעכלודאוו'ן — זיי זיינען ביים טיש, אבער אייך האָט מען בעפאהלען איינצולאדען, ווען איהר וועט קומען.

דער שווייצאר איז, אזוי ריידענדיג צוגעגאנגען צום גלעקעל און האָט אנגעקלונגען.

— איז יעמאנד פון געסט דאָ? — האָט אַ פרעג געטאָהן נעכלודאוו אויסטוהענדיג דעם מאנטעל.

— דער העדר קאָלאָסאָוו און מיכאאיל סערגעיעוויטש, און ווייטער זיינען דורכאוים אייגענע, — האָט געענטפערט דער שוויי־צאר.

פון די טרעפּ איז אראָפּ דער שעהנער לאקיי אין אַ פראַק און ווייסע האנדשוה.

— ביטע, אייער דורכלויכט, — האָט ער זיך פערנייגט, — מען האָט בעפעהלען איינצולאדען אייך.

נעכלודאוו איז ארויף די בעקאנטע טרעפּ און איז אריין אין

גרויסען, ברייטען זאַאל און פון דאָרט איז ער געגאַנגען צום עסס־צימער.

אין עסס־צימערביים טיש איז געזעסען דאס גאַנצע געזינד, מיט דער אויסנאַהמע פון דער מוטער, די פירסטין סאָפיא וואַסיליעוונא, וועלכע איז קיין מאָל ניט ארויס פון איהר קאַבינעט. גאַנץ אויבען־אָן ביים טיש איז געזעסען דער אַלטער קאַרטשאַגין, צו זיין לינקער זייט איז געזעסען דער דאָקטאָר, פון דער אנדער זייט איז געזעסען דער גאַסט, איוואַן איוואַנאָוויטש קאָלאָסאָוו, א געוועזענער פּרעדוואָדיטעל דוואָריאַנסטווא; ער איז געוועזען א ליבעראַלער גוטער־פריינד פון קאַרטשאַגין; לעבען איהם איז געזעסען מיסס רעדער, די גאָווערנאַנטין פון דער קליינער טעכטערל קאַרטשאַגינ׳ס א 4 יעהריגע מיידעל; אנטגעגען דער גאָווערנאַנטין איז געזעסען פּעטיא, קאַרטשאַגין׳ס איין איינציגער זוהן, א גימנאַזיסט פון 6טען קלאַסס, פון זיינטוועגען איז דאָס איצט דאס גאַנצע געזינד געבליבען נאָך אין שטאָדט, ערוואַרטענדיג ווען עס וועלען זיך ענדיגען זיינע עקזאַמענס; לעבען פּעטיא איז געזעסען זיין הויז־לעהרער, א סטודענט; נאָך איהם צו דער לינקער האַנד איז געזעסען קאַטערינא אַלעקסעיעוונא, א 40 יעהריגע מויד, א סלאַוויאַנאָפילקע; לעבען איהר איז געזעסען מיכאיל סערגעיעוויטש, אדער ווי אַלע האָבען איהם גערופען מישא טעליעגין, א שוועסטערקינד פון פריילין קאַרטשאַגין, אדער ווי מען האָט זי גערופען מיססי, און ביים ענדע טיש איז געזעסען מיססי אליין. לעבען איהר איז געשטאַנען נאָך א ליידיגער סערוויז.

— נון, אָט אזוי איז שעהן פון אייך, זעצט זיך, מיר האַלטען ערשט ביי פיש, — האָט ארויסגערעדט מיט שווערקייט, סמאָקטשענדיג די פיש מיט זיינע אריינגעשטעלטע צייהנער, דער אַלטער קאַרטשאַגין, אויפהויבענדיג זיינע רויטע, ברעמענלאָזע, מיט בלוט אנגעגאַסענע אויגען צו נעכלודאָוו׳ן.

— סטעפּאַן, — האָט ער זיך געווענדעט מיט׳ן פולען מויל צו דעם דיקען, גרויסאַרטיגען בופעטשיק, ווייזענדיג מיט די אויגען אויף דעם ליידיגען סערוויז.

אבוואהל נעבלודאוו האָט זעהר גוט געקענט קארטשאגין׳ען און האָט איהם שוין ניט דעם ערשטען מאָל געזעהן עסענדיג ביים טיש, נור היינט עפּעס האָט אויף איהם דיעזער רויטער פּנים מיט די ליידענשאפטליכע ליפּען, וואס האלטען תמיד אין בעסמאקעווען זיך, געמאכט אן אונאנגענעהמע ווירקונג; עס האָט איהם אפּגע־שטויסען דיעזע אפּגעפּרעסענע גענעראלסקע פיגור מיט דעם פּע־טען קארק ווי זי זיצט מיט׳ן סערוועטעל ארייגעשטעקט אין וועסט איבער א טעלער מיט פיש.

— מען וועט גלייך דערלאנגען, אייער דורכלויכט, — האָט געענטפערט סטעפּאן, בריינגענדיג פון בופעט די גרויסע זילבערנע לעפעל און געבענדיג א וואונק דעם שעהנעם לאקיי מיט באקענ־בארדען, וועלכער האָט גלייך מיט זיין ווייסען האנטעבעל פעררינכט און געבראכט אין ארדנונג דעם ניט געריהרטען סערוויז, וואס איז געשטאנען לעבען מיססי און איז געוועזען פערדעקט מיט א טישטיכעל, אויף וועלכער עס האָט געגלענצט א שעהנער הערב.

נעבלודאוו איז ארומגעגאנגען דעם גאנצען טיש, יעדערן דריי־קענדיג די האנד. אלע, אויסער די דאמען און דער אלטער קאר־טשאגין, האָבען זיך א הויב געטאָהן פון פּלאץ, וועהרענד ער האָט זיי דערלאנגט די האנד.

דיעזער ארומגעהן ארום טיש און דריקען די הענד און אלע־מענס אויפהויבען זיך דאביי, כאטש מיט די מעהרסטע פון זיי האָט ער אפשר קיין דריי ווערטער אין זיין לעבען ניט אויסגערעדט, האָט זיך איהם איצט עפּעס אויסגעוויזען בעזאנדערס אונאנגע־נעהם און לעכערליך.

ער האָט געבעטען אום פערצייהונג פאר וואס ער איז ביז אזוי שפּעט ניט געקומען און האָט זיך שוין געוואלט זעצען לעבען מיססי אויף דעם ליידיגען פּלאץ ביים טיש, אבער דער אלטער קארטשאגין האָט איהם געבעטען, דאס ער זאל פערזוכען פונ׳ם טיש, אויף וועלכען עס זיינען געשטאנען אלערליי פערבייסונגען צו שנאפּס, אבוואהל ער טרינקט קיין שנאפּס ניט.

אויף דעם טיש זיינען געשטאנען אלערליי געזאלצענע פיש,

איקרא, אלערליי קעז, און מארינירטע הערינג. נעכלודאָוו האָט גאָר אליין ניט ערוואַרטעט, אז ער איז אזוי הונגעריג און האָט זיך אזוי צוגעכאפט צום ברויט מיט קעז, אז ער האָט זיך ניט געקענט אפּרייסען אין מיטען און האָט געשמאַק געגעסען.

— נון, האָט איהר טאקע אונטערגעגראבען דעם סאמע פונדאמענט פון אונזער געזעלשאפטליכען לעבען? — האָט א זאָג געטאָהן קאָלאָסאָוו, מיינענדיג דאמיט צו שטעכען די רעאקציאָנערע צייטונגען, וועלכע שרייבען, אז דאס געריכט פון געשווארענע איז צו ליבעראל און איז א סכנה פאר דער געזעלשאפטליכער ארדנונג. — האָט איהר מסתמא פּרייגעלאזען שולדיגע און פערורטהיילט אונשולדיגע?

— אונטערגעגראבען דעם פונדאמענט, אונטערגעגראבען דעם פונדאמענט... — האט עטליכע מאָהל ווידערהאָלט דער אלטער פירסט, לאַכענדיג; ער האָט זעהר שטארק געגלויבט אין אלעם, וואס זיין ליבעראלער און וויסענשאפטליכער גוטער פריינד קאָלאָסאָוו זאָגט.

נעכלודאָוו האָט מורא געהאט, ער זאל ניט א זאָג טאָהן עטוואָס אונהעפליכעס, און האָט בעסער אין גאנצען געשוויגען. ער האָט זיך געזעצט באלד אויף זיין פּלאַטץ לעבען מיסי'ן, וואו עס איז שוין פאר איהם געווען אנגעגאָסען א הייסע טעלער זופּ און ער האָט מיט געשמאַק געשלונגען.

— לאָזט דאָך איהם פריהער אפּעסען, — האָט מיט א שמייכעל א זאָג געטאָהן מ י ס ס י, און אין דעם ארויסריידען פונ'ם וואָרט „איהם" האָט זי געלאָזט אנצוהערען, אז זיי זיינען ניט קיין פרעמדע.

קאָלאָסאָוו האָט דערווייל לעבעדיג און הויך דערצעהלט דעם אינהאלט פון א צייטונגס-ארטיקעל, וואו מען ברענט און בראָט דאס געריכט פון געשוואָרענע. מיכאאיל סערגעיעוויטש האָט איהם אויף אלעם צוגעבאַמקעט און ער האָט אויך דערציילט וועגען א מין ארטיקעל אין דער זעלביגער צייטונג.

מיססי, אזוי ווי אימער, איז געווען זעהר עלעגאנט און שעהן אנגעטאָן.

— איהר זייט וואהרשיינליך זעהר ערמידעט, אויסגעהונגערט

— האָט זי געזאגט נעכלודאווו'ן, ווארטענדיג ביז ער וועט צוקייען און אראָבשלינגען.

— ניין, ניט בעזאנדערס, און איהר? זייט איהר געפאהרען די מאלעריי זעהן? האָט ער זי צוריק געפרעגט.

— ניין, מיר האָבען אָפּגעלייגט, נור מיר זיינען דערפאר גע־ווען ביי די סאלאמאָטאָוו'ס, און איך מוז אייך זאגען ווירקליך אז מיסטער קרוקס שפּיעלט וואונדערבאר גוט.

נעכלודאוו איז געקומען אהער, אום צו צערשטרייען זיך: איהם איז אימער געווען אנגענעהם צו פערברייינגען אין דיעזען הויז, ניט נור דערפאר, ווייל די אריסטאָקראטישע בענעהמונגען, דער אויסגעפיינטערריידען האָט אנגענעהם געווירקט אויף זיינע געפיהלען, נור אויך דארום, ווייל דאָ האָט מען איהם געצערטעלט, מען האָט איהם געשענקט א בעזאָנדערע אויפמערקזאמקייט, וועלכע איז געווען אין דער זעלבער צייט אונבעמערקבאר.

אבער מערקווירדיג, היינט איז איהם אלעס אין דיעזען הויז אפּשטויסענד, — אלעס, אנהויבענדיג פון דעם שווייצאר, די ברייטע טרעפּ, די בלומען, די לאקעען, דער גאנצער טאראראם פון'ם פערפּוצטען טיש, ביז אפילו מ י ס ס י אליין, וועלכע האָט איהם היינט עפּעס אויך אויסגעזעהן אזוי ווייניג אנציהענד און אוננאטירליך.

איהם האָט אויך אונאנגענעהם געקלונגען דיעזער קנאקענ־דער, פּוסטער און עקעלהאפטער ליבעראליזמוס פון קאָלאָסאָוו מיט זיין פּרעכבער שטימע; איהם איז ניט אנגענעהם געווען צו קוקען אויף דער אקסענער, מגושם'דיגער פיגור פון דעם אלטען קאָר־טשאגין אליין; איהם זיינען אונאנגענעהם געווען די פראנצוי־זישע פראזען פון דער סלאוויאנאָפּילקע קאטערינא אלעקסעיעווגא; איהם זיינען אונאנגענעהם געווען די שעהמעוודיגע פּנים'ער פון דער גאָווערנאנטין און פון דעם סטודענט-לעהרער, און בעזאנדערס

איז איהם אונאנגענעהם געווען ווי זי האט ארויסגערעדט דעם וואָרט „איהם“, ריידענדיג וועגען איהם...

נעכליודאָוו איז אלע מאָהל געווען שוואנקענד אין זיינע פער־העלטניסע צו מיססי. א מאָהל האט ער אין איהר געזעהן אלעס שעהנעס, קוקענדיג עפּעס ווי דורך א דונקעלעס ליכט; דאן האט זיך איהם געדוכט, אז זי איז שעהן, אז זי איז קלוג און זאָגאר נאטירליך... און מאנכעס מאָהל פלעגט זי פּאר איהם פּלוצלונג ער־שיינען אין קלאָהרען ליכט, און דאן האט ער געזעהן אלעס, וואס איהר האט געפעהלט. עס האט ניט געקענט זיין, ער זאָל דאס ניט זעהן.

היינט איז דאס גראדע געווען אזא טאָג. ער האט אין איהר געזעהן אלע פעהלערען, אלע קנייטשען אויף איהר געזיכט, ווי איהרע האָאָר זיינען אויפגעשלאָגען, ווי איהרע עלענבויגענס זיינען שארף, און, הויפּטזעכליך, דעם ברייטען נאָגעל פון איהר גרויסען פינגער, וועלכער האט איהם ערAינערט אויף אזא נאָגעל אין איהר טאטענ׳ס פינגער.

— אך, איהר רעדט וועגען טענים־שפּיעל, מיר שיינט עס צו זיין זעהר א לאנגווייליגע שפּיעל. וואו קומט עס צו די שפּיעלען, אין וועלכע מיר פלעגען פערברייגגען אלס קינדער?

— ניין, איהר האט עס וואהרשיינליך ניט פערזוכט; עס איז א „שרעקליכער“ פערגעניגען דעריין צו שפּיעלען, — האט געענט־פערט מיססי.

נעכליודאָוו׳ען האט זיך געדוכט, אז זי האט בעזאָנדערס אונ־נאטירליך ארויסגערעדט דאס וואָרט „שרעקליך“.

עס האט זיך אָנגעהויבען א געשפּרעך איבער טענים, אין וועל־כען עס האבען אנטהייל גענומען אויך מיכאיל סערגעיעוויטש און קאטערינא אלעקסעיעוונא; נור דער לעהרער, די גאָווערנאנטין און די קינדער האבען געשוויעגען; זיי האבען געפיהלט, ווי עס האט געשיינט, זעהר לאנגווייליג.

— נור זיי האמפּערען זיך! — האט מיט א הויכען געלעכטער געזאָגט דער אלטער קארטשאגין, ארויסנעהמענדיג די סערוועטקע

פון זיין וועסט און אפּרוקענדיג זיין שטוהל, וועלכען דער לאַקיי האָט אונטערגעכאַפּט, — און איז אויפגעשטאַנען פון עסען.

נאָך איהם האָבען זיך אויפגעהויבען אַלע איבעריגע פון טיש און זיינען צוגעגאַנגען צום טישעל, אויף וועלכען עס זיינען געשטאַנען כלים מיט פערשיעדענע שמעקענדע וואַסערן צו שווייַנקען די מיילער. אָפּטהוענדיג דיעזע ארבייט האָבען זיי פאָרטגעזעצט דעם פריהערדיגען געשפּרעך, וועלכער האָט קיינעם פון זיי ניט אינטערעסירט.

— איז ניט וואָהר — האָט זיך געווענדעט מיססי צו נעכליודאָוו'ן — אז מען קען אין קיין זאַך ניט אזוי דערקענען דעם כאַראַקטער פון א פּערזאָן, ווי אין שפּיעלען?

זי האָט בעמערקט אין זיין געזיכט, ווי איהר האָט זיך געדוכט, א פּערוואורטהיילונגס־אויסדרוק, פיר וועלכען זי האָט אַלע מאָהל מורא געהאט, און זי האָט געוואָלט וויסען, וואָס האָט אין איהם דיעזעס ארויסגערופען.

— איך ווייס ווירקליך ניט; איך האָב וועגען דעם ווענינג געטראַכט, — האָט נעכליודאָוו געענטפערט.

— ווילט איהר געהן צו מאַמאַ? — האָט זי איהם א פרעג געטהאָן.

— יאָ, יאָ, — האָט ער געענטפערט, ארויסנעהמענדיג א פּאַפּיראָס, מיט אזא טאָן, וועלכער האָט קלאָהר געזאָגט, אז איהם ווילט זיך זעהר נ י ט געהן.

זי האָט אויף איהם שווייַגענדיג א קוק געטהאָן, און איהם איז געוואָרען פערדריסליך פאר וואָס ער בעהאַנדעלט זי אזוי. „ווירקליך, קומען צו מענשען אין הויז, אום צו פערבימערען זיי די צייט“— האָט ער זיך א טראַכט געטהאָן און האָט זיך געגעבען מיהע צו זיין העפליכער.

— איך וועל מיט פערגעניגען אריינגעהן צו מאַמאַ, אויב דער פירסטין וועט דאָס ניט זיין אונאנגענעהם, — האָט ער געזאָגט ווייך.

— אָה, מאַמאַ וועט זעהר גערן זיין אייך צו זעהן ביי זיך.

רויבערען קענט איהר דאָרט אויך, און איוואן איוואנאָוויטש איז אויך דאָרט.

די ווירטהין פון הויז, פירסטין סאָפיא וואסיליעוונא, איז גע־וועזן, אזוי צו זאָגען, א דאמע אויף אָבלעגער. דאָס איז שוין דאָס אכטע יאָהר, ווי זי ליעגט אויסגעפוצט אין שפּיצען און בענדער, אין סאמעט און זיידענס, ארומגערינגעלט מיט שעהנע מעבעל, בראָנזענע סטאטוען, בלומען און אלערליי אָרנאמענטען. זי איז אזוי געלעגען אין דער אנוועזענהייט פון געסט.

זי איז שוין צייט 8 יאָהר ניט אויסגעפאָהרען, און ניט ארויס פון הויז, און האָט צוגענומען נור „אייגענע פריינד“, דאָס הייסט יעדען, וועלכער איז ניט קיין געוועהנליכער בשר ודם.

נעכליודאָוו איז געווען גערעכענט אין דער צאָהל פון אזעלכע „אייגענע פריינד“, ערשטענס דערפאר וואס ער איז געווען גערע־כענט פאר א קלוגען יונגען מאן; צווייטענס, ווייל זיין מוטער איז געוועזן אן אינטימער פריינד פון דיעזער פאמיליע, און דערצו אויך, ווייל עס וואָלט געווען זעהר ווינשענסווערטה ער זאָל הייראטהען מיט מיססי׳ן.

דער קאבינעט פון דער פירסטין איז געווען נאָך דעם קליינעם גאסט־צימער, וועלכער איז געווען נאָך דעם גרויסען גאסט־צימער. אין דיעזען גרויסען גאסט־צימער האָט זיך מיססי, וועלכע איז גע־גאנגען בעפאָר נעכליודאָוו׳ען, אָבגעשטעלט און האָט זיך געווענדעט צו איהם מיט איהרע אויגען.

איהר האָט זיך שוין זעהר געוואָלט הייראטהען און נעכליודאָוו איז געווען א פּאסענדע פּארטיי. אויסער דעם איז ער איהר טאקע זעהר געפעהלען געוועזן, און זי האָט זיך שוין צוגעוואָהנט צו דעם געדאנק, אז ער וועט זיין איהרער; ניט זי וועט זיין זיינע, נור ער טאקי איהרער; און זי האָט גאנץ אונבעוואוסט, אָבער עקשנות׳דיג כיטרע — אזוי ווי עס טרעפט ביי גייסטיג־קראנקע — געזוכט צו עררייכען איהר צוועק.

זי האָט דאָס מיט איהם איצט אָנגעהויבען ריידען, אום ארויס־צוציהען פון איהם אן ערקלעהרונג.

— איך זעה, אז מיט אייך האָט וואָס פּאסירט — האָט זי אָנגעהויבען, — וואָס איז מיט אייך?

ער האָט זיך איצט עראינערט וועגען זיין בעגעגעניס אין גער־ריכט. זיין געזיכט האָט זיך פערצויגען ווי מיט א וואָלקען און ער איז רויט געוואָרען.

— יא, עס האָט וואָס פּאסירט, — האָט ער געענטפערט, וועל־לענדיג זאָגען דעם אמת: — א זאָנדערבארע, אויסערגעוועהנליכע און אויך זעהר וויכטיגע עראייגניס.

— וואָס איז עס אזוינס? קענט איהר מיר ניט זאָגען?

— פאָרלויפיג קען איך ניט. ערלויבט מיר ניט צו ריידען יעצט וועגען דעם. עס האָט פּאסירט אזוינס, וואָס איך מוז פריהער איבערטראכטען, בעדיינקען, — האָט ער געזאָגט און איז נאָך מעהר רויט געוואָרען.

— און איהר וועט מיר דאָס ניט דערצעהלען?

אויף איהר געזיכט האָט איין מוסקול א ציטער געטהאָן, און זי האָט א רוק געטהאָן דעם שטוהל, אָן וועלכען זי האָט זיך אָנגע־האַלטען מיט'ן האנד.

— ניין, איך קען דאָס אייך ניט זאָגען, — האָט ער געענט־פערט, פיהלענדיג, אז ענטפערענדיג אזוי אנערקענט ער טאקע אליין ווי וויכטיג עס איז דאָס, וואָס עס האָט מיט איהם פּאסירט.

— נו, טאָ לאָמיר געהן צו מאמא.

זי האָט א טרייסעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ, אזוי ווי זי וואָלט פערטריבען פון דאָרט אונפּאסיגע געדאנקען און איז אוועק פאָראויס מיט שנעלע טריט, שנעלער ווי געוועהנליך.

איהם האָט אויסגעוויזען, אז איהר מויל האָט זיך אזוי ווי אוננאטירליך א קרים געטהאָן, ווי איינצוהאלטען די טרעהרען. איהם האָט זעהר פערדראָסען אויף זיך, וואָס ער האָט איהר פער־אורזאכט שמערצען, וואָס ער האָט זי בעליידיגט מיט אזא שאַרפע האנדלונג, אָבער ער האָט געוואוסט, אז די קלענסטע שוואכקייט

איז איצט געפעהרליך פאר איהם, ד. ה. וועט איהם אייביג פער־בינדען מיט איהר.

ער האָט איצט מורא געהאט דערפאר און ער האָט זיך איינ־געהאלטען. ער איז שווייגענדיג געגאנגען נאָך איהר צום קאבינעט פון דער פירסטין, סאָפיא וואסיליעוונא.

27.

די פירסטין האָט נור וואָס געענדיגט איהר מיטאָג, זעהר א געשמאקען און זעהר א זעטיגען, וועלכען זי האָט געגעסען אליין, אימער אליין, אום קיינער זאָל ניט זעהן זי אין דיעזער אונפּאָעטי־שער בעשעפטיגונג.

לעבען איהר זאָפא איז געשטאנען א טישעל, אויף וועלכען עס איז געשטאנען קאפּע, און זי איז געזעסען און האָט גערויכערט איצט א פּאפּיראָס.

סאָפיא וואסיליעוונא איז געוועזן א מאָגערע, לאנגע, נאָך גאָר א יוגענדליכע ברונעטקע מיט לאנגע צייהנער און שווארצע אויגען.

לייט האָבען שטארק גערעדט וועגען איהרע פערהעלט־ניסע צום דאָקטאָר. פריהער האָט נעכלודאָוו פערגעסען אָן דיעזע לייטישע רייד. היינט אָבער האָט ער זיך וועגען דעם דער־מאָהנט, און ווי נור ער האָט איצט דערזעהן זיצענדיג לעבען איהר אין א פוטעל דעם דאָקטאָר, מיט זיין גלאַט־פערקאמטע באָרד, גע־טהיילט אין צוויי טהייל, איז איהם געוואָרען זעהר עקעלהאפט.

נאָהענט פון איהר איז איצט אויך געזעסען קאָלאָסאָוו און האָט געמישט די קאָפּע. אויפ'ן טישעל איז געשטאנען אויך א גלעזעל מיט ליקער.

מיססי איז אריין צוזאמען מיט נעכליודאָוו'ן אין דער מו־טער'ס צימער, אָבער זי איז דאָרט ניט פערבליבען.

— ווען די מאמא וועט זיין מיעד און וועט אייך ארויסטרייי־בען, וועט איהר דאָך אריין צו מיר? — האָט זי געזאָגט צו נעכ־

ליודאָוו'ען, אזוי ווי צווישען זיי וואָלט גאָרנישט פאָרגעקומען נור־וואָס. זי האָט פרעהליך א שמייכעל געטהאָן און איז שנעל ארויס פון צימער, מיט קוים הערבארע שריט טרעטענדיג איבער דעם דיקען טעפּיך.

— נון, וואָס מאכט איהר, מיין פריינד? זיצט און דערצעהלט אונז, — האָט די פירסטין געזאָגט מיט איהר געוועהנליכער, קינסט־ליכער, פערשטעלטער שטימע, און מיט א שמייכעל, אזוי ווי זי וואָלט עס געטהאָן זעהר נאטירליך. שמייכלענדיג האָט זי ארויס־געשטעלט א צייל שעהנע, לאנגע צייהנער, וועלכע זיינען קינסטליך געווען ארייגגעשטעלט אין איהר מויל.

— מען האָט מיר געזאָגט, אז איהר זייט נור וואָס געקומען פון געריכט זעהר א צוטראָגענער און ניט אויפגעלייגט. איך רע־כען, אז עס מוז זעהר שווער זיין פאר א מענשען, וואָס בעזיצט א גוטעם הארץ, — האָט זי ווייטער געזאָגט אויף פראנצויז.

— יא, עס איז וואהר, — האָט געענטפערט נעכליודאָוו, — מען פיהלט אָפט, אז מען איז אליין... מען פיהלט, אז מען האָט קיין רעכט ניט צו אורטהיילען.

— ווי אמת! — האָט אויסגעשריען די פירסטין, אזוי ווי זי וואָלט איבערראשט געוואָרען פון דער ווארהייטליכקייט פון זיין בעמערקונג. זי האָט האָלט געהאט אימער אזוי צו שמייכלען איהר גאסט.

— נון, און וואָס הערט זיך וועגען אייער בילד? מיך אינ־טערעסירט זעהר אייער מאלעריי, — האָט זי א קעהר געטהאָן קונ־ציג איהר געשפּרעך: — ווען איך וואָלט ניט אזוי שוואך געווען, וואָלט איך שוין לאנג געווען ביי אייך דאָס בילד אָנצוקוקען.

— איך האָב מיינע מאלעריי שוין לאנג אוועקגעוואָרפען — האָט טרוקען געענטפערט נעכליודאָוו, וועלכען עס איז היינט געווען אונאנגענעהם די פאלשקייט פון איהרע שמייכלערייען, אזוי ווי איהרע קונצען צו פערשטעלען איהר אלטקייט. ער האָט בשום אופן ניט געקענט צווינגען זיך איצט צו זיין לכל הפּחות העפליך.

— אך, דאָס איז דאָך א פערדרוס. ווייסט איהר, מיר האָט

דאָך געזאָגט רעפּין אליין, אז איהר בעזיצט זיכער א טאַלאַנט, — האָט די גרעפין ווי פערדריסליך געזאָגט, ווענדענדיג זיך צו קאָלאָסאָוו׳ען מעהר אלס צו איהם.

„ווי שעהמט זי זיך ניט אזעלכע ליגען צו זאָגען“, — האָט זיך געטראַכט נעכליודאָוו און זיין געזיכט האָט זיך נאָך מעהר פערוואָלקענט.

די גרעפין האָט זיך גענוג איבערצייגט, אז נעכליודאָוו איז ניט ביי גוטער לוינע און אז מען קען איהם בשום אופן ניט אריינציהען אין א קלוגען און אנגענעהמען געשפּרעך. זי האָט זיך אָפּגעקעהרט פון איהם און געפרעגט קאָלאָסאָוו׳ען, ער זאָל געבען זיין מיינונג איבער א נייער דראמא, וועלכע איז אויפגעפיהרט געוואָרען. און זי האָט עס געפרעגט אזוי, ווי קאָלאָסאָוו׳ס מיינונג וואָלט געוועזען ענטשיידענד אויף אויביג אויב די דראמא איז א קונסטווערק אָדער ניט.

קאָלאָסאָוו האָט פעראורטהיילט די דראמא און האָט דאביי איבערהויפּט פערברייטערט זיך אין זיינע מיינונגען וועגען קונסט אין אלגעמיין. די פירסטין סאָפיא וואסיליעווונא איז געוועזען ענטציקט פון די ווארהייטליכקייט פון זיינע מיינונגען; זי האָט זיך כלומרשט בעמיהט צו פערטהיידיגען דעם פערפאסער פון דער דראמא, אבער זי האָט זיך ענטוועדער באלד אונטערגעגעבען אָדער זי האָט געפונען א מיטעל־וועג ווי צו פעראייניגען דיביידע מיינונגען, איהרע און קאָלאָסאָוו׳ס.

נעכליודאָוו האָט געקוקט, געהערט, לפנים, דאָס וואָס זיי האָבען גערעדט, האָט אָבער אין דער ווירקליכקייט געהערט און געזעהן עטוואָס אנדערעס, ניט דאס וואס עס איז פארגעקומען פאר זיינע אויגען.

הערענדיג די רייד פון סאָפיא וואסיליעווונא און פון הערן קאָלאָסאָוו, האָט נעכליודאָוו געזעהן, ערשטענס, אז ניט סאָפיא וואסיליעווונא און ניט קאָלאָסאָוו׳ן ליעגט אין דער לינקער פּיאטע די דראמא, ניט זיי געהט איינער דעם אנדערען עפּעס אָן און אז זיי אינטערעסירען זיך איבערהויפּט זעהר ווייניג איינער מיט דעם

צווייטען, און אויב זיי זיצען דאָ און ריידעןביידע, איז דאָס נור דערפאר, ווייל אין זיי ביידען איז דאָ א פיזיאָלאָגישע פאָדערונג צו בעוועגען מיט די מוסקולען פון צונג און פון האלז נאָך דעם זאטען מיטאָג, וועלכען זיי האָבען נור וואָס אָפּגעגעסען.

צווייטענס האָט ער געזעהן, דאָס קאָלאָסאָוו איז געווען אבי־סעל פער׳שכור׳ט נאָך די וויין, ליקער און בראנפען, וואס ער האָט געטרונקען פון אלעם צו ביסלאָך; ער איז געווען ניט אזוי בע־זויפען, ווי עס פאסירט מיט די פויערים, וועלכע טרינקען זעל־טען, זאָנדערן אזוי ווי די שכורים, וואס האָבען געמאכט וויין־טרינקען פאר א געוואָהנהייט.

ער האָט זיך ניט געשאָקעלט, האָט ניט גערעדט קיין נאריש־קייט, נור ער איז געווען אין אן אוננאָרמאלען, ערהיצטען און זעלבסט־צופריעדענעם צושטאנד.

דריטענס, האָט נעכליודאָוו געזעהן ווי די פירסטין סאָפיא וואסיליעוונא האָט אין צייט פון געשפּרעך אונרוהיג געקוקט יעדע סעקונדע צו דער פענסטער, דורך וועלכער עס איז אויף איהר גע־פאלען זייט־ווערטיג א שטראהל פון דער זון, וועלכע האָט געקענט בעלייכטען די אלטקייט פון איהר געזיכט.

ווי ריכטיג דאָס איז — האָט זי געזאָגט וועגען עפּעס קאָלאָ־סאָוו׳ס א בעמערקונג, און זי האָט בשעת מעשה א דריק געטהאָן דעם קנעפּעל פון גלעקעל לעבען איהר זאָפא.

אין דיעזער צייט איז דער דאָקטאָר אויפגעשטאנען, און אלס אן אייגענער מענש, איז ער ארויס פון צימער ניט רעדענדיג א וואָרט. סאָפיא וואסיליעוונא האָט איהם בעגלייט מיט די אויגען און האָט פארטגעזעצט דעם געשפּרעך.

— זייט אזוי גוט, פיליפּ, און לאָזט אראָב די גארדינען, — האָט זי געזאָגט דעם אריינקומענדען שעהנעם לאַקיי, ווייזענדיג איהם אויף דעם פענסטער, פון וואנען עס האָט אריינגעשיינט א זונען־שטראהל.

— ניין, זאָגט וואָס איהר ווילט, נור אין דיעזען פערפאסער איז צו מערקען עטוואָס מיסטישעס, און אָהן מיסטיציזמוס איז

ניטאָ קיין פּאָעזיע, — האָט זי ווייטער פּאַרטגעזעצט דעם געשפּרעך, און האָט אין דער זעלבער צייט געקוקט קרום און מיט כעס אויף דעם לאַקיי, וועלכער האָט זיך גע'עסק'ט מיט די גארדינען.

— מיסטיציזם אָהן פּאָעזיע איז אבערגלויבען, און פּאָעזיע אָהן מיסטיציזם איז פּראָזא, — האָט זי געזאָגט ווייטער און האָט זויער זיך א קרים געטהאָן, אלץ קוקענדיג מיט כעס אויף דעם לאַ־קיי, וועלכער האָט אראָפּגעלאָזען די גארדינען.

— אך, פיליפ, דאָך ניט די זייט גארדינע. איך מיין לעבען גרויסען פענסטער, — האָט זי אויסגערעדט שמערצליך. זי האָט, ווי עס האָט געשיינט, געליטען, וואָס זי דארף דאבײ געברויכען אזא אנשטרענגונג אום ארויסצוריידען דיעזע ווערטער, און האָט באלד, פיר אייגענער בערוהיגונג, פערדווײכערט א שמעקענדע פּאַ־פּיראָסקע.

דער ברייט־ברוסטיגער, געזונדער, שעהנער לאַקיי פיליפּ האָט זיך לייכט פערנייגט, אזוי ווי ער וואָלט זיך געוואָלט ענט־שולדיגען, און טרעטענדיג שטיל מיט זיינע דיקע מוסקולנע פיס איבער דעם ווייכען טעפּיך, איז ער איבערגעגאנגען פון איין פענ־סטער צו דעם צווייטען און, קוקענדיג אויף דער פירסטין, האָט ער אָנגעהויבען פערריכטען די צווייטע גארדינע אזוי, אז קיין ברעקעל ליכט זאָל חס וחלילה ניט פאלען אויף איהר געזיכט.

אָבער ער האָט אויך איצט ניט געטראָפען, און די פערמאַ־טערטע פירסטין האָט ווידער געמוזט איבעררייסען איהר געשפּרעך וועגען מיסטיציזמוס און פּאָעזיע און אָנצייגען דעם שלעכטען פיליפּ, וועלכער האָט זי געערגערט, ווי ער זאָל טהאָן.

אין פיליפ'ס אויגען האָט אויף א מינוט א בליץ געטאָהן א פייערל: „כאפּט דיך דער טײַפעל, ווער קען דיך פערשטעהן וואס דו מיינסט דאָרט", האָט זיך מסתמא ביי איהם ארויסגעריסען אי־נערליך. אזוי האָט זיך דאָס געדוכט נעכליודאָוו'ען, וועלכער האָט בעאָבאכטעט דיעזע שפּיעל.

אָבער דער געזונדער, שעהנער לאַקיי האָט באלד געקענט אונ־טערדריקען אין זיך זיין אונגעדולד און האָט רוהיג אָנגעהויבען טהון

אזוי ווי עס האָט פערלאַנגט די ענטנערוועטע, דורכאויס פאַלשע, אויסגעמאַטערטע פירסטין סאָפיא וואסיליעוונא.

— אין דארווין'ס טהעאָריע זיינען זיכער דאָ פיעלע ווארהייד־טען — האָט אָנגעהויבען איצט קאַלאַסאָוו, אָנשפּארענדיג זיך אויף זיין פוטעל און קוקענדיג מיט האלב־פערשלאָפענע אויגען אויף דער פירסטין. — אבער ער געהט שוין צו ווייט, איבער די גרענצען, יאָ.

— און איהר גלויבט אין דער ערבונגס־לעהרע? — האָט די פירסטין איצט א פרעג געטהון נעבליודאָוו'ען, פיהלענדיג אונאַנ־גענעהם, וואָס ער שווייגט.

— אין ערבונגס־לעהרע? — האָט איבערגעפרעגט נעבליור־דאָוו, — ניין, איך גלויב ניט.

ער האָט דאָס געענטפערט, וועהרענד אין קאָפּ ביי איהם האָ־בען זיך געשילדערט די זאָנדערבארע בילדער, וועלכע האָבען זיך געמישט איצט אין זיין פאָרשטעלונגס־קראפט. איהם האָט זיך פארגעשטעלט, ווי לעבען פיליפען, דעם געזונדען, שעהנעם יונג, וועלכען ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אלס נאטור־מענש, שטעהט א נאקעטער קאָלאָסאָוו, מיט זיין בויך קיילעכדיג און אויסגעפילט ווי א קירבעס, א פליכע קאָפּ און מאָגערע, מוסקול־לאָזע אָרעמס, אזוי ווי די בייטשען.

אינ'ם זעלבען ליכט האָט זיך איהם אויך פאָרגעשטעלט סאָפיא וואסיליעוונא, איהר פיגור, וועלכע איז איצט בעדעקט מיט זייד און סאמעט, ווי עס זעהט אויס אין דער ווירקליכקייט. אָבער דיע־זע פאָרשטעלונג איז פאר איהם געווען צו שרעקליך און ער האָט מיט איהר פערטריעבען דיעזע געדאנקען.

סאָפיא וואסיליעוונא האָט איהם איצט בעקוקט פון אויבען ביז אראָפּ.

— מיר דוכט, אז מיססי ווארט אויף אייך, — האָט זי איהם געזאָגט: — געהט צו איהר, זי וועט אייך פאָרשפּיעלען א נייעס שטיק פון גריג, — זעהר א שעהנעס.

„וואָס מיר שפּיעלען, דאָס איז כזב ושקר“, איז דורכגעפלויגען ביי נעבלודאָוו'ן אין מוח, וועהרענד ער איז אויפגעשטאנען, האָט

א דריק געטהאָן די קלאָהרע בײנערדיגע האנד פון סאָפיא װאסי־ליעװנא, — א האנד בעדעקט מיט פינגערלעך, און איז ארויסגע־גאנגען.

אין גאסט־צימער האָט איהם בעגעגענט קאטערינא אלעק־סעיעװנא און האָט מיט איהם גלייך אָנגעהויבען ריידען:

— עס שיינט, אז די פפליכט פון א געשװאָרענעם װירקט אויף אייך זעהר בעלעסטיגענד, — האָט זי איהם געזאָגט, װי איהר גע־װאָהנהייט איז געװעזן, אויף פראנצויז.

— יא, פערצײיהעט מיר, איך בין היינט עפּעס גאָר ניט אויפ־געלייגט און איך האָב קיין רעכט ניט צו מאכען אנדערע מרה־שחורה׳דיג, — האָט געענטפערט נעכליודאָװ.

— פאר װאָס זייט איהר ניט אויפגעלייגט?

— ערלויבט מיר אייך ניט צו דערצעהלען פאר װאס, — האָט ער געענטפערט, זוכענדיג זיין הוט.

— האָט איהר זיך פערגעסען, װי איהר האָט אליין א מאָל געזאָגט, אז מען דארף אימער זאָגען דעם אמת, און װי איהר האָט דאַן אונז אלעמען געזאָגט אזוי שטרענג דעם אמת? פאר װאָס זשע װילט איהר איצט דעם אמת ניט זאָגען? געדיינקסט דו מיססי? — האָט זיך קאטערינא אלעקסעיעװנא גלייך א װענד געטהאָן צו מיססי, װעלכע איז נור װאָס אריין אין צימער.

— דערפאר װייל דאַן איז עס געװעזן נור א שפּיעל־זאך, — האָט ערנסט געענטפערט נעכלודאָװ: שפּיעלענדיג מעג מען אלעס, און אין דער װירקליכקייט אָבער זיינען מיר דערצו צופיעל פערדאָרבען, דאס הייסט, איך בין אזוי פערדאָרבען, אז װעניג־סטענס איך האָב ניט קיין רעכט דעם אמת צו פאָדערען.

— נור האָט קיין חרטה ניט און פערבעסערט ניט אייערע רייד; איהר זאָגט בעסער, מיט װאָס זיינען מיר אזוי פערדאָרבען, — איז צוגעשטאנען יעקאטערינא אלעקסעיעװנא, שפּיעלענדיג מיט די װערטער און אזוי װי זי װאָלט ניט מערקען נעכליודאָװ׳ס ערנסט.

— עס קען שלימער ניט זיין, װי אז יעמאנד אנערקענט זיך ניט אויפגעלייגט; איך װיל דאָס אין זיך קיינמאָהל ניט אנערקע־

נען, און דערפאר בין איך אימער אויפגעלייגט. קומט, לאָמיר אריין צו מיר. מיר וועלען זוכען צו פערטרייבען אייער מרה־שחורה.

נעכליודאָוו האָט געפיהלט דאָס זעלבע, וואָס עס פיהלט א פערד, ווען מען גלעט איהם, אום אָנצוטהאָן אויף איהם די צוים און פיהרען איינשפּאַנען. און היינט איז איהם געווען זעהר אונאנ־גענעהם צו געהן אין שפּאַן.

ער האָט זיך ענטשולדיגט, האָט געזאָגט, אז ער מוז זיין צו הויז, און האָט זיך גענומען זעגענען. מיססי האָט לייננגער אלס געוועהנליך געהאלטען איצט זיין האנד ביים זעגענען זיך, זאָגענדיג:

— געדיינקט, אז דאָס וואָס איז וויכטיג פאר אייך, איז וויכ־טיג אויך פאר אייערע פריינד. קומט איהר מאָרגען?

— איך גלויב קוים, — האָט נעכליודאָוו געענטפערט, — ער האָט זיך פערשעהמט, אליין ניט וויסענדיג, פאר זיך אָדער פאר איהר, אָבער ער איז רויט געוואָרען און האָט זיך געאיילט ארויס־צוגעהן.

— וואָס זאָל דאָס אזעלכעס זיין? דאָ מוז עפּעס זיין אַן אינטריגע, — האָט אויף פראנצויז געזאָגט צו זיך אליין יעקאטע־רינא וואסיליעוונא, ווען נעכליודאָוו איז ארויס, — אָה, איך וועל זיך שוין דערוויסען, דאס מוז זיכער זיין עפּעס א ליבעס־געשיכטע; עס הויבט אָן יעדענפאלס צו זיין פערדעכטיג, מיין טהייערער פריינד נעכליודאָוו.

— האָט זיך אודאי פערכלאָבעט אין וועמען, — האָט געוואָלט זאָגען מיססי, קוקענדיג אין דער וויטענס מיט אַן אנדער מין בליק ווי זי האָט געקוקט פריהער אויף נעכליודאָוו'ן, אָבער זי האָט זיך אָבגעהאלטען פון געברויכען אזא גראָבען אויסדרוק אפילו אין דער אנוועזענהייט פון קאטערינא אלעקסעיעוונא, און זי האָט געזאָגט: ביי יעדען פון אונז פּאסירען גוטע און שלעכטע טעג.

„וועל איך אויך דאָ דורכפאלען? נאָך דעם אלעם, וואָס צווישען אונז איז געשעהן, האָט ער מיך אויך גענארט?“ — האָט זי אַ טראכט געטהון, דיינקענדיג אז דאָס וואָלט געווען זעהר נידריג פון איהם.

ווען מיססי וואָלט א שטייגער געדארפט ערקלעהרען, וואָס זי מיינט „נאָך אלעם, וואָס איז צווישען אונז געשעהן“, וואָלט זי קיין זאך בעשטימטעס ניט געקענט זאָגען, און דאָך איז ביי איהר קיין צווייפעל ניט געווען, אז ער האָט ניט נור אין איהר איינגע־פלאנצט די האָפנונג, אז ער וועט זיין איהרער, זאָנדערן ער האָט עס איהר כמעט אזוי ווי קלאָהר פערשפּראָכען.

זעלבסט־פערשטענדליך, אז דאָס זיינען אלץ געווען ניט קיין בעשטימטע אָפענע ווערטער פון זיין זייט, אָבער פיעלבעדייטענדע בליקען, שמייכלען, אָנצוהערענעס, ווערטלעך, צייכענס פון איינ־וויליגונג, א. ז. וו. זי האָט איהם פאר זיכער גערעכענט אלס איהרען, און זעגענען זיך איצט מיט דיעזען געדאנק וואָלט פאר איהר געווען שווער, זעהר שווער.

## 28.

„מיאוס און פאסקודנע, פאסקודנע און מיאוס“ — האָט זיך אלץ געדרעהט אין נעכליודאָוו'ס געדאנקען, ווען ער איז געגאנגען צו פוס אהיים, פערלאָזענדיג דאָס הויז פון קארטשאגין.

ער האָט ניט געקענט פּטור ווערען פון דעם שווערען איינדרוק, וועלכען עס האָט אויף איהם געמאכט זיין געשפּרעך מיט מיססי. ער האָט געפיהלט, אז פאָרמעל, אויב מען קען זיך אזוי אויסדריקען, איז ער געווען גערעכט געגען איהר, דען ער האָט איהר אָפען גאָר־נישט פערשפּראָכען, האָט איהר האנד ניט געבעטען, האָט איהר קיין ערקלעהרונג ניט געמאכט און קיין זאך אזעלכעס, וואס זאָל איהם צובינדען צו איהר.

פון דעסטוועגען אָבער האָט ער עפּעס אינערליך געפיהלט, אז זי האָט א רעכט צו דיינקען אז ער האָט איהר פערשפּראָכען, אז זיינע פיהרונגען די גאנצע צייט האָבען זי געדארפט צוגעוואָהנען צו דעם געדאנק, אז צווישען זיי וועט זיין א שידוך און ער האָט

היינט אָבער מעהר פאַר אַלע מאָהל געפיהלט, אַז ער קען זיך מיט איהר ניט פערבינדען.

„מיאוס און פּאַסקודנע, פּאַסקודנע און מיאוס" — האָט זיך אַלץ ווידערהאָלט אין זיין מוח, טראַכטענדיג איצט שוין ניט וועגען דעם אַליין, נור וועגען אַלעס. „אַלעס איז אַזוי פּאַסקודנע, אַזוי מיאוס" — האָט איהם געקלונגען אין די אויערען, ווען ער איז אַרויף אויף די טרעפּ צו זיך אין הויז.

— קיין אַבענד־ברויט עס איך היינט נישט, — האָט ער אַ זאָג געטהאָן זיין דיענער קאַרנעי, וועלכער איז אריין נאָך איהם אין עסס־צימער, וואו דער טיש איז געווען געגרייט — איהר קענט אַוועקגעהן.

— זעהר וואויל, — האָט געענטפערט קאַרנעי, און איז אָבער ניט אַוועק, זאָנדערן האָט אָנגעהויבען אויפראַמען פון טיש, נע־כליודאָוו האָט געקוקט אויף קאַרנעיען און אין איהם האָט זיך ער־וועקט עטוואָס בייזעס געגען איהם. ער האָט געוואָלט מען זאָל איהם לאָזען צורוה, און ווי אויף צו להכעיס עפּעס קריכען איהם אַלע אין צורה.

ווען קאַרנעי איז אַוועקגעגאַנגען מיט דעם סערוויז, איז נע־כליודאָוו צוגעגאַנגען צום סאַמאָוואַר אום צו פערשיטען פאַר זיך טהעע. ער האָט אָבער דערהערט, ווי זיין הויז־האַלטערין, אַגראַ־פענא פּעטראָוונאַ, קומט און ער איז שנעל אַרוים פון צימער, אום ניט צו טרעפען זיך מיט איהר. ער איז אַריין אין זיין גאַסט־צימער און האָט פערשפּאַרט הינטער זיך די טהיר.

דיעזער צימער איז געווען דער זעלבער, אין וועלכען ערשט מיט 3 מאָנאַטען צוריק איז געשטאָרבען זיין מוטער. אריינגע־הענדיג איצט אַהער און דערזעהענדיג די צוויי אויל־לאַמפּען, וועלכע זיינען געהאַנגען — איינער לעבען בילד פון זיין מוטער און איינער לעבען בילד פון זיין פאָטער — האָט ער זיך גראַדע דערמאָהנט וועגען זיינע פערהעלטניסע צו דער מוטער אין דער לעצטער צייט פאַר איהר טויט. און איהם האָט זיך געדוכט, אַז דיעזע פערהעלט־

ניסע זיינען געוועזן אַזוי אוננאַטירליך, אַזוי אבשטויסענד, און דאס איז אויך געוועזן „מיאוס און פאַסקודנע.“

ער האָט זיך דערמאָהנט, ווי אין די לעצטע טעג פון איהר קראַנקהייט האָט ער פּשוט געוואָלט זי זאָל שוין שטאַרבען. ער האָט זיך אַליין איינגעשמועסט, אַז ער פערלאַנגט עס כדי זי זאָל בעפרייט ווערען פון איהרע ליידען, אָבער אין דער ווירקליכקייט האָט ער דאס פערלאַנגט, כדי אַליין פּטור צו ווערען פון דער אונאנגענעהמער לאַגע צו זעהן ווי זי מאַטערט זיך.

אין איהם האָט זיך איצט ערוועקט אַ פערלאַנג אַרויסצורופען אין די געדאַנקען עפּעס אַן אַנגענעהמע עראינערונג וועגען איהר, און ער האָט גענומען בעטראַכטען איהר בילד, אַ בילד וואָס האָט געקאָסט 5000 רובעל און איז געמאָהלט געוואָרען פון אַ בעריהמטען מאהלער.

זי איז געוועזן פאָרגעשטעלט אָנגעטהאָן אין אַ סאַמעטענעם קלייד מיט אַן אויסגעבלויזטע ברוסט. דער מאהלער האָט אויגענשיינליך, מיט בעזונדערע מיהע, אויסגעצייכענט די ברוסט, דעם טהייל צווישען די צוויי בריסטער און די שעהנע שולטערן און דעם האַלז. נו, דאָס איז שוין געוועזן גאָר מיאוס און פאַסקודנע.

עטוואָס אָפּשטויסענדעס און ציניש‎עס איז געוועזן אין דיעזער פאָרשטעלונג פון אַ מוטער אין דער געשמאַלט פון אַ האַלב־נאַקעטער קאָקעטקע ; דאָס איז נאָך געוועזן מעהר אבשטויסענד דערפאַר ווייל אין דעם זעלבען צימער איז ערשט מיט 3 מאָנאַטען צוריק געלעגען די זעלביגע פרוי, אַן אויסגעמאָגערטע ווי אַ סקעלעט, און האָט אָנגעפילט דעם צימער מיט יענעם שווערען קראַנקען־גערוך, וועלכען מען האָט מיט קיין זאַך ניט געקענט פערטרייבען; ניט נור האָט זיך דאָס געפיהלט אין קראַנקען־צימער, זאָנדערן אין גאַנצען הויז, אַז עס איז געוועזן אונערטרעגליך.

איהם האָט זיך געדוכט, אַז ער הערט נאָך איצט אויך דעם זעלבען ריח. און ער האָט זיך דערמאָהנט, ווי מיט אַ טאָג פריהער בעפאָר איהר טויט האָט זי גענומען זיין שטאַרקע, ווייסע האַנד אין איהר הויט־און־ביינערדיגער האַנד, וועלכע האָט שוין אָנגעהוי־

בען שווארץ ווערען, האָט אריינגעקוקט איהם אין די אויגען און האָט געזאָגט:

— אורטהייל מיך ניט צום שלעכטען, מיטיא, אויב איך האָב געטהאָן ניט אזוי ווי מען דארף. און אין איהרע פארבלאָזע אויגען פון ליידען האָבען זיך געוויזען טרעהרען.

„ווי פאסקודנע!" האָט ער זיך ווייטער געזאָגט א קוק טהוענדיג אויף דיעזען בילד פון א נאקעטער שעהנהייט מיט גרויסאַרטיגע מארמאָר־שולטערן און אָרעמס און א זיעגרייכען שמייכעל אויפ'ן געזיכט.

די נאקעטקייט פון דער ברוסט אויף דעם בילד האָט איהם ערינערט אָן אנ'אנדער יונגע פרויענצימער, וועלכע ער האָט מיט עטליכע טעג צוריק געזעהן אויך מיט אן אויסגעבלויזטע ברוסט און שולטערן. דאָס איז געווען מיססי, וועלכע האָט אויסגעפונען עפּעס א צופאל אום צו איינלאדען איהם אבענדס צו זיך און צו צייגען זיך איהם אין איהר באל־קאָסטיום, אין וועלכען זי איז יענעם אבענד געפאָהרען צו א באל.

ער האָט איצט מיט אבשיי זיך דערמאָהנט אָן יענע שעהנע שולטערן און אָרעמס. און דער גראָבער, אָבגעפרעסענער טאטע מיט זיין הארטהערציגקייט, און די מוטער מיט א צווייפעלהאפטער רעפּוטאציע פון א לייכטפערטיגער שעהנהייט, אלעס דאָס איז געווען אזוי עקעלהאפט און אזוי מיאוס, מיאוס און עקעלהאפט. א שאנדע.

„ניין, ניין, מען דארף זיך בעפרייען פון אלעם"—האָט ער זיך געטראכט — „בעפרייען זיך פון די אלע פאלשע בעציהונגען צו די קארטשאגינס און מיט מאריא וואסיליעוונא און מיט דער ירושה און מיט דאָס אלע איבעריגע... און אָפּאָטהעמען זיך פריי. א פאָהר טהאָן קיין קאָנסטאנטינאָפּאָל, פון דאָרטען קיין רוים, און ארויסשלאָגען פון זיך די פערגאנגענהייט. ווי ווערט מען נור פטור פון צו זיין א געשוואָרענער? און שוין אָפּמאכען מיט דעם אדוואָקאט וועגען דיעזער געשיכטע".

און מיט א מאָהל איז אין זיינע געדאנקען ערשינען אזוי

זאָנדערבאר לעבעדיג די ארעסטאנטקע מיט איהרע שווארצע, עט־וואָס קרימליך־קוקענדע אויגען. און ווי זי האָט זיך דאָס פאנאנ־דערגעווייגט, ווען מען האָט איהר געגעבען דאס לעצטע וואָרט!

נעכלודאָוו האָט שנעל דערוויכערט דעם פאפיראָס, האָט איהם געריבען אין אש־קעסטעל כדי איהם צו פערלעשען און האָט באלד פעררויכערט אן אנדער פאפיראָס, און האָט אנגעהויבען ארומצו־געהן הין און צוריק איבער'ן צימער.

און איינע נאָך די אנדערע האָבען זיך אָנגעהויבען שטויסען די געדאנקען ביי איהם אין קאָפּ; עס זיינען אין זיינע ערָאינערונגען דורכגעגאנגען אלע מינוטען, וועלכע ער האָט דורכגעלעבט און דורכ־געפיהלט מיט איהר.

ער האָט זיך דערמאָהנט זיין לעצטען זעהן זיך מיט איהר, יענע ליידענשאפט, וועלכע האָט איהם בעהערשט דאן, און נאכהער די ענטטוישונג, וועלכע ער האָט דערפיהלט. ער האָט זיך אויך דערמאָהנט אָן דעם ווייסען קלייד מיט דעם בלויען באנד, האָט זיך דערמאָהנט אָן יענעם פריה־מאָרגען גאָטעס דיענסט.

„איך האָב זי דאָך געליעבט, מיט אן אמת געליעבט, מיט ריינער, אינערליכער, גוטער ליעבע אין יענער פאסכא־נאכט; איך האָב זי נאָך געליעבט דאָך פריהער, און ווי נאָך האָב איך זי דאן געליעבט! דאן, ווען איך בין דעם ערשטען מאָהל געוועזען צו גאסט ביי די טאנטעס און האָב געהאלטען אין פערפערטיגען מיין ווערק פאר'ן אוניווערזיטעט!“

און ער האָט זיך אליין פארגעשטעלט אזעלכען, ווי ער איז געוועזען דאן. ער האָט זיך דערמאָהנט, ווי ריין, אונשולדיג ער איז געוועזען און אויף איהם האָט איצט אן אָטהעם געטהאָן יענע יוגענד־פרישקייט, יענע לעבענס־פולקייט און איהם האָט פערנומען דאָס הארץ, א טיעפער, טרויעריגער בייגקען האָט זיך אין איהם ערוועקט.

דער אונטערשיעד פון דאָס וואָס ער איז געוועזען, ביז דאָס וואָס ער איז איצט, איז געוועזען זעהר גרויס; דיעזער אונטערשיעד איז געוועזען אזוי גרויס, אויב ניט נאָך גרעסער, ווי דער אונטערשיעד צווישען דער קאטיושא'ן, וועלכע ער האָט געזעהן יענע נאכט

אין קלויסטער אין איהר ווייסען קלייד, און דיעזער מיידעל, וועלכע זיי האבען היינט געאורטהיילט.

דאן איז ער געוועזן א פרישער, מונטערער, פרייער מענש, פאר וועמען עס האט זיך פאראויס געזעהן א לעבען פון אלע מעגליכקייטען, פון זיסע ערוואַרטונגען; איצט האט ער זיך געפיהלט פון אלע זייטען פערפלאָנטערט אין דעם נעץ פון א פוסטען, נארישען, צוועקלאָזען, ניטווירדיגען לעבען, פון וועלכע עס איז ניטאָ קיין אויסגאנג, און ניט נור ניטא, עס פעהלט אפילו דער פערלאַנג, עס גלוסט זיך גאָר ניט אין מעהרסטע פעלע, ארויסצוקריכען פון דיעזען פלאָנטער.

ער האָט זיך דערמאָהנט איצט, ווי ער איז א מאָהל, אין יענער יוגענד־צייט, געוועזן שטאָלץ מיט זיין גלייכער נאטור, ווי ער האָט זיך דאן געשטעלט פאר א רעגעל אימער ארויסצוטרעטען אָפען מיט דער ווארהייט און, ווירקליך, ער איז געוועזן דאן ווארהייטליך, אין איצט — אך, ווי ער איז אין גאנצען פערזונקען אין פאלשקייט, אין די שרעקליכע פאלשקייט, אין אזא שקר, וועלכער ווערט פּראקטיצירט פון דער גאנצער וועלט און אָנגענומען פון אלע מענשען, וועלכע זיינען ארום איהם, פאר אמת.

און פון דיעזען שקר איז קיין אויסגאנג ניטאָ; אם ווענינגסטען קומט איהם אזוי פאָר, אז מען קען קיין אויסגאנג ניט געפינען. און אין דיעזען שקר איז ער פערזונקען, אין דיעזען זומפּ האָט ער זיך נאָך געצערטעלט, געמאכט חן.

ווי מאכט מען א סוף צו די בעציהונגען מיט מאריא וואַסיליעווונא, מיט איהר מאן; אָבער מאכען א סוף אזוי, אז ער זאָל זיך ניט דארפען שעהמען קוקען איהר אין די אויגען, קוקען איהר מאן אין די אויגען און זייערע קינדער?

ווי זאָל ער, אָהן ווייטערע פאלשקייטען, מאכען א סוף צו זיינע פערהעלטניסע מיט מיססי'ן?

ווי זאל ער ארויסקריכען פון די געגענזעצע, אין וועלכע ער לעבט? אליין אנערקענט ער פאר אונגערעכטיג צו בעזיצען איי־

גענטהום אויף לאנד און פון דעסטוועגען איז ער דער בעל הבית איבער דער מאמע'ס ירושה און הערשט דארט ווי אלע אנדערע.

ווי זאל ער פערגלעטען זיין פערברעכען געגען קאטיושא? אזוי לאזען דאס איז דאך א זאך דער אונמעגליכקייט.

„איז דען רעכט אזוי אוועקצואווארפען א פרויען־צימער, וועל־כע איך האב אזוי היים געליעבט, און זיין צופרידען דערמיט, וואס איך וועל אויסגעבען עטליכע רובעל אויף אן אדוואקאט און ער וועט זי רעטען פון קאטארגע, וואס זי האט עס ניט פערדינט? זאל איך פערגלעטען די זינד דערמיט וואס איך וועל זיך לאזען קאס־טען עטוואס געלד אזוי ווי איך האב דאן געטאהן, ווען איך האב איהר געגעבען דאס געלד און האב געמיינט, אז איך האנדעל אזוי, ווי נויטיג איז?“

און אזוי לעבעדיג האט זיך איהם פארגעשטעלט יענע מי־נוט, ווען ער האט זי אנגעיאגט אין קארידאר און האט איהר אריינגערוקט די הונדערט רובעלדיגע און איז אליין אנטלאפען געווארען.

— אך, דיעזע געלד, — האט ער מיט שרעק און אבשטויס ארויסגערעדט און האט דערפיהלט דאס זעלביגע, וואס ער האט דאן געפיהלט, ווערענד ער האט איהר געגעבען די געלד. — ווי פאסקודנע, ווי פאסקודנע! — האט ער גאנץ הויך ארויסגע־רעדט עבען אזוי ווי דאן, ווען ער איז אריינגעלאפען צו זיך אין צימער. נור א געמיינער, פערדארבענער טויגעניכטס קען זיין פעהיג אויף עטוואס אזעלכעס! און איך בין דאס יענער פער־דארבענער, יענער געמיינער טויגעניכטס!..

— אבער זאל דאס ווירקליך מעגליך זיין, אז איך בין דאס אזא פערדארבענער מענש? — האט ער זיך צוריק געפרעגט. — ווי דען, ניט איך? טא ווער־זשע איז אין אלעם דעם שולדיג? — האט ער זיך אליין געענטפערט דערויף.

— אין איז דאס בלויז דאס איינציגע, אין וואס איך בין שולדיג? — האט ער זיך ווייטער געמאכט פארווירפע — איז ניט פערדארבען, איז ניט געמיין פון מיר די בעציהונגען צו מאריא

**וואסיליעוונא און איהר מאן?** און ווי איך פערהאלט זיך צו דער ירושה, רעכען איך עס ניט דען פאר מיין פערמעגען? אונטער דעם אויסרייד, אז דאס איז געבליבען בירושה פון דער מוטער, פערמאג איך דאָס וואס איז ניט מיינס, וואס איך רעכען פאר אומגעזעצליך, פאר אונגערעכט!"

„היינט דער גאנצער פוסט־און־פאסנער, לייכטער און שלעכטער לעבען. און ועל כולם מיין האנדלונג געגען קאטיושא. ניין, געמיין, נידערטרעכטיג! זיי, די מענשען, זאלען זיי וועגען מיר אור־טהיילען ווי זיי ווילען, זיי קען איך נאָך נארען, אבער זיך, זיך אליין קען איך דאָך ניט נארען!"

און ער האָט פּלוצלינג אנגעהויבען קלאָר צו פערשטעהן. אז דעם אפּשטויס, וועלכען ער האָט אין דער לעצטער צייט אנ־געהויבען צו פיהלען צו מענשען, און בעזאנדערס נאָך היינט, צו דעם פירסט, צו סאָפיא וואסיליעוונא, צו מיססי, צו קארנעיען און אלע אנדערע — איז דאס געווען זיין אבשטויס פון זיך אליין.

און וואונדערבאר, אין דעם געפיהל פון אנערקענען זיין איי־גענע געמיינהייט איז געווען עטוואס שמערצליכעס, קריינקליכעס, אבער אין דער זעלבער צייט אויך פרעהליכעס און בערוהיגענדעס.

מיט נעכלודאוו'ן האָט זיך שוין ניט איין מאָל געטראָפען אין לעבען דאָס, וואס ער האָט גערופען „א נשמה־רייניגונג". מיט רייניגען די נשמה האָט ער בעצייכענט דעם צושטאנד, ווען ער האָט פּלוצלונג נאָך א לאנגער צייט ניט ארומקוקען זיך אנגע־הויבען בעטראכטען וואס עס קומט אין איהם פאָר, אונטערגעפיהרט, זאָ צו זאָגען, א רעכענונג מיט זיך אליין און האָט אנגעהויבען ארויסצורייניגען די גאנצע מיסט וואס עס האָט זיך אנגעקליבען אויפ'ן הארצען און איבער וואָס דאָס גאנצע אינערליכע לעבען גימט מיט איין מאָל צו א שטיל־שטאנד.

אימער נאָך אזא אויפוואכען פלעגט זיך נעכלודאָוו אויס־ארבייטען א פּלאַן, נאך וועלכען ער מוז פון יענעם טאָג אָן לעבען און פאלגען דיעזען פלאן אימער: ער האָט אנגעהויבען שרייבען דאן א טאגעבוך און אנגעהויבען אויף דאס־ניי פיהרען אזא

מין לעבען, וועלכען ער האָט געהאפט, ער וועט קיין מאָל ניט ענדערן, וועט קיין מאָל מעהר ניט אראָפּ פון וואהרהייטליכען וועג — אַ נייעם בלאט איבערגעקעהרט, פלעגט ער דאָס אנרופען.

אבער יעדען מאָל פלעגט ער ניט בעמערקען, ווי ווערענדיג געריצט פון די געשמאקע זאכען פון דער וועלט פלעגט ער אריינ־פאלען און פלעגט זינקען, זינקען אזוי ביסלעכוויים אמאָל נאָך א סך נידריגער אלס בעפאר ער האָט „איבערגעקעהרט א נייעם בלאט“.

אזוי האָט עס מיט איהם פאסירט שעהנע עטליכע מאָל, ווי ער האָט זיך געריינינגט און איז וויעדער געזונקען. אזוי איז דאָס מיט איהם געווען דאָס ערשטע מאָל, ווען ער איז געקומען צו די טאנטעס צו גאסט אויף צו זיין דאָרט א גאנצען זומער.

יענעס מאָל איז דאָס געווען די לעבעדיגסטע, די העכסטע בעגייסטערטע ערוואכונג. און די פאלגען פון יענער ערוואכונג האָ־בען געדויערט זעהר לאנג.

נאכהער האָט ווייטער פאסירט אזא ערוואכונג, ווען ער האָט זיך אפּגעזאגט פון זיין ציוויל אמט און איז אריינגעטראָטען אין מיליטער־דינסט, ווענדיג אפּפּערען מיט זיין לעבען. אבער דיעזען לעצטען מאָל איז די צוריקזינקונג אנגעקומען זעהר שנעל.

דערנאָך איז געווען ווייטער אן ערוואכונג, ווען ער איז ארויס פון מיליטער־דיענסט, איז אוועק נאָך אויסלאנד און האָט זיך אי־בערגעגעבען דער קונסט, האָט אנגעפאנגען צו עסק'ן זיך מיט מא־לעריי.

פון יענעם מאָל אָן ביז היינטיגען טאָג איז שוין אי־בערגעגאנגען א לאנגע צייט און אלץ אָהן א ערוואכונג. און דער־פאר איז דאָס נאָך אין קיין פריהעריגער צייט פון זיין לעבען ניט געקומען ביז צו אזא פערשמוצונג אזוי ווי איצט, ביז אזא היפּוך צווישען דאָס, וואס עס האָט געפאָדערט דער געוויסען, און דעם לעבען וואס ער האָט געפיהרט. און ער האָט זיך איצט דערשרא־קען, ווען ער האָט א קוק געטאָהן ווי ווייט ער איז פערקראָכען,

זוי גרויס דער אונטערשיעד איז געווארען צווישען דעם, וואס ער טוהט און דעם, וואס, ער רעכענט, ער דארף טאָהן.

דיעזער אונטערשיעד איז געוועזן אזוי גרויס, די פערשמוצונג פון דער נשמה איז געוועזן אזוי שטארק, אז ער איז אויף דער ער־שטער מינוט געווארען פערצווייפעלט, און האָט ניט געגלויבט, אויב עס איז גאָר מעגליך אבצורייניגען זיך פון דעם אלעם.

„האָסט דו דען ניט עטליכע מאָהל געפּרופט בעסער ווערען, פערפאלקאמענערט זיין, און וואס איז געוועזן דער סוף? גאָר־נישט" — האָט צו איהם געטענה'ט א פערפיהרערישע שטימע — „וואָצו אלזאָ פּרובירען נאָך אמאָל? ביזט דו דען איינער, זיי זיינען דאָך אלע אזוי. אזוי איז דאָס לעבען" — האָט צו איהם דיעזע שטימע גערעדט.

אבער יענעס פרייע, גייסטיגע וועזען, וועלכע אליין איז נור וואהר, איז מעכטיג און איז אליין נור עוויג האָט זיך שוין ער־וועקט אין נעכליודאָוו'ן, און ער האָט דיעזען וועזען געגלויבט. ער האָט ניט געקענט ניט גלויבען, ווי גרויס עס איז ניט געוועזן דער אונטערשיעד פון זיינע איבערצייגונגען ביז זיין פּראקטישען לע־בען. ווי גרויס עס איז ניט געוועזן דער אונטערשיעד צווישען דעם, וואס ער איז געוועזן און דעם וואס ער האָט געוואָלט זיין, — פאר דעם ערוואכענדען, גייסטיגען וועזען האָט זיך אלעס פארגעשטעלט אלס מעגליך.

„איך וועל צורייסען דעם גאנצען שקר, וועלכער האלט מיך געבונדען, וואס דאס זאל מיר ניט קאָסטען, איך וועל אין אלעם און אלעמען זאָגען נור דעם אמת", — ענטשלאָסען, אין דער הויך האָט ער דאָס זיך געזאָגט.

„איך וועל אויסזאגען דעם אמת מיסי, אז איך בין אן אויסגעלאסענער און איך קען מיט איהר ניט הייראטען; אז איך האב נור אומזיסט זי בעאונרוהיגט די גאנצע צייט; איך וועל זאגען מאריא וואסיליעוונא (דעם פּרעדוואָדיטעל'ס פרוי) — אמת, איהר איז ניטאָ וואס צו זאגען; איך וועל זאָגען איהר מאן, אז איך בין א טויגעניכטס, אז איך האָב איהם גענארט; מיט מיין

ירושה וועל איך אויך האנדלען אזוי, אז עס זאל זיין, ווי דער אמת פאָדערט".

„און איהר, קאטיושען, וועל איך זאגען, אז איך בין א ניכטס־ווירדיגער, אז איך בין א פערברעכער געגען איהר, און איך וועל טאָהן אלעס מעגליכע אום צו פערלייכטערען איהר שיקזאל. יא, איך מוז זי זעהן און בעטען זי זאָל מיר פערצייהען, איך וועל בע־טען איהר פערצייהונג, ווי א קינד בעט איבער, ווען ער פער־זינדיגט זיך.

ער האָט זיך אפּגעשטעלט.

— איך וועל מיט איהר הייראטהען, אויב עס וועט נויטיג זיין.

ער איז ווידער געבליעבען שטעהן, די הענד פערלייגט אויפ'ן ברוסט, ווי ער האָט עס געטאָהן ווען ער איז געווען א קליינינקער, ער האָט אויפגעהויבען די אויגען ארויף און האָט געזאגט:

— אָה, גאָט, העלף מיר, לערן מיך, קום אראָפּ, בעזעץ זיך אין מיר, און רייניג מיך פון דעם גאנצען שמוץ.

ער האָט תפלה געטאָהן, האָט געבעטען גאָט, ער זאל איהם העלפען, וועהרענד עס האָט זיך שוין פערווירקליכט דאס, וועגען וואָס ער האָט איצט געבעטען.

ער האָט ניט נור דערפיהלט די פרייהייט, דרייסטקייט און פריידע פון לעבען, זאנדערן ער האָט אויך דערפיהלט די גאנצע מאכט פון גוטעס. אלעס, אלעס, דאָס עדעלסטע און דאָס בעסטע, וואס א מענש קען נור האָבען, האָט ער דערפיהלט אין זיך איצט די פעהיגקייט צו טאָהן.

טרערען האָבען זיך איהם געוויזען אין די אויגען, ווער ער האָט דאס אלעס צו זיך גערעדט. דאָס זיינען געווען גוטע און בייזע טרערען: גוטע טרערען, ווייל דאס זיינען טרערען פון פריידע, פון דאס גוטע וואס האָט אין איהם ערוואכט; דאס ער־וואכען פונ'ם גוטען וועזען, וועלכער האָט א לאנגע צייט אין איהם געשלאפען, און בייזע טרערען, ווייל דאס זיינען אויך געווען טרע־רען פון צופרידענהייט מיט זיך אליין, צופרידענהייט פון זיין אייגע־נער גרויסמוטיגקייט.

איהם איז געווארען היים. ער איז צוגעגאנגען צום פענסטער און האט איהם געעפענט. דער פענסטער איז ארויס צום גארטען. עס איז געווען א ליכטיגע, פרישע שטילע נאכט; דער מאָנד האָט קלאָהר געשיינט. איבער'ן גאס האָט זיך דערהערט א טומעל פון א דורכפאהרענדע פוהר. דערנאָך איז אלעס ווידער שטיל געווארען.

גלייך אונטער'ן פענסטער האָט זיך געזעהן דער שאטען פון די ארומגעהאקטע צווייגען פונ'ם הויכען, נאקעט געלאָזענעם בוים, קלאָהר האָט זיך אָפּגעצייכענט דיעזער שאטען אויף דעם זעמדעל פון דעם אבגערייניגטען פּלאַטץ אונטער'ן פענסטער.

צו דער לינקער זייט איז געווען דער דאך פון א גרויסער שטאהל, וועלכע האָט אויסגעזעהן ווייס אונטער דער בעלייכטונג פון מאָנד; ווייטער האָבען זיך איבערפלאָכטען די צווייגען פון די בוימער, הינטער וועלכע עס האָט זיך געזעהן דער שווארצער שאָטען פון פּלאנקען.

נעכלודאָוו האָט בעטראכט דעם גאָרטען, וועלכער איז בע־לויכטען פונ'ם קלאָהרען מאָנד־ליכט, דעם ווייסען דאך פון דער גע־ביידע, דעם שאטען פון די בוימער; ער האָט זיך צוגעהערט און האָט איינגעאטהעמט אין זיך די ערפרישענדע, אפּלעבענדע לופט.

„ווי גוט, ווי גוט, מיין גאָט, ווי גוט!" — האָט ער גע־שעפּצעט צו זיך, טראכטענדיג וועגען דעם, וואס עס איז פארגע־קומען ביי איהם אין הארצען.

29.

מאסלאָווא איז געקומען צוריק אין איהר ארעסטאנטסקען קעמערל ערשט א זייגער 6 פארנאכט, א מידע, א נידערגעשלאָ־גענע מיט קראנקע פיס פון דעם לאנגען וועג — א מהלך פון 15 וויאָרסט איבער שטיינער, ניט געוואהנטערהייט, און דאצו נידער־

געשלאָגען פון דעם אונערוואַרטעטען אורטייל און אן אויסגע־הונגערטע.

נאָך אין דער צייט פון׳ם פּראָצעס אין געריכט, ווען מען האָט זי ארויסגעפיהרט אין קאָררידאָר מיטאגצייט, איז ביי איהר דער מויל פול געווארען מיט שפייעכץ, ווען זי האָט געקוקט ווי די גע־ריכטס־דיענער האָבען לעבען איהר געגעסען ברויט מיט הארטע אייער, און זי האָט דאן נאָך דערפיהלט, אז זי איז הונגעריג, אבער בעטען האָט זי זיך געשעהמט; זי האָט זיך ניט געוואָלט אזוי ערנידעריגען.

ווען עס זיינען נאָך דעם איבערגעגאנגען נאָך דריי שטונדען האָט זיך איהר שוין אויפגעהערט צו ווען עסען, זי האָט נור געפיהלט, אז זי איז שוואך. און אין אזא צושטאנד האָט זי געטראָ־פען דעם קלאַפּ פון דעם שטרייגגען אורטהייל.

אין דער ערשטער מינוט האָט זיך איהר געדוכט, אז זי האָט עס פערהערט, עס האָט זיך איהר נישט געקענט לאָזען גלויבען איהרע אייגענע אויערן; זי האָט בשום אופן ניט געקענט זיך פארשטעלען, אז זי וועט זיין א קאטאָרזשאנקע. אבער עס איז דאך געוועז דער אורטהייל.

דערזעהענדיג די רוהיגע אמטליכע געזיכטער פון די ריכטער, פון די געשווארענע, וועלכע האָבען בעגעגענט דיזען אורטהייל אזוי ווי עטוואָס גאנץ נאטירליכעס, איז זי געווארען אויסער זיך און האָט אנגעהויבען צו שרייען, אז זי איז אונשולדיג.

זעהענדיג אבער ווידער, אז אויך איהר געשריי ווערט אנגע־נומען אלס עטוואָס געוועהנליכעס, נאטירליכעס, וואס מען קען ערווארטען, אבער וואס עס קען ניט ענדערן דעם אורטייל, האָט זי זיך ביטער פאנאנדערגעוויינט, פיהלענדיג אז זי מוז זיך אונטער־ווארפען דעם ביטערן שיקזאל, דער אונגערעכטיגקייט, וועלכע מען איז בעגאנגען געגען איהר.

געוואונדערט האָט זי זיך בעזאָנדערס, וואס די מענער האָ־בען זי אזוי שטרענג געאורטיילט — די מענער, יונגע, ניט אלטע מענער, דיעזעלביגע יונגע מענער, וועלכע האָבען אלע מאָל אויף

איהר אזוי ליעבליך געקוקט. נור איינעם — דעם פּראָקוראָר האָט זי געזעהן אנדערש פון די אנדערע.

אין דער צייט, ווען זי איז געזעסען אינ׳ם ארעסטאנטסקען צימער פון געריכט, האָט זי געזעהן ווי דיזע מענער, געהענדיג כלומרשט צוליעב אנדערע זאכען, זיינען פערבייגעגאנגען פערביי דער טיהר אָדער זיינען טאקע אריין אינוויינינג, אום איינצוקוקען זיך אויף איהר.

און מיט איין מאָל נעהמען דיזע זעלביגע מענער און פערארטהיילען זי גאר אויף קאטאָרגע, טראָץ דעם, וואס זי איז געווען אונשולדיג אין דעם פערברעכען, פאר וועלכען מען האָט זי געאורטיילט.

זי האָט געוויינט, געוויינט, איז אבער דערנאָך שטיל געבליבען זיצען אזוי ווי א פערשטיינערטע, ווי א פּאראליזירטע, און זי איז אזוי געזעסען אין ארעסטאנטסקען צימער ביז מען האָט זי אוועקגעפיהרט צוריק אין אסטראָג.

איהר האָט זיך שוין יעצט מעהר ניט געוואָלט ווי איין זאך: רויכערן. אין דיזען צושטאנד האָבען זי געטראפען באָשטקאווא און קארטינקין, וועלכע מען האָט נאך דעם אורטהייל אריינגעפיהרט אין זעלבען צימער. באָטשקאָווא האָט גלייך אָנגעהויבען צו זידלען מאסלאָווא און האָט זי גערופען קאטאָרזשניצע.

— אהא, דו האָסט גע׳גנב׳עט? האָסט זיך ניט אויסגעררעהט, דו, מיאוסקייט, ווי דו האָסט פערדינט, אזוי האָסטו. אויף קאטארגע, נישט קשה, וועסט דו מעהר ניט פראנטעווען.

מאסלאָווא איז געזעסען, אריינגערוקט די הענד אין ארעסטאנטסקען כאלאט און איינגעבויגען דעם קאָפּ, זי האָט בלויז געקוקט א צוויי שריט ווייטער פון זיך אויף די דילען און האָט נור געזאגט:

— איך ריהר דאָך אייך נישט, לאָזט מיך צורוה. ריהר איך אייך דען? — אזוי האָט זי ווידערהאָלט עטליכע מאָהל, דערנאָך איז זי אין גאנצען ענטשוויגען געוואָרען.

עטוואָס לעבעדיגער איז זי געוואָרען נור דאן, ווען מען האָט

באַטשקאָווא און קארטינקין ארויסגעפיהרט און עס איז אריינ־געגאַנגען דער וועכטער, וועלכער האָט איהר געבראכט א 3 רוּ־בעלדיגע.

— ביסט דו מאסלאָווא? — האָט ער א פרעג געטאָהן.
זי האָט א שאָקעל געטאָהן מיט'ן קאָפּ.

— נא, נעהם 3 רובעל; דאס האָט דיר די מאדאם געשיקט.

— וועלכע מאדאם?

— נעהם און גענוג. צוריידען זיך נאך אפשר מיט דיר?

די דריי רובעל האָט עס געשיקט קיטאיעווא. ווען זי איז ארויס פון געריכט איז זי צוגעגאנגען צום סודעבני פריסטאוו און האָט איהם געפרעגט, צו קען זי איבערגעבען מאסלאָווא עפּעס געלד. דער פריסטאוו האָט איהר געענטפערט, אז זי מעג. ווען זי האָט בעקומען די ערלויבנים, האָט זי אראָפּגענומען איהרע זעמסינע האנדשוה פון דער וייכער ווייסער הענדעל, האָט פון צווי־שען די קנייטשען פון איהר זיידענע קלייד ארויסגענומען א שעהנעם פּאָרטמאָנע און ארויסנעהמענדיג פון דאָרטען פון צווישען א גאנ־צען פעקעל קופּאנעס, נייאינקע, נור וואס אבגעשניטענע, כשר־פּערדינטע, איין קופּאָן אויף צווי רובעל מיט 50 קאפּיקעס, האָט זי דערצו צוגעלייגט צווי נייע צוואנציג־קאָפּיקענע און א גריווע־ניקעל און האָט עס דערלאנגט דעם פריסטאוו.

דער פריסטאוו האָט צוגערופען א געריכטס־דינער און האָט איהם געגעבען דאס געלד איבערצוגעבען מאסלאָווא.

איך בעט אייך, איהר זאָלט עס איהר טאקע זיכער אוועקגעבען — האָט מאדאם קאראָלינא אלבערטאָווונא געזאגט דעם דיענער.

דער דיענער האָט זיך דערפון געפונען בעליידיגט און האָט דערפאר אזוי מיט כעס גערעדט צו מאסלאָווא.

מאסלאָווא האָט זיך זעהר דערפרעהט מיט די עטליכע רובעל. דאס וועט איהר געבען די מעגליכקייט צו קריעגען דאס איינציגע וואס זי ווינשט יעצט. אך, נור באַטש עטליכע פּאפּיראָסען צו קריגען און פערציהען זיך, שלינגען דעם רויך — האָט זי זיך גע־

קלערט, און אלע איהרע געדאנקען האבען זיך איצט געדרעהט ארום איין פערלאנג: רויכערן.

איהר האט זיך אזוי שטארק געוואלט רויכערן, אז זי האט דורשטיג אנגעהויבען צו שלינגען די לופט, ווען זי האט אין איהם דערפיהלט א טאבאק־רויך, וועלכע האט אריינגעדרונגען אין קא־רידאר דורך דער טיהר פון קאבינעט. אבער איהר איז אויסגעקומען נאך לאנג צו ווארטען, ווארום דער סעקרעטער, וועלכער האט זי געדארפט אטפראווען, האט זיך אין גאנצען פערגעסען וועגען דער ארעסטאנטקע, און האט זיך צוהיצט אין א געשפרעך מיט אן אד־וואקאט וועגען א צייטונגס־ארטיקעל.

ענדליך, אזייגער 5 פארנאכט האט מען זי אבגעשיקט פון גע־ריכטס־הויז און די קאנוואינע האבען זי דורך א הינטער־טיהר ארויסגעפיהרט אויף דרויסען צו פיהרען זי צוריק אין אסטראג. די קאנוואינע זיינען געווען דער זעלביגער טשואוואש און דער נאווגא־ראדער סאלדאט, וועלכע האבען זי געבראכט פון אסטראג.

גלייך ווי זיי זיינען געווען אין פירהויז ביים ארויסגאנג האט זי זיי געגעבען א צוואנציג קאפיקענעם, בעטענדיג זיי זאלען איהר קויפען צוויי קוכענס און פאפיראסען. דער טשואוואש האט זיך צולאכט, האט גענומען דאס געלד און האט געזאגט: „גוט, מיר וועלען קויפען“, און האט ווירקליך עהרליך געקויפט קו־כענס און פאפיראסען פאר גאנצע צוואנציג קאפיקעס און האט איהר אין גאנצען איבערגעגעבען.

אויפ'ן וועג האט זי ניט געטארט רויכערען, אזוי אז זי איז אין אסטראג אריין נאך אליין מיט דעם זעלבען אונבעפרידיגטען פערלאנג. ווען מען האט זי צוגעפיהרט צום טויער פון אסטראג האט מען דאן געבראכט נור וואס פון וואקזאל א מאן הונדערט ארעסטאנטען; אריינגעהענדיג האט זי זיך געשטויסען צווישען זיי.

די ארעסטאנטען — מיט בערד און געגאלטע, אלטע און יונ־גע, רוסישע און אנדערע — אנדערע אויך מיט האלב־אפגעגאלטע קעפ און קלינגענדיג מיט די קייטען, אין וועלכע די פיס זיינען געווען געשמידט, האבען אנגעפילט דעם קארידאר מיט שטויב,

גערויש, געפּילדער און עיפּוש פון שוויים. זיי האָבען אלע זיך אקעהר געטאָהן איינצוקוקען זיך אויף איהר. אנדערע האָבען זי א צעפּע געטאָהן.

— דאס איז א מיידעל, א מחיה, — האָט געזאגט איינער.

— מוהמינקע, זאלט איהר מיר געזונד זיין, — האָט איהר א זאָג געטאָהן אן אנדערער, פינטלענדיג מיט די אויגען.

איינער פון זיי, א שווארצער, מיט א גערואזירטען קאָפּ, איז אונטערגעשפּרונגען צו איהר, קלינגענדיג מיט זיינע קייטען, און האָט זי ארומגענומען.

— האָסטו אפשר ניט דערקענט א לייבליכען פריינד? נו, גענוג צו פערשטעלען זיך! — האָט ער א געשריי געטאָהן און די אויגען האָבען זיך ביי איהם צוקאָכט, ווען זי האָט איהם אפּגעשטויסען פון זיך.

— וואָס האָסטו דאָס געוואָלט טאָהן, דו הונד איינער! האָט א געשריי געטאָהן דער נאטשאלניק, וועלכער איז איצט אונטערגעקומען.

דער ארעסטאנט האָט זיך צונויפגעדרעהט אין דרייען און איז שנעל אפּגעשפּרונגען. דער נאטשאלניק האָט דאן אָנגעהויבען אויף מאסלאָווא צו שרייען.

— וואָס טוהסט דו דאָ, האַ?

מאסלאָווא האָט געוואָלט זאָגען, אז מען האָט זי נור וואָס געבראכט פון געריכט, אָבער זי איז געוועזן אזוי אויסגעמאטערט און ערשעפּט, דאָס זי האָט פּשוט קיין לוסט ניט געהאט א וואָרט אויסצוריידען. און זי האָט אין גאנצען געשוויגען.

— פון געריכט, וואשע בלאגאָראָדיע, — האָט געענטפערט פאר איהר דער עלטערער פון די קאָנוואינע, אפּגעבענדיג איהם דעם צייכען פון עהרע.

— נון, גיב זי איבער שנעל, וואָס איז דאָ פאר אזעלכע פאסקודנע שטיק?

— איך הער, בלאגאָראָדיע.

— סאָקאָלאָוו! צונעהמען, — האָט אַ געשריי געטאָהן דער געהילף פון נאטשאלניק.

דער עלטסטער פון די וועכטער האָט אַ שטוים געטאָהן מאס־לאָווא אין פּלייצע, און האָט זי אוועקגעפיהרט אין דער פרויען־אבטהיילונג.

אין דעם קאָררידאָר פון דער פרויען־אבטהיילונג האָט מען זי ארומגעזוכט און איבערגעטאפּט ווי גרוים זי איז, און אזוי ווי מען האָט גאָר נישט געפונען (דען דער פּעקעל פּאפּיראסען איז גע־ווען אריינגערוקט אין דעם קיילעטש), האָט מען זי אריינגעלאזען אין דער זעלבער קאמער, פון וועלכע מען האָט זי ארויסגעפיהרט אין דער פריה.

## 30.

די קאמער, אין וועלכע מאסלאָווא איז געזעסען, איז געווען זעהר אַ לאנגער צימער, אַ׳ן ארשין 9 די לייַנג און 7 די ברייט, מיט צוויי פענסטער, מיט אַ׳ן אויווען און מיט נאַרעס, וועלכע זיינען צונויפגעשלאָגען געווען שיטער פון ברעטער און זיינען שוין יעצט שטארק אויסגעטריקענט געווארען; דיעזע נאַרעס האָבען פערנומען גוטע צוויי דריטעל פון די גאנצע גרוים פון צימער.

אין מיטען וואנד אנטקעגען טיהר איז געהאנגען אַ פערררויכער־טער הייליגער בילד, לעבען וועלכען עס איז געווען צוגעקלאפּט אַ וועקסענע ליכטעל און אונטער דער ליכטעל איז געהאנגען אַן אלטער פערשטויבטער, פערוועלקטער בוקעט פון בלומען.

צו דער לינקער זייט פון טיהר איז געווען אַ גרויסער, שוואר־צער פלעק אויף די דילען; דאס איז דער פּלאץ, וואו עס שטעהט איצט די פעסעל אויף צו אריינגיסען שמוץ ביי דער נאכט, דען מען האָט שוין געמאכט די פּאָווערקע און די טיהרען זיינען שוין פערשלאָסען געווארען, אום ניט מעהר צו עפענען זיך ביז מאָרגען אין דער פריה. די ארעסטירטע האָבען דארט געמוזט בלייבען פער־שפּארט די גאנצע נאכט.

אין גאנצען זיינען געווען אין דיזער קאמער פון אסטראָג 15 שכנות, 12 ווייבער און 3 קינדער.

עס איז נאך געווען גאנץ ליכטיג און נור צוויי פרויען זיינען איצט געלעגען אויף די נארעס: איינע איז איבער'ן קאָפּ געווען בעדעקט מיט'ן ארעסטאנטסקען כאלאט — א נארעלע; מען האָט זי ארעסטירט דערפאר וואס זי האָט קיין פּאספּאָרט ניט געהאט; זי האָט כמעט שטענדיג געהאלטען אין איין שלאָפען. און די צווייטע א שווינדזיכטיגע; זי איז געזעסען פאר גניבה.

דיזע לעצטע איז נור געלעגען, אבער זי האָט ניט געשלאָפען; זי האָט אונטערגעלייגט דעם כאלאט צוקאָפּענס, די אויגען זיינען געווען ברייט פאנאנדערגעפענט, און זי האָט זיך קוים איינגעהאל־טען ניט פאנאנדערצוהוסטען זיך, וועהרענד אין האלז האָט גע־כאָרכעלט די אנגעקליבענע פלאגמע.

די איבעריגע פרויען, דורכאויס פּראָסטע קעפּ, זיינען געווען אין איינע גראָבע לייוועגדענע העמדער; מאנכע פון זיי זיינען געזע־סען אויף די נארעס און האָבען גענעהט, אנדערע זיינען געשטאנען לעבען פענסטער און האָבען געקוקט אויף די ארעסטאנטען, וואס געהען ארום איבערן הויף.

פון די דריי פרויען, וועלכע האָבען געהאלטען אין נעהען, איז איינע געווען די זעלביגע אלטע, וואס האָט אין דערפריה, ווען מען האָט אוועקגעפיהרט מאסלאָווא, זי בעגלייט מיט די אויגען און געגעבען איהר עצות. מען האָט זי גערופען קאָראבלעווא. דאָס איז געווען א הויכע, אלטע אָבער שטארקע פרויענצימער מיט קנייטשען אויפ'ן געזיכט, אימער ערנסט, פערוואָלקענט, אויפ'ן קאָפּ א קליינער צעפּעל גראָהליכע האָר און א בראָדעווקע מיט גראָהע האָר אויפ'ן געזיכט.

קאָראבלעווע איז געווען פעראורטהיילט אויף קאטאָרגע פאר ערמאָרדען איהר מאן מיט א האק. געטויטעט האָט זי איהם דער־פאר וואס ער איז צוגעשטאנען צו איהר טאָכטער.

דאָ אין קאמער פון אסטראָג, איז קאראבלעווא געווען די אויפזעהערקע, ד. ה., די עלטסטע און זי האָט אויך צוגעהאנדעלט

דאָ מיט שנאַפּס. זי איז דאָס איצט געזעסען מיט איהרע ברילען אנגעטאָהן און האָט גענעהט גראָבע זעק, ווי עס נעהט א בויערטע, האַלטענדיג די נאָדעל מיט דריי פינגער.

גלייך לעבען איהר איז אויך געזעסען א פרוי און גענעהט זעק; דאָס איז געווען א נידעריג־געוואקסענע דונקעלע פרויען־צימער מיט קליינע שווארצע אויגען, א גוטהערציגע און א גרויסע פּלוידער־זאק: נור זי פלעגט ריידען.

דיעזע שווארצינקע איז געווען א וועכטערין אין א ביידעל פון אייזענבאהן און זי האָט פערזאמט ארויסצוגעהן מיט'ן פלאג, ווען א צוג איז פערביי. עס האָט מיט דעם צוג גראדע פאסירט אן אונגליק, און זי איז דערפאר פעראורטיילט געווארען אָפּצוזיצען 3 מאָנאטען אין אסטראָג.

די דריטע פרוי, וועלכע איז געזעסען און האָט גענעהט, איז געווען פעדאָסיא, — פעניטשקא האָבען אלע זי גערופען, — א ווייסע לייב מיט רויטען פארב אין געזיכט מיט קלאהרע, קינדער־שע, בלויע אויגען און צוויי דונקעל־בלאָנדע געדיכטע צעפּ, וועל־וועלכע זיינען געווען ארומגעדרעהט ארום קאָפּ ווי א קראנץ; זי איז נאָך גאָר א יונגינקע, און איז אזא ליעבליכע.

געזעסען איז זי פאר וועלען פערגיפטען איהר מאן. דאָס האָט געטראָפען גלייך נאָך זייער האָכצייט, און חתונה געמאַכט האָט מען איהר צו זעכצעהן יאהר. אין די אכט מאָנאט וואס זי איז געווען פריי, ווייל מען האָט זי ארויסגענומען אויף ערבות בעפאָר דער פּראָצעס האָט שטאטגעפונען, האָט זי זיך אזוי בעפריינדעט מיט איהר מאן, אז זי האָט איהם אנגעהויבען שטארק ערשט צו ליעבען, און ווען דער פּראָצעס האָט שטאטגעפונען האָט מען זי דאָס אוועק־גענומען פון דעם מאן, מיט וועלכען צוזאמען זי האָט שוין דאן געלעבט גליקליך, אזוי ווי א פּאָר טייבעלעך.

אָבער ניט קוקענדיג דארויף וואָס דער מאן און איהר שווער, בעזאנדערס דער שווער, וועלכער האָט זי ליעב געקראגען ווי אן אייגען קינד, האָבען זיך מיט אלע כחות געמאטערט צו פערטהיי־

דיגען זי, האָט מען זי פון דעסטוועגען פעראורטהיילט צו פערשי־
קען אין סיביר אויף קאטאָרזשנע ארבייט.

די גוטע, פרעהליכע, לעבעדיגע, אימער שמייכלענדע פע־
דאָסיע איז געווען מאסלאָוואַ'ס אַ שכנה אויף די נארעס און האָט
זי ניט נור ליעב בעקומען, זאָנדערן האָט גערעכענט פאר אַ פפליכט
צו בעדינען מאסלאָוואַ, צו זארגען זיך וועגען איהר און זיין איהר
איבערגעגעבען.

אויף די נארעס זיינען געזעסען נאָך צוויי פרויענצימער,
אבער אָהן ארבייט; איינע פון אַ יאָהר פערציג, מיט אַ בלאַ־
סע מאגערע געזיכט; קענטיג, אז אמאָל איז דאס געווען אַ שעהנ־
הייט; איצטער זיינען די באקען איינגעפאלען און קיין פארב אין
געזיכט, — זי האָט געהאלטען אויף די הענד אַ קינד און האָט
איהם געגעבען זויגען די לאנגע ווייסע ברוסט.

איהר פערברעכען איז בעשטאנען דעריין, וואס זי האָט גע־
האָלפען ארויסרייסען אַ רעקרוט פון די הענד פון בעאמטע. דאָס
איז געווען אַ מעשה דעמאָלט, ווען מען האָט ביי זיי אין דארף
גענומען רעקרוטען און די בויערען האָט זיך געדוכט, אז דיזען
רעקרוט האָט מען ניט עהרליך גענומען; ער האָט ניט געדארפט
זיין קיין סאָלדאט. זיי האָבען זיך אלע צונויפגעקליבען און האָבען
ארויסגעריסען דעם רעקרוט ביים סטאנאָוואָי פון אונטער די הענד.
זי איז דאס געווען די ערשטע, וועלכע האָט אַ כאפּ געטוהן דעם
סטאנאָוואָיס פערד פאר'ן צוים און האָט איהם אבגעשטעלט. זי איז
געווען דעם רעקרוט'ס אַ טאנטע.

די צווייטע, וועלכע איז געזעסען אָהן ארבייט אויף די נאַ־
רעס, איז געווען אַ קליינגעוואקסענע, גוטע אלטינקע, מיט אַ צורונ־
צעלטען געזיכט און אַ הייקערדיגע. זי איז געזעסען נאָהענט
לעבען אויווען אויף די נארעס און האָט זיך געשפּיעלט מיט דעם
פיעריאָהריגען פוזאטען קינד, וועלכער איז ארומגעלאָפען אויף די
נארעס און האָט פריילעך געלאכט: „אהא, ניט געכאפּט“.

די אלטינקע איז געווען אָנגעקלאָגט צוזאמען מיט איהרען אַ
זוהן אין אונטערצינדען זייער הויז; זי טראָגט אריבער איהר

שיקזאל מיט געדולד און זאָרגט נור פאר איהר זוהן, וועל־
כער זיצט אויך אין אסטראָג, און נאָך מעהר גייט איהר פון זינען
ניט ארויס דער אלטער מאן, וועלכער וועט דאָרט פערלייזיגט
ווערען, ווייל עס איז ניטאָ ווער עס זאָל איהם בעדינען, בעזאָרגען,
ריין מאכען.

אויסער די זיעבען פרויענצימער, וועלכע זיינען דאָ געוועזען
אויסגערעכענט, זיינען נאָך פיער געשטאנען לעבען איינעם פון די
אָפענע פענסטער און, האלטענדיג זיך פאר׳ן אייזערנע גראטע, האָ־
בען זיי מיט צייכענס און מיט ווערטער גערעדט מיט די זעלבע
ארעסטאנטען, אָן וועלכע מאסלאווא האָט זיך אָנגעשטויסען, ווען
מען האָט זי געבראכט צופיהרען פון געריכט.

איינע פון דיזע פרויענצימער האָט געהאלטען אין אָפּזיצען
פאר א גניבה; זי איז געוועזען א גרויס-געוויקסיגע, רויט־האָריגע
פרוי, שטיקער פלייש זיינען פון איהר געהאנגען, אין איהר
געזיכט־פארב איז געוועזען א מין געלבע ווייסקייט און מיט גרויסע
זומערשפּרינקלעך, גרויסע הענד און א גראָבער קארק.

זי האָט אין דער הויך געשריען דורכ׳ן פענסטער מיט א
הייזעריגע שטימע גראָבע, מיאוסע ווערטער צו די ארעסטאנטען.
לעבען איהר איז געשטאנען אן אנדערע, פון גאנץ קליינעם וואוקס
אזוי ווי א 10 יעהריגע קינד, א שווארץ-חן׳עווידיגע ארעסטאנטקע,
איהר געזיכט איז איצט געוועזען רויט; דער קערפּער א לאנגער,
אָבער קורצינקע פיסלעך; שווארצע אויגלעך און ווייסע צייהנער.
זי האָט געקוקט אין פענסטער און האָט געקייכט פאר געלעכטער,
קוויטשענדיג אויפ׳ן קול׳כעל, פון דעם שפּאס, וואָס די מענער
האָבען אויסגעמאכט דאָרטען אונטען אין הויף. דיזע ארעסטאנטקע
האָט מען גערופען הארשאווקע און גע׳משפּט האָט מען זי פאר
גנב׳ענען און אונטערצינדען.

הינטער דיעזע צוויי איז געשטאנען אין א שמוציגער העמד
א פּוזאטע פרוי, קענטיג א מעוברת׳ע, וועלכע איז געוועזען אָנ־
געקלאָגט אין בעהאלטען גע׳גנב׳עטע זאכען. זי האָט די גאנצע

צייט געשוויגען, נור זי האָט איינשטימיג צוגעשמייכעלט צו די שפּילערייען פון די מענער אַרעסטאַנטען.

די פיערטע, וועלכע איז געשטאַנען לעבען פענסטער איז גע־וועזען אַן אַרעסטאַנטקע, וואָס האָט געדאַרפט אָפּזיצען פאַר האַלטען א קרעטשמע אָהן א פּאַטענט; דאָס איז געוועזען א געזונדע, דאַר־פישע פרוי מיט א זעהר גוטמוטהיגעם געזיכט און גרויסע, קיי־לעכדיגע אויגען.

דיזע פרוי איז דאָס געוועזען די מוטער פון דעם אינגעלע, וואָס האָט זיך געשפּיעלט אויף די נאַרעס און פון א זיבען־יעהריגע מיידעלע, וועלכע איז אויך געוועזען מיט איהר דאָ אין אַסטראָג, ווייל עס איז ניט געוועזען ביי וועמען איבערצולאָזען זיי.

די קליינע מיידעלע איז אויך געשטאַנען לעבען פענסטער און האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו די זידעל־ווערטער, מיט וועלכע די רויטע פרוי האָט גערעדט צו די אַרעסטאַנטען, אַזוי ווי זי וואָלט זיך וועלען אויסלערנען, ניט וויסענדיג די בעדייטונג פון די שמוציגע ווערטער און זי האָט זיך בעת מעשה צוגעטוליעט צו דער מוטערס קליידעל.

די צוועלפטע אַרעסטאַנטקע איז געוועזען א טאָכטער פון א דיאַטשאָק און זי איז פּראָצעסירט געוואָרען פאַר אַריינוואַרפען איהר ערשט־געבאָרענעם קינד אין א ברונים אום צו בעהאַלטען איהר זינד.

דאָס איז געוועזען א הויכע, שעהנע מיידעל מיט געדיכטע צו־וואָרפענע האָאר און גרויסע אויגען, זי האָט קיין אכטונג ניט גע־שיינקט דערויף וואָס עס האָט זיך געטאָהן אַרום איהר, זי האָט נור אַרומגעשפּרייזט אין קאַמער א באָרפוסע הין־און־צוריק אין א גראָבער, שמוציגער העמד און האָט געמאַכט שנעלע טריט, גע־הענדיג פון איין וואַנד צו דער אַנדערער.

31.

ווען דער שלאָס האָט א קלונג געטאָהן און מען האָט מאַסלאָווא אַריינגעלאָזען אין קאַמער, האָבען זיך אַלע אויף איין מאָל א קעהר

געטאָן. אפילו די טאָכטער פון דעם דיאטשאָק האָט זיך אויף א מינוט אָבגעשטעלט פון איהר ארומשפרייזען און האָט זיך איינגעקוקט אויף מאסלאווא מיט איהרע גרויסע אויגען, אָבער זי האָט קיין איין וואָרט ניט גערעדט, האָט זיך א קעהר געטאָהן און האָט פאָרטגעזעצט איהר געוועהנליכען מארשירען הין און צוריק.

קאראבלעווא האָט געלאָזען שטעקען די נאָדעל אין זאק און האָט אויסגעשטעלט איהרע אויגען איבער די שפאקולען אויף דער אריינקומענדע מאסלאָווא.

— א, אך־נו! אומגעקעהרט זיך. און איך האָב שוין גע־מיינט, אז מען האָט דיך ארויסגעלאָזען, — האָט זי געזאָגט מיט איהר הייזעריגע, גראָבע, כמעט מענליכע שטימע. — הפנים, זיי האָבען דיך פארקאטעוועט.

זי האָט אראָפּגענומען די שפאקולען און אוועקגעלייגט אויף די זעק.

דאָס האָבען מיר דאָך דאָ וועגען דיר גערעדט, דושענקע — האָט אויך אנגעהויבען די באהנוועכטערקע מיט איהר קוויטשעדיגע שטימעלע — האָבען מיר דאָס געמיינט, אז זיי וועלען דיך געוויס פריי לאָזען. א מאָל טרעפט עס דאָך ביי זיי; ו ו י אמאָל. און געלד אפילו גיבען זיי אויך אמאָל. האָבען זיי דיך גאָר נע־ביכקע פער׳משפט. און מיר, נארען אזעלכע, האָבען געמיינט אז ניט. אז גאָט וויל, דושינקע, וואָס מאכט מען, ווען עס איז בע־שערט — האָט זי אלץ געפלאפּעלט איהרע גלאטינקע, זיסינקע ווערטעלאך.

— זאָל דאָס טאקע מעגליך זיין אז זיי האָבען דיך פאר׳־משפט?—האָט א פרעג געטאָהן פעדאָסיא צערטליך, מיט מיטלייד־קוקענדיג אויף מאסלאָווא מיט איהרע גרויסע, גוטע, קינדערשע קלאָהרע אויגען, און איהר פרעהליכעס געזיכט איז געוואָרען טרויעריג און פערקרימט פון שמערץ, אזוי ווי זי וואָלט האלטען אין צואוויינען זיך.

מאסלאָווא האָט גאָרנישט געענטפערט און איז שווייגענדי־גערהייט צוגעגאנגען צו איהר פלאץ, דער צווייטער פלאץ פון

ברעג, גלייך לעבען קאראבליעווא, און זי האָט זיך געזעצט אויף די ברעטער פון די נארעס.

— ביסט אודאי הונגעריג — האָט געזאָגט פעדאסיא, צו־געהענדיג צו מאסלאָווא.

מאסלאָווא האָט אַלץ געשוויגען; זי האָט אוועקגעלייגט איהרע קוילעטשען צוקאָפּענס און האָט זיך אנגעהויבען אויס־טאָהן: זי האָט אראָפּגענומען דעם ארעסטאנטסקען כאלאט און די טיכעל פון קאָפּ און האָט זיך אוועקגעזעצט.

די הייקערדיגע אלטינקע, וועלכע האָט ביי דעם צווייטען ברעג פון די נארעס געשפּיעלט זיך מיט דעם אינגעלע, האָט זיך אויך אויפגעהויבען פון פּלאַץ און איז צוגעגאנגען און האָט זיך אוועקגעשטעלט געגען מאסלאָווא.

טס, טס! — האָט זי טרויעריג, שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ, גע־זואונקען צום אינגעלע.

דער אינגעלע איז אויך אראָפּ פון די נארעס, האָט זיך אוועק־געשטעלט לעבען דער אלטער און האָט אויסגעשטעלט א פּאָר אויגלעך אויף די קוילעטשען, וועלכע מאסלאָווא האָט אוועקגע־לייגט.

זעהענדיג דיזען אויסדרוק פון מיטלייד אויף אלעמענס גע־זיכטער, נאָך דעם אלעם וואָס עס האָט זיך מיט איהר היינטיגען טאָג אָבגעשפּיעלט, האָט מאסלאָווא זיך שיער ניט צו־וויינט; איהרע ליפּען האָבען אָנגעהויבען צו ציטערן. אָבער זי האָט זיך געגעבען די גרעסטע מיהע איינצוהאלטען זיך און זי האָט זיך איינגעהאלטען ביז עס זיינען ניט אונטערגעקומען די אלטינקע און דער אינגעלע. ווען זי האָט דערזעהן דעם אויסדרוק פון זייערע געזיכטער און איבערהויפּט ווי איהרע אויגען האָבען זיך בעגעגענט מיט דעם בליק פון'ם קינד, וועלכער האָט געביטען זיין בליק פון איהר אויפ'ן קוילעטש און פון קוילעטש אויף איהר, האָט זי זיך מעהר ניט געקענט איינהאלטען. איהר גאנצעס געזיכט האָט זיך צוקרימט, האָט אנגעהויבען ציטערן און זי האָט זיך צוכליפּעט.

— איך האָב דיר געזאָגט: נעהם אן אדוואָקאט, א גוטען אדוואָקאט — האָט גע'טענהט קאראבלעווא. — ווי־זשע האָבען זיי טאקע דיר צוגע'משפט אויף צו פערשיקען? — האָט זי אַ פרעג געטאָהן.

מאסלאָווא האָט געוואָלט ענטפערן און האָט ניט געקענט; זי האָט נור כליפענדיג גענומען איין קוילעטש און האָט פון איי־נווייניג ארויסגענומען דעם פעקעל פאפיראָסען, אויף וועלכען עס איז געווען אַ בילדעל פון א רויט־געפארבטע דאמע, די האָר הויך פערקאמט און די ברוסט אויסגעבלייזט. זי האָט די פאפיראסען דערלאנגט צו קאראבלעווא.

קאראבלעווא האָט אַ קוק געטאָהן אויף דעם בילד, האָט מיט פאָרוואורף אַ שאָקעל געטאָהן מיט'ן קאָפּ, איבערהויפט דערויף וואָס מאסלאָווא האָט אזוי אונבעזאָנען אויסגעגעבען געלד, און ארויס־נעהמענדיג אַ פאפיראָס פון קעסטעל האָט זי אליין פעררויכערט איבער'ן לאָמפּ, האָט אַ פאָר ציה געטאָהן און האָט אוועקגעגעבען צו מאסלאָווא.

מאסלאווא האָט גענומען רויכערן, ניט אויפהערענדיג צו וויינען, און האָט געשלונגען מיט אימפעט דעם רויך און האָט עבען מיט אזא אימפעט ארויסגעלאָזען דעם רויך.

— קאטאָרגע! — האָט זי ענדליך קוים ארויסגערעדט וויינענדיג.

— זיי האָבען פאר גאָט קיין מורא ניט, די וועלט־איינשלינ־גער, די מענשען־פרעסער, די פערפלוכטע בלוט־זויגער, — האָט זיך געבייזערט קאראבלעווא — אומזיסט האָבען זיי די מיידעל פער־משפט.

אין דיזער צייט האָט זיך דערהערט אַ הילכיגער געלעכטער פון די ווייבער, וואָס זיינען געשטאנען לעבען פענסטער. די מיי־דעלע האָט זיך אויך שטארק צולאכט און איהר דינער קול'כעל האָט זיך צונויפגעגאָסען מיט דעם הייזעריגען און קוויטשיגען גע־לעכטער פון די ערוואקסענע. א ארעסטאנט אין הויף האָט עפּעס

ארויסגעוואָרפען א שטוקע וואָס האָט געמאכט די שטעהענדע ביים פענסטער, זיי זאָלען אויסשיסען אין א געלעכטער.

— אך, דער לומפ! וואָס ער טהוט עם! — האָט געשריען די רויטע ארעסטאנטקע און איהר גאנצער קערפּער האָט זיך גע־טרויסעלט פון אויפרעגונג. זי האָט זיך צושריען מיט אלערליי מיאוסע ווערטער און זידלעריי אויף די ארעסטאנטען.

— דו, הינטישע פעל, וואָס האָסט דו זיך צולאכט! — האָט א געשריי געטאָהן קאָראבלעווא, בייזערענדיג זיך אויף דער רויטער, און האָט זיך באלד געווענדעט צוריק צו מאסלאָווא.

— וויפיעל יאָהרען?

— פיער — האָט געענטפערט מאסלאָווא, און טרערען האָבען זיך א גאָס געטאָהן ווידער פון איהרע אויגען און האָבען פער־נעצט דעם פּאפּיראָס, וואָס זי האָט געדרויכערט.

מאסלאָווא האָט מיט כעס צוריבען דעם פּאפּיראָס, האָט איהם אוועקגעוואָרפען און פעררויכערט אַן אנדערען.

די וועכטערקע האָט באלד אויפגעהויבען דעם אוועקגעוואָר־פענעם פּאפּיראָס, אָבוואָהל זי האָט ניט גערויכערט און האָט זיך גענומען שפּיעלען מיט דעם טאבאק.

— עס איז הפנים טאקע ווי מען זאָגט, דושינקע, אז דעם אמת האָבען חזירים אויפגעפרעסען. זיי טהוען וואָס זיי ווילען. און מיר, נארען, האָבען געמיינט אז דו וועסט זיין פריי.

— מאטוועיעוונא זאָגט, מען וועט דיך בעפרייען, און איך זאָג ניין, דושינקע, מיין הארץ זאָגט מיר, אז ניט; אָט זעהסט דו, אז איך האָב אמת געזאָגט — האָט די וועכטערקע אלץ גע'טענה'ט און האָט, קענטיג, אליין הנאה געהאט פון איהרע זיסינקע רייד.

אין דיזער צייט זיינען די ארעסטאנטען שוין אריבערגעגאנגען דעם הויף, און די פרויען, וואָס זיינען געשטאנען ביים פענסטער און געזידעלט זיך מיט זיי, זיינען איצט אוועק פון פענסטער און זיינען אויך צוגעגאנגען צו מאסלאָווא. פריהער פון אלע איז צו־

געגאַנגען די קרעטשמערקע, מיט איהרע אויסגעפּוקעטע אויגען, פיהרענדיג איהר מיידעלע.

— הייסט עס, זעהר שטרענג האָבען זיי דיך? — האָט זי א פרעג געטהאָן און האָט אָנגעהויבען צירעווען איהר זאַק.

— געוויס, זעהר שטרענג, ווייל אָהן געלד. וואָלט געווען געלד צו דינגען א קלוגען חברה־מאַן, אָה, נישט קשה, דאַן וואָלט מען שוין פריי מאַכען — האָט געזאָגט קאַראַבלעווא — אט דער, דער רוח ווייס ווי מען רופט איהם, אָט דער מיט די גרויסע נאָז, אָט יענער, מיין טהייערינקע, וועט אפילו פון וואַסער טרוקען ארויספיהרען. אָט אזא, אז מען דינגט איז גאָר אנדערש.

— נעהם, יע, נעהם איהם — האָט זיך א קריהם געטהאָן האָראָשאַווקע: — יענער וועט דיר זיך פון אָרט ניט א ריהר טהאָן אָהן א טויזענדער, אז ניט וועט ער דיר אפילו אין צורה ניט א שפּיי טהאָן.

— אזוי איז שוין באשערט, א מזל שוין אזא — האָט זיך אריינגעמישט די אלטינקע, וואָס איז געזעסען פאר אונטערצינדען.
— גאר א קליינינקייט, האָט אפּגענומען ביי דעם זוהן זיין ווייב און האָט נאָך דערצו איהם אליין פערזעצט אין אסטראָג און גאָר־נישט, און מיך, אויף דער עלטער, פאר וואָס? מיך האָט מען פערזעצט — האָט זי גע׳טענה׳ט, ארויספאָהרענדיג אויף איהר גע־שיכטע, וועלכע זי האָט זיי שוין דערצעהלט צום הונדערטען מאָהל.
— פון טורמע און פון דער טאָרבע וועסטו זיך קיין מאָל ניט אויס־היטען, איז ניט בעשערט קיין טאָרבע אויף דער עלטער, איז טורמע.

— ביי זיי מוז שוין אלע מאָל זיין אזוי — האָט אריינגעזאָגט די קרעטשמערקע און האָט צוגערוקט צו זיך איהר מיידעלע און אנגעהויבען מיטביידע הענד צו זוכען ביי איהר אין קאָפּ. — „פאר וואָס האָסטו פערקויפט שנאפּס?“ בייזערען זיי זיך, און די קינדער קאָרמענען זאָל איך מיט וואָס? — האָט זי גע׳טענה׳ט, דערצעהלענדיג איהר פּעקיל.

דיזע ווערטער פון דער קרעטשמערקע האָבען דערמאָנט מאס־לאָווא אויף שנאַפּס.

— אך, אביסעלע בראנפען — האָט זי זיך געווענדעט צו קאראבלעווא, אָפּווישענדיג מיט'ן ארבעל די פערווייגטע אויגען און האָט נור ווילע ווייס זיך אָפּגעכליפּעט.

— האָסט קלינגערס ? נו, פאר וואָס ניט, ווייז אהער — האָט געענטפערט קאראבלעווא.

## 32.

מאסלאָווא האָט ארויסגענומען פון זעלבען קוילעטש דעם קור־פּאָן און האָט דערלאנגט קאראבלעווא.

קאראבלעווא האָט גענומען דעם קופּאָן און האָט זיך גוט איינ־געקוקט, כאָטש לעזען האָט זי ניט געקענט; זי האָט אָבער גע־גלויבט הארָאשאווקא, וועלכע האָט א קוק געטאָהן אויפ'ן קופּאָן און האָט איהר געזאגט אז דאס איז 2.50 רוב.

זי איז צוגעגאנגען צום קוימען און האָט פון דאָרט ארויסגע־נומען א פלעשעל מיט שנאַפּס. ווען די פרויען האָבען דערזעהען די פלעשעל, האָבען זיי זיך אָפּגערוקט אויף זייערע פּלעצער.

מאסלאָווא האָט דערווייל אָפּגעטרויסעלט איהר פאטשיילקע און דעם כאלאט, איז ארויפגעקראָכען ווייטער אויף די נארעס און האָט אנגעהויבען עסען איהר קוילעטש.

— איך האָב פאר דיר בעהאלטען א ביסעל טהיי, אָבער עס איז קאלט געווארען, — האָט געזאגט פעדאָסיא, נעהמענדיג פון א פּאליצקע אן ארומגעוויקעלטע טהיי־קענדיל מיט א קריגעלע.

די טהיי איז געווען שוין גאָר קאלט, און האָט געשמעקט מעהר מיט בלעך אלס מיט טהיי, אָבער מאסלאָווא האָט אָנגעגאָסען אין קריגעל און האָט אָנגעהויבען צו פערזופּען דעם קוילעטש.

— פינאשקא, נא, — האָט זי א געשריי געטהאָן צום אינגעלע,

גן ענדיג איהם א שטיק קוילעטש. ער איז נעבעך געשטאנען און נעקוקט איהר גלייך אין מויל אריין.

קאראבלעווא האט דערוויל צוגעטראגען דעם שנאפס. מאס־לאווא האט אליין א טרונק געטאהן, האט דערנאך טראקטירט קא־ראבלעווא און חאראשאווקא.

דיזע דריי ארעסטאנטקעס זיינען געווען די אריסטאקראטקעס געגען די אנדערע, דערפאר ווייל זיי האבען געהאט געלד און זיי האבען זיך געטהיילט מיט אלעס, וואס זיי האבען געהאט.

אין עטליכע מינוט ארום איז מאסלאווא פרעהליכער געווארען און האט אנגעהויבען לעבעדיג דערצעהלען וועגען דעם געריכט, אי־בערקרימענדיג דעם פראקוראר, און דאס, וואס עס האט אויף איהר געמאכט א שטארקען איינדרוק ביי'ם געריכט.

א בעזונדערן איינדרוק האט אויף איהר געמאכט דער פאל, וואס די מאנסלייטע זיינען איבעראל, וואו זי איז נור געווען, נאך איהר נאכגעלאפען. אין געריכט האבען אלע אויף איהר געקוקט, און זיי זיינען אפילו אריין אין ארעסטאנטסקען צימער אנצוקוקען זי.

— אפילו דער קאנוואינער דערציילט מיר: דאס געהען זיי אהער מיינעטוועגען, ווייל זיי דארפען וואס? דאס ווילען זיי אויף דיר קוקען. קומט איינער אריין און זוכט, א פאפיער האט ער פערלא־רען, און איך זעה, אז ניט א פאפיר זוכט ער, זאנדערן פרעסט מיך אויף מיט זיינע אויגען, — האט מאסלאווא דערצעהלט און האט געשאקעלט מיט'ן קאפ, שמייכלענדיג. — אויך חברה לייט, סחורות.

— וואס דען? אזוי זיינען זיי, — האט איינגעשטימט די וועכטערקע מיט איהר זיסען קול'כעל, — אזוי ווי פליגען אויף צו־קער. אויף עפיס אנדערש זעהט מען זיי ניט, און דערויף ברייגגט זיי דער רוח. מען דארף זיי אויך קיין פינגער אין מויל ניט לייגען....

— און דא ווידער — האט זי איבערגעשלאגען מאסלאווא, — בין איך אריינגעפאלען צו זיי. ווי מען האט מיך נור געבראכט, ערשט א פארטיי ארעסטאנטען איז אויך אנגעקומען פון וואקזאל. זיינען זיי מיך אזוי בעפאלען, אז איך האב ניט געוואוסט

ווי אפצוטשעפּען זיך פון זיי. א דאנק דעם נאדזיראטעל, וואָס ער האָט זיי אָבגעטריבען. איינער איז אזוי צוגעשטאנען אז איך האָב זיך קוים ארויסגעריסען.

— ווי זעהט ער אוים?—האָט א פרעג געטהאָן חאַראַשאווקא.

—א שווארצער, מיט וואָנצעס.

— דאָס איז אודאי ע ר.

— ווער איז ע ר?

— שטשעגלאָוו. אָט דער וואָס איז נור וואָס פערבייגעגאנגען לעבען פענסטער.

— ווער איז ער דאָס, דער שטשעגלאָוו?

— שטשעגלאָוו'ן קענסטו ניט? ווער ווייס איהם ניט? ער איז צוויי מאָל אנטלאָפען פון קאטאָרגע. איצט האָט מען איהם געכאפּט, אבער ער וועט ווידער אנטלויפען, נישט קשה. פאר איהם האָבען דאָך אפילו די אויפזעהער מורא. א קלייניגקייט ער, — האָט געזאָגט חאראשאווקא, וועלכע איז געוועזען א בריה אויף איי־בערגעבען צעטעלעך פון די ארעסטאנטען צו די ארעסטאנטקעס און האָט געוואוסט פון אלעס, וואָס עס טהוט זיך אָפּ אין אסטראָג. — אָה, ער וועט זיכער אנטלויפען. מיט איהם איז ניטאָ וואָס צו שפּאסען.

— וועט ער אנטלויפען, אונז וועט ער דאָך מיט זיך ניט נעה־מען, — האָט געזאָגט מיט אן ערנסטען טאָן קאראבלעווא, — און דו בעסער, מאסלאָווא, דערצעהל אונז, וואס האָט דיר דער אַב־לאקאט געזאָגט וועגען א נייע פּראָשעניע דערלאנגען. איצט מוז מען דאָך דערלאנגען, ווי דען.

מאסלאָווא האָט געענטפערט, אז זי ווייס ניט ווי צו טהאָן.

אין דיעזער צייט האָט די רויטע ארעסטאנטקע ארייגערוהט איהרע ביידע הענט אין די געדיכטע רויטע האָאר פון קאָפּ און שטארק קראצענדיג איז זי אונטערגעגאנגען צו די ארעסטאנטקעס, וואָס האָבען געטרונקען שנאפּס.

אָט וואס איך וועל דיר זאגען, קאטערינא, — האָט זי אנגע־הויבען, — דו דארפסט צו אלעם ערשטען אנשרייבען: ניט צוי־

פריעדען מיט דעם אורטייל, און דערנאָך דערלאַנגען דאָס דעם פּראָקוראָר.

— אין וואָס שטעקסטו זיך אריין? וואָס ווילסטו דאָ מיט דיינע עצות? — איז אויף דער רויטער אָנגעפאַלען קאַראַבלעווא.

— אהא, דו האָסט שוין דערשמעקט בראַנפּען: ניטאָ וואָס צו פערריידען די ציינער. מען ווייס אָהן דיר וואָס צו טהאָן, מען דאַרף דיינע עצות ניט.

— איך רייד עפּעס מיט דיר? וואָס האָסטו זיך צוקאָכט, וואָס?

— בראַנפּען האָט זיך איהר פערוואָלט, שטעקט זי זיך דאָ אריין מיט איהר צונג.

— נו, גיב איהר אַ טרונק בראַנפּען, — האָט געזאָגט ווייך מאַסלאָווא, וועלכע האָט אימער ליעב געהאַט צו צוטהיילען אַלעם וואָס זי האָט נור געהאַט.

— איך וועל איהר דערלאַנגען, אַז עס וועט איהר פינסטער און ביטער...

— אַ נו, פּרוביר אַקאָרשט — האָט די רויטע געשריען רו־קענדיג זיך צו קאַראַבלעווא — מיינסט אין אמת'ן איך האָב פאַר דיר מורא?

— אסטראָזשנע פּעל!

— פון אזא הער איך!

— פערזעהעניש!

— איך בין אַ פערזעהעניש? קאַטאָרזשניצע, מערדערקע, — האָט געשריען די רויטע.

— אוועק, זאָג איך, — האָט געסטראַשעט קאַראַבלעווא.

אָבער די רויטע איז ניט אוועק; פערקעהרט, זי האָט זיך גע־רוקט אַלץ נעהנטער און קאַראַבלעווא האָט איהר געגעבען אַ שטויס אין דער דיקער, פעטער ברוסט. די רויטע האָט הפנים אויף דע־רויף נור געוואַרט, און זי האָט מיט איין מאָל אַ שפּרונג געטאָהן און האָט זיך איינגעטשעפּעט מיט איין האַנד אין קאַראַבלעווא'ס

האָר, און מיט דער אנדערער האָט זי געוואָלט אריינפאָהרען איהר אין פנים אריין, אבער קאראבלעווא האָט בעוויזען אנצוכאַפּען די האנד.

מאסלאָווא און כאָראָשאווקא האָבען א כאַפּ געטאָהן די רויטע פאר די הענד און האָבען זיך געמאטערט אָפּצורייסען זי פון קאַ־ראבלעווא, אָבער דער רויטעס האנד האָט אזוי פעסט איינגעדרעהט די האָר צווישען די פינגער און האָט געריסען מיט אזא קראפט, אז פאנאנדערנעהמען זיי איז געווען אונמעגליך.

קאראבלעווא האָט דערוויל, האלטענדיג איין האנד פון דער רויטער מיט איהר האנד, מיט דעם אנדער קולאק אזוי געשלאָגען די רויטע און געביסען, אז אלע קאָלירען האָבען זיך אין איהר געביטען.

אלע ארעסטאנטקעס זיינען צוגעלאָפען האָבען זיך ארומגע־שטעלט ארום די שלאָגענדע, האָבען זיי געוואָלט פאנאנדערנעהמען און זיי האָבען אלע געשריען און געקאָכט זיך. אפילו די שווינד־זיכטיגע האָט זיך אויפגעהויבען פון איהר געלעגער און האָט גע־קוקט אויף די ווייבער, ווי זיי האָבען זיך געריסען.

די קינדער האָבען זיך צוגעטוליעט איינער צו דעם אנדערן און האָבען געוויינט, קוקענדיג מיט פחד אויף דער סצענע. אויף דעם געשריי איז אָנגעלאָפען דער נאדזיראטעל און די נאדזיראטעל־ניצע פון אסטראג. די שלעגערקעס האָט מען פארנאנדערגענומען און קאראבלעווא האָט זיך גענומען ארויסשלעפען פון קאָפּ די אויס־געריסענע האָר. די רויטע האָט זיך געהאלטען מיט'ן האנד ביים ברוסט, וואו דאָס העמד איז געווען צוריסען און עס האָט זיך גע־זעהן איהר געלע לייב. ביידע האָבען געשריען, האָבען דערציילט און האָבען זיך בעקלאָגט פאר דעם אויפזעהער און אויפזעהערקע.

— איך קען דאָך אייך, דאָס איז אלעס איבער בראנפען: אָט איך וועל מאָרגען דאָס דערצעהלען דעם סמאָטריטעל און ער וועט זיך מיט אייך אָברעכענען. איך הער, עס שמעקט דאָ עפּעס בראנפען. זעהט, איך זאָג אייך, היט זיך, נעהמט בעסער דאָס אלעס און בעהאלט, אז ניט וועט איהר האָבען א מיאוס'ען פסק;

**איך האָב קיין צייט ניט דאָ צו עסק'ן זיך מיט אייך. צוריק אויף** די פּלעצער און שטיל זאָל מיר זיין, — האָט זיך געבייזערט די נאדזיראטעלניצע.

אָבער נאָך ניט אזוי גיך איז שטיל געוואָרען. די אויפזעהער זיינען אוועק און די אַרעסטאַנטקעס האָבען נאָך אַלץ געשריען און דערציילט ווידער ווער עס האָט זיך אָנגעהויבען און ווייטער געזידעלט זיך.

ענדליך איז שטילער געוואָרען, די ווייבער האָבען זיך צולייגט אויף זייערע פּלעצער, און די אַלטינקע האָט זיך געשטעלט אויף די קניע לעבען דער הייליגער מאריע'ס בילד און האָט געבעטען.

אין א ווייל'ע ארום האָט זיך ווייטער דערהערט די רויטעס שטימע:

— האָבען זיך צוזאמענגענומען צוויי קאטאָרזשניצעס,—האָט זי הייזעריג געזידעלט זיך, ליגענדיג אויף איהר פּלאַץ אויפ'ן צווייטען ברעג פון די נארעס, און זי האָט גענומען שיטען מיט די שמוציגע זידלערייען.

— זעה, האַלט דיין פּיסק, ווארום אז ניט, וועל איך דיר אזוי פארפאָהרען, — האָט געענטפערט קאָראבלעווא און האָט צוריק געשאָטען מיט אַלערליי זידעל־ווערטער. און ביידע זיינען ווידער אנטשוויגען געוואָרען.

— אוי, ווען איך וואָלט נור געהאט כח, די אויגען דיינע וואָלט איך דיר ארויסגעריסען... האָט א זאָג געטאָהן ווידער די רויטע פון איהר געלעגער.

קאראבלעווא האָט ניט געלאָזען זיך לאנג בעטען אויך מיט אזא מין ענטפער.

ווידער איז אויף א ווייל'ינקע שטיל געוואָרען, אזוי ווי אַלע וואָלטען שוין געשלאָפען, און פּלוצלינג האָט ווייטער די רויטע אָנגעהויבען צו גיסען פּעך און שוועבעל, און קאראבלעווא צוריק דאָס זעלביגע.

די זידלערייען האָבען אָנגעהויבען זיין זעלטענער, די צווישען־צייט לייגגער, און ענדליך איז אַלעס פערזונקען אין שווייגען.

אלע זיינען געלעגען, אנדערע האָבען געכראָפּעט, נור די אל־טינקע, וועלכע האָט געהאלטען אין איין בעטען גאָט, איז נאָך גע־שטאנען ביים הייליגען בילד אויף די קניע.

די טאָכטער פון דעם דיאטשאָק איז אראָפּ פון די נארעס אין האָט אָנגעהויבען, ווי איהר געוואָהנהייט, ארומצוגעהן הין און צו־ריק איבער׳ן קאמער.

ניט געשלאָפען האָט מאסלאָווא און האָט אלץ געטראכט וועגען דעם, אז זי איז שוין א קאטאָרזשניצע און צוויי מאָל האָט מען זי שוין געזידעלט מיט דיעזען נאָמען. איין מאָל באטשקאווא און דאָס צווייטע מאָל די רויטע, — און זי האָט בשום אופן ניט גע־קענט צוגעוואָהנען זיך צו דעם געדאנק, אז זי איז דאס א קא־טאָרזשניצע.

קאָראבלעווא, וועלכע איז געלעגען מיט׳ן רוקען צו איהר, האָט זיך איצט איבערגעקעהרט צו איהר מיט׳ן צורה.

— אָט אזוי איז דאָס, ניט געטראכט, ניט געדאכט, — האָט שטיל געזיפצט מאסלאָווא, — און בין פאר׳משפּט, אנדערע טהוען אָפּ איך ווייס וואָס פאר א מעשים, און גאָרנישט, — און איך דארף אומזיסט און אומנישט אָפּקומען.

— זאָרג ניט, מיידעל, דו וועסט אין סיביר אויך ניט פער־פאלען געהן, דאָרט לעבען אויך מענשען, וועסט גאנץ זיין, נישט־קשה, — האָט זי געטרויסט קאָראבלעווא.

— איך ווייס, איך וועל ניט פערלאָרען געהן, אָבער פון דעסטוועגען פערדריסט עס. ניט איך האָב געדארפט האָבען אזא שיקזאל. איך בין געוואָוינט געוואָרען צו א בעסערען לעבען.

— וואס מאכט מען, אז גאָט וויל אזוי, — האָט א זיפץ גע־טאָהן קאָראבלעווא: געגען זיין רצון קען מען ניט געהן.

— איך ווייס, אָבער עס איז דאָך אזוי שווער.

ביידע זיינען אנטשוויגען געוואָרען.

— דו הערסט? דאס איז דאָך זי, די פערזעהעניש,—האָט קאָ־ראבליעווא שטילערהייט בעמערקט צו מאסלאָווא, הערענדיג די פערשטיקטען כליפּען פון דעם פלאץ, וואו די רויטע איז געלעגען.

די רויטע האָט ביטער געוויינט; זי האָט געוויינט פאַר וואָס מען האָט זי אַזוי מיאוס געזידעלט, געשלאָגען און קיין שנאַפּס ניט געגעבען. זי האָט געוויינט איבער איהר גאַנצען לעבען, אין וועל־בען זי האָט פון קיינעם קיין גוטען וואָרט ניט געהערט, האָט קיין מאָל פון מענשען ניט געהאט קיין זאַך אויסער בעליידיגונג, געשלעג און אָפּלאַכונג. זי האָט זיך אפילו געוואָלט טרויסטען, ווען זי האָט זיך דערמאָנט וועגען איהר ערשטער ליעבע צו פעדקא, דעם פאַב־ריטשנעם אַרבייטער, מאָלאָדיאָנקאָוו. זי האָט זיך אָבער גלייך אויך דערמאָנט דעם ביטערען סוף פון דיזער ליעבע, ווי מאָלאַדיאָנ־קאָוו האָט, שיכור׳ערהייט, זי אַ שמיר געטאָהן מיט קופּאַראַס, און ער האָט נאָך געלאַכט אויפ׳ן קול מיט זיינע חברים, ווען זי האָט געשריען און געקרימט זיך פאַר שרעקליכע שמערץ. זי האָט זיך דאָס אַלעס דערמאָנט און אין איהר האָט זיך ערוועקט אַן אייביגער ווייטאָג; קיינער הערט זי ניט, קיינעם קימערט זי ניט, און זי האָט געוויינט, ביטערליך געוויינט מיט אַ כליפּען און שלינגענדיג די געזאַלצענע טרערען, ווי עס וויינען קינדער.

— אַ רחמנות, — האָט געזאָגט מאַסלאָווא.

אודאי אַ רחמנות, אָבער וואָס קריכט זי!

33.

דאָס ערשטע, וואָס נעכלודאָוו האָט געפיהלט דעם צווייטען פריהמאָרגען, ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז געווען דאָס בע־וואוסטזיין, אַז מיט איהם האָט וואָס פּאַסירט, און בעפאָר נאָך ער האָט זיך ערווינערט וואָס מיט איהם האָט פּאַסירט, האָט ער שוין געפיהלט אַז דאָס איז עטוואָס זעהר וויכטיגעס און גוטעס.

„קאַטיושאַ, דאָס געריכט". יאַ, און מען דאַרף אויפהערען זיין פאַלש און אָנהויבען האַנדלען וואָהרהייטליך, זאָגען דעם גאַנצען אמת. און וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרער צוזאַמענפאַל: אין דעם זעל־בען פריהמאָרגען איז איהם אָנגעקומען דער לאַנג־ערוואַרטעטער

בריעף פון מאריא וואסיליעוונא, פון דער פרוי פון דעם פרעדסע־דאטעל, אקוראט אזא בריעף ווי פאר איהם איז איצט נויטיג!

זי האָט איהם פריי געמאכט, אין גאנצען פריי, און האָט איהם געוואונשען גליק אין דער פארטיי, וועלכע ער וויל שליסען; זאָל ער הייראטהען ווי ער ווינשט.

— הייראטהען! — האָט ער איראָניש ארויסגערעדט, — ניין, איך בין ווייט דערפון איצט.

און ער האָט זיך דערמאָנט אן זיין נעכטיגען בעשלוס אויס־צוזאָגען איהר מאן אלעס, בעטען זיין פערצייהונג און פערשפרעכען בעפריעדיגונג, וועלכע ער וועט נור אליין פערלאנגען.

אָבער היינט אין דער פריה האָט איהם דאָס געשיינט צו זיין ניט אזוי לייכט אויסצופיהרען, ווי איהם האָט זיך נעכטען געדוכט. „און דאצו, וואָצו טאקע מאכען א מענשען אונגליקליך, ווען ער ווייס פון קיין זאך ניט? אויב ער וועט פרעגען, דאן וועל איך איהם אויסזאָגען. אָבער געהן מיט א כיון דערציילען? ניין, דאָס איז ניט נויטיג".

עבען אזוי שווער האָט איהם היינט אויסגעוויזען צו דערציילען די גאנצע וואהרהייט פאר מיסי. געוויס, ווי קען מען אָנהויבען ריידען, דאָס וואָלט דאך געווען א בעליידיגונג. אלזאָ אונפער־מיידליך מוז עס בלייבען אזוי, ווי אין פיעלע פערהעלטניסע פון לעבען, עטוואס צווישען די שורות. איין זאך נור האָט ער בעשלאָ־סען דיזען אין דערפריה: ער וועט ניט פאָהרען צו זיי און וועט זאָגען דעם אמת, ווען מען וועט פון איהם פאָדערען אן ערקלערונג.

דערפאר אָבער דארפען אין זיינע בעציהונגען צו קאטיושא ניט בלייבען קיינע סודות, קיינע בעהאלטענעס; אלעס מוז זיין ארויסגעזאָגט.

„איך וועל פאָהרען אין אסטראָג, איך וועל איהר אלץ זאָגען, איך וועל זי בעטען, זי זאל מיך פערצייהען. און אויב עס וועט נויטיג זיין וועל איך מיט איהר הייראטהען" — האָט ער זיך געטראכט.

דיזער געדאנק, אז פון זיין אייגענער מאָראלישער בעפריע־

דיגונג וועגען זאָל ער אָפּפּערן מיט אַלעם און הייראַטהען מיט איהר, האָט איהם דיזען פריה־מאָרגען בעזאָנדערס געצערטעלט.

שוין לאַנג האָט ער זיך ניט געפיהלט אַזוי מוטהיג, ווי דעם טאָג. ווען אַגראַפּענאַ פּעטראָוונאַ איז צו איהם אריין אין דער פריה האָט ער איהר גלייך ענטשלאָסען ערקלערט אַז ער וועט מעהר ניט אָנ־האַלטען זיין וואָהנונג מיט דער דינערשאַפט.

די מיינונג איז געוועזען אימער, אַז ער האַלט אָן דיעזען גרויסען הויז מיט אַזאַ דינערשאַפט דערפאַר, ווייל ער גייט הייראַטהען און בלייבט דאָ וואָהנען. ווען ער גיט אַלזאָ אויף דאָס הויז, הייסט עס, אַז פון הייראַטהען קען שוין איצט קיין רייד ניט זיין. אַגראַפּענאַ פּעטראָוונאַ האָט איהם פערוואונדערט אָנגעקוקט.

— איך דאַנק אייך זעהר, אַגראַפּענאַ פּעטראָוונאַ, פאַר אַלעם, וואָס איהר האָט פאַר מיר געטאָהן, אָבער איך דאַרף אַזאַ רייכע קוואַרטיר מעהר ניט אנהאַלטען און איך דאַרף אַזוי פיעל בעדינער ניט. אויב איהר ווילט זיין אַזוי גוט און מיר העלפען אויפגעבען די קוואַרטיר, מאַכען אַ טאָלק מיט די זאַכען, אוועקנעהמען זיי ערגעץ דערווייל, וועל איך אייך זעהר דאַנקבאַר זיין. און ווען נאַטאַשאַ וועט קומען, וועט זי שוין אַלעס בעזאָרגען. (נאַטאַשאַ איז געוועזען נעכלודאָוו'ס שוועסטער).

אַגראַפּענאַ פּעטראָוונאַ האָט נור געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— וואָצו אַלעס בעזאָרגען, אויפגעבען? מען וועט דאָך דאַר־פען די קוואַרטיר, — האָט זי געזאָגט.

— ניין, מען וועט זיכער ניט דאַרפען, אַגראַפּענאַ פּעטראָוונאַ, מען וועט זיכער ניט דאַרפען, — האָט געזאָגט נעכלודאָוו, ענט־פערענדיג אויף איהרע קאָפּ־שאָקלענעס, — זאָגט, זייט אַזוי גוט, קאָרנעיען, אַז געהאַלט האָב איך איהם בעצאָהלט פאַר צוויי מאָנאַט פאָראויס און אַז איך דאַרף איהם מעהר ניט.

— וואָצו, דמיטרי פּעטראָוויטש, וואָצו זאָלט איהר אַזוי טאָהן? — האָט אַגראַפּענאַ אַלץ גערעדט. — נו, איהר וועט פאָה־רען קיין אויסלאַנד און די וואָהנונג וועט מען דאָך דערנאָך דאַרפען.

— איהר מיינט עטוואָס אַנדערס, אַגראַפּענאַ פּעטראָוונאַ.

איך װעל ניט פֿאָהרען נאָך אויסלאַנד, און אויב איך װעל פֿאָהרען, איז אין אַ גאַנץ אַנדער פּלאַטץ. — ער איז רויטה געװאָרען אין געזיכט.

„יאַ, מען דאַרף איהר אַלץ דערצעהלען — האָט ער אַ טראַכט געטאָהן, — װאָצו בעהאַלטען? מען דאַרף אַלעמען אַלעס אויס־זאָגען“.

— מיט מיר האָט געטראָפען עטװאָס זאָנדערבאַרעס און זעהר װיכטיגעס געסטערן. געדיינקט איהר קאַטיושאַ, װעלכע איז געװען ביי די טאַנטעס?

— צו געדיינק איך, איך האָב זי דאָך אַליין געלערנט נעהען.

— נו, אָט דיעזע קאַטיושאַ האָט מען נעכטען גע׳משפּט, װען איך בין געװען געשװאָרענער.

— אַך, מיין גאָט, װאָס פֿאַר אַ רחמנות! — האָט געזאָגט אַגראַפענע מיטליידיג — פֿאַר װאָס האָט מען זי דאָס גע׳משפּט?

— פֿאַר מאָרד, און דאָס אַלעס האָב איך דאָך געטאָהן.

— װאָס הייסט, װי אַזוי האָט איהר דען אַזעלכעס געקענט טאָהן, װאָס רעדט איהר עפּעס אַזעלכע זאָנדערבאַרע זאַכען? אין אין אַגראַפענאַ׳ס אַלטע אויגען האָט זיך אַנגעצונדען אַ פייערל. זי האָט געװאוסט די געשיכטע מיט קאַטיושען.

— יאַ, דאָס בין איך די אורזאַכע פֿון אַלעס. און דאָס האָט אומגעביטען אַלע מיינע פֿריהערדיגע פּלענער.

— װאָס־זשע האָט דאָס פֿאַר אַ שייכות צו אייערע פּלענער?

— האָט די אַלטע געזאָגט מיט אַן איינגעהאַלטענעם שמייכעל.

— דאָס איז שייך צו מיר דערפֿאַר װייל אויב איך בין די אורזאַכע פֿון דעם װאָס זי איז אַראָפּ פֿון װעג, דאַן בין איך מחויב צו טאָהן אַלעס װאָס איך קען אום צו העלפֿען איהר.

— געװיס, דאָס איז אייער גוטער װילען, — אָבער שולדיג װאָס זייט איהר דאָ. בעזאָנדערנס? ביי אַלעמען טרעפֿט דאָס זעל־ביגע און אַז מען פֿערשטעהט װי צו פֿערגלעטען, פֿערגעסט מען זיך דאָס מיט דער צייט, און מען לעבט; װאָס איז דאַרטען פֿאַר אַזאַ צרה? עס געהט אַלץ אַריבער, — האָט געזאָגט אַגראַפענאַ ערנסט

און בעלעהרענד. — און פארוואָס איהר נעהמט אויף זיך די שולד פארשטעה איך ניט. איך האָב נאָך לאנג געהערט, אז זי איז אוועק אויף א פאסקודנעם וועג, טאָ וועד איז דעריין שולדיג?

— איך בין שולדיג, און איך וועל דאָס פעררריכטען.

— אָבער דאָס לאָזט זיך דאָך ניט פעררריכטען.

— דאָס איז שוין מיין זאך. און אויב איהר דיינקט וועגען זיך, דאן זאָלט איהר וויסען, אז אלעס, וואָס מאמא האָט גע־וואונשען...

— איך מיין ניט וועגען זיך. איך בין איהר, א גוטע מנוחה זאָל זי האָבען, אזוי דאנקבאר פאר אלץ וואָס זי האָט פאר מיר גע־טאָהן, אז איך פערלאנג נישט מעהר. מיין פלימעניצע, ליזינקע, בעט, איך זאל צו איהר פאָהרען און וועט איהר וועט מיר מעהר ניט דארפען וועל איך צו איהר אוועק. פון מיר איז אפגערעדט, אָבער איהר דארפט זיך ניט נעהמען אזעלכע זאכען צום הארצען.

— פאסירט עס דען מיט אייך איינעם? עס איז דאך מיט אלעמען אזוי.

— אָבער איך טראכט ניט אזוי. איך בעט אייך נור, העלפט מיר מאכען אן אָרדנונג מיט די אלע זאכען. און זייט אויף מיר ניט אין כעס. איך בין אייך זעהר, זעהר דאנקבאר פאר אלעס.

וואונדערבאר: זינד נעכלודאָוו האָט פערשטאנען, אז ער איז שלעכט און איהם האָט אנגעהויבען צו עקלען פון זיך זעלבסט, האָ־בען אנדערע אָנגעהויבען צו שיינען איהם ליעבליכער; ער האָט געפיהלט איצט צו אגראפענע פעטראָוונא, צו קארנעיען א מעהר צערטליכען און מעהר אכטענדען געפיהל, איהם האָט זיך עפעס אזוי ווי געוואָלט בעטען ביי אלעמען פערציייהונג, אפילו ביי קאָר־נעיען, אָבער ביי יענעם איז געווען אזא העפליך־ערנסטע פיזאָ־נאָמיע, אז ער האָט דאָס ניט געקענט טאָהן.

ווען נעכלודאָוו איז געפאָהרען היינט אין געריכט איבער דיע־זעלבע גאסען, מיט דעם זעלביגען איזוואָזטשיק, האָט ער זיך אליין געוואונדערט ווי גוט ער פיהלט זיך היינט, אזוי ווי ער וואָלט גע־ווען גאָר ניי־געבאָרען, אן אנדער מענש.

די הייראטהע מיט מיססי, וועלכע האט נאך נעכטען געשיינט פאר איהם אזא נאהענטע זאך, האט זיך איהם איצט פארגעשטעלט אלס עטוואס אונמעגליכעס. נעכטען האט זיך נאך איהם געדוכט, אז מיססי וואלט געווען גליקליך, ווען זי וואלט מיט איהם הייראטהען; היינט האט ער געזעהען, געפיהלט, אז ער איז ניט ווערטה, ניט נור הייראטהען מיט איהר, ער איז ניט ווערטה צו זיין אפילו איהר פריינד.

„ווען זי וואלט נור געוואוסט, ווער איך בין, וואס איך בין, וואלט זי מיט מיר ניט געוואלט אפילו טרעפען זיך. און איך האב איהר נאך געקענט מאכען פארווירפע פאר איהר קאקעטירען מיט יענעם העררן. ניין, ווען זי זאל יעצט מיט מיר הייראטען וואלט איך דען געקענט בערוהיגט זיין, שוין ניט צו זאגען גליקליך, ווען י ע נ ע דארט אין אסטראג וועט מארגען אדער איבערמארגען אוועק מיט'ן עטאפ אויף קאטארגע. יענע פרויען־צימער, וועלכע איך האב פערפיהרט און אונגליקליך געמאכט, וועט אוועק אויף קאטארגע, און איך וועל זיצען אין רייכען צי־מער און ערהאלטען גראטולאציאנען אדער פאהרען אבשטאטען וויזיטען מיט מיין יונגער פרוי, אדער איך וועל זיצען מיט דעם פרעדוואדיטעל, וועלכען איך האב אזוי שענדליך אבגענארט; זיין אויף א זיצונג פון זעמסטווא און שטימען פאר שול־אינ־ספעקציאנען א. ז. וו. און דערנאך, אין געהיים פון דעם מאן, צונויפטרעפען זיך מיט זיין פרוי, (ווי עקעלהאפט!) אדער מא־לען ווייטער דאס בילד, וואס איך האב אנגעהויבען, און וועלכע איך וועל קיינמאל ניט ענדיגען, ווארום וואס פאר א זינען האט דאס פאר מיר צו בעשעפטיגען זיך מיט די אלע נארישקייטען. ניין, איך קען דיעזע אלע זאכען ניט טאן איצט“.

אזוי האט ער גערעדט צו זיך אליין און האט אהן א שיעור זיך געפרעהט מיט דער אינערליכער ענדערונג, וועלכע ער האט געפיהלט אין זיך.

„פריהער פון אלעס“, — האט ער זיך געטראכט — „דארף איך איצט זעהען דעם אדוואקאט און וויסען זיין בעשלוס, און

דערנאָך... דערנאָך זעהען זיך מיט איהר אין אָסטראָג, מיט דער נעכטיגער ארעסטאנטקע, און זאגען איהר אלעס".

און ווען נור ער האָט זיך פארגעשטעלט, ווי ער וועט זי דער־זעהען, ווי ער וועט איהר ארויסזאגען זיינע אלע געדאנקען ווי ער וועט בעטען ביי איהר פערצייהונג פיר אלעס, ווי ער וועט איהר ערקלעהרען, אז ער וועט טאָן אלעס פון איהר'ט וועגען, וועט מיט איהר זאגאר הייראטהען אום צו פעררעכטען דעם פערברעכען, וועלכען ער איז בעגאנגען געגען איהר, אזוי האָט ער דערפיהלט אן אויסערארדענטליכע פריידע; אן אינערליכען תענוג, א זיסע צערטליכקייט און טרערען האָבען זיך געשטעלט אין זיינע אויגען.

## 34.

קומענדיג אין געריכט, האָט נעכליודאָוו אין קאָרידאָר שוין בעגעגענט דעם סודעבני פריסטאוו און האָט איהם געפרעגט: וואו עס געפינען זיך די פעראורטהיילטע ארעסטאנטען, און פון וועמען עס הענגט אָב די ערלויבנים צו קענען זיך זעהען מיט זיי

דער סודעבני פריסטאוו האָט איהם ערקלערט אז די ארעס־טאנטען ווערען צושיקט אין פערשיעדענע פלעצער, ביז וואנען זיי ווערען אוועקגעשיקט אין סיביר, און אז די ערלויבנים צו זעהען זיך מיט זיי, דאַרף מען בעטען ביי דעם פראָקוראָר.

„איך וועל אייך צייגען מיט וועמען איהר דאַרפט זיך זעהען, אבער איך וויים ניט, אויב איהר קענט איצט זעהען דעם פראָ־קוראָר. איהר דאַרפט ווארטען ביז נאָך דער זיצונג פון געריכט".

נעכלודאָוו האָט איהם געדאנקט פאר זיין געפעליגקייט און איז אריין אין דעם צימער פון די געשוואָרענע.

אין דער צייט, ווען ער איז געגאנגען צום צימער פון די גע־שוואָרענע, האָבען שוין די לעצטע געהאלטען ביים ארויסגעהן אין געריכט. דער קופעץ איז געווען אלץ אזוי פרעהליך ווי זיין שטייגער איז און האָט בעגעגענט נעכלודאָוו'ן ווי אן אלטען בעקאנטען. און

אפילו פעטער גערעסימאָוויטש האָט היינט איהם ניט אויסגע־זעהען אזוי אבשטויסענד מיט זיין פאמיליאריטעט און מיט זיין אפענעם געלעכטער.

נעבלודאוו האָט געפיהלט אזוי ווי ער וואלט וועלען פאר אלע געשווארענע ארויסזאגען דעם אמת איבער זיינע בעציהונגען צו דער נעכטיגער ארעסטאנטקע.

„אין דער ווירקליכקייט" — האָט ער זיך געטראכט — „האָב איך דאך נאָך נעכטען, אין דער צייט פון דעם פּראָצעס, געדארפט עפענטליך ערקלערען מיין שולד". אבער ווען ער איז איצט צוזא־מען מיט די געשוואָרענע אריינגעגאנגען אין געריכטס־זאאל און עס האָט זיך אנגעהויבען דיזעלביגע פּראָצעדורע וואס נעכטען: „דער געריכט געהט!" ווידער האָבען די דריי ריכטער מיט גע־גילטע קראגענס געזעצט זיך אויף זייערע ריכטער־שטוהלען, ווידער איז עס אין זאאל שטיל געווארען, ווידער דאָס צוזעצען זיך פון די געשווארענע אויף זייערע פּלעצער, זשאנדארמען, דער גלח, א. ז. וו., — האָט ער דערפיהלט, דאָס אבוואהל ער האָט אזוי גע־דארפט טאָהן, אבער עס איז געווען אונמעגליך איבערצורייסען דיזע גרויסארטיגקייט.

די פערפערטיגונגען צום געריכט זיינען היינט אנגעגאנגען פונקט אזוי ווי נעכטען. מיט אויסנאהמע פון פיהרען די געשווא־רענע צו דער שבועה און דער רעדע פון דעם פּרעדסעדאטעל צו זיי.

היינטיגער פּראצעס איז געווען וועגען א גנבה דורך אויפברע־כען א שלאָס. דער ארעסטאנט, בעוואכט פון צוויי זשאנדארמען מיט בלויזע שווערדען, איז געווען א מאגערער שמאָל־פּלייציגער יונג פון א יאהר 20, אין א גראָהען ארעסטאנטסקען כאלאט און א גראָהע בלאסע מאָגערע געזיכט, אָהן א בלוטס־טראָפּען אין די באקען.

ער איז געזעסען נור איינער, אויף דער אנקלאגע־באנק און האָט פון אונטער דעם שטערען געקוקט אויף די אריינקומענדע.

דיזער אינגעל איז געווען אנגעקלאגט, דאָס צוזאמען מיט זיינעם א חבר האָט ער אויפגעבראָכען א שלאָס אין א שטעל־

כעל און האָט פון דאָרט ארויסגעגנב'עט אלטע דיוואנס, צוזאמען אויף דער סומע פון 3 רובעל און 67 קאפיקעס.

פון דעם בעשולדיגונגס־אקט האָט זיך געצייגט, אז א גאָ־ראָדאָוואָי האָט געכאַפּט דעם אינגעל, ווען ער איז געגאנגען מיט דעם אנדערן און האָבען געטראגען די דיוואנס אויף זייערע פּלייצעס.

דער אינגעל און זיין חבר האָבען זיך גלייך אנערקענט פאר שולדיג און מען האָט זיי ארייננעזעצט אין אסטראָג. דער חבר פון דעם ארעסטאנט, א שלאָסער פון פּראָפעסיאָן, איז געשטאר־בען אין אסטראָג און צו משפט'ען איז געבליבען דעם אינגעל אליין.

די דיוואנס זיינען געלעגען אויפ'ן טיש אלס זאכליכע בעוויי־זע. די פערהאנדלונגען האָבען זיך געפיהרט עבען אזוי ווי געכטען מיט דער גאנצער סדרה פון בעווייזע, עדות, שבועות, פראגען, עקספּערטען און קרייץ־פערהערען פוןביידע צדדים, פון דער בעשולדיגונג און פערטהיידיגונג.

דער עדות, דער גאָראָדאָוואָי, האָט אויף די פראגען פון דעם פּרעדסעדאטעל, פון פּראָקוראָר און פון דעם פערטהיידיגער געענטפערט מיט איין נוסח „טאק טאָטשנאָ“ („אמת אזוי“) — „טאק טאָטשנאָ“... אבער מען האָט געקענט זעהען, אז ער האָט זעהר רחמנות געהאט אויף דעם אינגעל און האָט זעהר ניט גערן דערצעהלט די געשיכטע ווי ער האָט איהם געפאקט מיט דער גניבה.

דער צווייטער עדות, ביי וועמען די גנבה איז געשעהן, איז געוועזן, ווי עס האָט געשיינט, א גאליגער מענש, אן אויפגערעג־טער, א כעסן. ווען מען האָט איהם געפרעגט צו דערקענט ער זיין אייגענטהום וואס מען האָט ביי איהם גע'גנב'עט, האָט ער געענט־פערט זעהר ניט גערן; ווען דער אנקלעגער האָט נאך איהם אנגע־הויבען אויסצופרעגען, ווי גרוים דער שאדען איז, אויף וואס ער האָט געוואלט געברויכען די ארויסגע'גנב'עטע סחורה און צו ער האָט דאָס זעהר נויטיג בעדארפט, איז דער אייגענטהימער זעהר אין כעס געווארען און האָט אויסגעשריען: „צו אלע רוחות

האָט ער געמענגט געהן מיט אלעמען און מיט אנאנדער ; איך דארף זיי אויף כפרות ; עס האָבען מיך געקאסט איזוואזטשי־קעס מעהר איידער די גאנצע גניבה איז ווערטה און איך בין גאָר א קראנקער, עס מאטערט מיך דער רעוומאטיזם".

די עדות האָבען אזוי אונוויליג געגעבען זייערע צייגניסע ; דער אנגעקלאגטער אליין נור האָט אויף זיך אליין אלץ געזאָגט און האָט געקוקט, ווי א דערשראקענע געפאנגענע חיה'לע, אין אלע זייטען.

די געשיכטע איז געוועזן א קלאָהרע, אבער דער עפענטליכער אנקלעגער האָט היינט אויך אזוי ווי נעכטען אויפגעהויבען עפעקט־פאָל זיינע פלייצעס און האָט געשטעלט איינפעליגע פראגען, וועל־כע זאלען דעם כיטרען פערברעכער צודריקען צום וואנד און צייגען זיין גרויסע זינד.

אין זיין בעשולדיגונגס־רעדע האָט ער זיך געגעבען אלץ מיהע צו בעווייזען, אז די גנבה איז געשעהן אין א בעוואָהנטען פלאץ און אז דער שלאָס איז אויפגעבראכען געווארען מיט אן אייזען, אלזא דארף אים קומען די שווערסטע בעשטראפונג, וועלכע דאָס געזעץ שרייבט פאר.

דער פערטהיידיגער, וועלכער איז געוועזן אנגעוויזען פון גע־ריכט, האָט בעוויזען, אז די גנבה איז געשעהן ניט אין א בעוואָהנ־טען בנין, און דארום, אבוואָהל מען קען ניט אבלייקענען דעם פער־ברעכען, איז נאך קיין ראיה ניט, אז דער פערברעכער איז אזא געפעהרליכער מענש פאר דער געזעלשאפטליכער זיכערהייט, אזוי ווי דער אנקלעגער בעמיהט זיך צו בעווייזען.

דער פרעדסעדאטעל האָט היינט אויך עבען אזוי ווי נעכטען ערקלערט די געשיכטע פאר די געשווארענע און האָט רעזיומירט די בעווייזע פוןביידע צדדים, פארשטעלענדיג זיך דערביי פאר אן אונפארטייאישען און אויפריכטיגען ריכטער, וועלכער איז ניט נוטה צו קיין צד.

פונקט אזוי ווי געסטערן, זיינען אויך היינט געמאכט גע־וואָרען פויזעס ; מען האָט אויך אזוי גערויכערט ארויסגעהענ־

דיג פון זאאל; דער סודעבני פּריסטאוו האָט ווידער ווי נעכ־טען אויסגעשריען יעדען מאָל: „דאָס געריכט קומט“, און ווידער זיינען געזעסען די צוויי זשאנדארמען האלב־פערשלעפערט.

פון דער גאנצער פערהאנדלונג איז געווען קענטיג, אז דער אנגעקלאגטער בחור'ל איז נאָך אלס קליינער אינגעל אוועקגעגעבען געווארען פון זיין פאטער אין א טאבאק־פאבריק, וואו ער האָט געארבייט גאנצע 5 יאָהר. ער האָט דיעזען יאהר, אויפ'ן זעקסטען, פערלאָרען זיין ארבייט איבער א קריעג, וועלכע איז פּאָרגעקור־מען צווישען די ארבייטער און דעם פאבריקאנט. אָהן ארבייט האָט ער זיך ארומגעשלעפּט די גאנצע צייט איבער די גאסען פון שטאָדט און האָט פערטרונקען ביז דער לעצטער קאָפּיקע, אלעס וואס ער האָט פערמעגט.

אין טראקטיר האָט ער געשלאָסען בעקאנטשאפט מיט נאָך אזעלכען אן ארבייטסלאזען אזוי ווי ער, א שלאָסער, וועלכער האָט פערלאָרען זיין פּלאַץ און האָט פון צרות געטרונקען. און צוזאמען האָבען זיי דאס בייגאכט, שיכור'ערהייט, אויפגעבראָכען דעם שלאָס און געמאכט די גנבה.

מען האָט זיי געפאקט. זיי האָבען זיך אין אלעס מודה געווען. מען האָט זיי אריינגעזעצט אין אסטראָג, וואו דער שלאָסער, ווארטענדיג אויף זיין פּראָצעס, איז געשטארבען פון שווינדזוכט. און איהם האָט מען דאס איצט פּראצעסירט; אלס א געפעהרליכען מענשען פאר דער געזעלשאפט, פון וועמען מען דארף זיך בע־שיצען.

„אויך אזא געפעהרליכער מענש פאר דער געזעלשאפט ווי די נעכטיגע פערברעכערין“ — האָט זיך געטראכט נעכלודאָוו קו־קענדיג אויף דעם יונגען פערברעכער. — „זיי זיינען געפעהרליך, און מיר זיינען ניט קיין געפעהרליכע?... איך, אן אויסגעלאסע־נער, א ליגנער, א פאלשער, און אלע, אלע, וועלכע קענען מיך אלס אזעלכען, האָבען מיך ניט נור ניט געהאסט, זאנדערן נאָך געאכטעט“.

עס איז דאָך אויגענשיינליך, אז דיזער אינגעל איז גאָר ניט אזא

געפעהרליכע בעשעפענעס, ניט קיין מורא׳דיגער מערדער, נור א גאנץ געוועהנליכער מענש — דאס זעהען דאך אלע — און ער איז געווארען אזא, ווי ער איז, נאר א דאנק די צרה׳דיגע אומשטענדען, וועלכע שאפען אזעלכע מענשען.

איז עס קלאהר, דוכט זיך, אז אום אזעלכע פערברעכע־רישע איינגלעך זאלען ניט ערצויגען ווערען, מוז מען ענ־דערן די פערהעלטניסע, וועלכע ווירקען, אז זיי זאלען ווערען אזעל־כע אונגליקליכע בעשעפעניסען.

נעכלודאוו האט געקוקט אויף דעם קריינקליכען פנים פון דעם איינגעל. — אך, ווען עס וואלט זיך, צ. ב. ש., געפונען א מאן, וועלכער וואלט אויף איהם רחמנות געהאט נאך דאן, ווען מען האט איהם אויס נויטה געבראכט פון דארף אין שטאדט צו דער ארבייט; ווען יעמאנד וואלט דאן געהאלפען דיעזער נויטה, אדער אפילו ווען ער איז שוין געבליבען אין שטאדט און פלעגט ארבייטען איבער די כחות 12 שטונדען אין מעת לעת; ווען עס וואלט זיך געפונען דאן א גוטער מענש און וואלט איהם זאגען נאך זיין שווערער ארבייט א פאר גוטע ווערטער: „געה ניט, וואניא, אין טראקטיר, וואו מען שיכור׳ט, עס איז ניט גוט“. ער וואלט געפאלגט, ער וואלט ניט געגאנגען, און ער וואלט ניט אזוי פער־דארבען געווארען, וואלט ניט שיכור׳ן.

אבער אזא מענש האט זיך ניט געפונען. קיינער האט אויף איהם דאן ניט געהאט קיין רחמנות. דאן, ווען ער האט ווי א קליינע חיה׳לע, געלעבט אין דער גרויסער שטאדט, האט ארומגעשארען אין גאנצען דעם קאפ, ער זאל נעביך ניט פערוועריסט ווערען, און איז ארומגעלאפען אויף די פיסלעך, וואוהין זיינע הערען האבען איהם נור געשיקט.

רחמנות? פערקעהרט, אלעס וואס איהם איז אויסגעקומען צו הערען, איז געווען געשרייען, זידלעריי, בעליידיגונגען פון זיי־נע בעלי־בתים; און וועלכע ווערטער, וועלכע רייד האט ער זיך ניט אנגעהערט פון זיינע חברים, פון די ארבייטער? ער האט

געזעהען, אז א כוואט איז דער, וואס קען זיך בעסער זידלען, קען כיטרעווען, קען גוט „ארייננגיסען", געבען אין באק, און הוליען מיט נקבות.

און איצט, ווען אן איסגעמאטערטער, א קראנקער פון אר־בייט, פון שלעכטען לעבען, פון טרינקען, פון צולאָזען זיין, האָט ער זיך ארומגעשלעפט איבערן שטאָדט אָהן ארבייט און אָהן געלד און איז מיט נאָך אזא ווי ער פערקראָכען אין א פרעמדער שטעל־כעל און געגנב'עט גמאטעס, וועלכע וואָלטען דאָרט זיך וואלגערן אומזיסט יאהרען לאנג, געהען מיר איהם בעשטראפען, פון איהם ראכע נעהמען. ניט מיר זיינען דאס פערברעכער געגען איהם, זאנ־דערן גאר ער געגען אונז.

— שרעקליך!

מיט אזעלכע געדאנקען איז געווען פערנומען נעכלודאוו'ס רעיונות, און ער האָט ניט געהערט, וואס ארום איהם אין געריכטס־זאאל טוהט זיך. ער האָט זיך אליין דערשראקען פאר זיינע געדאנ־קען. ער האָט זיך געוואונדערט ווי אזוי האָט ער דאָס פריהער ניט בעמערקט דאס, וואס ער זעהט איצט אזוי קלאָהר, און ווי אזוי זעהען אנדערע ניט דאָס, וואס ער זעהט אזוי אָפען.

35.

ווי עס איז נור ערקלערט געווארען די ערשטע פויזע, איז נעכלודאוו אויפגעשטאנען און איז ארויס אין קאָררידאר, מיט דער אבזיכט קיינמאָל ניט אומצוקעהרען זיך אין געריכט.

זאָל מען מיט איהם טאָהן וואס מען וויל, אבער ער וועט בשום אופן מעהר ניט נעהמען קיין אנטהייל אין דיעזער קאָמעדיע, ער קען ניט.

ער האָט זיך ערקונדיגט, וואו דער קאבינעט פון פראָקוראָר איז און ער איז אוועק צו איהם. דער דינער האָט איהם ניט צוגעלאזען אזוי גיך: דער פראָקוראָר, האָט ער געענטפערט, איז

שטארק פערנומען און האָט קיין צייט ניט; אָבער נעכלודאָוו האָט איהם ניט געהערט און איז אריינגעגאנגען אין קאנצעליא־ריע, ער האָט א בעט געטהאָן דעם שרייבער, מעלדען דעם פּראקו־ראָר, אז ער דארף איהם זעהען וועגען זעהר א וויכטיגער אנגעלע־גענהייט.

דער טיטול פון א פירסט, דער גוטער אנצוג און זיין גאנצער אויסזעהען האָבען אויסגעהאָלפען דאָ נעכלודאָוו'ן. דער שרייבער האָט געמעלדעט דעם פּראָקוראָר און מען האָט נעכלודאָוו'ן אריינ־געלאָזען אין קאבינעט.

דער פּראָקוראָר האָט איהם בעגעגענט שטעהענדיג, קענטיג זעהר אָן אונצופריעדענער פון דעם וואָס דער בעזוכער איז אזוי שטרענג און האָט מיט אזא עקשנות געפאָדערט צו זעהען זיך מיט איהם.

— וואָס פערלאנגט איהר? — האָט דער פּראָקוראָר שטרענג א פרעג געטהאָן.

— איך בין א געשוואָרענער, מיין פאמיליע איז נעכלודאָוו און איך מוז נויטווענדיג זעהן די ארעסטאנטין מאסלאָווא — האָט שנעל און ענטשלאָסען געענטפערט נעכלודאָוו, וועהרענד ער איז אליין רויט געוואָרען און האָט געפיהלט, אז ער טהוט דאָ עטוואָס אזעלכעס וואָס עס דארף ענדערען זיין גאנצען לעבען.

דער פּראָקוראָר איז געוועזן א נידריגער, דונקעלער מענש, קורץ געשאָרען און שוין גראָהליך. זיינע אויגען זיינען געוועזן שארף און א געדיכטע ארומגעשאָרענע באָרד האָט בעפוצט זיינע אויס־געבויגטע, אונטערשטע באק־ביינער.

— מאסלאָווא? יא, איך ווייס. זי איז בעשולדיגט געוועזן אין מאָרד דורך פערגיפטונג, — האָט געזאָגט רוהיג דער פּראָקו־ראָר.

נעכלודאָוו האָט געשוויגען.

— צו וואָס־זשע דארפט איהר זי זעהען? — האָט ווייטער דער פּראָקוראָר שטרענג געפרעגט.

אבער ער איז גלייך עטוואס ווייכער געווארען און האט גע־זאגט:

— איך קען אייך ניט געבען קיין ערלויבניס זי צו זעהען, ניט וויסענדיג וואצו איהר ווילט מאכען אזא בעזוך.

— איך מוז דאס פיר זעהר א וויכטיגער אנגעלעגענהייט פאר מיר, — האט נעכלודאוו געענטפערט אויפגערעגט.

— זא, זא, — האט געענטפערט דער פראקוראר און האט מיט אויפמערקזאמקייט בעקוקט נעכלודאוו'ן.

— איז שוין געוועזען איהר פראצעס אדער נאך ניט? — האט ווייטער געפרעגט דער פראקוראר.

— מען האט זי געסטערן פראצעסירט און פעראורטהיילט אויף פיער יאהר קאטארגע גאנץ אומזיסט. זי איז אונשולדיג.

— זא, זא. אויב זי איז אבער ערשט געסטערן פעראורטהיילט געווארען, — האט געזאגט דער פראקוראר, אזוי ווי ער וואלט גאר ניט געהערט נעכלודאוו'ס ערקלעהרונג, אז זי איז אונשולדיג, — דאן מוז זי נאך זיין אין אונטערזוכונגס־האפט ביז דער אור־טהייל טרעט אריין אין גאנצען אין קראפט און אין יענעם אס־טראג קען מען נור געבען ערלויבניס צו זעהען זיך אין בעשטימטע צייטען. איך ראטה אייך אלזא אהין צו ווענדען זיך.

— אבער איך מוז זי זעהען וואס שנעלער, — האט נעכלו־דאוו כמעט אויסגעשריען און זיין געזיכט האט א ציטער געטוהן, פיהלענדיג אז דער מאמענט פון ענטשלאסענהייט נעהענטערט זיך.

— צו וואס־זשע דארפט איהר דאס אזוי נויטיג זי זעהען?

— האט עטוואס אונרוהיג א פרעג געטוהן דער פראקוראר, אנשטעט־לענדיג די ברעמען.

— איך דארף זי זעהען דארום, ווייל זי איז אונשולדיג און איז פעראורטהיילט געווארען אויף קאטארגע. דער שולדיגער אין אלעם בין איך, — האט נעכלודאוו געזאגט מיט א ציטערענדע שטימע פון אויפרעגונג. ער האט געפיהלט אין דערזעלבער צייט, אז ער זאגט דאס, וואס ער האט דא גאר ניט גענדארפט זאגען.

— וואס הייסט דען איהר זייט שולדיג? — האָט געפּרעגט דער פּראָקוראָר.

— דאס הייסט, איך האָב זי אפּגענארט און האָב זי געטריבען דאדורך צו די לאגע, אין וועלכער זי געפינט זיך איצט; אויב זי וואָלט ניט געוואָרען דאָס, צו וואָס איך האָב זי געבראכט, וואָלט זי קיין מאָל ניט געווארען בעשולדיגט אין אזא פערברעכען.

— איך פערשטעה דאך ניט, וואָס האָט דאָס צו טאָהן מיט אייער בעזוכען זי?

— איך וויל פאָלגען נאָך איהר און... הייראטהען מיט איהר,— האָט ארויסגערעדט נעכלודאָוו. און אזוי ווי שטענדיג, ווען ער האָט אנגעהויבען וועגען דעם צו ריידען האָבען זיך טרערען גע־שטעלט אין זיינע אויגען.

— זאָ? ד א ס מיינט איהר! — האָט א זאג געטאָן דער פּראָקוראָר. דאס איז ווירקליך זעהר א מערקווירדיגער פאל. איהר זייט, דאכט זיך, א גלאסנער אין קראסנאָפּאָלסקע זעמסטוואָ? — האָט וויעדער געפּרעגט דער פּראָקוראָר, עראינערנדיג זיך, אז ער האָט שוין עפּעס געהערט אמאָל ווענען דיעזען נעכלודאָוו'ן, וועלכער מאכט פאר איהם איצט אזא זאנדערבארע ערקלערונג.

— ערלויבט נור, אבער דאס האָט דאך גאר נישט צו טאָהן מיט מיין ביטע, — האָט בייזלעך א'ן ענטפער געטאָהן נעכלודאוו.

— נאטירליך, האָט עס ניט צו טאָהן, — האָט מיט א שטע־כיגען שמייכעל גענטפערט דער פּראָקוראָר, אזוי ווי ניט איהם מיינט מען: — אָבער אייער ביטע איז אזוי אונגעוועהנליך־זאנ־דערבאר און איז אן אויסנאהמע פון די געוועהנליכע פארמען...

— נון, וואס? קען איך בעקומען אן ערלויבנים צו זעהען זיך מיט איהר?

— אן ערלויבנים? יא, איך וועל אייך באלד געבען. זעצט זיך, ביטע, א ווײלע.

ער איז צוגעגאנגען צום טיש, האָט זיך געזעצט און האָט גענומען שרייבען.

— אָבער ביטע, זעצט זיך.

נעכלודאָוו איז געבליבען שטעהן.

ווען דער פּראָקוראָר האָט פערטיג געמאכט דעם צעטעל האָט ער דאָס דערלאַנגט נעכלודאָוו'ן און האָט איהם וויע־דער נייגעריג בעטראכט פון אויבען ביז אראָפּ.

— איך וויל אייך פאר איין וועג אויך ערקלערען, אז איך וויל מעהר ניט בעטייליגען זיך אין די זיצונגען פון געריכט אלס געשוואָרענער.

— דאצו דארפט איהר אנגעבען די אורזאכען, ווארום; נור וויכטיגע אורזאכען קענען אייך בעפרייען פון דיעזער פפליכט.

— די אורזאכען זיינען, דאס איך רעכען, אז יעדעס געריכט איז ניט נור אונניצליך, נור אויך אונמאָראליש.

— זאָ־זאָ, — האָט געזאגט דער פּראָקוראָר אלץ מיט דעם זעלביגען שמייכעלע, אזוי ווי ער וואָלט זאגען, אז אזעלכע ווער־טער הערט מען פון א געוויסען זאָרט מענשען, זעהר זאָנדערבארע.

—זאָ־זאָ,—אָבער איהר פערשטעהט דאָך, זעלבסטפערשטענד־ליך, דאס אלס פּראָקוראָר פון געריכט קען איך דאָך מיט אייך ניט זיין איינפערשטאנדען. איך ראטה אייך דארום איהר זאָלט ערקלעהרען דעם געריכט אליין אייערע אורזאכען און דאס געריכט וועט דאס מסתמא נעהמען אין אנבעטראכט און וועט אליין אור־טהיילען אויב דיעזע אורזאכען זיינען וויכטיג גענוג און ווען ניט וועט איהר מוזען בעצאָהלען א שטראַף. אלזאָ ווענדעט זיך צום געריכט.

— איך האָב אייך ערקלערט, און דאס איז פאר מיר גענוג. איך געה מעהר ערגעץ ניט, — האָט מיט כעס געזאגט נעכלודאוו.

— בלייבט וואָהל, — האָט זיך פערנייגט דער פּראָקוראָר, ווי עס ווייזט אוים וועלענדיג פּטור ווערען פון דיעזען זאנדערבא־רען בעזוכער.

— ווער איז דאס ביי אייך געוועזן ? — האָט א פרעג געטוהן איינער פון די ריכטער נאכדעם ווי נעכלודאוו איז ארוים פון דעם פּראָקוראָר'ס קאבינעט.

— דאס איז נעבלודאָוו, אַט דער זעלבינגער, ווייסט איהר, וועלכער האָט נאָך אלס מיטגליעד אין קראסנאָפּאָלסקער זעמסטווא געמאכט אזעלכע זאָנדערבארע ערקלערונגען. שטעלט זיך פאר, ער איז א געשוואָרענער און צווישען די אנגעקלאגטע, וועלכע איהם איז אויסגעקומען צו אורטהיילען, געפינט זיך א פרוי אָדער א מיי־דעל, וועלכע איז פעראורטהיילט געווארען אויף קאטארגע, און דיעזע מיידעל האָט ער אמאָל אליין פערפיהרט און איצט וויל ער מיט איהר הייראטהען.

— איז דאָס מעגליך?

— יא, ער האָט מיר אזוי אליין דערצעהלט... און ווי אויפ־געֿרעגט ער איז.

— עס איז עפּעס מערקווירדיג, עפּעס א מין זאנדערבארע אוננאָרמאליטעט איז אין דער היינטיגער יוגענד.

— יא, ער איז דאָך אָבער גאר ניט אזוי יונג.

— אך, אבער ווי האָט עס מיר דערעסען, טאטע זיסער, אייער בעריהמטער איוואשענקאוו: רעדט, רעדט, אז מען קען קראנק ווערען.

— נו, אזעלכע דארף מען איינפאך אבשטעלען, אנדערש וועט מען קיין מאָל צו קיין ענדע ניט קומען.

.36

פון דעם פּראָקוראָר איז נעבלודאָוו גלייך אוועקגעפאָהרען צו דער אונטערזוכונגס־טורמע. עס האָט זיך אבער ארויסגעוויזען אז קיין מאסלאָווא געפינט זיך דאָרט ניט, און דער אויפזעהער האָט ערקלערט נעבלודאָוו'ן, אז זי מוז זיך געפינען אין דער אלטער פערעסילנע־טורמע.

נעבלודאָוו איז אוועק אהין.

ווירקליך, יעקאטערינא מאסלאָווא האָט זיך איינגעפונען דאָרט. עס איז געווען א גרויסע שטיק וועגס צו פאהרען, און נעבלודאָוו איז אנגעקומען אהין שוין שפּעטליך, אבענד צייט.

ער האָט געוואָלט צוגעהן צום טויער פון דער גרויסער פינס־טערער געביידע, אבער דער וואַך־סאָלדאט האָט איהם ניט געלאָזען. ער האָט אנגעקלונגען און עס איז ארויס דער אויפזעהער.

נעבלודאָוו האָט איהם געוויזען זיין ערלויבניס, אָבער דער אויפזעהער האָט איהם געענטפערט, אז ער האָט קיין רעכט ניט איהם אריינצולאָזען אָהן דעם סמאָטריטעל'ס וויסען. נעבלודאָוו איז אוועק צום הויז פון סמאָטריטעל.

ארויפגעהענדיג אויף די טרעפּ, האָט נעבלודאָוו געהערט די טענער פון א שווערע שטיק מוזיק, ווי יעמאנד צימבעלט מיט מאטערנעם אויף'ן קלאוויר. א דינסט האָט איהם געעפענט די טיהר און פון דער אָפענער טיהר האָבען איהם נאך מעהר געריסען דאס אויער די ווילדע טענער פון דער שרייענדער מוזיק.

נעבלודאָוו האָט א פרעג געטוהן די דיענסט, צו איז דער סמאָטריטעל צו הויז. זי האָט געענטפערט, אז ניין.

— וועט ער באלד קומען?

די מוזיק האָט ווייטער זיך פאנאנדערגעקלונגען און ווי עס איז געקומען צום שווערען פּלאַץ האָט זי זיך איבערגעריסען.

— איך וועל אריינגעהן א פרעג טאָהן, — האָט געענטפערט די דינסט. און זי איז אריינגעלאָפען אין הויז.

ווידער האָט געקלונגען די מוזיק און האָט זיך באלד איבער־געהאקט און עס האָט זיך דערהערט א פערדריסליכע שטימע:

— זאָג, אז ער איז אין דערהיים ניטאָ און וועט היינט ניט קומען. ער איז צו גאסט, ווי זיי לאָזען דאָס א מינוט ניט רוהען, — דאס האָט געשריען בייז די פּיאניסטקע, און עס האָט זיך דער־הערט, ווי זי האָט מיט כעס א רוק געטאָהן א שטוהל; דאס איז זי אליין געגאנגען איצט צום טיהר פאַרהאַלטען דעם בעזוכער, וואָס ער דערעסט אזוי מיט זיין בעזוך ניט אין דער געהעריגער צייט.

— דער פּאַפּאַ איז ניט צו הויז — האָט בייז א זאָג גע־טאָהן א בלאַסע מיידעל, מיט בלויע צייכענס אונטער די אויגען און מיט צוואוארפענע האָאר, עפענענדיג די טיר. דערזעהענדיג

אָבער, אז פאר איהר שטעהט א יונגער מאן, שעהן געקליידעט, איז זי ווייכער געוואָרען.

— קוממ אריין, ביטע... ברויכט איהר דעם פּאפּא?

— איך דארף זעהען זיך מיט אן ארעסטאנטקע אין אסטראָג. איך האָב אן ערלויבנים פון פּראָקוראָר.

— איך ווייס ניט, דער פּאפּא איז ליידער צו הויז ניטאָ. אבער ווארום שטעהט איהר דרויסען? ביטע קומט דאָך אריין — האָט זי איהם העפליך געבעטען — ווי איז אייער פאמיליע, ביטע.

— איך דאנק אייך, ניט נויטיג, — האָט געזאגט נעכלודאָוו, ניט ענטפערענדיג אויף איהר פראגע און איז ארוים.

ער האָט נאך ניט בעוויזען ארויסצוגעהן פון טיהר, ווי עס האָבען זיך שוין ווידער דערהערט די זעלביגע קנאקענדע, רוי־שענדע טענער פון דער מוזיק, אזוי אונפּאסענד צו דיעזען טרויע־ריגען פּלאץ, צו דיעזער בלאסער מיידעל, וועלכע האָט מיט עקשנות זיי געוואלט אויסלערנען, ווי עס איז ניט געגאנגען.

דרויסען האָט נעכלודאָוו בעגעגענט א יונגען אפיציר מיט פערדרעהטע וואָנצעס און ער האָט איהם א פרעג געטאָהן, וואו מען קען געפינען דעם געהילף פון סמאָטריטעל. ערשט דאָס איז טאקע געוועזען ער אליין. נעכלודאָוו האָט איהם געוויזען דעם צעטעל פון פּראָקוראָר און ערהאלטען דעם ענטפער, אזוי ווי דאָס איז אויסגעשטעלט געווארען פיר דער אונטערזוכונגס־טורמע קען ער איהם ניט ארייִנלאָזען, און דאצו איז עס שוין צו שפּעט אויך, ווען קיין בעזוכער טאָר מען ניט צולאָזען.

— איהר מוזט זיך בעמיהען און קומען מאָרגען. מארגען אום 10 אוהר מעגען אלע בעזוכער צוגעלאזען ווערען, קוממ דאן, און דער סמאָטריטעל אליין וועט אויך זיין צו הויז, דאן קענט איהר זיך מיט דער ארעסטאנטקע זעהען אין אלגעמיינעם צימער אָדער, אויב דער סמאָטריטעל וועט ערלויבען, אין קאנטאָר.

אזוי איז נעכלודאָוו אוועק און האָט דיעזען טאָג זיך ניט געקענט צושלאָגען צו זעהען זיך מיט איהר. ער איז געוועזען זעהר

צוטראָגען וועגען זיין ענטטוישונג; ער האָט אזוי געהאָפט זי היינט נאָך צו זעהען. ער האָט געשפרייזט איבער די גאסען און עס זיינען איהם ארויפגעקומען איצט אויף די געדאנקען זיינע רייד מיט דעם פּראָקוראָר און מיט די בעאמטע פון די טורמעס.

דאָס וואָס ער האָט ערקלעהרט זיינע אבזיכטען דעם פּראָקוראָר, זוכענדיג א מעגליכקייט צו טרעפען זיך מיט איהר און דער גאנצער גדאנק, זי צו זעהען האָט איהם אזוי אויפגערעגט, אז ער האָט זיך ניט געקענט בערוהיגען.

קומענדיג צו זיך אין הויז, האָט ער אויפגעזוכט זיין טאגע־בוך, וועלכען ער האָט שוין אזא לאנגע צייט אין האנד ניט גע־האלטען; ער האָט איבערגעלעזען עטליכע פּלעצער און האָט דער־נאָך גענומען די פעדער און פערשריעבען פאָלגענדעס:

„צוויי יאָהר שוין, ווי איך האָב גאָרנישט ארייגעטראָגען אין מיין טאגע־בוך און איך האָב שוין געדיינקט, אז עס וועט מיר קיינמאָל מעהר ניט אויסקומען אין איהם צו שרייבען, אז איך וועל מעהר ניט פיהרען זיך אזוי קינדעריש. אבער דאס איז ניט געווען קינדעריש, מיין שרייבען אין טאגע־בוך איז געווען א גע־שפּרעך מיט זיך אליין, מיט יענעם אינערליכען, געטליכען „איך“, וועלכער לעבט אין יעדען מענשען. די גאנצע צייט האָט דיעזער „איך“ געשלאָפען, און איך האָב ניט געהאט מיט ווען צו בע־ראטהען זיך, דורכצוריידען זיך. אויפגעוועקט האָט דיעזען „איך“ דער פאל פון דעם 28טען אפּריל, אין געריכט, וואו איך בין גע־ווען אלס געשוואָרענער. אויף דער אנקלאגע באנק האָב איך גע־טראָפען זי, די, וועלכע איך האָב פערפיהרט, אָבגענארט, קאטיור־שא, אין אן ארעסטאנטסקען כאלאט. איבער א זאנדערבארע מיס־פערשטענדנים און איבער מיינעם א טעות האָט מען זי פעראור־טהיילט אויף קאטאָרגע. איך בין ערשט געווען ביי'ן פּראָקוראָר און אין אסטראָג. מען האָט מיך ניט צוגעלאזען צו זעהען זיך מיט איהר. אבער איך האָב זיך ענטשלאסען אלעס אנצואווענדען און צו זעהן זי, בעטען איהר פערצייהונג און פעררוכטען מיין פערברע־

בען געגען איהר, ווען עס וועט נויטיג זיין, זאגאר צו הייראטהען מיט איהר. גאָט, העלף מיר! מיר איז גוט, אזוי גרינג און מוטהיג דאָס הארץ".

37.

לאנג, לאנג איז מאסלאָווא געלעגען מיט אפענע אויגען און האָט ניט געקענט איינשלאָפען: זי האָט געקוקט אויפ'ן טיהר, אויף דער ארומשפאצירענדער אהין און צוריק דיאטשאָק'ס טאָכ־טער, און האָט געטראכט.

זי האָט געטראכט וועגען דעם, אז זי וועט בשום אופן ניט חתונה האָבען מיט א קאטאָרזשניק, אויף סאכאלין; זי וועט זיך אנדערש ווי עס איז איינריכטען דאָרט, — מיט וועמען עס איז פון די נאטשאלניקעס, מיט א שרייבער, כאָטש מיט דעם אויפזעהער אדער אפילו מיט דעם אונטער־אויפזעהער, אבער מיט א קאטארזש־ניק ניט.

—אָה, זיי זיינען אלע בעלנים דערויף. נור ניט מאגער ווערען, ניט אראָפּ פון צורה, אז ניט — איז מען פערפאלען אויף אויביג.

און זי האָט זיך דערמאָנט, ווי דער פערטהיידיגער האָט גע־קוקט אויף איהר, ווי דער פרעדסעדאטעל האָט אויף איהר געוואָר־פען בליקען און ווי עס האָבען זי געפּרעסען מיט זייערע אויגען די אלע, וועלכע זי האָט בעגעגענט אין געריכט.

זי האָט זיך דערמאָנט אויך איצט אָן די רייד פון איהר חבר'טע בערטאַ, וועלכע האָט זי בעזוכט אין אסטראָג און האָט איהר דערציילט, אז יענער סטודענט, וועלכען זי האָט אזוי געליעבט, ווען זי האָט זיך אויפגעהאלטען ביי דער מאדאם קיטאיעווא, איז געקומען צופאהרען צו זיי, האָט זיך נאכגעפרעגט וועגען איהר און האָט זי זעהר בעדויערט.

זי האָט זיך דערמאָנט וועגען דעם געשלעג, וואס איז מיט א ווייל צוריק געווען מיט דער רויטער ארעסטאנטקע און זי האָט דערפיהלט מיטלייד צו איהר; זי האָט זיך דערמאָנט וועגען דעם בעקער, לעבען וועלכען זי האָט זיך אפגעשטעלט מיט'ן קאָנ־

וואָי אום צו קויפען קוילעטשען און ווי ער האָט פאר איהר ארויס־געשיקט איין קוילעטש אומזיסט.

וועגען פיעלע זאכען האָט זי איצט געטראכט, נאָר ניט וועגען נעכלודאָוו׳ן. וועגען איהר קינדהייט, וועגען איהר יוגענד, וועגען איהר ליעבע צו נעכלודאָוו׳ן האָט זי ביז יעצט קיין מאָל ניט דערמאָנט זיך. דאס איז געוועזן א צו טיעפע וואונד. דיעזע עראינערונגען זיינען געלעגען ערגעץ טיעף, טיעף אין א בעהאלטענעם ווינקעל פון איהר הארצען. זי האָט אפילו אין חלום קיין מאָל ניט געזעהן איהם.

אין געריכט היינט האָט זי איהם ניט דערקענט: ניט נור דערפאר, ווייל ער האָט נאָר אנדערש אויסגעזעהען, ווי ווען זי האָט איהם דאן געקענט — ער איז דאן געוועזן א וואָיענער, אָהן א באָרד, מיט דינינקע וואָנצלעך, און איצט איז ער שוין געוועזן א דערוואקסענער, ניט גאר יונגער מענש — נור, הויפטזעכליך, ווייל זי האָט וועגען איהם אין דער לעצטער צייט גאָר ניט געטראכט.

זי האָט בעגראָבען אויף אויביג די עראינערונג וועגען דער פערגאנגענהייט אין יענער שרעקליכער, שווערער, פינסטערער נאכט, ווען ער האָט זיך אומגעקעהרט פון דער ארמעע און איז ניט אריינגעפאהרען צו די טאנטעס.

ביז יענער נאכט, ווי לאנג זי האָט נאָך געהאט די האָפנונג, אז ער וועט נאָך בעזוכען די טאנטעס און זיי וועלען זיך זעהען ווי־דער, האָט זי ניט נור ניט געפיהלט די לאסט פונ׳ם קינד, וועלכען זי האָט געטראָגען אונטער איהר הארץ, נור זי פלעגט אָפט דער־פיהלען אויך א צערטליכקייט צו דיעזען לעבען, וועלכען זי האָט געטראגען אין זיך. פון יענער נאכט אָן האָט זיך אלעס געענדערט און דאָס קינד איז געווארען נאר א הינדערניס פאר איהר.

די טאנטעס האָבען דאן טעלעגראפירט נעכלודאָוו׳ן און געבע־טען איהם קומען צו גאסט, אבער ער האָט געענטפערט, אז ער קען

נישט קומען, דען ער דארף זיין אין פעטערבורג צו א בעשטימ־טען טערמין.

ווען קאטיושא האָט זיך דערוואוסט וועגען דיעזען ענטפער, האָט זי זיך ענטשלאָסען צו געהן אויפ'ן אייזענבאהן־סטאציאָן, אום צו זעהען איהם, ווען זיין צוג וועט פערבייפאהרען. דער צוג איז דורכגעפאהרען א זייגער צוויי ביינאכט.

קאטיושא האָט אין הויז אלעס פערטיג געמאכט און ווען די אלטע פריצטעס זיינען געגאנגען שלאָפען, האָט זי מיטגענומען די קעכינ'ס מיידעלע, מאשקא, מיט זיך און איז געלאָפען שנעל צום סטאציאָן. זי האָט נור אויף זיך געהאט א טוך אויף די שולטערן.

עס איז געווען א פינסטערע, רעגענדיגע, הערבסט־נאכט. דער רעגען און ווינד האָט געשמיסען אין געזיכט; אין פעלד, אונטער די פיס האָט זיך קיין וועג ניט געזעהן, און אין וואלד איז געווען חשך, שווארץ ווי אין א קוימען.

קאטיושא האָט אפילו גוט געוואוסט דעם וועג צום סטאנציע, נור געהענדיג דורכ'ן וואלד האָט זי אין דער פינסטערניס אראָבגע־בלאָנזשעט פון וועג און ווען זי איז קוים ארויסגעקראכען און איז צוגעלאָפען צום סטאציאן אין שוין געווען נאָך דעם צווייטען קלונג פון גלעקעל. דער צוג איז אין גאנצען געשטאנען אויפ'ן סטאנציע 3 מינוט.

ארויפלויפענדיג אויפ'ן פלאטפאָרם האָט זי גלייך אין דעם פענסטערל פונ'ם וואגאָן פון ערשטען קלאס איהם דערזעהן. אין דיעזען וואגאָן איז געווען העל־ליכטיג. אויף די זאמעטענע זאָפעס זיינען געזעסען איינער געגען דעם צווייטען צוויי אפיציערען און האָבען געשפיעלט אין קאָרטען. אויפ'ן טישעל לעבען פענסטער, איז געשטאנען לייכטער מיט דיקע סטעארינאָווע ליכט.

נעכלודאָוו איז געזעסען אויפ'ן זייטעל פון זאפע, אָנגעשפאר־טערהייט; ער איז געווען אהן א מונדיר אין איין העמדעל און האָט עפעס פרעהליך געלאכט. ווי נור זי האָט איהם דערקענט האָט זי אנגעקלאפט אין פענסטער מיט איהר פערפרוירענער האנד.

אָבער אקוראט אין דיעזער סעקונדע האָט זיך דערהערט דער דריטער קלונג פון גלעקעל, א פייף, און דער צוג האָט זיך אנגעהויבען צו בעוועגען, צוערשט עטוואָס א רוק צוריק און דערנאָך האָבען אנגעהויבען פערבייגעהן איינער נאָך דעם אנדערן די וואגאָנעס.

איינער פון די אפיצירען האָט זיך אויפגעהויבען מיט די קארטען אין האנד און האָט זיך איינגעקוקט אין פענסטער. זי איז נאכגעגאנגען און האָט א קלאפּ געטאהן נאָך אמאָל, און האָט דאס געזיכט צוגעלייגט צום שויב נאכלויפענדיג.

דער אפיציר האָט געוואָלט אראָפּלאָזען דעם פענסטער. דער קאנדוקטאָר איז דאן צוגעלאָפען און האָט זי אפּגעשטויסען פון וואגאָן און איז אליין ארויפגעשפרונגען אויפ'ן טרעפּעל.

די פענסטער אין וואגאָן האָט זיך אראָפּגעלאָזען, און דער אפיציר האָט ארויסגעשטעקט דעם קאָפּ; די וואגאָנעס זיינען שוין געלאפען גיך און קאטיושא איז נאכגעלאָפען איבער די נאסע ברעטער פון פּלאטפאָרם, ביז די פּלאטפאָרם איז שוין געווען צו ענדע; די וואגאָנעס האָבען זיך געטראָגען שנעל, קאטיושא האָט זיך פערצעפּעט אראָפּשפּרינגענדיג פון פּלאטפאָרם און איז שיער ניט געפאלען.

זי איז ווייטער געלאפען; פערביי איהר האָבען זיך פערביי־געטראָגען די וואגאָנעס פון צווייטען קלאס, נאכהער פון דריטען און גאנץ שנעל דער לעצטער וואגאָן. זי איז נאָך אלץ געלאָפען. דער צוג איז שוין פארבייגעלאפען די „וואָדאָקאטשקע“, דער ווינד האָט מיט דעם רעגען געשמיסען קאטיושען אין געזיכט, האָט אראָפּגעריסען פון איהר קאָפּ די טוך און איהר נאסע קלייד האָט זיך געקלעפּט צו די פיס, אָבער זי איז נאָך אלץ געלאָפען.

— מוהמינקע! מיכאילאָוונא! — האָט געשריען די קליינע מיידעלע, קוים לויפענדיג נאָך איהר, — מוהמינקע, איהר האָט דאָך די טוך פערלאָרען!

קאטיושא האָט זיך אפּגעשטעלט, און א ווארפטהאָנדיג די קאָפּ אהינטער, האָט זי זיך א כאפּ געטאָהן מיט ביידע הענד און האָט אויסגעבראכען אין א ביטערען שלוכצען.

— ער איז אוועק! — האָט זי אויסגעשריען, — ער זיצט דאָרט אין דעם העל בעלויכטענעם וואַגאָן און טרינקט, שפּילט, לאַכט, און איך בין אַט דאָ אין בלאָטע, אין רעגען, אין דער פינ־סטער; איך שטעה אונטערן רעגען, און וויין, — איז איהר דורכ־געפלויגען איצט אין קאָפּ.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד און האָט אַנגעהויבען אַזוי צו וויינען אויפ'ן קול, אַז די מיידעלע האָט זיך זעהר דערשראָקען און האָט אַרומגעכאַפּט מיט איהרע הענטלעך איהר נאַסע קלייד.

— מוהמינקע, קום אַהיים!

„עס וועט אַנקומען אַ צוג — אונטער'ן וואַגאָן, צוריבען ווע־רען און זאָל זיין אַ סוף" — האָט זיך געטראַכט קאַטיושאַ, ניט ענט־פערענדיג מאַשקען אויף איהר געבעט.

זי האָט זיך ענטשלאָסען אַזוי צו טאָן. אבער דאָ האָט זי דער־פיהלט — ווי עס פּאַסירט נאָך דער ערשטער איבעראַשונג — זי האָט דערפיהלט דאָס קינד אונטער'ן ברוסט, זיין קינד, וועלכער האָט געלעבט אין איהר. עס האָט זיך אינווייניג אַ צאַפּעל געטאָן, און זי האָט געפיהלט זיין בעוועגונג, אַ צערטליכער, לייכטער, כאָטש אויך שאַרפער שטויס אינווייניג.

און פּלוצלונג איז פערשוואונדען אַלעס דאָס, וואָס האָט מיט אַ מינוט צוריק זי אַזוי געקוועלט, אַז איהר האָט זיך שוין געדוכט, עס איז ניט ווערטה צו לעבען. די גאַנצע פּעררדרוס געגען איהם איז אַוועק אויף דיעזער ווײַלע. זי האָט זיך עטוואָס בערוהיגט, האָט זיך אויפגעהויבען, האָט אַנגעטאָהן די טוך אויפ'ן קאָפּ און איז אַוועק אַהיים.

אַ פערמאַטערטע, אַ דורכגעווייקטע, פערבלאָטיגטע איז זי גע־קומען צוריק, און פון דעם טאָג אָן האָט זיך אַנגעהויבען די ענדע־רונג אין איהר, די גייסטיגע ענדערונג, וועלכע האָט זי ענדליך גע־בראַכט צו איהר וויטעריגען אַרט לעבען.

אין דיזער נאכט נאָך האָט זי אויפגעהערט צו גלויבען אין גאָט און אין גוטעס; פון דיעזער נאכט אָן האָט זי אנגעהויבען צו איבערצייגען זיך, אז קיינער גלויבט ניט אין גאָט; ביז דאן האָט זי געמיינט, אז אלע גלויבען. זי האָט אנגעהויבען איינצוזעהן, אז דאָס וואָס מענשען דערמאָנען אָפט גאָט'ס נאמען, זיינע געבאָט און זיינע גנאדען, — איז נור פאלשקייט, ליגען און אונגערעכטיגקייט.

ער, דער, וועלכען זי האָט אזוי היים געליעבט און וועלכער האָט אויך זי געליעבט — זי האָט דאָס געוואוסט — האָט זי אוועקגעוואָרפען, פערלאָזען, שפּאסענדיג פון איהרע געפיהלען. און אלעס, וואָס האָט דערנאָך מיט איהר פּאסירט האָט נור בעשטעטיגט דיעזע איהרע געדאנקען. זיינע טאנטעס, אזעלכע פרומע נשמות, דוכט זיך, האָבען זי ארויסגעטריבען אָהן רחמנות, ווען זי איז ניט געווען אימשטאנדע זיי צו דינען אזוי ווי פריהער.

אלע מענער, מיט וועלכע זי איז נור געקומען אין בעריהרונג, פון דעם אלטען סטאנאָוואָי ביז דעם אויפזעהער פון טורמע, האָבען אויף איהר געקוקט בלויז ווי אויף עטוואָס, וואָס מען קען א נאש טאָהן. און פאר קיינעם איז אין איהר גאָר קיין אנדער צוועק ניט געווען אויף דער וועלט, ווי נור א זאך, פון וועלכער זיי זאלען הנאה האָבען.

בעזאנדערס נאָך האָט זי דאָס איינגעזעהן פון דעם אלטען שריפטשטעלער, מיט וועלכען זי האָט געלעבט דעם ערשטען יאהר, ווען זי האָט זיך אנגעהויבען אזוי אויפפיהרען. ער האָט איהר טאַקע פּשוט אזוי ערקלערט, אז אין דיעזער הנאה בעשטעהט דער גאנצער גליק — ער האָט דאס נאָך גערופען עסטהעטיק און פּאָעזיע.

און אלע האָבען אזוי געלעבט, נור פאר זיך, בלויז פון אייגענעם פערגניגען וועגען, און די אלע רייד וועגען גאָט און וועגען מעשים־טובים איז געווען א נארעריי.

און אויב עס האָט זיך ווען עס איז אפילו געשטעלט די פראַגע: ווארום איז אלעס אויף דער וועלט אזוי שלעכט, אז יעדער איינער טוהט דעם אנדערן בייזעס און אלע צוזאמען און יעדער בעזונדער ליידעט אליין דערפון—נון, האָט מען דאָס נור געדארפט

פערטויבען, ניט טראכטען וועגען דעם. עס ווערט טרויעריגלעך אויפ'ן הארצען — מאכט מען א שנאפס, פערדרויכערט א פאפיראָס און עס געהט פערביי.

38.

אויף דעם פאלגענדען טאָג, זונטאג, א זייגער 5 אין דער פריה, ווען דער געוועהנליכער פייף־סיגנאל האָט זיך דערהערט אין קאָרי־דאָר, האָט די וואכעדיגע קאראבלעווא אויפגעוועקט קאטיושא מאסלאָווא.

ווען מאסלאָווא האָט אויסגעריבען די אויגען, האָט זיך אין איהר קאָפּ דורכגעטראָגען מיט שרעק דער געדאנק: „א קאטאָר־זשניצע". זי האָט געוואלט זיך בעסער צוריקלייגען און איינשלאָ־פען. צו שרעקליך איז איהר געווען די ווירקליכקייט, אבער די גע־וועהנהייט צו דער מורא האָט איבערגעשטארקט דעם שלאָף. זי האָט זיך אויפגעהויבען, האָט אונטערגעבויגען אונטער זיך די פיס און האָט זיך געזעצט, בלאָנדזשענדיג מיט איהר בליק אין אלע זייטען.

די ארעסטאנטקעס זיינען שוין אלע געווען אויפגעשטאנען, בלויז די קינדער האָבען נאָך געשלאָפען. די קרעטשמערקע האָט פון אונטער די קינדער ארויסגעשלעפט דעם ארעסטאנטסקען כאַ־לאט פארזיכטיג, זיי זאלען זיך ניט אויפכאפען.

די בונטאווטשיצע האָט פאנאנדערגעהאנגען איהרע טיכלעך טריקענען לעבען אויוועז, און ביי פעדאָסיא אויפ'ן האנד האָט זיך פאנאנדערגעשריען דאָס קינד און זי האָט איהם געוויגט, געזונגען און געזוכט איינצושטילען.

די שווינדזיכטיגע האָט זיך געהאלטען פאר די ברוסט, איה־רע באקען האָבען געברענט, זי האָט זיך צוהוסט און פלעגט צו יעדער הוסט אזוי ווי אויסשרייען פון ווייטאָג. די רויטע ארעס־טאנטקע איז געלעגען אויף איהר געלעגער מיט'ן בויך ארויף, אויס־געשטעלט די קניע אין דערהויך, און זי האָט דערצעהלט איהר שכנ'טע, וואס איהר האָט זיך אנגע'חלומ'ט ביינאכט.

די אלטינקע אונטערצינדערקע איז ווידער געשטאנען לעבען דעם הייליגען בילד פון גאט'ס מוטער און האט געשעפּעטט אלץ די זעלבע ווערטער וואס נעכטען, האט זיך פרום גע'צלמ'ט און געבויגען מיט'ן פּנים צו דער ערד.

דעם דיאטשאק'ס טאכטער איז געזעסען אונבעוועגליך אויף די נארעם מיט ניט אויסגעשלאפענע, מוטנע אויגען, און האט גע־קוקט אין דער וועלט אריין. חאראשאווקא האט געגרייזעלט מיט די פינגער איהרע הארטע, שווארצע אויסגעשמירטע האר.

אין קארידאר האט זיך דערהערט דער שארכען פון טריט, דער שלאס פון טיהר האט א קנאק געטאהן און די טיהר האט זיך געעפענט. צוויי ארעסטאנטען האבען מיט א שטעקען אויפגעהוי־בען אויף די אקסלען די עיפּוש'דיגע פעסיל און מיט בייזע, ערנ־סטע געזיכטער האבען זיי זי ארויסגעטראגען פון דער קאמער. די ארעסטאנטקעס זיינען ארויס אין קארידאר צו די קראנען מיט וואסער, איינצואוואשען זיך.

דא, ביים וואשען זיך האט די רויטע ארעסטאנטקע ווידער אנגעהויבען רייסען זיך מיט ארעסטאנטקעס פון אן אנ־דער קאמער, וועלכע זיינען אויך ארויס וואשען זיך. ווידער א זיד־לעריי, א געשריי, א האמפעריי...

— וואס? ווידער? אין קארצער ווילט זיך אייך זיצען ווי איך זעה, — האט דער אויפזעהער געשריען אויף די קריעגערישע ווייבער און האט דער רויטער געגעבען א פּאטש איבער'ן נאקעטען לייב, אז עס האט אפּגעקלונגען איבער'ן גאנצען קארידאר, — א שארך זאל איך פון דיר ניט הערען.

— זעהסט אויף דעם אלטען, האט זיך צוהוליעט, — האט א זאג געטאהן די רויטע, אננעהמענדיג דעם פּאטש פאר א שפּאס.

— נו, שנעלער, איינגעוואשען זיך און אין קלויסטער, צו דער אבעדניע.

מאסלאווא האט נאך ניט צייט געהאט פערקאמען זיך ווי עס האט זיך שוין דערהערט דאס געשריי:

— אויף פּאווערקע!

פון אלע קאמער זיינען איצט ארויסגעגאנגען די ארעס־טאנטקעס אין קארידאר, האבען זיך אויסגעשטעלט אין צוויי רייהען, איינע הינטער די אנדערע; די הינטערשטע האבען ארויפ־געלייגט זייערע הענד אויף די אקסלען פון די ערשטע און אזוי האט מען זיי געצעהלט.

דער סמאטריטעל איז דא געווען מיט זיין גאנצער סוויטע.

נאך דער פאווערקע איז געקומען די נאדזיראטעלניצע און האט געפיהרט אלע ארעסטאנטקעס אין קלויסטער.

מאסלאווא מיט פעדאסיען זיינען געשטאנען צווישען די רייהען, וועלכע זיינען בעשטאנען פון איבער א הונדערט פרויען־צימער, וואס זיינען ארויסגעגאנגען פון אלע קאמערן. אלע זיינען זיי געווען אין די זעלביגע ווייסע קאסינקעס, די זעלבע יאקעלעך און אין קליידלעך; נור זעהר זעלטען האט צווישען זיי זיך געפונען איינע אדער צוויי אין א פארביגער קליידעל. דאס זיינען געווען די פרויען מיט קינדער, וועלכע זיינען אליין ניט געווען קיין ארעסטאנטקעס, נור זיי האבען געפאלגט נאך זייערע מענער, וועלכע האבען געדארפט געשיקט ווערען קיין סיביר.

די ברייטע טרעפ זיינען געווען אין גאנצען געפאקט מיט דיעזער בעוועגליכער מחנה. ארייננקעהרענדיג אין צווייטען קארי־דאר האט מאסלאווא דערזעהען די בייזע צורה פון איהר ביטערע פיינד באטשקאווא, וועלכע איז געגאנגען פאראויס און מאסלאווא האט אויף איהר אנגעוויזען פעדאסיען.

שטעהענדיג אונטען, זיינען די ווייבער ענטשוויגען געווארען; די טיהרען פון קלויסטער זיינען געווען פאנאנדערגעעפענט, אינע־ווייניג איז נאך געווען פוסט, די ווענד האבען געגלאנצט מיט גאלד. זייער פלאץ איז געווען רעכטס, און זיי האבען זיך איינ־געשטעלט אויף זייערע ערטער, שטויסענדיג זיך איינע אויף די אנדערע.

נאך די פרויען זיינען אריין די מענער־ארעסטאנטען אין גרויע כאלאטען און האבען זיך אויסגעשטעלט אין זעהר אן ענגער מאסע צו דער לינקער האנד.

אויבען, נאָהענט פון דעם כאָרוס, זיינען געשטאנען מיט האלב־געגאָלטע קעפּ און אין קייטען געשלאָסען די קאטאָרזשני־קעס, און לעבען זיי פון דער אנדער זייט די, וועלכע זיינען נאָך געווען אין אונטערזוכונגס־האפט.

דער קלויסטער פון אסטראָג איז געווען נאָך גאָר א נייער, דאָס האָט ניט לאנג אויסגעבויט א רייכער קופּעץ, וועלכער האָט אויף דיזער היילינגער געביידע אויסגעגעבען שעהנע עטליכע צעהנד־ליג טויזענד רובעל און דאָ האָט אלעס געגלענצט פון דער בעגיל־טונג און פון די בונטע פארבען.

א היבשע צייט איז געווען שטיל אין קלויסטער, די שטיל־קייט האָט זיך נור איבערגעריסען פון׳ם אָפּהוסטען זיך פון מאנכע ארעסטאנטען, פון דעם געוויין פון א קליין קינד און פון דעם קלינגען פון די קייטען אויף די פיס.

נור אָט האָט זיך בעמערקט א בעוועגונג צווישען די ארעס־טאנטען וואָס זיינען געשטאנען אין מיטען קלויסטער; זיי האָ־בען זיך אָבגערוקט צוביידע זייטען און געמאכט א ווארע פאר דעם סמאטריטעל, וועלכער איז איצט אָנגעקומען און איז דורכ־געגאנגען ביז צום אויבען אָן.

די גאָטעס־דיענסט האָט זיך אָנגעפאנגען.

## 39.

נעכלודאָוו איז זעהר פריה ארויסגעפאָהרען פון דער היים. אין געסעל איז נאָך ערשט ארומגעפאָהרען א פּויערשער וואָגען, און דער פּויער האָט געשריען אין דערהויך:

— מילך, מילך, מילך!

דאָס איז געווען ערשט דער צווייטער ווארימער פריהלינגס־טאָג. אומעטום, וואו נור די גאס איז ניט געווען ברוקירט, האָ־בען אנגעפאנגען ארויסצושפּראָצען גרינע גרעזעלעך; אויף די בעריאָזעס און אין די גארטענס האָט זיך געזעהען דער גרינער פּוך, אויף די ווילדע קארשענבוימער האָבען זיך שוין ארויסגעווי־

קעלט בלעטער און אין די מאגאזינען און די הייזער האָט מען ארויסגענומען און געוואשען די דאבעל־פענסטער.

אויפ׳ן מארק, פערביי וועלכען נעבלודאָוו׳ן איז אויסגעקומען דורכצופאָהרען, האָט געהאלטען אין איין בעוועגען זיך א גאנצע מחנה מענשען ארום דער לאנגער רייהע פון פאלאטקעס. עס זיינען צווישען זיי ארומגעגאנגען פיעלע אָבגעריסענע מענשען מאנכע מיט שטיוועל אונטער די פאכוועס און אנדערע מיט הויזען אריבערגעוואָרפען איבער׳ן פלייצע.

לעבען די טראקטירען האָבען זיך שוין געשטויסען פאבריק ארבייטער, וועלכע האָבען היינט ניט געדארפט געהן צו דער ארבייט. מאנכע אין נייע פאָדדיאָווקעס און גלאנציגע שטיוועל; פרויען אין פארביגע קליידער מיט זיידענע בונט־פארביגע טיכלעך אויף די קעפּ.

די פּאָליצייסקע זיינען געשטאנען אויף זייערע פּלעצער אויסגעפּוצט מיט די געלע שנורען פון זייערע פּיסטאָלעטען; אויף די טראָטואַרען און לעבען די גערטלעך האָבען געשפּיעלט קינדער און הינדלעך און די פרעהליכע ניאנקעס האָבען געפלוידערט אין דער הויך זיצענדיג אויף די ביינקלעך.

פון אלע זייטען האָט זיך געטראָגען דער טויבענדער קלינגען פון די קירכען־גלאָקען, וועלכע האָבען גערופען דעם עולם צו גאָטעס־דיענסט אויף אזא מין אופן, ווי עס ווערט געפּראוועט אין דער קירכע פון אסטראָג. און יעדערער איז געגאנגען אין זיין שוהלכעל.

דער איזוואָזטשיק האָט געבראכט צו פיהרען נעבלודאָוו׳ן ניט צום סאמע אסטראָג, נור צו דער געסעלע, וועלכע פיהרט צו צום אסטראג.

דאָ, נאָהענט פון אסטראג, זיינען אין געסעלע געשטאנען שוין מענשען, מענער און פרויען, און האָבען געוואַרט, מעהרסטע פון זיי האָבען געטראָגען קלומיקלעך.

צו דער רעכטער זייט זיינען געווען נידריגע הילצערנע גע־

ביידעם, פון דער לינקער זייט א צוויי עטאזשנע הויז מיט א שילד.

די גרויסע געמויערטע פינסטערע געביידע פון אסטראָג איז געווען א ביסעל ווייטער און אהין נאָהענט האָט מען קיין מענשען ניט צוגעלאָזען.

דער וואך־סאָלדאט מיט'ן ביקס אויפ'ן פלייצע איז געגאנגען הין און צוריק, אויף איין און דעם זעלבען וועגעלע, לעבען וואנד פון אָסטראָג און האָט אָפטמאָל אויסגעשריען צו די, וועלכע האָבען זיך גערוקט צו נאָהענט, זיי זאָלען אָפטרעטען.

לעבען טויער פון דער הילצערנער געביידע, אנטקעגען דעם סאָלדאט, איז געזעסען אויף א ביינקעל דער נאדזיראטעל אין א מונדיר מיט גאלונעס און האָט געהאלטען א נאָטיץ־ביכעל אין האנד. צו איהם זיינען צוגעגאנגען די בעזוכער און האָבען אָנ־געגעבען די פאמיליען פון די, מיט וועמען זיי זיינען געקומען זעהען זיך און ער האָט פערשריבען.

נעכליודאָוו איז אויך אונטערגעגאנגען און האָט געזאָגט, אז ער איז געקומען זעהען זיך מיט קאטערינא מאסלאָווא.

ווארום לאָזט מען נאָך ניט אריין? — האָט נעכליודאָוו א פרעג געטאָהן.

— עס האָט זיך נאָך ניט געענדיגט די גאָטעס־דינסט. ווי עס וועט זיך ענדיגען וועט מען אָנהויבען אריינלאָזען.

נעכליודאָוו האָט אָפגעטראָטען צו די איבעריגע ווארטענדע. פון דעם געדיכטען עולם האָט זיך אָפגעטהיילט איינער אין אָפ־געריסענע קליידער און צודריקטען הוט, מיט צוריסענע שיך אויף די נאקעטע פיס, דאָס געזיכט מיט רויטע גרויסע פלעקען; ער איז געגאנגען צום אסטראָג.

— וואוהין קריכסטו? — האָט א געשריי געטהאָן דער וואך־סאָלדאט מיט'ן ביקס.

— און דו, וואָס מאכסטו אזעלכע קולות? — האָט געענט־פערט דער טרעמפ און ער האָט זיך געקעהרט צוריק: — לאָזט

נים, נו, וועל איך ווארטען. אָבער ס'אר א געשריי ער מאכט, אקוראט ווי א יענעראל.

דער ווארטענדער עולם האָט זיך אין דערהויף צולאכט. די בעזוכער זיינען געווען מעהרסטענטהיילס מענשען ארעמע, אין צוריסענע קליידער; עס זיינען געווען נור איינינע שעהן אָנגעטאָהן.

לעבען נעכליודאָוו'ן איז געשטאנען א שעהן־געקליידעטער הערר, גלאט ראזירט, א פולעס, רונדעס געזיכט און ער האָט גע־טראָגען א קלומיקעל, הפנים מיט וועש, אין האנד.

נעכליודאָוו האָט איהם א פרעג געטאָהן אויב ער איז דאָס ערשטע מאָהל דאָ. דער עלעגאנטער הערר האָט געענטפערט, אז ער איז דאָ יעדע וואָך, און זיי האָבען פערפיהרט א שמועס.

דער גלאט־ראזירטער הערר איז געווען א שווייצאר פון א באנק; ער איז דאָס געווען בעזוכען זיינעם א ברודער, וועלכען מען האָט גע'משפט פאר פעלשונג.

דער אָפענהערציגער שווייצאר האָט דערצעהלט נעכליודאָוו'ן זיין גאנצע געשיכטע און האָט שוין געהאלטען אין פרעגען נעכליו־דאָוו'ן פון זיין צד אויך זיין געשיכטע, צו וועמען ער קומט דאָ און וועגען וואָס, אָבער אין דער צייט איז צוגעפאָהרען ראשיג א שיינע קארעטע, און פון איהר זיינען ארויס א סטודענט און א פערשלייערטע דאמע.

דער סטודענט האָט געטראָגען אין האנד א גרויסען פאַק. ער איז צוגעגאנגען צו נעכליודאָוו'ן און האָט איהם א פרעג גע־טאָהן צו איז ערלויבט דערלאנגען די ארעסטאנטען נדבות און ווי אזוי מען קען צו זיי צוקומען.

„דאָס איז מיין כלה, זי האָט געוואָלט ניט אנדערש מיר זאָלען טאָהן א וועלכע עס איז וואָהלטהעטיגקייט היינט, אין דעם טאָג פון אונזער האָכצייט, און מיינע עלטערען האָבען אונז גערעטהען, מיר זאָלען אוועקפיהרען צוקער־געבעקס צו די אָרימע ארעסטאנ־טען", האָט דער סטודענט דערציילט נעכליודאָוו'ן.

— איך בין אליין דאָס ערשטע מאָל, — האָט נעכליודאָוו

געענטפּפערט דעם יונגען סטודענט,—אָבער איך דיינק, אז איהר מוזט זיך ווענדען צו דעם נאדזיראטעל, און ער האָט איהם אָנגע־ציינט אויף דעם בעאמטען, וועלכער איז געזעסען לעבען טויער.

אונטערדעסען, ווי נעכליודאָוו האָט דאָ גערעדט מיט׳ן סטו־דענט, האָבען זיך פאנאנדערגעעפענט די אייזערנע טויערן פון אסטראָג און פון זיי איז ארויסגעגאנגען אָן אָפיציער מיט אַן אויפ־זעהער. דער לעצטער האָט געמעלדעט, אז מען פאנגט אָן אריינ־צולאָזען די בעזוכער.

דער וואך־סאָלדאט מיט׳ן ביקס האָט זיך אָפּגערוקט אָן א זייט און דער עולם האָט זיך אָנגעהויבען שפּארען צום טויער, אזוי ווי יעדער וואָלט מורא האָבען ער זאָל עפּעס ניט פערשפּעטיגען; מאנכע זיינען זאָגאר געלאָפען שנעל.

אין טיהר פון אסטראג איז געשטאנען אַן אויפזעהער און האָט געצעהלט אויפ׳ן קול די מענשען, וועלכע זיינען אריינגע־גאנגען: זעכצעהן, זיבצעהן א. ז. וו.

אַן אנדער אויפזעהער, אין קאָרידאָר, האָט מיט זיין האנד א טאפּ געטאָן יעדען און האָט אויך געצעהלט, ווערענד די בע־זוכער זיינען אריין אין א צווייטע טיהר.

דאָס זיינען פארזיכטס־מאסרעגעלן אום צו וויסען, נאכדעם ווי מען צעהלט איבער די ארויסגייענדע, אויב אימיצער איז ניט פערבליבען אָדער אויב אַן איבעריגער איז ניט ארויסגעגאנגען.

דער צעהלער האָט ניט געקוקט ווער עס גייט פארביי און ער האָט ציילענדיג נעכליודאָוו׳ן אויף געגעבען איהם א פּאטש איבער׳ן פּלייצע; נעכליודאָוו האָט אין דעם אויגענבליק דער־פיהלט א טיעפע בעליידיגונג, אָבער ער האָט זיך באלד דערמאָנט נאָך וואָס ער איז אהער געקומען, און איהם איז פערדריסליך גע־וואָרען אפילו פאר דיזען געפיהל פון אונצופרידענהייט און בע־ליידיגונג, וועלכע האָט זיך אין איהם ערוועקט.

ביי דעם ערשטען אריינגאנג איז געווען א גרויסער, ברייטער צימער מיט אייזערנע גראטעס אויף די קליינע פענסטער. אין א

ווינקעל פון דיזען צימער איז געשטאנען דאס בילד פון געקרייצ־טען.

נעכליודאָוו איז געגאנגען מיט שטילע שריט, דורכלאָזענדיג פריהער די בעזוכער וועלכע האָבען זיך געשטויסען איילענדיג. אין איהם האָבען זיך ערוועקט פערשיעדענע געפיהלען; עפּעס א מין פּחד פאר די פערברעכער, וועלכע זיינען דאָ איינגעשפּארט, און מיטלייד צו די אונשולדיגע, וועלכע עס קומט אויס דאָ אומ־זיסט צו ליידען, אזוי ווי דער אינגעל, וועלכען מען האָט נעכטען געאורטהיילט, און ווי קאטיושא.

ער האָט געפיהלט זיך קינדערש און אראָפּגעפאלען, ווען ער האָט געטראכט וועגען דער בעגעגענעס, וועלכע ער ערוואַרט דאָ. ווען ער איז דורכגעגאנגען דעם ערשטען צימער און איז שוין גע־ווען ביים שוועל פון דער צווייטער טיהר, האָט דער אויפזעהער איהם עפּעס א זאָג געטאָהן. נעכליודאָוו איז אָבער געווען אזוי פערטיעפט אין זיינע געדאנקען, אז ער האָט ניט געהערט וואָס דיזער האָט געזאָגט, און האָט פאָרטגעזעצט צו געהן ווייטער מיט אלע בעזוכער. ער איז פערגאנגען אין דער מענער־אבטהיילונג אנשטאָט וואָס ער האָט געדארפט געהן אין דער פרויען־אבטהיילונג.

דורכלאָזענדיג פאָראויס די, וועלכע האָבען זיך געאיילט שטארק, איז איהם אויסגעקומען אריינצוגעהן דער לעצטער אין דעם צימער, וואו עס קומט פאָר דאָס זעהען זיך מיט די ארעס־טאנטען.

דאָס ערשטע, וואָס עס האָט איהם איבערראשט אין דיזען צימער, איז געווען דער בעטויבענדער, צומישטער געשריי פון הונ־דערטער שטימען, וועלכע האָבען זיך צונויפגעגאָסען אין איין טומעל.

ער האָט פערשטאנען דיזען ליארם נאָר ווען ער איז צוגעגאנגען נעהנטער צו דער וואנט, ווי א נעץ פון דראָט, צו וועלכע די בעזוכער זיינען צוגעפאלען ווי פליגען בעפאלען צוקער.

דער צימער איז געווען געטהיילט אין העלפט, נור ניט מיט

איין נעץ־וואנט פון דראָט, זאָנדערן מיט צוויי אזעלכע ווענט, וועל־
כע זיינען געווען פון דער ערד ביז'ן באלקען.

צווישען דיעזע צוויי דראָטענע ווענט זיינען ארומגעגאנגען די
אויפזעהער. אויף יענער זייט פון די נעץ־ווענד זיינען געשטאנען
די ארעסטאנטען, פון דער זייט די בעזוכער.

צווישען די בעזוכער און די ארעסטאנטען זיינען אלזאָ געווען
צוויי ווענט און א שטח פון אונגעפעהר 3 ארשין; איבערגעבען
וואָס די ארעסטאנטען, איז געווען נאטירליך אונמעגליך, אָבער
אפילו גוט זעהן דאָס געזיכט פון דעם פערזאָן, מיט וועלכער מען
גארט צו זעהען זיך, איז, וועניגסטענס פאר א קורצזיכטיגען, אויך
געווען אונמעגליך.

עס איז געווען זעהר שווער אויך צונויפצוריידען זיך. מען
האָט געדארפט שרייען מיט אלע כוחות אום מען זאָל הינטער דער
צווייטער ווענטעל הערען און איבער אלעמענס געשריי האָט מען
ערשט גאָרנישט געקענט פערשטעהן.

פון ביידע זייטען האָבען זיך נור געזעהען געזיכטער צוגע־
דריקטע צו די נעצען־ווענט: מוטערס, פאָטערס, קינדער, ברידער,
שוועסטער, וועלכע האָבען זיך אָנגעשטרענגט צו זעהען בעסער
איינער דעם צווייטען און זאָגען, דערצעהלען איינער דעם אנדערען
דאָס וואָס איז אזוי נויטיג.

יעדערער האָט זיך אָבער געגעבען די מיהע צו ריידען אזוי,
אז זיינער זאָל איהם זיכער הערען און דארום האָט ער געמוזט
זעהען איבערשרייען דעם צווייטען; דער צווייטער האָט אויך
געוואָלט דאָס זעלביגע און זייערע שרייענדע שטימען האָבען נור
איבערגעשלאָגען איינער דעם אנדערן.

אָט דאָס איז געווען דער געפילדער, וועלכער האָט אזוי
איבערראשט נעכליודאָוו'ן, גלייך ווי ער איז אריין אין צימער.

פערשטעהן, וואָס ווער עס האָט גערעדט איז געווען כמעט
אונמעגליך. מען האָט נור געקענט פון דעם אויסדרוק פון די
געזיכטער אורטהיילען איבער די בעציהונגען פון די צוזאמענ־
שפרעכענדע און זייערע פערלאנגען.

נאָהענט צו נעכליודאָוו׳ן איז געשטאַנען אַן אַלטינקע, מיט א טיכעל אויפ׳ן קאָפּ; זי האָט צוגעפּרעסט איהר קאָפּ צום דראָט-נעץ און איהר מאָרדע האָט זיך געשאָקעלט פון אַלטקייט; זי האָט געשריען, ווי הויך זי האָט געקענט צו א בלייכען, מאָגערען יונגען מאַן מיט א האַלב-אָפּגעגאָלטען קאָפּ. דער ארעסטאַנט האָט זיך אויפמערקזאם איינגעהערט מיט א פערקנייטשטען שטערן און הויך אויפגעהויבענע ברעמען.

לעבען דער אַלטינקער איז געשטאַנען א יונגער מענש אין א פּאַדדיאָווקע, וועלכער האָט זיך צוגעהערט, צושאָקלענדיג מיט׳ן קאָפּ צו דעם, וואָס אַן ארעסטאַנט מיט אַן אויסגעמאַטערטען געזיכט, אַן עהנליכער צו איהם, האָט צו איהם געשריען פון יענער זייט וואנד.

אביסעל ווייטער איז געשטאַנען א׳ן אָפּגעריסענער, מיט צו־קודעלטע האָר, האָט געמאַכט מיט די הענד, האָט געשריען און צולאַכט זיך. און לעבען דיזען ווידער איז געזעסען אויף דער ערד א פרוי מיט א קינד אויפ׳ן האַנד און האָט געכליפּעט אין דער הויך.

עס איז קענטיג געוועזן, אַז זי האָט דאָס ערשטע מאָהל בע־זוכט יענעם אַלטען גרייז-גרויען מאַן, וועלכער איז געשטאַנען פון דער צווייטער זייט אין ארעסטאַנטסקע קליידער מיט א האַלב־געגאָלטען קאָפּ.

איבער איהר איז געשטאַנען איבערגעבויגען דער שווייצאַר, וועלכער האָט זיך פריהער לעבען טויער צורעדט מיט נעכליודאָוו׳ן, און האָט געשריען עפּעס מיט אַלע כוחות צו א פלעשיווען ארעס־טאַנט מיט גלאַנציגע אויגען.

נעכליודאָוו איז א מינוט פינף געשטאַנען אין דיזען צימער, פיהלענדיג אזא זאָנדערבאַר-צומישטעס געפיהל פון פערדרוס, קריינקונג און בעוואוסטזיין פון דער אייגענער מאַכטלאָזיגקייט, און פערדריסליכקייט אויף דער גאַנצער וועלט.

40.

— נון, איך מוז דאָך טאָהן דאָס, נאָך וואָס איך בין אהער געקומען, — האָט ער געזאָגט צו זיך אליין, מאכענדיג זיך מוטה. אָבער ווי טהוט מען?

ער האָט אָנגעהויבען מיט די אויגען צו זוכען א בעאמטען און, דערזעהענדיג א ניעדריגען, מאָגערען מענשען אין א מונדיר, וועלכער איז ארומגעגאנגען היין און צוריק צווישען די בעזוכער, האָט ער זיך צו איהם געווענדעט.

— קענט איהר מיר, ליעבער הערר, פיעלייכט זאָגען, וואו עס האַלטען זיך אויף די פרויען ארעסטאנטקעס, מיט וועלכע עס איז ערלויבט צו זעהען זיך?

— דארפט איהר דען אין דער פרויען־אבטהיילונג?

— יאָ, איך האָב געוואָלט זעהן א פרוי, אן ארעסטאנטקע, — האָט מיט אנגעשטרענגטער העפליכקייט געענטפערט נעכליודאָוו.

— האָט איהר דאָך דאָס געדארפט זאָגען דאן, ווען איהר זייט אריינגעגאנגען אין ערשטען צימער, וואו אלע ווערען אריינגעלאָזען צוערשט.

נעכליודאָוו האָט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן.

— ועמען ווילט איהר זעהען?

— איך דארף זעהען יעקאטערינא מאסלאָווא.

— זי איז א פעראורטהיילטע שוין?

— יאָ, ערשט פאָרגעסטערן האָט מען זי פעראורטהיילט.

— האָט ווייך געענטפערט נעכליודאָוו, האָבענדיג מורא, ער זאָל ניט בייז מאכען דיזען אויפזעהער, וועלכער קען איהם העלפען.

— אויב איהר דארפט אין דער פרויען־אבטהיילונג, זאָ זייט אזוי גוט און געהט אריין אהער, — האָט געזאָגט דער אויפזעהער, וועלכער האָט געאורטהיילט נאָך נעכליודאָוו'ס קליידער, אז מען מעג איהם טאָהן א טובה.

— סידאָראָוו! — האָט דער אויפזעהער א רוף געטאָהן דעם אונטער־אָפיציער, — פיהר זיי אריין אין דער פרויען־אבטהיילונג.

— גלייך! — האָט געהאָרכזאם דיזער געענטפערט.

אין דיזער צייט האָט זיך דערהערט לעבען וואנד־נעץ הערצ־רייסענדע קולות, אימיצער האָט אזוי ביטער געוויינט און געטענה׳ט.

נעבליודאָוו׳ן האָט דאָס אַלעס אויסגעזעהען אזוי זאָנדערבאר, און זאָנדערבארער פון אַלעס דאָס, וואָס ער דארף נאָך דאנקען און פיהלען זיך נאָך פערפפליכטעט פאר די טובות, וואָס דער סמאָט־ריטעל און דער אויפזעהער טהוען איהם.

דער אויפזעהער האָט איהם ארויסגעפיהרט פון דער מענער־אבטהיילונג אין א קאָרידאָר, און פון דאָרט אקוראט אין דער אנטקעגען טיהר, אין דער פרויען־אבטהיילונג, וואו עס זיינען אויך געווען בעזוכער.

דיעזער צימער איז געווען, גראדע ווי דער מענער־צימער, צוטהיילט אין דריי טהייל, אָבגעצאמט מיט די צוויי נעץ־ווענד, אין מיטען פון וועלכע עס איז ארומגעגאנגען אן אויפזעהערקע, אָבער דיזער צימער איז געווען א קלענערער, און די בעזוכער זיי־נען אויך געווען ווייניגער אַלס אין מענער־צימער.

די אויפזעהערקע, וועלכע איז ארומגעגאנגען צווישען די נעץ־ווענד, איז געווען אָנגעטאָהן אין א מונדיר מיט גאלונעס אויפ׳ן קראגען און אויף די ברעגען פון די ארבעל, אזוי ווי ביי די מענער אויפזעהער.

פונקט אזוי ווי אין דער מענער־אָבטהיילונג זיינען דאָ צו די נעצען צוגעדריקט געוואָרען געזיכטער פון די בעזוכער פון דער זייט און פון די ארעסטאנטקעס פון דער אנדערער זייט.

די גאנצע וואנד איז געווען געדיכט פערשטעלט מיט מענשען. מאנכע האָבען זיך אונטערגעבויגען, אנדערע זיינען גאָר געזעסען אויף דער ערד און האָבען אזוי גערעדט.

מעהר פון אַלע אנדערע ארעסטאנטקעס האָט זיך געוואָרפען אין די אויגען איין ציגיינערין־ארעסטאנטקע, א מאָגערע מיט צו־קודעלטע האָאר; זי איז געשטאנען בייגאהע אין מיטען צימער פון יענער זייט און האָט גערעדט, מאכענדיג פעסט מיט די הענד,

שרייענדיג צו א ציגיינער פון דיזער זייט, וועלכער איז געגאנגען אָנגעטאָהן אין א בלויען סורטוק.

לעבען ציגיינער איז געזעסען אויף דער ערד א סאָלדאט און האָט גערעדט מיט אן ארעסטאנטקע, ווייטער איז געשטאנען אָנ־געשפּארט מיט'ן קאָפּ אָן נעץ א בלאָנדער יונגער פּויער מיט א רויטעם געזיכט — ער האָט זיך קוים געקענט איינהאלטען פון וויינען.

מיט איהם האָט גערעדט א שעהנע, ליעבליכע בלאָנדע ארעס־טאנטקע, מיט בלויע אויגען, וועלכע האָבען געקוקט אויף דעם יונגען פּויער. דאָס איז געוועזן פעדאָסיא מיט איהר מאַן. לעבען זיי איז געשטאנען אן אפּגעריסענער קבצן און האָט גערעדט צו אן ארעסטאנטקע מיט א פלאציגען פּנים.

מאסלאָווא האָט זיך ניט געזעהען צווישען די ארעסטאנטקעס. אָבער הינטער די ארעסטאנטקעס, פון יענער זייט, איז געשטאנען נאָך א פּרויענצימער, און נעכליודאָוו האָט גלייך א טראכט גע־טאָהן, אז דאָס מוז זיין זי און ער האָט גלייך דערפיהלט, אז דאָס הארץ האָט אָנגעהויבען שטארק צו קלאַפּען און ער האָט פערלאָ־רען דעם אָטהעם.

עס איז אָנגעקומען דער ענטשלאָסענער מאָמענט. ער איז צוגעגאנגען צום נעטץ־וואנד און האָט זיך צוגעקוקט, ער האָט דערקענט קאטיושא. זי איז געשטאנען הינטער דער בלוי־אויגיגער פעדאָסיא און שמייכלענדיג האָט זי זיך צוגעהערט צו וואָס יענע האָט גערעדט מיט איהר מאַן.

זי איז איצט ניט געווען אָנגעטאָהן אין א כאלאט, אזוי ווי אין געריכט, נור אין א ווייסען יאקעל, אונטערגעגארטעלט ענג מיט א פּאס. פון אונטער איהר קאָפּ־טיכעל האָבען זיך געזעהען איהרע געדיכטע שווארצע האאר.

— יעצט קומט עס, — האָט נעכליודאָוו א טראכט געטאָהן,

— ווי, זאָל איך זי אָנרופען? אָדער וועט זי אליין צוגיין?

אָבער זי איז אליין ניט צוגעגאנגען. זי האָט גאָר ערוואַרט,

אז קלארא וועט קומען זי בעזוכען און האט ניט געדיינקט, אז דיזער מאנספערזאן וויל זיך דאס זעהען מיט איהר.

— ווענמען דארפט איהר? — האט א פרעג געטאהן די נאדזיראטעלניצע, אונטערגעהענדיג צו נעכליודאוו'ן.

— קאטערינא מאסלאווא, — האט קוים געקענט ארויסריי־דען נעכליודאוו.

— מאסלאווא, צו דיר! — האט א געשריי געטאהן די נאדזיראטעלניצע.

מאסלאווא האט זיך אומגעקוקט און, א הויב טאהנדיג דעם קאפּ און אויסשטעלענדיג די ברוסט איז זי צוגעגאנגען נעהנטער צום נעץ־וואנד, דורכשטופּענדיג זיך צווישען צוויי ארעסטאנט־קעס; זי האט אויסגעשטעלט אויף נעכליודאוו'ן איהרע אויגען מיט א פערוואונדערטען־פראגליכען בליק, ניט דערקענענדיג איהם.

זעהענדיג אבער פון זיין קליידונג אז דאס איז א רייכער מאן, האט זי צוגעשמייכעלט.

— איהר דארפט דאס מיך? — האט זי געזאגט צורוקענ־דיג צו דער דראטענער נעץ איהר שמייכלענדען פּנים מיט די קרומליכע אויגען.

— איך האב געוואלט זעהען... — נעכליודאוו האט ניט גע־וואוסט ווי צו זאגען: „אייך" אדער „דיך", און האט בעשלאסען צו זאגען „אייך". ער האט גערעדט ניט העכער פון געוועהנליך; — איך האב געוואלט זעהען אייך... איך...

— ניט פארדרייד מיר די צייהנער, — האט לעבען איהם געשריען דער מאן אין צוריסענע קליידער, — דו זאג בע־סער, האסטו גענומען אדער ניט גענומען?

— מען זאגט דאך דיר, אז ער שטארבט, — האט עפּעס גע־שריען אן אנדערער ענטפערענדיג אימיצען פון דער זייט.

מאסלאווא האט איבער דעם געשריי ניט געקענט הערען וואס נעכלודאוו האט גערעדט. נור דער אויסדרוק פון זיין פּנים האט איהר פלוצלונג עראינערט וועגען איהם. זי האט אבער זיך אליין דאס ניט געגלויבט. דער שמייכעל איז אבער פערשוואונ־

דען פון איהר פּנים און איהר שטערען האָט זיך אָנגעהויבען צו קנייטשען יסורים'דיג.

— מען קען ניט הערען וואָס איהר רעדט, — האָט זי א גע־שריי געטאָהן און איהר שטערן האָט זיך נאָך מעהר געקנייטשט.

— איך בין געקומען....

„איך טהו איצט דאָס וואָס מען דארף טאָהן, איך טהו תשובה" האָט א טראכט געטאָהן נעכליודאָוו. און ווי נאָר ער האָט אזוי א טראכט געטאָהן, האָבען טרערען אָנגעקומען אין זיינע אויגען, האָבען געשטיקט אין האַלז, און אָנהאַלטענדיג זיך מיט די פינגער פאר די געפלאָכטענע דראָט, איז ער ענטשוויגען געוואָרען, מאכענדיג אן אנשטריינגונג ניט צו צואווייגען זיך.

זעהענדיג זיין צוטראָגענהייט האָט איהם שוין מאסלאָווא דערקענט.

— עהנליך. אָבער איך דערקען ניט, — האָט זי אָנגעהויבען שרייען ניט קוקענדיג אויף איהם. איהר פּנים איז רויט געוואָרען און געוואָרען פינסטערער.

— איך בין געקומען בעטען דיך אום פערצייהונג, — האָט ער א געשריי געטאָהן אין דער הויך, אזוי ווי אן איינגעשטודירטען זאַץ.

און אויסשרייענדיג די ווערטער איז ער פארשעהמט געוואָ־רען און האָט זיך אומגעקוקט. אָבער באלד איז איהם ארויף דער געדאנק, אז אויב ער פיהלט פארשעהמט איז עס בעסער, ווייל ער האָט פאר וואָס צו שעהמען זיך. און ער האָט אויפ'ן קול גערעדט ווייטער:

— פערצייהע מיר; איך בין שרעקליך אונגערעכט געגען...

זי איז געשטאנען אונבעוועגליך און האָט ניט אראָבגעלאָזען פון איהם איהר קרומליכען בליק.

ער האָט ווייטער ניט געקענט ריידען און איז אָבגעטראָטען פון דער דראָטענער נעץ, איינהאַלטענדיג זיך מיט גרויס מיה ניט צו צוכליפּען זיך.

אין דיעזער צייט איז דער סמאטריטעל אריינגעקומען אין

דער פרויען־אבטיילונג; ער האָט זיך, קענטיג, פעראינטערעסירט מיט איהם. ער איז אריינגעקומען און דערזעהענדיג נעכליודאָוו׳ן ניט לעבען דעם נעץ־וואנד האָט ער איהם א פרעג געטאָהן פאר וואָס ער רעדט ניט מיט דער, מיט וועמען ער האָט געוואָלט ריידען.

נעכליודאָוו האָט זיך צורעכט געמאכט, אָננעהמענדיג א רו־היגען אויסזעהען, און האָט געענטפערט:

— איך קען ניט ריידען דורך דעם דראָט־נעץ, מען הערט גאָרנישט.

דער סמאטריטעל האָט א טראכט געטאָהן.

— נו, קען מען זי אהער אריינברייינגען אויף א ווייילע.

— מאריא קארלאָוונא, — האָט ער זיך א ווענד געטאָהן צו דער נאדזיראטעלניצע, — פיהרט ארוים אהער מאסלאָווא.

## 41.

אין א מינוט ארום איז פון א זייטען־טיהר אריינגעקומען מאסלאָווא. צוגעהענדיג מיט וויכע טריט גלייך צו נעכליודאָוו׳ען, האָט זי זיך אָבגעשטעלט און האָט פון אונטערן שטערען א קוק געטאָהן אויף איהם. איהרע שווארצע האָאר האָבען איצט אויך, ווי פאָרגעסטערן, ארויסגעשלאָגען זיך פון אונטערן טיכעל אין געגרייזעלטע רינגלעך, דער פנים אונגעזונד, אָנגעבלאָזען און וויים, איז געוועזען ליעבליך און רוהיג; נור די גלאנציג־שווארצע קרומלעכע אויגען פון אונטער די געשוואָלענע ברעמען האָבען בעזאנדערס געגלאנצט.

— איהר קענט דאָ ריידען, — האָט געזאָגט דער סמאטרי־טעל און איז אָבגעגאנגען אָן א זייט. נעכליודאָוו האָט זיך צוגע־רוקט צום באנק, וואָס איז געשטאנען נעבען וואנד.

מאסלאָווא האָט מיט א פרעגענדען בליק א קוק געטאָהן אויף דעם געהילפס־אויפזעהער, און דערנאָך איז זי צוגעגאנגען נאָך נע־כליודאָוו׳ען צום באנק און האָט זיך געזעצט לעבען איהם, צורעכט מאכענדיג איהר קלייד.

— איך ווייס, אז אייך איז שווער מיר מוחל צו זיין, — האָט אָנגעהויבען נעכליודאָוו, נור ער האָט זיך ווידער אָבגעשטעלט אין מיטען, פיהלענדיג אז טרעהרען שטערען איהם, — נור אויב מען קען אפילו ניט פעררכטען דאָס פערגאנגענע, וועל איך איצט טאָהן אַלעס וואָס איך קען. זאָגט...

— ווי אזוי האָט איהר דאָס מיך געפונען? — האָט זי א פרעג געטאָהן ניט ענטפערענדיג אויף זיין פראגע, און האָט גע־קוקט און ניט געקוקט אויף איהם אין דערזעלבער צייט מיט איהרע קרומע אויגען.

„מיין גאָט! העלף מיר. לעהרען מיך, וואָס איך זאָל טאָהן", האָט צו זיך אַליין גערעדט נעכליודאָוו, קוקענדיג אויף איהר פארענדערטען און איצט שוין ניט מעהר שעהנעם פּנים.

— איך בין פאָרגעסטערן געווען א געשוואָרענער, — האָט ער אָנגעהויבען, — ווען מען האָט אייך גע'משפּט. האָט איהר מיך ניט דערקענט?

— ניין, ניט דערקענט. ווען האָב איך צייט געהאט צו דערקענען? און ווער האָט דאָס דען געקוקט, — האָט זי גע־ענטפערט.

—עס איז דאָך געווען א קינד? — האָט ער א פרעג גע־טאָהן און האָט דערפיהלט ווי זיין פּנים איז געוואָרען רויט.

— נאָך דעמאָלט דאנקען גאָט געשטארבען, — האָט זי קורץ און בייזלעך געענטפערט, אבקעהרענדיג פון איהם איהר בליק.

— ווי אזוי, פון וואָס?

— איך בין אַליין קראנק געווען, שיעור ניט געשטאָרבען, — האָט זי געזאָגט ניט אויפהויבענדיג די אויגען.

— ווי אזוי האָבען אייך די טאנטעס אוועקגעלאָזען?

— ווער וועט דאָס דען האַלטען א קאמערמעדכען מיט א קינד? ווי זיי האָבען דאָס באמערקט, האָבען זיי ארויסגעטריבען. נאָר וואָס איז דאָ צו ריידען, — איך געדענק גארנישט, האָב אַלעס פארגעסען. יענעס איז שוין לאנג פערביי.

— ניין, ניט פערביי. איך קען דאָס אזוי ניט לאָזען. איך וויל לכל הפּחות איצט זיך אויסלייזען פון מיין עבירה.

— ניטאָ וואָס אויסצולייזען זיך; וואָס געווען איז געווען און פאַריבער, — האָט זי געזאָגט און, גאנץ אונערוואַרטעט איצט פאר איהם, האָט זי אויף איהם א קוק געטאָהן רחמנות'דיג און האָט א שמייכעל געטאָהן אונאנגענעהם און עפּעס אזוי ווי נושא־חן צו זיין ביי איהם.

מאסלאָווא האָט בשום אופן ניט ערוואַרט צו זעהען איהם, בעזונדערס נאָך איצט און דאָ, און דארום האָט דאָס אין דער ערשטער מינוט איהר געצוואונגען צו דערמאָנען זיך וועגען דעם, וועגען וואָס זי האָט זיך קיין מאָהל ניט דערמאָהנט. זי האָט אין דער ערשטער מינוט דערמאָהנט זיך דונקעל וועגען יענער נייער וואונדערליכער וועלט פון געפיהלען און געדאנקען, וועלכע האָט פאר איהר צועפענט דער שעהנער יונגער מענש, וועלכער האָט זי געליעבט און וועלכען זי האָט געליעבט, און דערנאָך וועגען זיין אונפערשטענדליכע אכזריות און וועגען דער גאנצער סדרה פון ערניעדערונגען, יסורים, וואָס האָבען געפאָלגט נאָך יענעם צויבער־ליכען גליק און וועלכע זיינען געווען א פועל־יוצא פון גליק. און עס האָט איהר וועה געטאָהן. אָבער אזוי ווי זי איז געווען ביכולת צו צונעהמען דאָס אלעס, האָט זי איצט אויך געטאָהן ווי זי פלעגט טאָהן תמיד: זי האָט פערטריבען פון זיך דיזע עראי־נערונגען און האָט געזוכט אין איהר זכרון צו פארדעקען זיי מיט דער בעזונדער טומאנער דעקע פון דעם צולאָזענעם לעבען. אזוי האָט זי אויך איצט געטאָהן. אין דער ערשטער מינוט האָט זי פעראייניגט דעם מאַן, וועלכער איז לעבען איהר איצט געזעסען מיט יענעם יונגען, וועלכען זי האָט אמאָל געליעבט, נור דערנאָך, דערזעהענדיג, אז דאָס טהוט צו שטארק וועה, האָט זי אויפגעהערט צו פערבינדען איהם מיט יענעם.

איצט איז פאר איהר דיעזער עלעגאנט־געקליידעטער הערר מיט דער פערפּוצטער בערדעל געווען ניט י ע נ ע ר

נעכליודאָוו, וועלכען זי האָט געליעבט, זאָנדערן איינער פֿון די מענשען, וועלכע האָבען הנאה געהאט פֿון איהר קערפּער, וועלכע האָבען אויסגענוצט אזעלכע בעשעפּעניסען, ווי זי איז געווען אין דער לעצטער צייט, און וועלכע זיינען אויסגענוצט געוואָרען פֿון אזעלכע ווי זי איז געווען, און דערפֿאר האָט זי אזוי קאָקעטיש געשמייכעלט צו איהם איצט.

זי האָט געשוויעגען, האָט זיך פֿערטראכט, ווי בעסער אויס־צונוצען איהם.

— דאָס אלעס איז פֿערביי, — האָט זי געזאָגט ווייטער, — און איצט אָט האָט מען מיך פֿעראורטהיילט אויף קאטאָרגע.

איהרע ליפּען האָבען זיך א קרים געטאָהן, ווען זי האָט ארויס־גערעדט דיעזען שרעקליכען וואָרט.

— איך האָב געוואוסט, איך בין געווען זיכער, אז איהר זייט אונשולדיג, — האָט געזאָגט נעכליודאָוו.

— געוויס אונשולדיג, וואָס בין איך דען א גנב'טע אָדער א גזלן'טע.

— זיי זאָגען, אז דאָס ווענדעט זיך אלץ אָן דעם אדוואָקאט, — האָט זי געזאָגט ווייטער, — מען זאָגט אז מען דארף ווייטער דערלאנגען א פּראָשעניע, אָבער אז דאָס מוז טהייער, זעהר טהייער קאָסטען . . .

— יא, זיכער, — האָט געענטפערט נעכליודאָוו. — איך האָב שוין זיך בעראטהען מיט אן אדוואָקאט.

— מען דארף ניט זשאלעווען קיין געלד אויף א גוטען אד־וואָקאט, — האָט זי געזאָגט.

איך וועל טאָהן אלעס, וואָס נור מעגליך איז.

ווייעדער האָבעןביידע געשוויגען.

— און איך האָב אייך געוואָלט בעטען... עטוואָס געלד, אויב איהר קענט... ניט פֿיעל... א 10 רובעל, — האָט זי פּלוצלינג געזאָגט.

—יא, יא, האָט צוטומעלט געענטפערט נעכלודאָוו,—און האָט א כאַפּ געטאָהן זיך פֿאר זיין טייסטער.

זי האָט שנעל א וואָרף געטאָהן א בליק אויף דעם סמאטרי־טעל, וועלכער איז ארומגעגאנגען הין און צוריק איבער דעם קאמער.

— גיט ניט, ווען ער זעהט, איהר וועט געבען, ווען ער וועט אָבגיין, אז ניט וועט מען ביי מיר אָבנעהמען.

נעבליודאָוו האָט ארויסגענומען דאָס געלד, ווען דער סמאט־ריטעל איז געווען אָן א זייט, ער האָט נאָך אָבער ניט בעוויזען איבערגעבען דאָס איהר, ווי דער סמאטריטעל האָט א קוק גע־טאָהן אויף זיי. ער האָט פערקנייטשט די פאפיער־געלד אין האנד.

„זי איז דאָך א טויטעס פרויענצימער“, — האָט ער איצט א טראכט געטאָהן, קוקענדיג אויף דיזען געזיכט, וועלכעס איז א מאָל געווען אזוי שעהן, אזוי מילד און איצט איז עס פול און בלאס אזוי ווי א געשוואולס און די אויגען קוקען אזוי שלעכט אמאָל אויף דעם סמאטריטעל און אמאָל אויף נעבליודאָוו'ס האנד, אין וועלכער ער האלט די צעהנערל.

ער איז א מינוט געווען אין צווייפעל.

דער זעלביגער שטן מקטרג, וועלכער האָט אין איהם לעצטע נאכט גערעדט, האָט איצט ווידער אנגעהויבען צו ריידען אין זיין נשמה און האָט איהם געוואָלט ראטהען, ארויספיהרען איהם פון דיזער עוויגער פראגע, ווי צו טאָהן און וואָס עס איז ניצליכער.

— דו וועסט קיין זאך ניט אויספיהרען מיט דיזע פרויען־צימער, — האָט דיזע שטימע צו איהם געזאָגט: — וועסט זיך נור ארויפנעהמען א צרה אויפ'ן קאָפּ, וועסט זיך נור אָנהייננגען א שטיין אויפ'ן האלז, וועלכער וועט דיך אראָפּשלעפּען און דו וועסט זינקען צום גרונד. דו וועסט ניט פאר זיך, ניט פאר אנ־דערע קענען זיין ניצליך. גיב איהר געלד, דאָס איז אלעס, און דאן זעגענען זיך מיט איהר און ענדיג דאָס איין מאָל פאר אלע מאָל, — האָט זיך איהם געטראכט.

אָבער ער האָט באלד דערפיהלט, אז גראדע איצט, אין דיזען

מאָמענט קומט פאַר עטוואָס זעהר וויכטיגעס ביי איהם אין האַר־צען, אז זיין גאנצעס אונעהרליכעס לעבען וויגט זיך איצט אויפ'ן וואָגשאָל און מיט איין קליינע אנשטריינגונג קען זיך עס א בויג טאָהן אהין אָדער אהער.

און ער האָט געמאכט דיזע אנשטריינגונג. ער האָט געבעטען יענעם גאָט, וועלכען ער האָט דערפיהלט ביי זיך אין הארצען און דיזער גאָט האָט זיך גלייך אָפּגערופען אויף זיין געבעט.

ער האָט בעשלאָסען גלייך טאקע זאָגען איהר אלעס.

— קאטיושא! איך בין געקומען צו דיר בעטען פערציי־הונג, און דו האָסט מיר ניט געענטפערט. וועסטו פערצייהען מיר א מאָל, — האָט ער אָנגעפאנגען מיט איין מאָל ריידען צו איהר פער ד ו.

זי האָט איהם ניט געהערט און האָט נור געקוקט אויף זיינע הענד אָדער אויף דעם סמאטריטעל. ווען דער סמאטריטעל האָט זיך אָפּגעקעהרט, האָט זי שנעל א ציה געטאָהן איהר האנד צו נעכליודאָוו'ן, האָט א כאפּ געטאָהן די צעהן־רובעלדיגע און האָט אריינגערוקט אין בוזים.

— וואונדערבאר, ווי איהר רעדט, — האָט זי געענטפערט מיט אן אבשטויסענדער מינע, ווי איהם האָט זיך געדוכט.

נעכליודאָוו האָט געפיהלט, אז אין איהר איז עפּעס דאָ צו איהם א מין פיינדשאפט, עטוואָס וואָס פערטהיידיגט זי אליין ביי זיך אין די אויגען, אזא ווי זי איז, און דאָס גיט איהם ניט די מעגליכקייט אריינצוקוקען צו איהר אין הארצען.

אָבער וואונדערבאר, דאָס גופא האָט ניט נור איהם אָפּגע־שטויסען פון איהר, זאָנדערען פערקעהרט, האָט איהם נאָך שטאר־קער צוגעצויגען מיט עפּעס א נייער זאָנדערבארער קראפט.

ער האָט געפיהלט, אז ער מוז זי וועקען מאָראליש, אויפהוי־בען זי, און דאָס איז אזוי שווער, אבער די שווערקייט דערפון האָט איהם גראדע צוגעצויגען. ער האָט צו איהר געפיהלט איצט עטוואָס אזעלכעס, וואָס איז איהם קיין מאָהל אין זיין לעבען פריהער ניט אויסגעקומען צו פיהלען, — א געפיהל אין וועלכען

עס איז ניט געווען קיין פּערזענליכעס: ער האָט פאר זיך גאָר נישט געוואונשען פון איהר, האָט פאר זיין בעפריעדיגונג גאָר נישט פערלאנגט פון איהר; ער האָט נור פערלאנגט, אז זי זאָל אויפהערען זיין אזא ווי זי איז יעצט און זאָל ערוואכען צו זיין אזא ווי זי איז געווען אמאָל.

— קאטיושא, ווארום רעדסטו אזוי? איך ווייס דאָך, איך קען דאָך דיך, איך געדיינק דאָך דיך נאָך פון פאנאָווא.

אָבער זי האָט זיך ניט אונטערגעגעבען, זי האָט ניט געוואָלט אונטערגעבען זיך.

— וואָס העלפט צו דערמאָהנען דאָס פערגאנגענע, דאָס גע־וועזענע, — האָט זי, נאָך מיט א שטארקערע גרימאסע, גע־ענטפערט טרוקען.

— איך דערמאָן דאָס דארום אום צו פערגלעטען, אויסבעסערען דיין זינד. קאטיושא, — האָט ער אָנגעהויבען, און האָט איהר שוין געוואָלט צוגלייך זאָגען וועגען זיין בעשלוס זאָגאר צו הייראטהען מיט איהר, אָבער ער האָט דאָ בעגעגענט איהר בליק און אין דיעזען בליק האָט ער געלעזען עטוואָס גראָבעס און שרעקליכעס, אבשטויסענדעס, און ער האָט ניט געקענט ענדיגען.

אין דיזער צייט האָבען שוין די בעזוכער אָנגעהויבען זיך צו פאנאנדערגעהן. דער סמאטריטעל איז אונטערגעגאנגען צו נעכליודאָוו'ן און האָט געזאָגט, אז די צייט פון בעזוך האָט זיך שוין געענדיגט.

מאסלאָווא איז אויפגעשטאנען, אונטערטהעניג ווארטענדיג, ווען מען וועט זי אָפּלאָזען.

— זייט געזונד, איך האָב נאָך אייך פיעלעס צו זאָגען, אָבער, ווי איהר זעהט, איז איצט אונמעגליך, — האָט געזאָגט נעכליודאָוו, און האָט איהר דערלאנגט די האנד. — איך וועל נאָך קומען.

— דוכט זיך, איהר האָט אלעס געזאגט שוין...

זי האָט אָנגענומען זיין האנד, האָט זי אָבער ניט א דריק געטאָהן.

— ניין, איך וועל זעהען צו בעזוכען אייך נאָך און זעהען זיך פיעלייכט מיט אייך אזוי, אז איך זאָל קענען אלעם זאָגען און איך וועל אייך מיטטיילען עטוואָס וויכטיגעס, וואָס איך מוז אייך מיטטיילען, — האָט געזאָגט נעכליודאָוו.

נו, פאר וואָס ניט? קומט, — האָט זי געזאָגט און ווידער געשמייכעלט מיט דער זעלבער מינע, מיט וועלכער זי איז געוואָהנט געוואָרען א שמייכעל צו טאָהן צו העררן, אום זיי צו געפעלען.

איהר זייט מיר נעהנטער אלס א שוועסטער, — האָט נעכליודאָוו געזאָגט.

— וואונדערבאר, — האָט זי ווידער געענטפערט, שאָקלענ־דיג מיט׳ן קאָפּ, און זי איז אוועק אין דער זעלבער טיהרעל, דורך וועלכער מען האָט זי אריינגעלאָזען.

## 42.

נעכליודאָוו האָט ערוואַרטעט, אז ביי דעם ערשטען מאָל זעהען זיך מיט קאטיושא, ווי נור זי וועט איהם דערקענען, ווי זי וועט נור דערוויסען זיך פון זיינע אבזיכטען צו העלפען איהר און ווי ער האָט חרטה אויף זיינע האנדלונגען געגען איהר, וועט זי זיך ערפרעהען, וועט זאנפט ווערען און וועט ווערען בעגייסטערט, צוריק ווי די אמאָליגע קאטיושא.

צו זיין שרעק, האָט ער אבער דערזעהען, אז קאטיושא איז ניטאָ, און עס איז געוועזן נור פאר איהם די איצטיגע מאסלאָווא.

דאָס האָט איהם פערוואונדערט און ערשראָקען אין איינע און דערזעלבער צייט.

בעזאָנדערס האָט איהם פערוואונדערט דאָס, וואָס מאסלאָווא האָט זיך גאָר ניט געשעהמט צו זיין אזא ווי זי איז; פערקעהרט, אזוי ווי זי וואָלט עפּעס ווי אויף א צו־להכעים נאָך שטאָלצי־רען מיט אזא לאגע.

אמת, דאָס האָט אנדערש גאָר ניט געקענט זיין. אום צו האנדלען אזוי אדער אנדערש, דער מענש רעכענען אזא האנד־

לונג פיר גוט און וויכטיג. און דארום אין וואָס פאר א לאגע א מענש זאָל ניט זיין, וועט ער זיך אימער רעכטפערטיגען טהוענדיג אזוי אָדער אנדערש; ער בעקומט אזא בליק אויף אלעם ארום איהם, וואָס זאָל איהם בערעכטיגען צו טאָהן אזוי ווי ער טהוט און עס זאָל ביי איהם אויסקומען, אז זיין האנדלונג איז גוט און וויכטיג.

געוויינליך דיינקט מען, אז א גנב אָדער א גזלן, אנערקע־נענדיג אז זיין פראָפעסיאָן איז א מיאוסע, דארף ער זיך מיט איהר שעהמען. אין אמת'ן קומט פאָר אָבער אקוראט פערקעהרט.

ווען מענשען זיינען דורך אומשטענדען אוועקגעשטעלט גע־וואָרען אין א בעשטימטער לאגע, ווי דיעזע לאגע זאל ניט זיין שלעכט, פערדאָרבען, ארבייט זיך ביי זיי אויס אזא בליק אויפ'ן לעבען אין אלגעמיין, נאָך וועלכען זיין לאגע קומט ביי איהם אויס פאסענד און גוט.

אום אויפצוהאלטען אזא אנשויאונג, האלטען זיך די מענ־שען אינסטינקטיוו אין אזא קרייז, פון וועלכען עס ווערען אנער־קענט אזעלכע אנשויאונגען וואס פערטהיידיגען אזעלכע האנד־לונגען ווי ער טוהט.

אונז וואונדערט דאס, ווען מיר קוקען זיך צו צו גנבים, וועלכע ריהמען זיך מיט זייער פיינע בריה'שקייט, ווען מיר זעהען מערדער, וועלכע ריהמען זיך מיט זייער הארטהערציגקייט. אבער דאָס וואונדערט אונז דערפאר, ווייל דער קרייז פון דיעזע מענשען איז אן ענגער און, הויפטזעכליך, ווייל מיר אליין געפינען זיך ניט אין דיעזען קרייז. מיר זיינען פון דרויסען.

אזא אנשויאונג אויף איהר לעבען און אויף איהר לאגע אין דער וועלט, האָט זיך אויך אויסגעארבייט ביי מאסלאָווא. זי איז פעראורטהיילט געווארען אויף קאטאָרגע און ניט קוקענדיג דע־רויף האָט זי געקוקט אויף זיך אזוי, אז זי האָט זיך גאר ניט גע־שעהמט, אדרבה, זי האָט נאָך געהאלטען פון זיך זעהר פיעל איבער איהר לאגע.

דיעזע וועלט־אנשויאונג איהרע איז בעשטאנען אין דעם בע־

גריף, אז דער גאנצער פערגניגען פון אלע מענער, פון אלע אָהן אויסנאהמע — יונגע, אלטע, גימנאזיסטען, גענעראלען, געביל־דעטע, אונוויסענדע — בעשטעהט נור אין צוזאמענקומען זיך מיט אנציהענדע פרויענצימער, און דארום פערלאנגען אלע מאנסליי־טע — אבוואָהל זיי קענען זיך האָבען אויף אנדערע בעשעפטי־גונגען — נור אָט דיעזע האנה.

אזוי ווי זי איז דאָך אן אנציהענדע פרויענצימער, דארום קען זי בעפרידיגען און ניט בעפרידיגען זייער פערלאנג, און דארום הייסט עס, אז זי איז א וויכטיגער מענש און פער־נעהמט א נויטיגען פּלאץ אין דער וועלט.

איהר גאנצעס לעבען פון אמאָל און איצט האָט געהאָלפען אויפצוהאלטען דיעזע אנשויאונג.

— ניין, איך האָב ניט געקענט זאָגען דעם עיקר, — האָט נעכלודאָוו א קלער געטאָן, צוגעהענדיג צו׳ם טיר. — איך האָב איהר ניט געזאָגט, אז איך וויל זי הייראטהען. איך האָב איהר ניט געזאָגט, אָבער איך וועל עס טאָן, — האָט ער געקלערט.

די אויפזעהער ביי׳ם טיהר האָבען ווידער געזעצעהלט אלע ארויסגעהענדע בעזוכער, אום ניט ארויסצולאָזען קיין איבעריגען, אָדער קיינער זאָל אין טורמע ניט בלייבען. דאָס וואָס מען האָט נעכלודאָוו׳ן געקלאפּט איבער׳ן פּלייצע, האָט איהם יעצט ניט נאָר ניט בעליידיגט, נאָר ער האָט דאָס אפילו ניט בעמערקט.

43.

נעכלודאָוו׳ן האָט זיך געוואָלט אומענדערען זיין אויסערליי־כען ארט לעבען: פערדינגען זיין גרויסען וואָהנונג, פאנאנדער־לאָזען די דינערשאפט און זיך בעזעצען אין א האָטעל. נאָר אגראַ־פענא פעטראָווגא האָט איהם דערוויזען, אז עס איז ניט כדאי עטוואָס פאָרצונעמען ביז ווינטער. אויף אזא ארט האָט נעכלו־דאָוו׳ס בעמיהונג עטוואָס צו ענטדערען זיך געענדיגט מיט גאָר־ניט. אין שטוב האָט מען אָנגעהויבען צו לופטערען, איבערשי־טען מיט נאפטאלין פערשיעדענע וואָלענע און פוטערנע זאכען און נעכליודאָוו האָט זיך געוואונדערט, נאָך וואָס מען דארף האָ־

בען אזוי פיעל נארישקייטען, סיידען בלויז דערצו, אז אגראפענא פעטראָוונא מיט דער גאנצער דינערשאפט זאָל פון צייט צו צייט האָבען אן איבעריגע אורבייט.

— ניט כדאי עטוואָס פאָרצונעמען ביז עס וועט ניט גע־ענדיגט ווערען מאסלאָוואָ'ס געשיכטע, — האָט נעכלודאָוו גע־דענקט. — און אגב איז עס גענוג שווער אויך. דאָס וועט במילא אליין אומגעענדערט ווערען ווען מען וועט זי בעפרייען אָדער פער־שיקען און איך וועל מיט איהר מיטפאָהרען.

אין דעם בעשטימטען טאָג איז נעכלודאָוו געקומען צו'ם אד־וואָקאט פאָנארין. אין זיין רייכען, שעהן בעפוצטען וואָהנונג האָט נעכלודאָוו געטראָפען פיעלע בעזוכער, וועלכע האָבען גע־זעסען און געווארט אויף זייער נעקסט אזוי ווי אין דעם קאבי־נעט פון א דאָקטאָר. דעם אדוואָקאט'ס אסיסטענט האָט בע־גריסט נעכלודאָוו'ן און האָט איהם געזאגט, אז ער וועט באלד דערלעגען דעם פרינציפאל. נאָר דאָ האָט זיך א עפען געטאָן די טיהר פון קאבינעט און אויפ'ן שוועל האָבען זיך בעוויזען דער אדוואָקאט מיט נאָך א ניט־יונגען געזונדען פערזאָן. אויף זייערביידענ'ס געזיכטער איז געווען דער אויסדרוק, וועלכען מען זעהט אויף מענשען, וואָס האָבען נאָר וואָס אָבגעארבייט א גוטען געשעפט.

— איהר זייט זעלבסט שולדיג, — האָט פאָנארין געזאָגט שמייכלענדיג.

— איך וואָלט גערן אריין אין גן־עדן, אָבער די עבירות לאָזען ניט.

— נו, נו, מיר וויסען.

און ביידע האָבען זיך אוננאטירליך צולאכט.

— אה, פירסט, ביטע, — האָט פאָנארין אויסגערופען צו נעכלודאָוו'ן און פערבעטען איהם אין קאבינעט.

— דאנקע שעהן, איך בין געקומען וועגען מאסלאָוואָ.

— יאָ, יאָ, באלד. יאָ, איך האָב דורכגעלעזען אויפמערקזאם אלע פאפירען און האָב איינגעזעהן, אז יענער אדוואָקאט איז א

גרויסער פּראָסטאַק און האָט פערזעהן פּיעלע אורזאַכען צו א קאַסאַציע.

— נו, וואָס דענקט איהר צו טהאָן?

— איין מינוט. זאָגט איהם, — האָט ער זיך געווענדעט צו זיין אַסיסטענט, וועלכער האָט נאָר וואָס זיך בעוויזען אין טיהר פון קאַבינעט, — אז אזוי ווי איך האָב געזאָגט, אזוי וועט זיין, קען ער — איז גוט, קען ער ניט — דאַרף מען ניט.

— ער איז ניט איינשטימיג.

— איז ניט, — האָט דער אַדוואָקאַט געענטפערט, און זיין געזיכט איז געוואָרען דונקעל און בייז.

— נו, אייער פּראָצעס איז געפיהרט געוואָרען שלעכט, קיין גוטע אורזאַכען צו א קאַסאַציע איז ניטאָ, נור מען דאַרף דאָך פּרובען, און אָט האָב איך אָנגעשריבען פאָלגענדעס.

ער האָט גענומען א פערשריבענעם פּאַפּיר און האָט אָנגעהויבען צו לעזען שנעל דעם אַלגעמיינעם נוסח ביז ער איז צוגעקומען צו די ווערטער: „דער אורטהייל איז א רעזולטאַט פון וויכטיגע פּראָצעסואַלע פעהלערען“. דאָ האָט ער זיך אָבגעשטעלט און פּאַרטגעזעצט לאַנגזאַם, אזוי ווי האָבענדיג א הנאה פון זיין אייגענע ווערק. „און ער דאַרף אָבגעשאַפט ווערען, ווייל, ערשטענס: איז דער פּראָטאָקאָל פון דער מעדיצינישער אונטערזוכונג ניט פאָרגעלעזען געוואָרען אויפ׳ן געריכט.“

— דאָס האָט דאָך גאָר דער פּראָקוראָר געפאָדערט, מען זאָל איהם פאָרלעזען, — האָט פערוואונדערט געפרעגט נעכלודאָוו.

— דאָס איז קיין אונטערשיעד ניט, די פערטהיידיגער האָבען אויך געקענט פאָדערען דאָס זעלבע.

— דאָס איז דאָך אָבער ניט נויטיג געוועזען.

— פונדעסטוועגען איז דאָס אן אורזאַכע. ווייטער. צווייטענס: ווען מאַסלאָוואַ׳ס פערטהיידיגער האָט געוואָלט כאַראַקטעריזירען איהר פערזענליכקייט, האָט דער פּאָרזיצענדער איהם

אָבגעשטעלט, ווייל דאָס האָט כלומרשט קיין שיכות ניט צו דער זאַך. אין דער צייט ווען דער סענאַט האָט אויסדריקליך ערקלערט, אַז אַ כאַראַקטעריסטיק פון דעם גייסטיגען צושטאַנד פון דעם בעשולדיגטען האָט די גרעסטע בעדייטונג ביי דער פראַגע, אויף וויפיעל די פּערזאָן איז שולדיג אין פערברעכען. דאָס איז צוויי.

— ער האָט דאָך אָבער אזוי שלעכט גערעדט, אַז מען האָט איהם ניט געקענט פערשטעהן, — האָט ווידער נעכלודאָוו פער־וואונדערט געזאָגט.

— ניט קיין גרויסער חכם יענער אדוואָקאַט, הפּנים, — האָט פאַנארין זיך געוויצעלט, — אָבער אן אורזאכע איז דאָס. דריטענס: דער פאָרזיצענדער האָט אין זיין שלום־וואָרט ניט אויפמערקזאם געמאַכט די געשוואָרענע, אז זיי קענען געפינען מאסלאָווא שולדיג אין געבען דעם סוחר סמעלקאָוו אַ פּראָשעק, ניט וויסענדיג, אַז דאָס איז גיפט, ד. ה. אָהן דער אבזיכט איהם צו טויטען, און דאַן איז דאָס ניט קיין קרימינעל־פערברעכען, נאָר אַ פעהלער, וועלכער ווערט בעשטראָפט זעהר לייכט. אָט דאָס איז דער עיקר.

— מיר האָבען דאָך דאָס אַליין אויך געקענט פערשטעהן. דאָס איז אונזער פעהלער.

— און, ענדליך, פיערטענס: דער ענטפער פון די געשוואָ־רענע אויף די פראַגען פון געריכט זיינען געווען אין גאַנצען ווי־דערשפּרעכענדע. מאסלאָווא איז געווען בעשולדיגט, אַז זי האָט גע'סם'ט דעם סוחר כדי איהם צו בערויבען, און די געשוואָרענע האָבען ערקלערט, אַז בערויבט האָט זי איהם ניט, נאָר סם האָט זי דאָך איהם איינגעגעבען. דאָס איז דאָך אַ לעכערליכקייט, און דערום האָט דער פאָרזיצענדער געדאַרפט האַנדלען לויט . . . . . פונקטען פון שטראַף־קאָדעקס, ד. ה. ערקלערען די געשוואָרענע זייער פעהלער און שיקען זיי אויף אַ נייע בעראַטהונג.

— טו, ווארום האָט דאָס דער פאָרזיצענדער טאַקי ניט געטאָן?

— דאס פרעג איך דאך אויך? — האָט פּאָנארין געענט־פערט.

— הייסט דאָס, דער סענאט וועט דעם פּעהלער פעררייכטען.

— דאס ווענדעט זיך אָן דעם, ווער עס וועט דאן זיך בע־טייליגען אין די זיצונגען. אלזאָ, שרייב איך ווייטער... דאָ האָט ער ווידער שנעל אָנגעהויבען צו לעזען דעם שלוס, אין וועלכען ער פיהרט אויס, אז אויפ'ן גרונד פון די און די ארטיקלען פון שטראָף־קאָדעקס פערלאנגט ער, דער סענאט זאָל קאסירען דעם ערשטען פּסק־דין און בעפעהלען אויף ס'ניי בעטראכטען דעם פּראָצעס. — דאס איז אלעס, וואס איך קען פארלויפיג טהאָן. ווייטער איז אלעס אָבהענגיג אָן דעם צוזאמענזאץ פון סענאט. אויב איהר האָט דאָרט א צד, רעדט איבער.

— יא, איך קען דאָרט איניגע.

— אָבער איילט זיך צו, ווייל זיי וועלען זיך גיך צופאָהרען זייערע מערידען היילען, וועט איהר דאן דארפען ווארטען דריי מאָנאטען.

— איך דאנק אייך, אייך קומט, הייסט עס....

— מיין געהילף וועט אייך איבערגעבען א ריינע פּראָשעניע און וועט אייך שוין זאָגען.

אין צווייטען צימער האָט שוין דער אסיסטענט דערלאנגט א פערטיג איבערגעשריעבענע פּאפּיער נעכלודאָוו'ן, און אויף נעכלודאָוו'ס פראגע וואס עס קומט, האָט דער אסיסטענט געענט־פערט העפליך, אז נור 1000 רובעל, ערקלעהרענדיג דאביי, דאס אייגענטליך נעהמט גאָר אנאטאָלי סעמיאָנאָוויטש ניט אָן אזעלכע פּראָצעסען, אבער נור פיר דעם פירסט האָט ער עס געטאָהן אלס אויסנאהמע.

— און ווער דארף אונטערצייכענען די פּאפּיער? — האָט א פרעג געטאָהן נעכלודאָוו.

— דאָס קען טאָהן די פעראורטיילטע אליין, און אויב דאס איז שווער אויסצופיהרען, קען דאס טאָהן אנאטאָלי סעמיאנאוויטש, ווען ער זאָל האָבען פון איהר א דאָווערענאָסט.

— ניין, מען דארף ניט. איך וועל אליין צו איהר אריבער־פאָהרען און נעהמען איהר אונטערשריפט, — האָט נעכלודאָוו געענטפערט, זייענדיג ערפרעהט פון דעם צופאל צו קענען זעהען זיך וואס פריהער נאָך אמאָל מיט קאטיושא'ן.

44.

אין קאָרידאָר פון אסטראָג האָבען זיך אין דער געוועהנליכער צייט געלאָזט הערען די פייף־סיגנאלען פון די אויפזעהער; די טיהרען פון די קאמערען האָבען זיך געעפענט מיט זייער אייזער־נעם קלאנג; באָרפוסע פיס האָבען זיך דערהערט, שארענדיג אי־בער די דילען און די שטארקע טריט מיט די שטיוועל פון דעם קאנוואָי.

ארעסטאנטען האָבען ארויסגעטראגען די ביינאכטיגע קאטקעס מיט שמוץ, און דאָס האָט פערשפרייט א מורא'דיגען עפּוש; ארעסטאנטען און ארעסטאנטקעס האָבען זיך איינגעוואשען, אנ־געטאָהן און זיינען ארוים אין די קאָרידאָרען אויף דער פאָווער־קע, און נאָך דעם זיינען זיי געגאנגען נאָך זודיגע וואסער פיר טהעע.

נאָך דעם טהעע־טרינקען האָבען זיך אנגעהויבען צווישען די ארעסטאנטען און ארעסטאנטקעס פון די פערשיעדענע קאמע־רען זעהר הויכע געשפּרעכען; זיי האָבען אלע גערעדט וועגען דעם, וואס היינט וועט מען שמייסען צוויי ארעסטאנטען.

איינער פון דיעזע צוויי איז געוועזן ניט קיין פּראָסטאק א יונגערמאן, דער פּריקאזטשיק וואסיליעוו, וועלכער האָט ערמאָר־דעט זיין געליעבטע אין אנפאל פון אייפערזוכט. זיינע חברים ארעסטאנטען האָבען איהם געליעבט פאר זיין פרעהליכקייט, פאר זיין ברייטער האנד און פאר זיין פעסטע האלטונג געגען די אויפזעהער.

מיט א וואָכען דריי צוריק האָט אן אויפזעהער געשלאָגען א'ן ארעסטאנט דערפאר, וואס טראָגענדיג די ביינאכטיגע קאטקע מיט שמוץ האָט דער ארעסטאנט אונוויליג פערשמירט דעם אויפ־זעהערס נייעם מונדיר. וואסיליעוו האָט עס ניט געקענט צוזעהען

און האָט זיך איינגעשטעלט פאר דעם געשלאָגענעם ארעסטאנט, זאָגענדיג דעם אויפזעהער, אז נאָכ'ן געזעץ האָט ער קיין רעכט ניט צו שלאָגען אן ארעסטאנט.

— איך וועל דיר שוין ווייזען א געזעץ, נישט קשה, — האָט איהם דראָהענד געענטפערט דער אויפזעהער, און האָט איהם דאָ־ביי גוט געזידעלט. וואסיליעוו האָט ניט געשוויגען און האָט איהם אויך מכבד געוועזן מיט א מענה לשון פון שימפפערייען. דער אויפזעהער האָט זיך געוואָרפען צו איהם שלאָגען, אָבער וואסי־ליעוו האָט איהם א כאפּ געטאָהן פאר ביידע הענד, האָט איהם אזוי געהאלטען פעסט א מינוט דריי, האָט איהם דערנאָך א קעהר געטאָהן מיט'ן צורה צום טיהר און האָט איהם ארויסגעשטויסען פון קאמער.

דער אויפזעהער האָט איהם דערפאר פערקלאָגט ביי דעם סמאָטריטעל, און דער סמאָטריטעל האָט געהייסען וואסיליעוו'ן אריינזעצען אין קארצער. די קארצערס זיינען געוועזן א גאנצע ריי־הע פון פינסטערע שטעלכלעך, וועלכע פלעגען זיך פון דרויסען פער־שפארען מיט אייזערנע ריגלען. אין פינסטערן, קאלטען קארצער איז ניט געוועזן קיין בעטעל, קיין שטוהל, קיין טיש, אזוי, אז דעם ארעסטאנט איז אויסגעקומען צו זיצען אָדער ליגען די גאנצע צייט אויף די שמוציגע דילען, וואו עס פלעגען ארומלויפען אזעל־כע גרויסע מייז, וואס פלעגען זיך ניט אפשרעקען פאר א מענשען.

די מייז פלעגען כאפּען ביי איהם פון האנד ברויט, און פלע־גען א מאָל אָנהויבען בייסען דעם מענשען, ווען ער האָט געשלאָפען. וואסיליעוו האָט געזאגט, אז ער וועט אין קארצער ניט געהן, דען ער פיהלט זיך ניט שולדיג. מען האָט איהם אבער אוועקגעשלעפּט מיט געוואלד. ער האָט זיך אנגעהויבען צו וועהרען און רייסען זיך פון די הענד פון די אויפזעהער.

עס האָבען זיך דאן אנגעזאמעלט אלע אויפזעהער און צווישען זיי אויך דער געזונדער שטארקער פעטראָוו. עס איז געווארען א גע־שלעג; מען האָט די ארעסטאנטען גוט צוקלאפּט און אריינגע־וואָרפען ענדליך אין די קארצערס. מען האָט באלד רעפּארטעט

דעם גובערנאטאָר, אז אין אסטראָג האָט זיך געטראפען א בונט. עס איז פון גובערנאטאר אנגעקומען א פּאַפּיער, אין וועלכער עס ווערט בעפאהלען מען זאָל די צוויי הויפּט בונטאוושציקעס, וואסיליעוו און א צווייטען—א בראָדיאגע, געבען צו 30 שמיץ.

דיעזע שטראף האָט געדארפט אויסגעפיהרט ווערען אין דער אפּטהיילונג פיר בעזוכער, וואס קומען זעהען זיך מיט פרויען־ארעסטאנטקעס. זייט לעצטען אבענד איז געווען דער אסטראָג פול מיט דיעזער נאכריכט און אין אלע קאמערען האָבען די ארעסטאנ־טען וועגען קיין אנדער זאך ניט גערעדט ווי נור וועגען דער בע־פארשטעהענדער בעשטראפונג פון וואסיליעוו און דעם צווייטען. אין דער קאמער, וואו מאסלאָווא האָט זיך געפונען, האָט מען אויך גערעדט וועלען דאָס זעלביגע.

קאָראבליעווא, כאָראָשאווקא, פעאָדאָסיא און מאסלאָווא זיי־נען זיך געזעסען אין זייער ווינקעל, נאָך דעם ווי זיי האָבען גע־מאכט א גוטען שנאפּס; אזוי ווי איצט איז שוין ביי מאסלאָווא פון געלד קיין מניעה ניט געווען, האָט זי אלעמען טראקטירט יעדען טאָג.

— האָט ער דען געבונטעוועט, וואָס, — האָט גע׳טענה׳ט קאראבלעווא וועגען וואסיליעוו׳ן, — ער האָט זיך דאָך נור איינ־געשטעלט פאר א קאמעראד. ווארום, מען טאָר איצט ניט שלאָגען, זאגט דער געזעץ.

— ער איז א היבשער יונג, זאגט מען, — האָט זיך ארייג־געמישט אויך פעדאָסיא, זופּענדיג טהעע.

— אָט אז דו וואלסט א י ה ם זאגען, קאטערינא מיכאי־לאָוונא, — האָט זיך די וועכטערקע געווענדעט צו מאסלאָווא מיט א פראקטישע עצה, מיינענדיג מיט דעם וואָרט א י ה ם נעכלודאָוו׳ן.

— איך וועל איהם זאגען. ער וועט פאר מיר אלעס טאָהן, — האָט א שמייכעל געטאָהן מאסלאָווא און האָט הויך פערווארפען דעם קאָפּ, אויפטרייסלענדיג די האָאָר.

— נו, אבער ווען ער וועט קומען וועט דאָך שוין זיין צו

שפּעט. מען זאָגט, אז מען איז שוין געגאנגען פיהרען איהם, — האָט געענטפערט פעדאָסיא. — אן אימה, אך, — האָט זי זיך אפּגעזיפצט.

— איך האָב שוין א מאָל געזעהען, ווי מען האָט אין וואָלאָסט א מוזשיק געשמיסען. מיך האָט דער טאטע דאן געשיקט צום סטארשינא, — האָט די וועכטערקע אנגעהויבען דערצעהלען א לאנ־גע געשיכטע, וואס האָט מיט איהר פּאסירט.

איהר ערצעהלונג האָט זיך אבער איבערגעריסען דורך דעם לארם פון געשרייען און דעם קלאפּען פון מארשירענדע אין אויי־בערשטען קארידאָר. די פרויען זיינען אנטשוויגען געווארען און האָבען זיך צוגעהערט.

— זיי האָבען איהם אוועקגעשלעפּט די טייוואָלים, — האָט א זאָג געטאָהן כאראָשאווקא, — זיי וועלען איהם פערשמייסען איצט. זיי זיינען אויף איהם אזוי בייז; ער האָט זיי דען גע־וואלט ווען פערשוויינען?

אויבען איז אלעס געווארען שטיל; די וועכטערקע האָט פארטגעזעצט דערצעהלען איהר געשיכטע, ווי זי איז געבליעבען א טויטע, ווען זי האָט געזעהען, ווי מען האָט אין וואָלאָסט גע־שמיסען דעם מוזשיק. כאראשקאָווא האָט דערוויילע דערצעהלט, ווי מען האָט שטשעגלאָוו'ן מיט קאנציגעם געשמיסען און ער זאל דאס ארויסלאָזען א פּיפּס.

מאסלאָווא האָט זיך געפיהלט מיעד נאָך דעם אנטרינקען זיך מיט טהעע און זי האָט זיך צוגעלייגט אויף די נארעס; זי האָט אָבער קוים זיך אוועקגעלייגט ווי די אויפזעהערקע איז אריין און האָט זי אויסגערופען, אז יעמאנד דארף זיך מיט איהר זעהן אין קאנטאָר פון סמאָטריטעל.

— ניט אנדערש, דערצעהל איהם וועגען אונז, — האָט צו איהר געזאָגט די אלטע מענשאָווע, זעהענדיג ווי מאסלאָווא פאר־ריכט איהר טיכעל און מאכט זיך פערטיג צו געהן צום בעזו־כער, — ניט מיר האָבען אונטערגעצונדען, דאס האָט ער אליין, דער גזלן, דער רוצח, און דער ארבייטער האָט דאס מיט זיינע

אויגען אליין געזעהען. וואס איז מיינער שולדיג, ער וועט זיין נשמה ניט פערזינדיגען. דו זאָג איהם טאקע, זאל ער ארויסרופען מיטריען, ער וועט איהם אלעס דערצעהלען. זאל דאס גאר אזוי אוועקגעהן, זיצען אונשולדיגערהייט איינגעשפארט אין אסטראָג, ווען מיר ווייסען ניט פון וואס צו זאגען, און ער, דער מערדער, לעבט זיך דאָרט מיט דער פרעמדער ווייב און שיכורט דאָרט אין שיינק!

— דאָס איז ניט קיין געזעץ! — האָט איהר אונטערגעהאל־פען קאָראבלעווא, קוקענדיג ווי מאסלאָווא קלייבט זיך צו צום געהן.

— איך וועל איהם זאגען, געוויס וועל איך איהם זאגען, האָט געענטפערט מאסלאָווא דער אלטער ארעסטאנטקע... אפשר מאכען א שנאפס פון קוראזש וועגען? — האָט זי א פרעג געטאָהן, צופינטלענדיג מיט'ן אויג.

קאראבלעווא האָט איהר אנגעגאָסען אין טאס שנאפס. זי האָט אויסגעטרונקען, האָט אבגעווישט דעם מויל און איז פרעהלי־כערהייט ארויס, ווידערהאָלענדיג „פון קוראזש וועגען". אין קאָ־רידאָר איז זי נאָכגעגאנגען נאָך דער אויפזעהערקע דרייסט אין שאָקלענדיג מיט'ן קאָפ פון פרייליכקייט.

45.

נעכלודאָוו האָט שוין לאנג געווארט אין פּאָדערצימער.

קומענדיג אין אסטראָג, האָט ער אנגעקלונגען אין דער אריינ־גאנגס־טיהר און האָט דערלאנגט דעם דזשורנעם אויפזעהער דעם פּאסיר־צעטעל פון פּראָקוראָר.

— וועמען ווילט איהר זעהען?

— די ארעסטאנטקע מאסלאָווא.

— איצט קען מען ניט. דער סמאָטריטעל איז פערנומען.

— אין קאנטאָר? — האָט א פרעג געטאָהן נעכלודאָוו.

— ניין, דא אין בעזוכונגס־אבטהיילונג, — האָט געענטפערט מיט א פערלעגענהייט דער אויפזעהער.

— לאָזט מען דען היינט אריין אויף בעזוך?
— ניין, דאס איז היינט א גאנץ בעזונדערע אנגעלעגענהייט.
— ווי אזוי־זשע קען איך זעהען דעם סמאָטריטעל?
— ווארט, ער וועט ארויסגעהן, וועט איהר איהם זעהען, דאן וועט איהר צו איהם ריידען.

אין דיעזער מינוט איז ארויסגעגאנגען פון א זייט־טיהר אן אויסגעשמירטער, אן אָנגעפּוצטער, אין גלאַצענדע גאלונען אויפ'ן נייעם מונדיר דער עלטסטער אויפזעהער. ער האָט זיך שטרענג געווענדעט צום דעזשורנעם און האָט א פרעג געטאָהן.

— ווי אזוי האָסטו דאָס איצט אריינגעלאָזען?... פיהר אין קאנטאָר...

— מען האָט מיר געזאגט, אז דער סמאָטריטעל איז דאָ, — האָט געזאגט נעכלודאָוו, קוקענדיג פערוואונדערט אויף דער אונרו־היגער מינע פון דעם עלטסטען אויפזעהער.

די אינעווייניגסטע טיהר האָט זיך דערווייל אָן עפען געטאָהן און פון איהר איז ארויס, א צוהיצטער, א פערשוויצטער, פעטראָוו.

— נו, וועט ער שוין געדיינקען, — האָט ער אנגעהויבען זאָ־גען צו דעם דעזשורנעם.

דער עלטסטער האָט איהם א ווינק געטאָהן מיט די אויגען, ציינענדיג מיט'ן בליק אויף נעכלודאָוו'ן. פעטראָוו איז געבליבען אין פערלעגענהייט, האָט זיך א קרים געטאָהן און איז ארויס דורך א צווייטער טיהר.

„ווער וועט דאָס געדיינקען? ווער מען מיינט ער? וואָס האָט דאָס דאָ געקענט פּאסירען?“ — זיינען גלייך דורכגעפלויגען פּראָ־גען ביי נעכלודאָוו'ען אין קאָפּ. — וואס זיינען זיי דאָס אין אזא פערלעגענהייט? וואס ווינקען זיי אזוי פיעלדייטיג איינער דעם אנדערן?“

— דאָ טאָהרען זיי ניט שטעהן און וואַרטען; בעמיהען זיי זיך, מיין הערר, אין קאנטאָר, — האָט זיך ווידער געווענדעט דער עלטסטער אויפזעהער צו נעכלודאָוו'ען.

נעכלודאָוו האָט שוין געוואָלט ארויסגעהן, ווען פון דער זייט־

טיהר האָט זיך געוויזען דער סמאָטריטעל. ער איז נאָך געווען מעהר צורודערט, ווי די אויפזעהער. ער האָט ניט אויפגעהערט שווער אבצוזיפצען זיך. דערזעהענדיג נעכלודאָוו׳ן, האָט ער זיך געווענדעט צום דעזשורנעם:

— פעטראָוו, רוף ארויס מאסלאָווא פון דער פינפטער אבטהיילונג און ברײנג זי אין קאנטאָר, — האָט ער געהייסען.

— ביטע, — האָט ער זיך געווענדעט צו נעכלודאָוו׳ן, און ער האָט איהם געפיהרט דורך געדרעהטע טרעפּ און אריינגעפיהרט אין א שמאָלען צימער מיט איין פענסטער. דאָרט זיינען געשטאַנען א שרייב־טיש און עטליכע שטוהלען; דאָס איז געווען דער קאנטאָר. דער סמאָטריטעל האָט זיך געזעצט.

— שווערע, שווערע פפליכטען, — האָט ער זיך אבגעזיפצט, ווענדענדיג זיינע ווערטער צו נעכלודאָוו׳ן. ער האָט ארויסגענומען א דיקען פאפּיראָס און פעררויכערט.

— איהר זייט, ווי עס שיינט, זעהר מיעד, — האָט געזאגט נעכלודאָוו.

— אה, מיעד מיט מיין גאנצע אמט. עס זיינען צו שווערע פפליכטען. עס ווילט זיך ניצליך זיין, פערלייכטער׳ן די לאגע פון אונגליקליכע, און עס לאָזט זיך אוים גאָר ערגער נאָך; איך טראכט נור אליין, ווי ווערט מען פטור אמאָל, אבזאגען זיך פון פלאץ און זאל זיין א סוף דערצו; צו־שווער זיינען די פפליכטען.

נעכלודאָוו האָט אייגענטליך ניט געוואוסט, אין וואס בעשטעהט פאר דעם סמאָטריטעל די שוועריגקייט פון זיין אמט, אבער ער האָט אין איהם היינט דערוועקט א זאנדערבארע מיטלייד; עטוואס טרויעריגעס, האָפנונגסלאָזעס איז געווען אין זיין בעקלאגען זיך.

— יא, עס מוזען זיין זעהר שווערע פפליכטען אייערע, — פארוואס־זשע זאָלט איהר טאָהן אזעלכע פפליכטען, וועלכע זיינען צו שווער פאר אייך?

— וואס קען מען העלפען? א פאמיליע, קיין אנדערע מיטלען ניטאָ צום לעבען.

— אבער ווען איהר קענט דיעזע פפליכטען ניט טאָהן...

— נון, איך וועל אייך זאגען, פון דעסטוועגען וויפיעל מעג־ליכקייט עס איז נור דאָ ברייננג איך דאָך עטוואס נוטצען; איך בעהאנדעל זיי דאָך אויף וויפיעל מעגליך זאנפטער און פערלייכ־טער זייערע ליידען עטוואס. אן אנדערער אויף מיין פלאץ וואלט דאך דער טייוועל וויים וואס פאר א שטרענגע מיטלען אנגעווענ־דעט. עפעס א קלייניגקייט צו זאגען איבער 2000 מאן און וואס פאר א מינים מענשען. מען מוז דאך וויסען ווי צו בעגעהן זיך מיט זיי. אין אמת'ן זיינען זיי דאָך אויך מענשען, דאָך א רחמנות; פון דעסטוועגען טאָר מען זיי ניט נאָכגעבען...

און דער סמאָטריטעל האָט דאָ אנגעהויבען דערצעהלען פון א פאל, וועלכער האָט מיט אייניגע טעג צוריק פאסירט צווישען די ארעסטאנטען. עס האָט זיך אנגעפאנגען צווישען זיי א געשלעג, וועלכע האָט זיך געענדיגט מיט א מאָרד.

זיין ערצעהלונג איז איבערגעריסען געווארען דורך דעם אריינ־קומען פון מאסלאָווא, וועלכע אן אויפזעהער האָט אריינגעפיהרט.

נעכלודאָוו האָט זי דערזעהען אין טיהר, ווען זי האָט נאָך ניט בעמערקט אז דער סמאָטריטעל זיצט דאָ מיט איהם. איהר גע־זיכט איז געווען רויט. זי איז געגאנגען נאָך דעם אויפזעהער גאנץ לעבעדיג און האָט געשמייכעלט, שאקלענדיג צופריעדען מיט'ן קאָפּ. אָבער דערזעהענדיג דעם סמאָטריטעל, האָט זי אויסגעשטעלט אויף איהם א פּאָר צושראָקענע אויגען; זי איז אָבער באלד צו זיך געקומען און איז מיט א פרעהליכער מינע צוגעגאנגען צו נעכ־לודאָוו'ן.

— גוטען מאָרגען, — האָט זי א זאָג געטאָהן און איז גע־ווארען נאָך רויטער; א צו פרעהליכער שמייכעל האָט זיך גע־וויזען אויף איהר פנים און זי האָט אזוי אונזשענירט א טרייסעל געטאָהן נעכלודאָוו'ס האנד.

איך האָב דאָס אייך געבראכט די פּראָשעניע אונטערשרייבען. —האָט צו איהר געזאָגט נעכלודאָוו, זייענדיג פערוואונדערט איבער איהר זאָנדערבארע פרעהליכקייט, — דער אדוואָקאט האָט דאָס

פערטיג געמאכט אן אפעלאציע; איהר דארפט עס אונטערציייכע־נען און מיר וועלען דאס שיקען קיין פעטערבורג.

— אונטערצייכענען איז אונטערצייכענען; פארוואס דען ניט? איך קען דאס טאָהן. אלעס קען מען טאָהן, ווארום דען ניט? — האָט זי געזאָגט מיט דער זעלבער פרייליכקייט און פינטלענדיג דערביי מיט די אויגען.

נעכלודאָוו האָט ארויסגענומען די צונויפגעלייגטע פאפיער און איז צוגעגאנגען צום שרייב־טיש.

— מעג זי זיך דאָ זעצען אונטערשרייבען? — האָט ער א פרעג געטאָהן דעם סמאָטריטעל.

— נו, קום אהער, זעץ זיך, שרייב אונטער, — האָט איהר דער סמאָטריטעל געזאגט, — אָט האסטו א פעדער. קענסט־שרייבען?

— כ'האָב א מאָל געקענט, דוכט זיך, — האָט זי געזאָגט שמייכלענדיג וויעדער פרעהליך; זי האָט צורעכט געמאכט איהר קלייד, האָט א ציה געטאָהן דעם ארבעל פון איהר יאקעל, האָט זיך געזעצט, האָט א נעהם געטאָהן לעבעדיג די פעדער, האָט א לאך געטאָהן און האָט אויסגעשטעלט א פאָר אויגען אויף נעכלודאָוו'ן.

ער האָט געוויזען וואו און ווי אונטערצושרייבען.

זי האָט עטליכע מאָהל א טונק געטאָהן און אפגעטרייסעלט די פעדער און האָט אונטערגעשריעבען ענדליך איהר נאָמען.

— ווייטער גאָרנישט? — האָט זי א פרעג געטאָהן, קוקענ־דיג דאס אויף נעכלודאָוו'ן און דאס אויף דעם סמאָטריטעל, האל־טענדיג נאָך די פעדער.

— איך האָב אייך נאָך עטוואָס צו זאגען, — האָט איהר געענטפערט נעכלודאָוו, נעהמענדיג די פעדער פון איהר האנד.

— נו, זאָגט, אז איהר האָט וואס, — האָט זי איהם געענט־פערט און איז פלוצלונג געווארען זאנדערבאר ערנסט.

דער סמאָטריטעל האָט זיך אויפגעהויבען און איז א'רויס; נעכלודאָוו איז געבליבען מיט איהר אויג אויף אויג.

## 46.

**דער אויפזועהער,** וועלכער האָט אריינגעפיהרט מאסלאָווא, האָט זיך צוגעזעצט אויפ'ן פענסטער, עטוואָס ווייטער פון שרייב טיש. פאר נעכלודאָוו'ן איז איצט געקומען דער ענטשיידענער מאָמענט. ער האָט אלץ זיך געמאכט פאָרווירפע פארוואס ער האָט איהר וועהרענד דעם ערשטען מאָהל זעהען זיך ניט ארויסגעזאגט אלעס, די הויפטזאך, וואָס ער האָט איהר געוואָלט זאָגען, און דאס איז, אז ער איז ענטשלאסען צו הייראטהען מיט איהר; ער האָט דערפאר ענטשלאָסען זיך יעצט איהר אין גאנצען ארויסזאָגען.

זי איז געזעסען פון איין זייט טיש, ער אנטקעגען איהר פון דער אנדער זייט. אין צימער איז געווען ליכטיג און נעכלודאָוו האָט איצט דעם ערשטען מאָהל זייענדיג אזוי נאָהענט קלאָהר דערזעהען די קנייטשען ארום די אויגען, ארום די ליפען און די קישעלעך אנגעלאפענע, ווי א געשוואולס, אונטער איהרע אויגען. נאָך א שטארקערער מיטלייד האָט זיך אין איהם ערוועקט צו איהר.

ער האָט זיך אנגעשפארט מיט'ן עלענבויגען אויפ'ן טיש, פערשטעלענדיג אזוי זיין געזיכט, אז דער אויפזועהער, א אידישער מיפ, מיט גרויסע באקען־בארדען, — זאָל ניט הערען אקוראט וואס ער רעדט, און ער האָט אנגעפאנגען.

— אויב די אפעלאציע וועט ניט העלפען, דאן וועלען מיר דערלאנגען א פראָשעניע צום קייזער. מיר וועלען טאָהן אלעס, וואָס נור מעגליך איז צו טאָהן.

— אָט, ווען מען וואָלט דאָס פון אנפאנג אן אזוי געטאָהן... דער אדוואָקאט האָט געטויגט אויף כפרות, — האָט זי איבערגעשלאָגען זיינע רייד, — אויך מיר אן אדוואָקאט, האָט נור געהאלטען אין איין זאָגען מיר קאָמפלימענטען, עפעס אזא לעמעשקע, — האָט זי ווייטער געזאגט און האָט זיך הויך צולאכט, — ווען מען וואָלט פון אנהויב אן וויסען, אז איך בין אייערע א בעקאנטע, וואלט גאר אנדערש געווען, און אזוי וואָס? זיי מיינען, אלע זיינען גנב'טעס.

— ווי זאנדערבאר זי בענעהמט זיך היינט, — איז דורכגעפלויגען אין נעכלודאָוו'ס געדאנקען, וועהרענד זי האָט גערעדט,

ער האָט געוואָלט אנהויבען ווייטער וואס איהר צו ערקלעהרען, אבער זי האָט איהם ניט געגעבען די מעגליכקייט און האָט ווידער מיט דעם זעלבען טאָן אנגעהויבען:

— אָט וואס איך וועל אייך זאגען. ביי אונז זיצט דאָ אן אלטינקע איינע; אַ זאנדערבארע אלטינקע, אז אלע וואונדערען זיך, זי זיצט גאָר אומזיסט, זי וויים און איהר זוהן וויים און אלע וויסען, אז זיי זיינען גאָר ניט שולדיג, אז זיי האָבען קיין זאך ניט געטאָהן און מען האָט זיי פעראורטהיילט פאר אונטערצינדען א הויז. זיי האָבען דאָס ניט געטאָן. זי האָט זיך דערוואוסט, זעהט איהר, אז איך בין אייערע א בעקאנטע, — האָט מאסלאווא צו איהם גערעדט, דרעהענדיג מיט'ן קאָפּ און קוקענדיג אויף איהם, — און זי בעט מיך, די אלטינקע: זאָג איהם וועגען אונז, בעט זי מיך, זאל ער ארויסרופען מיין זוהן און ער וועט אלעס דערצעהלען, האָב רחמנות. זייער פאמיליע איז מענשאָוו. וועט איהר דאס טאָהן? אזא מאָדנע אלטינקע, וואלט איהר זעהן, א רחמנות, מען זעהט אז זי איז ניט שולדיג. זעהט, ליעבענקער, טוהט עפּעס פאר זיי, — האָט זי איהם געבעטען, קוקענדיג איהם אין די אויגען. זי האָט פּלוצלונג אראָפּגעלאָזען איהרע אויגען און איז ענטשוויגען געווארען.

— רעכט, איך וועל זעהן טאָהן וואס פיר זיי, — האָט איהר געענטפערט נעכלודאוו, זייענדיג אלץ פערוואונדערט איבער איהר זאנדערבארע לייכטע פרעהליכע האלטונג, — איך האָב אבער געוואלט מיט אייך ריידען איבער אונזערע אייגענע אנגעלעגענהייטען. געדיינקט איהר, וואס איך האָב אייך געזאגט דעמאלט ביים ערשטען מאָל בעזוכען אייך? — האָט ער זי געפרעגט.

— איהר האָט אזוי פיעל גערעדט דאן. וואס האָט איהר דען דאן געזאגט? — האָט זי אויף איהם געקוקט און האָט ניט אויפגעהערט צו שמייכלען פרעהליך און בעוועגען דעם קאָפּ אין אלע זייטען.

— איך האָב אייך געזאגט דאן, אז איך בין געקומען בעטען אז איהר זאָלט מיך פערצייהען.

— אָט הויבט זיך אָן, פערציייהען, פערצייהען. צו וואָס דאַרף מען דאָס?... אָט איהר וואָלט בעסער...

— איך וויל פערבעסערען דאָס וואָס איך האָב שלעכט געמאכט, און ניט פערבעסערען בלויז מיט ווערטער, זאָנדערן טהאַטזעכליך. איך האָב זיך בעשלאָסען מיט אייך צו הייראַטהען.

איהר געזיכט האָט זיך מיט איין מאָל שרעקליך פערענדערט און האָט אויסגעדריקט אונגעהויערן שרעק. איהרע קרומליכע אויגען האָבען דוכט זיך אי געקוקט אויף איהם, אי ניט געקוקט אויף איהם.

— וואָס הייסט ד אָ ס? צו וואָס דאַרף מען נאָך ד אָ ס האָבען? — האָט זי א פרעג געטאָהן, בייזערנדיג זיך.

— איך פיהל, אז איך דאַרף אזוי האַנדלען פאַר גאָט, וועלכען איך בין שולדיג.

— וואָס פאַר א גאָט, וואָס ווילט איהר? איהר זאָגט אלץ עפּעס אזעלכע זאַכען. גאָט! גאָט! וואָס פאַר א גאָט? וואָס ווילט איהר? אָט אז איהר וואָלט בעסער דאַן געדיינקט פון גאָט, האָט זי א זאָג געטאָהן און איז געבליעבען מיט אן אפּענע מויל.

נעכלודאָוו האָט איצט דערהערט דעם שטאַרקען גערוך פון די שנאַפּס און ער האָט פערשטאַנען די אורזאכע, וואָס זי איז אזוי זאָנדערבאַר אויפגערעגט.

— בערוהיגט זיך, — האָט ער זי געבעטען.

— איך האָב ניט וואָס צו בערוהיגען זיך. וואָס מיינסטו עפּעס, איך בין שיכור? נו בין איך שיכור, אבער איך ווייס וואָס איך רייד, — האָט זי א געשריי געטאָהן און איז מיט איין מאָהל רויט געוואָרען, ווי מיט בלוט בעגאָסען: — איך בין א קאַטאָרזשניצע און איהר-זייט אן עדעלמאַן, א פירסט, און דו האָסט ניט מיט מיר וואָס צו פערשמירען זיך, געה צו דיינע פירסטען-טעכטער.

— ווי דו זאָלסט ניט ריידען מיט כעס, קענסט דו נאָך פון דעסטוועגען פיהלען אזוי פיעל, ווי פיעל מיין האַרץ פיהלט, — האָט ציטערנדיג שטיל געזאָגט נעכלודאָוו: דו קענסט זיך ניט

פארשטעלען, ווי שווער מיר איז און ווי שטארק איך פיהל מיין שולד נעגען דיר!...

— פיהל די שולד, פיהל די שולד... — האט זי איהם בייז איבערגעמישט, — דאן האט ער ניט געפיהלט, האט אריינגערוקט מיט גוואלד א הונדערט־רובעלדיגע, נא אט איז דיר דיין פרייז.

— איך ווייס עס, איך ווייס עס, אבער וואס איז א י צ ט צו טאהן? — האט געענטפערט נעכלודאָוו, — איך האב איצט בעשלאסען, דיך ניט צו פערלאזען און וואס איך האב געזאגט וויל איך טאהן.

— און איך זאג אז ניט, דו וועסט עס ניט טאהן! — האט זי א געשריי געטאהן און האט זיך צולאכט.

— קאטיושא!.. — האט ער געבעטען, אננעהמענדיג איהר האנד.

— אוועק פון מיר, זאג איך, איך בין א קאטארזשניצע און דו — א פירסט, און דו האסט דא מיט מיר ניט וואס צו מאכען, האט זי זיך צאָרנדיג געבייזערט, ארויסרייסענדיג פון איהם איהר האנד.

ער האט געשוויגען.

— דו ווילסט זיך דורך מיר רעטען, — האט זי ווייטער גע־שריען בייז, — דו האסט פריהער פון מיר הנאה געהאט אויף דער וועלט און איצט ווילסטו זיך דורך מיר רעטען נאך אויף יענער וועלט! ביסט מיר עקעלהאפט, ביזט מיר אבשטויסענד, דיינע ברילען, דיין פעטע, אבגעגעסענע מארדע! אוועק, זאג איך, אוועק! האט זי זיך צוקאָכט און געשריען, ווי ניט ביי זיך, און איז אויפגעשפרונגען פון פלאץ.

דער אויפזעהער איז יעצט צו זיי צוגעגאנגען.

— וואס מאכסטו דא פאר סקאנדאלען? מעג 'מען דאס דען אזוי, הא? — האט ער זי אנגעהויבען מוסר'ן.

— לאָזט זי, ביטע, — האט איהם געבעטען נעכלודאָוו.

— זי דארף דאך אבער ניט פערגעסען ווער זי איז און מיט וועמען...

— לאָזט נור, איך בעט אייך, — האָט נעכלודאָוו געפאָדערט פון אויפזעהער.

דער אויפזעהער האָט אבגעטראָטען צוריק אויף זיין פלאַץ ביים פענסטער.

מאסלאָווא האָט זיך ווידער געזעצט, האָט אראָבגעלאָזען די אויגען און האָט צונויפגעדריקט ביידע הענד איינע אין די אנדערע, איבערקרייצענדיג די פינגער.

נעכלודאָוו איז געשטאַנען איבער איהר, ניט וויסענדיג וואָס צו טאָהן.

— דו גלויבסט מיר ניט, — האָט ער אנגעפאַנגען, בעטענדיג.

— אז איהר ווילט מיט מיר הייראטהען? אָה, דאס וועט קיין מאָל ניט פאסירען! איך וועל זיך ליעבערשט אויפהייגנען! אָט האָט איהר מיין וואָרט.

— איך וועל אָבער פון דעסטוועגען דיר דיענען מיט אלעם וואס איך קען.

— נו, דאס איז ווי איהר ווילט זיך, דאס איז שוין אייער זאך, אָבער איך וויל פון אייך קיין זאך ניט, איך פאָדער פון אייך קיין זאך ניט. דאס זאג איך אייך איין מאָל פאר אלע מאָל, — האָט זי שטילערהייד געזאגט, — אך, פאר וואס בין איך דאן גלייך נאָך דעם ניט געשטאָרבען, — האָט זי אויסגעבראכען אין א שלוכצען און איז צוגעפאלען מיט'ן געזיכט צום טיש.

נעכלודאָוו האָט ניט געקענט ריידען; איהרע טרעהרען האָבען זיך איבערגעגעבען צו איהם.

זי האָט אויפגעהויבען די אויגען, האָט אויף איהם א קוק געטאָהן, אזוי ווי זי וואָלט זיך וואונדערן, און האָט אנגעהויבען ווישען מיט איהר טיכעל די טרעהרען, וואס האָבען זיך געקייקעלט איבער איהר געזיכט.

דער נאדזיראטעל איז איצט אונטערגעגאנגען ווידער צו זיי און האָט דערמאָנט אז די צייט איז צו ענדע. מאסלאָווא האָט זיך אופגעהויבען.

— איהר זייט איצט זעהר אויפגערעגט. אויב מעגליך, וועל

איך אייך מאָרגען ווידער בעזוכען. איך וועל אהער קומען מאָרגען. און איהר דענקט נאָך, — האָט איהר געזאגט נעכלודאָוו.

מאסלאָווא האָט גארנישט געענטפערט און ניט קוקענדיג אויף איהם, איז זי ארויס פון קאנטאָר, פאלגענדיג נאָך דעם אויפזעהער.

נו, מיידעל, וועסט דו דאָס איצט אביסעל א לעב טאָהן! — האָט געזאגט קאראבליעווא צו מאסלאָווא, ווען דיעזע האָט זיך צו־ריקגעקעהרט אין איהר קאמער. ער איז אין דיר, הייסט עס, טאקע שטארק פערקנאקט; נו, דו נור ניט געגעץ. ווי לאנג ער פאָהרט, זעה, ראטעווע זיך. די רייכע חברה־לייט קענען אלעס אויספיהרען.

— געוויס קענען זיי, — האָט אונטערגעכאפט איהרע רייד די סטאָראָזשיכע, — א'ן אָרעמאַן אז ער דארף חתונה האָבען איז גאָר די נאכט צו קורץ, אָבער א רייכער, איהם דארף זיך נור פער־ווילען, אויסטראכטען וואס, און האָסטו דיר אלעס ווי ער וויל און ווען ער וויל. אָט איז ביי אונז איינער אזא געוועזן ,וואס האָט ער ניט צו טוהן ?..

— נו, קאטהערינא מיכאילאָוונא, האָסט דו עפּעס מיט איהם גערעדט וועגען אונזער זאך, — האָט איהר א פרעג געטאָהן די אל־טינקע אונטערצינדערקע.

מאסלאָווא האָט אבער קיינעם פון זיי ניט געענטפערט, האָט זיך א וואָרף געטוהן אויף די נארעס און איז אזוי אבגעלעגען ביז'ן אבענד, איהרע אויגען אָנגעשטעלט אויף איין פונקט אין ווינקעל פון דער קאמער.

אין איהר איז איצט פארגעקומען זעהר א פלאגענדע, מאטערנ־דע ארבייט. דאס וואס נעכלודאָוו האָט איהר געזאָגט האָט אין איהר ארויסגערופען עראינערונגען און האָט אין איהר אויפגעוועקט איהר אמאָליגע וועלט, אין וועלכער זי האָט אזוי שווער געליטען און פון וועלכער זי איז פטור געווארען דערנאָך. דאָס האָט זי שרעקליך געפּלאגט.

פארנאכט האָט זי זיך אויפגעכאפּט, האָט געקויפט שנאפּס און האָט זיך ווידער שטארק אנגעטרונגען צוזאמען מיט איהרע חבר'טעס.

47.

„אזוי איז דאָס די געשיכטע!" — האָט זיך נעכלודאָוו אבגעזיפצט, ארויסגעהענדיג פון אסטראָג. ער האָט ערשט איצט בעגריפען, ווי גרויס זיין פערברעכען איז געווען. ווען ער וואלט ניט געזוכט צו פערגלעטען, אויסצוקויפען ווי עס איז זיין שולד, וואלט ער גאר קיינמאָל ניט געקומען צו וויסען ווי גרויס זיין פערברעכען, ווי גרויס דער אונגליק איז, וועלכען ער האָט אויף איהר געבראכט.

יעצט נור האָט זיך דאס פאר איהם ארויסגעוויעזען אין דעם גאנצען שרעקליכען געשטאלט. ער האָט איצט דערזעהן וואס ער האָט געמאכט פון דער נשמה פון דיעזער פרויענצימער, ווי ער האָט צוטראָטען איהר הארץ, און זי אליין האָט אויך איצט ערשט אנגעהויבען צו פערשטעהן, וואָס ער האָט פון איהר געמאכט.

פריהער איז נעכלודאָוו געווען סתם צופרידען מיט זיינע גוטע געפיהלען; איהם האָט הנאה געטאָהן, וואס ער האָט חרטה אויף יענער טהאט און וואָס ער וויל דאָס איצט פעררריכטען. איצט איז איהם פשוט געווארען אימה'דיג. וואס זאל ער טאָהן?

אוועקווארפען זי, לאזען זי, — ער האָט געפיהלט, אז ער קען דאס ניט, און דאך האָט ער זיך ניט געקענט פארשטעלען וואס אנדערש קען זיך אויסלאָזען פון זיינע פערהעלטניסע צו איהר.

גלייך ביים ארויסגאנג פון טיהר פון אסטראָג האָט אימיצער נעכלודאָוו'ן איבערגעגעבען א צעטעלע. ער האָט עס גענומען און איבערגעלעזען. דער צעטעלע איז געשריעבען געווען מיט בלייטשטיפט, און דאָרט איז געשטאנען פאָלגענדעס:

„דערוויסענדיג זיך, אז איהר בעזוכט דעם אסטראָג, ווייל איהר זייט פעראינטערעסירט אין דעם שיקזאל פון א קרימינעלער פערזאָן, האָט זיך מיר פערוואָלט זעהן זיך מיט אייך. אייך וועט מען ערלויבען, און איך וועל אייך איבערגעבען פיעלעס וויכטיגעס פיר דער פערזאָן, וואָס איהר נעהמט אונטער אייער שוץ, און אויך פאר די פאליטישע ארעסטאנטען.

אייערע, אייך דאנקבארע,

וועראַ באָגאָדוכאָווסקאיא".

„באָגאָדוכאָווסקאיא! ווער קען דאָס זיין אזעלכע?“ — האָט פערוואונדערט זיך געפרעגט נעכלודאָוו. ער איז אין די ערשטע מינוטען געווען אזוי פערזונקען אין זיינע געדאנקען וועגען מאסלאָווא, אז איהם האָט דער נאָמען געקלונגען גאָר ווילדפרעמד. אָבער פּלוצלונג האָט ער זיך דערמאָהנט: „אה, דאָס איז דעם דיאקאָנ׳ס טאָכטער, וואס האָט זיך צו מיר דאן געווענדעט, ווען איך בין געווען אויף דער יאגד“.

ווערא באָגאָדוכאָווסקאיא איז געווען א שול־לעהרערין אין א פערווארפענעם ווינקעל אין נאָווגאָראָדער גובערניע, וואו נעכלודאָוו איז א מאָל מיט א גאנצער חברה פרעהליכע אפיציערען געקומען אויף געיעג. די דאָרפּישע לעהרערין האָט זיך געווענדעט דאן צו נעכלודאָוו׳ן מיט א בקשה, ער זאָל איהר אויסהעלפען מיט געלד, זי זאָל קענען בעזוכען די העכערע קורסען פאר פרויען און שטודירען ווייטער. נעכלודאָוו האָט איהר דאן געגעבען דאָס געלד און איהם איז פון דאן אָן קיין מאָל אין זינען ניט געלעגען דיעזע געשיכטע.

איצט צייגט זיך גאָר, אז אָט די זעלביגע באָגאָדוכאָווסקאיא איז גאָר א פּאָליטישע פערברעכערין, זיצט אין אסטראָג, און האָט זיך, וואהרשיינליך, דערוואוסט פון זיין געשיכטע און וויל איהם אבדינען מיט עטוואָס.

ווי לייכט און איינפאך אלעס איז געווען דאן, ווי שווער און טרויעריג אלעס האָט זיך אזוי צוזאמענגעטראָפען איצט. נעכלודאָוו האָט איצט דערמאָנט זיך וועגען יענעם צופאל און איהם איז געווארען אנגענעהם דיעזע עראינערונג. דאָס איז געווען אין מיטען ווינטער, דער געגענד איז זעהר א פערוואָרפענער, א וויאָרסט 60 פון אן אייזענבאהן. די יאגד איז דאן געווען זעהר א געלונגענע; זיי האָבען דערשאָסען צוויי בערען און האָבען געהאלטען אין עסען מיטאג מיט אזא געשמאק און פריידע.

דער ווירטה פון הויז מעלדעט איהם דאן, אז דעם דיאקאָנ׳ס טאָכטער, וועלכע איז א לעהרערין אין דאָרף־שול, וויל זעהען דעם פירסט נעכלודאָוו וועגען עפּעס א וויכטיגע אנגעלעגענהייט.

— עפעס א היבשע? — האָט יעמאנד א פרעג געטאָהן.

— נו, וואָס זיינען דאָס פאר א ווערטער, — האט געענט־פערט נעכלודאָוו און האָט זיך אויפגעהויבען פון טיש און האָט זיך געוואונדערט וואס פאר א געשעפטען קען צו איהם האָבען דעם דיאקאָנ'ס א טאָכטער, וועלכע ער קען ניט און וויים ניט. ער איז ארוים צו דעם ווירטהה אין הויז, וואו זי האָט געווארט אויף איהם.

דאָרט האָט ער געפונען שטעהענדיג אין א פוטערנעם מאנטע־לע און פילסענע העטקע א מאָגערע, ניט קיין שעהנע מיידעל, וועלכע האָט אָבער געהאט אזעלכע ליכטיגע אויגען, וואס האבען פערשעהנערט די ניט שעהנע געזיכטסצינע.

— אָט, ווערא יעפרעמאָוונא, קענסט מיט זיי ריידען, דאס זיי־נען זיי, — האָט צו איהר געזאָגט די ווירטהין פון הויז ווען ער איז אריין, — דאָס איז דאָך דער פירסט אליין. רייד מיט זיי, איך קען ארויסגעהן א ווייל.

— מיט וואס קען איך אייך דיענען? — האָט נעכלודאָוו זי העפליך געפרעגט.

— איך... איך, — האָט איהם געענטפערט עטוואס מיט פער־לעגענהייט באָגאָדוכאָווסקאיא, — זעהט איהר, איהר זייט זעהר א רייכער מאן, איהר ווארפט געלד אין אלע זייטען אויף אונניצליכע זאכען, אויף יאגד, און... און איך וויים נור איין זאך, איך וויל זיין ניצליך פאר מענשען, און איך קען דאָס ניט, איך קען ניט, ווייל איך וויים גאָר ניט, איך קען ווייניג.

— וואס זשע קען איך פאר אייך טאָהן דעריין?

— איך... איך בין א לעהרערין, נור איך וואָלט ווע‏לען בעזור־בען די קורסען, איך וויל שטודירען און מען לאָזט מיר ניט. דאס הייסט ניט מען לאָזט ניט; זיי לאָזען, אבער איך האָב קיין מיט־לען ניט. גיט מיר די מיטלען און איך וועל ענדיגען מיין שטודיום און וועל עס אייך צוריקקעהרען.

איהרע אויגען זיינען געוועזן גוטע, וואהרהייטליכע, דער גאנצער אויסדרוק פון ענטשלאָסענהייט און שעהמעדיגקייט אין איין און דער זעלבער צייט, איז געוועזן אזוי ריהרענד, אז נעכלו־

דאוו. ווי עס פלעגט מיט איהם אפט טרעפען, האָט זיך איבערגע־טראגען מיט איין מאָל אין איהר לאגע, האָט זי פערשטאנען און האָט מיט איהר מיטגעפיהלט.

— איך מיין, אז עס איז ניט גוט, וואס רייכע מענשען ווייסען נור פון שיסען בערען, פון אנשיכור'ן די מוזשיקעס, און דאס איז זייער גאנצע גוטהערציגקייט. פאר וואס זאלען זיי אמאָל ניט טאָהן א גוטע טהאט? איך דארף אין גאנצען האָבען א וועלכע עס איז 80 רובעל. אויב איהר ווילט מיר ניט געבען, דאן ווי איהר ווילט זיך, — האָט זי בייזלעך א זאָג געטאָהן, מיינענדיג אז נעכלו־דאָוו קוקט אונגינסטיג אויף איהר.

— אך, גראד אין געגענטהייל, איך בין איך זעהר דאנקבאר, וואס איהר גיט מיר די געלעגנהייט.

ווען זי האָט פארשטאנען, אז ער וויליגט איין איהר צו העל־פען, איז זי רויטלעך געווארען און איז געבליבען שווייגען.

— איך וועל אייך גלייך ברייגנען, ביטע, — האָט איהר גע־זאָגט נעכלודאָוו.

ער איז ארויסגעגאנגען אין פירהויז, ער האָט דאָרט געטראפען א קאמעראד, וועלכער האָט אונטערגעהערט זייער געשפרעך. ער איז פערבייגעגאנגען זיין קאמעראד, ניט ענטפערענדיג אויף זיינע פלאציגע וויצען, איז צוגעגאנגען צו זיין רייזע־טאש, האָט ארויס־גענומען פון דאָרט דאס געלד, האָט אריינגעבראכט און געגעבען איהר.

— ביטע, ביטע, דאנקט ניט. אין געגענטהייל, איך דארף אייך דאנקבאר זיין.

נעכלודאָוו'ן איז געווען אנגענעהם צו עראינערן זיך איצט אָן דעם אלעם; איהם איז זאגאר געווען אנגענעהם צו עראינערען זיך, ווי ער האָט זיך צוקריגט דאן מיט זיין קאמעראד, אן אפיציער, וועלכע האָט פון דיעזער געשיכטע געוואלט אויסדרעהען א מיאוסען שפאס, ווי נאָך א קאמעראד האָט איהם אונטערגעשטיצט און האָט געזאָגט אז זיין כעס איז א גערעכטער. און דאס האט געפיהרט דערצו, אז ער זאל שליסען מיט דיעזען אפיציער נעהענטערע בע־

קאנטשאפט. ווי די גאנצע געיעג־פּארטיי איז דורכגעגאנגען גליק־ליך און לוסטיג. און ווי גוט האָט ער געפיהלט דערנאָך, פאָהרענ־דיג אהיים, ווען ער איז געקומען אויף דער סטאציאָן פון אייזענ־באהן.

נעכלודאָוו'ן האָט זיך דאָס איצט דערמאָנט און בעזאנדערס ווי געזונד און פריש ער האָט זיך געפיהלט דאן, און איצט? מיין גאָט, וואָס פאר א מאטערנעס, וואָס פאר א פּלאג האָט ער גע־פיהלט!

48.

ווען נעכלודאָוו איז אויפגעשטאנען אויף מארגען אין דער פריה, האָט ער זיך ווידער דערמאָנט אָן אלעס, וואָס ס'איז נעכטען פארגעקומען, און איהם איז געווארען שווידערליך.

אָבער ניט קוקענדיג אויף דיזען געפיהל פון שרעק, וואָס די געגענווארטיגע לאגע האָט אין איהם ארויסגערופען, האָט ער זיך דאָך ענטשלאָסען פאָרטצוזעצען דאָס, וואס ער האָט אנגעפאנגען.

מיט דיעזען געפיהל פון אנערקענונג אז ער טהוט זיין פפליכט איז ער ארויס פון זיין הויז, האָט גענומען אן איזוואזטשיק און האָט איהם געהייסען פאהרען צום וויצע־גובערנאטאָר מאסלעני־קאָוו. ער איז געפאהרען צו מאסלעניקאָוו מיט דעם צוועק צו נעה־מען ביי איהם אן ערלויבנים צו זעהען זיך יעדען טאָג מיט מאסלאָ־וואַ און אויך קריגען די ערלויבנים צו זעהן זיך מיט באָגאָדוכאָוו־סקאַיאַ און מיט די ארעסטאנטען, וועגען וועלכע מאסלאָווא האָט איהם געבעטען.

מאסלעניקאָוו איז געווען נעכלודאָוו'ס א בעקאנטער שוין פון לאנג, זיי זיינען געווען גוטע פריינד, ווען זיי האָבען נאָך געדינט אין איין פּאָלק.

מאסלעניקאָוו איז דאן געווען א גוטמוטהיגער, דינסטלוסטי־גער אָפיציער, וועלכער האָט פון קיין אנדער זאך אויסער זיין אמט ניט געוואוסט און ניט געוואָלט וויסען.

איצט האָט איהם נעכלודאָוו דערזעהן אלס אדמיניסטראטאָר,

אנשטאט וואָס ־ריהער האָט ער זיך אינטערעסירט מיט'ן פאָלק, אינטערעסירט ער זיך איצט מיט זיין גובערניע און זיין גובערנסקע קאנצעלאריע.

מאסלעניקאָוו איז געווען א פערהייראטהער מאן, זיין פרוי איז געווען א רייכע געזונדע דאמע און זי האָט דאָס אויף איהם גע־ווירקט, ער זאָל פערבייטען זיין מיליטער דיענסט אויף דעם לעבען פון א ציוויל־בעאמטען.

זי איז געווען פון זעהר א לעבעדיגער נאטור, א בריה א פרוי; זי פלעגט פון איהם שפאסען און פלעגט איהם צערטלען ווי א קינד, ווי א היימישע חיה'לע. נעכלודאָוו איז ביי זיי געווען נור איין מאָל צו גאסט לעצטען ווינטער. אָבער דיעזע פערהייראטהע פאָר האָט זיך איהם געצייגט אזוי ניט אינטערעסאנט, אז ער האָט מעהר קיין לוסט ניט געהאט צו זיי צו קומען.

ווען מאסלעניקאָוו האָט איצט דערזעהן נעכלודאָוו'ן, האָט ער זיך מיט איהם הערצליך דערפרייט ווי מיט א זעלטענעם גאסט. ער איז געווען ריין אנגעטאָהן אין זיין וויצמונדיר, וועלכער איז גע־לעגען אזוי שעהן און נעט אויף זיינע ברייטע שולטערן.

— נו, אָט אזוי קומסטו דאָך אמאָל, דאנק וואס דו ווייזט זיך כאָטש ווען ביי אונז, איצט האָב איך טאקע עטליכע פרייע מינוט, זאָנסט בין איך דיעזע טעג אזוי בעשעפטיגט; דער גובערנאטאָר איז אוועקגעפאהרען, נו, פערוואלט איך, הייסט עס, אויף זיין פּלאַץ מיט דער גאנצער גובערניע, ארבייט, ארבייט, ארבייט אהן א שיעור.

— איך בין געקומען וועגען געשעפט.

— וואס האָט דען פאסירט? — האָט זיך פערוואונדערט א הויב געטאָן דער אדמיניסטראטאָר.

— אָט וואָס, אין אסטראָג זיצט א פערזאן, וועלכע איך וויל זעהן, א געוויסע מאסלאָווא, אין קאנטאָר לאָזט מען צו ניט נור בעשטימטע טעג, זאנדערן אויך יעדען טאָג, ווען מען זאָל האָבען די ערלויבנים; וויל איך דאָס פון דיר בעטען אזא פאסיר־צעטעל.

— אָ, געוויס, מיין פריינד, ווארום ניט? איך בין פערטיג פאר דיר אלעס צו טאָהן. איך בין בעל הבית נור אויף א ווײַלע, אזוי ווי דו זעהסט, נור פאר דיר, נאטירליך.

אלזאָ, דו קענסט מיר געבען א פּאַפּיער, דורך וועלכע מען זאָל אין יעדען צייט צולאָזען, ווען איך וויל זיך מיט יעמאנדען זעהען אין אסטראָג? הויפּטזעכליך מיט איהר.

— ווער איז זי דען?

— ווער זי איז.

— דאָס הייסט א פּרויענצימער?

— יא.

— אבער, דאס הייסט, פאר וואס זיצט זי?

— פאר פערגיפטען, אבער זי איז פעראורטהיילט אומזיסט, זי איז אונשולדיג.

— נו, אָט האָסט דו, דאס זיינען דאך די מאָדערנע געריכטס־הייזער שוין, די גערעכטע געריכטען. איך וויים, דו ביסט קיין מאָל ניט איינפערשטאנדען געוועזן מיט מיינע אנשויאונגען אין דיעזער הינזיכט. דו ביסט דאך א ליבעראלער אימער געוועזן.

— איך וויים ניט, א ליבעראל אדער עטוואס אנדערש,—האָט מיט א שמייכעל געענטפערט נעכלודאָוו, — אָבער איך וויים, אז די איצטיגע געריכטהייזער, ווי שלעכט זיי זאָלען ניט זיין, זיינען דאָך אלץ בעסער פון די אמאָליגע.

— און ווער איז דיין אדוואָקאט?

— איך האָב זיך געווענדעט צו פאנארין.

— עה, פאנארין! — האָט זיך א קרים געטאָהן מאסלעניקאָוו. ער האָט זיך עראינערט, ווי מיט א יאהר צוריק האָט פאנארין איהם ארויסגערופען אלס עדות אין א געוויסען פּראָצעס און האָט איהם אויסגעפרעגט פאר'ן געריכט אזוי צערעמאָניעל, אז ער איז געבלי־בען דאן עטליכע מאָל אין פערלעגענהייט אויף אלעמענס געלעכ־טער.

— עס, איך וואָלט דיר ניט געראטהען צו האָבען מיט איהם

אירגענד וועלכע געשעפטען; פאנארין — דאס איז א פאסקוד־נער מענש.

— און איך האב צו דיר נאך א ביטע, — האט איהם געזאגט נעכלודאָוו, אזוי ווי ער וואלט ניט הערען, וואס ער האט צו איהם גערעדט, — איך האב לאנג צוריק בעקענט זיך מיט א מעדכען, א לעהרערין, זעהר אן ארעמעס וועזען, און איצט האב איך זיך דער־וואוסט, אז זי זיצט נעבעך אויך אין אסטראָג און זי בעט זיך, זי וויל זיך זעהען מיט מיר. קענסטו מיר געבען א׳ן ערלויבנים צו זעהען זיך מיט איהר?

מאסלעניקאָוו האט זיך פערטראכט און האט א ביסעל אונ־טערגעמורמעלט אונטערן נאָז.

— זי איז א פאליטישע?

— יא, אזוי האט מען מיר איבערגעגעבען.

— ווי דו זעהסט, מיין ליעבער, ערלויבט זיך נור פאר פער־וואנדטע צו בעזוכען פאליטישע, אבער דו ביסט א׳ן אנדער זאך, דיר וועל איך געבען א׳ן אלגעמיינעם פאסיר־צעטעל, און דו וועסט קענען בעזוכען וועמען דו ווילסט דאָרט.

— דאס איז גוט.

— יא, ווי רופט מען אייגענטליך די, דיין פראָטעזשע, אה, באָגאָדוכאָווסקאיא, יא?

— באָגאָדוכאָווסקאיא.

מאסלעניקאָוו איז צוגעגאנגען צום טיש, האט גענומען א הער־באָווע פאפיער און האט זיך געזעצט שרייבען. ער האט אויפגע־שריבען אן אלגעמיינעם ערלויבנים פאר נעכלודאָוו׳ן צו בעזוכען אין אסטראָג וועמען ער וויל.

— אָט זעהסטו, וואס פאר אן אסטראג דארט איז? און עס איז ניט אזוי לייכט איינצופיהרען דאָרט א׳ן ארדנונג. מיין ניט אז עס איז אזוי לייכט. און דו וועסט זעהן; זיי לעבען דאָרט ניט שלעכט: זיי פעהלט גארנישט, פאר אלעם איז געזאָרגט און זיי זיינען העכסט צופריעדען. נאטירליך, מען דארף נור וויסען ווי מיט זיי צו האנדלען. אָט איז דאָ ערשט מיט עטליכע טעג צוריק געווען

א זעהר אונאנגענעהמע געשיכטע. אונגעהארכזאמקייט, דאָס מוז שטרענג נאכגעקוקט ווערען. פון איין זייט דארף מען האָבען א שטארקע מאכט, ניט צו דערלאזען קיין אויסברוך פון אונצופריע־דענהייט.

— נון, דערפון האָב איך קיין אהנונג ניט, איך בין געווען דאָרט אין גאנצען צוויי מאָהל, און עס האָט אויף מיר געווירקט זעהר שלעכט.

— ווייסטו וואס? דו דארפסט זיך צונויפריידען מיט דער גרעפין פּ א ס ע ק, — האָט איהם פאטערליך געראטהען מאסלע־ניקאָוו: — זי איז מיט לייב און זעעלע איבערגעגעבען פיר דער פערבעסערונג פון דער לאגע פון די ארעסטאנטען. צו פערדאנקען איהר איז עס מיר אויך געלונגען פיעלעס צו ענדערען פון דער פריי־הערדיגער ארדנונג, און איך האָב עס אזוי איינגעארדענט, אז מען הערט ניט מעהר פון בעקלאָגען זיך איבער גרוילטהאטען און גריי־זאמער בעהאנדלונג ווי עס פלעגט פריהער זיין דער פאל. איצט פעהלט זיי גאָר ניט, דאס זאג איך דיר און מעגסט גלויבען. אָט נעהם דעם פאנארין, א פאסקודנער מענש. איך קען איהם ניט פערזענ־ליך, דאס הייסט איך האָב מיט איהם קיין פערזענליכע בעקאנט־שאפט ניט, און נאָך מיין עפענטליכער שטעלונג, קען איך מיט איהם קיין געמיינשאפטליכעס ניט האָבען. אונזערע וועגען זיינען פערשיעדען. אהה, ער איז א פאסקודנער, א שעדליכער מענש, דאס איז ביי מיר זיכער, און ער ערלויבט זיך ריידען אין געריכט אזעל־כע זאכען, אז עס איז א שרעק...

— נון, דאנק דיר, — האָט געזאגט אונגעדולדיג נעכלודאָוו און האָט זיך אויפגעהויבען אוועקצוגעהן.

— און צו איהר, צו דער פרוי צו מיינער, וועסט דו גאר ניט אריינגעהן?

— ניין, מוזט מיר פערצייהען, איך אייל זיך.

— אך, ווי קענסט דו דאָס? זי וועט דאָך דאָס דיר קיין מאָהל ניט פערצייהען — האָט איהם פערדריסליך פאָרגעהאלטען

מאסלעניקאוו, בעגלייטענדיג איהם צו די טרעפּ — נו, נעה אריין כאָטש אויף א וויילינקע, נור צו ווייזען זיך כאָטש.

אָבער נעכליודאָוו האָט ניט געפאָלגט; ער האָט זיך געזעגענט מיט דעם וויצע-גובערנאטאר און איז אוועק מיט דעם אויסרייד, אז ער האָט זעהר קיין צייט ניט און איז ניט אויפגעלייגט.

— נו טאָ קום צו אונז קומענדען דאנערסטאג, דאס איז איהר עמפּפאנגס-טאָג, איך וועל איהר צוזאגען, אז דו וועסט קו־מען, — האָט ער נאכגעשריען נעכלודאָוו'ן, ווען דער לעצטער איז אראָפּ פון די טרעפּ.

49.

אין דעם זעלבען טאָג איז נעכלודאָוו גלייך פון מאסלעניקאוו'ן געפאהרען צום אסטראָג. ער איז צוגעגאנגען צום סמאָטריטעל'ס וואָהנונג. ער האָט דאָ דערהערט ווידער די געפעהרליכע טענער פון דער פּיאנא. די דינסט, וואס האָט איהם געעפענט די טיהר, האָט איהם אנגעזאגט אז דער קאפּיטאן איז צו הויז.

באלד איז איהם אנטגעגען ארויס דער הויפּט סמאָטריטעל מיט א מרה שחורה'דיגער מינע און האָט איהם העפליך געגריסט.

— ביטטע, מיין הערר, ווינשען זיי וואָס פון מיר?

— איך קום פון וויצע-גובערנאטאָר; ער האָט מיר געגעבען דיעזע פּאפּיער אלס ערלויבנים צו בעזוכען ארעסטאנטען אין אס־טראג. איך וואלט וועלען זעהן מאסלאָווא.

— מארקאָווא? — האָט איבערגעפרעגט דער סמאָטריטעל, ניט הערענדיג איבער דער מוזיק דעם נאמען.

— מאסלאָווא.

— אה, יא, מאסלאָווא, יא!

דער סמאָטריטעל איז צוגעגאנגען און האָט אן עפען געטאָהן די טיהר, פון וואנען עס האָבען זיך געהערט די בעטויבענדע טענער פון דער פּיאנאָ.

— מארוסיא, — האָט ער זיך געבעטען, — אויף איין וויילינ־קע הער אויף, איך בעט דיך. מען הערט ניט וואס מען רעדט.

פון זיין שטימע האָט מען געקענט דערקענען, אז דיעזע מוזיק האָט זיך איהם שוין איינגעגעסען אין די ביינער.

די מוזיק האָט אויפגעהערט. עס האָבען זיך דערהערט שריט, און אימיצער האָט א בליק געטאָהן אין טיהר.

דער סמאָטריטעל, ווי עס האָט געשיינט, האָט געפיהלט זיך זעהר ערלייכטערט פון דעם, וואס די טאָכטער האָט מעהר ניט גע־צימבעלט. ער האָט פעררויכערט א דיקען פאפיראָס און האָט גע־וואָלט טראקטירען אויך נעכלודאָוו'ן מיט איינעם. נעכלודאָוו האָט זיך ענטזאגט, ערקלערענדיג אז ער רויכערט ניט.

— מאסלאָווא'ן ווילט איהר זעהן? אבער זי קענט איהר נאר היינט ניט זעהן, עס איז אונפאסענד אײנפאך צו זעהען זי היינט.

— ווארום דען?

— דאס זייט איהר אליין שולדיג, — האָט מיט א לייכטען שמייכעל געזאגט דער סמאטריטעל. — פירסט, איהר טוהט א גרויסען אונרעכט, וואס איהר גיט איהר געלד אין האנד. איך בעט אייך, טוהט דאָס מעהר ניט. וויפיעל זי האָט, זעהט זי אויסצו־געבען אויף שנאפס. זיי בעקומען שוין. איהר קענט זיי ניט איינ־היטען. ווילט איהר, זי זאל האָבען א מאָהל אויף וואס זי דארף, דאן גיט מיר האלטען דאס געלד, זאנסט בעזויפט זי זיך און טוהט אן צרות; זי איז גאר ארויס פון זיך דאס לעצטע מאָהל; זי איז קיין מאָהל אזוי ניט געווען, האָט געבושעוועט, געלארעמט, געווארפען זיך שלאָגען.

— איז דאס מעגליך?

— ווי איהר הערט; מיר זיינען געווען געצוואונגען צו גע־ברויכען געגען איהר שטרייגנע מיטלען. איך האָב זי איבערגע־פיהרט אין אן אנדער קאמער. אזוי איז זי דאך אלע מאָהל געווען שטיל ווי א טויב. אבער געלד מאכט זי צולאָזען. אזעלכע לייטע זיינען דאס שוין...

נעכלודאָוו האָט זיך איצט ערינערט די נעכטיגע סצענע און ער איז געווארען זעהר בעזאָרגט.

— און באַגאַדוכאָווסקאיא, די פּאָליטישע, קען איך זעהן? — האָט א פרעג געטאָהן נעכלודאָוו.

— איך מיין, אז יא, — האָט געזאָגט דער סמאָטריטעל, און ער איז מיט נעכלודאָוו'ן אוועק צום אסטראג. די טיהרעל האָט זיך באלד געעפענט, ווי דער סמאָטריטעל איז נור צוגעגאנגען.

— וועמען ווילט איהר זעהן? — האָט איבערגעפרעגט דער סמאָטריטעל.

— באגאַדוכאָווסקאיא.

— א, דאס איז פון טהורעם? איהר וועט מוזען אויפ־ווארטען.

— אפשר קען איך דערווייל זעהען די ארעסטאנטען מענשאוו, א מוטער מיט א זוהן, אנגעקלאגטע אין אונטערצינדען.

— א, דאס איז פון קאמער 21. פארוואָס ניט, מען קען זיי ארויסרופען.

— קען איך אפשר זעהען מענשאָוו'ן אין זיין קאמער?

— אייך וועט אָבער רוהיגער זיין אין אלגעמיינעם צימער.

— ניין, מיר וואָלט געווען אינטערעסאנט.

אין דיזער צייט איז פון א זייטען־טיהר ארויסגעגאנגען א פראנטסקער אָפיצער, דער געהילפס־סמאָטריטעל.

— אָט פיהרט אריין דעם גראף אין קאמער צו מענשאָוו'ן. דאָס איז קאמער 21, — האָט געזאָגט איהם דער סמאָטריטעל — און דערנאך אין קאנטאָר. און איך וועל זי ארויסרופען. ווי רופט מען זי?

— ווערא באָגאָדוכאָווסקאיא — האָט געזאָגט נעכלודאָוו.

דער געהילפס־סמאטריטעל איז געווען א בלאָנדער, יונגער אפיצער מיט אָנגעוועקסטע וואָנצעס, פון וועלכען עס האָט זיך שטארק געהערט דער ריח פון בלומען־אָדע־קאָלאָן.

— ביטע, — האָט ער זיך א ווענד געטאָהן צו נעכלודאָוו'ן מיט אן אנגענעהמען שמייכעל — איהר אינטערעסירט זיך מיט אונזער אנשטאלט?

— יא, איך אינטערעסיר זיך מיט דעם מענשען, וועלכער, ווי מען זאָגט מיר, איז גאנץ אונשולדיג ארייננעפאלען אהער.

דער אָפיציער האָט א קוועטש געטאָהן מיט׳ן פּלייצע.

— יא, דאס פּאסירט, — האָט ער רוהיג געזאגט, לאָזענדיג דעם גאסט העפליך געהן פאָראויס אין דעם ברייטען עיפּוש׳דיגען קאָרידאָר — און עס פּאסירט אויך, אז זיי זאָגען ליגען. ביטע.

די טהירען פון די קאמערען זיינען געווען אָפען און עטליכע ארעסטאנטען זיינען געווען אין קאָרידאָר. לייכט א נייג טהוענדיג זיך צו די נאדזיראטעלעס און קרום קוקענדיג אויף די ארעסטאנטען, וועלכע זיינען אריין אין זייערע קאמערס, אדער זיינען געבליבען שטעהן הארט לעבען וואנד אראָבלאָזענדיג מיט רעספּעקט די הענד, האָט דער אָפיציער דורכגעפיהרט נעכלודאָוו׳ן דורך איין קאָרידאָר, האָט איהם ארייננעפיהרט לינקס אין אן אנדערען, וועלכער איז געווען פערשלאסען מיט אן אייזערנע טיהר.

דער קאָררידאָר איז געווען נאָך פינסטערער און האָט מעהר גע׳עיפּושט איידער דער ערשטער. פוןביידע זייטען קאָררידאָר זיינען געווען טיהרען פערשלאָסענע מיט שלעסער. אין די טיהרען זיינען געווען לעכער, זאָ גערופענע „אויגלעך“, ביי א האלבען ווערשאק רונד און ארום.

— אין וועלכער איז מענשאוו? — האָט דער אָפיציער א פרעג געטאָהן דעם נאדזיראטעל.

— די אכטע צו לינקס.

— און דיזע אלע זיינען פערנומען? — האָט א פרעג געטאָהן נעכלודאָוו.

—אלע פערנומען, א חוץ איינע.

50.

— מעג מען א קוק טאהן — האָט א פרעג געטאָהן נעכלודאוו.

— ביטע, ביטע — האָט מיט אן אנגענעהמען שמייכעל געזאָגט דער געהילפס-סמאָטריטעל און האָט עפּעס א פרעג געטאָהן ביי׳ם נאדזיראטעל. נעכלודאוו האט א קוק געטאָהן אין איינע

פון די לעבער — דארט איז א הויכער, יונגער מענש, בלויז אין אונטערוועש, מיט א קליינער שווארצער בערדעל, שנעל ארומגע־גאנגען הין און צוריק; דערהערענדיג עפעס א שאר ביים טיהר, האט ער א קוק געטאהן, האט זיך אנגעכמורעט און גענומען ווידער ארומגעהן.

נעכלודאוו האט א קוק געטאהן אין לאך פון א צווייטע טיהר; זיין אויג האט זיך בעגעגענט מיט אן אויג פון יענע זייט, א צושראקענע, גרויסע אויג, וועלכע האט געקוקט אין לאך; ער איז שנעל אבגעטראטען. א קוק טהוענדיג אין א דריטע, האט ער דערזעהען אויפ'ן בעטעל א שלאפענדען, פון זעהר קליינעם וואוקס, א צונויפגעדרעהטען און דער קאפ איבערגעדעקט מיט'ן כאלאט. אין פערטען קאמער איז געזעסען א ברייט־פנים'דיגער, בלייכער מענש, מיט א ניעדריג אראבגעלאזענעם קאפ און מיט די עלענבויגענס איינגעשפארט אין די קניע. אין זיין גאנצען געזיכט, בעזאנדערנס אין די גרויסע אויגען, איז געווען דער אויס־דרוק פון האפנונגסלאזען טרויער. איהם האט אפנים ניט אינ־טערעסירט א קוק צו טאהן ווער עס קוקט צו איהם אין קאמער. ווער עס זאל ניט קוקען, האט ער שוין פון איהם ניט ערווארטעט, ווי עס שיינט קיין גוטעס. נעכלודאוו'ן איז געווארען אימה'דיג. ער האט שוין מעהר ניט געקוקט און איז געגאנגען גלייך צו קא־מער 21 פון מענשאוו'ען.

דער נאדזיראטעל האט אויפגעשלאסען דעם שלאס און גע־עפענט די טיהר. א יונגער מאן, מיט א לאנגער האלז, מיט א גוטמוטהיגען פנים, קיילעכדיגע, גוטע אויגען און א קליין בערדעל, איז געשטאנען א צושראקענער און האט שנעל אנגע־טאהן דעם כאלאט, קוקענדיג אויף די אריינקומענדע.

— דער הערר וויל וועגען דיין משפט אויספרעגען דיך — האט איהם געזאגט דער אפיציער.

— מיר דאנקען זעהר..

— יא, מען האט מיר דערצעהלט וועגען אייער פראצעס — האט געזאגט נעכלודאוו צוגעהענדיג ווייטער צום וואנד פון קא־

מער און בלייבענדיג שטעהן לעבען דער שמוציגער פענסטער מיט גראטעס — און איך האב געוואלט וואס הערען פון אייך אליין.

מענשאוו איז אויך צוגעגאנגען צום פענסטער און האט גלייך אנגעהויבען דערצעהלען, פריהער שטיל און דערנאך דרייסטער און דרייסטער. זיין דערצעהלונג איז, לויט דער שפראך און די מאַנערען, געווען אן ערצעהלונג פון אן איינפאכען, גוטען פויערשען יונג. די מעשה איז געווען אט וואס. באלד נאך זיין חתונה האט א דארף־סוחר אבגעשלאגען פון איהם זיין פרוי. ער האט געזוכט עפעס צו מאכען על פי געזעץ. אבער דער סוחר האט אומעטום אונטערגעשמירט די נאטשאלסטווא און מען האט איהם געמאכט גערעכט. איין מאהל האט ער מיט גוואלט אבגענומען די ווייב, אבער אויפ'ן צווייטען טאג איז זי אנטלאפען. ער איז דאן געגאנגען צום סוחר און האט געפאדערט זיין פרוי. יענער האט איהם געענטפערט אז דארט איז זיין פרוי ניטא און האט איהם געהייסען אבטראגען זיך. ער איז ניט אוועק. דער סוחר מיט זיין ארבייטער האבען איהם געשלאגען, צובלוטיגט, און אויפ'ן צווייטען טאג האט זיך ביי'ם סוחר אנגעצונדען דאס הויז. מען האט איהם מיט זיין מוטער געשטעלט אונטער אנקלאגע, אז זיי האבען דאס אונטערגעצונדען. און ער ווייס גארניט פון וואס צו זאגען, ער איז גאר געווען ביי דעם מחותן יענעם טאג.

— און דו האסט ווירקליך ניט אונטערגעצונדען?

— אפילו אין די געדאנקען האב איך ניט געהאט אזא זאך, פריצ'ל. און ער, מיין גזלן, האט דאס אפנים גאר אליין אונטערגעצונדען. מען זאגט, אז ער האט ניט לאנג פאר דעם פערסטראכירט זיך. און אויף מיר מיט מיין מוטער האט ער אויסגעטראכט אז מיר זיינען ביי איהם געווען און געסטראשעט איהם. ער האט דאס אליין אונטערגעצונדען און ארויפגעווארפען אויף אונז.

— איז דאס מעגליך?

— דאס איז אמת, ווי פאר גאט זאג איך אייך, בארין. זייט א לייבליכער פאטער! — ער האט געוואלט פאלען צו די פיס,

אָבער נעכלודאָוו האָט איהם מיט כח אָבגעהאַלטען — העלפט אויס, איך ווער פערלאָרען אומזיסט און אומנישט.

זיינע באַקען האָבען אנגעהויבען צו ציטערען און ער האָט זיך צואווינט, ווישענדיג די אויגען מיט דעם פערקאַשערטען אר־בעל פון דער קויטיגער העמד.

— נו, זייט ניט פערצווייפעלט; מיר וועלען טאָהן וואָס ניר מעגליך — האָט געזאָגט נעכלודאָוו און איז ארויס. מענשאָוו איז געשטאַנען אין טיהר, אזוי אז דער נאַדזיראַטעל, פערשליסענדיג, האָט איהם אריינגעשטויסען מיט'ן טיהר.

## 51.

דורכגעהענדיג צוריק דעם ברייטען קאָהרידאָר (דאָס איז גע־ווען מיטאָג־צייט און די קאַמערס זיינען געווען אָפען) צווישען די ארעסטאַנטען, אנגעטאָנענע אין העל־געלבע כאַלאַטען, קורצע, ברייטע הויזען און הילצערנע שיך, וועלכע האָבען גייציג געקוקט אויף איהם, האָט נעכלודאָוו דערשפּירט זאָנדערבאַרע געפיהלען. ער האָט געפיהלט מיטלייד מיט די מענשען, וואָס זיינען דאָ געזעסען פער־שפּאַרט, און שרעק פאַר יענע, וועלכע האָבען זיי אריינגעזעצט און האַלטען זיי דאָ; און עפּעס אַ שאַנדע פאַר זיך אליין, וואָס ער קוקט זיך צו דערצו אזוי רוהיג.

אין איין קאָררידאָר איז עמיצער דורכגעלאָפען קלאַפּענדיג מיט זיינע הילצערנע שיך אין טיהר פון קאַמער, און פון דאָרט זיינען ארויסגעגאַנגען מענשען און האָבען זיך געשטעלט נעכלו־דאָוו'ן אין וועג, נייגענדיג זיך פאַר איהם:

— גיט אַ בעפעהל, וואָשע בלאַגאָראָדיע... איך וויים ניט ווי איך צו רופען, אז מען זאָל מיט אונז מאַכען אַ טאָלק ווי עס איז.

— איך בין ניט קיין נאַטשאַלניק, איך וויים קיין זאַך ניט.

— אלץ איינס, זאָגט וועמען, דער נאַטשאַלסטוואָ אדער ווע־מען דאָרט — האָט געזאָגט די אונצופריעדענע שטימע — מיר זיינען אין קיין זאַך ניט שולדיג, און אָט ליידען מיר שוין דעם צווייטען מאָנאט.

— ווי ? פאר וואָס ? — האָט געפרעגט נעכלודאָוו.

— אָט אזוי, איינגעשפּאַרט אין טורמע. זיצען מיר שוין דעם צווייטען מאָנאט און ווייסען אליין ניט פאר וואָס...

— אמת, דאס איז צופעליג, — האָט געזאגט דער געהילפס-סמאָטריטעל — מען האָט ארעסטירט דיזע מענשען פאר ניט האָבען קיין פּאספּאָרטען און מען האט זיי געדארפט אבשיקען אין זייער גובערניע, אָבער דארט האָט דער אסטראג אָבגעברענט און די גובערנסקע קאנצעלאריע האָט געלאָזט וויסען אונז, אז מען זאל צו זיי ניט שיקען. נו, האָבען מיר אלעמען פון אנדערע גובערניעס צושיקט, און זיי האלטען מיר.

— ווי, נור דערפאר ? — האָט געפרעגט נעכלודאָוו אבשטעלענדיג זיך אין טיהר.

— יא, מען האָט זיי געדארפט אייגענטליך שיקען צוריק אין זייער וואהנונגס-ארט — האָט געענטפערט דער סמאָטריטעל.

ער האָט נור געענדיגט, ווי פון דער מאסע האָט זיך ארויסגערוקט א קליין מענשעל, אויך אין ארעסטאנטסקע קליידער און, קרימענדיג מיט'ן מויל, האָט ער אָנגעהויבען ריידען אויף וועגען דעם ווי מען פּייניגט זיי דאָ אָהן א פארוואָס.

— ערגער פון הינד... — האָט ער אָנגעהויבען.

— נו, נו, איבעריגס ניט פּלוידער דאָ, ווארום אז ניט, ווייסטו...

— וואָס זאל איך וויסען — האָט פערצווייפעלט געהאמפּערט זיך דער קליין מענשעל — זיינען מיר דען אין עפּעס שולדיג, וואָס ?

דער נידריגער ארעסטאנט איז אנשווייגען געוואָרען און האָט זיך אָפּגערוקט.

— אָך, וואס טוהט זיך ! — האָט געקלערט אויסער זיך פון קריינקונג נעכלודאָוו.

הונדערטער אויגען פון די ארעסטאנטען האָבען איהם בעגלייט און ער האָט געפיהלט, אז העלפען זיי אלעמען איז ער ניט אימשטאנד.

— האָט מען דען ווירקליך סתם אזוי גאַנץ אונשולדיגע מענ־שען איינגעשפּאַרט? ווי איז דאָס דען מעגליך? — האָט נעבלו־דאָוו וויעדער פּערוואונדערט געפרעגט זיין בעגלייטער.

— נו, וואס קען מען מאכען? אזוי איז עס, פּירסט. אבער גלויבט זיי ניט אלעמען. זיי קענען אייך אָנזאָגען א היבשע ביסעל ליגען. ווען איהר זאָלט זיי אלעמען גלויבען געפינט איהר דאָ קיין איין שולדיגען ניט אין אסטראָג.

— יא, אבער ד י זאגט איהר דאָך אליין סתם אזוי צו־פעליג.

— די? יא, זיי זיצען אומזיסט טאקע. אבער דאס איז אין אלגעמיין א רויע, פערדאָרבענע מאסע. מען מוז זיך מיט זיי בע־געהן שטרענג. עס זיינען ביי אונז דאָ אזעלכע, וואס מען דאַרף זיי קיין שכל ניט לערנען. אָט זיינען מיר ערשט נעכטען געווען גע־צוואונגען צוויי צו בעשטראפען.

— וואָס הייסט בעשטראָפען?

— אָט אזוי, בעשטראָפען מיט ריטער, לויט בעפעהל.

— וואָס הייסט בעשטראפען?

— איינפאך, בעשטראָפען דורך שמייץ.

— ווי אזוי? קערפּערליכע שטראָף איז דאָך שוין לאַנג פערבאָטען.

— יא, פערבאָטען, אבער ניט פאר די, וועלכע האָבען פערלאָ־רען זייערע רעכטע.

נעבלודאוו האָט זיך איצט עראינערט אָן אלעס, וואָס ער האָט געזעהען געסטערן ווען ער האָט געווארט אין קאָררידאָר, ווען די בעאמטע זיינען ארומגעגאנגען זעהר אויפגערעגט. ער האָט פערשטאנען, אז דאס האָט מען דאן בעשטראָפט, ד. ה, גע־שמיסען אָן ארעסטאנט. און ער האָט איצט געפיהלט זאָנדערבאר, פערדרוס, שמערץ, אבשטוים און אין דער זעלבער צייט נייגירדע צו וויסען ווארום און ווי אזוי אזעלכע זאכען קענען נאָך איצט געשעהען.

ער איז שנעל אוועק פון דעם אסיסטענט סמאָטריטעל און

איז אריין אין קאנטאָר. דער סמאָטריטעל איז דאָרטען געווען בע־שעפטיגט מיט עטוואָס און האָט זיך אונטערדעסען פערגעסען ארויסצורופען באַגאַדוכאָווסקאיא. איצט ווען ער האָט דערזעהן נעבלודאָוו'ן האָט ער זיך דערמאָנט, אז ער האָט זי געדארפט ארויסרופען אין קאנטאר פיר נעבלודאָוו'ן.

— איך שיק נאָך איהר גלייך, און איהר, ביטע, זיצט א ווייל־ינקע, — האָט ער געבעטען נעבלודאָוו'ן און זיך ענטשולדיגט.

52.

דער קאנטאר איז בעשטאנען פון צוויי צימערען. אין איין צימער, א דונקעלען, איז געשטאנען אין א ווינקעל א שווארצע מאָס איבערצומעסטען אנגעקומענע ארעסטאנטען; אין דעם אנדער ווינקעל אנטגעגען איז געהאָנגען דאס בילד פון קריסטוס.

אין דיזען ערשטען צימער זיינען געשטאנען עטליכע אויפ־זעהער פון אסטראָג. אין צווייטען צימער זיינען געזעסען אויף ביינק לעבען די וואנד בעזונדערע גרופען אָדער פּאָרלעך. צווא־מען זיינען געווען א פערזאָן צוואנציג מאנסלייטע און פרויען און האָבען שטיל געשמועסט. ביים פענסטער איז געשטאנען א גרויסער שרייב־טיש.

דער סמאטריטעל איז געזעסען ביים שרייב־טיש און האָט אנגעוויזען נעבלודאָוו'ן אויף א שטוהל צו זעטצען זיך. נעבלודאָוו האָט זיך געזעצט און אָנגעהויבען בעטראכטען די מענשען, וואָס זיינען געזעסען אין צימער.

דער ערשטער, אויף וועלכען ער האָט אפּגעשטעלט זיין בליק, איז געווען א יונגער מענש אין א קורצער זשאקעטקע, מיט אן אנ־גענעהמעם געזיכט, וועלכער איז געשטאנען לעבען א פרוי, שוין ניט גאָר קיין יונגע, און האָט עפּעס היציג געמאכט מיט די הענד, ריידענדיג צו איהר מיט האריץ.

גלייך מיט זיי איז געזעסען אן אלטער מאן אין בלויע ברילען אונבעוועגליך און האָט זיך צוגעהערט, האלטענדיג די האנד פון

א יונגער פרוי אין ארעסטאנטסקע קליידער. זי האָט איהם עט־וואס דערציילט שטילערהייט. לעבען זיי איז געשטאנען א יונגער שילער פון רעאל־שוהלע און האָט געקוקט מיט ערשראָקענע בליקען אויף דעם אלטען.

ניט ווייט פון דיזע גרופען, אין א ווינקעל, איז געזעסען א פערליעבטע פּאָרל. זי איז געווען מיט געשאָרענע קורצע האָר, מיט אן ענערגישעם געזיכט, א זאנפטע, מילדע, יונגע בלאָנדינקע אין א שיינע קלייד. זיי זיינען געזעסען אין ווינקעל און האָבען גע־מורמעלט איינער צום אנדערן.

נעהנטער פון אלע צום טיש איז געזעסען אן אלטע פרוי, אין א שווארצעם קלייד. קענטיג געווען אז דאס איז א מוטער: זי האָט געקוקט מיט מיטליידיגע אויגען אויף א יונגען מאן, וועלכער האָט געשיינט צו זיין ברוסטליידענד, מיט א בלאסען, זעהר בלאסען געזיכט. זי האָט זיך צוגעקליבען עטוואָס צו זאָגען, נור טרערען האָבען זיך געוויזען אין איהרע אויגען און זי האָט ניט געקענט ריידען; זי האָט געעפענט דעם מויל, אָנגעפאנגען א וואָרט, איז אבער געבליבען שטיל צוריק.

לעבען דיזע איז געזעסען א יונגע, פול־בלוטיגע, שעהנע פריי־לין מיט קיילעכדיגע דונקעלע אויגען און אין א גראָהע קלייד מיט א פּאָלערינע. זי האָט געגלעט די האנד פון דער וויינענדער מוטער און האָט זי געטרייסט. אין דיזער יונגער מיידעל איז אלעס געווען שעהן, אלעס אנגענעהם, און אויסגעגאָסענער חן: איהרע וויי־סע, צארטע הענד, איהר אָפענער, גוטהערציגער בליק, די געדיכטע, קורצע האָאָר און פולע, פרישע, רויטליכע ליפּען און איבערהויפּט די אויגען, וואהרהייטליכע אויגען.

גלייך ווי נעכלודאָוו איז אריין האָט זיך איהר בליק בעגעגענט מיט זיינעם, אָבער זי האָט זיך גלייך אָפּגעווענדעט פון איהם און האָט אָנגעהויבען שנעל צו ריידען עטוואָס צו דער מוטער.

נעכלודאָוו האָט זיך געזעצט לעבען סמאָטריטעל און האָט מיט אנגעשטרענגטער נייגירדע געקוקט ארום זיך. א יונגער אינ־

געלע איז צו איהם צוגעגאנגען שטילערהייט און האָט מיט זיין דינינקער שטימעלע איהם געפרעגט.

— און צו וועמען קומט איהר דאָ?

נעבלודאָוו האָט זיך פערוואונדערט אויף דיזער פראגע פון קינד, נור זעהענדיג ווי ער האָט געקוקט אויף איהם מיט לעבעדיגע, קלוגע, ערנסטע אויגלעך האָט ער איהם געענטפערט, אז ער איז געקומען זעהן זיך מיט א בעקאנטע פרויענצימער.

איז זי אייערע א שוועסטער? — האָט ווידער געפרעגט דער אינגעלע.

— ניין, ניט קיין שוועסטער — האָט איהם נעבלודאָוו געענטפערט — און מיט וועמען ביסטו דאָ? האָט ער צוריק געפרעגט דעם זאָנדערבארען אינגעל.

— איך בין דאָ מיט די מאמא. זי איז א פאָליטישע — האָט דער אינגעל געענטפערט.

מאריא פאוולאָוונא, נעהמט צו אייער קאָליא — האט א זאג געטאָן דער סמאָטריטעל, וועלכער האָט וואהרשיינליך איינגעפונען, אז דער געשפרעך פון אינגעלע מיט א פרעמדען איז אונגעזעצליך.

מאריא פאוולאָוונא איז דאָס געוועזן די שעהנע יונגע מיידעל, וועלכע האָט אויף זיך געצויגען די אויפמערקזאמקייט פון נעבלודאָוו'ן. זי איז אויפגעשטאנען מיט איהר גאנצער, הויכער, שטאָלצער פיגור און איז מיט איהרע געזונדע, פעסטע טריט צוגעגאנגען צו נעבלודאָוו'ן, לעבען וועלכען עס איז געשטאנען דער אינגעל.

— וואס האָט ער ביי אייך געפרעגט, וואהרשיינליך ווער איהר זייט? — האָט זי מיט א ליעבליכען שמייכעל געפרעגט נעבלודאָוו'ן, — ער דארף אלץ וויסען האָט זי געזאָגט, קוקענדיג אויפ'ן אינגעלע מיט אזא זיסען, ליעבען בליק וואָס האָט אין אלעמען ארויסגערופען אן אנגענעהמען שמייכעל אויפ'ן געזיכט.

— יא, האָט נעבלודאָוו געענטפערט, — ער האָט מיך געפרעגט, צו וועמען איך בין דאָ געקומען.

— מאריא פאוולאוונא, — האָט דער סמאטריטעל איהר פא־

טערליך בעמערקט, איהר טאָרט מיט זייטיגע מענשען ניט ריידען.
איהר ווייסט דאָך דאס.

— גוט, גוט, איך וועל ניט, — האָט זי געענטפערט גוט־מוטהיג, האָט גענומען דעם אינגעלע פאר'ן האנד און האָט איהם אוועקגעפיהרט צוריק צום באנק, און האָט זיך אוועקגעזעצט לעבען דער מוטער פון דעם קריינקליכען יונגען מאן.

— וועמעס אינגעלע איז דאָס? — האָט נעכלודאָוו נייגעריג א פרעג געטאָן דעם סמאָטריטעל.

— ער איז געבאָרען געוואָרען דאָ אין אסטראָג, זיין מוטער איז א פאָליטישע פערברעכערין — האָט דער סמאָטריטעל געענט־פערט מיט א מין צופריעדענהייט פון דעם, וואס אין זיין אנשטאלט געשעהען אזעלכע זאנדערבארע מעשים.

— איז דאָס מעגליך?

— און אָט פאָהרט ער קיין סיביר צוזאמען מיט דער מוטער.

— און דיזע פריילין, ווער איז זי?

— דערויף קען איך אייך ניט ענטפערן, — האָט דער סמאָט־ריטעל געזאָגט מיט אן אמטליכער טרוקענהייט, קוועטשענדיג מיט די פּלייצעס.

אין דיזער מינוט איז אריין באגאדוכאָווסקאיא.

## 53.

נעכלודאָוו האָט דערזעהען פאר זיך די געלע, מאָגערע, געשאָ־רענע ווערא יעפרעמאָוונא באָגאָדוכאָווסקאיא, מיט איהרע גרויסע גוטע אויגען.

— נו, א דאנק אייך, וואָס איהר זייט געקומען, — האָט זי געזאָגט אונטערגעהענדיג צו נעכלודאָוו'ן און דריקענדיג זיין אויס־געשטרעקטע האנד. — געדיינקט איהר מיך? נו, לאָמיר זיך זעצען ערגעץ.

— איך האָב ניט געדיינקט צו טרעפען אייך א מאָל אין אזא לאגע, — האָט ער איהר געענטפערט פריינדליך.

— **אה, עס מאכט נישט, מיר איז גוט, זעהר גוט און נאָך ווי גוט; בעסער דאַרף מען גאַר ניט.**

נעכלודאָוו האָט פאַנאַנדערגעפרעגט זי, ווי אַזוי זי איז געקומען דאַצו, צו זיין דאָ איינגעשפאַרט, זי האָט איהם געענטפערט לעבהאַפט, ערקלעהרענדיג איהם איהר פּראָצעס.

איהר רעדע איז געווען אויסגעמישט מיט פרעמדע ווערטער וועגען פּראָפּאַגאַנדירען, דיסאָרגאַניזירען, וועגען גרופּעס, סעקציעס און אונטערסעקציעס, מיינענדיג אַז אַלע ווייסען וועגען וואָס און וועגען וועמען זי רעדט, כאָטש נעכלודאָוו האָט קיין אהנונג ניט געהאַט פון דעם אַלעם.

זי האָט גאָר ניט געצווייפעלט, אַז איהם מוז זעהר אינטערעסירען אַלע איינצעלהייטען וואָס זי דערצעהלט איהם וועגען די געהיימניסע פון די נאַראָדאָוואָלצעס.

נעכלודאָוו האָט געקוקט אויף איהר דאַרע העלזעל, אויף איהרע שיטערע, צוקודעלטע האָאַר און האָט זיך געוואונדערט צו וואָס האָט זי דאָס אַלעס געטוהן און וואָצו האָט זי דאָס איהם אַלעס דערצעהלט?

ער האָט אויף איהר רחמנות געהאַט, אָבער מערקווירדיג, דאָס איז ניט געווען אַזאַ מין רחמנות, ווי ער האָט געפיהלט צו דעם אַרעסטאַנט מענשאָוו, צו דעם פּעראַונגליקטען מוזשיק, וועלכער האָט אַזוי אונשולדיג געפוילט אין פינסטערן געפיינגניס. אויף איהר האָט ער מעהר רחמנות געהאַט איבער דעם מישמאַש וועלכער האָט זיך געפּלאָנטערט אין איהר קאָפּ.

ווי עס האָט געשיינט, האָט זי זיך גערעכענט פאַר אַ גרויסען העלד, וועלכע איז פערטיג צו אויפאָפּפערן מיט׳ן לעבען פיר דעם ערפאָלג פון איהר זאַך, אָבער אין דערזועלבער צייט וואָלט זי ניט געקענט ערקלערען אין וואָס דיזע זאַך בעשטעהט און אין וואָס קען דאָ ליגען דער ערפאָלג. עס איז געווען ווי אַ צוטומלעניש ביי איהר אין קאָפּ.

**די זאַך,** וועגען וועלכע ווערא יעפרעמאָוונא האָט דערציילט

נעכלודאָוו׳ן, איז בעשטאנען אין פאָלגענדעס: איהרע א חבר׳טע, מיט׳ן נאָמען שוסטאָווא, וועלכע האָט אליין גאָר ניט בעלאנגט צו זייער אונטערגרופּע, ווי זי האָט זיך אויסגעדריקט, איז ארעס־טעט געווארען צוזאמען מיט איהר מיט א מאָנאטען פינף צו־ריק און מען האָט זי ארייגעזעצט אין פּעטראָפּאוולאָווסקע קרע־פּאָסט בלויז דערפאר, וואָס מען האָט ביי איהר געפונען ביכער און פּאפּירען, וועלכע מען האָט איהר געגעבען צו בעהאלטען.

ווערא יעפרעמאָווגא האָט זיך גערעכענט אייניגער מאסען שולדיג אין דעם, וואָס שוסטאָווא איז ארייגעפאלען אין געפענג־ניס, און זי האָט דערפאר געבעטען נעכלודאָוו׳ן, וועלכער מוז דאך האָבען אזא גרויסע בעקאנטשאפט אין די הויכע מקומות, ער זאל זעהען עטוואָס טאָהן, מען זאל די אונשולדיג־ארייגעפאלענע בע־פרייען.

אויסער דעם האָט זי איהם אויך געבעטען אויב עס איז מעג־ליך, אז ער זאל אויספיהרען מען זאל דעם פּאליטישען ארעסטיר־טען מיט׳ן נאָמען גורעוויטש, וועלכער געפינט זיך אויך אין פּעטראָפּאוולאָווסקער פעסטונג, ערלויבען זעהן זיך מיט זיינע על־טערען און פערוואנדטע, ד. ה. מען זאל זיי ערלויבען איהם בע־זוכען. און אויך מען זאל איהם ערלויבען צו בעקומען וויסענ־שאפטליכע ווערקע, וועלכע זיינען איהם נויטיג פאר זיינע וויסענ־שאפטליכע ארבייט. נעכלודאָוו האָט איהר פערשפּראָכען צו בעמי־הען זיך טאָהן עטוואס פון איהרטוועגען, אויב עס וועט נאָר מעג־ליך זיין אויסצופיהרען וואָס זי בעט, ווען ער וועט זיין אין פּע־טערבורג.

איהר אייגענע געשיכטע האָט ווערא יעפרעמאָווגא אזוי דער־ציילט: ווען זי האָט געענדיגט די אקושערסקע קורסען, האָט זי זיך בעקאנט מיט דער פּארטיי פון די נאראָדאָוואָלצעס און איז געוועזען טהעטיג צוזאמען מיט זיי. פון אנפאנג איז אלעס געוועזען געלונגען, מען האָט געשריעבען פּראָקלאמאציעס, מען האָט פּראָפּאגאנדירט אין די פאבריקען; נור דערנאָך האָט מען געכאפּט איינע פון די העכסטע פּערזענליכקייטען, מען האָט געפונען גע־

הײמע פּאַפּירען און עס האָבען זיך אנגעפאנגען ארעסטען נאָך ארעסטען.

— מען האָט מיך ארעסטירט און אַט שיקט מען מיך אוועק... — האָט זי געענדיגט איהר געשיכטע, — אָבער דאס איז גארניט. איך פיהל זיך זעהר גוט, זאגאר אויסערגעוועהנליך גוט, — האָט זי געזאגט און האָט א שמייכעל געטאָהן אזוי רחמנות׳דיג, ווי עס האָט געשײנט נעבלודאוו׳ן.

נעבלודאָוו האָט איהר דאן א פרעג געטאָהן וועגען דער שײ־נער מײדעל מיט די ליכטיגע אויגען. ווערא יעפרעמאָוונא האָט איהם ד׳ערצײלט, אז דאָס איז א טאָכטער פון א גענעראל, וועלכע בעלאנגט שוין לאנג צו דער רעוואלוציאנערער פּארטײ און זי האָט זיך אלײן אנערקענט שולדיג אין שיסען א זשאנדארם. זי האָט גע־וואהנט אין א קאנספּיראטיווער קווארטיר, אין וועלכער עס האָט זיך אײנגעפונען א דרוק־מאשינע. פּאליצײ איז בעפאלען דיעזע קווארטיר אין מיטען נאכט. די אײנוואהנער האָבען דאן בעשלאָסען צו פערטהײדיגען זיך; זי י האָבען פערלאָ־שען די ליכט און האָבען אנגעהויבען אין דער פינסטער צו פערניכטען אלעס, וואס האָט געקענט דינען אלס בעווײז און פון וואָס די פּאָליצײ האָט ניט געטאָרט ווײסען. די פּאָלי־ציסטען און זשאנדארמען האָבען אָבער אויפגעבראָכען די טיהר און האָבען זיך ארײנגעריסען אין הויז און דאן האָט אײנער פון די קאָנספּיראטאָרם אויסגעשאָסען און האָט טויטליך פערוואונדעט א זשאנדארם.

ווען מען האָט אלעמען פערהאפטעט און מען האָט גענומען פאָרשען ווער עס האָט געשאָסען, האָט דיזע גענעראלסקע טאָכטער גענומען אלעס אויף זיך און ערקלערט, אז זי האָט עס געטאָן, טראָץ דעם וואס זי האָט נימאלס געהאלטען אין איהר האנד א רעוואלווער און האָט קײן הארץ ניט צו טויטען אפילו א שפּין. אזוי איז עס געבליבען. און איצט פערשיקט מען זי קײן סיביר אויף קאַ־טאָרזשנע ארבײט.

— אן אלטרואיסטישע נאטור, א גוט־הערציגער מענש...

— האָט ווערא יעפרעמאָווגא זי געלויבט.

די דריטע זאַך, וועגען וועלכער ווערא יעפרעמאָווגא באַגאַדז־כאָווסקאיא האָט געוואלט ריידען מיט נעכלודאָוו'ן, איז געוועזן וועגען מאסלאָווא. זי האָט געוואוסט אין אסטראָג די געשיכטע פון מאסלאָווא און איהרע בעציהונגען צו נעכלודאָוו'ן. זי האָט איהם געראטהען, אז ער זאָל זעהן מען זאָל מאסלאָווא איבערפיהרען אין דער אבטהיילונג פון די פאָליטישע, אָדער, אויב דיזעס איז אונמעגליך, זאָל ער אויספיהרען מען זאָל זי בעשטימען פאר א וואכטערקע ארום די קראנקע אין האספיטאל, וואו עס זיינען איצט דאָ זעהר פיעל קראנקע און עס פאָדערן זיך מעהר וואכטערקעס.

נעכלודאָוו האָט איהר געדאנקט פאר דיזען ראטה און האָט געזאגט, אז ער וועט זעהען פועל'ן וואס מעגליך.

## 54.

זייער געשפּרעך האָט זיך געמוזט ענדיגען. דער סמאָטריטעל האָט זיך אויפגעהויבען און האָט ערקלערט, אז די צייט פון זעהען זיך האט זיך געענדיגט און די בעזוכער מעגען שוין גיין.

נעכלודאָוו איז אויפגעשטאנען פון זיין פּלאץ, האָט זיך געזעגענט מיט ווערא יעפרעמאָווגא און איז אוועק צום טיהר, לעבען וועלכער ער האָט זיך אבגעשטעלט, בעטראכטענדיג אלעס, וואָס איז פאָרגעקומען פאר זיינע אויגען אין דיזען צימער.

— נו, מיינע הערען, צייט, צייט, — האָט אונטערגעיאָגט דער סמאטריטעל, אויפהויבענדיג זיך אלץ פון זיין פּלאץ און זעצענדיג וויעדער צוריק.

די פאָדערונג פון דעם סמאטריטעל האָט ארויסגערופען אין די ארעסטאנטען, ווי אין די בעזוכער א שטארקערען פערלאנג נאָך א ווייל צו זיין צוזאממען, נאָך עטליכע ווערטער צו ריידען, און זיי האָבען זיך ניט אויפגעהויבען פון פּלאץ. מאנכע זיינען אויפגעשטאנען, אָבער האָבען נאָך ניט אָנגעהויבען צו געהן, זאָג־

דערן האָבען גערעדט שנעל שטעהענדיג. אנדערע האָבען זיך אָנ־הויבען זעגענען און וויינען. בעזאנדערס ריהרענד איז געווען דאס זעגנען זיך פון דער מוטער און פון דעם שווינדזיכטיגען יונגען־מאן, דער יונגער מענש האָט אין די פינגער געקנייטשט דאס שטיק פאַ־פּיער וואס ער האָט געהאט און זיין געזיכט איז געוואָרען אַלץ ביי־זער און בייזער; ס'איז קענטיג געווען, אז ער מאטערט זיך איינ־צוהאלטען אום ניט פאנאנדערוויינען זיך.

ווען די מוטער האָט דערהערט, אז מען דארף זיך זעגנען, האָט זי אָנגעלעהנט איהר קאָפּ אויף זיינע שולטערן און האָט זיך אין דער הויך צוכליפּעט. דאס שיינע מיידעל מיט די גרויסע, אפענע גוּ־טע אויגען, — נעכלודאָוו האָט ניט ווילענדיג נאָכגעשפירט איהרע בעוועגונגען — איז געשטאנען לעבען דער וויינענדער מוטער און האָט זי שטיל און זאנפט בערוהיגט זאָגענדיג איהר עטוואָס צערטליכעס.

דער אַלטער מיט די בלויע ברילען איז געשטאנען, האלטענדיג פאר'ן האנד זיין טאָכטער און האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף אַלעס, וואָס זי האָט געזאָגט. די פארליבטע יונגע פּאָר איז אויך אויפגעשטאנען און האלטענדיג זיך פאר ביידע הענד, האָבען זיי שווייגענדיג געקוקט איינער דעם אנדערן אין די אויגען.

— אָט זיי אליין זיינען גליקליך — האָט א זאָג געטאָהן צו נעכלודאָוו'ן דער יונגער מאן אין קורצער זשאקעטקע, ווייזענדיג אויף דער פארליעבטער פּאָרעל. זיי זיינען געשטאנען איינע לע־בען די אנדערע און געקוקט אויף די איבריגע.

ווען די פערליעבטע האָבען דערפיהלט אויף זיך דעם בליק פון נעכלודאָוו'ן און פון דעם יונגען מענשען, האָבען זיי אפּגעלאָ־זען איינער דעם אנדערנס הענד, האָבען זיך אבגעבויגען אויף הינטען און האָבען זיך אנגעהויבען דרעהען אויפ'ן אָרט.

— זיי האָבען דאס היינט ביי נאכט חתונה, טאקע דאָ, אין אסטראָג און זי געהט מיט איהם קיין סיביר, — האָט דער יונ־גער מענש געזאָגט.

— ווער איז ער עם אזוינער ?

— ווער? א קאטאָרזשניק. זאָלען זיי כאָטש פרעהליך זיין, ווען מען קוקט זיך צו דען עס ווערט צו ביטער אויפ'ן הארצען, ווען מען קוקט זיך צו און הערט זיך צו צו דעם געזעגענען זיך.

— מיינע העררן, אך, זאל שוין זיין גענוג, איך בעט אייך. — האָט אָנ־צווינגט מיך ניט צו נעהמען שטרענגערע מיטלען, — האָט אָנ־געהויבען וויעדער דער סמאָטריטעל, וויעדערהאָלענדיג עטליכע מאָל דאָס זעלבע, — נו, איך בעט אייך און בעט אייך, האָט ער גע'טענה'ט שוואך, אונענטשלאָסען. שוין די צייט אריבער, נו, ווי קען איך דאס ערלויבען. איך זאג אייך איצט דאס צום לעצ־טען מאָהל, — האָט ער געסטראַשעט, זעצענדיג זיך צוריק און רויכערנדיג זיין דיקען פאַפּיראָס.

עס איז געווען קענטיג, אז דער אויפזועהער האָט זיך געפונען אין א גרויסער פערלעגענהייט, ווייל ווי איינגעלעבט ער איז ניט געווען מיט'ן געדאנק, אז ער וויל דאָך ניט טהאָן קיינעם קיין שלעכטס, ער ערפילט נאָר דאָס, וואס זיין אמט פאָדערט פון איהם, האָט ער דאָך ניט געקאנט ניט פיהלען, אז ער איז איינער פון די פעראורזאכער פון די ליידען, וועלכע די קרובים פון די ארעסטירטע שטעהען אויס.

ענדליך האָבען די ארעסטאנטען און די בעזוכער אָנגעהויבען צו צוגעהן זיך: איינע זיינען אוועקגעגאנגען דורך דער טיהר, וועלכע פיהרט אינעווייניג אין אסטראָג און די אנדערע דורכ'ן טיהר וועלכע פיהרט ארויס דרויסען. עס זיינען דורכגעגאנגען די מאַנסלייטע, דער שווינדזיכטיגער און דער שווארצער קודלעוואַ־טער. עס איז אוועק מאריא פּאַוולאָוונאַ מיט'ן אינגעל, וועלכער איז געבוירען געווארען אין אסטראָג.

עס האָבען אָנגעהויבען ארויסגעהן די בעזוכער, מיט שווערע טריט האָט זיך געשלעפּט דער אלטער אין בלויע ברילען. נאך איהם איז ארויס נעכלודאָוו.

— יא, שעהנע אָרדנונגען, — האָט פּאָרטגעזעצט זיין גע־שפּרעך דער יונגער מענש, וואָס האָט אזוי גערן געוואָלט ריידען מיט נעכלודאָוו'ן, — עס איז נאָך גוט מיט דעם קאפּיטאן, איך

מיין דעם סמאטריטעל, א גוטער מענש, האלט זיך ניט אזוי שטריינג אן די פארשריפטען, נון, רעדט מען כאָטש א ווײַלע מעהר, איז דאָך אלץ גרינגער.

ריידענדיג אזוי מיט דיעזען מעדינצעוו — אזוי האָט זיך פאָרגעשטעלט דער יונגער מענש — איז נעכלודאָוו שוין גע־ווען אראָפּ די טרעפּ, ווען דער סמאָטריטעל איז צו איהם צוגע־גאנגען מיט א מיעדען אויסזעהן.

— אלזאָ, אויב איהר ווילט זעהען מאסלאָווא, קומט, זייט אזוי גוט, מאָרגען, — האָט ער געזאגט, וועלענדיג זיין העפליך צו נעכלודאָוו'ן.

— זעהר גוט, — האָט נעכלודאָוו געענטפערט און האָט זיך געאיילט ארויסצוגעהן.

55.

אויפ'ן צווייטען טאָג איז נעכלודאָוו אוועקגעפאָהרען צום אדוואָקאט, האָט איהם דערצעהלט וועגען מענשאָוו'ס פּראָצעס און האָט איהם געבעטען ער זאָל נעהמען אויף זיך די פערטהיידיגונג. דער אדוואָקאט האָט איהם אויסגעהערט און האָט געזאָגט, אז ער וועט נאָכקוקען דעם פּראָצעס און וועט זעהען וואָס מען קען דער־ריין טאָהן, און אויב אלעס איז אזוי ווי נעכלודאָוו זאָגט, וואָס עס איז זעהר מעגליך, וועט ער זיך נעהמען פאר דער פערטהיידיגונג אָהן קיין שום בעלאָהנונג.

נעכלודאָוו האָט אונטערדעסען אויך דערצעהלט דעם אדוואָ־קאט וועגען די 130 ארעסטאנטען, וועלכע מען האלט אין אסטראָג פאר קיין שולד, סתם דורך א מיספערשטענדנים, און האָט איהם געפרעגט ווער איז דערייין דער שולדיגער און צו וועמען מען דארף זיך ווענדען אין דיזען פאל.

דער אדוואָקאט האָט געשוויגען און האָט נאכגעדיינקט, אזוי ווי ער וואלט וועלען אויסגעפינען דעם ריכטיגען ענטפער.

— ווער איז דאָ שולדיג, פרעגט איהר? המם... קיינער ניט, — האָט ער געענטפערט ענטשלאָסען. — ווענדעט זיך צום פּראָקוראָר, — וועט ער אייך זאגען, אז שולדיג דערייין איז דער

גובערנאטאָר; רעדט צום גובערנאטאָר, וועט ער אייך זאָגען, אז שולדיג איז דער פּראָקוראָר. קיינער איז ניט שולדיג.

— איך וועל, אַלזאָ, אריבערפאהרען צו מאסלעניקאָוו'ן און וועל דאס איהם דערצעהלען.

עה, דאס איז ניט כדאי, — האָט דער אדוואָקאט געענטפערט מיט א שמייכעל. דאס איז, — איז ער ניט אייער א פריינד אדער אַ בעקאַנטער? — דאָס איז, זייט מיר מוחל, אַ קלאָץ און אין דערזעלבער צייט אַ כיטרער נפש.

נעכלודאָוו האָט זיך דערמאָנט, וואָס מאסלעניקאָוו האָט גע־רעדט וועגען אדוואָקאט. ער האָט איהם דערפאר גאָר נישט גע־ענטפערט, געזעגענט זיך מיט איהם און איז אוועקגעפאהרען צו מאסלעניקאָוו.

נעכלודאָוו האָט געדארפט האָבען צו מאסלעניקאָוו וועגען צוויי זאכען: בעטען איהם וועגען דעם, אז מען זאָל מאסלאָווא איבערפיהרען אין האָספּיטאַל און וועגען די 130 ארעסטאנטען, וועלכע זיצען פאר קיין שולד ניט, פאר קיין פערברעכען ניט.

איהם איז טאקע אליין געווען אונאנגענעהם צו ווענדען זיך מיט בקשות צו א פּערזאָן, וועלכע ער הויבט ניט אָן צו אכטען, אָבער דאָס איז דאָך געווען די איינציגע זאך, וואָס ער האָט גע־קענט טאָהן. ער האָט ניט געוואוסט פון קיין בעסערען מיטעל וואוהין צו ווענדען זיך. אלזאָ עס בלייבט קיין אנדער זאך ווי צו ווענדען זיך צו מאסלעניקאָוו.

אונטערפאָהרענדיג צו מאסלעניקאָוו'ס הויז האָט נעכלודאָוו דערזעהן עטליכע עקיפּאזשען לעבען פּאראדנעם אריינגאנג און אביסעל ווייטער זיינען געשטאנען קארעטען, און ער האָט זיך דער־מאָנט, אז היינט איז גראדע דער טאָג, אין וועלכען מאסלעניקאָוו'ס פרוי, די וויצע־גובערנאטאָרשע, נעהמט צו געסט. מאסלעניקאָוו האָט איהם טאקע דעם ערשטען מאָהל געבעטען, אז ער זאָל אין דעם טאָג קומען צו זיי.

ווען נעכלודאָוו איז צוגעפאָהרען צום אריינגאנג פון הויז איז לעבען צופאָהר געשטאנען א קארעטע, און א לאַקיי אין א פּאַ־

לערינע און א הוט מיט א קאָקאַרדע האָט מיטביידע הענד גע־האַלפען א דאַמע זיך איינזעצען אינעווייניג.

צווישען די פערשיעדענע קאַרעטען, דראָשקעס און עקי־פאַזשען האָט נעבלודאָוו דערקענט דעם געדעקטען רייכען לאַנדאָ פון די קאָרטשאַגינס. דער גראָהער קוטשער האָט דערזעהען נעבלודאָוו'ן און ער האָט זיך מיט גרויס העפליכקייט פערנייגט, אראָפּנעהמענדיג די הוט, אזוי ווי פאר א פּריץ, וועל־כער וועט אמאָל אפשר זיין אָן אייגענער!

איידער נעבלודאָוו האָט נאָך בעוויזען א פרעג צו טאָהן דעם שווייצער, וואו ער קען געפינען מיכאַאיל איוואַנאָוויטש (מאסלעני־קאָוו), ווי ער אליין האָט זיך בעוויזען אויף די טרעפּ, וועלכע זיינען געווען בעדעקט מיט א ווייכען טעפּיך, בעגלייטענדיג עפּעס זעהר א וויכטיגען גאַסט, איינעם פון די געסט, וועלכען מאסלעניקאָוו פלעגט רעכענען פאר ניט גענוג צו בעגלייטען ביז'ן טיהר, נור טאקע דורך אלע טרעפּ ביז אונטען.

דאָס איז געווען א וויכטיגע, הויכגעשטעלטע מיליטערישע פערזענליכקייט; אראָפּגעהענדיג האָט ער גערעדט פראַנצויז אין דער געשפּרעך איז דאָס געווען וועגען א לאָטאַרעע צו גונסטען פונ'ם וויזענהויז, ער האָט איינגעשטימט, אז דאָס איז זעהר א גוטע וואהלטהעטיגע אונטערנעהמונג און איבערהויפּט איז עס גוט פאר די דאַמען: „עס איז זיי פרעהליך, און געלד מאַכט מען דערוויילע".

— אה, נעבלודאָוו, גוטען אבענד — האָט זיך די וויכטיגע פערזענליכקייט אָבגערופען, דערזעהענדיג נעבלודאָוו'ן ארויפקומען אויף די טרעפּ.

— דאַנקע, — האָט געענטפערט נעבלודאָוו.

— נון, געפינט איהר דאָ אלע אייערע דאַמען. די קאָרטשאַ־גינס זיינען אויך דא, — האָט ער צוגעוואונקען נעבלודאָוו'ן, אונ־טערשטעלענדיג זיינע ברייטע פּלייצעס אונטער דעם פונאַנדער־געעפענטען מאַנטעל, וועלכען דער שווייצאר האָט שוין געהאלטען פאר איהם אָנגעגרייט.

— צום ווידערזעהען, נעכלודאָוו, — האָט די גרויסע פּער־זענליכקייט א זאָג געטאָן, האָט געדריקט די האנד פון מאָסלע־ניקאָוו, און איז ארויס צו זיין קארעטע.

איצט איז מאסלעניקאָוו צוגעלאָפען צו נעכלודאָוו'ן. — ווי בין איך צופרידען, ווי בין איך צופרידען, וואָס דו ביזט געקומען. גו, קום לאָמיר ארויף צו די געסט, — האָט ער געזאָגט נעהמענדיג נעכלודאָוו'ן אונטער'ן ארם עטוואָס אין א געהויבענער שטימונג.

מאסלעניקאָוו'ס אויפגערעגטהייט איז געווען אן אויפרעגונג פון פריידע און די פריידע זיינע איז געקומען דאפון וואָס די מי־ליטערישע הויכע פּערזענליכקייט איז צו איהם געווען אזוי פריינד־ליך. אזא אויפמערקזאמקייט פון א וויכטיגער פּערזענליכקייט צו איהם פלעגט ארייגברייגגען מאסלעניקאָוו'ן אין אזא בעגייסטערונג, וועלכע עס פיהלט א שטילער הינטעל, ווען זיין ווירטה גיט איהם א פריינדליבען גלעט איבער'ן קאָפּ. דער הינטעל דרעהט דאן מיט'ן עק, ציהט זיך צונויף, בויגט אויס דעם רוקען, דריקט צו די אויערען און דרעהט זיך אין א קרייז.

מאסלעניקאָוו איז אויך געווען פערטיג צו טאָהן דאָס זעלביגע. ער האָט נימ בעמערקט דעם ערנסטען אויסדרוק פון נעכלודאָוו'ס געזיכט, ער האָט ניט געהערט זיינע ווערטער און האָט איהם גע־שלעפּט משוגע־ערוויים גלייך אין צימער פון די געסט. נעכלודאָוו האָט זיך ניט געקענט אויסרייסען פון אזא שלעפּען און האָט גע־מוזט גיין נאָך איהם.

— וועסט דערנאָך ריידען מיט מיר פון דיינע געשעפטען, בעפעהל און איך וועל דיר טאָהר אלץ וואָס דו ווילסט, — האָט מאסלעניקאָוו סאָפּענדיג גע'טענה'ט צו איהם, געהענדיג מיט איהם איבער'ן זאאַל. — מעלדעט דער גענעראלשע, אז פירסט נעכלודאָוו איז געקומען, - - האָט ער דערוויילע א געשריי געטאָהן דעם לאָקיי.

דער לאָקיי האָט זיך א וואָרף געטהאָן פאראויס און מאָסלע־ניקאָוו האָט ניט אויפגעהערט אויסצודריקען זיין פריידען צו נעכלודאָוו'ן.

— ביזט דאָך ביי אונז אַן אויסער־אָרדענטליכער, ווייל א
זעלטענער גאַסט. דו מוזט זיך זעהען מיט מיין פרוי. אז ניט
וועל איך האָבען א גאָב; איך האָב שוין געהאט גענוג יענעם
מאָהל, ווען דו ביזט דאָ געווען און דו ביזט צו איהר ניט אריין.

דער לאַקיי האָט אונטערדעסען שוין בעוויזען צו מעלדען,
און ווען זיי זיינען אריין האָט די וויצע־גובערנאַטאָרשע אננא איג־
נאַטיעוונא, אָדער די ג ע נ ע ר א ל ש ע, ווי זי האָט ליעב גע־
האט מען זאָל זי רופען, שוין מיט א לייכטען שמייכעל אָנ־
געבויגען זיך צו נעכלודאָוו'ן איבער די קעפּ און היטעלעך פון די
דאמען וואָס זיינען געווען ארום איהר ביים דיוואַן.

אין דעם צווייטען ווינקעל פון גאַסט־צימער זיינען געזעסען
דאמען און ארום זיי הערען ביי א טיש און האָבען געטרונקען
טהעע. דאָרט זיינען געווען מיליטער און ציוויל בעאמטע, און עס
האָט זיך געהערט א טומעל פון שטימען פון דאמען און הערען.

— וואָס ווילט איהר עפּעס פון אונז גאָר נישט וויסען? מיט
וואָס האָבען מיר אייך אזוי בעליידיגט?

מיט אזעלכע ווערטער, שמייכלענדיג ליעבליך, האָט זיך די
גענעראלשע געווענדעט צו נעכלודאָוו'ן, מען זאָל מיינען, אז זיי
זיינען אינטימע גוטע־פריינד, אָבוואָהל זיי זיינען דאָס גאָר קיין
מאָהל ניט געווען. דערנאָך האָבען זיך אָנגעהויבען די צערע־
מאָניעלע פאָרשטעלונגען.

— זיינען זיי בעקאַנט? ניין? מאַדאַם בעליאַווסקאַיאַ, מי־
כאַאיל איוואַנאָוויטש טשערנאָוו, — זעצט זיך, דאָ נעהנטער צו
מיר. אָט אזוי, ביטע.

— מיססי, ווילט איהר ניט נעהמען דאָ פּלאַץ לעבען אונז?
און איהר אויך... — האָט די גענעראלשע זיך געווענדעט צו
מיססי קאָרטשאַגין און צו דעם אפיצער, וועלכער האָט מיט איהר
גערעדט, — אהער צו אונז. ווילט איהר טהעע, פירסט?

— דאָס וועל איך קיינמאָל ניט צוגעבען, — האָט זיך
געהערט א דאמען־שטימע פון אן אנדער צימער — עס קען ניט
זיין. זי האָט איינפאך ניט געליעבט, דאָס איז קלאָהר פאר מיר.

— זי האָט נעליעבט פּוטער־קוכען.

— אַך, אימער אייערע דומע וויצען, — האָט זיך לאַכענדיג אריינגעמישט אן אנדער דאמע, אין א הויכער היטעל מיט פיעל פעדערן, מיט זיידען־באנד, — דיעזע דאמע האָט געגלענצט מיט איהרע זיידענס, גאָלד און קאָסטבארע ציערונג.

— פּראכטפאָל, דיעזע בייגעלעך; זיי שמעקען אויסגעצייכענט. דערלאנגען זיי מיר נאָך איינינגע.

— ווי, פאָהרט איהר טאקע באלד?

— נון, היינט איז דאָך דער לעצטער טאָג. דערפאר זיינען מיר געקומען פערברייננגען.

— אזא פּראכטפאָלער פריהלינג, אזוי גוט איז איצט אין דאָרף.

אזוי איז געגאנגען א ריידעריי צווישען די אנוועזענדע, וועלכע האָבען געהאט פערשיעדענע געשפּרעכען.

מיססי האָט אויסגעזעהן זעהר שעהן אין איהר דונקעל־שטרייפיגע קלייד און מיט דער היטעלע אויפ'ן קאָפּ, בעזאָנדערס איז געוועזן שעהן ארומגענומען איהר טאליע, אָהן קנייטשלעך, אָהן בויגעלעך, אזוי ווי זי וואָלט געוועזן געבאָרען אזוי אין דיזען יאקעל.

איהר געזיכט האָט זיך בעגאָסען מיט א רויטקייט, ווען זי האָט דערזעהען נעכלודאָוו'ן.

— און איך האָב דאָך געדיינקט, אז איהר זייט אוועקגעפאָהרען — האָט זי איהם געזאָגט.

— איך בין ווירקליך שיעור ניט אָפּגעפאָהרען, — האָט איהר געענטפערט נעכלודאָוו איינפאך — אָבער עס האָבען זיך געמאכט פערשיעדענע הינדערניסע. איך דארף זיך נאָך וועגען פערשיעדענע אנגעלעגענהייטען איספראווען. איך בין אהער אויך געקומען צוליעב עטוואָס.

— קומט דאָך אמאָל אריין צו מאמא. זי וויל אייך זעהר זעהען — האָט זי איהם געזאָגט, פיהלענדיג אז זי זאָגט ליגען און אז ער פערשטעהט עס און זי איז נאָך רויטער געוואָרען.

— איך ווייס ווירקליך ניט, אויב מיר וועט בלייבען דערויף

צייט, — האָט טרויעריג געענטפערט נעכלודאָוו, — און האָט געמאַכט אזא געזיכט, אזוי ווי ער וואָלט ניט געמערקט ווי זי איז רויט געוואָרען.

מיססי האָט זיך ביילעך אָנגעבלאָזען האָט א קוועטש געטאָהן מיט איהרע שעהנע פּלייצקעס און האָט זיך א קעהר געטאָהן צו דעם עלעגאַנטען אָפיציער, מיט וועלכען זי האָט פריהער געהאַל־טען אין ריידען. דער אָפיציער האָט אונטערגעכאַפּט פון איהר האַנד די ליידיגע טאַץ און איז מיט איהר דורכגעגאַנגען איבער'ן צימער, קלאַפּענדיג מיט זיין שווערד פערביי די פאָטעלען און העלדיש אוועקגעשטעלט די טאַץ אויף דעם טיש.

— וועט איהר דען גאָרנישט שיינקען פיר דעם וויזען־הויז?

— אה, איך ענטזאָג זיך ניט, אָבער איך וויל מיין גאַנצע ברייטע נדבה אָבגעבען אין דער צייט פון דער לאָטאָרעיע. דאָרט וועל איך וויזען מיין אָפענע האַנד.

— נו, זעהט זשע, איהר זאָלט האַלטען וואָרט, — האָט זיך געהערט דערויף אַן ענטפער מיט א געמאַכטען געלעכטער.

— מיקא האָט מיר געזאָגט, אז איהר זייט פערנומען אין די טורמעס. איך פערשטעה אייך זעהר גוט, — האָט אַננאַ איגנאַטיעוונאַ זיך געווענדעט צו נעכלודאָוו'ן. — מיקא (דאַס איז געווען דער פערצוויגענער נאָמען פון דעם דיקען, גרויסען מאַסלעניקאָוו) ווייסט איהר, קען זיין, האָט אין זיך אַנדערע פעהלערען, אבער איהר ווייסט אליין, אז ער איז א גוטער, ווייכער מענש פון דער נאַטור. אלע די אונגליקליכע ארעס־טאַנטען זיינען דאָך אזוי ווי זיינע קינדער. ער קען זיי אַנדערש ניט בעטראַכטען, ווי אָרימע קינדער. ער איז די גוטסקייט אליין...

זי איז געבליבען אין מיטען, ניט געפינענדיג קיין ווערטער מעהר, מיט וואס אויסצודריקען די גוטסקייט פון איהר מיקא, אויף דעם בעפעהל פון וועלכען מען האָט ארעסטאַנטען געשמיסען אין אסטראָג.

זי האָט געענדיגט מיט א ליעבען שמייכעל און האָט ארוים־געפּלוידערט נאָך עטליכע פראַזען, וועלכע האָבען סתם קיין בע־

דייטונג ניט געהאט און זי האָט זיך א קעהר געטאָהן צו אן אל־טינקער פרוי, אויך א גאַסט, אום פריי צו ווערען פון א פער־לעגענהייט.

ווען נעכלודאָוו האָט בעדיינקט, אז ער איז שוין געווען גע־נוג לאנג אום צו יוצא זיין פאר גאסט־פריינדשאפט און אז זיין אוועקגעהן יעצט וועט מעהר ניט זיין קיין פערברעכען געגען דער אנגענומענער העפליכקייט, האָט ער זיך געווענדעט צו מאס־לעניקאָוו.

— נו, ביזטו פערטיג מיך יעצט אויסצוהערען? עס איז צייט פאר מיר צו געהן.

— אָה, יא, אָה, יא. זיכער, נו, קום לאָמיר אריין אהער אין צימער.

זיי זיינען אריין אין א קליינעם יאפּאַנעזישען קאבינעט׳ל און האָבען זיך בעקוועם געזעצט לעבען פענסטער, איינער געגען דעם צווייטען.

56.

— נון. ווילסטו רויכערן? נור ווארט, מיר זאָלען דאָ ניט שמוציג מאַכען, — האָט מאַסלעניקאָוו געזאָגט, צורוקענדיג די אש־קעסטעל, — נון.

— איך האָב וועגען צוויי זאכען דיך צו בעטען.

— אזוי, אזוי.

מאַסלעניקאָוו׳ס געזיכט האָט זיך פערצויגען מיט א טיעפען ערנסט. עס איז שוין איצט פערשוואונדען פון זיין געזיכט יע־דער צייכען פון יענעם אויפגערעגטען גליקליכען הינטעל, וועלכען דער ווירטה האָט א גלעט געטאָהן איבער׳ן קעפּיל.

פון גאסט־צימער האָבען זיך געהערט פערשיעדענע שטימען, פון דאמען און פון הערן, שפּרעכענדיג איבער פערשיעדענע נא־רישקייטען און בעגלייטענדיג מיט א הילכיגען געלעכטער דיזען געשפּרעך. מאַסלעניקאָוו האָט זיך איצט צוגעהערט צו דעם וואָס

איז געשפּראָכען געוואָרען פון די געסט, האָט אין דער זעלבער צייט געהערט אויך נעכלודאָוו'ן.

— איך וויל דאָך דיך ווייטער בעטען וועגען יענער פּרויענ־צימער — האָט אָנגעהויבען ווידער נעכלודאָוו.

— יאָ, די אומזיסט פעראורטהיילטע, איך וויים, איך וויים.

— איך האָב געוואָלט בעטען מען זאָל זי איבערפיהרען אין האָספּיטאָל אלס בעדינערין דאָרט ארום די קראנקע. מען האָט מיר געזאָגט, אז מען קען דאס טאָהן.

מאסלעניקאָוו האָט צונויפגעפּרעסט די ליפּען און האָט זיך פערטראכט.

— איך גלויב ניט, אז דאָס זאָל אזוי מעגליך זיין, — האָט ער געזאָגט. — איבעריגנס, איך וועל זיך בעראטהען און וועל דיר מאָרגען ענטפערען וועגען דעם דורך א טעלעגראַמע.

— מען האָט מיר גראדע געזאָגט, אז אין האָספּיטאל זיינען דאָרט איצט זעהר פיעל קראנקע און אז עס פעהלען דאָרט צוהעל־פערקעס.

— יאָ, יאָ, מעגליך. יעדענפאלס וועל איך דיר וועגען דעם לאָזען וויסען.

— איך בעט דיך — האָט נעכלודאָוו איהם נאָך א מאָל גע־זאָגט מיט אזא ערנסטען טאָן, אז עס איז קענטיג געווען אז דאס איז פאר איהם זעהר וויכטיג.

פון גאַסט־צימער האָט זיך איצט דערהערט אן אלגעמיינער זאָגאר נאַטירליכער געלעכטער.

— דאס איז וויקטאָר, — האָט מאסלעניקאָוו בעמערקט שמייכלענדיג, — ער איז מערקווירדיג שארפזיניג, בעזאָנדערס ווען ער איז אויפגעלייגט.

— און איך האָב צו דיר נאָך עפּעס, — האָט נעכלודאוו פאָרטגעזעצט דאס זייניגע: — עס זיטצען איצט אין אסטראָג 130 מאַן נור דערפאַר, ווייל זייערע פּעסער זיינען אפּגעלאָפען און זיי האָבען פערשפּעטיגט צו וועכסלען זיי און מען האלט זיי שוין איבער א מאָנאט.

און נעבלודאָוו האָט איהם דערציילט די אורזאכע ווארום מען האָלט זיי.

— ווי אזוי זשע ווייסטו דערפון? — האָט אַ פרעג געטאָהן מאסלעניקאָוו און אויף זיין געזיכט איז געוועזן גלייך צו לעזען די אונרוהיגקייט און שטארקע אונצופריעדענהייט.

— איך בין געגאנגען זעהן זיך מיט אן ארעסטאנט און אין קאָרידאָר האָבען מיך ארומגערינגעלט די אומזיסט־פערשפארטע און האָבען מיך געבעטען.

— צו וועלכען ארעסטאנט ביזט דו געגאנגען.

— א בויער, וועלכער איז אונשולדיג אנגעקלאָגט און פער־אורטהיילט געוואָרען פאר אונטערצינדען. איך האָב זיין פּראָצעס איבערגעגעבען אן אדוואָקאט דורכצוזעהן וואָס מען קען טאָהן פאר איהם. אבער דאָס איז א בעזונדער זאַך. איך פערשטעה אָבער ניט, ווי איז דאָס מעגליך, אז מען זאָל האלטען דיזע 130 מאַן איבער א מאָנאט פערשפארט אין אסטראָג בלויז דערפאר וואָס איז אָפּגע־לאָפען די צייט פון זייערע פּעסער און זיי האָבען זיך פערגעסען צו בייטען זיי אויף אנדערע?

— אָ, דאס בעלאנגט צום פּראקוראָר, — האָט מיט פערדרוס א כאפּ געטאָן זיך מאסלעניקאָוו. — אָט זעהסטו דאָך, דו זאגסט, דער היינטיגער געריכט פון געשוואָרענע איז א שנעלער און גע־רעכטער. די אויפגאבע פון פּראָקוראָר איז צו בעזוכען דעם אסטראָג אָפט און אויסגעפינען, געזעצליך אדער אונגעזעצליך גע־פינען זיך דאָרט די פערשיעדענע ארעסטאנטען. און וואָס טוט דער פּראָקוראָר מיט זיינע אסיסטענטען? שפּיעלען אין קארטען.

— קענסטו גאָר נישט טאָהן פאר דעם? — האָט פער־דריסליך געזאָגט נעבלודאָוו. ער האָט זיך דערמאָנט אָן פאָנאָ־רינס רייד, אז דער וויצע־גובערנאטאר וועט זאגען, אז דער פּראָ־קוראָר איז שולדיג און דער פּראָקוראָר וועט זאגען אז דער וויצע־גובערנאטאָר איז שולדיג.

— אה, ניין, איך וועל טאָהן דאָס מעגליכע. איך וועל גלייך אויסגעפינען.

— דאס איז דאך פאר איהר ערגער! — האָט זיך איצט גע־הערט פון גאסטצימער א דאמען־שטימע, פון וועלכער מען האָט געקענט דערקענען, אז איהר איז גאנץ עגאל וואס זי זאל ניט זאגען.

— איך וועל דאס אויך נעהמען, — האָט זיך געהערט א שפּאַ־סענדער טאָן פון א קאוואליער, וועלכער האָט זיך וואהרשיינליך געריייצט מיט א דאמע און אלס אנטוואָרט האָט די גערייצטע דא־מען־שטימע געענטפערט:

— ניין, ניין, פאר קיין פאל אין דער וועלט, איהר בעקומט ניט.

מאַסלעניקאָוו איז געווארען, ווי עס האָט געשיינט, אונגע־דולדיג.

— איז אָט איך וועל טאָהן וואָס נאָר מעגליך, — האָט ער געזאָגט, — איך וועל זיך ערקונדיגען און דאן טאָהן פאר דיר אלעס. און איצט לאָמיר געהן צו די דאמען.

— יא, איך האָב דיך וועגען נאָך עטוואס צו פרעגען, — האָט נעכלודאָוו איהם אפּגעהאלטען, ווען מאַסלעניקאָוו איז שוין געווען לעבען טיהר, — מען האָט מיר געזאגט, אז געסטערן האָט מען אין אסטראָג געשמיסען ארעסטאנטען. איז דאס וואהר?

מאַסלעניקאָוו איז געווארען רויט.

— אך, וועגען דעם ווילסטו גאר איצט ריידען? ניין, מיין טהייערסטער, דיך טאָר מען ניט לאָזען ווייטער אהין. וועגען אלעם ווילסטו וויסען, צופיעל.

— קום, קום, לאָמיר געהן. אנעטא רופט אונז, — האָט ער געזאָגט, שלעפּענדיג נעכלודאָוו'ן אונטער'ן ארם און זייענדיג אבער אליין שטארק אויפגערעגט און אונצופריעדען.

נעכלודאָוו האָט ארויסגעריסען זיין האנד מיט פערדרוס און ביטערנעס און ניט נעהמענדיג קיין אבשיעד פון קיינעם איז ער ארויסגעלאפען אין דרויסען.

— וואס איז מיט נעכלודאָוו'ן? וואס האָסטו איהם געטוהן?

— האָט א פרעג געטוהן אנעטא איהר מאן.

— אך, ער איז אלע מאל געווען אזא, קענסט דאך איהם.

אונטערדעסען איז יעמאנד געקומען פון די וויכטיגע איינגעלאדענע און עס איז ווייטער אוועקגעגאנגען א געשפרעך, וויצען, לאכעריי.

די געזעלשאפט האט זיך בענוצט מיט דעם עפיזאד מיט נעבלודאוו'ן און עס איז אוועק א געשפרעך אויף דיעזער טהעמא.

אויף דעם צווייטען טאג, נאכ'ן באל ביי מאסלעניקאוו, האט נעבלודאוו ערהאלטען אן אנטווארט פון מאסלעניקאוו אויף גלאנץ־פאפיער.

דאס פאפיער האט געטראגען אויף זיך א הערבאווען שטעמפעל און איז געשריעבען געווארען אין א שעהנע שטארקע און לעבעדיגע האנדשריפט. אין דיעזען אנטווארט האט מאסלעניקאוו געלאזען וויסען נעכלודאוו'ן, אז ער האט פעראָרדערט, מען זאל מאסלאווא איבערפיהרען אין באלניצע, און אז וואהרשיינליך וועט אזוי געטאהן ווערען.

דער בריעף איז געווען אונטערצייכענט „דיין דיך ליעבענדער עלטערער קאמעראד“ און די אונטערשריפט „מאסלעניקאוו“ איז געווען פערצויגען מיט א קונציגען דריידעל און א דיקען שטריך.

57.

איינער פון די געוויינליכע און זעהר פערברייטעטע אבערגלויבען ביי מענשען איז — דאס, וואס מען מיינט, אז יעדער מענש האט זיינע איינצעלנע, בעזונדערע, גענוי בעשטימטע אייגענשאפטען, אז עס זיינען דא מענשען גוטע און שלעכטע, קלוגע, נארישע, ענערגישע, אפאטישע, א. ז. וו.

מענשען זיינען ניט אזוי. מיר קענען נור זאגען וועגען איין מענשען, אז ער איז אפטער גוט אלס בייז, אפטער קלוג אלס נאריש, אפטער ענערגיש אלס פויל, און וועגען אן אנדערען פערקעהרט, אז ער איז אפטער בייז אלס גוט, אפטער נאריש אלס קלוג א. ז. וו. אבער עס וועט זיין זעהר פאלש, ווען מיר וועלען זאגען: דער איז קלוג און דער איז דום, און ליידער טהיילען מיר אזוי איין די מענשען. דאס איז פאלש.

מענשען זיינען אזוי ווי טייכען: די וואסער איז אין אלע די־זעלביגע, נישט מעהר עס זיינען דאָ פערשיעדענע טייכען. פאראן טייכען שמאָלע, פאראן טייכען ברייטע, פאראן טייכען שטראָמיגע, פאראן טייכען שטילע, אנדערע זיינען ריינע, אנדערע מוטנע, אין אנדערע איז קאלט די וואסער, אין אנדערע ווארעם. אזוי זיינען אויך די מענשען. יעדער מענש טראָגט אין זיך די זוימען פון אלע מענשליכע אייגענשאפטען; אמאָל טרעטען דיעזע אייגענשאפטען מעהר ארויס, און אמאָל אנדערע, און עס טרעפט אויך אמאָל, אז א מענש איז גאר ניט עהנליך צו זיך אליין, אבוואָהל ער בלייבט אין דערזעלבער צייט דאָך דער זעלביגער ער.

אין מאנכע מענשען זיינען דיעזע ענדערונגען זעהר שארף, זעהר בולט. צו אזעלכע מענשען האָט אויך בעלאנגט נעכלודאָוו. דיזע ענדערונגען זיינען אין איהם פארגעקומען אוים פיזישע ווי אויך אוים גייסטיגע אורזאכען. אזא ענדערונג האָט מיט איהם איצט פאָסירט. דער געפיהל פון פריידע און פייערליכקייט איבער זיין אייגענער בענייאונג, איבער זיין אייגענעם נייגעבוירען ווערען, וועלכע ער האָט געפיהלט נאָך דעם אורטהייל און נאָך דעם ערשטען מאָהל זעהען זיך מיט קאטיושא, איז שוין אריבער און האָט זיך פערביטען נאָך דעם לעצטען מאָל זעהן זיך מיט איהר מיט א גאנץ אנדער געפיהל, מיט א געפיהל פון פחד, זאָגאר פון עקעל צו איהר. ער האָט אבער בעשלאָסען ניט צו פערלאָזען איהר, ניט צו ענדערען זיין בעשלוס זאָגאר צו הייראטהען מיט איהר, אויב נור זי וועט דאצו איינווילליגען. אבער דאס איז פאר איהם געווען שווער און עס האָט איהם געפלאָגט.

אויף דעם צווייטען טאָג נאָך זיין בעזוך ביי מאסלעניקאָוו׳ן, איז ער ווידער געפאהרען אין אסטראָג, צו זעהען זיך מיט איהר. דער סמאָטריטעל האָט איהם ערלויבט צו זעהען זיך מיט איהר, אבער שוין ניט אין קאנטאָר פון אסטראג, אויך ניט אין צימער, וואו די אדוואָקאטען זעהען זיך מיט די ארעסטאנטען, זאנדערן אין דעם אלגעמיינעם בעזוך־צימער פון דער פרויען־אבטהיילונג.

דאביי האָט נעכלודאוו אויף בעמערקט, אז דער סמאָטריטעל

בענעהמט זיך צו איהם אויף עפעס אזוי טרוקען און קאלט, ניט אזוי ווי דעם ערשטען מאהל, ווען נעכלודאָוו איז דאָ געווען צום בעזוך.

ניט קוקענדיג אויף זיין גוטהערציגקייט, איז דער סמאטריטעל געווען זעהר איינגעהאלטען אין ריידען מיט נעכלודאָוו'ן. הפנים, אז נעכלודאוו'ס ריידען צו מאסלעניקאוו'ן איבער זאכען וואס טהוען זיך אין אסטראָג איז דאָס געווען די אורזאכע, וואָס דער סמאָט־ריטעל האָט געזוכט צו זיין שטרייננגער און פארזיכטיגער מיט דיעזען בעזוכער.

— זעהען זיך מעג מען, — האָט ער געזאגט, — אבער איך בעט אייך קיין געלד ניט צו געבען איהר אויפ'ן האנד, אזוי ווי איך האָב שוין געזאגט. וואס עס אנבעלאנגט וועגען איבערפיהרען זי אין באָלניצע, אזוי ווי זיין עקסעלענץ האָט געשריעבען, זאָ קען מען דאס אויספיהרען, א פלאץ איז דאָ, און דער ארצט איז אויך צופריעדען. אבער זי אליין וויל ניט. זי זאָגט: „עס איז מיר זעהר נויטיג צו טראָגען די טעפלעך פון אלע פארשיווצעס..."

— אזעלכע לייטע זיינען זיי, — האָט דער סמאָטריטעל איהם געזאָגט.

נעכלודאוו האָט גארנישט געענטפערט און האָט געבעטען מען זאָל איהם צולאָזען זעהען זיך מיט איהר. דער סמאָטריטעל האָט גע־שיקט דעם נאדזיראטעל און נעכלודאָוו איז ארייננגעפיהרט געווארען אין דעם פוסטען צימער, וועלכער איז פאר בעזוכען ארעסטאנטען.

מאסלאָווא איז שוין דאָרט געווען און געווארט, ארויסגעהענ־דיג פון הינטער די גראָטעס שטיל, עטוואָס ווי פערשעמט. זי איז אונטערגעקומען צו נעכלודאָוו'ן און ניט קוקענדיג אויף איהם, האָט זי געזאגט גאנץ שטיל:

— פערצייהט מיר, דמיטרי פעטראָוויטש, איך האָב אנגערעדט פיעל שלעכטע זאכען, נארישקייט יענעם טאָג.

— ניט איך דארף א י י ך פערצייהען... — האָט אנגעהויבען נעכלודאָוו.

— אבער פון דעסטוועגען, בעט איך אייך, איהר לאָזט מיך

צופריעדען, — האָט זי איהם איבערגעשלאָגען און דערדערט וואס זי האָט אנגעפאנגען. אין איהר בליק האָט נעכלודאָוו איצט קלאָהר געזעהן אנשטריינגונג אין א בייזען אויסדרוק.

— פארוואס זאָל איך אייך אָפּלאָזען?

— דערפאר.

— פאַר וואס דערפאר?

זי האָט אויף איהם ווידער א קוק געטאָהן מיט דעמזעלבען, ווי איהם האָט זיך געדאכט, בייזען בליק.

— איך וועל אייך אָט וואָס זאָגען, — האָט זי געענטפערט, — איהר לאָזט מיך בעסער אָפּ, הערט וואס איך זאג אייך, איך זאָג דעם אמת. איך קען ניט. איהר בעסער לאָזט עם אָפּ אין גאנצען. זאָל זיין גענוג,—האָט זי גערעדט שטריינג, איהרע ליפּען האָבען געציטערט. — איך זאָג אייך, זאָל זיין. איך וועל זיך בעסער היינגען. אז ניט. — זי איז ענטשוויגען געוואָרען.

נעכלודאָוו האָט געפיהלט, אז אין דיזער ענטזאגונג איז געלעגען איהר האס צו איהם, אונפערצייהטע באליידיגונג, אבער אין דער זעלבער צייט איז דעריין געלעגען נאָך עטוואָס — עטוואָס גוטעס און וויכטיגעס.

— קאטיושא, ווי איך האָב געזאגט, אזוי זאָג איך איצט אויך — האָט ער איצט געזאגט צו איהר, בעזאנדערס ערנסט. — איך בעט דיך הייראטה מיט מיר. אויב דו ווילסט ניט, און אזוי לאנג ווי דו ווילסט ניט וועל איך פון דעסטוועגען עבען אזוי ווי פריהער, זיין דארט וואו דו וועסט זיין, און וועל מיטפאהרען מיט דיר וואוהין מען וועט דיך פיהרען.

— דאס איז אייער זאַך, איך וועל וועגען דעם מעהר ניט רייי־דען, — האָט זי געזאגט, און איהרע ליפּען האָבען ווידער געציטערט.

ער האָט אויך געשוויגען. ער האָט געפיהלט אז עס פעהלט איהם קראפט צום ריידען.

— איך פאָהר איצט אין דאָרף, און פון דאָרט פאָהר איך קיין פעטערבורג, — האָט ער איהר אנגעהויבען דערצעהלען, —

איך װעל זעהן סטאַרען זיך װעגען אײער, װעגען אונזער פּראָצעס, און, גאָט װעט העלפען, מען װעט נאָך ענדערן דעם אורטהײל.

— װעט מען ניט ענדערן איז אויך אַלץ אײנס. אויב ניט דערפאַר, בין איך דאָס װערט פאַר אן אנדער זאַך. פערדיענט האָב איך דאָס דאָך כשר... — האָט זי א זאָג געטאָהן, און ער האָט געזעהן, װיפיעל אנשטרײנגונג עס קאָסט איהר דאָס ארויס־צורײדען און אײנצוהאַלטען איהרע טרעהרען.

— נו װאָס, האָט איהר געזעהען מענשאָװ׳ן? — האָט זי פּלוצלונג א פרעג געטאָהן אום צו בעהאַלטען איהר פערלעגענהײט, — איז דאָס אמת טאַקי, װי מען זאָגט, אז זײ זײנען אונשולדיג פעראורטהײלט געװאָרען?

— יא, עס שײנט מיר אזוי.

— זי איז א זעלטענע אַלטינקע, — האָט זי געזאָגט.

ער האָט איהר דערצעהלט אַלעס װאס ער האָט געהערט פון מענשאָװ׳ען און האָט זי דערנאָך א פרעג געטאָהן, צו דאַרף זי ניט עטװאָס. זי האָט געענטפערט, אז איהר איז קײן זאַך ניט נױטיג, זי דאַרף גאָרנישט.

זײ האָבען װײטער געשװיגען.

— נו, און װעגען דער באַלניצע, — האָט זי זיך פּלוצלונג א כאַפּ געטאָהן, — איז װי איהר װילט. אויב איהר װילט זעהר, װעל איך געהן. קײן שנאַפּס װעל איך מעהר אויך ניט טרינקען...

נעכלודאָװ האָט שװײגענדיג געקוקט איהר אין די אויגען. איהרע אויגען האָבען איצט עטװאָס געשמײכעלט.

— דאָס איז זעהר גוט, — מעהר האָט נעכלודאָװ ניט גע־פונען קײן װערטער צו זאָגען איהר און האָט זיך מיט איהר אָפּ־געזעגענט.

— יא, יא, זי איז שוין אן אנדער מענש: — האָט זיך גע־טראַכט נעכלודאָװ, פערזוכענדיג נאָך פריהעריגען צװײפעל א גאַנץ נײעס, פריהער ניט איבערלעבטען געפיהל. דאָס איז געװען די זי־כערהײט, אז די ליעבע איז שװער צו בעזיעגען.

מאסלאָווא האָט זיך אומגעקעהרט אין איהר עיפּוש'דיגער צע־לע, האָט אראָפּגענומען פון זיך דעם ארעסטאנטסקען כאַלאַט און זיך אוועקגעזעצט אויף איהר פּלאַץ אויף די נארעס, אראָפּלאָזענדיג די הענד אויף די קניע. וולאדימירסקאיא מיט'ן קינד אויף די הענד און די סטאראָזשיכע, מיט א זאָק, צירעווענדיג, זיינען צוגעגאנגען צו איהר.

— נו, וואס, געזעהן זיך? — האָבען זיי א פרעג געטאָהן.

מאסלאָווא האָט נור געוויגט איהרע פיס פערטראכט און האָט גאר ניט געענטפערט.

— נו, וואס האָסטו שוין אראָפּגעלאָזען די נאָז? — האָט די סטאראָזשיכע זי געטרויסט, — די ערגסטע זאך איז ווען מען פאַלט ביי זיך אראָפּ. דעם מוטה דארף מען ניט פערליערען, דאס איז די ערשטע זאך. עך, קאטיושא, נו! — האָט זי געזאגט שנעל דרייענדיג מיט די פינגער, צירעווענדיג די זאָק.

מאסלאָווא האָט ניט געענטפערט.

און אונזערע זיינען אוועק אלע וואשען. מען זאָגט אז היינט וועט מען ברייננגען א סך נדבות. מען האָט אנגעטראָגען אזוי פיעל זאכען, זאגט מען. — פינאשקא! — האָט זי א רוף געטהאָן דעם אינגעלע, וואָס איז ארויסגעלאָפען אין קאָרידאָר, — וואָהין ביזטו ארויסגעשפּרונגען?

זי איז ארויס נאָך איהם אין קאָרידאָר. אין דיעזער צייט האָט זיך דערהערט דער רויש פון פיעלע פיס און ווייבערישע געשפּרעכען אין קאָררידאָר, די ארעסטאנטקעס זיינען דאס אנגעקומען, יעדע־רע האָט געטראָגען א קיילעטש, מאנכע אויך צוויי. פעדאָסיא איז גלייך אונטערגעגאנגען צו מאסלאָווא.

— וואס איז? עפּעס וואס געטראפען, — האָט א פרעג געטאָהן פעדאסיא מיט איהרע קלאָהרע, בלויע אויגען, קוקענדיג ליעבליך אויף מאסלאָווא, — און אט וועט זיין אייך צו טהעע, — און זי האָט גענומען אוועקלייגען די קיילעטשען אויפ'ן פּאָליצקע.

— וואס? ער האָט שוין הפנים חרטה, וויל ניט מיט דיר חתונה האָבען? — האָט א פרעג געטאָהן איצט קאָראבלעווא.

— ניין, ער האָט קיין חרטה ניט, אבער דאס וויל א י ך ניט, — האָט איהר געענטפערט טרוקען מאסלאָווא.

— נו, ביסט א נאר! — האָט געענטפערט מיט איהר גראָבע שטימע קאָראבלעווא.

— וואס פאר א זינען האָט חתונה האָבען, אז מען קען ניט לעבען צוזאמען? — האָט גוטהארציג ארייגעזאגט פעדאָסיא.

— נו, אָט געהט דאָך דיין מאן מיט דיר צוזאמען, — האָט די סטאַראָזשיכע בעמערקט.

— מיר זיינען פערהייראט געזעצליך, און ער, צו וואס זאָל ער זיך פערבינדען, אויב ניט לעבען צוזאמען? וואס, ניין?

— ביסט א נאר! זאל ער נור מיט איהר חתונה האָבען, ער וועט דאָך זי אפשיטען מיט געלד.

— ער זאגט: — וואוהין מען וועט דיך שיקען, געה איך נאָך דיר, — האָט מאסלאָווא זיי געענטפערט, — נו, וועט ער פאָהרען — זאל ער פאהרען, וועט ער ניט פאהרען דארף מען ניט. איך וועל איהם ניט בעטען.

— ער פאהרט איצט קיין פעטערבורג סטארען זיך, — האָט מאסלאָווא זיי ווייטער דערצעהלט, — ער האָט דארטען אפילו מיניסטארען פערוואנדטע, אבער פון דעסטוועגען בין איך זיי ניט נויטיג.

— נו, נאַטירליך! — האָט מיט איין מאָל אנגעהויבען איינ־שטימען קאָראבלעווא, — נו, לאָמיר נעהמען א ביסעלע בראנ־פען, הא?

— איך וועל ניט טרינקען, — האָט געענטפערט מאסלאָווא, — טרינקט אליין.

ענדע פון ערשטען טייל.

## צווייטער טהייל.

### 1.

אין צוויי וואָכען ארום האָט די פערהאנדלונג פון דעם פּראָצעס געקענט פארקומען אינ׳ם סענאט, און נעכלודאָוו האָט געוואָלט צו דער צייט זיין דאָרט, און אויב עס וועט ניט געלינגען צו גע־ווינען אין סענאט, וועט ער דערלאנגען אַ ביטט־שריפט אויף דעם קייזער׳ס נאָמען, ווי עס האָט איהם געראטהען דער אדוואָקאט, וועלכער האָט פאר איהם אויסגעמאכט די קאססאציע.

אויב דער סענאָט וועט ניט אננעהמען די קאָססאציע, וואס עס איז זעהר מעגליך, לויט דער מיינונג פונ׳ם אַדוואָקאָט, ווייל עס זיינען ניטאָ קיין וויכטיגע אורזאכען פאר אַ קאָססאציע, דאן קען מען מאָסלאָוואָ׳ן אוועקשיקען צוזאמען מיט די גאנצע פּארטיע ארעסטאַנטען אונגעפעהר אין די ערשטע טעג פון מאָנאַט יוני. אלזאָ, אום גרייט מאכען זיך צו פאָלגען נאָך איהר קיין סיביר, האָט נעכלודאָוו געמוזט ברייננגען אין ארדנונג די אַנגעלעגענהיי־טען וועגען זיינע גיטער.

צוערשטע איז ער אוועקגעפאָהרען אין דעם דאָרף קוזמינ־סקאָיע, דאָס נעהענטסטעס, רייכעס גוט, פון וועלכע ער פלעגט ציהען די הויפּט איינטרעגע. אין דיעזען גוט האָט ער זיך אויפגעהאָדעוועט; ער איז דאָרט געוועזען אלס קינד, איז דאָרט דערנאָך געוועזען אלס יונגלינג און איז שוין איניגע מאָהל דאָרט געוועזען אליץ גאנץ ערוואקסענער, און דעם לעצ־טען מאָהל איז ער אהין געקומען, ווען ער האָט אויף דער מוטער׳ס ביטע געבראכט אהין פערוואלטער אויף זיין גוט־בעזיץ, אַ דייטש,

װעלכער האָט פערשטאַנען װי צו פערװאַלטען לאַנד אײגענטהום און ער האָט אױף זײנע הענד איבערלאָזען אַלעס.

די פערהעלטניסע פון די פױערים צו דעם גוט־בעזיצער זײנען געװען אַזעלכע, אַז די פױערים זײנען געװען אין גאַנצען אבהײנגיג פון דעם אײגענטהימער. נעבלודאָװ האָט עס געװאוסט זינד ער איז נאָך געװען א סטודענט און איז געװען אַן אנהענגער פון די לעהרען פון הענרי דזשאָרדזש, און דארום האָט ער עס אװעקגעשײנקט זײן פאַטער׳ס לאַנד־אײגענטהום צו די פױערים.

אמת, נאכהער שױן װען ער איז ארײנגעטראַטען אין מיליטער דיענסט און האָט אנגעהױבען פערלעבען 20 טױזענד רובעל א יאהר, האָט ער די אַלע לעהרען געלאָזט אַן א זײט. ער האָט זיך ניט געדערעכענט פערפּליכטעט צו פאָלגען זײ, און ער פלעגט זיך שױן דערנאָך ניט נור ניט שטעלען די פראַגע, פון װאַנען נעהמט זיך דאס פערמעגען, װעלכען די מוטער שיקט איהם צו, זאָנדערן ער פלעגט זעהן װאס װײניגער איבערהױפּט צו טראַכטען װעגען דעם. נאָך דער מוטער׳ס טױט, װען ער האָט געמוזט זיך צוקוקען אַלײן צו דאס אײגענטהום, װעלכעס איז איהם געבליעבען בירושה, און זעהן עס זאָל געפיהרט װערען אין אָרדנונג, האָט זיך אין א׳הם װיעדער ערװעקט די פראַגע איבער זײן רעכט אױף דיעזעס אײגענטהום.

מיט א מאָנאט ערשט צוריק װאָלט נעבלודאָװ זיך מאַכען אזא היתר און װאָלט ענטפערען, דאס ער קען דאָך ניט ענדערן די עקזיסטירענדע אָרדנונג, און פערװאַלטען מיט׳ן אײגענטהום פערװאַלטעט דאָך ניט ער אַלײן, — און ער װאָלט זיך מעהר אדער װײניגער בערוהיגט, לעבענדיג גאַנץ װײט פון זײנע גיטער, און בעקומענדיג בלױז פון זײ דעם אײנטראַג.

איצט אבער האָט ער בעשלאָסען, דאס אבװאָהל ער נעהמט אונטער אזא רײזע נאָך סיביר און א גאַנץ שװערע בעציהונג צו דער אָסטראָזשנער װעלט, װאו עס װעט זײן נױטיג געלד אױף יעדען שריט און טריט, פון דעסטװעגען קען ער אזױ װײטער ניט לאָזען

געהן און מוז מאכען אן ענדערונג מיט זיין אייגענטהום. ער האָט אויסגעארבייט א פּלאַן, ניט צו בעארבייטען מעהר דאס לאַנד פאר זיך אליין, זאנדערן אוועקגעבען פאר די פּויערים די ערד פאר א גאנץ ביליגען פּרייז און זאלען זיי זי בעארבייטען פאר זיך; אויף אזא אופן וועלען זיי זיין אין גאנצען אונאבהענגיג פון דעם אייגענטהימער.

דאָס איז נאטירליך ניט געווען נאָך קיין לייזונג פון דער פראגע פון די פּערהעלטניסע צווישען די פּויערים און דעם לאנד־אייגענטהימער, עס איז אבער שוין געווען א שריט פאָרווערטס צו דער לייזונג פון דיעזער פראגע; דאס איז אן איבערגאנג פון א זעהר גראָבע צו א וויינינגער גראָבע פּאָרם פון רויב און גוואלטיגונג. אזוי האָט ער געהאט אין זינען איצט צו טאָהן.

אין קוזמינסקאָיע איז נעכלודאָוו אנגעקומען אַרום האלבען טאָג. ער האָט זיך איצט אין אלע אופנים געפיהרט איינפאך; ער האָט ניט טעלעגראפירט פון אייזען־באהן סטאנציאָן זיין פערוואלטער מען זאל איהם ארויסשיקען פערד, זאנדערן האָט געדונגען אן איינפּאַכען פּוהרמאַן, וועלכער איז געווען אויף דער סטאַנציאָן. דער פּוהרמאַן — א יונגער פּויער האָט זיך גערן פאנאנדערגערעדט מיט נעכלודאָוו'ן, וועהרענד די פערדלאך זיינען זיך לאנגזאם געגאנגען. ער האָט דערצעהלט וועגען דעם פערוואלטער, ניט וויסענדיג, אז ער פיהרט דאס דעם אייגענטהימער. נעכלודאָוו האָט איהם אומישנע ניט געזאגט.

— א העלד אַ דייטש; אז ער פאָהרט עס ארוים מיט זיין ווירטהין אויף א לעבעדיגע טראָיקע אין גלאַנציגען געשפּאַן,—איז פּאַרהאַן וואָס צו זעהן. ווינטער, צו ראָזשדעסטוואָ, זיינען געסט אנגעקומען פון שטאָדט. איך האָב פיעלע געבראכט צופיהרען פון אייזענבאהן, — א יאָלקע האָט עס דער דייטש געמאכט, אַן אַנטיק, מיט עלעקטרישע פונקען; אין שטאָדט איז אפשר נאָך איינע אזא ניט געווען. אָה, ער האָט געלד, דער דייטש, האָט דאָ אנגערויבט אַ פערמעגען — אויף קינדער און קינדס־קינדער. מען זאגט, ער האָט זיך געקויפט א רייכע אימעניע. נו, וואָס איז דער

חידוש? ווער וועט איהם ראַפּן ביים קאָפּ, אליין א בעל הבית — רייסט וואו ער קען און טוהט וואָס ער וויל.

נעכלודאָוו'ן איז זעהר ניט אנגענעהם געוועזן צו הערען דיע־זע ערצעהלונג פונ'ם יונגען פוהרמאן. אבוואָהל איהם האָט זיך אימער געדוכט, אז איהם קימערט גאר ניט ווי דער פערוואלטער פיהרט זיינע געשעפטען. דער טאָג איז געוועזן זעהר שעהן, די זון פלעגט זיך דאס בעהאלטען אונטער א וואָלקען, דאָס בעווייזען צו־ריק און בעלייכטען העלל די ברייטע, ווייטע פעלדער, פערזועטע מיט תבואה. די פויערים האָבען זיך געזעהן אויף די פעלדער, געהענדיג לאנגזאם נאך זייערע סאכעס און איבעראקערנדיג א פערזועט פעלד מיט האָבער; דער גרינער וואלד האָט ארומגערינגעלט דאָס פעלד און פון דאָרט האָבען זיך געטראָגען זאפטיגע פרישע ריחות. דאס אלעס איז געוועזן אנגענעהם; אבער אונאנגענעהם איז איהם גע־וועזן אין דער זעלבער צייט צו הערען וועגען די מעשים פון זיין פערוואלטער.

ווען נעכלודאָוו איז אנגעקומען אין קוזמינסקאָיע און האָט זיך אנגעהויבען צו בעשעפטיגען מיט זיינע אנגעלעגענהייטען, האָט ער אין גאנצען פערגעסען דיעזעס געפיהל.

דאָס איבערקוקען די ביכער און דער געשפּרעך מיט'ן פערוואל־טער, וועלכער האָט איהם נאאיוו ערקלערט די מעלות פאר איהם, וואס די פויערים האָבען וועניג ערד, און דערצו זיינען זייערע שטיקלאך לאנד ארומגערינגעלט מיט די פּריצ'אישע, האָט איהם נאָך מעהר פערפעסטיגט אין דער איבערצייגונג, אז ער דארף מא־כען אן ענדע צו זיין בעל הבית'עווען.

ער האָט פון די רעכענונגען און פון זיין געשפּרעך מיט דעם פּריקאזטשיק דערוואוסט זיך, אז דער צושטאנד איז איצט אזוי: ער איז געוועזן, צוויי דריטעל פון די בעסטע פרוכטבארע לאנד ווערט בעארבייט מיט אייגענע געדונגענע ארבייטער און מיט די אלע נייעסטע מאשינעס; און די איבריגע דריטעל בעארבייטען די פויערים פון דעסיאטינע, 5 רובעל צאָהלט מען זיי פאר א דעסיאטינע, ד. ה. פאר 5 רובעל דארף דער פויער דריי מאָל אי־

בעראַקערן די דעסיאַטינע ערד, דריי מאָל בראַנעווען זי און דאַן פערזעען; אין ענדע סיזאן אויך שניידען, בינדען אין סנאָפּעס און אריינפיהרען אין שייער. דיעזע ארבייט, ווי ביליג זי זאל ניט קאָסטען ביי געדונגענע ארבייטער, מוז זי אבער אויך אויסמאכען מינדעסטענס צעהן רוב. א דעסיאַטינע, ד. ה., זיי האָבען גע־קראָגען אפילו דערפון נור א העלפט.

פערקעהרט אבער, דערפאר האָבען די פויערים געצאָהלט דעם קאנטאָר, ד. ה. דעם גוט־בעזיצער די טהייערסטע פּרייזען פאר אלעס וואס זיי האָבען געדארפט האָבען, און זיי האָבען געצאָהלט מיט ארבייט. זיי האָבען געארבייט פאר א שטיקעל היי־פעלד, פאר א ביסעל האָלץ פון וואלד, פאר קארטאָפּעל צו זריעה און זיי זיינען אימער בעלי חובות דעם קאנטאָר. אזוי אז מען זאל אלעס צונויפרעכענען האָט דער פויער פאר א דעסיאַטינע ערד, וועלכע ער פלעגט האלטען אין ארענדע פון הויף, געצאָהלט פיער מאָל אזוי פיעל איידער די פּראדוקטען פון דער דעסיאַטינע ערד האָבען גע־קענט איינברייננגען.

אלעס דאס האָט נעכלודאָוו פריהער אויך געוואוסט, אבער דאָס האָט איצט אויף איהם געווירקט, ווי עס וואלט געווען א נייעס פאר איהם און ער האָט זיך נור געוואונדערט, ווי אזוי האָט ער געקענט און ווי אזוי קענען דאס די אלע, וואס געפינען זיך אין אזא לאגע ווי ער, ניט זעהן ווי אוננאָרמאל עס זיינען אזעלכע פערהעלטניסע.

די בעווייזע פון דעם פערוואלטער אז מען קען ניט איבערגע־בען די ערד צו די פויערים, דערפאר ווייל עס געהט דאן פערלאָ־רען דער גאנצער אינווענטאַר, וועלכען מען וועט מוזען פערקוי־פען פאר א פערטיל פרייז, און דאצו וועלען דאָך די פויערים נור איבערפיהרען די ערד, זי וועט ביי זיי פערדאָרבען ווערען און בכלל וועט ער זעהר פיעל אנווערען ווען ער זאל פערדינגען די גאנצע ערד צו די פויערים, — דיעזע אלע בעווייזע האָבען נור שטארקער איבערצייגט נעכלודאָוו'ן, אז ער טהוט א גוטע זאך.

ער האָט זיך בעשלאָסען צו ענדיגען דאָס גלייך, ער זאל אוועק־

פאהרען פון דאנען, ווען אלעס איז אפגעטאָהן. פאר דעם פערוואלטער וועט נור בלייבען איינצוזאמלען און פארקויפען די תבואה פון די פעלדער און פערקויפען דעם אינווענטאר און די געביידעם. דאס וועט ער טאָהן אליין שוין נאָך נעכלודאָוו׳ס אוועקפאָהרען.

נעכלודאוו האָט געבעטען דעם פערוואלטער, ער זאל איהם אויף מאָרגען פעררופען די פויערים פון די נאָהנטע דריי דערפער אום צו ערקלערען זיי וואס ער וויל מיט זיי מאכען פאר א מסחור און אפמאכען מיט זיי אויף וועלכע פרייז זיי זאלען ב״ איהם דינגען די ערד.

איהם איז געווען איצט אנגענעהם דאס בעוואוסטזיין, אז ער איז געבליבען שטארק אין זיין איבערצייגונג טראָץ די אלע ארגומענטען פון דעם פערוואלטער און אז ער איז פערטיג צו אפפערן פון זיין וואָהלזיין וועגען פון די פויערים. מיט דיעזער זעלבסטצופרידענהייט איז ער ארויס פון קאנטאָר און האָט שפאצירט ארום הויז, אין דער אללעע פון ליפאָווע בוימער, וואו ער האָט זיך אזוי פרעהליך פערבראכט מיט 3 יאהר צוריק, ווען ער איז דאָ געווען צו בעזוך. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי די שעהנע קירימאָווא, וועלכע איז דאָ דאן געווען צו גאסט, האָט מיט איהם געקאקעטירט.

ער האָט אין קורצען דורכגעטראכט איצט די רעדע, וועלכע ער וועט האלטען פאר די פערזאמעלטע פויערים און האָט זיך צוריקגעקעהרט צום פערוואלטער אין הויז פאָלקאָם צופריעדען מיט זיין בעשלוס. ער האָט ווידער איבערגערעכענט מיט דעם פערוואלטער ווי צו מאכען אן ענדע מיט׳ן אויספערקויפען וואָס שנעלער; ער האָט דאן אויסגעטרונקען זיין טהעע און איז אוועק אין דעם צימער, וועלכער איז געווען צוגעקליבען פאר איהם איינצושטעהן.

דאס איז ניט געווען קיין זעהר גרויסער צימער, אבער זעהר זויבער; מיט בילדער, וועלכע האָבען פארגעשטעלט די גאסען פון ווענעציע, און א שפיגעל צווישען די צוויי קלאָהרע פענסטער. דאָרט איז געשטאנען א ריינע בעטעל, לעבען בעטעל א טישעל מיט א פלאַש וואסער, אן אש־קעסטעל און א שוועבעלניצע.

לעבען שפיגעל איז געשטאנען א גרויסער טיש, אויף וועלכען

עס איז געלעגען פונאנדערגעעפענט זיין טשעמאָדאן. א קליינער טשעמאָדאן איז דאס געווען, וועלכער האָט אין זיך ענטהאלטען נור א טואלעטען־קעסטעל און איינינע ביכער, וועלכע ער האָט מיטגענומען צו לעזען אויפ'ן וועג. לעזען איז שוין קיין צייט ניט געווען און ער האָט זיך צוגעקליבען צו געהן שלאָפען.

אינ'ם ווינקעל אנטגעגען בעט איז געשטאנען אן אלטע קרעסלע, א מאַסיווער שטיק מעבעל פון רויט־האָלץ מיט שניצונ־גען; דאס אנזעהן פון דיזער קרעסלע, וועלכע ווי ער האָט זיך עראינערט פלעגט שטעהן אין דער מוטער'ס שלאפצימער, האָבען אויפגעהויבען פלוצלונג אין נעכלודאוו'ן א גאנץ אונערווארטעטען געפיהל. ער האָט עפּעס מיט איין מאָל דערפיהלט, אז עס איז א שאדע אוועקצואווארפען דאס אלעס; א שאָד דאָס הויז, וועלכעס וועט צופוילט און צופאלען ווערען, א שאָד דער גארטען, וועלכער וועט פערוויסטעט און צוניכטעט ווערען און די וועלדער, וועלכע מען וועט אויסהאקען און די אלע שטאהלען, שייערס, קיה, קעלבער, דרעש־מאשינען, וועלכע זיינען אין אזא לאנגע צייט דורך אזוי פיעל ארבייט אפּגעהיט געווארען, אבוואָהל ניט דורך ז י י ן ארבייט.

פריהער האָט זיך איהם געדוכט, אז עס וועט זיין גאנץ לייכט אפּצוזאגען זיך פון דעם אלעם, אָבער איצט האָט ער דערפיהלט, אז עס איז איהם א שאָד ניט נאָר די גאנצע ווירטהשאפט, נאָר אויך די הכנסה, וואס דאס גיט איהם, וועלכע קען איהם יעצט בע־זאנדערס נויטיג זיין.

ווי נור עס האָט זיך אין איהם דיזעס געפיהל ערוועקט, אזוי זיינען גלייך געקומען צו הילפע א גאנצע רייהע מיט געדאנקען, וועלכע האָבען איהם קלאָר געזאגט, אז עס לוינט ניט און עס איז זעהר ניט פערנינפטיג אפּצוגעבען די ערד צו די פויערים און פער־ניכטען א גאנצע ווירטהשאפט.

„קיין ערד־אייגענטהום טאָר איך ניט בעזיצען; ניט פערמאָ־גענדיג קיין ערד קען איך דאָך אויך ניט אנהאלטען דיזע ווירטה־שאפט. אויסערדעם פאָהר איך דאָך איצט קיין סיביר, און וואָהנענ־

דיג אין סיביר דארף איך דאך דאָ דעם הויף ניט האָבען" — האָט צו איהם גערעדט איין שטימע.

„דאס אלעס קען זיך זיין גאנץ ריכטיג", — האָט צו איהם גע־טענה'ט אן אנדער שטימע, — „אבער ערשטענס וועסטו דאָך ניט אפזיין אין סיביר דיין גאנצען לעבען, וועסט דאך קומען אמאָל צוריק. און אויב דו וועסט מיט איהר הייראטהען, דאן קענען דאך זיין קינדער ביי דיר, און אזוי ווי דו האָסט ערהאלטען אין ארד־נונג דיינע גיטער, אזוי דארפסט דו זיי דיינע קינדער אי־בערגעבען. עס איז דאָ א חיוב אויף צו דער ערד. אוועקגעבען, פערשיינקען, פערניכטען, מאכען א תל פון אלעס איז גאר ניט אזוי שווער. אבער אויפארבייטען דאס אלעס, דאס איז שוין גארניט אזוי גרינג. דאצו דארפסטו דאך אליין גוט נאכדיינקען איבער דיין צוקונפט און שטעלען זיך די פראגע ,וואס געה איך טאָן ? און אז דו וועסט וויסען וואס דו וועסט טאָהן מיט זיך אליין, דאן וועסטו קענען בעדיינקען איבער דאס וואס דו האָסט צו טאָן מיט דיין פערמעגען. איז שוין אזוי זיכער אין דיר דער בעשלוס וועגען זיך אליין ? און דאצו פרעגט זיך : טהוסטו דאס טאקע אזוי אמת צוליעב דיין אייגענעם געוויסען אדער פשוט עס ווילט זיך פאר לייטען צייגען פאר א שעהנעם מענש", — אזוי האָט די שטימע גערעדט צו נעכלודאוו'ן און ער האָט געמוזט זיך אליין מודה זיין, אז אויף זיין בעשלוס האָט געהאט א גרויסע ווירקונג דאס, וואס לייט וועלען זאגען.

ער האָט זיך בעמיהט איינצושלאָפען, אום צו בערוהיגען די געדאנקען, וועלכע האָבען זיך יעצט ארומגעטראָגען ביי איהם אין מוח. „דער ליכטיגער מאָרגען איז פערנינפטיגער פון דעם פינ־סטערן אבענד", — האָט ער זיך געטראכט, און אין דער פריה וועט ער קענען מיט א רוהיגען קאָפ לייזען די אלע פראגען, פון וועלכע ער האָט יעצט קיין אויסגאנג ניט געקענט געפינען.

אבער אומזאָנסט. דער שלאָף האָט ניט געוואלט קומען. דורך די האלב געעפענטע פענסטער האָט זיך אריינגעריסען די שארפע נאכט־לופט, דאס ליכט פון דער לבנה, דאס קוואקען פון די פרעש

אין טייכעל, וועלכע האָט זיך צומישט מיט דעם קאָכענדען געזאַנג פון די נאכטיגאלען פונ'ם ניט־ווייטען פּאַרק פון שלאָס. איין נאָכ־טיגאַל האָט זאָגאר געזונגען גאנץ נאָהענט פון זיין פענסטער צווי־שען די קוסטעס.

דער געזאַנג פון דיזען פויגעל האָט איהם איצט ארויפגע־פיהרט אויף דער עראינערונג וועגען דער מוזיק פון דעם סמאָטרי־טעלס טאָכטער און ער האָט זיך פערטראכט באלד וועגען דעם מסאָטריטעל און פון דעם זיינען די געדאנקען איבערגעגאנגען צו מאסלאָווא. ער האָט זיך עראינערט ווי איהרע ליפּען האָבען גע־ציטערט, ווען זי האָט צו איהם געזאָגט: „לאָזט דאָס איינגאנ־צען צורוה".

נאכהער האָט זיך איהם געדאכט, אז זיין פערוואַלטער פון אימעניע, דער דייטש, איז אריינגעפאלען אין טייך צווישען די קוואקענדע פרעש. ער האָט געפיהלט, אז ער מוז איהם ראטע־ווען, מוז איהם ארויסציהען פון דאָרט; אבער דער דייטש האָט זיך פערוואַנדעלט אין מאסלאָווא און זי האָט איהם פארגעוואר־פען: „איך בין אַ קאַטאָרזשניצע, און דו ביסט אַ פירסט!"

ער האָט זיך אַ צאפּעל געטאָהן, האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האָט זיך איצט ווידער אַ פרעג געטאָהן: איז דאס גוט וואס איך טהו? אָה, נו, דאס וועל איך מאָרגען אין דער פריה זעהן.

און ער איז איינגעשלאָפען.

2.

אויף מארגען אין דער פריה האָט זיך נעכלודאוו אויפגעכאפּט ווען דער זייגער איז שוין געווען 9. דער יונגער פּריקאזטשיק האָט איהם געבראכט זיינע אויסגעפּוצטע שטיוועל, האָט אוועקגע־שטעלט לעבען בעט אַ קרוג פרישע און קלאָהרע קוואל־וואסער און האָט איהם געזאגט, אז די פּויערים זיינען שוין פערזאמעלט דאָ אין הויף.

נעכלודאָוו האָט זיך שנעל אַ כאפּ געטאָהן און איז ארויס־געשפּרונגען פון בעט. די נעכטיגע געפיהלען פון בעדויערען, וואַ־

רום ער צוטהיילט די ערד, זיינען אין גאנצען פערשוואונדען. ער האָט זיך גענומען אנציהען און וועהרענד ער האָט אנגעטאָהן די קליידער איז שוין ביי איהם געווען געפאסט די מיינונג און ער האָט זיך געפיהלט שטאָלץ, וואס ער וועט טאָהן אזוי ווי זיין געוויסען דיקטירט איהם. ער האָט זיך נאָר געוואונדערט, ווי אזוי האָבען דאס אזעלכע געדאנקען גאר געקענט קומען אין קאָפּ.

איבער דער נאכט האָט זיך דער וועטער געענדערט. א דראב־נער, לאנגזאמער און ווארימער רעגען איז געפאלען פון הימעל פון אין דער פריה אָן און האָט נאס געמאכט די בוימער און גראָז. נעבלודאָוו האָט געזעהן, ווי די פויערים האָבען זיך געזאמעלט אויף דעם נאסען גראָז.

איינער נאָך דעם אנדערן זיינען זיי געקומען, האָבען זיך גע־גריסט איינער דעם צווייטען, זיינען געשטאנען אין א קרייז און האָבען געפּלוידערט. וואהרשיינליך וועגען דעם וואס דער באַרין קען דאָס זיי דארפען אזוי וויכטיג?

דער פערוואלטער, א דיקער, ברייט־שולטעריגער געזונדער יונ־גער מענש, אין א גרינעם פּידזשאק מיט א שטייענדען קראגען און גרויסע קנעפּ, איז געקומען זאָגען נעכלודאָוו׳ן, אז אלע האָבען זיך שוין פערזאמעלט, נור זיי קענען ווארטען — זאל ער פריהער טרינ־קען קאפע אדער טהיי, עס איז שוין פאר איהם פערפערטיגט.

— ניין, איך וועל בעסער גלייך געהן צו זיי, — האָט איהם געזאגט נעכלודאָוו, פיהלענדיג עפּעס אזוי ווי אין א פערלעגענהייט ביי דעם געדאנק דאס ער דארף גלייך אויפטרעטען פאר די פער־זאמעלטע פויערן.

ער איז געגאנגען אויספיהרען יענעם פערלאנג פון די פויערן, איבער וועלכע זיי האָבען גאָר אליין ניט געוואגט צו דיינקען — אוועקגעבען זיי די ערד פאר א ביליגען פרייז, ד. ה. ער איז געגאנ־גען טאָן פאר זיי א וואָהלטהאט, א צדקה־זאך און ער האָט זיך אליין פערשעהמט פאר זיך.

ווען נעכלודאוו איז צוגעגאנגען צו די פערזאמעלטע פויערים, און זיי האָבען אפּגעדעקט זייער דונקעל־בלאָנדע, קרויזע, פּליכיגע

און גרויע קאָפּ, איז ער אזוי צוטומעלט געווארען, אז ער האָט א לאנגע צייט גאָר נישט געקענט זאגען.

דער שפּריי־רעגען האָט לאנגזאם אין דינינקע טראָפּעלעך גע־שאָטען זיך פון הימעל און איז געבליעבען אויף די האָר, אויף די בערד און אויף די האָריגע סערמיאגעס פון די פּויערים. זיי האָבען געקוקט אויף דעם בארין און האָבען געווארט, וואס וועט ער זיי דאָ זאָגען, און ער איז געווען צוטומעלט און האָט ניט געקענט ריידען.

דער רוהיגער, קאלטבלוטיגער דייטש, דער פּערוואלטער, וועל־כער האָט גוט געוואוסט די רוסישע שפּראך און האָט גערעדט א ריינעם רוסיש, האָט דאן ארויסגעפיהרט ענדליך אלעמען פון פער־לעגענהייט. דיעזער געזונדער אפּגעפּרעסענער מענש, עבען אזוי ווי נעבלודאוו אליין, האָט מיט זיך פארגעשטעלט אקוראט דעם היפּוך פון די מאגערע, ביינערדיגע פּויערים, מיט די קנייטשען אויף די געזיכטער, און מיט די ארויסגעסטארטשטע פון אונטער די קאפּ־טענס מאגערע פיס פון די פּויערים.

— אט וויל דער פירסט אייך גוטעס טאָהן, די ערד אייך אב־געבען. אבער איהר זייט דאָס ניט ווערטה, — האָט געזאגט דער פּערוואלטער.

— פאר וואס ניט ווערטה? האָבען מיר פאר דיר ניט גע־ארבייט, וואסילי קארלימש? מיר זיינען זעהר צופריעדען געווען פון דער פערשטארבענער פריצטע, א ליכטיגען גן־עדן זאל זי האָ־בען, און אויך דער יונגער פירסט, א דאנק איהם, פערלאזט אונז ניט, — האָט אנגעהויבען א רויטער פּויער א פּלאפּלער.

— איך האָב אייך גערופען צוליעב דעם, ווייל איך וויל אייך אוועקגעבען די גאנצע ערד, אויב איהר פערלאנגט עס, — האָט געזאגט נעבלודאָוו.

די פּויערים האָבען געשוויגען, אזוי ווי זיי וואָלטען ניט פאר־שטעהן אדער ניט געגלויבט.

— ווי הייסט דאָס, אויף וואס פאר אן אופן, הייסט עס, אוועקגעבען ערד? — האָט זיך אבגערופען א מיטעליעהריגער פּויער אין א זשאקעט.

— אוועקגעבען אייך אין ארענדע, אז איהר זאלט זיך פאר ווייניג געלד קענען בענוצען מיט דער ערד.

— א גרויסארטיגע זאך, — האט געזאגט אן אלטער מאן.

— נור אז דאס זאל זיין אן אבצאהלונג נאך די כוחות, — האט געזאגט אן אנדערער.

— פאר וואס זאלען מיר דען ניט נעהמען ערד? מיר זיינען צו דער ערד געוואהנט. זי איז אונזער שפייזער. און אויך אייך וועט זיין רוהיגער: איהר ווייסט איינס, — נעהמט אב דאס געלד און ווייטער קיין זאך. ווארום אז ניט איז דאך אויך נאר צרות, — האבען זיך געלאזט הערען ווייטערע שטימען.

— די צרות קומען פון אייך, — האט זיך ארויסגערוקט דער פערוואלטער, — איהר מאכט זיך אליין שלעכט. ווען איהר וואלט געארבייט און ארענטליך אויפגעפיהרט זיך, אין ארדנונג זיך האלטען...

— ווי קען אונזער א ברודער אט אזוי זיין, וואסילי קארליטש, — האט אנגעהויבען אן אלטער פויער, א מאגערער, מיט א שארפען נאז, — אט טענה'סטו, וואסילי קארליטש, פארוואס דער פערד איז אריין אין די קארן; נו, ווער האט געלאזען א פערד געהן אין תבואה: א גאנצען טאג — און א טאג ווי א יאהר, — האב איך זיך אנגעהארעוועט מיט'ן קאשען היי, בין איך איינגעשלאפען אויף א ווילע, כאפט ער זיך אריין אין די האבער. און דו שינדסט פון מיר די פעהל אראפ יעדען מאל.

— אן ארדנונג דארפט איהר איינפיהרען, עס זאל ניט פאסירען.

— עס איז דיר אזוי גרינג צו זאגען, אן ארדנונג איינפיהרען, וואו נעהמט מען דאצו כוחות, — האט געענטפערט א הויכער שווארצהאריגער, אין גאנצען בעוואקסענער, ניט גאר קיין אלטער פויער.

— האב איך אייך ניט געזאגט, נעהמט און צאמט ארום, דאס וואלט געוועזען דער בעסטער מיטעל.

— נו, גיב אונז געהילף, — האט זיך ארויסגערוקט איצט פין

הינטען א קורצינקער מוזשיקעל, קוים אנצוזעהען, — האָב איך ניט געוואלט פאראיאָהרען ארומצאמען, האָסטו מיך אויף דריי חדשים ארייגגעשפּארט אין טורמע די לייז זאלען מיך פרעסען.
נו, אַט האָסטו זיך פארצאמען. וואס זאל מען מאכען?

— וואס האָט ער דאס דערצעהלט? — האָט נעכלודאוו א פרעג געטאָהן דעם פערוואלטער.

— דער ערשטע דיעב אים דאָרפע, — האָט אויף דייטש געזאגט איהם דער פערוואלטער, — יעדען יאהר כאפּט מען איהם אין וואלד, גנב'ענען דיין האָלץ.

— דו לערען זיך אוים צו אכטען פרעמדע אייגענטהום, — האט ער זיך ווענדענדיג צו דעם פויער געענטפערט.

— ווי דען, אכטען מיר דיך דען ניט? — האָט איצט א זאג געטאָן דער אלטער, — מיר מוזען דיך דאָך אכטען, ווייל מיר זיינען דאך ביי דיר אין די הענד, דו קענסט פון אונז אלץ מאכען. און וואס מאכסטו פון אונז ניט?

— נו, ברודערקע, אייך אן עולה טהאָן קען מען שוין ניט. איהר וואָלט נור ניט טהאָן קיין עולות א צווייטען.

— וואס הייסט עולה? האָט מיר זומער די מאָרדע צו'הרג'ט, און אזוי איז געבליעבען. מיט א רייכען זאל מען זיך הפּנים ניט משפט'ן.

— און איהר דארפט טאָהן געזעצליך, — האָט זיך געהאמפערט מיט די פויערים דער פערוואלטער.

עס איז אזוי אנגעגאנגען א ווערטער-קאמפף, און די אנטהייל-נעהמער האָבען אליין ניט געוואוסט צוליעב וועלכען צוועק זיי טוהען עס. מען האָט נור געקענט זעהן, אז אויף איין זייט איז דאָ איינגעהאלטענע אימה און אנגעקליעבענע ביטערקייט, און אויף דער אנדער זייט — דאס בעוואוסטזיין פון אייגענער מאכט און געוועלטיגקייט. נעכלודאָוו'ן איז געווען זעהר שווער דאס צו הערען, און ער האָט געזוכט ארויפצוקומען צוריק אויף דעם אנגעפאנגענעם עסק, אבמאכען די פרייזען און די צייט, ווען די פויערים דארפען צאָהלען.

— נו, ווי בלייבט מיט די ערד? ווינשט איהר צו האָבען זי, און וואס פיר א פּרייז וואָלט אייך לוינען צו געבען, אויב איהר ווילט די גאנצע ערד.

—אייערע סחורה, דארפט איהר, בארין, זאגען דעם פּרייז.

נעכלודאוו האָט געזאגט א פּרייז. ווי געוועהנליך, האָבען זיך די פּויערים אנגעהויבען דינגען, ניט קוקענדיג דערויף, וואס דער פּרייז איז געווען א סך א ביליגערער איידער מען צאָהלט געוועהנליך פאר גערונגענע ערד, אבער די פּויערים האָבען גע'טענה'ט, אז דער פּרייז איז א צו הויכער, שווער צו צאָהלען. נעכלודאוו האָט געווים ערווארטעט, אז זיין פארשלאג וועט אנגענומען ווערען מיט שמחה, און דאָ האָט ער פון צופריעדענהייט גאָר קיין זכר ניט געזעהן אפילו. ער האָט נור דאן בעמערקט, אז פאר די פּויערים לוינט צו נעהמען די ערד אויף דעם פּרייז, וואס ער האָט זיי אנגעבאָטען, ווען עס האָט זיך אנגעהויבען צווישען די פּויערים א קריגערייי איבער דעם ווי זאל מען דינגען די ערד, די גאנצע דאָרף־געמיינדע, אדער איינצעלווייס. די רייכערע האָבען געוואָלט אויסשליסען די שוואכע צאהלער, און די שוואכע צאָהלער האָבען זיך ניט געלאזען אויסשליסען פון כלל. ענדליך, צו פערדאנקען דעם פערוואַלטער, וועלכער האָט זיך אריינגעמישט צו מאכען א טאָלק, איז מען דורכגעקומען מיט'ן פּרייז און מען האָט אבגעמאכט די דאַטומס ווען די צאהלונגען זאלען געמאכט ווערען, און די פּויערים זיינען אוועק, הויך שפּרעכענדיג צווישען זיך, גייענדיג באַרג ארויף צום דאָרף צו. נעכלודאָוו איז מיט דעם פערוואלטער אריין אין קאָנטאָר אום אויסצוארבייטען אויפ'ן פּאַפּיער דעם פּלאַן פון דעם קאָנטראַקט.

אלעס האָט זיך אויסגעדרייט אזוי ווי נעכלודאָוו האָט געהאָפט און פערלאנגט: די פּויערים האָבען בעקומען די ערד אויף א גוטע 30 פּראצענט ביליגער, ווי דער געוועהנליכער פּרייז איז ביי דינגען ערד. זיינע איינקינפטע פון גיטער האָט זיך פערקלענערט ביינאהע אויף א העלפט, אבער פאר נעכלודאָוו'ן איז עס איצט געווען גענוג, נאָך עטוואס צו פיעל, בעזאנ־

דערם נאָך ווען מען זאָל צורעכענען די סומע, וועלכע ער האָט בע־קומען פאַר דעם פערקויפטען וואלד און דאָס וואס מען וועט נאָך אויסלייזען פאַר די אַלע זאַכען, געהילצען, וועגען, מאשינעס און די גאַנצע ווירטהשאפט.

אַלעס האָט אויסגעזעהען אַזוי שעהן, און פון דעסטוועגען האָט נעכלודאָוו געפיהלט עפּעס אַזוי פערדריסליך, אַזוי ווי ער וואָלט האָבען געוויסענביסע. ער האָט געזעהען, אַז די פּויערים זיינען דאָך ניט געווען גאַר צופריעדען און אַז זיי האָבען ערוואַרטעט עפּעס מעהר, ווי דאָס וואָס ער האָט זיי געגעבען. ער האָט פערלאָ־רען האַלב פון זיין פערמעגען און די פּויערים האָבען ערשט ניט בעקומען דאָס וואָס זיי האָבען געוואָלט. דאָס איז געווען דער פּועל יוצא פון זיין גאַנצע אויפטהוען.

אויפ׳ן צווייטען טאָג איז אַ קאָנטראַקט געווען פערטיג, אונ־טערגעשריעבען, און נעכלודאָוו, זייענדיג בעגלייט פון די אויסער־וועהלטע אַלטע־לייט פון דאָרף, האָט זיך אריינגעזעצט אין דער רייכער קאַליאַסקע און איז געפאָהרען צום סטאַציאָן פון אייזענ־באַהן. אויף די פּויערשע געזיכטער איז געבליבען עטוואָס ניט דער־זאָגטעס, און זיי האָבען אונצופריעדען געשאָקעלט מיט די קעפּ. זיי זיינען געבליבען אונצופריעדען און נעכלודאָוו איז געווען אונ־צופריעדען מיט זיך. מיט וואָס ער איז געווען אונצופריעדען האָט ער ניט געוואוסט, נור איהם איז די גאַנצע צייט עפּעס געווען מיאוס און עטוואָס האָט געפּרעסט זיין האַרץ.

3.

פון קוזמינסקאָיע איז נעכלודאָוו געפאָהרען נאָך זיין גוט, וועלכער איז איהם געבליעבען בירושה פון זיינע טאַנטעס. דאָס איז **געווען** דערזעלבער, וואו ער האָט זיך צום ערשטענס בעגעגענט מיט קאַטיושאַ. דאָ האָט ער געוואָלט אויך אבגעבען אויף ארענדע די ערד, אַזוי ווי ער האָט דאָס געטאָהן אין קוזמינסקאָיע. אויסער־דעם האָט ער נאָך געוואָלט דאָרט אַלעס פאַנאַנדערפרעגען וועגען

קאטיושא און וועגען זייער קינד: איז דאס אמת, אז ער איז גע־
שטאָרבען און ווי אזוי איז ער געשטארבען?

גאַנץ פריה איז ער אָנגעקומען אין פּאַנאָווא און דאָס ערשטעס,
וואָס האָט איהם איבערראשט, ווען ער איז אריינגעפאָהרען אין
הויף, איז די שרעקליכע פערלאזענהייט און פוסטקייט איבעראל.
די געביידעס זיינען געווען בעוואקסען מיט מאָך, פוסטע חורבות,
דער גארטען פערווילדעט. די וועגען פערדעקט מיט גרינס. בע־
זאנדערס האָט אויסגעזעהען ווי א חורבה דאס פּריצישע הויז, וואו
זיינע טאנטעס האָבען אמאָהל געוואהנט. דער בלעך־געדעקטער
דאך איז געווען פערראָסט, אז עס איז ניט געווען צו דערקענען פון
וואָס פאר א פארב ער איז אמאָהל געווען. אין איינינע פלעצער איז
די בלעך געווען אָפּגעריסען און אויסגעבויגט אין דער הויך, וואהר־
שיינליך פון שטורם־ווינדען. דער פּלאנקען, מיט וועלכען דאס הויז
איז געווען ארומגעצוימט, איז געווען פלעצערווייס צובראכען, צו־
פוילט און איינגעפאלען, דער גאניק פון הויז איז געווען איינגעבוי־
גען אויף א זייט און פלעצערווייס אויסגעפוילט; די פענסטער
זיינען געווען פערצויגען מיט א גרין־רויטליך גלאנץ און פלעצער־
ווייס אויסגעבראכען, אהן שויבען.

אין פליגעל פונ'ם זעלבען הויז, דארט וואו עס האָט אין א
פּאָר צימערן געוואהנט דער פערוואלטער, איז אויך געווען אזוי
פערהאלטעט און פערלאָזען. דער גארטען אליין איז ניט נור ניט גע־
ווען אזוי פערלאזען, ער האָט זיך פאנאנדערגעוואקסען אין אלע ווינ־
קעלעך, ווילד אבער בליהענד. פלעצערווייז האָט ער אויסגעזעהן
פונקט אזוי ווי מיט 12 יאהר צוריק, דאן ווען נעכלודאָוו האָט דאָ
אזוי פיעל הנאה געהאט, ווען ער איז געווען ביי די טאנטעס צו בע־
זוך. ער האָט זיך דערמאָהנט ווי ער האָט דאָ געשפּיעלט דאן מיט
דער 16 יאהריגער קאטיושא אין קאמער־קאמער הויז, ווי ער האָט
זיך געיאָגט כאַפּען זי, איז געפאלען און האָט זיך איינגעשטאָכען
פון קראָפּיווע.

דער אמאָליגער יונגער קארשען־בוים, וואָס האָט געוואָקסען
לעבען הויז, איז איצט געווען א גרויסער פאנאנדערגעוואקסענער

אלטער בוים. די טייכעל פון ווייטען איז געווען פול איבער די ברעגען, און דאס וואסער האט זיך שנעל געטראגען, גערוישט און געבורבעלט ביי די ברעגען.

איבער'ן טייכעל אויפ'ן פעלד האט זיך געפיטערט די דארפי־שע סטאדע, און דאס אלעס האט ערוועקט אין נעכלודאוו'ן די ער־אינערונגען פון אמאהל, ווען ער האט אזוי יוגענד־לוסטיג, אזוי ליעבליך פערבראכט זיין צייט.

נעכלודאוו האט זיך געזעצט לעבען פענסטער, קוקענדיג אין גארטען און צוהערענדיג זיך. די פענסטער איז געווען אפען, אין איהר האט זיך אריינגעצויגען די פרישע הערבסט־לופט, און דער ריח פון דער פייכטער אויפגעאקערטער ערד. אויפ'ן טייכעל האָ־בען די וועשערקעס געפּאטשט מיט זייערע פּראניקעס די וועש, און דער קלאנג האט זיך צומישט מיט דעם רוישען פון די וואסער, וואס איז געפאלען אויפ'ן ראד פון מיהל.

און פּלוצלונג האט זיך נעכלודאוו דערמאנט, ווי ער איז גע־זעסען לעבען זעלבען פענסטער דאן, דאס ערשטע מאל ווען ער האט בעזוכט די טאנטעס, און דוכט זיך, ער הערט דעם זעלבען גערויש, וואס דאן און די זעלבע פליג איז פערבייגעפלויגען זשומענדיג פערביי זיינע אויערן.

ער האט זיך דערמאנט, ווי ער איז דאן אלט געווען בלויז 18 יאהר, און ער האט זיך איצט דערפיהלט אקוראט ווי ער וואלט גע־ווען ווידער אזוי יונג, אזוי פריש, פול מיט הערצענס־ריינקייט און זעעלען־קלאהרהייט. עס איז איהם אבער פארגעקומען בלויז ווי א טרוים, — ער האט געוואוסט, אז די יוגענד איז שוין פער־שוואונדען און אויף אימער פערשוואונדען. ער האט עס געוואוסט און איהם איז איצט געווארען אזוי שווער צומוטה.

— ווען וועט דער פירסט בעפעהלען צום עסען? — האט א פרעג געטאהן איהם דער פּריקאזטשיק, שמייכעלנהאפט.

— ווען איהר ווילט, עס איז גאנץ עגאל, איך בין ניט הונגע־ריג, — האט איהם געענטפערט נעכלודאוו.

— ניט יעצט?

— ניין. איך וויל זיך דורכגעהן א ווײַלע דורכ'ן דאָרף.

— פיעלייכט וואָלט איהר אריין אינעוויינינ, עס איז שוין אַלעס צוגעגרייט פּערטיג. ביי מיר איז אַלעס אין אָרדנונג, אבוואָהל אויסערליך איז דא אַלעס אזוי אפּגעלאָזען.

— ניין, ניין, ניט איצט, בעסער שפּעטער. זאָגט מיר, איך בעט אייך, געפינט זיך דאָ ביי אייך א פרוי מיט'ן נאָמען מאַט־רענאַ כאַרינאַ? (כאַרינאַ איז געווען קאַטיושא'ס מוהמע).

— געפינט זיך, ווי דען? אין דאָרף וואהנט זי, — איך קען מיט איהר גאָרניט מאַכען. זי האַלט א שיינק. איך האָב מיט איהר זיך שטענדיג צו ארומרייסען איבער דעם, אבער איך קען געגען איהר קיין פּראָטאָקאָל ניט מאַכען. א רחמנות, אַן אַלטע פרוי, האָט נעביך אייניקלעך, וועלכע זי דאַרף אויפהאַלטען, און איך קען צו איהר ניט זיין אזוי שטריינג, — האָט זיך דער פּריקאַזטשיק פּערענטפערט, אַלץ מיט א זיסען שמייכעל, ווילענדיג איינקויפען זיך ביים פּריץ אין לאַסקע.

— וואו וואָהנט זי?

— דאָס איז ניט ווייט.

— מאָלט מיר אפּ וואו דאָס איז.

— צום ענדע פון דאָרף, די דריטע הייזעל פון יענעם עק. אויף דער לינקער זייט איז א ציגעלהויז, און גלייך נאָך דער גע־מויערטער הויז איז איהר שיינקעל. איך וועל אייך בעסער בע־גלייטען, — האָט ליבליך געזאָגט דער פּריקאַזטשיק.

— ניין, איך דאַנק, עס איז ניט נויטיג. איך וויל געהן אַליין, און איהר זעהט בעסער אונטערדעסען צונויפרופען דאָ די אַלע מו־זשיקעס פון די דערפער. איך דאַרף מיט זיי וואָס דורכריידען וועגען דער ערד.

און נעכלודאָוו איז ארויס, דיינקענדיג אז דאָ וועט ער זיך אָבפּערטיגען אזוי ווי אין קוזמינסקאָיע נאָך דעמזעלבען אבענד.

4.

ארויסגעהענדיג דורכ'ן טויער האָט נעכלודאָוו בעגעגענט א יונגע, פּולע פּויערישע מיידעל אין א בונטע קליידעל, לויפענדיג

שנעל מיט איהר באַרפוסע פיס איבער דער שמאָלער וועגעלע. זי האָט געהאַלטען אין האנד א רויטען האָהן, און ווי זי האָט דערזעהן דעם באַרין, האָט זי אנגעהויבען געהן שטילער. ווען זי איז פערביי איהם האָט זי זיך ארוק געטאָהן אויפ'ן זייט וועג און האָט זיך טיעף א בויג געטאָהן.

געהענדיג ווייטער אראָפּ בערגעל, פערביי דעם ברונען האָט נע־ כלודאָוו אויך בעגעגענט אן אַלטע איינגעהויקערטע פּויערטע, וועל־ כע האָט געטראָגען אויף איהרע פּלייצעס א קאראמיסל מיט צוויי עמער וואַסער. ווען זי האָט דערזעהן דעם באַרין, האָט זי זיך אָפּגע־ שטעלט, האָט אראָפּגעלאָזען די עמערס אויף דער ערד, האָט געלאָ־ זען דעם באַרין דורכגעהן, און האָט זיך אויך טיעף פערנייגט.

באַלד איז ער צוגעקומען צום דאָרף. אויפ'ן הימעל האָבען זיך אפילו געקליבען וואָלקענס, אבער די זונן האָט זעהר געבאקט. עס איז געוועזן 10 א זייגער און די היץ איז שוין געוועזן שטיקענד. אי־ בער'ן גאַנצען גאַס פון דאָרף האָט זיך געהערט א געדיכטער גערוך פון מיסט.

פון דעם ערשטען הויפעל האָט אן אַלטער פּויער ארויסגע־ פיהרט א וואָגען מיט הנאָי. דערזעהענדיג דעם פּריץ האָט ער זיך אויפגעשטעלט, האָט זיך דריימאָהל א בויג געטאָהן צו נעכלודאָוו'ן.

— אונזער באַרינע'ס א פּלימעניקעל וועסט דו זיין?

— יא, יא.

— ביזט געקומען צו אונז געוואר ווערען? — האָט נייגיעריג געפרעגט דער אַלטער.

— יא, יא. נו, ווי געהט עס אייך דאָ? — האָט געפרעגט נעכלודאוו, ניט וויסענדיג וואָס צו זאָגען איהם.

— ווי זאָל דאָס געהן? א שווערער לעבען.

— פאַרוואָס אזוי שווער? — האָט א פרעג געטאָהן נעכלו־ דאָוו.

— אָט אזוי. וואָס איז דאָס פאַר א לעבען? א שווערער לעבען איז דאָס.

נעכלודאוו איז אריין אין הויף, און דער אַלטער נאָך איהם.

— אַט זיינען זיי ביי מיר 12 נפשות, — האָט געזאגט דער אַלטער, ווייזענדיג אויף צוויי פרויען, וועלכע האָבען צונויפגע־שארט די הנאי מיט לאָפּעטעס, — יעדער חודש מוז איך קויפען 6 פוד, און וואו זאל זיך דאס נעהמען?

— און קיין אייגענע האָט איהר דען ניט?

— אייגענע? — האָט מיט אַ ביטערן שמייכעל געזאגט דער אַלטער, — איך האָב ערד אקוראט אויף דריי נפשות, און קאָרמען דארף מען 12. עס קלעקט אפילו ניט ביז ניי יאהר.

— טאָ ווי זשע טוהט איהר?

— אַט אזוי טהוען מיר. אַט האָב איך איינעם אוועקגעגע־בען ארבייטען, און ביי אייך אביסעל געלד פערנומען, און קיין פּאָ־דאטיעס אויף ניט געצאָהלט.

— און וויפיעל פּאָדאטיעס?

— פון מיין הויף אליין קומט 17 רובעל יעדע דריטעל יאהר. אך, זאָל גאָט אויסהיטען פון אזא לעבען. דו ווייסט אליין ניט ווי דו קומסט דורך.

— קען מען אריינגעהן צו אייך אין שטיבעל? — האָט אַ פרעג געטאָהן נעכלודאָוו, צוגעהענדיג צום טיהר.

— פאר וואס ניט, בארין, אדרבה, קום אריין און זעה. און ער האָט געעפענט פאר נעכלודאָוו'ן די טיהר.

די פויערטעס האָבען פערריכט די טיכלעך אויף זייערע קעפּ, און האָבען געקוקט נייגעריג מיט שרעק אויף דעם שיינעם, ריינעם בארין מיט די גאָלדענע זאַפּאָנקעס אויף די מאַנזשעטען. פון שטי־בעל זיינען ארויסגעשפּרונגען צוויי מיידעלעך. נעכלודאָוו האָט זיך אָנגעבויגען, האָט אראָפּגענומען די היטעל און אין אריין אין פיר־הויז און דערנאָך אין דער שמוציגער ענגער שטיבעל, וואו עס האָט געשמעקט מיט זויערן עסען. אינווייניג איז לעבען אויווען געשטאַ־נען אן אַלטע פויערטע מיט פערקאַשערטע ארבעל און ברוינע פער־ברענטע הענד מיט אנגעצויגענע אָדערן.

— אַט איז אונזער בארין געקומען צו אונז צו גאסט, — האָט אַ זאָג געטאָהן דער אלטער.

— נו, זעהר שעהן, מיר בעטען אריינקומען, — האָט ליעבליך געענטפערט די אלטע, אראָברוקענדיג די פארקאשערטע ארבעל.

— איך האָב געוואלט א בליק טאָהן ווי לעבט זיך אייך, — האָט געזאגט נעבלודאָוו.

— אָט אזוי לעבען מיר, פריץ, אָט ווי דו זעהסט. די שטיבעל האַלט ביים איינפאלען. ס'איז נאָר א מורא, זי זאל ווענען ניט טרעפען און דערשלאָגען אויף טויט. און דער אלטער זאגט, זי איז נאָך גוט אויף צום וואהנען. נו, אט אזוי לעבען מיר, ווי די מלכים, — האָט געוויצעלט זיך די מונטערע אלטע, שאָקלענדיג נערוועז מיט'ן קאָפּ, — אָט וועל איך באלד צונויפקלייבען זיי אויף מיטאג, וועל קאָרמענען דעם ארבייטענדען עולם.

— און וואס האָט איהר צו מיטאג?

— וואָס פאר א מיטאג? אָה, אונזער עסען איז ניט צו פערזינדיגען. דער ערשטער מאכל איז ברויט מיט קוואס, דער צוויי־טער — קוואס מיט ברויט, — האָט געזאגט די אלטע לאכענדיג אזוי, אז עס האָבען זיך געזעהען איהרע האלב אבגעריבענע ציי־נער.

— ניין, איך מיין אהן שפאס, ווייזט מיר וואס וועט איהר היינט עסען צו מיטאג.

— וואס עסען? — האָט איבערגעפרעגט דער אלטער, — אה, אונזער שפייז איז ניט אי־אי־אי. ווייז איהם, אלטע.

די אלטע האָט א שאקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

— האָט זיך פערגלוסט אנצוזעהן אונזער מוזשיצקען מאכל. איך זעה, דו ביסט א מאָדנער פריץ, דארפסט אלץ וויסען. איך האָב דאך געזאגט — ברויט מיט קוואס, נו און נאָך זויערס, נו און דער־נאָך קארטאָפעלקעס.

— און מעהר גארנישט?

— וואס נאָך ווילסטו, נו מיר וועלען פערווייסען מיט א ביסעלע מילך, — האָט לאכענדיג געזאגט די אלטע, און האָט א קוק געטהאָן אין טיהר.

די טיהר איז געווען אָפען, און אין פירהויז זיינען געווען

פול מיט מענשען, דאָ זיינען געווען יונגען און מיידלעך, פרויען מיט זויג־קינדער לעבען ברוסט, האָבען זיך געשפּאַרט צום טיהר און האָבען געקוקט אויף דעם זאנדערבארען פריץ, וועלכער קוקט זיך צו צו מוזשיצקע מאכלים. די אַלטע האָט ווי עס האָט געשיינט געשטאַלצירט, וואס זי וויים ווי צו אונטערהאלטען זיך מיט׳ן פריץ.

— יע, יע, וואס איז דאָ וואס צו ריידען, — האָט זיך אפּגע־זיפצט דער אַלטער, — וואוהין קריכט איהר? — האָט ער אין מיטען אַ געשריי געטאָהן צו די קינדער, וועלכע האָבען זיך גערוקט אין טיהר.

— נו, זייט אייך געזונד, — האָט געזאגט נעבלודאָוו, און האָט זיך אויפגעהויבען ארויסצוגעהן, פיהלענדיג זיך אונאנגענעהם און פערשעהמט; ער האָט אַליין ניט געוואוסט פאר וואס.

— אַ דאנק, וואס דו ביסט געקומען אונז געוואָר ווערען, — האָט אַ זאָג געטאָהן דער אַלטער.

אין פירהויז האָבען זיך די לייטע געשטופּט איינער צום אנ־דערן און זיי האָבען געמאכט אַ וועג פאר׳ן פריץ. נעבלודאָוו איז ארוים אויפ׳ן הויף און אין געסיל. נאָך איהם זיינען ארויסגעלאָפען צוויי אינגלעך באָרפוסע. איינער, דער עלטערער אין אַ שמוציגער לייוועגדענער העמד און דער־אינגערער אין אַ אפּגעבלאקירטער ראָ־זעווער העמדעל. נעבלודאָוו האָט אויף זיי אַ קוק געטאָהן.

— וואוהין געהסט דו איצט, פריץ? — האָט איהם אַ פרעג געטאָהן דער עלטערער אינגעל.

— צו מאַטרענאַ כארינאַ, — האָט נעבלודאָוו געענטפערט.

— קענט איהר זי?

דער קליינער אינגעל אין דער ראָזעווער העמדעל האָט זיך עפּעס צולאכט; דער עלטערער האָט אבער איבערגעפרעגט ערנסט.

— וועלכע? אַן אַלטע איז זי?

— יא, אַן אַלטע.

— אָ־אָ, — האָט ער זיך דערמאָנט, — דאס איז סעמיאָניכאַ, דאָרטען אויפ׳ן ברעג פון דאָרף, מיר וועלען דיך אהין בעגלייטען. היי, פעדקאָ, מיר וועלען בעגלייטען דעם פריץ, הע?

— און די פערד ?

— אָה, נישטקשה די פערד !

פעדקא האָט איינגעשטימט און זיי זיינען אַלע געגאַנגען אַרויף אין דאָרף.

5.

נעבלודאָוו האָט זיך געפּיהלט בעסער מיט די אינגלעך אַלס מיט די גרויסע, און ער האָט אויפ'ן וועג זיך צורעדט מיט זיי. דער קליינער, אין דער ראָזעווער העמדעל, האָט אויפגעהערט צו לאַכען און האָט גערעדט מיט'ן פריץ אויך ערנסט און צו דער זאַך, אַזוי ווי דער עלטערער.

— נו, ווער איז ביי אייך דאַ דער אָרעמסטער ? — האָט אַ פרעג געטאָהן נעבלודאָוו.

— ווער איז אַן אָרימאַן ? מיכאַילאָ איז אַן אָרימאַן, סעמיאָן מאַקאַראָוו איז אויך אַן אָרימאַן און מאַרפאַ איז אַזוי אָרעם, אַ גרויל.

— און אַניסיאַ איז דאָך נאָך אָרימער, ביי זיי איז גאָר קיין קוה ניטאָ, זיי האָבען ניט צו עסען, — האָט געזאָגט דער קליי־נער פעדקא.

— ביי זיי איז קיין קוה ניטאָ, אָבער זיי זיינען דאָך מעהר ניט ווי דריי נפשות, און מאַרפאַ איז נעביך זאַלבעפינפט, — האָט געשטריטען דער עלטערער אינגעל.

— אָבער זי איז דאָך אַן אַלמנה, — האָט דער אינגערער גע־שיצט די אָרימע אַניסיאַ.

— יע, אַניסיאַ איז אַן אַלמנה, און וואָס איז מאַרפאַ ? אויך אַזוי גוט ווי אַן אַלמנה, — האָט געטענה'ט דאָס זייניגע דער על־טערער אינגעל, — דאָך אַלץ איינס האָט זי קיין מאַן ניט.

— וואו איז דען איהר מאַן ? — האָט נייגעריג אַ פרעג גע־טאָהן נעבלודאָוו.

— די לייז פרעסען איהם אין אָסטראָג,—האָט געענטפערט דער אינגעל, געברויכענדיג דעם געוועהנליכען אויסדרוק פון די פויע־

רים, — ער האָט אויסגעהאקט צוויי בעריאָזעס אין דעם פּריצישען וואלד, האָט מען איהם אריינגעזעצט, זיצט ער שוין זעקס חדשים, און די ווייב זיינע הונגערט, דריי קינדערלעך און אן אַלטינקע,— האָט געגעבען צו פערשטעהן דער אינגערער.

— וואו וואהנט זי? — האָט אַ פרעג געטאָהן נעבלודאָוו.

— אָט אין דעמזעלבען הויז, — האָט דער אינגעל געזאגט, ווייזענדיג אויפ׳ן הויז, געגען וועלכען אַ קליינער בלאָנדער אינגעלע איז געשטאנען, קוים האלטענדיג זיך אויף די אויסגעבויגענע פיסלאך.

— וואסקא, וואָהין ביסטו, צולאָזענער, אַנטלאָפען? — האָט אַ געשריי געטאָהן אַ פרוי, פון הויז ארויסלויפענדיג, האָט אַ כאַפּ געטאָהן דעם קינד אויף די הענד און איז ערשראָקענערהייט, קומענדיג אין וועג נעבלודאָוו׳ן, אריינגעלאָפען אין הויז, אזוי ווי זי וואָלט מורא האָבען, נעבלודאָוו זאל עפּעס ניט טאָהן בייזעס איהר קינד.

דאס איז געווען דיזעלביגע פרוי, וועמעס מאן עס איז געזעסען אין אַסטראָג פאר די פּאָאר בוימעלעך, וועלכע ער האָט אויסגעהאקט אין נעבלודאָוו׳ס וואלד.

— נון און מאַטרענאַ איז עפּעס אויך אָרעם? — האָט אַ פרעג געטאָהן די אינגעלעך נעבלודאָוו.

— מאַטרענאַ? פאר וואס זאל זי זיין אָרעם? זי האנדעלט מיט בראנפען, — האָט ענטשידען א׳ן ענטפער געטאָהן. אזוי ווי אַפּגעשניטען, דער אינגערער אינגעל.

צוקומענדיג צו מאַטרענעס שטיבעל האָט נעבלודאָוו אָפּגעלאָזען די אינגעלעך און איז אריין, פריהער אין פירהויז און דערנאָך אין הויז. דאָס גאַנצע הייזעל האָט פערנומען 6 ארשין, אזוי אז אויפ׳ן בעטעל, וועלכע איז געשטאנען צווישען אויווען און וואנד, וואָלט זיך אן ערוואקסענער מענש ניט קענען אויסציהען.

„אויף דערזעלבער בעטעל האָט קאַטיושאַ געבוירען איהר קינד און געלעגען דערנאָך קראנק", איז דורכגעפלויגען ביי נעבלודאָוו׳ן אין קאָפּ אַ געדאנק.

א פּאָאר אייניקלעך פון דער אלטער זיינען ארייגעלאָפען נאָך נעכלודאָוו׳ן און זיינען געבליעבען שטעהן אין טיהר שעהמענ־דיג זיך פאר׳ן פריץ.

— ווענען דארפען זיי? — האָט בייז א פרעג געטאָהן די אלטע, וועלכע איז געווען שלעכט אויפגעלייגט און האָט ניט דער־קענט נעכלודאָוו׳ן. זי האָט געמיינט, אז דאס האָט עפּעס צו טאָהן מיט איהר קרעטשמעריי, און זי איז געווען א ביסעל צושראָקען.

— איך בין דער גוטבעזיצער. איך בין געקומען צו אייך, וויל איך האָב מיט אייך עפּעס צו ריידען איבער א וויכטיגע אנ־געלעגענהייט.

די אלטע האָט שווייגענדיג זיך גוט איינגעקוקט אינ׳ם גאַסט און באלד האָט זיך א חניפה׳דיגער שמייכעל צוגאָסען אויף איהר צוקנייטשטען פּנים.

— אך, דו ליעבינקער, פויגעלע מיינע... און איך, אלטע נאר, האָב דיך ניט דערקענט, האָב געמיינט, אז עפּעס א פרעמדער... אך, דו טהייערער, ליעבער פריצ׳ל מיינער.

— ווי רעדט מען מיט אייך בעזונדער, קיינער זאָל ניט זיין דערביי, — האָט נעכלודאָוו זי א פרעג געטאָהן, זעהענדיג אז אין טיהר זיינען געשטאַנען די קינדער און א פויערטע.

— אוועק, שדים! — האָט די אלטע א טריב געטאָהן די קינ־דער, — וואס האָט איהר דאָ ניט געזעהן? געהט און פערמאכט די טיהר.

די קינדער זיינען אוועקגעלאָפען און די מאָגערע פויערטע מיט׳ן זויג־קינד אויפ׳ן האנד האָט פערמאכט די טיהר און איז גע־בליעבען אויף יענער זייט. די אלטע האָט זיך ווייטער צוגאָסען מיט איהר קול׳כעלע.

— אך, וואס פאר אן אלטע נאר איך בין געוואָרען! איך זעה, קומט מיר אריין א שעהנינקער, א פיינינקער, — ערשט דאס איז אליין דער פריץ. וואס פאר א גאַסט, וואס פאר א גאַסט! און האָט גאר ניט געשעהמט זיך געוואָר צו ווערען די אלטע נאר. וואס פאר א בריליאנט דו ביסט, מיין פריצ׳ל! נו, אט זעצט זיך דאָ,

וואשע סיאטעלסטווא. און איך, אלטע נאר, האב געקלעהרט, וואס פאר א טייוועל קריכט דא אין מיין שטיבעלע; ערשט דאס ביסטו דו, דער פירסט, דער יונגינקער פירסט. זיי מוחל דער אל־טער אויסגעוועבטער נאר, שוין בה"ש בלינד.

נעכלודאוו האט זיך געזעצט. די אלטע איז געשטאנען לע־בען איהם, האט אונטערגעהאלטען די מארדע מיט דער רעכטער האנד, און דעם רעכטען עלען־בויגען מיט דער לינקער האנד, פער־טיג צו הערען, וואס דער פירסט וויל פון איהר האבען.

— איך בין געקומען צו דיר פרעגען, צו געדיינקסט דו קא־טיושא מאסלאווא?

— קאטערינען? ווי זאל איך ניט געדיינקען, א פלימעניצע זאל איך ניט געדיינקען? אוי, וויניג האב איך געוויינט אויף איהר ביטערע לאגע? איך וויים דאך אלעס. ווער זינדיגט דאס ניט, און ווער רעדט נאך, אז מען איז נאך יונג. אודאי געזעסען, קאפע אין איינעם געטרונקען, נו, און דער טייפעל האט זיך אריינ־געמישט, — נו, אט איז אן עבירה ארויסגעקומען. פערפאלען! דו האסט זי דאך ניט אוועקגעווארפען אזוי ווי אנדערע און גאר ניט וועלען וויסען פון איהר, הונדערט רובעל האסטו איהר גע־געבען, א שעהנע מתנה... נו, וואס נאך? און זי האט זיך בענא־רעשט. ווען זי וואלט מיך געפאלגט, וואלט זי געווארען א מענש.

— איך האב געוואלט פרעגען וועגען דאס קינד, — האט זי איבערגעשלאגען נעכלודאוו.

— דאס קינד?

— יא, זי האט דאך דא ביי אייך געבוירען דאס קינד? וואו איז עס? ווייסט איהר עפעס פון דאס?

די אלטע האט אויסגעשטעלט א פאר פערוואונדערטע אויגען.

— אויב איך וויים עפעס פון קינד? האב איך איהם דען אליין ניט געזעהען מיט מיינע אויגען? וואס פאר א שעהנינקע עופה'לע דאס איז געווען, א קליינינקער, נחת'דיגער אינגעלע, אבער א שוואכינקער. ער האט אויף קיין רגע'לע ניט געלאזען די מוטער רוהען. נור געשריען, געשריען און געשריען מיט קולות. איך

האָב איהם געלאָזען טויפען און אוועקגעגעבען אין א יתומים־הויז, ער זאל זיך האָדעווען געזונטערהייט. וואס וואָלט נעביך געוואָרען פון דער מוטער, ווען זי וואָלט זיך נעביך געמוזט נאָך גיאַנטשען מיט׳ן קליינטשיקען? אנדערע טוען אנדערש. זיי מאַכען אזא קינד א שטילען קבר. איך האָב אבער געזאגט: ניין, זאל עס בעסער לעבען, אז גאָט האָט איהם געשיקט אויף דער וועלט.

— ווייסט איהר דעם נומער, אונטער וועלכען דאָס קינד איז פערשריעבען געוואָרען אין וויַיזען־הויז? — האָט נעבלודאָוו זי געפרעגט.

— יע, א נומער איז אויך געווען. דער אינגעלע איז אבער נעבעך געשטאָרבען. די מאַמקע האָט דאָס מיר געזאגט, ווי נור זי האָט איהם אהין געבראַכט באלד איז ער געשטאָרבען.

— וואס פאר א מאַמקע?

— די, די פרוי, וואס האָט דעם קינד אוועקגעפיהרט אהין אין יתומים־הויז. זי האָט געהייסען מאַלאַניא. זי איז שוין לאנג געשטאָרבען.

— ווי האָט דאָס קינד אויסגעזעהען? — האט נעבלודאָוו געפרעגט מיט א ציטעריגער שטימע.

— א שעהנעם קינד, אזעלכעס, אז מען דארף גאָר קיין בעסערעס ניט ווינשען. אָט פונקט אין דיר געראָטען, — זאָגט די אלטע און האָט ביטרע צוגעווינקט מיט די אויגען.

— פון וואָס איז עס געשטאָרבען? מען האָט איהם מסתמא שלעכטע נאַהרונג געגעבען.

— עט, וואָס פאר א עסען? ווי א פרעמדען קינד. אבי דערפיהרען א לעבעדיגען.

דאָס איז געווען אלעס, וואס נעבלודאָוו האָט געקענט דערוויסען זיך וועגען זיין קינד.

## 6.

ווען נעבלודאָוו האָט זיך געזעגענט מיט דער אלטער מאַטרענא און איז ארויסגעגאנגען, האָט ער דערזעהן, אז די צוויי פוי־

ערשע אינגלעך שטעהן דרויסען און ווארטען אויף איהם. נאָך אנדערע אינגלעך האָבען זיך אָן זיי אנגעשלאָסען. איינינע ווייבער זיינען דאָ אויך געשטאנען צוזאמען מיט זיי, צווישען וועלכע עס איז געוועזן אַן ארימע, אפּגעריסענע, און שמאַטעס געקליידעטע בלאַסע, מאַגערע פרוי מיט אַ זויג־קינד אין די ארעמס.

נעבלודאָוו האָט אַ פרעג געטוהן, ווער די ארימע פרוי איז.

— דאָס איז די אַניסיאַ, וועגען וועלכער איך האָב דעם באַרין דערצעהלט, — האָט געזאָגט איינער פון די אינגלעך, — איך האָב זי אַ רוף געטוהן אום דו זאָלסט אַליין זעהן, באַרין, ווי אָרים זי איז.

נעבלודאָוו איז צוגעגאנגען נאָהנט צו אַניסיאַ.

— ווי לעבט זיך אייך דאָ? — האָט ער זי אַ פרעג געטוהן.

— ווי איך לעב? איך לעב פון נדבות, וואס מען ווארפט מיר צו, דערפון לעב איך, — האָט אַניסיאַ געענטפערט און האָט זיך צואויינט.

נעבלודאָוו האָט ארויסגענומען זיין פּאָרטמאָנע און האָט געגעבען דער ארעמער מוטער אַ 10 רובעלדיגע. ער האָט נאָך ניט צייט געהאט אָפּצוגעהן אַ צעהן שריט, ווי אַן אנדער פרוי מיט אַ קינד אויף די הענד האָט איהם אָבגעהאַלטען און געבעטען אום הילפע; נאָך איהר איז געקומען אַ'ן אַלטע און דאַן נאָך איינע.

זיי האָבען איהם דערצעהלט פון זייער עלענד, פון זייערע יסורים און האָבען איהם געבעטען, ער זאָל זיי שטיצען. נעבלודאָוו האָט זיי אזוי צוטהיילט 50 רובעל, וועלכע זיינען ביי איהם געוועזן אין פּאָרטמאָנע, און האָט זיך מיט אַ טרויעריגען געמיטה אומגעקעהרט אין קאנטאָר פון זיין פערוואַלטער.

דער פערוואלטער האָט איהם בעגעגענט מיט דעמזעלבען שמייכעל, ווי אימער, און האָט איהם מיטגעטהיילט, אז די פויערים זיינען געוועזן און זיי וועלען זיך אבענדס פערזאמלען. נעבלודאָוו איז געוועזן צוטראַגען און איז ארומגעגאנגען אין גארטען, שפּאַצירענדיג הין און צוריק. וואָס מעהר ער האָט געטראכט, אַלץ מעהר

זיינען איהם ארויפגעקומען די עראינערונגען וועגען דער לאגע פון די עלענדע.

„דיעזע אונגליקליכע קומען אום, ווייל זיי האבען קיין לאנד ניט, פון וועלכע זיי זאלען זיך ערנעהרען, ווייל זיי פעהלט די ערד. וועלכע זיי בעארבייטען פאר אנדערע. דיעזע אנדערע האבען די פרנסה דערפון און זיי אליין, די בעארבייטער פון דער ערד, לעבען אין דחקות. און מיר, וועלכע לעבען אומזיסט פון דעם אלעם, רעכענען זיך נאך אלס נאטירליך נויטוועגדיגע אין דער געזעל־שאפט, און אין אונזערע אוניווערזיטעטען, אין אונזערע פערוואל־טונגען, אין אונזערע צייטונגען שטרייט מען ארום איבער די אור־זאכען פון די עלענד פון די דארף־בויערן און די פערשיעדענע מיט־לען ווי עס אפצוהעלפען. אבער מיר לאזען די איינציגע אורזא־כע פון דיעזען עלענד בעשטעהן, ניט דערמאהנענדיג אפילו אז דאס איז די איינציגע און די אמת'ע אורזאכע. מיר הערען נאך ניט אויף צו בערויבען די בויערן פון דער ערד, אהן וועלכער זיי קענען ניט לעבען".

דיעזע געדאנקען זיינען געוועזען פאר נעכלודאוו'ן אזוי קלאהר און דייטליך, אז ער האט זיך איצט געוואונדערט, ווי אזוי האט ער דאס די גאנצע צייט ניט פערשטאנען.

ער האט דערקענט איצט, אז דער איינציגער מיטעל, מיט וועלכען מען קען אפהעלפען דעם גאנצען עלענד פון די בויערען, איז מען זאל זיי צוריקגעבען די ערד, וועלכע מען האט פון זיי גע־רויבט, און וועלכע איז דער איינציגער קוואל פון זייער לעבען. איהם איז איצט קלאהר געווארען דער געדאנק, אז די עופּה'לעך שטארבען אוים איינפאך דערפאר, ווייל זיי האבען ניט גענוג מו־טער־מילך צום זויגען און קיין אנדערע מילך, דערפאר וואס די על־טערען האבען ניט קיין לאנקעס, וואו צו פיטערען קיין קיה און אלעס בעלאנגט צום פּריץ.

נעכלודאוו האט ביי זיך פעסט בעשלאסען צו פערדינגען די גאנצע ערד אזוי, אז די געלד, וועלכע זיי וועלען אויסצאהלען פאר ארענדע, זאל זיין צו זייערע אייגענע נוצען. עס זאל געהן איז

דער געמיינדע־קאסע און זיי זאָלען דערמיט קענען דעקען זייערע נאָלאָגען און געזעלשאפטליכע בעדירפניסע.

נאָך דעם ווי נעבלודאָוו האָט אפּגעגעסען איז ער אריין מיט זיין גוט־פערוואלטער אין קאנטאָר און האָט זיך מיט איהם געזעצט אויסארבייטען דעם פּלאן. ער האָט געפיהלט, אז ער דארף מיט וועמען עס איז ריידען, מיט יעמאנדען טהיילען זיינע געדאנקען און די געפיהלען, וואס בעוועגען זיין הארץ.

ער האָט דעם פערוואלטער דערצעהלט וואס ער רעכענט צו טאָהן, אז ער וויל אוועקגעבען זיינע גיטער צו די בויערען, און ער האָט איהם געפרעגט, אויב דער פּלאן, ווי אזוי דאס זאל געשעהן, געפעלט איהם. דער פערוואלטער האָט זיס געשמייכעלט, אזוי ווי ער וואלט דערמיט וועלען זאגען, אז ער האָט דאָס אלעס אליין שוין לאנג געטראכט און איהם פרעהט צו הערען אזעלכע געדאנקען. דאביי האָט ער אבער אייגענטליך גאָר ניט פערשטאנען פון דעם וואָס נעבלודאָוו האָט איהם געזאָגט.

— דאס איז אויסגעצייכענט. איהר ווילט, הייסט עס, פערדינגען די גאנצע ערד און וויסען נור רענט צו נעהמען?

— אָבער ניין, איהר פערשטעהט מיך ניט. איך וויל זיי דאס פאלשטענדיג שיינקען.

— דאָס הייסט, אלזאָ, זיי וועלען גאָר אפילו קיין רענט אויך ניט נעהמען? — און האָט אויפגעהערט צו שמייכלען.

— ניין, איך וועל קיין רענט ניט נעהמען.

דער פערוואלטער האָט זיך אפּגעזיפצט און האָט אבער באלד ווידער אנגעהויבען זיס צו שמייכלען. איצט האָט ער פערשטאנען. ער האָט דערקענט אז נעבלודאָוו איז א ביסעל מטושטש, זיין פּראָיעקט איז איהם פּאָרגעקומען אלס א שטיקעל משוגעת און ער האָט באלד אָנגעהויבען קלערען ווי ארויסציהען דערפון עפּעס א נוצען פאר זיך. ווען ער האָט געמערקט, אז נעבלודאָוו׳ם אבזיכט קען איהם פּערזענליך ניט נוצען, האָט ער זיך דערפיהלט ווידער בעריהרט. ער האָט פון דעסטוועגען ניט אויפגעהערט ווידער זיס צו שמייכלען, אום צו געפעהלען זיין דעם הערן.

ווען נעכלודאָוו האָט דערזעהן, אז דער פערוואלטער האָט איהם נאָך אלץ ניט גרינדליך פערשטאַנען, האָט ער זיך געזעצט ביים שרייב־טיש און האָט אנגעשריעבען זיין פּראָיעקט אויפ'ן פּאַפּיער.

די זון איז שוין אונטערדעסען אונטערגעגאַנגען און די לבנה האָט זיך אנגעהויבען צייגען אויפ'ן הימעל. נעכלודאָוו האָט זיך אונטערגעאיילט אויסצושרייבען זיין פּלאַן, האָט צוגערופען דעם פערוואלטער און האָט איהם ערקלערט, אז ער פערלאַנגט ניט, אז די בויערען זאָלען אריין אין קאַנטאָר, זאַנדערן ער אליין וועט צו זיי געהן אין דאָרף אויף א בעשטימטען פּלאַץ, וואו זיי זאָלען זיך פערזאַמלען, און ער וועט צו זיי ריידען.

ער האָט אויסגעטרונקען די גלאָז טהעע, וועלכע מען האָט איהם אריינגעטראַגען, און איז אוועק אויף דעם וועג צום דאָרף.

7.

די בויערען האָבען זיך אלע פערזאַמעלט אינ'ם הויף פונ'ם סטאַראָסטאַ און האָבען געפיהרט א געשפּרעך צווישען זיך טומלענדיג. ווען זיי האָבען דערזעהן נעכלודאָוו'ן אנקומענדיג, זיינען זיי אנטשוויגען געוואָרען און האָבען אראָפּגענומען די היטלען פאר'ן פּריץ.

נעכלודאָוו האָט גלייך אנגעהויבען צו זיי צו ריידען, און האָט זיי מיטגעטהיילט, אז ער האָט בעשלאָסען אפּצוטרעטען זיי זיינע ערד. די בויערען האָבען איהם געהערט, שווייגענדיג שטיל, ניט א פּינטעל טוהענדיג אפילו מיט אן אויג.

— איך בין דער מיינונג, — האָט נעכלודאָוו זיי אנגעהויבען צו ערקלעהרען, רויט ווערענדיג, — דאָס יעדערער האָט דאָס רעכט פון דער ערד צו ציהען נוצען.

— אמת, — האָבען זיך אייניגע שטימען אפּגערופען, — דאָס איז אמת געזאָגט.

ער האָט זיי ווייטער און ווייטער פאַנאַנדערגעלייגט, אז דער פּראָפיט פון דער ערד מוז צווישען אלעמען פערטהיילט ווערען, און האָט זיי דארום פאָרגעשלאָגען, זיי זאָלען פון איהם נעהמען

זיינע ערד פיר דעם געמיינשאפטליכען געברויך פון זייער געמיינ־דע, און זיי זאלען אויך בעשטימען וויפיעל רענט עס זאל געצאָהלט ווערען פאר נוצען די ערד, אָבער דיעזעס געלד זאָל בע־לאנגען צו דער געמיינדע אליין, עס זאל בילדען א געזעלשאפטס־קאפיטאל, א געמיינשאפטליכע קאסע.

עס האָבען זיך דאָ ווידער איניגע בויערען אפגערופען צו־שטימענד, אָבער דאָך זיינען די ערנסטע געזיכטער זייערע גע־ווארען אלץ מעהר פעוואלקענט, און זיי האָבען אראפגעלאָזען זייע־רע אויגען צו דער ערד, אזוי ווי זיי וואָלטען מורא געהאט, אז נעכ־לידאָוו וועט זיך פערשעהמען ווען זיי וועלען אויף איהם א קוק טאָהן, דען זיי וועלען איהם דערמיט צייגען, אז זיי פערשטעהן זיינע ביטרע פלענער און אז ער וועט זיי אזוי גרינג ניט אָפנארען.

— נו, ווי גרויס דענקט איהר זאָל זיין דער אָבצאהל פאר די ערד, — האָט געפרעגט נעכלודאָוו צולעצט.

— ווי קומען מיר צו באָטען א פרייז? דאס קענען מיר ניט, דאס איז אונמעגליך! איהר זייט דאָך דער פריץ, דאָס לאנד געהערט אייך, — האָבען זיך אפגערופען שטימען פון די פויערים.

— אבער איך זאָג דאָך אייך, איהר זאלט דאָס געלד גע־ברויכען פיר די בעדירפניסע פון אייער געמיינדע, — האָט נעכ־לודאָוו פערוואונדערט געזאָגט.

— דאָס קענען מיר ניט, — האָבען די בויערען געענטפערט טרוקען.

— אבער בעגרייפט דאָך, — האָט זיך ארייגעמישט דער פערוואלטער, — פערשטעהט איהר דען ניט, אז דער פירסט מאכט אייך דעם פאָרשלאג, ער וויל אייך דאָס לאנד פערדינגען פאר א בעשטימטען פרייז, אבער דיעזעס געלד זאל צו קיינעם ניט געהע־רען, נאָר צו אייך אליין, עס זאָל בילדען א קאפיטאל, פון וועלכען איהר אליין זאָלט די נוצען ציהען.

— אָ, מיר פערשטעהען דעם פירסט גאנץ גוט, — האָט זיך איצט אפגערופען א'ן אלטער בויער, — עס איז די אייגענע זאך אזוי ווי מ'עז וואלט איינלייגען דאס געלד אין באנק. אבער דערווייל

מוזען מיר דאָך דאָס געלד צאָהלען, און דאס ווילען מיר ניט. עס וועט אונז אזוי אויך שווער זיין דורכצוקומען. עס וואלט דאָך זיין אונזער פאלקאמער רואין.

— ער האָט רעכט, דאס איז אמת; זיכער אזוי! מיר ווילען ליעבער עס זאָל בלייבען ווי פריהער איז געווען, און מיר וועלען קיין ערד ניט נעהמען, — האָבען זיך אפּגערופען פיעלע אונצו־פריעדענע שטימען, זאגאר אביסעל צאָרנדיג.

דיעזע אונצופריעדענהייט האָט אנגעהויבען צו שטייגען באלד ווי די ערשטע האָבען נור געוואגט ארויסצוזאגען וואס זיי מיינען, און ווען נעבלודאָוו האָט זיי געזאָגט, אז ער האָט אויפגעשריע־בען א קאָנטראקט צווישען איהם און זיי, וועלכען זיי וועלען דאר־פען געהן אין קאנטאָר אונטערצייכענען, דאָ האָט עס אויסגעבראָ־כען אָפען.

— אונטערשרייבען? פאר וואָס זאָלען מיר זיך אונטער־שרייבען? ווי מיר ארבייטען איצט, אזוי וועלען מיר ווייטער אויך ארבייטען. וואָצו דארף מען דאָס?

— ניין, מיר קענען דערויף ניט איינגעהן, זאָל בלייבען ווי געווען. מיר דארפען קיין ערד ניט מעהר, מיר פערלאנגען ניט. פארוואס זאלען מיר זיך אונטערשרייבען?

— אלזאָ, ווילט איהר מיין פאָרשלאג גאָר ניט אננעהמען? איהר ווילט ניט אז איך זאָל אייך אוועקגעבען מיין ערד? — האָט נעבלודאָוו איבערגעפרעגט, און האָט זיך געווענדעט א פערוואונ־דערטער צו א פויער, וואס איז געשטאנען נעהענטער צו איהם?

— יאָ, פירסט, מיר ווילען ניט, מיר דארפען ניט.

— האָט איהר, הייסט עס, גענוג לאנד און איהר דארפט ניט מעהר? — האָט ער ווידער געפרעגט.

— וואס פאר ערד? מיר האָבען ניט קיין ערד. ווער זאָגט, אז מיר האָבען ערד? — האָט איהם געענטפערט א'ן אויסגעדינ־טער סאָלדאט פון די בויערען.

— נון, איבערלייגט זיך דאָך, טראכט דורך וועגען דעם, וואס איך האָב אייך געזאָגט.

— עס איז ניטאַ וואָס צו איבערלייגען זיך . ניטאַ וואָס צו טראַכטען. מיר האָבען שוין דאָך געזאָגט, מיר ווילען ניט.

— איך פערבלייב דאָ נאָך אויף אַ טאָג, דיינקט נאָך און איהר וועט מיר שיקען זאָגען.

די פּויערים האָבען גאַרנישט געענטפערט. אזוי האָט זיך נעכלודאָוו ניט געקענט דערשלאָגען קיין טאָלק, און איז אוועק צו־ריק אין קאַנטאָר.

— און איך זאָג אייך, פּירסט, — האָט געזאָגט דער פער־וואַלטער, ווען זיי האָבען זיך אומגעקעהרט צוריק, — אַז איהר וועט זיך מיט זיי קיין מאָל ניט צונויפרריידען; אַ פער׳עקשנ׳טעס פאָלק. און ווען זיי זיינען נאָך אַלע פערזאַמעלט אין איינעם, שפּאַרט עס זיך איין און ניט פון אָרט. גאָר פּשוט, עס האָט מורא פאַר אַלעם. אָט נעהמט די זעלביגע מוזשיקעס, און רעדט מיט זיי זיך דורך, זיינען זיי גאַנץ פערשטענדיגע מענשען; אָט דער אַלטער, וועלכער האָט זיך פערעקשנט, ווייסט איהר, ער איז דאָך אַ קלוגער פּויער; אבער זיי גלויבען אַלץ ניט, זיי האָבען מורא. אָט זאָל אַזאַ פּויער אריין אין קאַנטאָר, זעצט איהם אוועק טהעע טרינקען, רעדט זיך מיט איהם פאַנאַנדער אזוי ברייטליך, וועט איהר זעהן אַ חכם, אַ קאָפּ פול מיט שכל, אַ מיניסטער, פער־שטעהט אַלץ, ווי עס דאַרף צו זיין. און אויף אַ סכאָדקע (פער־זאַמלונג) איז דאָס גאָר אַן אַנדער מענש, עקשנ׳ט זיך איין אין געגנוג...

— קען מען פיעלייכט אַ רוף טאָהן אַהער די רעכטע פער־נינפטיגע בויערן, איינינע מענשען, — האָט אַ פרעג געטאָהן נעכ־לודאָוו, —איך וואָלט זיי גוט געבען צו פערשטעהן.

— דאָס קען מען, פאַר וואָס ניט , — האָט געענטפערט אַלץ מיט אַ זיסען שמייכעלע דער פערוואַלטער.

— נון, רופט זיי אהער אויף מאָרגען.

— דאָס קען מען אַלץ אויספיהרען, — האָט זיס געשמייכעלט דער פערוואַלטער, — איך וועל זיי דאָ מאָרגען האָבען.

* *
*

— האָסט געזעהן אַ חכם אזא! — האָט זיך צורעדט דער שווארצער מוזשיק, רייטענדיג אויף זיין מאָגערע קליאטשע, צו דעם צווייטען מאָגערען אלטען, וועלכע האָט געטראגען א׳ן אייזער־נע פענטע און איז געגאנגען לעבען דעם רייטענדען. די פויערן זיינען דאס געגאנגען איבערנעכטיגען אויפ׳ן פעלד און היטען די פערד, ווי זיי קאָרמענען זיך ארום דעם ברייטען וועג און שטילער־הייט אויך אין פריץ׳ס וואלד.

— אומזיסט, זאגט ער, וויל איך אייך שיינקען די ערד, נור שרייבט זיך אונטער. מען פערשטעהט דעם עסק, ווייניג האָבען זיי אונז געשונדען?

— ניין, ברודער, ניט געטראפען דעם פלאץ! מיר האָבען שוין אנגעהויבען אליין אויך עפּעס צו פערשטעהן, און פערריידען אונז די ציינער איז שוין צו שפּעט.

— שרייב זיך אונטער, שרייב זיך אונטער, — און ווי דו שרייבסט זיך נור אונטער, דערשלינגט ער דיך א לעבעדיגען.

— געוויס, וואָס איז דאָ צו ריידען, — האָט צוגעשאָ־קעלט מיט׳ן קאָפּ דער אלטער, און דערמיט האָט זיך געענדיגט זייער געשפּרעך. נור דער קלאַפּ פון קאפּיטעס האָט זיך געהערט אויפ׳ן ווייטען וועג.

8.

אומקעהרענדיג זיך צוריק, האָט נעכלודאָוו געפונען שוין אין קאנטאָר אן אויסגעבעטע בעטעל מיט ווייכע קישענס, מיט א זייד־געשטעפּטע דעקע. דער פערוואלטער האָט געפרעגט נעכלודאָוו׳ן אויב ער וועט עפּעס עסען, אבער ערהאלטענדיג די אנטווארט אז ניט, איז ער ארויס און האָט איבערגעלאזען נעכלודאָוו׳ן אליין.

דאס וואָס די פויערן האָבען זיך ענטזאגט פון אנצונעהמען וואס ער האָט זיי אנגעבאָטען האָט נעכלודאָוו׳ן ניט אראָפּגעשלאָ־גען פון מוטה. גראדע פערקעהרט, אָבוואָהל דאָרטען, אין קוזמינ־

סקאַיע האָבען די מוזשיקעס אזוי גערן אנגענומען זיין געשאנק און האָבען אזוי פיעל גערדאנקט און געלויבט, און דאָ האָבען די פויע־רען, פערקעהרט, געקוקט אויף דער גאנצער זאך פערדעכטיג, פון דעסטוועגען האָט זיך דאָ נעכלודאָוו געפיהלט רוהיגער און בע־סער. אין קאנטאר איז געוועזן צו הייס און שטיקענד. נעכלודאָוו האָט געוואלט ארויס אין גאָרטען, ער האָט זיך אבער דערמאָנט אויף יענער נאכט, אויף דער פענסטער אין דינסטען־הויז, און איהם איז געווארען אונאנגענעהם.

ער איז ארויס אויפ'ן גאניק און האָט איינגעאטהעמט אין זיך פרישע לופט, ריינע לופט און דעם געשמאַקען גערוך פון די יונ־גע בעריאָזאָווע בלעטער. וואס פאר אן אנגענעהמע נאכט דאָס איז געווארען פאר נעכלודאָוו'ן! דער רויש פון די וואסערען לעבען מיהל, די טרעלען פון נאכטיגאל, דער קלאָהרער הימעל. זיין פאר־שטעלונגס־קראפט האָט איהם איצט געבראכט צוריק די עראינע־רונג פון זיין יוגענד און פון יענעם ליעבען זומער, וועלכען ער האָט דאָ אין יענע זיסע צייט פערבראכט. איהם האָט זיך געדוכט אויף א ווייל, אז ער איז דער זעלביגער וואָס דאן.

לאנג, לאנג איז ער געזעסען און האָט פאנטאזירט. אלע ביל־דער פון זיין קינדהייט זיינען דורכגעלאָפען אין זיין געהירען. די זילבערנע לבנה האָט אנגעהויבען בלאסער און מאטער ווערען, און ענדליך אין גאנצען פערשווינדען. דער מארגענשטערען האָט זיך שוין געצייגט אין מזרח זייט. ער איז אריין אין זיין צימער, האָט זיך געלייגט אופ'ן בעטעל, האָט נאָך לאנג, לאנג געטראכט, ביז ער איז ענדליך איינגעשלאפען. און דארום איז ער אויפגעשטאנען זעהר שפעט אויף דעם צווייטען טאָג.

9.

ארום מיטאָג צייט זיינען די זיעבען אויסערוועהלטע פויע־רים, וועלכע דער פערוואלטער האָט איינגעלאדען צום פריץ, גע־זעסען אין גארטען אונטער א'ן עפעל־בוים אויף א לאנגען באנק לעבען א טישעל. עס האָט געדויערט לאנג ביז מען האָט זיי איינ־געבעטען, אז זיי זאלען אנטאָהן די היטלען, צוזעצען זיך און פיה־

לען זיך אזוי ווי אין דערהיים. בעזאנדערס איז דאָס געווען מיט'ן סאָלדאט, וועלכער האָט די גאנצע צייט געהאלטען זיין היטעל אין האנד און האָט זי געדרעהט. ער איז געווען אנגעטאָהן אין א ווייסער לייוועטענער העמד, נייע אנוצעס און שפּאָגעל נייע לאפּטיעס.

ענדליך האָט זיך דער ערשטער, אן אלטער פון פאטריארכאלישען אויסזעהן, גרויער פויער, מיט א לאנגען ווייסען באָרד, געזעצט און האָט אנגעטאָהן זיין היטעל. די איבעריגע האָבען געפאָלגט נאָך איהם. ווען אלע זיינען שוין געזעסען אויף זייערע פּלעצער, האָט זיך נעכלודאָוו אוועקגעזעצט אנקעגען זיי און אנשפּארענדיג זיך מיט די עלענבויגענס אויפ'ן טיש, האָט ער אריינגעקוקט אין א פּאפּיער, אויף וועלכע עס איז ביי איהם געווען אנגעצייכענט דער קאָנספּעקט פון זיין פּראָיעקט, און האָט זיי דאָס אָנגעהויבען ערקלערען.

זאל דאס זיין דערפאר, ווייל עס זיינען געווען ווייניגער פּויערים, אָדער דערפאר, ווייל נעכלודאָוו אליין איז איצט געווען ניט אזוי פערנומען מיט זיך, אָבער ער האָט איצט געפיהלט זיך בעקוועמער, ניט אין אזא פערלעגענהייט, ווי דאס איז געווען מיט איהם דער פאל געסטערען. גאנץ רוהיג האָט ער זיך געווענדעט יעדע ווײלע הויפּטזעכליך צו דעם אלטען פאטריארכאלען בויער, ערווארטענדיג פון איהם א צושטימונג צו דאָס, וואס ער האָט געזוכט צו ערקלעהרען זיי, אדער הערען א געגענמיינונג און א טעם פאר וואס ער איז ניט איינפערשטאנדען. אבער נעכלודאָוו האָט געהאט, ווי עס שיינט, א טעות וועגען איהם. דיעזער שעהנער אלטער, מיט זיין פאטריארכאלען געשטאלט, האָט אפילו צוגעשאָקעלט מיט דעם קאָפּ אויף נעכלודאָוו'ס רייד, האָט איהם אבער ניט פערשטאנען. ער האָט עס נור אנגעהויבען צו פערשטעהן ערשט דאן, ווען די פויערן האָבען זיך וועגען דעם פּאָרשלאג פאנאנדערגערעדט אויף זייער אייגענער ארט. ער האָט פשוט ניט פערשטאנען די ארט ריידען פון נעכלודאָוו'ן.

מעהר פון אלעמען האָט נעכלודאָוו'ן פערשטאנען א הינקעדיגער פויערל, מיט איין אויג, וועלכער איז געזעסען לעבען דעם אל־

טען. ער איז געווען א מולער און א טעפער. ער איז געגאנגען אנגעטהאָן אין צוקרימטע שטיוועל און אין אן אלטע פּאָדדיאָווקע.

לעבען דיעזען איז געזעסען א ברייט־שולטערדיגער קורצער אלטער פויער מיט א ווייסען באָרד און גלאנציגע אויגען; ער האָט בענוצט יעדע געלעגענהייט אום צו מאכען איראָנישע און שפּאס־האפטע בעמערקונגען. און דער אויסגעדיענטער סאלדאט, ווי עס האָט געשיינט, האָט איצט אויך פערשטאנען גאנץ גוט וואס נעכ־לודאָוו האָט זיי געזאגט.

מיט מעהר ערנסט פון אלעמען האָט זיך אבער צוגעהערט צו נעכלודאָוו'ס רייד א הויכער פויער, מיט א קליינעם בערדעל מיט א לאנגען שארפען נאָז.

צום אלעם ערשטען האָט נעכלודאָוו זיי ערקלעהרט זיין אנ־זיכט איבער פּריוואט אייגענטהום אויף לאנד.

— ערד, נאָך מיין מיינונג, האָט מען קיין רעכט ניט צו קויפען און ניט צו פערקויפען; ווארום, אויב מען זאל מעגען פערקויפען און קויפען ערד, זאָ קען עס דאָך פּאסירען, אז די, וואס האָבען געלד, זאלען די גאנצע ערד אפּקויפען און זאלען דערנאָך נעהמען פון די, וועלכע האָבען קיין געלד ניט, אלעס וואס זיי וויי־לען פאר דעם רעכט צו נוצען א שטיקעל ערד.

— דאָס איז אמת אזוי, — האָט זיך אָבגערופען מיט א דיי־קער שטימע דער שארפנעזיגער פויער.

— טאַק טאָטשנאָ, — האָט זיך אבגערופען אויך דער סאָל־דאט.

— א פויערטע האָט אָנגעריסען א ביסעל גראָז פאר דער בהמה'לע — געכאפּט, — אין אָסטראָג און אָט האָסטו דיר, — האָט צוגעבורטשעט דער בעשיידענער אלטער.

— אָט האָבען זיי ערד אויף פינף וויאָרסט, און געה דינגען רייסען זיי די הויט, אן עולה, — האָט נאכגעזאגט אויך אן אלטער אָהן ציינער.

— וואָס מאכען זיי פון אונז ניט, נאָך ערגער פון פּאנשצי־נע, — האָט דער בייזער פויער אָבגעזאָגט, אָפּקעהרענדיג

— איך בין מיט אייך איינפערשטאנדען. איהר האָט רעכט, — האָט געענטפערט נעבלודאָוו.

— דאס איז אמת, — האָט געענטפערט דער פויער מיט'ן לאנגען שארפען נאָז אויף זיין גראָבער באס־שטימע.

— געוויס, — האָט צוגעשטימט דער סאָלדאט.

— מיין אלטע האָט פאר דער קוה אביסעל גראָז אנגעריסען, האָט מען זי געפאקט און אריינגעזעצט, — האָט דער קורצער אל־טער מיט די איראָנישע גלאנציגע אויגען געמאכט א בעמערקונג.

— מען האָט א שטיקעל לאנד, וואָס איז אין גאנצען גרויס אזוי ווי דער גארטען דאָ, — האָט ער ווייטער געזאגט ערנסטער, — און צו־דינגען אנדערע ערד קען מען ניט, דען זיי האָבען ארויפגעצויגען אזעלכע פרייזען, אז מען קען גאָר ניט צוקומען. וואו נעהמט מען אזוי פיעל געלד?

— יע, — האָט זיך אפגערופען דער הינקעדיגער, — מען שינדט פון אונז די הויט געננוג. עס איז נאָך ערגער ווי פאר דער צייט, ווען די פערשטארבענע פריצטעס האָבען דאָ געפיהרט די ווירטהשאפט!

— איך האָב דאָס אלעס נאָכגעטראכט, — האָט נעבלודאָוו פאָרטגעזעצט, — און איך געפין פאר א זינד צו בעזיצען ערד. איך האָב זיך בעשלאָסען דארום די ערד, וואס איך האָב, אוועקצו־געבען.

— ווארום ניט, דאָס איז זעהר א וואוילע זאך, — האָט גע־ענטפערט דער אלטער מיט'ן לאנגען באָרד. ער האָט געמיינט, אז נעבלודאָוו וויל דאָס פשוט פארדינגען די ערד צו די פויערים איידער צו האלטען זי אליין און דינגען צו בעארבייטען זי.

— נו, דערפאר בין איך דאס אהער געקומען, איך וויל פון מיין לאנד מעהר קיין נוצען ניט ציהען. אבער מיר מוזען זיך דורכ־ריידען און בעקלערען ווי בעסער דאָס איינצוארדנען.

— נעהם פראָסט און שיינק אוועק דיין ערד צו די פויערים און געננוג! — האָט פלוצלינג א זאָג געטאָהן דער אהן־ציינערדיגער אלטער.

ווען נעבלודאָוו האָט דאס דערהערט איז ער אביסעל געבלי־בען צוטומעלט; ער האָט געפיהלט אין דיזע ווערטער א שטע־כיגען פארוואורף געגען דער עהרליכקייט פון זיינע אבזיכטען. ער האָט זיך אבער געשטארקט ארויסצוזאגען דאס אלעס וואס ער האָט זיך ענטשלאסען פון פריהער זיי צו זאגען.

— איך וועל אייך געבן אוועקגעבען מיין לאנד, אבער מען דארף נאָך וויסען ווען און ווי אזוי.

קיינער האָט ניט געענטפערט, און נעבלודאוו האָט מוטהיגער ווייטער ערקלעהרט.

— זאָגט מיר ווי וואָלט איהר געטהאָן אויף מיין פלאץ, אז איהר וואָלט געוואָלט אוועקגעבען ערד צו די פויערים ?

— ווי וואלטען מיר אנגעהויבען צו טאָן ? גאָר איינפאך. מיר וואָלטען דאָס גאנצע ערד פערטהיילט צווישען די פויערים, — האָט דער אלטער געזאָגט.

— אלע אנדערע האָבען מיט ווערטער אָדער צושאָקלענדיג מיט די קעפּ צוגעשטימט צו דיזע רייד.

— דאָך ווי זאל מען זיך נעהמען פאר דער צוטהיילונג ? — האָט געשטעלט פראסט די פראגע נעבלודאָוו, — זאל מען, צום ביישפּיעל, די הויפּישע דינערשאפט אויך איינטהיילען ערד ?

— ניין, געוויס ניט, — האָט ערקלערט דער אלטער נידריגער פויער מיט די גלאנציגע אויגען.

אָבער דער פויער מיט'ן שארפען, שפּיציגען נאָז האָט געענט־פערט, אז דאס איז ניט זיין מיינונג, אז מען מוז דאָס לאנד צו־טהיילען אויף גלייך צווישען אלעמען.

— ניין, דאס איז אונמעגליך, — האָט נעבלודאָוו געגעבען צו פערשטעהן, — ווען איך זאל אלע די שטיקער לאנד פערטיילען אונטער אלעמען צוגלייך, וואס וואָלט דערפון ארויסגעקומען ? די וואס בעשעפטיגען זיך אליין ניט מיט ערד־ארבייט, וואלטען דאָך פערקויפען זייערע חלקים צו די רייכע, און אזוי וועט זיך דאס לאנד ווידער אנזאמלען אין די הענד פון די רייכע. פערקעהרט, די וואס בעארבייטען אליין די ערד, וואלטען מיט דער צייט, ווען זייע־

רע פאמיליען פערמעהרען זיך, געמוזט צוטהיילען און צוברעקלען זייער טהייל אויף די ערוואקסענע נפשות. נו, וועלען דאך די רייכע ווייטער האָבען די מאכט איבער די אָרימע, וועלכע זיינען אנגעוויעזען צו לעבען פון די פריכטע פון דער ערד, וועלכע זיי אליין בעארבייטען.

— מען מוז זיי פערבאָטען צו פערקויפען די ערד; מען דארף צווינגען, אז זיי זאלען אליין די ערד בעארבייטען, — האָט זיך דער מולער אָבגערופען.

אבער נעכלודאָוו האָט זיי ערקלערט, אז דאס איז אונמעגליך, און דאס איז קיין גאנג ניט. און איבערהויפט א גלייכע טהיילונג חלק לחלק איז ניט מעגליך.

— איינעם פון אייך וועט אנקומען גוטע, פעטע ערד, דעם אנדערן לוימיגע, זאמדיגע, און אלע ווילען דאך האָבען גוטע ערד.

דער הויכער מוזשיק מיט דער שארפע נאָז, דער קליגערער פון די אלע, האָט אלס ענטפער אויף נעכלודאָוו'ס ערקלעהרונגען געמאכט דעם פארשלאג, אז די גאנצע געמיינדע זאל בעארבייטען די גאנצע ערד און מען זאל זי ניט צוטהיילען שטיקערווייז.

— ווער עס בעארבייט די ערד, יענער זאל נעהמען א חלק פון די תבואה, און ווער עס ארבייט ניט, זאל גארנישט קריגען, — האָט ער ערקלעהרט מיט זיין באַס־שטימע.

נעכלודאָוו האָט דערויף געענטפערט, אז דאָס איז געוועזן אין אָנפאנג זיין געדאנק, אבער דאך ווען ער האָט נאכגעדיינקט, ווי דורכצופיהרען דיעזען פראיעקט, האָט ער איינגעפונען, אז צו דעם וואָלט געוועזן נויטיג אז אלע זאָלען האָבען דיזעלביגע ארבייטס־אינסטרומענטען, דיעזעלביגע מיטלען, ווי צו בעארבייטען די ערד און איבערהויפט, אז אלעס זאל דאן זיין געמיינשאפטליך, אבער דאס איז אונמעגליך, וואו אלע זאלען ניט זיין איינינג.

— א, אונזערע לייט וועלען קיין מאָהל ניט איינינען זיך אין אזא זאך, — האָט ערקלעהרט דער ניעדריגער גרייז־גרויער פויער מיט די גלאנציגע אויגען.

— עס וועט נאָך קומען דורך דעם צו געשלעג, — האָט זיך אָפּגערופען אַ'ן אנדערער.

— איהר זעהט, אז עס איז ניט אזא גרינגע זאך, ווי אייך האָט זיך פון אנפאנג אויסגעוויעזען, — האָט געזאגט נעבלודאָוו. — און מיר זיינען ניט די איינציגע, וועלכע מאטערען זיך צו לייזען די פראגע; אָט איז פארהאן אן אמעריקאנער מיט'ן נאָמען הענרי דזשאָרדזש, הערט וואָס ער האָט אויסגעפונען פאר א מיטעל; איך האלט מיט איהם דעריין.

— דו ביסט דאָך דער פּריץ. דו קענסט טהאָן, ווי דיר גע־פעהלט, — האָט בעמערקט דער אהנצייגנערדיגער אלטער, — און מיר וועלען מוזען פאָלגען ווי דו וועסט זאגען.

דיעזע אונטערברעכונג האָט נעבלודאָוו'ן פערדראסען. ער האָט זיך אבער באלד בערוהיגט, דען ער האָט דערזעהן, אז אלעמען האָט געקריינקט די בעמערקונג פון דעם אלטען.

— אָך, דיאַדיאַ סעמיאָן, לאָז איהם דאָך אפריהער געבען אונז צו פערשטעהן זיינע געדאנקען, — האָט אויך פערדריסליך געזאגט דער לאנג־נעזיגער מוזשיק.

— די ערד געהערט קיינעם ניט, — האָט אנגעפאנגען נעבלו־דאָוו, זי געהערט צו גאָט.

— אמת! אזוי איז דאָס טאקע! דאס איז אין אמת'ן אזוי!

— האָבען זיך אָפּגערופען שטימען פון פערשיעדענע זייטען.

— די גאנצע ערד דארף בעזעסען ווערען פון אלעמען. יע־דערער האָט א גלייכען רעכט צו הנאה האָבען פון דער ערד, אבער עס איז דאָ גוטע ערד און שלעכטע ערד און יעדערער וואָלט דאָך וועלען די גוטע ערד האָבען. נו, ווי מאכט מען, עס זאָלען אָנ־קומען גלייכע חלקים פאר אלעמען? דער וואָס קלייבט תבואה פון גוטע ערד, מוז דאס מעהרערע וואס ער קריגט פון זיין חלק צו־טהיילען מיט דעם, וואס בעארבייט שלעכטערע ערד. ווי זשע אבער רעכענט מען דאָס אויס? ווער ווייסען און ווי זאָל מען עס אויס־צאָהלען דעם אונטערשיעד? דאס איז א שווערע זאך אויסצופיה־רען. אזוי אָבער ווי געלד איז נויטיג אויסער דעם אויך אויף צו

בעפרידיגען געמיינדע־בעדירפניסע, זא איז דאס קליגסטע, אז יע־דער וואס בעארבייט א שטיק לאנד זאל צאהלען דערפאר א בע־שטימטען פרייז דער געמיינדע, נאך דעם וואס דער ערטראג פון זיין שטיקעל לאנד איז ווערטה. אויף אזא אופן קען זיך אלעס אויסגלייכען. וויל אימיצער בעארבייטען א שטיק לאנד, זא זאל ער איינטראגען דערפאר אין דער געמיינדע־קאסע, וויל ער ניט בעארבייטען זא זאל ער גארנישט ביישטייערן, דען ער בעקומט גאר־נישט.

— דאס איז א קלוגע קאפ, דער זשארזש, — האט זיך אב־געריסען דער פויער מיט׳ן לאנגען בארד.

— אזוי איז דאס גערעכט! — האט בעמערקט אויף דער מעפער, — ווער עס האט די בעסטע ערד, דארף מעהר בעצאהלען.

— דער פרייז זאל נאר ניט זיין צו־גרויס, — האט געזאגט דער לאנגנעזיגער.

— דער פרייז מוז אזוי אויסגערעכענט ווערען, אז עס זאל ניט זיין צו הויך און צו ניעדריג. איז דער פרייז צו גרויס, וועלען מיר איהם ניט קענען בעצאהלען און עס וועט ווערען קריגערייי; איז דער פרייז צו קליין, זא וועט איינער אבקויפען צופיעל לאנד און עס וועט זיך ווייטער אנהויבען די שאכעריי. אזוי איז די מיינונג פונ׳ם אמעריקאנער, דזשארדזש, און איך וואלט וועלען מיט אייך דורכמאכען עס אויף דעמזעלבען אופן, ווי ער שלאגט פאר.

— אזוי איז גוט! אזוי איז גוט! רעכט, אזוי וואלטען מיר אויך וועלען, — האבען זיך אפגערופען איצט אין איין קול אלע בויערן.

— דאס איז א קאפ! — האט ניט אויפגעהערט צו וויעדער־האלען דער אלטער, — אזעלכע זאכען אויסצוקלערען.

— און ווען איך זאל אויך וועלען האבען ערד? — האט א פרעג געטאהן דער פערוואלטער פון נעכלודאוו׳ס אימעניע מיט א שמייכעל.

— אויב עס איז פאראן א פרייער חלק, נעהם און בעאר־בייט, — האט געענטפערט נעכלודאוו.

— וואָצו דארפסט דו האָבען לאַנד? דו ביסט שוין פעט גענוג, — האָט זיך אפגערופען דער אלטער.

די בעשפּרעכונג האָט זיך דערמיט געענדיגט. נעכלודאָוו האָט ווידערהאָלט זיין פּלאַן און האָט זיי געזאָגט דאביי, אַז ער פערלאַנגט ניט זיי זאָלען איהם זאָגען גלייך אַ'ן אנטוואָרט, ער האָט זיי געגעבען אַן עצה זיי זאָלען זיך בעראַטהען מיט די איבריגע מיטגליעדער פון דאָרף און דאַן ברייגגען איהם אַ'ן אנטוואָרט.

אויף דעם צווייטען טאָג האָבען די בויערן געהאַט אַ'ן אַלגעמיינע בעראַטהונג איבער דעם פאַרשלאַג פון דעם „באַרין“. אבער די בעראַטהונגען זיינען געבליעבען אהן אַ רעזולטאַט. עס האָבען זיך געבילדעט צוויי פּאַרטייען אין דער געמיינדע. איינע האָבען איינגעפונען, אַז נעכלודאָוו'ס פּאָרשלעגע זיינען זעהר גוט און עס איז דעריין ניטאָ קיין געפאַהר. די אנדערע האָבען אבער חושד געווען, אַז דאָ מוז עפּעס שטעקען אַ שפּיצעל, און עס איז זעהר געפעהרליך אנצוהויבען זיך מיט דעם גאַנצען עסק.

עס איז אבער אויף דעם צווייטען טאָג געענדיגט געוואָרען; און זיי האָבען זיך געאייניגט דערויף, אַז עס איז אנגענומען געוואָרען איינשטימיג נעכלודאָוו'ס פּאַרשלאַג, און די פריהעריגע זיעבען פּויערים האָבען געבראַכט דעם בעשלוס צו נעכלודאָוו'ן.

אין דעם לעצטען טאָג פאַר זיין אָבפאַהרען איז נעכלודאָוו נאָך אמאָל דורכגעגאַנגען די הויז פון זיינע פערשטאָרבענע טאַנטעס און האָט אַלעס בעקוקט. אין דעם שופלאַד פון איין שראַנק האָט ער געפונען אַן אַלטען פּעקעל מיט בריעף און צווישען זיי אויך אַן אַלטע פאָטאָגראַפישע קאַרטע, וועלכע עס איז געוועזן אַ גרופּען-בילד פון די טאַנטעס צוזאַמען מיט איהם, אין זיין סטודענטען-קאָסטיום, און אויך קאַטיושאַ איז געוועזן אויף דיעזען בילד. פון אַלע זאַכען, וועלכע ער האָט געפונען, האָט ער נור גענומען די בריעף און דיעזע פאָטאָגראַפיע. אַלעס איבעריגעס, די מעבעל, די בילדער, די טהייערע גאַרדינען און פערשיעדענע אנדערע זאַכען האָט ער אוועקגעשיינקט דעם מילנער, וועלכער האָט אָבגעקויפט די הויז מיט די מעבעל פאַר דעם פערוואַלטער.

10.

ווען נעבלודאוו איז געקומען צופאהרען פון זיין רייזע צו לאנד צוריק אין שטאדט, האָט די שטאָדט מיט איהרע גאסען, מיט איהר טומעל געמאכט אויף איהם א בעזאנדערס אונאנגענעהמען איינדרוק. פון וואָקזאל איז ער געקומען אין זיין הויז. נעבלו־דאָוו'ס שלאָפצימער איז געווען אין אונאָרדנונג. מען האָט דאָס אָבער צורעכט געמאכט נאָך פאר דער נאכט, די לעצטע וועלכע איהם קומט אוים דאָ איבערצונעכטיגען. ער האָט אונ־רוהיג געשלאָפען די נאכט, אויף מאָרגען איז ער גאנץ פריה אויפ־געשטאנען, איז געגאנגען און האָט געפונען צוויי קליינע מעבליר־טע צימערן אין דער ערשטער גאַסטיניצע, וועלכע ער האָט געטראָ־פען אויף זיין וועג צום אסטראָג.

נעבלודאָוו האָט געלאָזט ברייינגען זיינע זאכען אין דער נייער וואָהנונג, און זיין ערשטער גאנג איז געווען צום אדוואָקאט.

עס איז געווען א קאלטער פריה־מאָרגען. נאָך דעם שטורם און די רעגענס איז געקומען א קליינער פרעסטעל. די לופט איז געווען פריש, דער ווינד שארף, און נעבלודאָוו האָט געציטערט פאר קעלט; ער איז ארוים אין א לייכטען אויבער־ראָק און איז דארום געגאנגען מיט שנעלע שריט, אום זיך צו דערוואָרעמען.

אין זיינע געדאנקען האָט יעצט ארויפגעשוואומען אלעס דאס וואָס ער האָט געזעהן אין דאָרף, וואָס ער האָט דאָרט געפו־נען. ער האָט וויעדער געזעהן פאר זיך דיעזע ווייבער, קינדער און אלטע לייט, דיעזעס עלענד און דיעזע מאטערניס, וועלכע ער האָט צום ערשטען מאָל אין זיין לעבען געזעהן. מעהר פון אלעס איז איהם געשטאנען פאר די אויגען דאָס בילד פון'ם אָרעמען, אונ־גליקליכען קינד, וואס האָט אויף זיין מוטער'ס ארימס רחמנות'דיג געשמייכעלט צו איהם און האָט ניט אויפגעהערט צו שאָקלען מיט זיינע פליישלאָזע פיס. יא, ער האָט געזעהן אָט דעם גאנצען יאָמער און ניט ווילענדיג האָט ער עס פערגליכען מיט דעם, וואָס ער איז געוואוינט צו זעהן ארום זיך. פערבייגעהענדיג דורך די מאגאזיינען פון עסענוואַרג, פערביי די קצבים און די פיש־הענדלער, און זע־

הענדיג די גוטע אָבגעפּאשעטע פּנים׳ער פון דיעזע קליינבירגער, האָט ער זיך געמוזט עראינערען אָן די בויערן, אן זייערע דארע, אויסגעמאָגערטע געזיכטער.

און ניט נור די געשעפּטסלייט אליין האָבען איהם יעצט אויסגעזעהן צו פעט און וואויל געפּיטערט, נאָר אפילו די קוטשערם פון די גרויסארטיגע וועגען, מיט זייערע לאנגע מאנטלען מיט גאָלדענע קנעפּ, די אויסגעפּוצטע דוואָרניקעס, די לאקייען מיט די שנעעווייסע פּארטוכער. דאָך אונטער דיעזער צופריעדענער מינע, האָט נעכלודאָוו דערקענט אין זיי דעם זעלבען סאָרט מענשען, וואָס ער האָט בעגעגענט אין דאָרף. בערויבט פון זייער לאנד זיינען זיי פּעריאָגט געוואָרען פון׳ם דאָרף. זיי זיינען געצוואונגען געוועזן צו קומען אין שטאָדט אריין. אייניגע האָבען פערשטאנען ווי זיך צו צופּאסען צו די אומשטענדען פון׳ם שטאָדטישען לעבען — זיי זיינען געוואָרען בירגער; און זיי האָבען זיך געפריים מיט דעם, זיי זיינען געווען שטאָלץ אויף זייער שיקזאל. און דאָך, וויפיעל אנדערע זיינען דאָ, טאקי פון׳ם זעלבען סאָרט, וואָס זיינען אויך, אזוי ווי יענע, פעריאָגט געוואָרען פון׳ם דאָרף און זיי געפינען זיך פונדעסטוועגען אין א פיעל ערגערע לאגע ווי אין דער היים! די שוסטערם, צוםביישפּיעל, וועלכע זיצען און ארבייטען שווער ביי די פענסטער פון די קעלערם; די מאָגערע און בלאסע וואש־פרויען מיט די צופּלאָנטעטע האָר, וועלכע שטעהען ביי די אָפענע פענסטער, פון וואנען עס הערט זיך א שטיקענדער גערוך פון זייף. אזוי זיינען אויך געוועזן די 2 פארבער, פון קאָפּ ביז די פים בעשפּריצט מיט פארב, די ארבעל פערקאטשעט איבער די עלענבויגען, מיט גרויסע עמערם פול מיט פארב אין די הענד געהען זיי איבער׳ן גאס און זידלען זיך איינע די אנדערע אויפ׳ן קול. זייערע פּנים׳ער האָבען אויסגעדריקט א צושטאנד פון מידקייט און פון שווערע זאָרגען, וועלכע דריקען זייער הארץ. דעמזעלבען אויסדרוק האָט ער געלעזען אויף די געזיכטער פון די פוהרמאנעס, וועלכע זיינען געלעגען און געציטערט אויף זייערע משא־וועגענער. דעמזעלבען אויסדרוק האָט מען געקענט ווי־

טער לעזען אויף די פּנים'ער פון די אין די טראנטעם געקליידעטע מענער, פרויען און קינדער, וועלכע זיינען געשטאנען אין די גאסען און געבעטעלט. אבער אין ערגעץ האָט נכלודאָוו ניט געפונען דעם אויסדרוק אזוי שארף, אזוי אויפפאלענד ווי אויף די געזיכטער פון די מענשען, וועלכע ער האָט בעמערקט ביי די פענסטער פון די שיינקען, נעבען וועלכע ער איז פערבייגעגאנגען. ביי שמוציגע טי־שען, אנגעשטעלט מיט פלעשער און גלעזער, זיינען געזעסען גרו־פען פון מענער; פון זייערע געזיכטער האָט זיך געגאָסען דער שוויים, זייערע באקען רויט ווי פייער, האָבען זיי ארויסגעלאָזען משונה'דיגע קולות, א מין געזאנג. ביי איין פענסטער האָט נעכלו־דאָוו בעמערקט איינעם פון יענע אונגליקליכע, וועלכער האָט מיט ברייטע אויפגעעפענטע אויגען און מיט אן אפענעם מויל ארויס־געקוקט פאר זיך, פונקט ווי ער וואָלט זיך וועלען עפּעס דערמאָנען.

— און צו וואָס האָבען זיי זיך אלע צוזאַמענגעקליבען דאָ אין שטאָדט? — האָט זיך נעכלודאָוו געפרעגט.

אין איינע פון די גאסען האָט ער אנגעטראָפען עטליכע ווע־גען פון משא, אויף וועלכע מען האָט געפיהרט אייזענשטאנגען. דער טומעל וואָס זיי האָבען אָנגעמאכט זיך אָנשלאָגענדיג איינע אָן די אנדערע, איז געוועזען אזוי גרויס, אז נעכלודאָוו האָט געקריגען קאָפּ־ווייטיג [?] ער האָט אלזא גענומען געהן מיט שנעלע טריט, אום זיך צו דערווייטערען פון'ם טומעל. פּלוצלונג האָט ער דער־הערט ווי איינער רופט אויס זיין נאָמען.

— נעכלודאָוו, דאָס ביסט דו?

נעכלודאָוו האָט זיך אין אנהויב דערפרעהט אויף דיעזער בע־געגענים.

— זעה, שענבאָק! — האָט ער פרעהליך אויסגערופען. באלד אבער האָט ער דערזעהן, אז ער האָט ניט קיין גרונד זיך אזוי צו פרעהען.

עס איז געוועזען דערזעלבער שענבאָק, וועלכער האָט איהם יענעם מאָל, נאָכדעם ווי ער האָט פערפיהרט קאטיושא'ן, אָבגע־

גומען פון זיין טאנטע. נעבלודאָוו האָט איהם זייט א לאנגער צייט ניט געזעהן אין די אויגען. מען האָט איהם אבער דערצעהלט, אז אויך שענבאָק האָט פערלאָזען דאָס מיליטער־דיענסט און, כאָטש ער איז ניט געווען רייך און איז געווען פערבאָרדען אין חובות, האָט ער דאָך אימער געלעבט אין רייכער געזעלשאפט. די עלעגאנטע קליידער, וועלכע ער האָט געטראָגען און די צופריעדענע מינע אויף זיין געזיכט, האָט נעכלודאָוו'ן איבערצייגט, אז מען האָט איהם ניט אבגענארט.

— דאס איז ווירקליך א גליק וואס איך האָב דיך דאָ גע־טראָפען! בנאמנות, א גליק. עס איז דאָך קיינער ניטאָ אין שטאָדט, קיינער ניט. אבער אַך, מיין ליעבער, דו ביסט דאָך אזוי אלט געוואָרען, — האָט דער געוועזענער אָפיצער געזאָגט, ארויס־געהנדיג פון וואָגען. — מערקווירדיג, איך האָב דיך דאָך דער־קענט נאָך דיין גאנג! מיר'ן עסען צוזאמען, וואָס? וואו קען מען דאָ האָבען אן אנשטענדיגען מאָהלצייט?

— איך האָב מורא, איך קען ניט אננעהמען דיין פארשלאג, — האָט נעכלודאָוו געענטפערט, זוכענדיג עפּעס א'ן אויסרייד זיך אויסצודרעהען פון זיין פריינד און איהם דערביי ניט בעליידיגען.

## 11.

נעכלודאָוו איז אריבערגעפאהרען צו זיין אדוואָקאט, וועלכער האָט מיט א זעהר העפליכער מינע איהם בעגעגענט, טראָץ דעם וואס דאס איז געווען גראדע א טאָג, אין וועלכען דער אדוואָקאט נעהמט ניט אָן קיינע קליענטען. דער אדוואָקאט האָט אם אלעם ערשטען דערצעהלט נעכלודאָוו'ן פון מענשאָוו'ס „דיעלע". ער האָט אונטערזוכט די פּאפּיערען און האָט אויסגעפונען, אז די אנקלאגע איז געווען אין דער ווירקליכקייט אָהן יעדער גרונד.

— די זאך איז אבער אזוי פערוויקעלט, — האָט ער גע־זאָגט, — עס שיינט, אז דער שיינקער האָט אליין אונטערגע־צונדען זיין שיינק אום אפּצונעהמען די פערזיכערונגס־געלד. עס איז קיין בעווייזע ניטאָ געגען מענשאָוו'ן. די פעראורטהיילונג

פון דעם אונשולדיגען איז בלויז צו פערדאנקען די גרויסע „סטאַ־ראניע“ פון דעם סודעבני סלעדאָוואטעל און דער נאכלעסיגקייט פונ׳ם פּראָקוראָר. דאָך אייגמאָל איז שוין אזוי געשעהן וועט עס זיין זעהר שווער צו פערריכטען. ווען מען וואָלט בלויז געקענט פועל׳ן, אז דער פאל זאָל נאָך אמאָל פאָרקומען פאר געריכט צום פערהאנדלונג און ווען עס זאָל מעגליך זיין, אז די פערהאנד־לונגען זאָלען געמאכט ווערען דאָ אויפ׳ן פּלאַץ, וואָלט איך גאנץ געוויס געווינען דעם פּראָצעס. און איך וואָלט אָנגענומען זיך צו פיהרען דעם פּראָצעס אומזיסט. און די „דיעלע“ פון דער פעדאָסיא ביריוקאָוו, פון וועלכע זיי האָבען מיר דערצעהלט, האָב איך אויך דורכגעקוקט. אָט דאָ האָב איך איהר פּראָשעניע אום בעגנאדיגונג. ווען איהר פאָהרט קיין פּעטערבורג וועגען מאסלאָווא, קענט איהר עס מיטנעהמען און אנגעבען אזוי, אז עס זאָל ניט פערלעגען ווערען, זאָנסט נעהמט עס צו לאנג. טהוט אייער מ ע ג ל י כ ע ס, דען איך זעה דאָך, אז די זאך איז אייך אזוי טהייער. נון, מיט וואָס נאָך קען איך אייך דיענען, ליעבער פירסט?

— יא! מען האָט מיר דערצעהלט...

— ווי איך זעה, זייט איהר געוואָרען א מליץ יושר פאר די אלע וואס בעקלאָגען זיך אין אסטראָג, — האָט געזאגט דער אד־וואָקאט מיט א גראָבען שמייכעלע, — אבער איך זאג אייך פאר־אויס, — איהר וועט קיינמאָל פון אזעלכע זאכען ניט קענען פּטור ווערען. עס זיינען צופיעל אזעלכע עסקים...

— ניין, אבער דאָס וואס איך האָב געהערט איז זעהר אַ מיאוסע געשיכטע, עטוואָס שרעקליכעס, — האָט נעכלודאָוו, ניט הערענדיג דעם אדוואָקאט, ווייטער גערעדט, און האט דערצעהלט דעם אדוואָקאט די געשיכטע, וועלכע ער האָט געהערט אין דאָרף מיט צוויי טעג צוריק. די געשיכטע בעשטעהט דעריין.

א געבילדעטער בויער האָט פאָרגעלעזען פאר זיינע קאמעראַ־דען דעם עוואנגעליום, און האָט זיי ערקלערט דעם אינהאלט. דער פּאָפּ האָט דעריין געזעהן א פערברעכען און האָט אויף איהם אנ־

געצייגט. אן אונטערזוכונג האָט געפאָלגט, און דער פּראָקוראָר האָט אויפגעהויבען אן אנקלאגע געגען דעם בויער. די אנקלאגע איז בעשטעטיגט געווארען פון דער אונטערזוכונגס־פּאָליציי.

— איז דאָס ניט שרעקליך? — האָט נעבלודאָוו א פרעג געטאָן, ענדיגענדיג די געשיכטע.

— וואס קומט דאָ אייך פאָר אזוי שרעקליך?

— אלעס קומט מיר אוים שרעקליך. איך פרעשטעה וואָרום דער פּאָפּ האָט דאָס אזוי געהאנדעלט און ווארום די פּאָליציי האָט אזוי געהאנדעלט. זיי מוזען האנדלען נאָך זייערע פאָרשריפטען. דאָך אבער דער פּראָקוראָר, וועלכער האָט געמאכט די אנקלאגע, האָט דאָך געדארפט זיין אנדערש איבערצייגט. מען מיינט דאָך, אז די פּראָקוראָרען, די אונטערזוכונגס־ריכטער, זיינען געבילדעטע מענשען, מיט ליבעראלע אנזיכטען.

— אך, מען זעהט, זיי האָבען א טעות אין דער סיטואציאן. עס איז ווירקליך בלויז אן איינבילדונג, אז דיעזע מענשען זיינען ליבעראל. יא, דאס זיינען זיי אמאָהל געוועזן, אבער איצט האָבען זיך די זאכען אין גאנצען געענדערט. די ריכטער זיינען איצט ניט קיין זעלבסטשטענדיגע מענשען, זיי זיינען יעצט נור בעאמטע. וועלכע זאָרגען נור פאר זייער עקזיסטענץ, זיי קריגען זייער געהאלט און ווינשען אז דער געהאלט זאָל געהעכערט ווערען, און נאָך דעם נאָך האלטען זיי. זאנסט זיינען זיי בערייט איינעם אנצוקלאגען און פעראורטיילען גאָר אהן שום טענות.

— אָבער עס זיינען דאָך דא געזעצע, זיי האָבען דאָך קיין רעכט ניט צו פערשיקען א מענשען גאָר אהן א שום גרונד, נור דערפאר, וואס ער לעזט עוואנגעליום. דאס איז דאָך א הימעל־שרייענדער אונרעכט.

— אָה, זיי האָבען ניט נור דאָס רעכט איהם צו פערשיקען, זאנדערן זאָגאר צו פעראורטהיילען איהם צו שווערע ארבייט, ווען זיי קענען נור עס בעגרינדען דאמיט, אז דיעזער מאן האָט געזוכט צו ערקלעהרען דאָס עוואנגעליום ניט אין דעם זינען ווי עס דארף

צו זיין און דאדורך בעליידיגט די קירכע. פיר בעליידיגונג פון דעם אַנגענומענעם גלויבען קומט געזעצליך קאטאָרגע.

— איז דאָס מעגליך?

— אָט אזוי ווי איך זאג זיי. איך זאג דאָס אפט צו די ריכ־טער, אז איך בין זיי זעהר דאנקבאר, דען אויב איך און איהר זי־צען ניט אין אסטראָג איז דאס צו פערדאנקען דער געפעליגקייט פון די ריכטער און ווייטער נישט.

— אָבער ווען אלעס הייגגט אָב בלויז פון דער שטימונג פון די ריכטער און פון פּראָקוראָר, וועלכע קענען פאָלגען אָדער ניט פאָלגען די געזעצע, ווי זיי ווילט זיך, דאן פערשטעה איך ניט די אויטאָריטעט פון דער יוסטיץ.

דער אדוואָקאט האָט אויף דיעזער פראגע געענטפערט בלויז מיט א סארקאסטישען שמייכעל.

— דאס זיינען אלץ אזעלכע פראגען, וועלכע פאסען פאר אייך. אבער דאס אלעס געהערט דאָך נור צו דער פהילאָזאָפיע. ווייסט איהר וואָס, קומט אמאָל א שבת אָבענד צו אונז, איהר וועט ביי אונז טרעפען געלעהרטע, שריפטשטעלער, קינסטלער. דאן קענען מיר איבער דיעזע אלע אנגעלעגענהייטען ריידען רוהיג. קומט דאָך אבער, ווירקליך. מיין פרוי וועט זיין אויסער זיך פון שמחה צו זעהען אייך אלס גאסט ביי אונז אויף אן אבענד.

— געוויס, איך וועל זיך סטאַרעוועז צו זיין, — האָט אנגע־הויבען שטאַמלען נעכלודאָוו. ער האָט געפיהלט, אז ער זאָגט א גרויסען ליגען, דען ער וועט טאָן זיין מעגליכעס אקוראט פער־קעהרט, צו סטאַרען זיך ניט צו קומען צום אדוואָקאט אויף שבת אבענד און ניט צו טרעפען זיך מיט דיעזען קרייז פון געלעהר־טע, קינסטלער, שריפטשטעלער א. ז. וו.

פּאָנאַרין׳ס געלעכטער, מיט וועלכען ער האָט בעאנטוואָרטעט נעכלודאָוו׳ס פערוואונדערונג, און דער טאָן, מיט וועלכען ער האָט ארויסגערעדט „אלגעמיינע פראגען“, האָבען געגעבען נעכלודאָוו׳ן גאַנץ קלאָהר צו פערשטעהן, וואס ער האָט צו דיינקען פון אדוואָ־

קאָט און פון זיינע פריינד, וועלכע קומען צו איהם צו גאסט אום צו בעשפּרעכען די „אלגעמיינע פראגען“.

12.

ביז דעם אסטראג איז נאָך געווען ווייט, און אזוי ווי עס איז געווען שפּעט, האָט ער זיך געזעצט אויף דער ערשטער דראָשקע וואס ער האָט בעגעגענט. דער איזוואָזטשיק, א מיטעל־יעהריגער מענש מיט א קלוגען, גוטען געזיכט, האָט זיך געווענדעט צו נעכלודאָוו׳ן, אָנווייזענדיג איהם, פערבייפאָהרענדיג אויף א גרויסען הויז, וועלכען מען האָט געהאלטען אין בויען.

— זעהט איהר וואס פאר א מורא׳דיגע הויז זיי האָבען אוועקגעשטעלט, — האָט ער א זאג געטון, אזוי ווי ער וואָלט אליין עפּעס אויך געהאט א חלק אין דעם, וואס אזא גרויסע הויז ווערט אויפגעשטעלט און וואָלט דערמיט שטאָלצירען.

ווירקליך, דאס הויז איז טאקע געבויט געווארען נאָך א זאנדערבארער ארכיטעקטור, זעהר אייגענארטיג. גרויסע קלעצער פון מורא׳דיג גרויסע סאָסנאָווע בוימער, פערבונדען און פערקרעפטיגט מיט געשמידעטע אייזענס, זיינען געווען ווי א פּארקען ארום דער געביידע, און האָבען זי אפּגעטהיילט פון דער גאס. אויף די ריסטאוואניעס זיינען ארומגעלאָפען ארבייטער, איינגעשמירטע אין ליים און וואפּנע. זיי זיינען געווען בעשעפטיגט און האָבען זיך זעהר געאיילט. דער האָט געלייגט שטיינער, א צווייטער האָט געטראָגען וואפּנע, א דריטער האָט געהובעלט קלעצער, דער האָט געטראָגען ציגעל, יענער האָט געשאָטען זאמד, און זיי זיינען געגאנגען איבער די ריסטאָוואניעס ארויף און אראָפּ, טראָגענדיג נאסילקעס און קאדקעס.

א דיקער, שעהן געקליידעטער הערר, הפּנים דער ארכיטעקטאָר, איז געשטאנען לעבען די געהילץ, און ווייזענדיג עפּעס אויף ארויף, האָט ער געזאגט דעם פּאָדריאטשיק עטוואָס. פון טויער פערביי זיינען ארויסגעפאהרען און אריינגעפאהרען שווערע וועגען, אנגעלאדענע מיט מאטעריאלען.

— און ווי מערקווירדיג זיי גלויבען דאס אלע, די וואס אר־בייטען, אזוי ווי די, וועלכע צווינגען זיי צו ארבייטען, אז אזוי דארף עס זיין; אז אין דערזעלבער צייט וואס ביי זיי צו הויז טראָגען זייערע שוואנגערע פרויען אריבער די שווערסטע ארבייט, און די קינדער ווערען אלט אָהן יאָהרען און הונגערען שרעקליך, דארפען זיי אליין בויען גאָר אָט דעם אוננויטיגען און דומען פּאַ־לאסט פאַר א וועלכען עס איז נארישען און אין גאנצען ניט נויטי־גען מענשען, איינער פון די זעלביגע, וועלכע בערויבען און רואי־נירען זיי, — האָט זיך נעכלודאָוו געטראכט, קוקענדיג אויף דער גרויסער געביידע.

— יא, ווירקליך, א דומעס הויז, — האָט ער געענטפערט אין דער הויף דעם איזוואזטשיק, אזוי ווי ער וואָלט ענדיגען בלויז דעם געדאנק, וועלכער האָט נור וואָס דורכגעשוועבט אין זיין קאָפּ.

— וואָס הייסט א דומעס? — האָט אזוי ווי בעליידיגט פון נעכלודאָוו'ס ווערטער א פרעג געטאָהן דער איזוואזטשיק, — עס פערדיענען דאָך דערביי אזוי פיעל מענשען און האָבען ארבייט, וואָס הייסט דום?

— יא, עס איז דאָך אָבער איבעריגע ארבייט.

— מסתמא איז דאָך ניט איבעריגע, אז מען בויט, — האָט פערדרוסליך געענטפערט דער איזוואזטשיק, — דער עולם קריגט דאָך דערפון חיונה.

נעכלודאָוו האָט דערויף גאָר נישט געענטפערט און דעסטאָ מעהר, וואָס עס איז געוועזן אונמעגליך צו הערען א וואָרט איבער די קלאפּעדיי פון די רעדער איבער די שטיינער. ניט ווייט פון אסטראג איז דער איזוואזטשיק אראָפּגעפאהרען אויפ'ן שאָסע, וואו עס קלאפּט ניט אזוי און וואו מען קען הערען וואס מען רעדט, און ער האָט ווייטער אנגעהויבען צו פערציהען א געשפּרעך מיט נעכלו־דאָוו'ן.

— וואס פאַר אן עולם עס קומט איצט אלץ אָן נור אין שטאָדט און אין שטאָדט, זיי שיטען זיך אזוי ווי מאָן, — האָט ער אנגע־הויבען, ציינענדיג נעכלודאָוו'ן מיט'ן האנד אויף אן ארטעל דאָר־

פישע ארבייטער, וועלכע זיינען געגאנגען צום שטאָדט מיט העק, מיט זעגען און מיט פעלצלעך און מיט זעקלעך אויף די פלייצעס.

— קומען דען יעצט אָן מעהר דאָרפישע ארבייטער אין שטאָדט אלס אין די פריהעריגע יאהרען? — האָט נעכלודאָוו אי־בערגעפרעגט.

— א פערגלייך אביסעל, איצט איז אזוי געדיכט פון מענשען אויף יעדער פלאץ, אז עס זיינען צרות. די בעלי־בתים ווארפען זיך ארום מיט מענשען אזוי ווי מיט שפענער. אומעטום איז פול.

— פון וואנען קומט עס?

— עס מעהרט זיך, ניטאָ וואו אהינצוטאָן זיך.

— נו, וואס איז אז עס מעהרט זיך, דאַרף מען דען דעריבער אוועקגעהן פון דאָרף און קומען אין שטאָדט?

— נו, וואס זאל מען דען טאָהן אין דאָרף? ניטא קיין ערד.

נעכלודאָוו האָט דאָ געפיהלט דאס זעלבע, וואס א מענש פיהלט, ווען ער האָט א קראנקען פלאץ אויפ'ן קערפער. עס דוכט זיך אלע מאָל, אז עפּעס מיט א כיון שלאָגט מען זיך אפּ יעדען מאָל אויף דעם אפּגעשלאָגענעם פלאץ. דאס דוכט זיך דערפאר, ווייל דער קלאפּ אויף א קראנקען אָרט פעראורזאכט מעהר שמערצען, איז פיהלבארער.

— זאל דאס מעגליך זיין, אז עס איז אומעטום דאָס זעלביגע?

— האָט ער זיך געטראכט און האָט זיך אנגעהויבען נאכפרעגען ביים איזוואזטשיק וויפיעל ערד עס איז דאָ אין זייער דאָרף, און וואָרום ער וואָהנט אין שטאָדט.

— ערד איז ביי אונז אין דאָרף, פריץ, א דעסיאטינע אויף א נפש, און האלטען האלטען מיר אויף דריי נפשות, — האָט גערן געענטפערט דער איזוואזטשיק. — אין דערהיים האָב איך א טאַ־טען, א ברודער און נאָך א ברודער דיענט אין סאָלדאטען. זיי ספּראַוועוען זיך שוין, און עס איז גאָר ניטאָ מיט וואָס צו ספּראַוועוען זיך, און דער ברודער קלייבט זיך אליין אוועקצוגעהן אין מאָסקווא.

— קען מען ניט דינגען ערד ווען עס פעהלט ? — האָט איהם ווייטער געפרעגט נעבלודאָוו.

— וואו זאָל מען דינגען ? ביי ועמען ? די פּריצים, וואָס האָבען געהאט וואו א שטיקעל ערד, האָבען דאס פאַרפלוטעוועט. די סוחרים האָבען אַלץ אריינגעכאפּט אין זייערע הענד, און ביי זיי קען מען שוין קיין מציאות ניט קויפען, זיי לאָזען אליין בע־ארבייטען די פעלדער. אָט איז אונזער פּריצטעס הויף גאר אנגע־קומען צו דעם פראנצויז, און ער פערקויפט ניט, פערדינגט ניט, וואס קענסטו מיט איהם מאכען ?

— וואס פאר א פראנצויז ?

— דער פראנצויז דיופאר, האָט איהר אפשר געהערט. אין גרויסען טהעאטער מאכט ער פאר די אַכטיאָרעס קעפּ פּאַריקען. דאס איז א גוטע פּרנסה, און ער איז רייך געווארען. ביי אונזער פּריצטע האָט ער אפּגעקויפט די גיטער, איצט איז ער אויף אונז דער הערשער, ווי ער וויל אזוי פאהרט ער איבער אונז. נאָך גוט וואָס ער אליין איז ניט קיין שלעכטער מענש, אָבער א ווייב האָט ער, זי איז א רוסישע, אזא מרשעת, זאָל גאָט אויסהיטען, זי צורא־בירט אַלעמען. אָן אימה. נו, אָט איז דער אסטראָג. צופאהרען צום טויער, אדער צום גאניק ?

## 13.

מיט א פערדריקטעס הארץ און מיט שרעק וועגען דעם, אין וואָס פאר א צושטאנד ער וועט היינט געפינען מאסלאָווא, האָט נעכלודאָוו א ציה געטהאָן דעם גלעקעל אין דעם פאראדנעם אריינ־גאנג און ער האָט א פרעג געטהאָן דעם ארויסגעקומענעם אויפזע־הער וועגען מאסלאָווא.

דער נאדזיראטעל האָט פאררעכט זיין מונדיר און האָט גע־זאָגט, אז זי איז אין באָלניצע. נעכלודאָוו איז אוועק צום באָל־ניצע. דער סטאָראָזש פון באָלניצע איז געוועזען א גוטהערציגער אַל־טינקער, און ער האָט גלייך אריינגעלאָזען ; און דערוויסענדיג זיך

צו וועמען ער דארף, האט ער איהם געוויזען צו געהן אין דער אב־טהיילונג פיר קינדער.

דער יונגער ארצט, פון וועלכען עס האט אין גאנצען גע־שמעקט קארבאלקע, איז ארויסגעקומען אנטקעגען נעכלודאוו׳ן און האט איהם שטרענג א פרעג געטהאן וואס ער דארף.

דיעזער דאקטאר פלעגט זיין צו גוט צו די ארעסטאנטען און ער האט דערפאר שוין געהאט געגוג אונאנגענעהמליכקייט פון דעם סמאטריטעל און אזוי אויך פון דעם עלטסטען. איצט, האבענדיג מורא, אז נעכלודאוו זאל פון איהם ניט בעטען עטוואס אונגעזעצ־ליכעס און דאצו ווילענדיג צייגען, אז ער איז קיינעם ניט נושא פנים, האט ער אויף זיך אנגעצויגען א בייזע מינע.

— דא זיינען ניטא קיין פרויען, דאס איז אן אפטהיילונג פיר קינדער, — האט ער בייז געזאגט.

— איך וויים, — האט נעכלודאוו געענטפערט, — אבער דא איז פארן אן ארעסטאנטקע, א באדיענערקע ביי די קראנקע, מאס־לאווא.

— יא, זיא איז דא, טא וואס ווילט איהר, אז זי איז דא?

— איך בין זעהר א נאהענטער בעקאנטער פון דיעזער מאס־לאווא, און דארום וויל איך זי זעהן, איך פאהר קיין פעטערבורג אנצוגעבען א קאסאציע פאר איהר און האב איהר געוואלט פאר'ן אוועקפאהרען איבערגעבען אט דאס. דאס איז בלויז א פאטא־גראפישעס בילד, — האט געזאגט נעכלודאוו, ארויסנעהמענדיג פון טאש א קאנווערט.

— נו, פאר וואס ניט, דאס קען מען אויספיהרען, — האט געענטפערט דער דאקטאר, ווערענדיג ווייכער און ווענדענדיג זיך צו דער אלטינקער, מיט א ווייסען שירץ, האט ער איהר געהייסען א רוף טהאן די וואכטערקע — די ארעסטאנטקע מאסלאווא.

— וואלט איהר זיך פיעלייכט צוזעצען אויף אדער ארויינ־געהן אין עמפפאנגס־צימער? — האט דער דאקטאר איהם גאנץ העפליך א פרעג געטאהן.

— איך דאנק אייך, — האט געענטפערט נעכלודאוו, און ביי־

נוצענדיג זיך מיט דער בעסערער ענדערונג אין דעם דאקטאר'ס בענעהמען זיך, האָט ער איהם שוין א פרעג געטהאָן, אויב מען איז צופריעדען מיט מאסלאָווא אין האָספיטאל.

— א, נישט־קשה, זי ארבייט ניט שלעכט, ווען מען זאל נעה־מען אין אנבעטראכט די אומשטענדען, אין וועלכע זי האָט זיך איינגעפונען, — האָט געזאגט דער דאקטאר, — איבריגענס אָט קומט זי אליין.

פון א זייט־טיהר איז ארוים די אלטינקע אין א ווייסען שירץ, און נאָך איהר האָט געפאלגט מאסלאָווא. זי איז געווען אויך אין א ווייסען פארטוכעל און א געשטרייפטע קלייד, אויפ'ן קאָפּ האָט זי געטראָגען א טיכעל, וואס האָט פערדעקט איהרע האָר. דערזע־הענדיג נעכלודאָוו'ן האָט זי זיך אנגעצונדען, איז געבליעבען שטעהן א ווײַלע אונענטשלאָסען. זי איז געווען בייזלעך, האָט אראָפּגעלאָ־זען די אויגען און האָט מיט שנעלע שריט גענומען געהן צו איהם דורך'ן לאנגען קאָרידאָר. אונטערקומענדיג צו נעכלודאָוו'ן האָט זי געוואָלט ניט דערלאנגען איהם די האנד, אָבער זי האָט איהם דערנאָך יא דערלאנגט די האנד און איז נאָך מעהר רויט געוואָרען.

נעכלודאָוו האָט זי ניט געזעהן זינד יענעם געשפּרעך, אין וועלכען זי האָט געבעטען זיין פערצייהונג פאר איהר אויפגערעגט־קייט אין זייער פריערדיגען זעהען זיך, און ער האָט איצט ערוואר־טעט צו זעהען זי עבען אזא ווי צום לעצטען מאָהל. אבער איצט איז זי געווען ווידער גאָר אנ'אנדערע; אין דעם אויסדרוק פון איהר געזיכט איז געווען עטוואָס נייעס, בעהאלטענעס, שעהמעוודי־געס, און ווי נעכלודאָוו'ן האָט זיך אויסגעוויעזען, ניט קיין גוטע געפיהלען צו איהם. ער האָט איהר דערצעהלט דאסזעלביגע וואס ער האָט געזאגט דעם דאקטאר, אז ער פאהרט קיין פּעטערבורג, און האָט איהר איבערגעגעבען א קאָנווערט מיט א פאָטאָגראפישען בילד, וועלכען ער האָט געבראכט פון פּאנאָווא.

— דאס האָב איך געפונען אין פאנאָווא, — האָט ער איהר געזאגט, — א'ן אמאָליגעס בילד, אפשר איז אייך אנגענעהם איהם צו האָבען, נעהמט איהם.

זי האָט איהם פערוואונדערט אנגעקוקט, אויפהויבענדיג איהרע שווארצע ברעמען, אזוי ווי זי וואָלט איהם געפרעגט: וואָ־צו נאָך דאָס? זי האָט שטיל גענומען דעם קאָנווערט און האָט איהם בעהאַלטען אונטער'ן שירע.

— איך האָב דארט געזעהן אייער טאַנטע, — האָט אנגעהויבען ווידער נעכלודאָוו.

— איהר האָט זי געזעהן? — האָט מאַסלאָווא געזאגט גלייכגילטיג.

— נו, ווי איז אייך דאָ, גוט? — האָט נעכלודאָוו א פרעג געטאָהן.

— נישמקשה, גוט, — האָט זי גלייכגילטיג געענטפערט.

— קומט ניט אוים צו שווער?

— ניין, ניט שווער. איך בין נאָך ניט געוועהנט.

— עס פרעהט מיך זעהר. אַלץ איז דאָך דאָ פאר אייך בעסער איידער דאָרטען.

— איידער וואו ד אָ ר ט ע ן? האָט זי איבערגעפרעגט און איהר געזיכט האָט זיך אנגעצונדען רויט.

— דארטען אין אסטראָג, — האָט גלייך אונטערגעכאפט נעכלודאָוו.

— מיט וואס איז דאָס בעסער? — האָט זי א פרעג געטאָהן.

— איך מיין, די מענשען זיינען דאָ בעסער. דאָ זיינען ניטאָ אזעלכע, ווי דארטען.

— דארטען זיינען דאָ פיעל גוטע אויך, — האָט זי געענטפערט.

—וועגען די מענשאָווס האָב איך שוין געפרופט עפּעס טאָהן, און איך האָף, אז מען וועט זיי בעפרייען, — האָט געזאגט נעכלודאָוו.

— הלואי זאָל גאָט געבען. זי איז אזא ליעבליכע אַלטינקע, — האָט מאַסלאָווא געזאגט, ווידערהאָלענדיג דיעזעלביגע ליוב-ווערטער פיר דער אַלטינקער מענשאָווא.

—איך פאהר היינט קיין פּעטערבורג. אייער פּראָצעס וועט

אין גיכען פארגענומען ווערען, און איך האף אז מען וועט צוריק־רופען די ענטשיידונג פון געריכט.

— זאלען זיי יא, זאלען זיי ניט, איצט איז אלץ איינס, — האט זי געזאגט.

— ווארום עפעס איצט?

— אט אזוי, — האט זי געענטפערט, און האט א ווארף געטאהן א פראגליכען בליק אויף זיין געזיכט.

נעכלודאָוו האט אזוי פערשטאנען דיעזען אויסדרוק אין איהר בליק, אז זי וויל וויסען צו האט ער ניט חרטה געהאט פון זיין ענטשלוס, ווענען וועלכען ער האט איהר שוין געזאגט, אדער ער האט איהם געענדערט.

— איך ווייס ניט ווארום איז עס פאר אייך אלץ איינס, — האט ער געזאגט, — אבער פאר מיר איז עס ווירקליך אלץ איינס: וועט מען אייך געפינען פאר אונשולדיג אדער ניין. איך בין יעדענפאלס בערייט צו האנדלען אזוי ווי איך האב אייך ערקלעהרט, — האט ער געזאגט מיט פולער ענטשלאסענהייט.

זי האט אויפגעהויבען דעם קאפ, און איהרע שווארצע, קרומליכע אויגען האבען זיך אפגעשטעלט אין דערזעלבער צייט אי אויף זיין געזיכט, אי פערביי זיין געזיכט, און איהר געזיכט איז געוועזען בעלויכטען איצט מיט שמחה. אבער זי האט געזאגט גאר ניט דאס, וואס עס האבען גערעדט איהרע אויגען.

— דאס זיינען דאך אומזיסטע רייד, — האט זי געזאגט.

— איך זאג דאס, כדי איהר זאלט וויסען.

— וועגען דעם איז שוין אלעס גערעדט געוואָרען און עס איז ניטאָ מעהר וואָס צו ריידען, — האט זי ווידער געזאָגט, און האט קוים אונטעדריקט א שמייכעל אויף איהר געזיכט.

— אין דעם קראנקען־צימער איז עפעס געווארען טומעלדיג, און א קינד האט זיך צוואויינט.

— דאכט זיך, מען רופט מיך, — האט זיך א כאפ געטהאָן מאסלאָווא, — און זי האט זיך אנגעהויבען ארומקוקען אונרוהיג.

— נו, זייט געזונד, — האט ער א זאָג געטהאָן.

זי האָט זיך געמאַכט אַזוי ווי זי וואָלט ניט בעמערקען די האנד, וואס ער האָט איהר דערלאנגט, און ניט נעהמענדיג זי האָט זי זיך א קעהר געטאָהן, וועלענדיג בעהאלטען איהר טריאומף, און איז מיט שנעלע שריט אוועק צו די קראנקע.

„וואס קען אזוינס אין איהר פארקומען? וואס דיינקט זי? ווי טראכט זי? ווי פיהלט זי? וואס פיהלט זי? וויל זי דאס מיך נור אויספּרובירען אדער זי קען מיר ווירקליך ניט פערצייהען? קען זי ניט ארויסריידען אלעס וואס זי דיינקט, און וואס זי פיהלט אדער זי וויל עס ניט ארויסריידען? איז זי זאנפטער אדער הארטער געווארען?“

דיעזע פראגען האָבען זיך נעכלודאוו׳ן געשטעלט און ער האָט אויף שום אופן ניט געקענט געפינען קיין ענטפער אויף זיי. ער האָט נור געוואוסט איין זאך, אז זי האָט זיך אומגעביטען און אין איהר איז יעצט אנגעגאנגען א זעהר וויכטיגע גייסטיגע ענדערונג, און דיעזע ענדערונג האָט ניט נור איהם פעראייניגט מיט איהר, זאנדערן מיט אלעם דעם, אים נאמען פון ועמען דיעזע ענדערונג איז פארגעקומען. אָט דיעזע פעראייניגונג האָט איהם געבראכט אין א פרייליך אויפגערעגטען צושטאנד און אין א מין ליעבע צופריעדענהייט.

אומקעהרענדיג זיך אין קראנקען־צימער, וואו עס זיינען געשטאנען אכט קינדערשע בעטעלעך, האָט מאסלאָווא אנגעהויבען אויף דעם בעפעהל פון דער אויפזעהערין איבערצובעטען די בעטלעך, און צופיעל איבערבייגענדיג זיך איבער׳ן בעטעל מיט׳ן לייולעך אין האנד, האָט זי זיך א גליטש געטהאָן און שיער ניט געפאלען. דער אינגעלע, וואס איז געלעגען אין בעטעל און געהאלטען אין ווערען געזינטער, האָט אויף איהר געקוקט און האָט זיך צולאכט. מאסלאָווא האָט זיך אויך ניט געקענט שוין מעהר איינהאלטען, זי האָט זיך צוגעזעצט אויף א ברעג פון בעטעל און האָט זיך אזוי הויך צולאכט, אז דאס האָט אויפגערייצט צום לאכען נאָך עטליכע קינדער, און די אויפזעהערין האָט אויף איהר בייז א געשריי געטאָהן.

— וואס הירזשעסטו ? דו מיינסט, אז דו ביסט דארטען, וואו דו ביסט געוועזן ! געה נאך די פּאַרציאָנען.

מאסלאָווא האָט געשוויגען און נעהמענדיג די געשיער, איז זי אוועק וואוהין מען האָט זי געשיקט, אבער איהר בליק האָט זיך בעגעגענט מיט דעם קראנקען אינגעלע, ביי וועמען די האלז איז געווען פערבונדען און ער האָט ניט געטאָרט לאכען, האָט זי ווייטער זיך פאנאנדערגעלאכט.

איינינגע מאָל אין פערלויף פון טאָג, ווען זי איז געבליבען אליין, האָט זי ארויסגעצויגען דאס בילד פון קאנווערט און א בליק געטאָהן דערויף מיט פערגעניגען. נאר ערשט ביי נאכט, בלייבענדיג אליין אין דעם צימער, וואו זי האָט געשלאָפען מיט נאך א וועכטערקע, האָט זי ארויסגענומען אין גאנצען דאס בילד פון קאנווערט און לאנג, לאנג בעטראכט דאָס פערגעלבטע בילד; זי האָט זיך בעזאנדערס ניט געקענט זאט אנקוקען אויף איהר אייגענעם געזיכט, וועלכער האָט אויסגעזעהן אזוי יונג, אזוי שעהן, מיט געגרייזעלטע האאר ארום שטערען. זי האָט זיך אזוי פערקוקט אויפ'ן בילד, אז זי האָט ניט בעמערקט, ווי די צווייטע וואכטערין איז ארייגגעקומען אין צימער.

— וואָס איז דאָס ? האָט ער דאָס דיר געגעבען ? — האָט געפרעגט די גראָבע, גוטמוטהיגע וואכטערקע, אנבייגענדיג זיך צום בילד.

— ביסטו דאָס ?

— ווער דען ? — האָט געענטפערט מאסלאָווא. — זעהסטו דען ניט ?

— און ווער איז דאס, טאקע ער אליין ? און דאס איז זיין מוטער אודאי ?

— א טאנטע. וואָלסטו מיך אויף אן אמת ניט דערקענט פון דאנען ? — האָט מאסלאָווא זי א פרעג געטהאָן.

קיין מאָל אין לעבען ניט ! עס איז גאָר אן אנדער פנים. עס מוז שוין זיין אודאי א יאָהר צעהן פון דאן.

— ניט די יאהרען, נאָר די ליידען, — האָט מאסלאָווא גע־

זאָגט, און איהר גאנצע לעבעדיגקייט איז מיט איין מאָל פערשוואונ־דען. דאָס געזיכט איז טרויעריג געוואָרען און צווישען די ברעמען האָט זיך איינגעשניטען א קנייטש.

— נו, וואס איז, דארטען מוז זיין א גרינגער לעבען.

— יא, א גרינגער! — האָט א זאָג געטאָהן מאסלאָווא, פער־מאכענדיג די אויגען און שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ, — ערגער פון קאטאָרגע.

— מיט וואס איז עס אזוי שווער?

— אָט דערמיט. פון אכט א זייגער פאר נאכט ביז פיער אין דער פריה. אזוי יעדען טאָג.

— ווארום־זשע ווארפען זיי דאס ניט אוועק?

— זיי ווילען דאס אוועקווארפען אבער זיי קענען ניט. אך, וואס איז דאָ צו ריידען, — האָט מאסלאָווא א זאָג געטאָהן. זי איז אויפגעשפרונגען פון בעטעל, האָט א וואָרף געטאָהן דאָס בילד און קוים איינהאלטענדיג די בייזע טרעהרען, איז זי ארויסגעלאפען אין קאָרידאָר, א קלאפּטאָהנדיג מיט די טיהר.

קוקענדיג אויף איהר אמאָליגען בילד, האָט זי זיך געפיהלט אזוי ווי זי איז דאן געווען אראָבגענומען אויף איהם און האָט פאנטאַ־זירט ווי גליקליך זי איז דאָס געווען דאן און ווי גליקליך זי האָט מיט איהם געקענט זיין אויך איצט. די ווערטער אבער פון איהר חבר'טע האָבען זי דערמאָנט וואס זי איז איצטער און דאס וואס זי איז גע־ווען דאָרט, בעפאר מען האָט זי געבראכט אהער. זי האָט איהר ער־אינערט דעם גאנצען שרעק פון איהר לעבען, וועלכען זי האָט דאן דונקעל געפיהלט, נאר זי האָט זיך קיין מאָל ניט ערלויבט דאס צו אנערקענען.

איצט נור האָט זיך איהר לעבעדיג עראינערט די אלע שרעק־ליכע נעכט און בעזאנדערס איין נאכט פאר מאסלעניצא, ווען זי האָט ערוואַרטעט דעם סטודענט, וועלכער האָט פערשפּראכען אויס־קויפען זי. זי האָט זיך עראינערט, ווי זי איז געשטאנען אין א רויטער זיידענער קלייד, פערגאָסען מיט וויין, מיט א רויטען באנד אויף די צושלאָגענע האָאָר, אז אויסגעמאטערטע, אפּגעשוואכטע

און פער'שכור'טע ; בעגלייטענדיג די געסט, האָט זי זיך צוגע־זעצט לעבען דער מאָגערער מיידעל, וואָס האָט אקאָמפּאנירט דעם פידעל־שפּיעלער, און האָט זיך פאר איהר אָנגעהויבען בעקלאָגען אויף דעם שווערען אונערטרעגליכען לעבען ; די פּיאניסטקע האָט איהר געענטפערט, אז איהר לאגע איז אויך אונערטרעגליך און זי וואָלט אויך וועלען אומענדערען איהר לעבען. צו זיי איז דאן אונ־טערגעגאנגען קלאַרא און זיי האָבען אלע דריי בעשלאָסען אוועק־צואווארפען דיעזען אַרט לעבען.

זיי האָבען געדענקט, אז דיעזע נאכט איז שוין געענדיגט, און זיי האָבען זיך געוואָלט צוגעהן, ווען אין קארידאר האָט זיך דער־הערט א טומעל פון שכור'ע געסט. דער פידלער האָט אויף דאס־ניי געמוזט אנהויבען שפּיעלען א רעטורנעל, די פּיאניסטקע האָט אנגעהויבען בעגלייטען לעבעדיג ; א קליינינקער, בעזויפענער מענ־שעלע אין א פּראק מיט א ווייסען האלזטוך, וועלכען ער האָט אראָפּ־געוואָרפען פון זיך אין דער צווייטער פיגור, האָט זי א כאַפּ גע־טאָהן, און נאָך איינער, א דיקער, האָט א כאַפּ געטאָהן קלארא, און זיי האָבען זיך לאנג געדרעהט, געטאנצט, געשריען, געטרונ־קען . . .

און אזוי האָט זיך דאס געצויגען א יאהר, און צוויי, און דריי. ווי אזוי זאל מען ניט פארענדערט ווערען ! און שולדיג דערין איז נאָר ער. און אין איהר האָט ווידער ערוואכט די זעלבע שנאה צו איהם, עס האָט זיך איהר פערוואָלט זידלען איהם, פאָרוואַרפען איהם. זי האָט בעדויערט וואָס זי האָט היינט דורכגעלאָזען די גע־לעגענהייט צו זאגען איהם נאָך א מאָל, אז זי קען איהם, און זי וועט ניט ערלויבען, ער זאל זי אויסנוצען גייסטיג, אזוי ווי ער האָט זי אויסגענוצט קערפּערליך, זי וועט איהם ניט ערלויבען צו אויסאיבען איבער איהר זיין גרויסמוטיגקייט. און אום ווי עס איז צו פערשטיקען דיעזען שווערען געפיהל פון מאכטלאָזען צאָרן צו איהם און פון בעדויערען, צו זיך האָט זיך איהר פערוואָלט שנאפּס. און ווען זי וואָלט געווען איצט אין אסטראָג וואָלט זי אָהן צווייפעל געטרונקען און וואָלט געבראָכען איהר וואָרט. אבער דאָ איז ניט

געוועז וואו צו קריגען סיידען ביים פעלדשער, און פאר'ן פעלדשער האט זי געציטערט, דען ער איז צו איהר אויך וויפיעל מאהל צו־געשטאנען, און זי האט זיך געוואלט האלטען וואס ווייטער פון איהם. איהר זיינען איצט געווען עקלהאפט די בעציהונגען צו מאנסלייטע.

זי איז געזעסען א ווײלע אין קארידאר אויפ'ן ביינקעל, דער־נאך האט זי זיך צוריקגעקעהרט אין איהר קאמער, און ניט ענט־פערענדיג איהר קאמפאניאנקע, האט זי זיך צו־וויינט און האט לאנג, לאנג געוויינט איבער איהר פערלארענעם לעבען.

## 14.

אין פעטערבורג האט נעכלודאוו געהאט צו בעזארגען דריי זאַ־כען: מאסלאוואס קאסאציע אין סענאט, טהאן עפּעס פאר דער ביטע פון פעדאסיא בירויקאווא אין דער קאמיסיאן פאר פּראשע־ניעס צום קייזער, און וועגען די בעפרייאונג פון שוסטאווא און אויספיהרען אז די מוטער זאל זיך קענען זעהן מיט איהר זוהן אין קרעפּאסט, וועגען וועלכע באגאדוכאווסקאיא האט איהם געבעטען. דיעזע צוויי לעצטע זאכען האט ער גערעכענט פאר איינס, אויסער דעם האט ער געהאט נאך א פיערטע זאך אויפצוטאהן, דאס איז וועגען די סעקטאנטען, וועלכע מען פערשיקט מיט זייערע פאמיליע־עם קיין קאוקאז דערפאר, וואס זיי האבען געלעזען און פערטייטש דעם יעוואנגעליום. ער האט זיך געשטעלט די אויפגאבע אויכ־צוגעפינען וועגען דיעזער לעצטער אנגעלעגענהייט אלעם וואס נור מעגליך אום זיך אליין קלאהר צו מאכען וואס דא איז אזוינס.

זינט זיין לעצטען וויזיט ביי מאסלעניקאוו'ן און בעזאנדערס זייט ער האט בעזוכט די פויערים אין זיינע דערפער, האט נעכלו־דאוו אנגעהויבען צו פיהלען א שרעקליכען אבשטוים צו דעם פרי־וועלעגירטען קרייז מענשען, צווישען וועלכע ער האט געלעבט, — צו יענעם קרייז, וואו די ליידען און מאטערנעס, וועלכע עס האבען אויסצושטעהן מיליאנען מענשען אום צו זיכערן די בעקוועמליכקייט און די צופריעדענהייט פון דעם לעבען פון א קליינעם קרייז מענ־

שען, ווערען אזוי זארגפעלטיג פארדעקט, כדי דיעזע מענשען זאָלען ניט קענען זעהן די ליידען און קוואלען פון פאָלק און ניט זיין אומשטאנדע צו בעגרייפען זייער אייגענעם פערברעכערישען לעבען.

נעכלודאָוו פלעגט איצט מאכען זיך אליין פאָרווירפע און פלעגט פיהלען זעהר שלעכט, ווען איהם פלעגט אויסקומען צו ווענדען זיך צו די מענשען פון דיעזען קרייז ווען ער האָט געהאט עטוואָס אויסצופיהרען. און אין דער זעלבער צייט האָט איהם די געוואָהנהייט, פאמיליען-געפיהלען, פריינדשאפטליכע בעציהונגען און הויפטזעכליך די נויטווענדיגקייט אויסצופיהרען דאָס, וואס עס האָט פערנומען זיין גאַנצען רעיון — רעטען מאסלאָווא און העלפען די איבריגע ליידענדע, וועלכע האָבען זיך געווענדעט צו איהם נאָך הילפע, געצוואונגען גראדע צו זיין צווישען די מענשען פון דיעזע קרייז. דארום האָט ער געמוזט אָנקומען, טראָץ זיין אונווילען צו די מענשען, וועלכע ער האָט איצט ניט געקענט ליידען און האָט זאָגאר שטארק געהאַסט.

קומענדיג אין פעטערסבורג האָט ער זיך אבגעשטעלט ביי זיין טאנטע, די גרעפין טשארסקאיא, די פרוי פון א געוועזענעם מיניסטער. נעכלודאָוו האָט זיך דאָ דערזעהן אין רעכטען מיטען פון דער אריסטאָקראטישער געזעלשאפט, וועלכע איז איהם איצט אזוי פרעמד געווארען. איהם איז דאס געווען זעהר אונאנגענעהם, אנדערש האָט ער אבער ניט געקענט טאָהן. אריינפאָהרען אין א האָטעל און ניט וועלען איינשטעהן ביי דער טאנטע וואָלט הייסען איינפאך בעליידיגען זי, און די טאנטע האָט געהאט א ברייטע בעקאנטשאפט מיט די פערזאנען, צו וועלכע ער דארף איצט אנקומען פיר די געשעפטען, וועגען וועלכע ער איז געקומען אהער.

— אך, וואס איך האָב זיך אנגעהערט וועגען דיר, עפעס גאַנצע ניסים דערצעהלען זיי מיר, — האָט איהם געזאגט זיין טאנטע, די גרעפין קאטהערינא איוואנאָווונא, ריידענדיג צו איהם אזוי היימליך ביי א טאָס קאפע, — דו העלפסט רעטען פערברעכער, זאגען זיי, פאהרסט ארום איבער די אסטראָגען, זוכסט אוים די ליידענדע און זעהסט זיי אויסצובעסערען.

— ניין, טאנטע, איך האָב דאס ניט אין זינען.

— ווארום? דאס איז א גוטע טהאַט. אבער דא איז עפּעס א ראָמאַנטישע געשיכטע פארמישט, האָב איך געהערט. נו, אדרבה, דערצעהל, וואס איז דאס פאר א געשיכטע מיט דיר?..

נעכלודאָוו האָט דערצעהלט זיינע פערהעלטניסע מיט מאסלאָ־ווא אלץ אזוי ווי דאָס איז געווען.

— אה, איך געדענק עפּעס ווי דורכ'ן חלום... העלענע האָט מיר דערצעהלט עפּעס דאן, ווען דו האָסט געוואָהנט ביי די אלטע. זיי האָבען דיך, דוכט זיך, געוואָלט חתונה מאכען מיט עפּעס א מיידעל, וועלכע זיי האָבען ערצויגען. (די גרעפין האָט אימער גע־רעדט פיינדליך וועגען די פערשטארבענע טאנטעס פון נעכלודאָוו'ס פאָטער'ס צד).

נעכלודאָוו האָט דערויף ניט גלייך געענטפערט.

— נון איז דאס די זעלביגע? און ווילסטו מיט איהר חתונה האָבען?

— אך, ניין, טאנטע, עס איז ניט אין גאנצען אזוי. איך וויל נור פארלויפיג איהר בעהילפיג זיין, ווייל, ערשטענס, איז זי אונשולדיגערווייזע פעראורטהיילט געווארען, און שולדיג אין איהר אונגליק בין איך; איך בין שולדיג אין איהר גאנצען אונגליקלי־כען שיקזאל. איך פיהל זיך פערפּפליכטעט צו טאָהן פאר איהר וואס נור איך קען.

— אָבער ווי אזוי האָט מען דאס מיר דערצעהלט, אז דו ווילסט מיט איהר חתונה האָבען?

— יא, איך האָב דאס איהר געזאגט, אבער זי וויל ניט.

די גרעפין האָט פערוואונדערט אויסגעשטעלט א פּאָר אויגען אויף דעם פלימעניק. נאכהער האָט זיך דער אויסדרוק אומגעענ־דערט אויף א צופריעדענעם שמייכעל.

— נון שיינט דאָך, אז זי איז קליגער פון דיר. אוי, וואס פאר א נאַר דו מוזט זיין! און דו האָסט ווירקליך געהאט אין זינען צו חתונה האָבען מיט איהר?

— ניט אנדערש.

— נאָך דעם, ווי זי איז געווען אזא ?...

— גראדע דערפאר וואָס זי איז געווען געצוואונגען אזא לע־בען צו פיהרען. דאס איז דאָך מיין שולד.

— ניין, דו ביסט איינפאך א דולקאפּ, — האָט געזאגט די אלטע טאנטע, קוים איינהאלטענדיג איהר שמייכעל, — יא, א דול־קאָפּ, אבער, דעם אמת זאגענדיג, האָב איך דיך האָלט גראדע דער־פאר. ווייסטו וואס, מיר וועלען זי אפּגעבען אין אן אנשטאלט פאר געפאלענע פרויען. דאָרט וועט זי אויסגעבעסערט ווערען מאָראליש. איך האָב דיעזען אנשטאלט בעזוכט.

— אבער טאנטע, זי איז דאָך פּעראורטהיילט צו קאטאָרגע. איך בין דאָך געקומען צו זאגען דאפיר, אז מען זאָל ענדערן דעם אורטהייל, דאס איז מיין ערשטע ביטע צו אייך, טאנטע.

— אזוי גאר! וואו־זשע געפינט זיך איהר פּראָצעס ?

— אין סענאט.

אין סענאט ?.. נא, מיינער א קאָזין דיענט דאָרט. ער איז אפילו אין אן אנדער דעפּארטאמענט. נו, און פון די אמת'ע קען איך קיינעם ניט. דאס זיינען אלץ פערשיעדענע דייטשען, אדער דער גוטער יאהר וויים זיי דאָרט, וואס פאר א לייטע. איך וועל פון דעסטוועגען דערצעהלען דעם מאן, ער קען זיך מיט זיי. דו ער־קלעהר איהם דאָס אליין, ווייל מיך פערשטעהט ער קיין מאָל ניט. וואס איך זאל ריידען, בעגרייפט ער ניט. אלע פערשטעהען, נאָר ער ניט.

אין דער צייט האָט א לאקעי אריינגעבראכט א בריעף אויף א זילבערנע טאץ.

— אָט וועסטו האָבען א געלעגענהייט צו הערען קיזעוועטער'ן.

— ווער איז ער דאס ?

— קום היינט, וועסטו זעהן. אז ער רעדט, מוזען די פער־דאָרבענסטע פערברעכער פאלען אויף די קניה און וויינען. אָט דיינע האָט איהם געדארפט הערען, וואָלט זי גאר אנדערש געוואו־רען. קום היינט אין אבענד, וועסטו הערען. ס'איז א זעלטענער מענ:ש.

— מיר איז דאס ניט אינטערעסאנט.

— און איך זאג דיר, עס איז יא אינטערעסאנט. נו, וואס האסטו נאך צו זאגען.

— איך האב נאך אן אנגעלעגענהייט אין פעסטונג.

— אין פעסטונג? נו, אהין קען איך דיר געבען א צעטעלע צום באראן קריגסמוט. דו דארפסט אליין איהם אויך קענען. ער איז געווען בעפריינדעט מיט דיין פאטער. וואס־זשע דארפסטו דארט אזוינס?

— איך וויל בעטען, מען זאל ערלויבען צו זעהען זיך דער מו־טער מיט איהר זוהן, וואס זיצט דארט. מען האט מיר אבער געזאגט אז דאס ווענדעט זיך ניט אן קריגסמוט'ן, נאר אן טשערניאווסקי'ן.

— טשערניאווסקי'ן האב איך ניט ליעב, נאר דאס איז דאך מאריע'ס מאן. איך קען זי בעטען, זי וועט טהאן פאר מיר.

— איך וויל בעטען נאך פאר א פרוי, וועלכע זיצט שוין א פאאר מאנאט און קיינער וויים ניט פאר וואס.

— נו, לאז שוין צורוה. זי אליין וויים, זיכער, פאר וואס. זיי ווייסען זעהר גוט. רעכט אויף זיי, די געשארענע.

— מיר ווייסען ניט, יא רעכט, אדער ניט רעכט. אבער זיי ליידען. איהר זייט דאך א קריסטין און גלויבט אין עוואנגעליום, און זייט אזוי אונערבארמליך.

— דאס מאכט ניט אויס. עוואנגעליע איז זיך עוואנגעליע, און וואס עס איז עקעלהאפט — איז עקעלהאפט. עס וואלט גע־ווען פיעל ערגער ווען איך זאל זיך מאכען, אז איך האב ליעב די ניהיליסטען, און, איבערהויפט, די געשארענע ניהיליסטען, אין דער צייט ווען איך קען זיי ניט ליידען.

אין דער צייט איז אריינגעקומען א הויכער, ברייטפלייציגער גענעראל. דאס איז געווען דער גרעפינ'ס מאן, טשארסקי, א געווע־זענער מיניסטער.

— אה, דמיטרי, וואס מאכסטו, — האט ער געזאגט, אנשטע־לענדיג זיין גלאט־געראזירטע באק. — ווען בינסטו געקומען?

— אלזא, וועל איך אנשרייבען א צעטעלע צו מאריע'ן.

## 15.

טשארסקי האָט אריינגערופען נעכלודאָוו'ן צו זיך אין קאבי־נעט און האָט אויסגעהערט אלעס, וואס ער האָט פון איהם פער־לאנגט, אזוי ווי ער איז געוועזן געוואוינט אויסצוהערען א בעריכט פון א ניעדעריגערען בעאמטען. נעכלודאָוו האָט בעקומען פון איהם צוויי רעקאמענדאציעס: איינע צו'ם סענאטאָר וואָלף פון קאסא־ציאָנס־דעפּארטאמענט און די צווייטע צו א פּערזאָן, וואס האָט א גרויסע ווירקונג אין דער קאמיסיע פון פּראשעניעס אויפ'ן קייזער'ס נאָמען. די ערצעהלונג וועגען פעדאָסיע'ס פּראָצעס האָט איהם זעהר געריהרט און ער האָט פערשפּראכען אליין אויך צו זאגען א גוט וואָרט פאר איהר ביי א געלעגענהייט.

בעקומענדיג די צוויי בריעף פונ'ם גראף און א דריטען פון דער גרעפין, האָט נעכלודאָוו זיך געלאזען געהן צו דיעזע פּערזאנען.

צוערשט איז ער אוועק צו מאריע. נעכלודאָוו האָט געקענט מא־ריע'ן נאָך אלס א קליין מיידעל פון אן ארעמע אריסטאָקראטישע פא־מיליע, ער האָט געוואוסט, אז זי האָט חתונה געהאט מיט א קא־ריערסט א טשינאָווניק, וועגען וועלכען מען האָט דערצעהלט זעהר פיעל מיאוס'ע זאכען. איהם איז דארום געוועזן זעהר אונאנגענעהם צו ווענדען זיך צו א פּערזאָן, וועלכע ער האָט ניט געקענט אכ־טען. אויסער דעם וואס איהם איז געוועזן ניט בעקוועם צו האָבען צו טהאָן מיט מענשען, וועלכע ער האלט פאר פרעמדע, אבער וועלכע בעטראכטען איהם אין דערזעלבער צייט פאר אן אייגענעם, האָט ער סתם געפיהלט, אז די נאָהנטקייט מיט דיעזען קרייז הויבט אָן ביסלעכווייז איהם אליין אריינציהען אין דעם אמאָליגען אַרט לעבען.

צופאהרענדיג צו דער הויז, וואו מאריע האָט געוואוינט, האָט נעכלודאָוו געטראפען ביי'ם גאנעק א שעהנע קארעטע איינגעשפּאנט מיט א פּאָאר שעהנע פערד. א לאקעי אין אן אויסערגעוועהנליך ריינעם פראק האָט געעפענט די טיהר און נעכלודאָוו איז אריין אין קאָרידאָר.

— דער גענעראל נעהמט היינט ניט צו, די גענעראלשע דאס

גלייכען, זיי פאָהרען צו א וויזיט, — האָט א צווייטער לאקעי איהם געמעלדעט.

נעכלודאָוו האָט אבגעגעבען יעקאטערינא איוואנאָוונא'ס בריוועלע און איז צוגעגאנגען צום טישעל אויף וועלכען עס איז גע־לעגען א בוך פאר די בעזוכער צו פערשרייבען. ער האָט בלויז בע־וויעזען אנצושרייבען, אז ער בעדויערט זעהר וואָס יער האָט זי ניט געטראָפען צו הויזע, ווי מאריע איז אָנגעקומען פון די טרעפ, אָנגע־טהאָן אין א גרויסע הוט מיט פעדערען, אין א שווארצע קלייד און אין נייע שווארצע האנדשוה מיט א וואואל איבער'ן געזיכט. דער־זעהענדיג נעכלודאָוו'ן האָט זי אויפגעהויבען דעם וואואל און א ווייי־לע געקוקט אויף איהם אזוי ווי עראינערענדיג זיך.

— אָה, פירסט דמיטרי איוואנאָוויטש, — האָט זי אויסגערור־פען מיט א פרעהליכען קול. — איך וואָלט דערקענט...

— ווי, אפילו מיין נאָמען געדענקט איהר?

— געוויס; איך און מיין שוועסטער זיינען זאָגאר געווען פערליעבט אין אייך, — האָט זי געזאגט אויף פראנצויז. — אבער ווי איהר האָט זיך דאס פערענדערט פאר דער צייט. אך, ס'א שאָד וואָס איך האלט ביי פאָהרען, איבעריגס, מיר וועלען געהן צוריק, — האָט זי געזאגט און געבליבען שטעהן אונענטשלאָסען.

זי האָט א קוק געטהאָן אויפ'ן וואנט־זייגער.

— ניין, איך קען ניט. איך פאָהר צו קאמענסקאיא אויף א פאניכידע. זי איז זעהר דערשלאָגען.

— וואס האָט דאָרט אזוינס פאסירט?

— האָט איהר דען ניט געהערט, איהר זוהן איז דער'הרג'ט געוואָרען אויף א דועל. א בן יחיד .שרעקליך... די מוטער איז אזוי דערשלאָגען.

— יא, איך האָב געהערט.

— ניין, איך וועל פאהרען און א הר קומט מאָרגען אדער היינט אבענד.

— היינט אבענד קען איך ניט, — האָט נעכלודאָוו געענט־

פערט, בעגלייטענדיג איהר צו'ם גאנעק. — איך האָב געוואָלט פון איך בעטען א טובה.

— וואס איז?

— איך האָב צו איך איין בריוועלע פון דער טאנטע, דאָרט וועט איהר אלץ געוואָהר ווערען.

— איך ווייס, די גרעפין יעקאטערינא איוואנאָווגא דענקט, אז איך האָב עפּעס א ווירקונג אויפ'ן מאן אין זיינע אנגעלעגענהייטען. זי האָט א טעות, איך קען גאָר ניט טהאָן און איך וויל זיך גאָר ניט מישען. נאר פערשטעהט זיך, פאר דער גרעפין וועל איך מאכען אן אויסנאַהמע. וועגען וואס האנדעלט זיך דאס?

— מען האָט אריינגעזעצט א פרוי אין פעסטונג און זי איז אונשולדיג, זי איז קראנק.

— ווי רופט מען זי?

— שוסטאָווא. לידיע שוסטאָווא. אין צעטעלע איז פאראן.

— נו, גוט, איך וועל זיך סטארען עפּעס טהאָן. — זי האָט זיך געזעגענט מיט נעכלודאָוו'ן, האָט זיך אריינגעזעצט אין קארעטע און איז אוועקגעפאהרען.

## 16.

נעכלודאָוו האָט זיך אויסגעארבייט א מארשרוט, ווי צו פאהרען אין די ערטער, וואו איהם איז געווען נויטיג, אזוי, אז איהם זאל ניט אויסקומען אומצוקעהרען זיך, און איז צוערשט אוועק אין סענאט.

אין דער קאנצעלאריע פון סענאט איז ער געוואָהר געוואָרען, אז מאסלאָוואַ'ס פּראָשעניע איז אנגעקומען און זי איז איבערגעגעבען געווארען צו וואָלף'ן צום בעריכטען וועגען דעם פּראָצעס. איין בעאמטער האָט איהם אויך געזאָגט אז דער סענאט וועט אבהאלטען א זיצונג דיעזע וואָך, אבער צו מאסלאָוואַ'ס פּראָצעס וועט אויך בעטראכט ווערען איז א ספק, סיידען מען זאָל בעטען וועגען דעם, וועט אפשר איהר פּראָשעניע אויך פארגעבראכט ווערען.

פון סענאט איז נעכלודאָוו אוועקגעפאהרען צום בעאמטען פון דער קאָמיסיע וועגען פראשעניעס, באראָן וואָראָביעוו. דער לאקעי האָט שטרענג ערקלערט נעכלודאָוו'ן, אז דעם באראָן קען מען זעהן נאר אין די טעג, וועלכע זיינען בעשטימט אויפצונעהמען בעזוכער. נעכלודאָוו האָט דארום געלאזען דעם בריעף און איז אוועקגעפאהרען צום סענאטאר וואָלף.

ווען נעכלודאָוו איז געקומען האָט וואָלף געהאט נאָר וואָס אָבגעגעסען פריהשטיק און האָט געהאלטען אין רויכערען א סיגאר און ארומשפאצירען איבער'ן קאבינעט. וואָלף איז געווען א מענש, וואס האָט געקענט בלינד ערפיעלען אלעס, וואס מען האָט פון איהם פערלאנגט און דערפאר האָט ער געמאכט א גרויסע קאריערע. זיין פאמיליע איז בעשטאנען פון א פרוי, וועלכע האָט ניט געוואגט א וואָרט צו רעדען געגען איהם און א טאָכטער, וועלכע איז געווען אבגעזונדערט פון דער גאנצער וועלט און האָט געפיהרט אן איינזאמען לעבען ווי אין א מאָנאסטיר. זיין איין־איינציגער זוהן האָט ניט געוואהנט ביי די עלטערען. פון 15 יאהר אָן האָט ער אנגעהויבען פיהרען אָן אויסגעלאסענעם לעבען און האָט רק אנגעמאכט חובות. צוויי מאָל האָט דער פאָטער בעצאָהלט זיינע שולדען און צום 3טען מאָל האָט ער איהם ארויסגעטריבען. זייט דאן האָט וואָלף זיך אריינגענומען אין די געדאנקען, אז ער האָט ניט קיין זוהן, און קיינער פון די היימישע האָט ניט געטאָרט דערמאָנען זיין נאָמען.

וואָלף האָט זיך אבגעשטעלט און האָט מיט א ליעבליכען און עטוואָס איראָנישען שמייכעל (דאס איז געווען זיינע א געוואהנהייט, וועלכע האָט געזאלט אויסדריקען זיין בעוואוסטזיין, אז ער שטעהט העכער פון אנדערע מענשען) בעגריסט נעכלודאוו'ן און דורכגעלעזען דעם בריוועלע.

— זעצט אייך, געפעליגסט, און מיר וועט איהר ערלויבען ארומצושפאצירען. איך בין זעהר צופרידען צו בעקענען זיך, און, פערשטעהנדליך, טהאָן צוליעב איוואן מיכאילאָוויטש'ן, — האָט ער געזאגט, ארויסלאָזענדיג פון מויל דעם רויך און פארזיכטיג אבטראָגענדיג דעם סיגאר, אז די אַש זאל ניט אראָבפאלען.

— איך האָב געוואָלט בעטען, אז דער פּראָצעס זאָל שנעלער ב טראכט ווערען, כדי, אויב דער פעראורטיילטער וועט אויסקומען צו פאהרען אין סיביר, זאָל זי קענען פאהרען וואס פריהער.

— ווי איז איהר פאמיליע?

— מאסלאָווא.

— גוט, איך וועל בעטען, מען זאָל זי אב'פּטר'ן מיטוואָך.

— קען איך אזוי טעלעגראפירען דעם אדוואָקאט?

— איהר האָט אן אדוואָקאט אויך? צו וואס איז דאס? נאָר אויב איהר ווילט, פאר וואס ניט?

—די אורזאכען צו דער קאסאציע זיינען אפילו ניט קיין גענוגענדע, אָבער איך דענק, אז עס איז אויגענשיינליך, דאָס זי איז פעראורטהיילט געוואָרען דורך א מיספערשטענדניס.

— יא, יא, מעגליך, אָבער דער סענאט קען דאָך ניט בעטראכטען דעם עצם פון פּראָצעס. זיין אויפגאבע איז נאָר אכטונג צו געבען, אז דער געזעץ זאָל ריכטיג אויסגעטייטשט און אָרדענטליך אנגעווענדעט ווערען.

— אָבער דאָס איז, שיינט מיר, אן אויסנאהמס פאַל.

— איך וויים, איך וויים, אלע פאלען זיינען אויסנאהמען. מיר'ן טהאָן ווי עס געהער צו זיין, און גאָר.

צו ענדע האָט וואָלף דערמאָנט אָן דער פּאסירונג ביי קאמענסקי און האָט אויסגעדריקט זיין בעדויערען איבער דעם.

נעכלודאוו האָט זיך געזעגענט און גענומען געהן.

— קומט ווען עס איז מיטאג עסען ביי אונז. אויב אייך וועט זיין בעקוועם, טו קומט מיטוואך, וועל איך אייך אגב ברענגען אָן ענטפער שוין, — האָט ער צוגעזעצט.

עס איז שוין געווען שפּעט און נעכלודאוו איז אוועקגעפאהרען צו דער טאנטע.

## 17.

אויף מאָרגען, ווען נעכלודאָוו האָט נאָר וואָס געהאט זיך אנגעטהאָן און האָט זיך געקליבען ארונטערצוגעהן, האָט דער לאַ־

קעי איהם דערלאנגט א בריעף פון דעם מאָסקווער אדוואָקאט. פאַנארין איז געקומען קיין פעטערבורג וועגען זיינע אנגעלעגענהייטען און ביי דערזעלבער געלעגענהייט צו זיין אין סענאט ווען מאסלאָוואַ'ס קאסאציע וועט פערהאנדעלט ווערען. נעכלודאָוו'ס טעלעגראמע האָט איהם אויפגעמידען אין וועג. געוואהר ווערענדיג פון נעכלודאָוו'ן פאר וועלכע סענאטאָרען די קאסאציע וועט פארגעבראכט ווערען, האָט ער א שמייכעל געטאָהן און געזאגט.

— גראדע דריי אמת'ע טיפען פון סענאטאָרען: איינער א טשינאָווניק, דער צווייטער א געלערענטער יוריסט און דער דריטער א פראקטישער יוריסט און א מעהר לעבעדיגער פון זיי אלע, אויף איהם איז דארום אממעהרסטען צו האָפען. און וואס איז אין דער קאָמיסיע?

— אָט איך פאהר היינט צו'ם באראָן וואָראָביעוו; איך האָב ניט געקענט איהם זעהן נעכטען.

— וואויל, קומט וועלען מיר פאהרען צוזאמען. איך וועל אייך צופיהרען.

— אין פאדער־צימער האָט דער לאקעי איבערגעגעבען נעכלודאָוו'ן א בריעף פון מאריע'ן, אין וועלכען זי שרייבט, אז זי האָט דורכגערעדט מיט איהר מאן און ער וועט שוין זעהן, מען זאל בעפרייען די פערזאן, פאר וועלכע ער האָט געבעטען.

איהר הערט א געשיכטע? — האָט נעכלודאָוו געזאגט צו דעם אדוואָקאט, — ס'איז דאָך שרעקליך. מען האלט אב אן אונשולדיגע פרוי פערשפארט אין פעסטונג 7 מאָנאט, אין דער צייט ווען עס איז געווען גענוג צו זאגען איין וואָרט, אז מען זאל זי בעפרייען.

— דאס איז אימער אזוי. האָט איהר, אמוועניגסטען, שוין דערשלאָגען זיך וואס איהר האָט פערלאנגט?

— יא, אבער יעצט קרענקט עס מיך נאָך מעהר. אויף אזא ארט, וואָס טהוט זיך דאָס, פאר וואָס האָט מען זי געהאלטען?

— נו. בעסער נימט דרעהען זיך דעם מח מיט אזעלכע פראגען. אלזא פאהרען מיר צוזאמען? — האָט דער אדוואָקאט געפרעגט נעכלודאָוו'ן, ווען זיי זיינען ביידע ארוים אויפ'ן גאניק.

זיי האָבען זיך ארײנגעזעצט אין א שעהנע קארעטע, וועלכע האָט געווארט אויף פּאָנארינ'ען, און אין א קורצע צייט ארום איז נעכלודאָוו שוין געווען ביי וואָראָביעוו'ן.

דער אדיוטאנט — א יונגער טשינאָווניק האָט איהם ארײנ־געפיהרט צו'ם באראָן אין קאבינעט, וועלכער האָט בעגעגענט נאכ־לודאָוו'ן מיט א פרעהליכען שמייכעל.

— איך בין זעהר צופריעדען אייך צו זעהן. איך בין דאָך גע־ווען בעפריינדעט מיט אייער מוטער. כ'האָב אייך געקענט, ווען איהר זייט נאָך געווען אַן אינגעל און שפּעטער אַלס אָפיצער. נו, זעצט זיך, דערצעהלט. וואס קען איך טהאָן פאר אייך ? יא, יא, — האָט ער אלץ צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ ווערענד נעכלודאָוו האָט דערצעהלט פעדאָסיא'ס געשיכטע. — רעדט, רעדט, איך פערשטעהע, ס'איז ווירקליך, זעהר ריהרענד. איז וואָס, האָט איהר דערלאנגט א פּראָשעניע ?

— איך האָב צוגעגרייט א פּראָשעניע, — האָט נעכלודאָוו געענטפערט, ארויסנעהמענדיג פון קעשענע א פּאפּיר, — נאָר איך האָב געוואָלט פריהער אייך בעטען, האָפענדיג, אז דערצו וועט אָב־געגעבען ווערען א בעזונדערע אויפמערקזאמקייט.

— און איהר האָט טאקי גוט געטאָן. איך וועל אונבעדינגט פּערזענליך דאס דערטראָגען, — האָט דער באראָן געזאגט, אויס־דריקענדיג מיטלייד אויף זיין פרעהליכען געזיכט. זעהר ריהרענד. הפּנים, זי איז נאָך געווען א קינד, דער מאן האָט זי שלעכט בע־האנדעלט, האָט דאָס איהר אָבגעשטויסען ; און נאכהער איז געקומען א צייט, און זיי האָבען זיך ליעב געקריגען... יא, איך וועל זיך סטארען.

— גראף איוואן מיכאילאָוויטש האָט געזאגט, אז ער האָט גע־וואָלט בעטען...

נעכלודאוו האָט קוים בעוויעזען ארויסצורעדען דיעזע ווערטער, ווי דער אויסדרוק פון דעם באראָנ'ס געזיכט האָט זיך אומגעענדערט און ער האָט זיך אבגערופען :

— איבעריגס, שיקט אריין די פראשעניע אין קאנצעלאריע. און איך וועל שוין טהאָן, וואס עס וועט מעגליך זיין.

נעכלודאָוו האָט זיך געזעגענט און איז ארוים פון קאבינעט.

## 18.

דער גענעראל, פון וועלכען דער שיקזאל פון די פערשפּארטע אין פעסטונג איז געווען אבהענגיג און צו וועלכען זיין טאנטע האָט א הם געהאָלפען צו ווענדען זיך, האָט זעהר העפליך בעגעגענט נעכלודאָוו'ן.

— זעהר אנגענעהם, זעהר אנגענעהם; שוין לאנג ווי איהר זייט געקומען אין פּעטערבורג?

— ניט לאנג, — האָט געענטפערט נעכלודאָוו.

— נון, וואס מאכט איהר? איך געדענק אייער פאטער זעהר גוט, מיר האָבען צוזאמען געדיענט, געווען אינטימע גוטע פריינד. פערנעמט איהר א וועלכען אמט?

— ניין.

דער גענעראל האָט א שאָקעל געטהאָן אונצופריעדען מיט'ן קאָפּ.

— איך האָב צו אייך א ביטע, גענעראל, — האָט נעכלודאָוו א זאָג געטהאָן איהם קורץ און ווייך.

— זעהר, זעהר צופריעדען. מיט וואָס קען איך דיענען?

— אויב מיין ביטע וועט זיין זאנדערבאר און ניט אם פּלאץ, זועט איהר מיך ענטשולדיגען, איך מוז עס אייך איבערגעבען.

— וואס אזוינס?

— צווישען אייערע ארעסטאנטען געפינט זיך איינער א גור־קעוויטש, בעט זיך זיין מוטער מען זאָל איהר ערלויבען צו זעהן זיך מיט איהם, אָדער, אם ווענינגסטען, מען זאָל איהם איבערגעבען ביכער.

דער גענעראל האָט ניט אויסגעדריקט ניט קיין צופריעדענ־הייט, ניט קיין אונצופריעדענהייט, האָט נור אנגעבויגט דעם קאָפּ אָן א זייט און האָט פערקוועטשט די אויגען, אזוי ווי בעטראכטענדיג

ערנסט די זאך. אין אמת'ן האָט ער גאר נישט געטראַכט און האָט זיך איבערהויפּט ניט אינטערעסירט מיט נעכלודאָוו'ס ביטע, ווי־סענדיג גלייך פון אנפאנג, אז אויף יעדער בקשה וועט ער ענטפע־רען דעם פּארטיגען תירוץ, אז ער האנדעלט אזוי, ווי דאָס געזעץ הייסט. ער האָט איצט סתם גייסטיג אָבגערוהט, נישט טראַכטענ־דיג וועגען קיין זאך.

— דאס, מיין פריינד, היינגט ניט אָב פון מיר, — האָט ער געענטפערט זיך אפּזיפצענדיג, — וועגען זעהן זיך מיט פּאָליטישע זיינען דאָ פעסטגעשטעלטע רעגעלען סאנקציאנירט פון אויבען, דאס וואס עס איז דורך דיעזע רעגעלען ערלויבט, איז ערלויבט, און וואס ניט איז ניט ערלויבט. וואס אנבעלאנגט ביכער, איז ביי אונז דאָ א ביבליאָטעק און מען גיט אלע יענע ביכער, וועלכע זיינען פאר זיי ערלויבט צו לעזען.

— יאָ, אבער איהם זיינען נויטיג וויסענשאפטליכע ווערקע, ער וויל לערנען.

— אָה, גלויבט דאס ניט, דאס איז ניט אויף צום לערנען. דאס איז סתם שטענדיגע אונרוהיגקייט.

— אבער ווארום, מען מוז דאך מיט וואס עס איז די צייט פערטרייבען אין זייער שווערער לאגע, — האָט געמאכט א בעמער־קונג נעכלודאָוו.

— עט, זי בעקלאגען זיך אימפער, — האָט געזאגט דער גענע־ראל, — מיר קענען זיי גוט.

ער האָט גערעדט וועגען „זיי“, ווי וועגען עפּעס א בעזונדער שלעכטען מין מענשען.

— און זיי האָבען דאָ אזעלכע בעקוועמליכקייטען, וועלכע ארעסטאנטען האָבען ערגעץ ניט, — האָט ווייטער געזאגט דער גענעראל.

און ער האָט אנגעהויבען צו ערקלעהרען וועלכע בעקוועמליכקיי־טען זיי האָבען. פון זיין שילדערען די בעקוועמליכקייטען איז אויס־געקומען אזוי ווי דער צוועק פון דיעזער איינריכטונג וואָלט געווען

צו פערשאפען די מענשען, וואס ווערען דאָרט אויפגעהאַלטען, אין אנגענעהמעם לעבען.

— אמאָהל, זעהט איהר, איז געווען זעהר שטריינג, אָבער איצט האָבען זיי זיך דאָ זעהר גוט. זיי עסען דריי געריכטען, און איין געריכט איז אימער פלייש: סטייק אָדער קאָטלעטען. אם זונ־טאג האָבען זיי זאָגאר א פערטע געריכט — עפּעס זיסעס. גיב גאָט, אז יעדער רוססע זאל קענען אזוי עסען.

דער גענעראל, אזוי ווי אלע אלטע מענשען, אנהויבענדיג אין איינגעבילדעטע זאך, האָט איבערגע׳חזר׳ט אלעס, וואָס ער האָט שוין צעהנדליגע מאָל גערעדט, אלס א בעווייז פון דער אונדאנק־בארקייט פון די ארעסטירטע.

— ביכער גיט מען פון רעליגיעזען אינהאלט און אויך אלטע זשורנאלען. מיר האָבען דאך א ביבליאָטעק. אבער זיי לעזען זעלטען. פון אנפאנג אינטערעסירען זיי זיך נאך, און דערנאך בלייבען די נייע ביכער א העלפט ניט אויפגעשניטען, און די אלטע ביכער מיט ניט איבערגעקעהרטע בלעטער. מיר האָבען שוין דאס גוט נאכגע־פּאָרשט, — האָט מיט אן עהנליכקייט פון אן אונצופריעדענעם שמייכעל געזאגט דער גענעראל, — מיר האָבען געפּרובירט אפילו שטיקלעך ריינע פּאַפּיער ארייןלייגען צווישען די בלעטער, איז דאס פּאַפּיער גאָר ניט ארויסגענומען געוואָרען, זי קומען גאָר ניט צו צו זעהען, אז דארט געפינט זיך א שטיק פּאַפּיער. און שרייבען האָבען זיי גאָר אויך קיין לוסט ניט. מען גיט זיי א שיעפערטאפעל און מיט וואָס אויף איהר צו שרייבען, אזוי אז פון צייט־פערטרייב וועגען קענען זיי שרייבען. זיי קענען אפּווישען דאס אנגעשריעבענע און ווידער שרייבען. אבער זיי טוהען דאס ניט. ניין, זיי ווערען אין א קורצער צייט גאנץ רוהיגע מענשען. נור פון אָנפאנג זיינען זיי נערוועז, אונרוהיג, אבער דערנאָך בערוהיגען זיי זיך, הויבען זאָגאר אָן פעט צו ווערען און זיינען זעהר שטיל, — האָט געזאגט דער גע־נעראל, ניט פערשטעהענדיג יענע שרעקליכע בעדייטונג, וועלכע זיי־נע ווערטער האָבען געהאט.

נעכלודאָוו האָט געזעהען, אז מיט דעם אלטען גענעראל איז

ניטא יואס צו ריידען. ער האָט פון דעסטוועגען זיך געמאכט אַן אנשטרענגונג און האָט איהם געפרעגט וועגען דער ארעסטאנטקע שוסטאָווא, וועגען וועלכע ער האָט ערהאלטען די נאכריכט, אז מען האָט אפגעגעבען א בעפעהל זי ארויסצולאָזען.

— שוסטאָווא?.. שוסטאָווא — האָט דער גענעראל איבערגע־חזר'ט איינינע מאָל, — איך געדיינק ניט זייערע נעמען. זיי זיי־נען אזוי פיעל, אז עס איז שווער צו געדיינקען. ער האָט א קלונג געטהון און געהייסען א רוף טהון זיין סעקרעטאר. ביז וואַ־נען דיעזער איז אריין האָט דער אלטער גענעראל דערוויילּ גע־מוסר'ט נעכלודאָוו'ן, פאר וואס ער פערנעהמט ניט אירגענד וועל־כע אַמט. ער האָט ערקלעהרט, אז עהרליכע, אנשטענדיגע מענשען מוזען זיין רעגיערונג'ס בעאמטע, רעכענענדיג זיך אויך אין צאָהל פון אזעלכע עהרליכע, אנשטענדיגע מענשען, אזעלכע מענשען, זאגט ער, זיינען זעהר וויכטיג דעם קייזער און... אונזער פאטער־לאנד. דאס לעצטע האָט ער צוגעלייגט, אזוי פון דער שעהנער פרא־זע וועגען.

— אָט איך בין שוין אלט, און פון דעסטוועגען דיען איך אויף וויפיעל די קרעפטען ערלויבען מיר.

דער סעקרעטאר איז אריין און האָט געמעלדעט, אז שוס־טאָווא געפינט זיך ערגעץ דאָרט און דאָרט, און האָט אנגערופען א זאנדערבארען נאמען פון א פארטיפיצירטען פלאץ אין פעסטונג. קיינע פאפיערען זיינען נאָך פארלויפיג וועגען דער שוסטאָווא ניט אנגעקומען.

— ווען מיר ערהאלטען, שיקען מיר זיי ארויס אין דעם זעל־בען טאָג, — האָט געזאָגט דער גענעראל, — מיר האלטען זיי ניט קיין איבריגע צייט און זייער בעזוך איז ביי אונז גאר ניט אזוי טהייער, — האָט געזאגט דער גענעראל, שמייכלענדיג, פון וואס זיין צוקנייטשטעס געזיכט האָט זיך נאָך מעהר צוקרימט.

נעכלודאָוו איז אויפגעשטאנען, געבענדיג זיך מיהע איינצור־האלטען זיך פון אויסצודריקען אויף זיין געזיכט דעם געפיהל פון עקעל, וועלכען ער האָט גע͏פיהלט צו דיעזען שרעקליכען אלטען.

דער אלטער פון זיין צד האָט גערעכענט, אז ער דאַרף ניט זיין צו־שטריינג מיט אַ יונגען מאַן, וועלכער איז נאָך אָב טעל לייכטזיניג און אלעס א זוהן פון זיינעם אַן אלטען גוטען־פריינד, איז קיין עולה ניט אפילו, ער זאל איהם געבען א פאטערליכע עצה, ווי צו ווערען מעהר מענש.

— אדיע, מיין ליעבער, — האָט ער געזאגט, בעגלייטענדיג נעכלודאָוו'ן. איהר האָט קיין פאראיבעל ניט אויף מיר. איך זאָג דאָס אייך אויס ליבע צו אייך. דרעהט זיך ניט ארום צווישען אזעלכע מענשען ווי די, וואס האלטען זיך ביי אונז אויף. קיין אונשולדיגע זיינען צווישען זיי ניטאָ. זיי זיינען אלע מענשען אָהן א ברעקעל מאָראל. מיר קענען זיי.

דער גענעראל האָט עס געזאגט מיט א טאָן, וועלכער לאָזט קיין צווייפעל ניט צו, אז אזוי ווי ער זאגט אזוי איז דאס קלאָהר און זיכער. און ער אליין האָט ווירקליך ניט געצווייפעלט דעריין, אז עס איז אלץ אזוי ווי ער זאגט, דען ווען עס וואָלט געווען אנ־דערש, איז ער, דער אלטער גענעראל, דאָך ניט קיין עהרענהאפטער העלד, זאנדערן א פאָדליעץ, וועלכער האָט פערקויפט זיין געוויסען און הערט איהם ניט אויף צו פערקויפען אויך איצט אויף דער עלטער.

— און דאס בעסטע, זאג איך אייך, יונגער מענש, איז צו זיין אויף אַן אמט. דעם קייזער אונזער'ן זיינען נויטיג עהרליכע, איבערגעבענע מענשען... און דעם פאטערלאנד — האָט ער ניט פערגעסען צו צולייגען. — נון, אויב איך און אנדערע וואָלטען קיין אמט ניט אנגענומען, אָט אזוי ווי איהר, ווער וואָלט דאן בלייבען? מיר אורטהיילען אלץ, אז די ארדנונג איז ניט גוט, אבער אליין טאקע העלפען דער רעגיערונג איז ביי אונז קיין חשק ניטאָ.

נעכלודאָוו האָט לייכט אבגעזיפצט, האָט זיך פערנייגט, האָט געדריקט דעם אלטען'ס גראָבע ביינערדיגע האנד און איז ארויס פון צימער.

ארויסקומענדיג אין דרויסען, האָט נעכלודאָוו א רוף געטהאָן דעם קוטשער.

אָה, ווי לאנגווייליג דאָ איז! — האָט דער קוטשער אויסגערופען, — איך האָב שוין באלד געהאט ברעה אליין אוועקצופאָהרען און אויף אייך ניט צו ווארטען.

— יא, מען לאנגווייליגט זיך ווירקליך דאָ, — האָט נעכלודאָוו מיט א זיפץ געענטפערט, און ער האָט זיך ארייינגעזעצט אין וואָגען און האָט געזוכט צו פערטרייבען זיינע פינסטערע געדאנקען, קוקענדיג מיט בעוואונדערונג אויף דעם פערוואלקענטען היםעל און אויף די וואסער פון דער ניעווא, וואו עס זיינען ארומגעפאָהרען פיעלע לאָדקעס און דאמפפשיפען.

19.

אויף מארגען — מיטוואך — האָט געזאלט אויסגעהערט ווערען מאסלאָווא׳ס קאסאציע. נעכלודאָוו איז געקומען גאנץ פריה אין סענאט. ביים ארייינגאנג האָט ער זיך געטראָפען מיט׳ן אדוואקאט, וועלכער איז אויך נאָר וואס געקומען, און זיי זיינען צוזאמען ארויפגעגאנגען ביז׳ן צווייטען שטאָק. אין׳ם ערשטען צימער, אין וועלכען זיי זיינען ארייינגעקומען, האָט א דיענער ביי זיי צוגענומען זייערע שטעקענס און זייערע מאנטלען און האָט זי געזאגט, אז אלע פיער סענאטאָרען זיינען שוין דאָ; דער לעצטער איז ערשט מיט איין מינוט פריהער געקומען.

דער אדוואָקאט, וועלכער איז געבליבען אין א פראק און א ווייסען קראוואט, איז אריין מיט נעכלודאָוו׳ן אין דעם נעכסטען צימער. א גרייז־גראָהער מאן האָט זיך דאָרט געפונען דאן. צוויי דינער האָבען איהם לאנגזאם און מיט א מין עהרפורכט אויסגעטאָהן דעם מאנטעל. רעכטס אין דיעזען צימער איז געווען א גרויסע שאפע, וואוהין דער אלטער מאן איז נאכהער אריין און איז דאָרט געבליבען א ווײלע.

דערווייל האָט דער אדוואקאט דערזעהן איינעם פון זיינע קאָלעגען, א מאן אין א פראק און א ווייסען קראוואט אזוי ווי ער,

און ער איז גלייך צו איהם צוגעגאנגען. נעכלודאָוו האָט דערווייל געהאט גענוג לייזיגע צייט צו בעטראכטען די אנדערע פערזאנען, וועלכע האָבען זיך געפונען אין זאאַל. אן ערך פון פופצעהן מענער און צוויי פרויען זיינען דאָרט געווען אנוועזענד, איינע א יונגע און די אנדערע שוין מיט גראָהע האאר. יענעם טאָג האָט געזאלט פארקומען א פראָצעס וועגען בעליידיגונג אין דער פרעסע, דארום האָט עס זיך אויפגעקליבען א גרעסערער עולם ווי שטענדיג, דאס זיינען אלץ געווען מענשען, וועלכע האָבען א שייכות צו דער פרעסע.

דער סודעבני פריסטאוו, א שעהנער מאן מיט א רויטען גע־זיכט, אנגעטאָהן אין אן אוניפאָרם, איז צוגעגאנגען צום אדוואָ־קאט פאָנארין ,און האָט איהם געפרעגט, וועגען וועלכער אנגעלע־גענהייט ער איז געקומען. וועהרענד ער האָט פערצייכענט די אנט־וואָרט פונ'ם אדוואָקאט אויף א פאפיער, האָט זיך די טיהר פון דער שאפע געעפענט, און דער גרייז־גראָהער מאן איז ארוים פון דאָרט. דער אלטער מאן האָט יעצט ניט געטראגען זיין זשאקעט, ער איז געווען אנגעטאָהן אין אן אוניפארם, בענעהט מיט גאלונעס אין מיט בלישטשענדע בלעכלאך אויפ'ן ברוסט, וועלכע האָט איהם גע־געבען דעם אויסזעהן פון א ריזענפויגעל. דיעזער קאָסטיום איז איהם, ווי עס האָט געשיינט, ניט געווען צום הארצען, דען ער איז דורכגעלאָפען דעם זאאל מיט שנעלע טריט אזוי ווי פערשעהמט.

— דאס איז ב. אן עהרענהאפטער מאן, — האָט דער אדוואָ־קאט געזאָגט נעכלודאָוו'ן, און האָט איהם בעקאנט מיט זיין קאָ־לעגע.

באלד איז די זיצונג געעפענט געווארען. צוזאמען מיט'ן איב־ריגען עולם איז נעכלודאָוו אויך אריין אינ'ם זאאַל, וואו די זי־צונג איז אבגעהאלטען געווארען. דיעזער זאאל איז געווען קלענער און איינפאכער אויסגעשטאטעט ווי דער „אָקרוזשנאָי סוד“, אָבער אין אלעם אנדערעם איז ער געווען איינגעריכטעט אויף דעם זעל־בען אופן : דערזעלבער באַריער צווישען דעם פובליקום און די ריכטער, דיעזעלבע בילדער אויף די ווענד ; דאָסזעלבע האָבען זיך

אַלע אויפגעהויבען, ווען דער סודעבני פּריסטאוו האָט אויסגערוד־פען: „דער געריכט געהט!“

עס זיינען דארט געווען פיער סענאטאָרען: ניקיטין, וואָלף, סקאָוואָראָדניקאָף און ב. דער ערסטער, ניקיטין, איז געזעסען אוי־בען־אָן — ער איז געווען דער פּאָרזיצענדער. צוזאמען מיט די סענאטאָרען איז אויך אריין דער פּראָקוראָר, נאָך א יונגער, מאָגע־רער מאן מיט דונקעלער געזיכטס־פארב און טרויעריג בליקענדע אויגען. ניט אכטענדיג אויף דעם מערקווירדיגען קאָסטיום וואָס ער האָט געטראָגען האָט נעכלודאָוו אין איהם דערקענט איינעם פון זיינע בעסטע פריינדע פון דער אוניווערזיטעט.

— הייסט ניט דיעזער פּראָקוראָר סעלענין? — האָט ער גע־פרעגט זיין אדוואָקאט, וועלכער האָט זיך געזעצט לעבען איהם אויף די ביינק וואס זיינען געווען בעשטימט פאר'ן פּובליקום.

— יא, וואס איז דען?

—איך קען איהם גאנץ גוט, ער איז א בראוועד מענש.

— און א זעהר בעריהמטער פּראָקוראָר, זעהר טהעטיג און זעהר איינפלוסרייך, — האָט דער אדוואָקאט צוגעגעבען, — צו א י ה ם האָט איהר זיך געדארפט ווענדען.

—אָה, ער וועט זיכער האנדלען געוויסענהאפט, — האָט נעכ־לודאוו אויסגערופען זיך עראינערנדיג אן די גוטע אייגענשאפטען, אן דער מילדקייט, אן דער אויפריכטיגקייט און אן דער פערנונפט פון זיין אמאָליגען חבר.

— עס איז שוין יעצט זאָ ווי צו שפּעט, — האָט דער אדוואָקאט געענטפערט, זיך צוהערענדיג מיט שפּאנענדער אויפ־מערקזאמקייט צו דער וויטערדיגער דיסקוסיאָן איבער דעם פּראָצעס.

אויך נעכלודאָוו האָט זיך צוגעהערט און האָט זיך אנגע־שטרענגט צו בעגרייפען וועגען וואָס דאָ האנדעלט זיך, אָבער ער איז ניט געווען אימשטאנד עפּעס צו פערשטעהן, ווייל, אנשטאט צו דיסקוטירען איבער'ן פּראָצעס גופא, האָט מען זיך די גאנצע צייט בעשעפטיגט מיט זייטיגע אומשטענדען. עס האָט זיך געהאנדעלט

אום א ציימונגס־ארטיקעל, וועלכער האָט אויפגעדעקט די שווינדלען פון א דירעקטאָר פון אן אקציען־געזעלשאַפט. די הויפּט־פראגע האָט, אלזאָ, געדארפט זיין, אויב דער דירעקטאָר האָט ווירקליך בע׳גנב׳עט די, וועלכע האָבען איהם געטרויט, און ווי אזוי מען קען מאכען אן ענדע צו אזעלכע גנבות. מען האָט זיך אָבער ארומגע־ריסען איבער דער פראגע, אויב דער רעדאקטאָר פון דער ציימונג האָט נאָך׳ן געזעץ געהאט א רעכט צו דרוקען דעם ארטיקעל אָדער ניט; אויב ניט, דאן איז די פראגע, צו דאָס קען גערעכענט ווער־רען פאר א בעליידיגונג, אָדער א פערליימדונג.

נעכלודאוו האָט בעמערקט ווי דער סענאטאָר וואָלף האָט זיך געהיצט און האָט געזוכט מיט אלע מעגליכקייטען צו בעוועגען דעם סענאט צו אבשאפען דעם אורטהייל פון דער פּאלאטע, און ווי אזוי דער פּראָקוראָר האָט מיט דער זעלבער היץ געזוכט איהם צו שלאָ־גען מיט ארגומענטען און צו בעווייזען גראדע דעם היפּוך, אום צו בעוועגען דעם סענאט גוטצוהייסען דעם אורטהייל. ער האָט זאָ־גאָר בעמערקט אין דעם פּראָקוראָר׳ס גרויסער היץ א שטיק שנאה צו דעם סענאטאָר וואָלף.

די רעדע פון פּראָקוראָר האָט, הפּנים, אנגעגריפען וואָלף׳ן, און ער איז געוואָרען רויט און איז ארויס אין בעראטונגס־צימער צוזאמען מיט די איבעריגע סענאטאָרען מיט א בעליידיגטע מינע.

20.

אזוי גיך ווי די סענאטאָרען האָבען פערנומען זייערע פּלעצער אין בעראטהונגס־צימער, האָט וואָלף אנגעפאנגען היציג צו ארגור־מענטירען פאר וואס מען דארף קאסירען ד׳עם אורטהייל.

דער פּאָרזיצענדער, א מאן מיט א שלעכטען כאראקטער אין אלגעמיין, איז דיעזען טאָג געווען בעזונדערס שלעכט אויפגעלעגט. ער האָט זיך שוין אויסגעארבייט א מיינונג פריהער ביי דער אפענער זיצונג און ער איז יעצט געזעסען פערטיפט אין זיינע געדאנקען, ניט הערענדיג גאָר וואָלף׳ס ארגומענטען. זיינע געדאנקען זיינען גע־ווען אין גאנצען פערנומען מיט דעם פּונקט, וועלכען ער האָט פער־

צייכענט אין זיינע מעמוארען, ווי ו ו י ל י א נ אָ ו ו האָט בעקו־מען די שטעלע, וועלכע ער האָט געשטרעבט צו ערווערבען זיך שוין צייט אזוי פיעל יאהרען.

דיעזער ניקיטין האָט זיך איינגעבילדעט, אז בעסער פון איהם קען קיינער ניט כאראקטעריזירען די פערשיעדענע בעאמטע, אז ער קען זייער פסיכאָלאָגיע, און דארום טוהט ער א גרויסע טובה דער געשיכטע דער מענשהייט, וואס ער פערצייכענט אלעס וואס עס געהט אָן צווישען דיעזע הויכע בעאמטע, און ער וועט דיענען דער היסטאָריע מיט א אונשעצבארען דאָקומענט.

אין דעם קאפיטעל, וועלכען ער האָט פארשריעבען געסטע־ן, האָט ער מיט א בעזונדער שטריינגקייט בעאורטהיילט די האנד־לונג פון דיעזע הויכע בעאמטע, וועלכע האָבען געהאט די בלינד־הייט ניט צו זעהן, אז רוסלאנד האָט געקענט געראטעט זיין פון אונטערגאנג, ווען מען זאָל איהם ניט ווילאנאָוו'ן נאָמינירען אויף דעם הויכען אמט, צו וועלכען ער האָט מיט אלע כחות געשטרעבט און אויף וועלכען ער וואָלט בעקומען ניט דער ערך א העכערען גע־האלט.

וואָלף האָט זיך אין זיינע ארגומענטען געווענדעט איצט צו דעם פארזיצענדען, וועלכער האָט איהם געענטפערט „געווים, גע־ווים", האָט אבער קיין איין וואָרט ניט געוואוסט פון דעם, וואס וואָלף האָט דאָ געבראכט אלס בעווייזע פיר דער קאסאציע. סענאַ־טאָר ב ע האָט זיך צוגעהערט צו דעם וואס וואָלף האָט גע'טענה'ט מיט א אומעטיגען געזיכט, צייכנענדיג מיט דער בלייפעדער אויפ'ן פאפיער וואס איז געלעגען לעבען איהם. סענאטאָר ב ע איז געווען א עכט ליבעראלער מענש. אין דיעזען פאל האָט ער אויך געקוקט פונ'ם שטאנדפונקט פון זיינע איבערצייגונגען און האָט אין דער קלאגע געגען דעם רעדאקטאָר געזעהן אויך אן אנגריף געגען דער פרייהייט פון דער פרעסע. ווען וואָלף האָט אויפגעהערט צו ריי־דען, האָט דער גרייז-גראָהער אלטער אויפגעהויבען אויף איין אוי־גענבליק דעם קאָפּ, האָט אין איינינע קלאָהרע ווערטער אויסגע־דריקט זיין אנזיכט אויף דער זאך, האָט באלד צוריק אראפּגעלאָזען

זייז ווייסען גראָהען קאָפּ און האָט ווייטער פאָרטגעזעצט זיין צייט־
נונג אויף דעם פּאַפּיער.

סענאַטאָר סקאָוואָראָדניקאָוו, וועלכער איז געזעסען אקוראט
אנטקעגען וואָלף'ן, און האָט די גאנצע צייט פערבראכט אין בייסען
זיין בערדעל, שטעקענדיג זי אימער אין מויל און ארבייטענדיג
שווער מיט די ציינער, האָט אוועקגעווארפען א ווייל̇ע זיין ארבייט
און האָט אויסגעשפּראכען זיין מיינונג, דאס עס איז דאָ ניטאָ קיין
גענוגענדע אורזאכען צו אבשאפען דעם אורטהייל. דער פּאָרזיצענ־
דער האָט איינגעשטימט מיט דיזער אנזיכט און דער אורטהייל איז
געבליבען אין קראפט.

וואָלף איז איצט געווען זעהר אונצופריעדען, ערשטענס, וואס
ער האָט ניט אויסגעפיהרט; צווייטענס, האָט ער בעמערקט אויף
די געזיכטער פון זיינע קאָלעגען, אז זיי זיינען איהם חושד, אז ער
האָט עפּעס א פּערזענליכע פּניה אין וועלען, אז דער אורטהייל
זאָל קאסירט ווערען. ער האָט אבער זיין כעס פערבאָרגען, האָט גע־
נומען גלייך אין האנד די פּאפּיערען פון מאסלאָוואַ'ס פּראָצעס און
האָט זיך פערטיעפט אין זיי. זיינע דריי קאָלעגען האָבען אין דער
צייט אנגעקלונגען און האָבען זיך בעשטעלט טהעע. דערווייל̇ע האָ־
בען זיי געשמועסט וועגען דער געשיכטע, וועלכע האָט צוזאמען מיט
קאמענסקי'ס דועל צוגעצויגען צו זיך די אויפמערקזאמקייט פון
גאנץ פּעטערבורג, נעמליך וואס זעהר א וויכטיגער בעאמטער איז
געווארען בעשולדיגט אין אן אוננאטירליכען פערברעכען.

— אבשייליך! — האָט געזאגט סענאַטאָר ב ע און האָט
זיך א קרים געטאָהן מיט פּעראכטונג.

— וואס געפינט איהר דעריין אזוינס אפשטויסענדעס? —
האָט א פרעג געטהאָן סענאַטאָר סקאָוואָראָדניקאָוו, פּערקלעפּענדיג
זיין פּאפּיראָס, — כ'ה האָב דיזע טעג געלעזען א וויסענשאפטלי־
כע אפּהאנדלונג פון א דייטשען געלעהרטען, וועלכער פּערלאנגט עס
זאָל געזעצליך אנערקענט ווערען דאס צוזאמענלעבען צווישען צוויי
מענער.

— וואָס רעדט איהר? דאָס איז אונמעגליך! — האָט פער־וואונדערט א זאָג געטאָהן ב ע.

— איך וועל אייך דעם ארטיקעל ברייננען, אויב איהר ווינשט, — האָט געענטפערט סקאָוואָראָדניקאָוו און האָט גענומען ציטירען גאנצע זעצע פון יענעם ארטיקעל, אנרופענדיג דאביי דעם נאָמען פון ארטיקעל, דעם דאטום און דעם אָרט, ווען און וואו עס איז ערשיענען.

— מען זאָגט, אז ער וועט בעשטימט ווערען ערגעץ קיין סי־ביר אלס גובערנאטאָר, — זאָגט ניקיטין.

— דאָס וואָלט געווען א חכמה. איך שטעל מיר פאָר ווי דער גלח מיט די גאנצע קירכען־דיענער געהען דאָס גאָטספּורכטיג איהם צו עמפּפאנגען אין נאָמען פון די גייסטליכע פון דער גאנצער גובער־ניע, — האָט זיך אבגערופען סקאָוואָראָדניקאָוו און האָט אריינגע־שלעפּט די באָרד און די וואָנצעס אין מויל, וויפיעל עס איז נאָר אריין.

אין דער מינוט איז אריין דער פּריסטאוו אין בעראטהונגס־צימער און האָט געמעלדעט די סענאטאָרען, אז דער אדוואָקאט פּאָ־נארין פערלאַנגט בייצוואוואָהנען די פערהאנדלונגען איבער דער קאסאציע פון מאסלאָווא.

— דיעזע „דיעלאָ“ פון מאסלאָווא איז א גאנצער ראָמאַן, — האָט זיך אבגערופען וואָלף און האָט דערציילט די גאנצע מעשה וועגען די פערהעלטניסע פון נעכלודאָוו צו מאסלאָווא. די סענאטאָ־רען האָט שטארק פערדראָסען, וואָס זיי דארפען האלטען אן אָפענע זיצונג, ווערהרענד אין זייער בעראטהונגס־צימער קענען זיי בעקוועמער און שנעלער אָב׳פּטר׳ן. אָבער דאָך האָט ניט געפּאסט צוריק־צואווייזען די ביטע פון דעם אדוואָקאט. זיי האָבען דארום בעשלאָ־סען צו בעטראכטען די קאסאציע אין אן אפענע זיצונג.

ווידער האָט וואָלף אנגעפאנגען מיט זיין ווייכער שטימע צו ארגומענטירען און בעווייזען, אז עס פּאדערט זיך אין דיעזען פּראָ־צעס צו קאסירען דעם אורטהייל פון דער ערשטער אינסטאנץ; ווידער האָט געקלונגען אין זיינע רייד א שטארקע פּארטייליכקייט

צו גונסטען פון דער פעראורטהיילטער און מען האָט געזעהן, אז ער ווינשט די קאסאציע זאָל אנערקענט ווערען.

— האָט איהר עטוואָס צו צוגעבען, — האָט דער פארזיצענדער זיך געווענדעט צום אדוואָקאט פּאַנארין.

פּאַנארין האָט זיך אויפגעהויבען, אויסשטעלענדיג דאבײ מיט בעזונדערע וויכטיגקייט זיין אויסגעשניטענע וועסט און ווייסע געפלעטע ברוסט פון העמד. ער האָט קלאָהר און שארף צוגלידערט פונקט בײ פונקט דעם אורטהייל, דערווייזענדיג ווי דער געזעץ איז אין 3 פונקטען איבערגעטראָטען געוואָרען, און צום שלום האָט ער אויך בעריהרט אין אַ פּאָאַר ווערטער דעם עצם פּראצעס און האָט אויסגעדריקט די מיינונג, אז דער פּסק דין איז אַ הימעלשרייענדע עולה.

טראָץ פּאַנארינ׳ס קורצע, קלאָהרע און איבערצייגענדע רעדע איז די קאסאציע ניט אנגענומען געווארען.

21.

— דאס איז שרעקליך! — האָט געזאגט נעכלודאָוו ארויסגעהענדיג מיט׳ן אדוואָקאט. אין אַזאַ אָפענעם פּראָצעס, וואו מען זעהט אלעם ווי אויפ׳ן האנד, טשעפּען זיי זיך צו פאָרמאליטעטען און ענטזאגען טראָץ דעם, וואָס די וואהרהייט איז אויגענשיינליך. שרעקליך!

— דער פּראָצעס איז בעגראָבען געוואָרען שוין פון אנפאנג אין געריכט, — האָט געזאגט דער אדוואָקאט.

— און סעלענין איז אויך געווען דאגעגען. דאס איז דאָך שרעקליך, — האָט אלץ געשריען נעכלודאָוו. — וואָס טוהט מען איצט?

— איצט וועלען מיר דערלאנגען אַ ביטע־שריפט אויף דעם קייזער׳ס נאָמען. איך וועל אויפשרייבען און איהר וועט אליין דערלאנגען ווי לאנג איהר זייט דאָ.

אין דער צייט איז דער קליינינקער סענאטאָר וואָלף מיט זיינע מעדאליען און מונדיר ארויס אין קאָרידאָר און איז צוגעגאנגען צו נעכלודאָוו׳ן.

— וואס קען מען מאכען, ליעבער פירסט, עס זיינען ניט געווען גענוג גרינדע, — האָט ער געזאָגט זשמורענדיג מיט די אויגען און פערבייגעהענדיג ווייטער. נאָך וואָלף'ן איז ארויסגעגאנגען אויך סעלענין, דערוויסענדיג זיך פון די סענאַטאָרען, אז נעכלודאָוו זיין אמאָליגער גוטער פריינד איז דאָ.

— אָט דיך טרעפען האָב איך דאָ ניט ערוואַרטעט, — האָט ער געזאגט נעכלודאָוו'ן. — איך האָב גארנישט געוואוסט, אז דו ביזט אין פעטערבורג.

— און איך האָב ניט געוואוסט, אז דו ביזט אָבער־פּראָקוראָר.

— דו מיינסט אסיסטענט אָבער־פּראָקוראָר.

— ווי אזוי ביזטו אין סענאט? איך האָב געוואוסט, אז דו ביזט אין פעטערבורג, אבער אז דו ביזט אין סענאט שוין, דאס איז פאר מיר א נייעס.

— און וואס טוהסט דו דאָ?

— איך בין געקומען אהער, דיינקענדיג אז איך וועל קענען געפינען גערעכטיגקייט און רעטען א פרוי, וועלכע איז אונשולדיג פעראורטהיילט געווארען.

— וועלכע פרוי?

— אָט פון דעם פּראָצעס, וועלכען מען האָט עבען יעצט גע־לייזט.

— א, דער פּראָצעס פון מאסלאָווא, — האָט זיך ערא‍ינערט סעלענין, — אָה, עס זיינען קיינע גרינדע ניט אנגעגעבען, וואָרום מען זאל ענדערען...

— עס האנדעלט זיך דאָך אבער ניט אום אנגעגעבענע גרינדע פיר ענדערן דעם אורטהייל, זאָנדערן אין דעם, וואָס אן אונשולדי־גע דארף אומזיסט ליידען איבער זיך א קרימינעלען אורטהייל.

סעלענין האָט אפגעזיפצט.

— עס קען זיין, אז דו האָסט רעכט, אבער...

— ניט עס קען זיין, זאנדערן עס איז אזוי.

— פון וואנען ווייסט דו דאס אזוי זיכער?

— איך ווייס דארום, ווייל איך בין געווען א געשוואָרענער און איך ווייס אין וואס מיר האָבען געמאכט א טעות...

סעלעגין האָט זיך פערטראַכט: — מען האָט געדאַרפט דאַן גלייך ערקלעהרען, — האָט ער געזאגט.

— איך האָב ערקלעהרט.

— מען האָט געדאַרפט פערשרייבען אין פּראָטאָקאָל. יוען דאס וואָלט געווען צוזאַמען מיט דער קאַסאַציע, דאַן...

— אבער איז דען איצט אפילו ניט קלאָהר געווען, אז דער אורטהייל איז געווען אַן אונזיניגער?

— דער סענאַט האָט קיין רעכט ניט אזוי צו זאָגען. אויב דער סענאַט וואָלט זיך ערלויבען צו קאַסירען די אורטהיילען פון די גע־ריכטען אויף גרונד פון זיין אנזיכט איבער די גערעכטיגקייט פון אורטהייל, דאַן וואָלט דער געריכט פון געשוואָרענע פערליערען יעדע בעדייטונג.

— וואָלט פערלירען אדער ניט פערלירען, איך ווייס נור איינס, אז דיעזע פרוי איז לחלוטין אונשולדיג, און אז די לעצטע האָפנונג צו רעטען זי איז פערלאָרען געגאַנגען.

סעלעגין, וועלכער איז געווען אימער פערנומען און האָט גע־האט קליינע בעקאַנטשאַפט, האָט, ווי עס שיינט, פון נעכלודאָוו'ס ראָמאַן ניט געהערט. נעכלודאָוו האָט דאָס באַמערקט און האָט בעשלאָסען, אַז ער האָט איהם ניט וואָס צו דערציילען וועגען זיינע בעזונדערע בעציהונגען צו מאסלאָוואַ.

— דו וואָהנסט דאָך וואהרשיינליך ביי דער טאַנטע, — האָט א פרעג געטאָהן סעלעגין, וועלענדיג ארויפקומען אויף אַן אַנדער געשפּרעך, — איך האָב זיך געסטערן ערשט דערוואוסט פון דער טאַנטע, אז דו ביזט דאָ. די גרעפין האָט מיך איינגעלאַדען איך זאָל צוזאַמען מיט דיר זיין אויף די פערזאַמלונג פון דעם אנגעקומענעם פּרעדיגער, — האָט שמייכלענדיג בלויז מיט די ליפּען געזאגט סע־לעגין.

— יאָ, איך בין שוין איין מאָל געווען, געהערט און בין אוועק, עס איז מיר געוואָרען עקעלהאַפט, — האָט בייזלעך געזאגט נעכ־

לודאָוו, זעהענדיג, אז סעלעניןן האָט אבזיכטליך געענדערט דעם גע־שפּרעך.

— עקעלהאפּט? נו ווארום עקעלהאפּט. יעדענפאלס איז דאָס אַן ערשיינונג פון רעליגיעזע געפיהלען, אַבוואָהל איינזייטיג, סעק־טאַנטיש, — האָט געזאגט סעלענין.

— אה, דאָס איז דאָך עפּעס א ווילדער אונזין, ווייטער גאר־נישט, — האָט געזאגט נעכלודאָוו.

— דאָס ניט, דאָס משונה'דיגע דערביי איז בלויז דאָס, ויאָס מיר ווייסען אזוי ווענייג די לעהרע פון אונזער קירכע, אז ביי אונז איז רעכט אנצונעהמען פאר א נייע ענטדעקונג די ערשטע גרונדזאַ־צען פון אונזער אמונה, — האָט סעלענין געזאָגט, אזוי ווי איילענ־דיג זיך ארויסצוזאגען פאר'ן געוועזענעם פריינד זיינע נייע אַנ־שויאונגען.

נעכלודאוו האָט פערוואונדערט און אויפמערקזאם געקוקט אויף סעלענין'ען, וועלכער האָט אראבגעלאָזען די אויגען, און וועלכע עס האָט זיך אויסגעדריקט א טיעפער בייגקען, נור אויך עטוואָס בייזעס.

— גלויבסט דו דען אין די דאָגמען פון דער רעליגיאָן? — האָט א פרעג געטאָהן נעכלודאוו.

— געוויס גלויב איך, — האָט געענטפערט סעלענין, קוקענדיג גלייך און לעבענסלאָז אין נעכלודאָוו'ס אויגען.

נעכלודאָוו האָט אבגעזיפצט:

— דאָס איז וואונדערבאר, — האָט ער א קוועטש געטהאָן מיט די שולטערן.

— איבעריגנס וועלען מיר איבער דעם נאך ריידען, — האָט זיך א כאַפּ געטאָהן סעלענין, — און איצט מוז איך געהן, — האָט ער געזאגט א שאקעלטוהענדיג מיט'ן קאָפּ צום געריכטס־פּריסטאַוו, וועלכער איז איהם געקומען רופען. — נון, מיר מוזען זיך אונבע־דינגט זעהן.

ער האָט זיך פערנייגט צו נעכלודאָוו'ן, געבענדיג איהם זיין אדרעסע.

— איך וועל פיעלייכט אריין ווען איך וועל צייט האָבען, — האָט איהם געענטפערט נעבלודאָוו, און איז אוועק, פיהלענדיג, אז דיעזער מענש, וועלכער איז פאר איהם א מאָל געווען אזוי נאָהענט און טהייער, איז איהם איצט מיט איין מאָל געוואָרען אזוי פרעמד, זאגאר פיינדליך.

22.

נעכלודאָוו'ן איז געווען זעהר טרויעריג אויפ'ן הארצען, ער־שטענס, דערפאר, וואס אין סענאט איז מאסלאָוואַ'ס פּראָצעס פער־שפּיעלט געוואָרען און די אונשולדיגע וועט נעבעך מוזען ליידען אומזיסט און אומניסט, צווייטענס, האָט דיעזער אורטהייל פון סענאַט געלייגט נאָך מעהר שווערינקייט פאר איהם אויסצופיהרען זיין פּלאַן צו הייראַטהען מיט מאסלאָוואַ. אויסער דעם איז איהם ניט ארויס פון די געדאנקען דער קאַלטער, אבשטויסענדער בליק פון סעלענין'ען, וועלכער איז אמאָל געווען אזוי אפענהערציג און גוטמוטיג.

ווען נעכלודאָוו איז געקומען צוריק אויף זיין קוואַרטיר, האָט איהם דער שווייצאַר מיט אייניגערמאסען פערעכטליכער מינע דער־לאַנגט א צעטעל, זאגענדיג איהם, אז דאס האָט עפּעס א פרוי אָנ־געשריבען אין קארידאָר און געבעטען איהם איבערגעבען. דאס איז געווען א צעטעלע פון שוסטאָוואַ'ס מוטער. זי האָט געשריבען, אז זי איז געקומען דאנקען דעם רעטער און וואָהלטהעטער פון איהר טאָכטער, און אויסער דעם בעטען רחמים, ער זאָל זיי בעזוכען. דיע־זער בעזוך איז זעהר נויטיג פאר ווערא יעפרעמאָוונא. זאָל ער נור ניט מורא האָבען, ווערט געשריבען אין צעטעלע, אז מען וועט איהם בעלעסטיגען מיט צופיעל דאנקבארקייט. מען וועט איינפאך גערן זיין איהם צו זעהן אלס גאסט אין דער פאמיליע, פאר וועלכער ער האָט געראַטעט א קינד.

נאָך דיעזען צעטעלע האָט מען איהם דערלאַנגט נאָך איינעם. דאס איז געווען פון זיינעם א קאַמעראַד, פליגעל־אדיוטאנט באָגאַ־טירעוו, וועלכען נעכלודאָוו האָט געבעטען איבערצוגעבען די פּראָ־

**שעניע**, וועלכע ער האָט צוגעגרייט אים נאמען פון די סעקטאנטען צום קייזער. דער פליגעל־אדיוטאנט האָט געשריבען מיט זיין גרוי־סע האנדשריפט, אז די פּראָשעניע וועט ער פערזענליך איבערגע־בען, ווי ער האָט פערשפּראָכען, נאָר איהם איז דערביי געקומען אויפ'ן געדאנק, אפשר וואָלט געווען ראטהזאם, אז נעכלודאָוו זאָל וועגען דעם פערזענליך בעטען יענע פּערזאָן, פון וועלכער עס היינגט פיעלעס אָפּ אין דיעזער אנגעלעגענהייט.

נאָך די איינדריקע פון די לעצטע עטליכע טעג פון זיין פּער־בריינגען אין פּעטערבורג, האָט נעכלודאָוו פערלארען די האָפנונג צו קענען עטוואס אויסווירקען. זיינע פּלענער, וועלכע ער האָט אויסגע־ארבייט אין מאָסקווא, האָבען איצט פאר איהם אויסגעוויעזען אקור־ראט ווי יענע יוגענד־שטרעבונגען, אין וועלכע עס ווערען ענטטויישט מענשען, גלייך ווי זיי טרעטען אריין אין לעבען. פון דעסטוועגען איצט, זייענדיג אין פּעטערבורג, האָט ער געהאלטען פאר זיין פּפליכט צו טאָהן אלעס, וואס ער האָט געהאט בדעה צו טאָהן. ער האָט דארום בעשלאָסען טאקע מארגען אריבערפאהרען צו באָגאָטי־רעוו'ן און לויט זיין עצה זעהן זיך מיט יענער פּערזאָן, פון וועלכער עס האָט אבגעהאנגען דער פּראָצעס פון די סעקטאנטען.

ער האָט ארויסגענומען פון זיין פּאָרטפעל די ביטשריפט פון די סעקטאנטען און האָט זי גענומען לעזען. דער לאקעי איז באלד געקומען מעלדען, אז די טאנטע האָט איהם געלאָזט בעטען צו זיך טהעע טרינקען.

נעכלודאָוו האָט געזאגט, אז ער וועט גלייך אריין, און אריינ־לייגענדיג די פּאפּיערען צוריק אין פּאָרטפעל, איז ער אוועק צו דער טאנטע. געהענדיג האָט ער דערווייל א קוק געטוהן אין פענסטער און האָט דערזעהן ווי לעבען הויז זיינען געשטאנען די געשפּאנטע פּאָר־ברוינע פערד, וועלכע האָבען בעלאנגט צו מאריע'ן. ער האָט פער־שטאנען, אז זי מוז זיין ביי דער טאנטע און איהם איז פּלוצלונג פרעהליכער געוואָרען און אויפ'ן געזיכט האָט א שפּיעל געטהון א שמייכעל.

**מאריע איז געזעסען ביים טהעע־טיש אנגעטוהן אין איהר חי־**

טעלע, אבער שוין ניט אין דאס שווארצע קלייד, נור אין עפּעס א העל־פּארביגע, זי איז געזעסען לעבען דער גרעפינ׳ס קרעסלע און האט עפּעס געפּלאפּלעט, בליצענדיג מיט איהרע פרעהליכע, לאבעדי־גע אויגען.

ווען נעבלודאוו איז אריין אין צימער, האט מאריע נור וואס געענדיגט זאגען עפּעס א וויץ, און, ווי נעבלודאוו האט פערשטאנען פון דעם ארט לאכען, איז דאס געווען אן אונאנשטענדיגער וויץ, און די גוטהערציגע, דיקע גרעפין האט אזוי שטארק געלאכט, אז איהר גאנצער פעטער קערפּער האט זיך געטרויסעלט. און מאריע האט מיט א בעזונדערן שטיפעריגשען אויסדרוק, עטוואס פערקרימט די ליפּען, מיט א שמייכעל געקוקט אויף דער לאבעדיגער.

נעבלודאוו האט פון עטליכע ווערטער פערשטאנען, אז דער גע־שפּרעך צווישען זיי איז געווען וועגען דער צווייטער נייעס, מיט וועלכעס עס איז דאן געווען פול די גאנצע פּעטערבורגער העכערע געזעלשאפט, דאס איז געווען די געשיכטע מיט דעם נייעם סיבירער גובערנאטאר, און אז מאריע האט דאס געזאגט איבער דיעזער אנ־געלעגענהייט עטוואס צוויי־דייטיגעס, אז די גרעפין האט זיך לאנג ניט געקענט איינהאלטען פון לאכען.

— אה, איך בלייב אהן זייטען לאכענדיג, — האט די אלטע קוים ארויסגערעדט און האט זיך צוהוסט.

נעבלודאוו האט בעגריסט די דאמען און האט זיך לעבען זיי אוועקגעזעצט. ער האט נור וואס געוואלט מאכען א פארוואורף מא־ריע׳ן פאר איהר לייכטזינן; זי האט אבער גלייך בעמערקט דעם ערנסטען און אונצופרידענען אויסדרוק אויף זיין געזיכט און איהר געזיכט איז גלייך אומגעענדערט געווארען פון א שפּאסהאפטע אויף א זעהר ערנסטע אום איהם צו געפעלען — און געפעלען זיין איהם האט זיך איהר זעהר געוואלט.

זי איז מיט איין מאל געווארען אזוי ערנסט, אונצופריעדען מיט איהר לעבען און פול מיט דורשט נאך עטוואס העכערעס, וואס זאל זי בעפרידיגען. דאס איז ניט געווען קיין געמאכטע זאך; זי איז ווירקליך פלוצלונג אריינגעפאלען אין אזא שטימונג, ווי די, אין

וועלכער נעכלודאָוו האָט זיך געפונען, כאָטש זי וואָלט אַליין ניט גע־וועזן אימשטאַנד אויסצודריקען מיט ווערטער אין וואָס דיעזע שטי־מונג איז בעשטאַנען.

זי האָט זיך ביי איהם נאָכגעפרעגט, ווי עס געהען זיינע אַנגע־לעגענהייטען. ער האָט איהר דערצעהלט, ווי דער פּראָצעס איז דורכגעפאַלען אין סענאַט און וועגען זיין בעגעגענעס מיט סעלע־נינ׳ען.

— אָך, דאָס איז אַ ריינע זעעלע, — האָבען ביידע דאַמען ארויסגערעדט, דערהערענדיג דעם נאָמען סעלענין, — אַ ריינע זעע־לע! אָט דאָס איז אַן ערנסטער, עדעלער מענש.

— וואָס פאַר אַ פרוי האָט ער? — האָט אַ פרעג געטאָהן נע־כלודאָוו.

— זי? נו, איך וויל זי ניט אורטהיילען, אָבער זי פערשטעהט איהם ניט.

— קען דען זיין, אַז ער איז געוועזן געגען דער קאַסאַציע? — האָט אַ פרעג געטאָהן מאַריע מיט אינערליכען מיטפיהל, — דאָס איז שרעקליך! אָך, דאָס איז פערדריסליך! — האָט זי זיך אָפּ־געזיפצט טיעף.

זיין געזיכט האָט זיך ווי פערצויגען מיט אַ וואָלקען און, ווע־לענדיג ענדערען דעם געשפּרעך, האָט ער אַנגעהויבען ריידען וועגען שוסטאָווא, וועלכע איז געזעסען אין פּעטראָפּאַוולאָווסקע פעסטונג און וועלכע איז בעפרייט געוואָרען צו פערדאַנקען איהר כאָדאַטאַי־סטוואָ. ער האָט איהר געדאַנקט פאַר וואָס זי האָט זיך גענומען די מיהע צו רעטען די אונשולדיגע. ער האָט נאָך געוואָלט צוזעצען, אַז עס איז שוידערהאַפט דער געדאַנק, דאָס די פרוי און די גאַנצע פאַ־מיליע האָבען אַזוי געליטען נאָר דערפאַר, וואָס עס האָט זיך ניט גע־פונען ווער עס זאָל וועגען זיי דערמאָנען. אָבער מאַריע האָט איהם איבערגעהאַקט.

— רעדט ניט, רעדט ניט, — האָט זי געזאָגט, — ווען מיין מאַן האָט מיר געזאָגט, אַז זי זיצט פאַר גאָרנישט און אַז מען קען זי לייכט בעפרייען, האָט מיך איבעראַשט דער זעלביגער געדאַנק,

וועלכען איהר האָט יעצט אויסגעשפּראָכען. אויב זי איז אונשולדיג, טאָ פאר וואס־זשע האָט מען זי געהאלטען פערשפּארט אין פעסטונג? און ווי איז, אז דער צופאל וואלט ניט געבראכט דערצו, אז מיר זאָלען זארגען פאר איהר בעפרייאונג, דאן וואלט די אונגליקליכע ווער ווייסט ווי לאנג געוואלגערט זיך דאָרט, און די גאנצע פאמיליע וואָלט דאדורך ליידען אזוי שרעקליך!

די גרעפין יעקאטערינא איוואנאָוונא האָט געזעהען, אז מאריע קאָקעטירט מיט דעם פלימעניק, און דאָס האָט איהר אמוזירט.

— ווייסטו וואס? — האָט זי געזאגט ווען מאריע איז ענטשווינגען געוואָרען, — קום צו פאָהרען מאָרגען אבענד צו אליין; ביי איהר וועט זיין דער פרעדיגער קיזעוועטער. וועסט הערען וואס דאס איז פאר א מאַן, און דו קום אויך, מאריע. דאס איז א וואונדערבארער מענש. א געטליכער מאַן. איך האָב איהם דערצעהלט דיינע ווערטער און ער האָט מיר געענטפערט, אז דאס איז א גוטער סמן, דו וועסט דערקענען כריסטוס, אונזער גאָט. קום צופאָהרען, ניט אנדערש. זאג דו איהם, מאריע, ער זאל קומען, און אליין קום אויך.

— ערשטענס, גרעפין, האָב איך קיין רעכט ניט צו געבען דעם פירסט עצות, — האָט געענטפערט מאריע, קוקענדיג אויף נעכלודאָוו'ן, —און צווייטענס, האָב איך ניט זעהר ליעב... איהר ווייסט דאָך...

— אה, ביי דיר קומט דאָך אלעס אויס קאפּויר, ניט ווי ביי אנדערע.

— וואָס הייסט ניט ווי ביי אנדערע? איך בין א גלויביגע, אבער איך גלויב פּשוט, ווי און איינפאכע, פרוי, — האָט זי געזאגט מיט א שמייכעל, — און דריטענס, פאָהר איך גאר מאָרגען אין פראנצויזישען טהעאטער.

— אַה, אין טהעאטער, — האָט פרעהליך זיך אבגערופען די אלטע גרעפין, — האָסט דו געזעהען, דמיטרי, די, ווי רופט מען זי?..

מאריע האָט איהר אונטערגעזאגט דעם נאָמען פון דער בעריהמטער פראנצויזישער אקטריסע.

— יא, פאַהר זי זעהען, פאָלג מיך, זי איז וואונדערבאר.

— טאַ ווען זאל איך פאַהרען פריהער זעהען, טאַנטע, — האָט מיט א שמייכעל געפרעגט נעבלודאָוו, — די פראנצויזישע אקטריסע אדער דעם וואונדערבארען פרעדיגער?

— אהא, ער וויל מיך שוין כאפּען אויף די ווערטער.

— איך מיין, — האָט געזאגט נעבלודאָוו ווייטער, — אז עס וואָלט געווען ראטהזאם פריהער צו בעזוכען דעם פרעדיגער און דער־נאָך געהן בעוואונדערן די פראנצויזישע אקטריסע, דען אויב זעהן פריהער די אקטריסע, קען דערנאָך, פיעלייכט, די דרשה פונ׳ם גייסטליכען גאר קיין טעם ניט האָבען.

— ניין, מען דארף אנהויבען פון פראנצויזישען טהעאטער, דערנאָך תשובה טאָהן, — האָט געזאגט מאריע.

— נו, האָט דאָך ניט די חוצפה פון מיר אָפּצולאכען. א פרעדי־גער איז א פרעדיגער און טהעאטער איז טהעאטער. אום צו רעטען די נשמה איז גאר ניט נויטיג אז מען זאל אויסציהען דעם פּנים אויף אן ארשין די לייגג און וייקען זיך נאר אין טרעהרען. מען דארף גלויבען און דאן ווערט פרעהליכער.

— טאַנטע, איהר פרעדיגט בעסער פון אן אנדער פרעדיגער.

— ווייסט איהר וואס, — האָט א זאָג געטאָהן מאריע פער־טראכטערהייט, — קומט מאָרגען צופאהרען צו מיר אין לאָזשע.

— איך האָב מורא דאָס וועט מיר זיין אונמעגליך.

דעם געשפּרעך האָט איבערגעשלאגען דער לאַקעי, וועלכער האָט געמעלדעט דער גרעפין וועגען א בעזוכער. דאס איז געווען דער סעקרעטער פון דער וואָהלטהעטיגער געזעלשאפט, אין וועלכע די גרעפין איז געווען די פארזיצענדע.

— אך, ער איז א לאנגווייליגער מענש. איך וועל ליעבערשט ארויסגעהן אהין אין צימער מיט איהם ריידען, און נאכהער וועל איך קומען אהער צוריק צו אייך. מאריע, טרינקט איהם אָן מיט טהעע, — האָט געזאגט די גרעפין, ארויסגעהענדיג שנעל צום זאאל.

מאריע האָט אראָפּגענומען איהר האנדשוה, און עס האָט זיך

נעצייגט איהר ענערגישע, גאנץ פלאציגע האנד מיט פיעלע רינגען אויף איין פינגער.

— ווילט איהר? — האט זי א פרעג געטאהן נעכלודאָוו'ן אראָפּנעמענדיג די זילבערנע טהעע־קענדעל.

איהר געזיכט איז געוואָרען טרויעריג און ערנסט.

— קיין זאך קרענקט מיך ניט אזוי ווי דער געדאנק, אז א פּערזאָן, וועמעס מיינונג מיר איז טהייער, מיינט, אז איך בין ווירק־ליך ווי דער לעבען ארום מיר צווינגט מיך צו זיין.

נאך א האָאָר, און זי וואָלט ביי דיעזע ווערטער אויסגעבראכען אין טרערען, און אבוואָהל איהרע ווערטער, ווען מען זאָל זיי גענוי בעטראכטען, האָבען נור געהאט אן אויבערפלעכליכע בעדייטונג, זיי־נען זיי דאך נעכלודאָוו'ן אויסגעקומען אויפריכטיג און גוטהערציג, אזא גרויסע מאכט האט געהאט איבער איהם דיעזער בליק, וועלכער האט בעגלייטעט די ווערטער פון דיעזער שעהנער און עלעגאנטער יונגער פרוי.

נעכלודאָוו האָט אויף איהר געקוקט שווייגענדיג און האט ניט געקענט די אויגען פון איהר אראָפּנעהמען.

— איהר דענקט געוויס, אז איך פערשטעה אייך ניט און אז איך ווייס ניט וואס אין אייער זעעלע קומט פאָר. אלע ווייסען דאָ וואָס מיט אייך האָט פּאסירט, אבער קיינער פערשטעהט אייך ניט, נאָר איך פערשטעה, שעץ און בעוואונדער אייך.

— עס איז ווירקליך ניטאָ וואס מיך צו בעוואונדערן, איך האָב נאך גאָר נישט געטאָהן...

— יא, דאס בלייבט זיך עגאל. איך פערשטעה אייערע געפיה־לען און אויך פון יענער פּערזאָן, — נו, גוט זאָל זיין. איך וועל מעהר דערפון ניט ריידען, — האט זי זיך אליין אונטערבראכען אין מיטען, בעמערקענדיג אויף נעכלודאָוו'ס געזיכט א גרויסע אונצו־פריעדענהייט. איך פערשטעה אויך, אז צוקוקענדיג זיך צו דעם, וואס עס טהוט זיך אין די טורמעס, איז ביי אייך ענטשטאנען א הייי־סער פערלאנג צו העלפען די וואס ליידען דורך דער גלייכגילטיגקייט און הארטהערציגקייט פון די מענשען, — האט זי ווייטער געזאגט,

האָבענדיג דערביי בלויז איין זאך אין זינען — צוציהען איהם צו זיך, און דערשפּיערענדיג מיט איהר פרויען־חוש וואָס פאר נעכלו־דאָוו'ן איז געווען וויכטיג און טהייער. — איך פערשטעה ווי מען קען דערפאר אפּפערען דאס לעבען, און איך וואלט גערן אליין דאס געטהאָן, נאָר ניט אלעמען איז בעשערט דערזעלבער שיקזאל.

— איהר זייט דען אויך אונצופריעדען מיט אייער שיקזאל?

— איך? — האָט זי אַ פרעג געטאָן אזוי ווי ערשטוינט מיט זיין פראגע. — איך ד א ר ף זיין צופריעדען און בין צופריעדען, נאר עס איז פאראן אַ ווערעמיל, וועלכער ערוואכט...

— און מען דארף טאקי ניט לאזען איהם איינשלאָפען, מען דארף גלויבען דיזער שטימע, — האָט נעכלודאָוו געזאגט, ניט פער־שטעהענדיג זיך אויף איהר פאלשקייט.

שפּעטער האָט נעכלודאָוו פיעל מאָל זיך פערשעמט ביי דער ערינערונג אָן דער פאלשקייט, מיט וועלכער זי האָט דאס מיט איהם גע'טענה'ט.

ווען די גרעפין האָט זיך אומגעקעהרט האָבען זיי נאָך גע־האַלטען אין ריידען, ווי צוויי אלטע גוטע פריינד, וועלכע האָבען איינע די אנדערע פערשטאנען צווישען אַ מענגע, וועלכע איז זיי פרעמד און קען זיי ניט בעגרייפען.

זיי האָבען גערעדט וועגען דער אונגערעכטיגקייט פון הער־שאפט, וועגען די ליידען פון די אונגליקליכע, וועגען דער ארעמקייט פון פאָלק. נור אין דער ווירקליכקייט האָבען זיי געקוקט מיט די אויגען איינע אויף דעם אנדערן און האָבען מיט דיעזע בליקען אונאויפ־הערליך געפרעגט: קענסט דו מיך ליעבען? און האָבען געענטפערט: איך קען, און דער געשלעכטליכער געפיהל אננעהמענדיג גאנץ אונ־ערוואַרטעטע און צויבערליכע פאָרמען, האָט זיי געצויגען איינע צום אנדערן.

פאר'ן אוועקפאהרען האָט זי איהם געזאגט, אז זי איז אימער פערטיג איהם צו דיענען מיט וואס זי קען נור און האָט געבעטען איהם, אז ער זאָל קומען צופאָהרען צו איהר מאָרגען אבענד, כאָטש

אויף א ווײַלינקע אין טהעאטער, אין איהר לאָזשע, אז זי מוז מיט איהם ריידען וועגען עטוואס וויכטיגעס.

— ווען וועל איך אייך שוין ווידער זעהן? — האָט זי א פרעג געטאָהן פּלוצלונג ווידער מיט א זיפץ און האָט אנגעהויבען אנציהען די האנדשוה אויף איהר רעכטער האנד, — טאָ זאגט דאָך, אז איהר וועט קומען.

נעכלודאָוו האָט פערשפּראָכען.

דיעזע נאכט, ווען נעכלודאָוו, פערבלייבענדיג אליין אין צימער, האָט זיך געלייגט אין בעט און האָט פערלאָשען די ליכט, האָט ער לאנג ניט געקענט איינשלאָפען. ערא־ינערענדיג זיך וועגען מאסלאָ־וואַ און וועגען דער ענטשיידונג פון סענאט און וועגען דעם, אז ער האָט זיך בעשלאָסען פאָהרען נאָך איהר, וועגען זיין ענטזאגען זיך פון דאס רעכט אויף דער ערד, איז איהם פּלוצלונג, ווי אן אנטווארט אויף אלע די פראגען, ערשיענען די געשטאלט פון מאריע, איהר זיפץ און איהר בליק, ווען זי האָט געזאגט: „ווען וועל איך אייך זעהען ווידער“ און איהר שמייכעל. דאס אלעס האָט זיך איהם פארגעשטעלט מיט אזא קלאהרקייט, אז ער האָט אליין א שמייכעל גע־טאָהן, אקוראט ווי זי וואָלט טאקע דאָ געווען און געזעהען זיין שמייכעל.

— וועט זיין א שכל פון מיר צופאהרען נאָך סיביר און וועט זיין גוט פאר מיר צו בלייבען אָהן פערמעגען? — האָט ער זיך גע־פרעגט.

און די אנטווארטען אויף דיעזע פראגע האָבען זיך אונבע־שטימט געדרעהט אין זיין מח אין דיעזער ליכטיגער פּעטערבורגער נאכט. אלעס האָט זיך געפּלאָנטערט אין קאָפּ. ער האָט געזוכט ארויסצורופען אין זיך די פריהעריגע שטימונג און האָט זיך געפּרו־בירט ערא־ינערען ווי ער האָט פריהער וועגען דעם געטראכט, אבער די געדאנקען האָבען שוין ניט געהאט די פריהעריגע איבערצייגונגס־קראפט.

— און טאָמער האָב איך עס פּלוצלונג אלץ אויסגעטראכט און וועל קיין קראפט ניט האָבען אזוי צו לעבען, איך וועל נאָך חרטה

האָבען אויף דעם וואס איך האָב געטאָהן א גוטע טהאט, — האָט ער זיך געטראכט, און ניט האָבענדיג קיין קראפט צו ענטפערען אויף דיעזע פראגען, האָט ער געפיהלט אזא פערצווייפלונג און אזא טרויער, וועלכען ער האָט נאָך פאר דער גאנצער צייט ניט געפיהלט.

ניט האָבענדיג קיינע קרעפטען צו אויספלאנטערן זיך פון די אלע פראגען, איז ער איינגעשלאָפען מיט יענעם שווערען שלאָף, ויי ער פלעגט א מאָהל איינשלאָפען נאָך א גרויסען פערלוסט אין קארטען־שפיעל.

## 23.

דער ערשטער געפיהל פון נעכלודאָוו'ן, ווען ער האָט זיך אייפגעכאפט אויף מארגען, איז געווען אז ער האָט נעכטען געטאָהן עפעס א פאסקודנע זאך. ער האָט זיך אנגעהויבען עראינערען: געטאָהן אייגענטליך האָט ער גאָר ניט, אבער עס זיינען געווען שלעכטע געדאנקען וועגען דעם, אז אלע זיינע איצטיגע פלענער — די הייראטה מיט קאטיושא, דאס אוועקגעבען די פויערן די ערד, אז דאס אלעס זיינען געדאנקען, וואס קענען ניט פערווירקליכט ווערען, אז דאס אלעס איז קינסטליך, אוננאטירליך, און מען דארף לעבען אויף דעם אלטען שטייגער. קיין שלעכטע טהאטען איז ער ניט בעגאנגען, אבער די בייזע געדאנקען זיינען פיעל ערגער פון א שלעכטע טהאט, ווייל א שלעכטע האנדלונג קען מען אויספיהרען ניט צו ווידערהאָלען און חרטה האָבען דארויף וואס אזא טהאט איז געטאָהן געווארען, אבער שלעכטע געדאנקען — זיי בריינגען ארויס אלע שלעכטע טהאטען. א שלעכטע טהאט עפענט נור דעם וועג צו אנדערע שלעכטע טהאטען; אבער שלעכטע געדאנקן שלעפען, ציהען אויף דיעזען וועג אהן אן אבהאלט.

ווידערהאָלענדיג אין זיינע געדאנקען אלע זיינע נעכטיגע רעיונות, האָט זיך נעכלודאָוו געוואונדערט, ווי האָט ער געקענט אפילו אויף איין מינוט גלויבען אין זיי און אנהויבען צווייפלען אין זיינע פריהעריגע בעשליסע. ווי עס איז ניט געווען ניי און זאנדערבאר דאס אלעס, וואס ער האָט געוואלט טאָהן, האָט ער דאָך גע־

פיהלט און געוואוסט, אז דאס איז דער איינציגער מעגליכער לעבען פאר איהם.

די נעכטיגע בייזע רעיונות האָבען זיך איהם איצט פארגע־שטעלט עהנליך דערצו, וואס עס פיהלט א פוילער מענש, ווען אידם ווילט זיך נאָך א ביסעל און נאָך א ביסעל זיך וואלגערען אין בעט, כאָטש שלאפען גלוסט זיך איהם ניט פון לאנג שוין ,און ער ווייס, אז איהם ערוואַרטעט א פרעהליכע און וויכטיגע זאך.

דאס איז געווען דער לעצטער טאָג זיינער אין פעטערסבורג. די לעצטע זאך וואס האָט איהם פערהאלטען דאָ איז געווען דער פראַצעס פון די סעקטאנטען, וועמעס ביטשריפט אויף דעם נאָמען פון קיסר ער האָט געוואלט דערלאנגען דורך זיין פריהערינגען קאַ־לעגע אין מיליטער דיענסט און איצטיגען פליגעל־אדיוטאנט באַגאַ־טירעוו.

אין דער פריה איז ער געקומען צו באַגאַטירעווען און האָט איהם געפונען נאָך אין דער היים ביים פריהשטיק, האלטענדיג באלד ביים אבפאָהרען.

באַגאַטירעוו איז געווען ניט קיין הויכער, אבער פהיזיש־גע־זונדער, קרעפטיגער מענש. ער איז געווען א גבור. ער פלעגט צובוי־גען אן אייזערנע פאַדקאָווע מיט די הענד. ער איז געווען אין נאטור א גוטער, עהרליכער מענש, מיט ליבעראלע אנזיכטען.

ניט קוקענדיג אויף דיעזע אייגענשאפטען איז ער געווען א גאנץ נאהענטער מענש אין קייזערליכען הויף און האָט געליעבט דעם קיסר און זיין פאמיליע, און האָט געקענט זעהען אין דיעזען הע־כערען קרייז נור גוטע זייטען און ניט נעהמען קיין אנטהייל אין קיין זאך, וואס איז שלעכט און געמיין.

ער האָט קיינמאָל ניט געאורטהיילט ניט קיין מענשען און ניט קיינע האנדלונגען; און האָט ענטוועדער געשוויגען, אדער ווען ער האָט געזאגט וואס, האָט ער דאס גערעדט מיט א הויכער, שריי־ענדיגער שטימע, און דאס האָט ער געטוהן ניט פון פאָליטיק וועגען, נור וויל ער האָט געהאט אזא נאַטור.

— נו, גוט וואס דו ביזט געקומען צופאָהרען, — האָט ער גע־

זאָגט נעכלודאָוו, — ווּעסטו פריהשטיקען? זעץ זיך. א פּראכט־פאָלער ביפסטייק! איך הייב אימער אָן מיט עטוואָס פעסטעס און ענדיג מיט דאס זעלביגע, כא־כא־כא, נו, א גלעזעלע וויין, טרינק, — האָט ער געשריען און געלאכט אין דער הויך, — איך האָב דאס וועגען דיר טאקע נור וואס געטראכט. דיין ביטשריפט וועל איך דערלאנגען. איהם אליין אין די הענד וועל איך עס איבערגעבען, — דאס איז זיכער; אבער מיר איז ארויף אויפ'ן זינען, צו וואלט ניט געווען בעסער ווען דו וואָלסט פריהער אליין אריבערפאָהרען צו טאָפּאָראָוו'ן.

נעכלודאָוו האָט זיך א קרים געטאָהן ביי דער עראינערונג פון דיעזען נאָמען.

— דאס אלעס הייננט אָפּ פון איהם, דארפסטו וויסען. מען וועט דאך זאָ ווי זאָ ביי איהם פרעגען, און עס קען זיין, אז ער אליין וועט דיך צופרידען שטעלען.

— אויב דו ראטהסט אזוי, — האָט נעכלודאָוו געענטפערט, — וועל איך צו איהם אריבערפאהרען.

— אט אזוי וועט עס זיין בעסער. נון, ווי ווירקט אויף דיר פעטערבורג? — האָט שרייענדיג א פרעג געטאָהן באָגאַטירעוו, — זאג דעם אמת.

— איך פיהל, אז איך ווער פערהיפּנאָטיזירט דאָ, — האָט גע־ענטפערט נעכלודאָוו.

— פּארהיפּנאָטיזירט ווערסטו, כא־כא־כא, — האָט זיך צו־לאכט אין דער הויך באָגאַטירעוו, — דו ווילסט ניט, נו ווי דו ווילסט זיך. — ער האָט זיך ארומגעווישט די וואָנצעס מיט דער מונדסערוועטקע — ווּעסטו, הייסט עס, פאָהרען, הא? אויב ער וועט ניט וועלען וואָס טהאָן וועל איך עס דערלאנגען איהם אליין. מאָרגען דערלאנג איך איהם אייגענהענטיג, — האָט ער געשריען פרייליך, אויפשטעהענדיג פון טיש און איבער'צלם'ענדיג זיך, מיט א ברייטען, ברייטען צלם, מיט דעמזעלבען אונבעוואוסטזיין, ווי ער האָט זיך אָבגעווישט די וואָנצעס מיט דער סערוועטקע. — און איצט זיי געזונד, איך מוז פאָהרען.

— מיר וועלען ארויסגעהן צוזאמען, — האָט געזאגט נעכלודאָוו, אננעהמענדיג מיט צופריעדענהייט די ברייטע, קרעפטיגע האנד פון באָגאטירעוו און, אזוי ווי אימער, אונטער דער אנגענעהמער ווירקונג פון עטוואָס געזונדעס, אונבעוואוסטעט, פרישעס, האָט ער זיך מיט איהם צושיידט אויף דעם גאניק פון זיין הויז.

אָהל ער האָט גארנישט בעזאנדערס ערווארט פון זיין רייזע, איז נעכלודאָוו פון דעסטוועגען אויף דעם ראטה פון באָגאטירעוו אוועקגעפאהרען צו טאָפּאָראָוו, פון וועלכען אלעס איז געווען אבהענגיג אין דעם פּראָצעס פון די סעקטאנטען.

די אמט, וועלכע טאָפּאָראָוו האָט פערנומען, האָט דורך איהר בערוף געהאט א ווידערשפּרעכענדע בעדייטונג, און עס קען ניט זיין, אַ מענש זאָל גלייך פון אנפאנג ניט זעהן דעם אינערליכען ווידערשפּרוך אין טאָפּאָראָוו'ס אמט, סיידען אזא וואָס איז זעהר טעמפּ און האָט קיין מאָראלען געפיהל אין זיך.

טאָפּאָראָוו איז גראדע געווען אזא מענש, איז געווען טעמפּ ווי א קלאָץ און האָט קיין געפיהל פון זיטליכקייט אין זיך ניט געהאט. דער ווידערשפּרוך אין זיין אמט איז בעשטאנען אין דעם, וואס זיין אויפגאבע איז געווען אויפצוהאלטען און פערטהיידיגען מיט אויסערליכע מיטלען, ניט אויסשליסענדיג אפילו געוואלט, יענע רעליגיאן, וועלכע איז לויט איהר אייגענער בעהויפּטונג געגעבען געווארען אליין פון גאָט און קען זיך ניט ענדערען ניט דורך קיין מאכט פון גהינום און ניט דורך מענשליכע אירגענד וועלכע אנשטריינגונגען. און דיעזעס געטליכעס האָט געדארפט אויפגעהאלטען און פערטהיידיגט ווערען דורך יענע מענשליכע אינסטיטוציאָן, אויף דער שפּיצע פון וועלכער עס איז געשטאנען טאָפּאָראָוו מיט זיינע אונטערבעאמטע.

טאָפּאָראָוו האָט ניט געזעהען דיעזען וויעדערשפּרוך אָדער האָט איהם ניט געוואלט זעהען. ווי אלע מענשען, וועלכע עס פעהלט דער רעליגיעזער געפיהל, דער בעוואוסטזיין, אז אלע מענשען זיינען ברידער, איז ער געווען פאָלקאָם איינגעגלויבט, אז דאס פאָלק בעשטעהט פון גאנץ אנדערע מענשען אלס ער אליין, און אז פאר

דעם פאָלק איז נויטווענדיג דאָס, אָהן וואָס ער וואָלט זיך געקענט
אויסקומען.

אליין האָט ער אין דער טיפענים פון זיין זעעלע אין קיין זאַך ניט געגלויבט, און האָט איינגעפונען, אז עס איז גאַנץ בעקוועם און גאַנץ אנגענעהם ניט צו גלויבען; ער האָט אבער מורא געהאַט, אז דאָס פאָלק זאָל ניט קומען אויך צו אזאַ צושטאנד און האָט גערעכענט פאר זיין הייליגע פפליכט צו רעטען דאָס פאָלק פון אזא געפאהר.

אזוי ווי אין קאָך־בוך זאגט זיך, אז ראַקעס האָבען ליעב גע־קאָכט צו ווערען לעבעדיגערהייד, אזוי איז געווען זיין איבערציי־גונג, אז דער עולם דאַרף זיין אבערגלויביג, ניט פערשטעהענדיג, אבער דאָס אין פערקערטען זינן, ווי אלע פארשטעהען די פאָר־שריפט פון קאָך־בוך.

אזוי האָט געדענקט טאָפּאָראָוו, גאָר ניט בעגרייפענדיג, אז דאס פאָלק האָט ליעב אבערגלויבען דערפאר, ווייל עס האָבען זיך אלע מאָל געפונען אזעלכע הארטהערציגע מענשען ווי טאָראָפּאָוו, וואס האָבען זיך אליין אויסגעבילדעט און געברויכען זייער בילדונג ניט דערויף, אויף וואס זיי האָבען דיעזע בילדונג געדאַרפט גע־ברויכען — צו העלפען דעם פאָלק ארויסבלאָנדזשען פון דער פינ־סטערניס פון אונוויסענהייט, זאנדערן, פערקעהרט, צו פערשטאר־קען נאָך דעם פינסטערן אבערגלויבען פון פאָלק.

ווען נעכלודאָוו איז אריינגעגאנגען אין אויפנאהמסצימער פון טאָפּאָראָוו'ס הויז איז טאָפּאָראָוו אליין געזעסען אין זיין קאבי־נעט און האָט גע'טענה'ט מיט א נאָנע, אן אויפזעהערין פון א מאָ־נאסטיר.

דער בעאמטער וועגען ספּעציעלע אנגעלעגענהייטען, וועלכער האָט זיך געפונען איצט אין אויפנאהמס־צימער, האָט פאנאנדער־געפרעגט נעכלודאָוו'ן וואס ער דאַרף, און ווען ער האָט זיך דער־וואוסט, אז נעכלודאָוו האָט זיך אנגענומען איבערצוגעבען די ביט־שריפט פון די סעקטאנטען צום קיסר אליין, האָט ער ביי איהם א פרעג געטאָהן, צו קען ער איהם געבען צו איבערקוקען די ביטשריפט.

נעבלודאָוו האָט איהם געגעבען די ביטשריפט, און דער בעאמ־טער איז דערמיט אוועק אין קאבינעט. די נאָנע איז דאן ארויס פון קאבינעט און איז אין איהר ברייטען, שווארצען מאנטעל דורכגע־גאנגען צום ארויסגאנגס־טיהר. נעבלודאָוו'ן האָט מען נאָך אלץ ניט געבעטען אריינצוגעהן. טאָפּאָראָוו האָט געלייענט די ביט־שריפט און האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. איהם איז געווען אונאנ־גענעהם און ער האָט זיך צו דער זעלבער צייט געוואונדערט, ווי שטארק, לעבעדיג און קלאָהר עס איז געווען געשריעבען די ביט־שריפט.

— אויב אזא שריפט וועט אריינפאלען צו דעם קיסר אין די הענד, וועט ארויסקומען אן אונאנגענעהמע געשיכטע. עס וועלען זיך אנהויבען פראגען, ערקלערונגען און פערטהיידיגונגען, — האָט ער א טראכט געטאָהן, דערלעזענדיג די לעצטע שורות פון דעם ביטשריפט. ווען ער האָט געענדיגט לעזען, האָט ער אוועקגעלייגט די פאפיער אויפ'ן טיש, האָט א קלונג געטאָהן און געהייסען אריינגעהן נעבלודאָוו'ן.

איהם איז געווען בעקאנט די געשיכטע מיט די סעקטאנטען. דיעזע קריסטען, וועלכע זיינען אבגעשטאנען פון פּראוואָסלאוונעם גלויבען, האָט מען אַ לאנגע צייט געפּרובירט איבעררייידען. עס האָט ניט געהאָלפען, האָט מען זיי אנגעקלאגט אין געריכט; דאס געריכט אבער האָט זיי פרייגעשפּראָכען.

דאן האָט דער ארכיערייי און דער גובערנאטאָר בעשלאָסען, אויפ'ן גרונד פון דער אונגעזעצליכקייט פון זייערע הייראטהען, וועלכע זיינען ניט נאָך די מנהגים פון דער פּראוואָסלאוונער קירכע, זאל מען צורייסען זייערע פאמיליען, פארשיקענדיג דעם פאָטער, די מוטער און די קינדער אין פערשיעדענע געגענדען. איבערהויפּט האָט מען זיי ניט געוואָלט איבערלאזען אויף דעם זעלבען פּלאַטץ, זיי זאָלען ניט האָבען קיין ווירקונג אויף די איבעריגע פּויערים, וועלכע וועלען אנהויבען נאָכטהאָן דאָס זעלבע. דיעזע עלטערן און קינדער האָבען דאס געבעטען, מען זאל זיי פערשיקען צוזאמען אין איין פּלאַטץ, מען זאל זיי ניט צושיידען.

טאַפּאַראָוו האָט זיך איצט דערמאָנט, ווי ער האָט זיך צום ערשטען מאָל דערוואוסט פון דיעזען פּראָצעס. ער האָט זיך דאן אויך ניט געקענט ענטשליסען און האָט געקלערט, צו וואלט ניט בעסער געווען, אז מען זאָל עס אויפהערען, אבער ער האָט געזעהן, אז קיין שאדען קען ניט זיין דאריין, אז ער וועט געבען זיין הסכמה צו אזא בעשלוס פון גובערנאטאָר; וואס ארט דאָס ווען, אז די פאמיליען פון די סעקטאנטען וועלען זיין פערשיקט אויף פערשיע־דענע פּלעצער? דאצו האָט דאס דאך געצייגט די איבערגעבענהייט פונ'ם ארכיערייא און דארום האָט ער איינגעוויליגט צו דעם פערלאנג פון גובערנאטאָר.

אבער יעצט, ווען די סעקטאנטען האָבען אזא פערטהיידיגער ווי נעכלודאָוו, וועלכער האָט אזעלכע הויכע פערבינדונגען אין פּע־טערבורג, האָט ווירקליך די זאך געקענט איבערגעגעבען ווערען גאר אויף אַן אנדער אופן דעם קייזער אליין און קען נאָך פּארגעשטעלט ווערען אלס אַן אונערהערטע אכזריות אדער דאָס קען דערגעהן צו די אויסלענדישע צייטונגען, און דאָרום האָט ער גאנץ אונערוואר־טעט געפּאַסט א בעשלוס.

— גוטען מאָרגען, — האָט ער בעגעגענט נעכלודאָוו'ן, מיט א געזיכט פון א מענשען, וואס איז פערווארפען מיט ארבייט איבער'ן קאָפּ, און האָט באלד אנגעהייבען צו ריידען צו דער זאך.

— איך געדענק גאנץ גוט וועגען דיעזע אנגעלעגענהייט; ווי איך האָב נור א קוק געטהאָן אויף די נעמען האָב איך זיך גלייך דערמאָנט אָן דיעזער צרה'דיגער געשיכטע, — האָט ער געזאגט, נעהמענדיג די פּאפּיער אין האנד און ווייזענדיג זי נעכלודאָוו'ן, — און איך בין אייך זעהר דאנקבאר, וואָס איהר האָט מיר דערמאָנט וועגען דעם. דאָס האָבען די פּראָווינציעלע הערשער אביסעל צו־פיעל זיך געפּלייסט...

נעכלודאָוו האָט געשוויגען, קוקענדיג מיט ניט קיין גוטען גע־פיהל אויף דעם בלאסען געזיכט פון דיעזען פארמאסקירטען מענ־שען.

— און איך האָב גלייך געגעבען א בעפעהל, אז מען זאָל ענ־

רערן דיעזע פעראָרדנונג און מען זאָל די לייטע שיקען צוריק אויף זייערע געבורטס־פּלעצער.

— אזוי, אז איך מעג איצט ניט דערלאַנגען דיעזע ביטשריפּט?

— האָט געפרעגט נעכלודאָוו.

— אה, זיכער. א י ך פערשפּרעך אייך דאָס, — האָט ער געזאגט מיט א בעזונדער אקצענט אויף דעם וואָרט א י ך. ווי עס שיינט האָט ער געגלויבט אין זיין אייגענער עהרליכקייט און אז זיין וואָרט איז די בעסטע זיכערהייט. — און ווייסט איהר וואָס, איך וועל בעסער טאקי גלייך אנשרייבען. זעצט זיך, זייט אזוי גוט.

ער איז צוגעגאנגען צום טיש און האָט אנגעפאנגען שרייבען. נעכלודאָוו האָט זיך ניט געזעצט, זאָנדערן איז געשטאנען און האָט געקוקט פון אויבען אראָפּ אויף דיעזען שמאָלען נאקעטען שארבען פון קאָפּ, אויף דיעזע הענד מיט דיקע אנגעצויגענע פולע בלויע אָדערן, וועלכע האָבען שנעל געשריבען און האָט זיך געוואונדערט, ווארום טהוט דאָס אלעס דיעזער מענש און טהוט עס אזוי בעזאָרגט, ווען איהם קימערט, ווי עס שיינט, קיין זאך ניט און איז, דוכט זיך, קאַלטבלוטיג צו אלעס אין דער וועלט? — ווארום?..

— נון... אָט האָט איהר עס, — האָט געזאגט טאָפּאָראָוו, פערזיגלענדיג דעם קאָנווערט: — נון, זאגט וועגען דעם אייערע קליענטען, — האָט ער געזאגט, שמייכלענדיג זיך מיט די ליפּען בלויז.

— פאר וואס האָבען אויף אזא אופן דיעזע מענשען געליטען?

— האָט א פרעג געטהאָן נעכלודאָוו, נעהמענדיג דעם קאָנווערט אין האנד.

טאָפּאָראָוו האָט ווידער זיסלעך א שמייכעל געטוהן מיט זיינע ליפּען אזוי ווי דיעזע פראגע פון נעכלודאָוו'ן וואָלט איהם אמוזירען.

— דאָס איז איבערטריבענע אייפריגקייט פון די בעאמטע, — האָט ער געזאגט און האָט געגעבען נעכלודאָוו'ן די האנד.

נעכלודאָוו האָט אנגענומען די האנד און האָט זיך געזעגענט. ווען ער איז ארויס האָט איהם פערדראָסען פאר וואָס ער האָט דיעזע אויסגעשטרעקטע האנד געדריקט.

## 24.

אזוי גיך ווי נעכלודאָוו איז געקומען צוריק נאָך מאָסקווא, איז ער אוועק אין געפענגנים צו בעזוכען מאסלאָווא און איהר מיטצוטהיילען, אז זי דארף זיך בערייט מאכען צו פאָהרען קיין סיביר, ווייל איהר קאסאַציע איז אָבגעוויעזען געוואָרען אין סענאַט.

ער האָט געהאט מיט זיך די ביטשריפט צום קיסר פיר גנאדע, און ער האָט געגעבען איהר אונטערצוצייכנען. אבער ער האָט אליין קיין האָפנונג ניט געהאט אויף דיעזער בעגנאדיגונג און — ווי זאָנדערבאר עס זאָל ניט זיין — ער האָט געפיהלט, אז ער האָט גאָר אויפגעהערט צו ווינשען אז זי זאָל בעגנאדיגט ווערען, זיינע געדאנקען האָבען זיך שוין צוגעוואהנט צו דעם בעשלוס, אז ער וועט זי בעגלייטען קיין סיביר און וועט פערבינדען זיין לעבען מיט דעם לעבען פון די פעראונגליקטע ארעסטאנטען אין געפענגנים. איהם איז געווען שווער פארצושטעלען זיך וואָס ער וואָלט אנפאנגען צו טאָהן און ווי זיינע בעציהונגען צו מאסלאָווא וואלטען געווען, ווען זי וואלט אין גאנצען ארוים פריי. ער האָט זיך עראינערט אָן די ווערטער פון דעם אמעריקאנער שריפטשטעלער טהאָראָ, וועלכער זאגט: „אין א לאנד, וואו עס הערשט שקלאפעריי, איז די געפענגנים דער איינציגער אָרט, וועלכער פאסט זיך פאר דעם עהרליכען מענשען“. אלעס וואס ער האָט געזעהען אין פעטערסבורג, האָט איהם געבראכט צו עראינערן זיך אָן דיעזע געדאנקען פון דעם אמעריקאנער שריפטשטעלער.

דער דיענער פון דער טורעמנער באָלניצע, וועלכער האָט אידם באלד דערקענט, האָט איהם ערקלעהרט, אז מאסלאָווא איז שוין ניט מעהר אין באָלניצע.

— וואו איז זי?

— זי איז ווידער אין דער פרויען־אבטהיילונג.

— אבער פארוואס האָט מען זי עפעס אהין צוריקגעשיקט?

— איהר ווייסט דאָך וואָס פאר א סאָרט מענשען דאָס זיי־

נען, — האָט דער אויפזעהער אנגעהויבען מיט א פיעלבעדייטענ־דעם ווינק, — זי האָט עפּעס מיט'ן פעלדשער דאָרטען געהאט צו טהאָן און דער דאָקטאָר האָט געהייסען צונעהמען זי צוריק אויף איהר פּלאַץ.

נעכלודאָוו האָט זיך קיין מאָל ניט פארגעשטעלט, אז מאַכלאָ־ווא און איהר גייסטיגער צושטאנד זאָלען איהם אזוי שטארק אינטע־רעסירען. דעם אויפזעהער'ס ווערטער האָבען איהם איבערראשט. ער האָט זיך דערפיהלט אין דער מינוט ווי א מענש, וועלכען מען זאגט פּלוצלונג אָן אן אונגליק, אויף וועלכען ער האָט זיך ניט גע־ריכט. דער ערשטער געפיהל, וואס דיעזע נאכריכט האָט ביי איהם ארויסגערופען, איז געווען שאנדע. ער איז זיך אליין אויסגעקומען חזק'דיג מיט זיין פאנטאזיע, אז אין מאסלאָווא'ן קומט כלומרשט פאָר א גייסטיגע ענדערונג. די אלע רייד וועגען ניט וועלען אנ־נעהמען זיין אָפּפער, די פּאָרווירפע, די טרערען — דאָס אלץ, איז איהם דורכגעפלויגען אין מח, איז געווען בלויז א כיטרער איי־פאל פון א פערדארבענער פרוי אום איהם בעסער אויסצונוצען.

„אָבער וואָס זאָל איך איצט טהאָן? בין איך נאָך מיט איהר פערבונדען, אדער אזא אויפפיהרונג איהרע מאכט מיך פריי פון יעדע פערפליכטונג צו איהר?"

נאָר ווי ער האָט זיך געשטעלט די פראגע, האָט ער דערפיהלט, אז ווען ער זאָל איצט אוועקווארפען מאסלאָווא, וועט ער ניט זי בע־שטראָפען, זאנדערן זיך אליין.

— ניין, זאָל זיין וואס עס וויל זיך. קיין זאך קען ניט ענדע־רען מיין בעשלוס. זאָל זי זיך פיהרען ווי איהר גייסטיגער צושטאנד ערלויבט איהר, און איך וועל טהאָן וואס מיין געוויסען בעפעהלט מיך, — האָט ער מיט א מן עקשנות געענטפערט אויף זיין צווייפאל און איז אוועק צום טויער פון טורמע.

אונטערגעהענדיג צום טויער פון טורמע, האָט ער געבעטען צו מעלדען דעם סמאָטריטעל, אז ער וואלט געוואלט זעהן מאס־לאָווא. דער דעזשורנער האָט געקענט נעכלודאָוו'ן פון פריהער און האָט איהם אלס אן אלטען בעקאנטען דערציילט די וויכטיגע נייעס.

אז דער קאפּיטאַן האָט רעזיגנירט פון זיין אמט און זיין פּלאַץ פער־נעהמט איצט אַן אנדערער, א שטרייגגערער פון איהם.

— אזא שטרייגגקייט איצט, אז עס איז א גרויל, — האָט גע־זאגט דער אויפזעהער צו נעבלודאָוו'ן, — דער סמאָטריטעל איז איצט אין קאנטאָר, איך וועל גלייך מעלדען.

דער סמאָטריטעל האָט זיך איצט געפונען אין טורמע און ער איז באלד ארויס צו נעבלודאָוו'ן. דיעזער נייער סמאָטריטעל איז געווען א הויכער, א ביינערדיגער מענש, זעהר לאנגזאם אין זיינע בעוועגונגען און מיט אַ פערכמארעטען געזיכט.

— זעהען זיך איז ערלויבט אין בעשטימטע טעג אין דעם וויזיט־צימער, אזוי ווי אלע, — האָט ער געזאגט, ניט קוקענדיג אויף נעבלודאָוו'ן.

— אבער איך דארף איהר איבערגעבען א פּאפּיער, וועלכע זי דארף אונטערשרייבען, דאָס איז א ביטשריפט צו דעם קיסר אליין.

— גו, קענט איהר עס מיר איבערגעבען. איך וועל איהר גע־בען אונטערשרייבען.

— איך דארף אליין זעהען די ארעסטאנטקע. מען פלעגט מיר פריהער אימער ערלויבען ווען איך האָב געדארפט.

— דאָס איז געווען פריהער; פריהער איז געווען אן אנדער זאך, — האָט געזאָגט דער סמאָטריטעל, א בליק טהאָנדיג אויף נעבלודאָוו'ן.

— איך האָב אן ערלויבניס פון'ם גובערנאטאָר, — האָט געפּאָדערט זיין רעכט נעבלודאָוו, ארויסנעהמענדיג זיין טייסטער.

— ווייזט מיר, זייט אזוי גוט, — האָט געזאגט דער סמאָטרי־טעל אלץ ניט קוקענדיג נעבלודאָוו'ן אין די אויגען, און ער האָט מיט זיינע לאנגע, טרוקענע, ביינערדיגע פינגער גענומען די פּאפּיער פון נעבלודאָוו'ס האנד און האָט זי איבערגעלייענט.

— ביטע אין קאנטאָר, — האָט ער געזאגט באלד.

— אין קאנטאָר איז אין דעזער צייט קיינער ניט געווען. דער סמאָטריטעל איז געזעסען לעבען טיש, האָט איבערגעלייענט די פערשיעדענע פּאפּיערען, וועלכע זיינען געלעגען אויפ'ן טיש, ווינ־

שענדיג, ווי עס האָט אויסגעזעהן אליין בייצואוואָהנען דעם טרעפען זיך דאָ פון נעכלודאָוו'ן מיט מאַסלאָווא.

ווען נעכלודאָוו האָט איהם א פרעג געטאָהן צו'קען ער ניט זעהן די פּאָליטישע ווערא באָגאָדוכאָווסקאיא, האָט דער סמאָטריטעל קורץ געענטפערט, אז דאָס איז ניט מעגליך, דאָס טאָר מען ניט.

— זעהען זיך מיט די פּאָליטישע איז פערבאָטען, — האָט ער געזאגט און האָט זיך ווייטער פערטיעפט אין די פּאַפּיערען. האָבענדיג אין טאַש א בריעף צו באָגאָדוכאָווסקאיא, האָט זיך נעכלודאָוו געפיהלט אין דער לאגע פון א מענשען, וועמען מען האָט געכאַפּט ביי א פּלאַן פון א פערברעכען און מען האָט איהם ניט דערלאָזען עס אויסצופיהרען.

ווען מאַסלאָווא איז אריין אין קאַנטאָר האָט דער סמאָטריטעל אויפגעהויבען דעם קאָפּ און, ניט קוקענדיג ניט אויף מאַסלאָווא און ניט אויף נעכלודאָוו'ן, האָט ער געזאגט:

— איהר קענט ריידען, — און האָט פאָרטגעזעצט זיין אַר־בייט צו גריבלען זיך אין די פּאַפּיערען.

מאַסלאָווא איז געווען אנגעטאָהן ווידער ווי אמאָל אין דער ווייסער יאקע, א קליידעל און א טיכעל אויף די שולטערן. איי־טערגעהענדיג צו נעכלודאָוו'ן און דערזעהענדיג זיין קאַלטעס, ביי־זעם געזיכט, איז זי געוואָרען רויט, און איבערקלייבענדיג מיט די פינגער דעם ברעג פון איהר יאַקעל, האָט זי אראָבגעלאָזען די אויגען.

איהר פערלעגענהייט האָט געדיענט נעכלודאָוו'ן אלס בע־וויז, אז דאָס, וואָס דער דיענער פון באַלניצע האָט איהם דער־ציילט האָט געמוזט זיין אמת.

נעכלודאָוו האָט געוואָלט ריידען מיט איהר ווי פריהער, אבער ער האָט ניט געקענט; ווי ער האָט איהר געוואָלט דערלאנגען די האַנד, אזוי איז זי איהם געוואָרען אבשייליך.

— איך האָב אייך געבראַכט א שלעכטע נאַכריכט, — האָט ער געזאגט מיט א גלייכגילטיגער שטימע, ניט קוקענדיג אויף איהר

און ניט דערלאנגענדיג איהר די האנד, — דער סענאט האט ענט־זאגט.

— איך האב געוואוסט, אז אזוי וועט זיין, — האט זי געענט־פערט מיט א זאנדערבארער שטימע, אזוי ווי זי וואלט זיך געשטיקט מיט די ווערטער.

לייט פריהערדיגער פיהרונג זיינער געגען איהר וואלט ער זי א פרעג געטאהן, ווארום זאגט זי דאס, אז זי האט אזוי געוואוסט? פון וואנען האט זי געוואוסט? איצט האט ער בלויז א קוק גע־טאהן אויף איהר; איהרע אויגען זיינען געווען פול מיט טרעהרען.

אבער דאס האט ניט נור ניט ווייכער געמאכט, זאנדערן פאר־קעהרט, האט איהם נאך מעהר געערגערט געגען איהר.

דער סמאטריטעל איז אויפגעשטאנען און האט אנגעהויבען ארומגעהן הין און צוריק איבער'ן צימער. ניט קוקענדיג אויף דעם גאנצען עקעל, וועלכען נעכלודאוו האט איצט געפיהלט צו מאס־לאווא, האט ער גערעכענט פון דעסטוועגען פאר נויטיג אויסצודרי־קען זיין מיטלייד מיט איהר, וויינינגסטענס איבער דיעזער ענט־שיידונג פון סענאט.

— איהר דארפט פון דעסטוועגען ניט ווערען פארצווייפעלט; א ביטשריפט צום קיסר קען גראדע זיין ערפאלגרייך, און איך האף, אז...

— ניט דאס מיין איך... — האט זי געזאגט, רחמנות'דיג קו־קענדיג אויף איהם מיט איהרע נאסע, קרימליכע אויגען.

— וואס זשע דען?

— איהר זייט געווען אין באלניצע, און מען האט אייך גע־ווים געזאגט וועגען מיר...

— נו, דאס איז שוין אייער זאך, — האט פינסטערליך, בייז און קאלט געזאגט נעכלודאוו.

דער געפיהל פון בעליידיגטע זעלבסט־ליעבע האט אויפגע־קאכט אין איהם נאך שטארקער, ווי זי האט נור דערמאנט די באל־ניצע. „ער, דער וועלטליכער מענש, מיט וועמען צו הייראטהען עס וואלט רעכענען פאר א גליק יעדעס מעדכען פון דעם העכסטען

**קרייז;** ער האָט זיך פארגעשלאָגען צו זיין דער געזעצליכער מאַן פון דיעזער פרוי און זי האָט זיך ניט געקענט דערוואַרטען זייער הייראַטה און האָט שוין זיך צוגעמאַכט צום פעלדשער", — האָט ער געקלערט, וואַרפענדיג אויף איהר אַ בייזען בליק.

— איהר שרייבט אונטער די ביטשריפט, וועלכע מען דאַרף דערלאַנגען, — האָט ער געזאַגט בייזלאַך, ארויסנעהמענדיג פון קעשענע א קאָנווערט מיט א פאַפּיער. זי האָט אבגעווישט די טרעה־רען מיט'ן ברעג טיכעל און האָט זיך געזעצט לעבען טיש, פרעגענ־דיג ווי און וואו צו שרייבען.

ער האָט איהר געוויעזען מיט'ן פינגער וואו אונטערצושרייבען זיך; זי האָט פערקאַשערט אַ ביסעל דעם ארבעל פון איהר לינקע האַנד, און מיט דער רעכטער גענומען די פעדער; ער איז גע־שטאַנען לעבען טיש, האָט געקוקט אויף איהר צוגעבויגענעם קאָפּ און שולטערען, וועלכע האָבען פון מינוט צו מינוט אַ ציטער גע־טאָהן דורך דעם קוים איינגעהאַלטענעם שלוכצען, און אין איהם האָבען זיך אנגעהויבען צו ראַנגלען דער גוטער מיט דעם בייזען גע־פיהל: דער געפיהל פון בעליידיגטע זעלבסט־ליעבע און פון מיט־לייד צו איהר, וועלכע ליידעט אזוי פיעל. דאָס לעצטעם האָט אין איהם געזיעגט. ער האָט זיך דערפיהלט שולדיג געגען איהר און האָט רחמנות געקריגען אויף איהר.

— וואס עס זאל זיך ניט זיין, — האָט געפונען פאַר נויטיג נעכלודאָוו איהר איצט צו זאָגען, — מיין בעשלום וועל איך ניט ענדערן; דער געדאַנק, אז ער איז איהר מוחל, האָט אין איהם נאָך פערשטאַרקט דעם געפיהל פון רחמנות און צערטליכקייט צו איהר, און איהם האָט זיך פערגלוסט איהר טרייסטען.

— וואס איך האָב געזאַגט, דאס וועל איך טהאָן. וואוהין מען זאָל אייך ניט שיקען, וועל איך זיין מיט אייך.

— ניין, וואס רעדט איהר, — האָט זי איהם שנעל איבערגע־שלאָגען.

— דערמאָנט זיך אויב איהר דאַרפט עפּעס האָבען אויפ'ן וועג.

— איך דאַרף, דוכט זיך, קיין זאַך ניט, — האָט זי געזאָגט,
— איך דאַנק אייך, מען דאַרף ניט.

דער סמאַטריטעל איז צו זיי צוגעגאַנגען, און נעבלודאָוו האָט געפונען פאַר בעקוועמער גלייך צו זעגענען זיך מיט קאַטיושאַ איי־דער ער האָט געהאַט צייט צו מאַכען איהם אַ בעמערקונג, און איז אַרויס, פיהלענדיג דאַביי עטוואַס, וואַס ער האָט פריהער קיינמאָל ניט געשפּירט, — אַ געפיהל פון שטילע פרייד, פון רוהע און פון ליעבע צו אַלע מענשען.

אַממעהרסטען האָט געפרעהט נעבלודאָוו'ן דאָס, וואַס ער איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז ווי מאַסלאָוואַ זאָל זיך ניט אויפ־פיהרען, וועט דאָס ניט ענדערן זיין ליעבע צו איהר. זאָל זי זיך אַרומטרייבען מיט'ן פעלדשער, דאָס איז איהר זאַך, ער ליעבט זי ניט פון זיך וועגען, זאָנדערן פון איהר'ט וועגען און פון גאָט'ס וועגען.

אין דער אמת'ן זיינען איהרע אַרומטרייבענעס מיט דעם פעלד־שער, וועגען וואָס מען האָט דערצעהלט נעבלודאָוו'ן, בעשטאַנען אָט אין וואָס. לויט דעם בעפעהל פון דער פעלדשערין האָט מאַסלאָ־וואַ געדאַרפט אַריינקומען צו איהר נעהמען ברוסט־טהעע פאַר אַ קראַנקען. אַריינקומענדיג אין דער פעלדשערינ'ס צימער האָט מאַס־לאָוואַ דאָרט געפונען דעם פעלדשער אוסטינאָוו — אַ הויכער מיט אַ געפּאָקטע צורה. דער פעלדשער האָט שוין לאַנג דערעסען מאַס־לאָוואַ'ן מיט זיין צושטעהן צו איהר און ווען ער האָט זיך איצט ווידער צו איהר געצעפּעט, האָט זי איהם געגעבען אַזאַ שטויס, אַז ער איז געפאַלען מיט'ן קאָפּ אָן וואַנד, האָט אַ שטאַרקען טרויסעל געטאָהן די פּאָליצע, אויף וועלכער עס זיינען געשטאַנען פלעשלעך, גלעזלעך מיט מעדיצין, אַ פּאָר פלעשלעך זיינען אַראָפּגעפאַלען און האָבען זיך מיט אַ בראַזג צובראָכען. אין דיעזער צייט איז פער־בייגעגאַנגען אין קאָררידאָר דער עלטסטער דאָקטאָר; ווען ער האָט דערהערט דעם קלונג פון די צובראָכענע פלעשלעך און האָט דער־זעהן גלייך נאָך דעם די אַרויסלויפענדע מאַסלאָוואַ אָן אויפגערעגטע, אַ רויטע, האָט ער אויף איהר אַ געשריי געטאָהן ביין:

— נו, מאמינקע, אויב דו ווערסט דאָ פארפיהרען אזעלכע מעשים, וועל איך דיר הייסען ווייזען דעם רעכטען וועג. וואָס איז דאָס? — האָט ער זיך א קעהר געגעבען צום פעלדשער, וועלכער איז ארויסגעלאפען גלייך נאָך מאסלאָווא און האָט זיך געלאָזט יאָגען נאָך איהר.

דער פעלדשער האָט זיך אפגעשטעלט און האָט זיך גענומען פערענטפערן. דער דאקטאר האָט ניט געהאט קיין געדולד איהם אויסצוהערען, האָט דעם זעלבען טאָג אנגעשריבען דעם סמאָטרי־טעל, אז מען זאל אין באָלניצע ארייַנשיקען אן אנדער העלפע־קע אנשטאט מאסלאָווא, זי זאָל זיין א רוהיגערע...

אָט דעריין זיינען דאס בעשטאנען די מעשים, וואס מאסלאָווא האָט פערפיהרט מיט'ן פעלדשער. דיעזע ארויסיאָגונג פון באָלני־צע, און נאָך פאר אזא בלבול ווי ארומטרייבען זיך מיט מענער, האָט מאסלאָוואַ'ן זעהר וועה געטאָהן. די בעציהונגען צו מאנסליי־טע, וועלכע זיינען איהר שוין לאנג געווארען עקעלהאפט, זיינען איהר פון דעם מאָהל אָן געווארען נאָך אבשטויסענדער.

איצט, ארויסגעהענדיג צו נעכלודאָוו'ן, האָט זי געוואלט זיך פערענטפערען פאר איהם. אבער ווי זי האָט נור אנגעהויבען צו רע־דען האָט זי דערפיהלט אז ער גלויבט איהר ניט, אז איהר פערענט־פערען זיך פערשטארקט נור זיין פערדאכט, און טרערען האָבען אנ־געשפארט אין האלז — זי איז אנשוויגען געווארען.

מאסלאָווא האָט אלץ נאָך געדיינקט ווי זי האָט זיך איינגע־שמועסט, אז זי האָט איהם ניט פערצייהעט און אז זי האסט איהם ווי זי האָט איהם אליין געזאגט ביים צווייטען מאָהל פון זייע־זעהען זיך; אבער אין אמת'ן האָט זי שוין לאנג אנגעהויבען איהם צו ליעבען וויעדער און האָט דארום געפאלגט דאס קלענסטע, וואס ער האָט פערלאנגט. זי האָט אויפגעהערט טרינקען, רויכערן, האָט אויפגעהערט קאָקעטירען און איז אריין אין באָלניצע פאר א דיענכט. דאָס אלעס האָט זי געטאָהן ווייל זי האָט געוואוסט, אז ער ווינשט אזוי.

זי האָט פעסט בעשלאסען, אז זי וועט ניט אננעהמען זיין אפ־

פער, און פון דעסטוועגען איז פאר איהר געווען א קוועלענעם צו דיינקען, אז ער האסט זי, אז ער איז אונטער דעם איינדרוק, דאס זי איז נאך אזא ווי געוועזען, און דאס ער בעמערקט ניט יענע ענדערונג, וועלכע איז אין איהר פארגעקומען. זיין איינדרוק, אז זי האט זיך געפיהרט עפּעס אונאנשטענדיג אין באלניצע, האט איהו שרעקליך געקרענקט, דאס האט זי געמאטערט פיעל מעהר א ידער זיין בשורה, אז זי מוז געהן אין קאטארגע און די קאסאציע האט ניט געהאלפען.

25.

עס איז מעגליך געווען, אז מען זאל מאסלאווא'ן ארויסשיקען מיט דער ערשטער ארויסגעהענדער פארטיע, און דארום האט נעכליודאוו זיך גענומען קלייבען צו דער רייזע. אבער ער האט געהאט אזוי פיעל צו טהאן, אז ער האט דערפיהלט, דאס וויפיעל פרייע צייט ער זאל ניט האבען וועט ער קיינמאל ניט פארטיג ווערען. מיט איהם איז יעצט געווען גראדע פערקעהרט ווי פריהער. אמאל האט ער געדארפט אויסזוכען וואס צו טהאן, און אלעס וואס עס איז געטהאן געווארען האט געהאט נאר איין ציעל — זיינע פערזענליכע בעדירפניסע. און, טראץ דעם וואס אלעס האט זיך געדרעהט ארום זיין פערזאן, איז איהם דאך דאס געווארען לאנגווייליג, אפּאטיש.

איצט האט זיך אלעס געהאנדעלט אום אנדערע מענשען און דאס איז געווען אינטערעסאנט און אנציהענד. נאך מעהר, די אלע פריהערדיגע בעשעפטיגונגען פלעגען אין איהם ארויסרופען א פערדרוס, וועהרענד יעצט דאס פערנעהמען זיך מיט פרעמדע אנגעלעגענהייטען האט איהם געבראכט אין א פרעהליכע שטימונג.

די געשעפטען, וועלכע האבען איצט פערנומען נעכליודאוו'ס גאנצע צייט האט מען געקענט איינטהיילען אין דריי־ערליי אבטהיילונגען; ער אליין מיט זיין געוועהנליכער פּעדאנטסטווא האט זיי צוטהיילט אזוי און האט זיי צולייגט אין דריי פּארטפעלען.

די ערשטע זאך איז געווען די אנגעלעגענהייטען פון מאס־

לאָוואַ און וואָס ער דאַרף טהאָן פון איהר'ט וועגען. דאָס איז איצט בעשטאַנען אין זאָרגען, אז מען זאָל אונטערשטיצען די ביטע צום קייזער און אין פערטיג מאַכען אַלעס צו געהן מיט איהר קיין סיביר.

די אַנדערע זאַך איז געווען דאָס ברייגגען אין אָרדנונג זיינע גיטער. אין פּאַנאָוואַ איז די ערד שוין געווען איבערגעגעבען צו די פּויערים מיט דעם אָבמאַך, אז זיי זאָלען צאָהלען די רענט אין דער געמיינדע קאַסע און דאָס געלד זאָל געהן אויף זייערע דאָרפישע אַלגעמיינע בעדערפניסע. אָבער אום צו פערפעסטיגען דיעזעס איז נויטיג געווען צו מאַכען מיט זיי א קאָנטראַקט און אָנשרייבען זיין ווילען אין א צוואה.

אין קוזמינסקאָע איז נאָך גאָר נישט געטהאָן געוואָרען; דאָרט איז עס נאָך פּאָרלויפיג געווען אזוי ווי ער האָט דאָס אליין איינגעאָרדענט — דאָס געלד פאַר דער ערד דאַרף ער אליין בעקומען. אָבער ער האָט געמוזט איצט אויסאַרבייטען גענוי, וויפיעל פון דיעזע געלד זאָל ער פאַרהאַלטען פאַר זיין אייגענעם געברויך און וויפיעל דערפון זאָל געהן צו נוצען פון די בויערן. ניט וויסענדיג ווי גרויס עס קענען זיין זיינע הוצאות אין זיין רייזע נאָך סיביר און זיינע אונטערנעהמונגען פיר דער פערלייכטערונג פון מאַסלאָוואַ'ס שיקזאַל, האָט ער ניט געקענט אין גאַנצען אָבזאָגען זיך פון די איינקינפטע פון זיינע גיטער, אָבער ער האָט אויף א גאַנצע העלפט גלייך פערקלענערט זיינע איינגאַהמען.

די דריטע זאַך, וואָס האָט איהם בעשעפטיגט, איז געווען די הילפע פאַר די פערשיעדענע אַרעסטאַנטען, וועלכע האָבען זיך צו איהם געווענדעט אַלץ אָפטער און אָפטער.

אָנפאַנגס, ווען אַרעסטאַנטען פלעגען איהם בעטען וועגען שטיצע, פלעגט ער באַלד זאָרגען וועגען פערלייכטערען זייער שיקזאַל; אָבער מיט דער צייט איז די צאָהל, וואָס האָט זיך געווענדעט צו איהם, געוואָרען אזוי גרויס, אז ער האָט פּאַקטיש ניט געהאַט קיין מעגליכקייט אַלעמען צו בעפרידיגען. און דאָס האָט איהם געבראַכט צו דאָס פיערטעס, נעמליך, צו זוכען אַן ענטפער אויף

דער פראגע, וועלכע אורזאכען שאפען אזוי פיעל פערברעכענס און ווי אזוי איז ענטשטאנען דאס גערינכט מיט דער גאנצער סיסטעם פון בעשטראפונג, וועלכע ווערט יעצט אנגעווענדעט געגען אזעלכע מענשען.

פון זיינע אייגענע בעאבאכטונגען און פון געשפרעכען מיט פערשיעדענע מענשען, וועלכע קומען אין בעריהרונג מיט'ן אפ־טראג, האט נעכלודאוו איינגעזעהן, אז די מאסע ארעסטאנטען בעשטעהט פון פערשיעדענארטיגע מענשען. א טהייל פון זיי זיי־נען פשוט אונשולדיג פעראורטהיילט געווארען דורך פערשיעדענע טעות'ן, ווי למשל, מאסלאווא; א צווייטער טהייל זיינען מענשען, וועלכע האבען בעגאנגען פערשיעדענע פערברעכענס זייענדיג אין אויסערגעוועהנליכע אומשטענדען, ווי אייפערזוכט, שכרות, שנאה; א דריטער טהייל, וועלכע זיינען געווען פעראורטהיילט פאר אזעל־כע זאכען, ווי פערקויפען שנאפס אהן א פאטענט, ארייגפיהרען קאנטראבאנד א. ד. ג., האבען סתם ניט געהאלטען זייערע מעשים פאר קיין פערברעכען. אנדערע, ווי יענער אינגעל, וועלכען מען האט גע'משפט פאר גנב'ענען די אלטע דיוואנעס, זיינען געווען מענשען, וועלכע האבען אנפאנגס געקריגען א שלעכטע ערציהונג, און נאכהער זיינען זיי בעגאנגען גנבות אדער אנדערע פערברעכענס, זייענדיג געבראכט דערצו דורך די שלעכטע אומשטענדען, אדער דורך דער פערדארבענער סביבה.

אט זוכענדיג אן ענטפער אויף דער פראגע, וואס פאר א נוצען זיינען צו ערווארטען דערפון, וואס מען פערשפארט די אלע מענשען אין אסטראגען האט נעכלודאוו גענומען אויפמערקזאם שטודירען די ווערקע פון פערשיעדענע בעריהמטע געלעהרנטע. אבער וואס מעהר ער האט זיי שטודירט, אלץ גרעסער איז געווארען זיין ענט־טוישונג. די וויסענשאפט האט איהם געגעבען אן ענטפער אויף טויזענדער קלוגע און שארפזיניגע פראגען, וועלכע האבען א שיכות צו קרימינעל רעכט, אבער ניט אויף דער דירעקטער פראגע, וואס האט איהם אינטערעסירט.

ער האט געפרעגט אן אייגפאכע זאך: וואס פאר א רעכט

האָבען די מענשען זעצען אין טורמעס, פערשיקען, פייניגען אנדערע, ווען זיי אליין זיינען אויך אזעלכע מענשען ווי די, איבער וועלכע זיי מאכען זייערע עקספּערימענטען? און געענטפערט האָט מען איהם מיט פּלפּולים איבער דעם, צו האָט דער מענש א פרייען ווילען אָדער ניין? צו קען מען אנערקענען א מענשען פאר א פערברעכערישען טיפּ לויט דער מאָס פון זיין מארך־קעסטעל? צו גיט אן איינגעבאָרענע אונמאָראליטעט? און ד. ג. אָט אזעלכע פראגען האָט ער איבעראל געטראָפען אָנשטאָט אן ענטפער. אין דעם אלעם איז געווען זעהר פיעל חכמה, שארפזיניגקייט, געלעה־רענטקייט, נאָר ניט קיין ענטפער אויף דעם עיקר: וואָס פאר א רעכט האָבען איינע מענשען צו בעשטראָפען די צווייטע?

26.

די פּארטיע ארעסטאנטען, מיט וועלכער מאסלאָווא האָט גע־דארפט פאָהרען, איז געווען בעשטימט אָבגעשיקט צו ווערען דעם 5טען יולי. אויף דעם זעלבען טאָג האָט נעכלודאָוו זיך אויך גע־קליבען אָבצורייזען. א טאָג פאר זיין אָבפאָהרען איז זיין שוועס־טער מיט איהר מאן געקומען צופאָהרען אום זיך צו זעהן מיט איהם.

זיי ..ען פערפאָהרען אין איינעם פון די רייכסטע האָטעלען פון שטאָדט, און נעכלודאָוו'ס שוועסטער, נאטאשא, איז באלד אוועק צו דער אלטער וואָהנונג פון דער מוטער, וואו זי איז געוואָהר געוואָרען פון אגראפענא פעטראָווונא, אז נעכלודאָוו האָט זיך איבערגעקליבען אין מעבלירטע צימערען. דאָרט האָט איהר בעגעגענט א שמוציגער דיענער און געמאָלדען, אז נעכלודאָוו איז יעצט ניטאָ. דאן איז נאטאשא אריין אין נומער און איבערגע־לאָזען א צעטעלע פאר איהר ברודער, אין וועלכען זי האָט איהם געבעטען, ער זאָל זאָפאָרט קומען צו איהר אין האָטעל.

ווען נעכלודאָוו איז צוריקגעקומען אהיים און האָט געזעהן דעם צעטעלע פון דער שוועסטער, איז ער גלייך אוועק אהין. דאָס איז געווען אין אבענד. דער שוועסטער'ס מאן — **איגנאטי ניקי־**

פּאָראָוויטש איז געווען אין דעם צווייטען צימער און נאטאשא האָט בעגעגענט נעכלודאָוו'ן אליין. זיי האָבען זיך ווארעם בעגריסט איינע די אנדערע און האָבען א ווײַלע געקוקט איינע אויף די אנדערע מיט א געהיימניספולען, פיעלדייטענדען בליק.

זיי האָבען אָנגעפאנגען זיך דורכווארפען מיט געוועהנליכע אין אזא פאל אָבגעהאקטע פראזען.

דערווייל איז אריינגעקומען דער לאקעי און האָט געבראכט א זילבערנעם טהעע־סערוויז. זיי זיינען אויף א ווײַלע אנטשוויגען געוואָרען ביז דער לאקעי האָט דעם סערוויז פאנאנדערגעשטעלט.

— נו, דמיטרי, איך וויים אלעס, — האָט נאטאשא ענטשלאָסען געזאָגט.

— עס טהוט מיר הנאה, וואָס דו ווייסט.

— קענסטו דען האָפען צו אויסבעסערן זי נאָך אזא לעבען? — האָט נאטאשא געזאָגט.

— ניט איהר אויסבעסערען וויל איך, נאָר זיך זעלבסט.

נאטאשא האָט א קרעכץ געטהאָן.

— עס זיינען פאַרהאַן אנדערע מיטלען אויסער הייראטהען.

— און איך דענק, אז דאָס איז דער בעסטער; אויסער דעם, דאָס פיהרט מיך אריין אין אזא וועלט, וואו איך קען זיין נוציג.

— איך גלויב ניט, אז דו זאָלסט קענען זיין גליקליך, — האָט זי געזאָגט.

— עס האנדעלט זיך ניט וועגען מיין גליק.

— פערשטענדליך, נאָר זי, אויב זי האָט נאָר א הארץ, קען ניט זיין גליקליך, זי קען דאָס זאָגאר ניט פערלאנגען.

— און זי וויל טאקע ניט....

— איך פערשטעה, אָבער דאָס לעבען...

— וואָס דאָס לעבען?...

— פאָדערט עטוואָס אנדערש.

— עס פאָדערט גאָר ניט, אויסער, אז מיר זאָלען טהאָן וואָס גוט איז, — האָט נעכלודאָוו געענטפערט, קוקענדיג איהר אין געזיכט.

— איך פערשטעה ניט, — האָט זי געזאָגט אַ קרעכץ טהאָנדיג.

— ווי זי האָט זיך דאָס פערענדערט, — האָט נעכלודאָוו מיט אַ געפיהל פון רחמנות צו איהר אַ קלעהר געטהאָן.

צו דיעזער מינוט איז אין צימער אריין נאטאשאַ'ס מאַן איגנאטי ניקיפאָראָוויטש.

טרינקענדיג טהעע האָט זיך צווישען נעכלודאָוו'ן און איגנאטי ניקיפאָראָוויטש פערפיהרט אַ לאַנגער ויכוח וועגען דער סיסטעם פון בעשטראָפונג, וועגען געריכט א. ד. ג. ביז איגנאטי האָט ארויפגעפיהרט דעם געשפרעך אויף נעכלודאָוו'ס בעשלוס צו אָבגעבען זיינע ערד צו די פויערען. דאָ האָבען זיי זיך אזוי צוהיצט, אז זיי האָבען זיך שיעור ניט צוקריעגט. זעהענדיג, אז ער פערליערט שוין זיין קאַלטבלוטיגקייט, איז נעכלודאָוו ענטשוויגען געוואָרען און האָט איבערגעריסען אין גאַנצען דעם ויכוח.

27.

די פּאַרטיע ארעסטאנטען, צווישען וועלכע מאַסלאָווא האָט זיך אויך געדארפט געפינען, האָט געזאָלט אָבפאָהרען פון באהן־הויף 3 אַ זייגער, און דארום, כדי צו זעהן, ווי זיי וועלען ארויס פון אסטראָג און מיט זיי צוזאמען צו פאָלגען צום וואָקזאַל, האָט נעכלודאָוו זיך צוגעגרייט צו קומען צום אסטראָג פאַר 12.

איבערלייגענדיג די זאכען און פּאַפּירען, האָט נעכלודאָוו זיך אָבגעשטעלט אויף זיין טאָגע־בוך, האָט איבערגעלעזען עטליכע פלעצער, און דאָס לעצטע, וואָס אין איהם איז געוועזען פערשריבען: „קאטיושא וויל ניט מיין אָפּפער; זי וויל אליין זיין דער אָפּפער; זי האָט געזיעגט און איך האָב אויך געזיעגט. מיך פרעהט די ענדערונג, וועלכע אין איהר איז פאָרגעקומען און וועלכע, ווי מיר שיינט, קומט נאָך אין איהר פאָר. איך האָב מורא צו גלויבען, אָבער מיר דוכט, אז זי לעבט אויף".

גלייך נאָך דיעזען בלעטעל איז געוועזען פערשריבען: „איך האָב איבערגעלעבט עטוואָס זעהר שווערעס און זעהר פרעהליכעס. איך

האָב זיך דערוואוסט, אז זי האָט זיך זעהר שלעכט אויפגעפיהרט אין באַלניצע, און דאָס האָט פּלוצלונג מיר פעראורזאכט שרעקליכע ליידען. איך האָב ניט ערווארטעט, דאָס זי זאָל מיך אזוי קימערען. איך האָב צו איהר גערעדט מיט עקעל און האס, און דערנאָך האָב איך זיך דערמאָהנט פּלוצלונג אָן זיך אליין, ווי איך בין פיעל מאָל און אויך יעצט, אָבוואָהל בלויז אין די געדאנקען, שולדיג אין דאָס זעלבע פאר וואָס איך בין אזוי בייז אויף איהר, און מיט איין מאָל בין איך געוואָרען אָבשטויסענד פאר זיך אליין; אויף איהר האָב איך רחמנות בעקומען און איך האָב דערפיהלט נאָכדעם בעסער. ווען מען וואָלט אזוי תמיד דערזעהן בעסער די קלאָץ אין די אייגענע אויגען, ווי וואָלטען מיר דאן בעסער געווען".

פאר דעם גענענווערטיגען טאָג האָט ער פערשריבען: „איך בין געווען ביי נאטאשא'ן און גראדע אויס זעלבסט־צופרידענהייט בין איך געווען בייז און עס איז איבערגעבליבען א שווערער גע־פיהל. נו, אָבער וואָס קען איך מאכען? פון מאָרגען אָן הויבט זיך אָן א נייעס לעבען. אדיע, אלטעס לעבען, און א סוף. עס האָט זיך אָנגעקליבען פיעלע איינדריקע, אָבער איך קען דאָס אלעס ניט צוזאמענפאסען".

ווען ער האָט זיך אויף דעם צווייטען טאָג אין דער פריה אויפ־געכאפּט פון שלאָף איז דער ערשטער געפיהל פון נעכלודאָוו'ן גע־ווען שטארקע חרטה אויף דעם, וואָס צווישען איהם און זיין שוואָגער איז פאָרגעקומען. אזוי אוועקפאָהרען טויג נישט, — האָט ער זיך געזאָגט, — מען דארף אריבערפאָהרען צוריק צום שוואָגער און זעהן פערגלעטען דאָס. אָבער ער האָט א קוק געטהאָן אויפ'ן זייגער און האָט דערזעהן, אז עס איז איצט שוין קיין צייט ניטאָ און אז מען דארף זיך איילען אום ער זאָל ניט פערזאמען ווי מען ריכטעט אויס די ארעסטאנטען אין וועג. נעכלודאָוו האָט דארום אָבגעשיקט וואָשטשיק, וואָס האָט זיך איהם געטראָפען, האָט ער איהם געהיי־סען פאָהרען צום אסטראָג.

דער ארעסטאנטסקער צוג איז געגאנגען מיט צוויי שטונדען

פריהער פאר דעם פּאָסט־צוג, מיט וועלכע! נעכלודאָוו איז געפּאָהר־רען; נעכלודאָוו האָט זיך דארום אין גאנצען אָפּגערעכענט אויפ׳ן קוואַרטיר אום גיט צו דארפען אומקעהרען זיך צוריק.

---

עס זיינען געוועזן שווערע זומערדיגע היצען. די אָנגעברענטע שטיינער פון די גאסען, די דעכער פון די הייזער און אלעם האָבען פון זיך ארויסגעגעבען א ברעניגע היץ און האָבען היים געמאכט די אונבעוועגליכע לופט. קיין ווינטעל האָט זיך ניט געפיהלט און אויב עס האָט זיך אויפגעהויבען א ווינטעל, האָט ער געבראכט נור א געשטאנק און א שטויב. דרויסען זיינען געוועזן ווייניג מענ־שען, און די וואָס זיינען שוין יא געוועזן, האָבען געזוכט צו האלטען זיך אונטער די שאָטענס פון די הייזער. נור די שווארץ־פערברענ־טע פון זונן ברוקירער זיינען געזעסען אין מיטען גאס און האָבען מיט זייערע אייזערנע האמערס געקלאפּט די שטיינער. אויך די פּאָליציייסקע אין זייערע ווייסע בלוזעס און מיט די געלע שניר, אויף וועלכע די רעוואָלווערס זיינען אָנגעטשעפּעט, האָבען זיך גע־לאָזט זעהן ארומגעהענדיג הין און צוריק.

ווען נעכלודאָוו איז צוגעפאָהרען צום אָסטראָג, איז די פּארטיע נאָך ניט ארויס, און אין אסטראָג איז נאָך אלץ אָנגעגאנגען אן אָנגעשטרענגטע טהעטיגקייט, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבען פון 4 א זייגער פריהמאָרגענס. מען האָט געדארפט צעהלען, איבערגעבען און איבערנעהמען די פּארטיע ארעסטאנטען. אין דער פּארטיע זיינען געוועזן 623 מענער ארעסטאנטען און 64 פרויען. יעדען פון זיי האָט מען געדארפט נאָכזעהן נאָך דעם בעגלייט־צעטעל; מען האָט געדארפט אָבקלייבען די קראנקע און שוואכע און איבער־געבען דעם קאָנאָוואָי. דער נייער סמאָטריטעל, זיינע אסיסטענטען, דער דאָקטאָר, דער פעלדשער און דער קאָנוואָינער אָפיצער זיינען געזעסען לעבען א טיש, וועלכער איז געשטאנען אין הויף פון אָס־טראָג אויף א שאָטענדיגען פּלאַץ; דער טיש איז געוועזן פארלייגט מיט קאנצעלארסקע פּאפּיערען, מען האָט די ארעסטאנטען אויס־

גערופען מיט די נעמען איינציגווייז, איבערגעקוקט, איבערגעפרעגט און פערשריבען יעדערען כסדר.

דער טיש איז שוין געווען ביז אין האלב פערכאפט פון די שטראהלען פון דער זון. עס איז געוואָרען היים און הויפטזעכליך שמיקענד פון דער אונבעוועגליכער לופט און פון דעם אָטהעם פון פיעלע ארעסטאנטען, וועלכע זיינען דאָ געשטאנען פערמאטערטער הייט אין הויף.

— וואָס איז דאָס ? עס וועט דאָך קיין סוף ניט נעהמען אויף אזא אופן ! וואו האָט איהר זיי דאָס אָנגעקליבען אזוי פיעל ! — האָט פערדריסליך געזאָגט דער קאָנוואָינער אָפיציער, א הויכער, דיקער, געזונדער מענש, רויכערענדיג א פאפיראָס נאָך א פאפיראָס. — נו, ווי פיעל נאָך האָט איהר דאָ ? עס נעהמט דאָך גאָר קיין סוף ניט !

דער שרייבער האָט איבערגעקוקט די פאפיערען.

— נאָך אין גאנצען 24 שטיק, אויסער די פרויען.

— נו וואָס האָט איהר זיך אָפגעשטעלט, געהט שנעלער ! — האָט ער א געשריי געטהאָן אויף די ארעסטאנטען, וועלכע זיינען שוין איבער 3 שטונדען געשטאנען אונטער דער ברענענדער זונן געפרעסט ענג איינער הינטער דעם אנדערען, ווארטענדיג אויף זייער נעכסט.

דאָס אלעס איז פאָרגעקומען אין דעם הויף פון אסטראָג; דרויסען לעבען אסטראג איז זיך ארומגעגאנגען ביים טויער, ווי געוועהנליך, דער וואך־סאָלדאט מיט דעם ביקס אויף די שולטערן. דאָרטען ניט ווייט פון טויער זיינען געשטאנען אין א ווינקעל עטליכע קופקעס מענשען ; דאָס זיינען געווען פריינד, בעקאנטע, וועלכע האָבען געוואָרט ווען די ארעסטאנטען וועלען ארויס אום צו זעגענען זיך מיט זיי און מיטגעבען זיי עטוואָס עסען, זאכען אָדער וועש. צו דיעזע איז אויך צוגעשטאנען נעכלודאָוו.

ער איז דאָ געשטאנען ביי א שטונדע. ענדליך האָט זיך דערהערט א קלינגערייי פון קייטען, טריט פון שווערע פאנטאָפעל, די שטימע פון די וואָס קאָמאנדעווען און א אונטערהוסטען און

שטילעס רעדען פון א מאסע מענשען. דאָס האָט זיך געצויגען א מינוט פינף, און אונטערדעסען זיינען א מאָל פיער־פינף ארויסגע־לאָפען און אריינגעלאָפען די אויפזעהער דורכ׳ן פערטיל פון טויער.

ענדליך האָט זיך דערהערט די קאָמאנדע. עס האָט זיך אן עפען געטהאָן דער טויער, די קלינגערייי פון די קייטען האָט זיך אָנגעהויבען שטארקער צו הערען און אויף דרויסען זיינען ארויס קאָנוואָינע סאָלדאטען אין די ווייסע בלוזעס און מיט ביקסען, און האָבען זיך אויסגעשטעלט אין א ברייטען קרייז ארום טויער. ווען זיי האָבען זיך צושטעלט אין אָרדנונג, האָט זיך דערהערט א צווייטע קאָמאנדע און די ארעסטאנטען האָבען זיך אָנגעהויבען ווייזען, פּאָר־וויין ארויסגעהענדיג פון טויער אין זייערע שפּיציגע היטלען אויף די געגאָלטע קעפּ און מיט די זעקלעך אויף די פּליי־צעס, קוים שלעפּענדיג די געשמידטע פיס מיט די שווערע קייטען. פּאָראויס זיינען געגאנגען די קאטאָרזשנע מאנסלייטע, אלע אין די זעלבע גראָהע הויזען און כאלאטען מיט געלע לאטעס אויף די פּלייצעס. זיי אלע — יונגע, אלטע, מאָגערע, דיקע, מיט בערד, רויטע, שווארצע, רוסען, אידען, טאטארען — זיינען ארויס, קלינ־גענדיג מיט די קייטען און מאכענדיג מיט די הענד, אזוי ווי זיי וואָלטען זיך געקליבען צו געהן אין א ווייטען וועג. נאָר אָבגעהענ־דיג א שריט צעהן האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט און האָבען זיך גע־האָרכזאם אויסגעשטעלט צו פיער אין א רייהע, איינע נאָך דער צווייטער.

נאָך דיעזע זיינען אָהן אן אויפהער ארויסגעקומען פון טויער ווידער אזעלכע געגאָלטע קעפּ, שוין אָן קייטען אויף די פיס, אָבער מיט צוגעשמידטע הענד איינע צו די אנדערע. אויך אין אזעלכע גראָהע כאלאטען און דער זעלבער אויסערליכער אויסזעהן. דאָס זיינען געוועזן די פערשיקטע. זיי האָבען זיך אויך אזוי גע־האָרכזאם צושטעלט צו 4 אין א שורה, איין שורה הינטער די אנדערע. דערנאָך זיינען געגאנגען די פּאָליטישע. נאָך די מענער זיינען געקומען די פרויען, אויך אין דעם זעלבען סדר — פּאָראויס די קאטאָרזשנע אין גראָהע קאפּטאנעס און לייוועגדענע טיכלעך

אויף די קעפּ, דערנאָך די פערשיקטע און נאכהער די, וואָס געהען פרייוויליג נאָך זייערע מענער, אָנגעטהאָן שוין אין אייגענע קליי־דער, שטאָדטיש אָדער דאָרפיש געקליידעט.

מיט די פרויען זיינען געגאנגען, אויך צו־פוס, די קינדער — אינגלאך און מיידלאך. די קינדער האָבען זיך געטוליעט צווישען די ארעסטאנטען, אזוי ווי די יונגע פערדלאך אין א טאבון. די מענער האָבען זיך אויסגעשטעלט שווייגענדיג, נור פון ווייל'ע צו ווייל'ע אונטערהוסטענדיג אָדער מאכענדיג איינער דעם אנדערען א שטיל'ע בעמערקונג. צווישען די פרויען אָבער האָט זיך געהערט אן אונאויפהערליכער שמועסען.

טראָץ דעם, וואָס מען האָט שוין איין מאָל געצעהלט די ארעסטאנטען אויפ'ן הויף פון טורמע, האָבען יעצט די קאָנוואָינע סאָלדאטען זיי נאָך א מאָל איבערגעצעהלט. דאָס האָט ווידער גענומען פיעל צייט, ווייל די ארעסטאנטען זיינען ניט געשטאנען אויף אָן אָרט און די סאָלדאטען פלעגען זיך דארום פערטומלען. דאן האָט זיך ווידער דערהערט א קאָמאנדע פון אָפיציער און די קראנ־קע און פרויען מיט קינדער האָבען זיך א לאָז געטהאָן צו די פוה־רען, האָבען איינגעלעגט די זעק מיט די זאכען און נאכהער ארויפ־געקראָכען.

ווען די פוהרען זיינען שוין געוועזען אָנגעלאָדען מיט די זעק און פעק און אויף די'עזע האָבען זיך צוזעצט די קראנקע ארעס־טאנטען, ווען מען האָט ערלויבט צו פאָהרען, האָט דער קאָנ־וואָינער אָפיציער אראָפּגענומען זיין היטעל, האָט אָבגעווישט דעם שוויים פון זיין געזיכט, פון שטערן, פון דעם נאקעטען קאָפּ און דעם רויטען האלז און האָט זיך איבערגע'צלמ'ט.

— מארש! — האָט ער געגעבען א קאָמאנדע — די סאָלדאטען האָבען א קלאנג געטאָהן מיט די ביקסען; די ארעסטאנטען האָ־בען ארונטערגענומען די היטלען און האָבען זיך איבערגע'צלמ'ט; צווישען די פרויען האָט זיך אויפגעהויבען א יללה, און דיא גאנצע פּארטיע ארעסטאנטען, פון אלע זייטען ארומגערינגעלט מיט די קאָנוואָינע סאָלדאטען מיט ביקסען אויף די שולטערן, האָבען אנגע־

הויבען געהן. — א שטויב האָט זיך אויפגעהויבען, און דער קלאַנג פון די קייטען האָט בעגלייט די טריט פון זייערע פיס.

28.

די גאנצע פּראָצעסיאָן איז געווען אזוי לאַנג, דאָס ווען די ערשטע רייהען זיינען שוין געווען אזוי ווייט, אז מען האָט זיי קוים געזעהען, האָבען זיך די פוהרען ערשט א ריהר געטהאָן פון אָרט. נעכלודאָוו האָט זיך ארויפגעזעצט אויף זיין דראָשקע און האָט געהייסען דעם איזוואָשציק איבעריאָגען די פּארטיע ארעסטאנטען, צו זעהען ווער דאָרט איז פאַראַן פון די בעקאנטע און אויסגעפינען מאסלאָווא און א פרעג טהאָן זי פערבייפאָהרענדיג, צו האָט זי ערהאלטען די זאכען, וועלכע ער האָט איהר צוגעשיקט.

עס איז געוואָרען זעהר הייס. קיין ווינט איז ניט געווען און דער שטויב, וועלכער האָט זיך אויפגעהויבען פון די טויזענדער פיס, האָט פערדעקט מיט זיך די ארעסטאנטען; זיי זיינען געגאנגען שנעל און ווי שנעל דער איזוואָשציק איז געפאָהרען האָט איהם דאָך גענומען א היבשע צייט ביז ער האָט זיי איבערגעיאָגט. רייהע נאָך רייהע זיינען געגאנגען דיזע אונבעקאנטע מיט זאָנדערבארע, אויסגעמאטערטע און שרעקליכע געזיכטער, בעוועגענדיג אין טאקט די טויזענדער פיס, אונגעטהונענע אין דיעזעלבע שיך. זיי זיינען געווען אזוי פיעל און האָבען אויסגעזעהן אזוי איינארטיג, אז נעכלודאָוו'ן האָט זיך געדוכט, דאָס ער זעהט פאר זיך ניט קיין מענשליכע בעשעפניסע, נור עפּעס זאָנדערבארע מורא'דיגע ברואים.

צוקומענדיג צו דער רייהע פון די פרויען האָט נעכלודאָוו באלד דערזעהן מאסלאָווא'ן. זי איז געגאנגען אין דער צווייטער רייהע פון דער פארטיי ארעסטאנטקעס. זי האָט געטראָגען אויפ'ן פּלייצע א זעקעל און האָט געקוקט גלייך פאראויס, איהר געזיכט איז געווען רוהיג און ענטשלאָסען. מיט איהר צוזאמען איז געגאנגען א יונגע שעהנע פרוי אין א קורצען כאלאט מיט א פערבונדענער ווייסער טיכעל אויפ'ן קאָפּ. דאָס איז געווען פעדאָסיא. נעכלודאָוו איז אראָפּ און איז אונטערגעגאנגען נעהנטער צו די ארעסטאנטקעס,

וועלענדיג פרעגען מאסלאָווא, אויב זי האָט ערהאַלטען די זאכען און ווי זי פיהלט זיך, אָבער דער קאָנוואָינער אונטער־אָפיציער, וועלכער איז געגאנגען פון דער זייט, האָט גלייך בעמערקט, וואָס נעכלודאָוו וויל טהאָן און ער איז אונטערגעלאָפען נעהנטער.

— מען טאָר ניט צוגעהן נאָהענט צו די ארעסטאנטען, מיין הערר, עס איז ניט ערלויבט, — האָט ער איהם געזאָגט.

אָבער צוקומענדיג נעהנטער, האָט דער אונטער־אָפיציער דער־קענט נעכלודאָוו'ן — אין אָסטראָג האָבען איהם שוין אַלע געקענט — און ער האָט צוגעלייגט העפליך די האנד צום פוראזשקע און האָט געזאָגט מילדער:

— איצטער טאָר מען ניט. אויפ'ן וואָקזאַל וועט איהר קע־נען ריידען, דאָ ניט. — נו, ניט אָפּגעשטעלט זיך, מארש! — האָט ער אויסגעשריען צו די ארעסטאנטען, וועלכע האָבען אָנגעהויבען זיך ארומצוקוקען.

נעכלודאָוו איז אוועק צוריק צום טראָטואר און, בעפעהלענדיג דעם איזוואָשציק נאָכפאָהרען, איז ער אליין אוועק צו־פוס ביי דער זייט פון דער פארטיע.

איבעראַל האָבען די ארעסטאנטען געצויגען אויף זיך די אויפ־מערקזאמקייט פון די איינוואָהנער; פערביידגעהענדע פלעגען זיך אָבשטעלען און קוקען מיט פערוואונדערטע אויגען, פערבייפאָהרענ־דע פלעגען ארויסשטעלען די קעפּ פון די עקיפאזשען און קוקען אויף די ארעסטאנטען ביז זיי האָבען נאָר געקענט זעהען זיי. די פוס־געהער האָבען זיך אָבגעשטעלט און פערוואונדערט געקוקט אויף דעם אונגעהויערען בילד. אנדערע זיינען אונטערגעגאנגען און האָבען געשענקט א נדבה. די נדבות האָבען די קאָנאָוואָינע גענומען פאר די ארעסטאנטען.

מאנכע פון די פאַרבייגעהענדע האָבען, אזוי ווי פערהיפּנאָטי־זירטע גענומען נאָכגעהן די ארעסטאנטען און נאכהער, אז זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט, האָבען זיי א מאך געטהון מיט'ן קאָפּ און מיט די אויגען נאָכגעשפירט דער פראָצעסיאָן. פון די קראָמען זיינען ארויס־געלאָפען מענשען אום א קוק טהאָן אויף דער סצענע.

אויף איינע פון די קרייץ־גאסען האָט די פּאַרטיע געשטערט די כצופאָהרען אַ רייכען עקיפּאַזש. פּאָרענט איז געזעסען דער קוטשער אין אַ ליווריע; אין עקיפּאַזש איז געזעסען אַ מאַן מיט אַ פרוי. די פרוי — אַ מאָגערע, אַ בלאַסע, אין אַ העלער היטעלע, מיט אַ העלען שירעם, און דער מאַן אין אַ צילענדער און אין אַ העלען פראַנטישען מאַנטעל. געגענאיבער זיי זיינען געזעסען זייערע קינדער: אַן אויסגעפּוצטע, אַזוי ווי אַ בליהמעלע, מיט פּאַנאַנדערגעלאָזענע גאָלדענע האאר אַ מיידעלע און אַן אכט־יעהריגער אינגעלע אין אַ מאַטראָזען־קאָסטיום מיט לאַנגע בענדער אַראָפּגעהאַנגען פון זיין מאַטראָזען הוט. דער פאָטער האָט בייז געזידעלט דעם קוטשער פאַר וואָס ער האָט ניט אויסגעמאַרקירט בעצייטענס דורכצופאָהרען פערביי די פּאַרטיע אַרעסטאַנטען; די דאַמע האָט זיך געקרימט און האָט פערשטעלט מיט'ן שירעם דאָס געזיכט פון'ם שטויב און פון די זונען שטראַהלען; דער גראָבער קוטשער האָט געבורטשעט אונטערן נאָז, אויסהערענדיג די זידלעריי פון זיין הערר, וועלכער האָט איהם אליין געהייסען פאָהרען דוקא איבער דיזער גאַס.

דער גאָרדאָוואָי, וואָס איז געשטאַנען דערביי, האָט געוואָלט נושא־חן זיין ביי די הערען פון דער רייכער קאָליאַסקע און ער וואָלט גערן אָבגעשטעלט די אַרעסטאַנטען אום צו מאַכען אַ וועג פאַר דער קאַרעטע, אָבער ער האָט עפּעס באַלד דערפיהלט אַזוי ווי אַ הייליגער טרויער ליגט אין דיעזער פינסטערער פּראָצעסיאָן און ער האָט ניט געוואגט צו שטערען דיעזע הייליגקייט אפילו צוליעב דעם גרויסאַרטיגען עקיפּאַזש. ער האָט נור אַלס עהרענצייכען צוגעלייגט זיינע פינגער צום קאָזיראָק פון זיין קעפּ און האָט בייז געקוקט אויף די אַרעסטאַנטען אַזוי ווי פערטיג צו בעשיצען פון דיזע רוצחים דעם רייכען עקיפּאַזש.

דער עקיפּאַזש האָט אַזוי געמוזט איבערוואַרטען ביז די גאַנצע פּראָצעסיאָן איז פערביי און האָט נור דאַן זיך אַ ריהר געטאָהן פון פּלאַץ, ווען די לעצטע פוהר מיט די פּעק און אויף זיי די אַרעסטאַנטען איז דורגעפאָהרען.

ניט דער פאָטער און ניט די מוטער האָבען די קינדער זייערע ניט געגעבען קיין ערקלעהרונג דערויף, וואָס זיי האָבען יעצט געזעהן פאר זייערע אויגען, און די קינדער האָבען זיך געמוזט אליין ערקלעהרען די בעדייטונג פון דעם, וואָס זיי האָבען בעגעגענט.

די מיידעלע האָט פערשטאנען פון די בליקען פון איהר פאָטער און מוטער, אז דאָס זיינען געווען גאָר אנדערע ברואים. עפּעס מענשען ניט גלייכע צו זיי; דאָס זיינען געווען פּאסקודנע, מיאוס'ע מענשען, ניט אזעלכע ווי איהר פּאפּא און מאמא און די אלע וואָס קומען צו זיי און צו וועמען זיי קומען, און דערפאר ווייל זיי זיינען ניט אזעלכע מענשען האָבען דאָס די סאָלדאטען זיי געפיהרט געשלאָסען אין קייטען. דער מיידעלע איז דארום געווען שרעקליך צו קוקען אויף זיי; זי האָט געקוקט און געציטערט און האָט נור אויפגעהערט צו שרעקען זיך, ווען דיזע מיאוס'ע מענשען זיינען שוין געווען ווייט.

און דער אינגעלע, וועלכער האָט די גאנצע צייט ניט אראָבגענומען די אויגען פון די ארעסטאנטען און האָט זיי נאָכגעקוקט, ווען דער עקיפּאזש איז שוין געווען ווייט, האָט אנדערש געלייזט די פראגע. ער האָט געוואוסט דורכ'ן ריינעם געטליכען געפיהל, אז די מענשען וואָס מען האָט דאָ פערבייגעפיהרט, זיינען געווען אזעלכע מענשען ווי אנדערע, נור עס איז מיט זיי עפּעס געשעהען אן אונגליק און עס איז אויף זיי א רחמנות. און ער האָט געמוזט אָנטהאָן זיך א כח אום ניט צו פאנאנדערוויינען זיך, ווייל וויינען אין אזא פאל איז איהם אויסגעקומען ניט אנשטענדיג.

## 29.

עס איז געווען שרעקליך הייס, נעכלודאָוו'ן האָט געשטיקט די היץ און דער שטויב. אָבגייענדיג ביי א פערטיל וויאָרסט צופוס נאָך די ארעסטאנטען, האָט ער זיך געזעצט אויף זיין דראָשקע און איז אוועקגעפאָהרען פאראויס אריבעריאָגענדיג די פּארטיע. אָבער אויפ'ן מיטען גאס אין דראָשקע, האָט זיך איהם געדוכט, איז געווען נאָך הייסער.

— וואו כאַפּט מען דאָ ערגעץ אַ טרונק? — האָט נעבלודאָוו אַ פרעג געטהאָן דעם איזוואָזשציק, פיהלענדיג, אז ער מוז זיך מיט עטוואָס אָבפרישען.

— אָט דאָ באלד וועלען מיר קומען צו אַ פיינעם טראקטיר — האָט געזאָגט דער איזוואָשציק — און ער איז צוגעפאָהרען מיט נעכלודאָוו'ן צו אַ ברייטען גאניק פון אַ הויז, איבער וועלכען עס איז געהאַנגען אַ גרויסע שילד. דער פולבאקיגער פריקאשציק אין אַ העמדעל, וועלכער איז געשטאנען הינטערן פּרילאַוויק, האָט ניי־געריג זיך איינגעקוקט, ווען עס איז אריינגעגאנגען אזא אונגעוויינ־ליכער גאסט און ער איז צוגעגאנגען באלד און געפרעגט מיט וואָס ער קען בעדיענען. נעכלודאָוו האָט געבעטען זעלצער וואסער און ער האָט זיך געזעצט עטוואָס אָבגערוקט פון פענסטער לעבען אַ קליינעם טישעל, וועלכער איז געווען פארדעקט מיט אַ שמוציגער טישטוך.

צוויי מענשען זיינען געזעסען לעבען גרעסערען טיש, אויף וועלכען עס איז געשטאנען אַ טהעע־סערוויז און אַ ווייסע פלעשעל; זיי האָבען זיך געווישט דעם שוויים און האָבען פריעדליך עפּעס גע'־חשבון'ט. דאָ איז אויך געווען שרעקליך הייס. נעכלודאָוו האָט בע־צאָהלט, איז ארויס צוריק און האָט זיך געזעצט פאָהרען. דער פערד איז שנעל געלאָפען, דער איזוואָשציק האָט כסדר געדרעמעלט. נעב־לודאָוו איז געזעסען, קוקענדיג גלייכגילטיג פאראויס אין דער לופט. אין מיטען גאס געגען דעם טויער פון אַ גרויסען הויז איז געשטאַ־נען אַ הייפעל מענשען און אַ קאָנוואָינער מיט אַ ביקס.

— וואָס איז דאָס אזוינס? — האָט ער אַ פרעג געטאָהן דעם דוואָרניק.

— עפּעס האָט מיט אַ'ן ארעסטאנט פּאסירט.

נעכלודאָוו איז אראָב פון דראָשקע און איז אונטערגעגאנגען אַ קוק טהאָן. אויף די קרומע שטיינער, נאָהענט פון טראָטואר איז געלעגען אויסגעצויגען, די פיס העכער פון קאָפּ אַ מיטעליעהריגער ארעסטאנט מיט אַ געלער בערדעל, רויטע צורה און מיט אַ פלאַ־ציגען נאָז. ער איז געלעגען אויפ'ן פלייצע אויסגעשפרייט די הענד

און האָט שווער געאטהעמט מיט זיין גרויסער הויכער ברוסט, קור־קענדיג אויף'ן הימעל מיט זיינע אויגען, פערגאָסענע מיט בלוט. לעבען איהם זיינען געשטאנען א בייזליכער גאָרדאָוואי, א בריפענ־טרעגער, אן אלטע פרוי מיט א זונען־שירם און א אינגעל, מיט א פוסטע קערבעל.

— זיי זיינען נעבאך אָבגעשוואכט געוואָרען, זייענדיג פער־שפּארט אין טורמע, און מען פיהרט זיי אין אזא באקענעס, — האָט פערדריסליך געזאָגט דער פּריקאשציק, ווענדענדיג זיך צו נעכ־לודאָוו'ן.

— ער וועט אודאי דאָ שטארבען — האָט געזאָגט מיט א וויי־נענדיגער שטימע די פרוי מיט'ן שירעם.

— שפּילעט איהם כאָטש אָפּ די העמד — האָט געזאָגט דער בריפענטרעגער.

דער גאָרדאָוואָי האָט מיט זיינע גראָבע פינגער גענומען לויז מאכען די שנירלעך פון קאָלנער אויף די אָנגעלאפענע אָדערן פון האלז. עס איז קענטיג געווען, אז ער אליין איז געווען צוטומעלט און אין פערלעגענהייט, ער האָט פון דעסטוועגען געפונען פאר נויטיג א קעהר צו טאָהן זיך צו די ארומשטעהענדע.

— נו, וואָס האָט איהר זיך אָנגעקליבען דאָ? עס איז אזוי אויך הייס.

— דער דאָקטאָר האָט געדארפט אונטערזוכען, ווער עס איז א שוואכער, יענעם זאָל מען לאָזען אויף אן אָרט און ניט אין אזא היץ פיהרען א האלב טויטען — האָט אלץ פערדריסליך געבייזערט זיך דער פּריקאשציק, אזוי ווי זייענדיג שטאָלץ דערמיט וואָס ער וויים, ווי אָרדנונג דארף געפיהרט ווערען. דער גאָרדאָוואָי, וועלכער האָט אונטערדעסען לויז געמאכט די שנירלעך פון העמד ארום האלז האָט זיך אויפגעהויבען, זיך אויסגעגלייכט און האָט זיך ארומגע־קוקט.

— נו, צוגעהט זיך, צוגעהט זיך, זאָג איך אייך. דאָס איז ניט אייער זאך. וואָס האָט איהר זיך דאָ אוועקגעשטעלט? — האָט ער געזאָגט, ווענדענדיג זיך מיט זיין בליק צו נעכלודאָוו'ן נאָך מיט־

געפיהל; אָבער ניט געפינענדיג קיין מיטגעפיהל אין נעבלודאָוו׳ס בליק, האָט ער זיך אַ ווענד געטהאָן צום קאָנוואָינעם. נאָר דער קאָנוואָינער, וועלכער האָט בשעת מעשה בעטראַכט דעם אויסגע־קרוממטען אָבצאַס פון זיין שטיוועל, איז געוועזן גאַנץ קאַלטבלוטיג צום גאַראַדאָוואָי׳ס פערלעגענהייט.

— ווע‎מעס זאַך דאָס איז, יענע זאָרגען זיך ניט. איז דאָס א סדר סתם צו פערמאַרען די מענשען?

— ארעסטאנט, אָבער דאָך א מענש — האָט זיך געהערט א פערדריסליכע בעמערקונג צווישען די ארום שטעהענדע.

— לייגט איהם אוועק אזוי, אז דער קאָפּ זאָל אויסקומען העכער, און ברייננט פון ערגעץ וואסער — האָט געזאָגט נעבלודאָוו.

— נאָך וואסער איז מען געגאנגען — האָט געזאָגט דער גאָראָדאָוואָי, און נעהמענדיג דעם ארעסטאנט אונטער די פּאכוועס, האָט ער זיין קערפּער אַ הויב געטאָהן העכער מיט׳ן קאָפּ צום טראָטואר.

— וואָס איז דאָ פאר א פערזאמלונג? — האָט זיך דערהערט פּלוצים א פעסטער בעפעהלענדער געשריי און אַן אקאָלאָדאָטשנער איז שנעל צוגעקומען אין זיין אויסגעפּוצטען מונדיר און גלאַנציגע שטיוועל.

— ניטאָ דאָ וואָס צו שטעהן! צוגעהט זיך! — האָט ער א געשריי געטאָהן אויף די פערזאמעלטע, נאָך בעפאָר ער האָט צייט געהאט צו בעטראַכטען וואָס דאָ טהוט זיך. צוגעהענדיג נעהנטער צום מיטען און דערזעהענדיג דעם שטארבענדען ארעסטאנט, האָט ער א בויג געטאָהן דעם קאָפּ, אזוי ווי דאָס האָט ער טאקע ערווארטעט און האָט זיך אַ ווענד געטאָהן צום גאָראָדאָוואָי.

— ווי אזוי האָט עס פּאסירט?

דער גאָראָדאָוואָי האָט דערציילט, אז עס איז געגאנגען אַ פּארטיע ארעסטאנטען און איין ארעסטאנט איז אנידערגעפאלען. דער קאָנוואָינער האָט געהייסען דער פּארטיע גיין ווייטער און דעם ארעסטאנט מיט אַ סאָלדאט דאָ איבערלאָזען.

— נו, דארף מען איהם נעמען אין אוטשאסטאָק. רופט אַ איזוואשציק!

דער דוואָרניק איז שוין אוועק נאָך א איזוואָשציק, — האָט רעפּאָרטעט דער גאָראָדאָוואָי, צולייגענדיג די האנד צום קאָזיראָק.

דער פּריקאשציק האָט עפּעס אָנגעהויבען רעדען וועגען די היץ.

— איז דאָס דיין זאַך? הא? הא? געה דיין וועג — האָט אויף איהם א געשריי געטאָהן דער אָקאָלאָדאָטשנער און האָט אויף איהם אזוי שטרענג א קוק געטהאָן, אז דער פּריקאשציק איז אנשוויגען געוואָרען.

— מען דארף איהם געבען א ביסעל וואסער א זופּ צו טאָהן — האָט געזאָגט נעכלודאָוו. דער אָקאָלאָדאָטשנער האָט אויף איהם שטרענג א קוק געטאָהן און האָט גאָר ניט געזאָגט. ווען דער דוואָרניק האָט אָבער געבראכט אין קריגעל וואסער, האָט ער געהייסען דעם גאָראָדאָוואָי דערלאנגען דעם ארעסטאנט. דער גאָראָדאָוואָי האָט אויפגעהויבען דעם ארעסטאנט'ס קאָפּ און האָט געפּרובירט גיסען אין מויל, אָבער דער ארעסטאנט האָט ניט געטרונקען. די וואסער האָט זיך געגאָסען איבער'ן באָרד און האָט דורכגעווייקט די העמד און דעם כאלאט.

— גיס דאָס איהם אוים אויף'ן קאָפּ! — האָט א קאָמאנדעווע געטהאָן דער אָקאָלאָדאָטשנער און דער גאָראָדאָוואָי האָט אראָפּגענומען פון דעם ארעסטאנט די פּלאַציגע היטעל און האָט געגאָסען די וואסער אויף די רויטע געגרייזעלטע האאר און אויף דעם נאקעטען שארבען. די אויגען פון דעם ארעסטאנט האָבען זיך ברייטער פאַנאנדערגעעפּענט אזוי ווי דערשראָקען, נור די לאגע זיינע האָט זיך ניט געענדערט. איבער'ן געזיכט האָבען זיך געגאָסען שמוציגע שטראָמען פון די וואסער צומישט מיט שטויב און זיין גאנצער קערפּער האָט געציטערט.

— און דיעזער, וואָס שטעהט דאָ? נעהם דעם, — האָט דער אָקאָלאָדאָטשנער א זאָג געטהאָן, דערזעהענדיג נעכלודאָוו'ס איזוואָשציק. עה, דו, פאָהר צו אהער!

— איך בין פערנומען, — האָט טרויעריג געזאָגט דער איזוואָשציק.

— דאָס איז מיינער, — האָט געזאָגט נעכלודאָוו, — אָבער איהר קענט איהם נעהמען. איך וועל בעצאָהלען, — האָט ער גע־זאָגט ווייטער צום איזוואָשציק, ווען ער האָט דערזעהען זיין אונ־צופריעדענע מינע.

— נו, וואָס שטעהט איהר, — האָט אַ געשריי געטאָהן דער אָקאָלאָדאָטשנער, — נעהמט זיך!

דער גאָרדאָוואָי, דער דוואָרניק און דער קאָנוואָינער האָבען א נעהם געטאָהן דעם שטערבענדען ארעסטאנט, האָבען איהם צו־געטראָגען צו דער דראָשקע און האָבען איהם אוועקגעזעצט; ער האָט אָבער ניט געקענט האלטען זיך זיצענדיג און וואָלט גלייך אראָפגעפאלען. זיין קאָפּ איז אראָפגעהאנגען ריקווערטס און דער גאנצער קערפּער האָט זיך אראָפגערוקט פון געזעס.

— לייג איהם אוועק ליגענדיג, — האָט אַ קאָמאנדעווע גע־טהאָן דער אָקאָלאָדאָטשנער.

וואשע בלאגאָראָדיע! נשטקשה, מיר וועלען איהם אזוי דער־פיהרען, — האָט געזאָגט דער גאָראָדאָוואָי און ער האָט זיך אריינ־געזעצט לעבען דעם שטערבענדען. ארומנעהמענדיג איהם מיט זיין שטארקע האנד און האלטענדיג איהם פעסט. דער קאָנוואָינער האָט זיך געזעצט פון דער אנדער זייט. דער אָקאָלאָדאָטשנער האָט דער־זעהען ווי עס וועלגערט זיך די פלאציגע היטעל פון דעם ארעסטאנט, ער האָט זי אויפגעהויבען, האָט זי אָנגעטאָהן דעם ארעסטאנט אויף'ן קאָפּ און האָט א קאָמאנדעווע געטאָהן:

— נו, געגאנגען, מארש!

נעכלודאָוו איז אוועק נאָך זיי.

30.

ווען נעכלודאָוו איז געקומען אויף'ן וואקזאל זיינען די ארעס־טאנטען שוין געזעסען אין די וואגאָנעס מיט די אייזערנע גראטעס אויף די פענסטער. אויף'ן פּלאטפאָרם זיינען געשטאנען אייניגע פּערזאָן, וועלכע האָבען בעגלייט אייניגע פון די ארעסטאנטען; צו די וואגאָנעס האָט מען זיי ניט צוגעלאָזען. די קאָנוואָינע סאָל־

ראטען זיינען היינט געווען בעזאָנדערם פערזאָרגט. אויף'ן וועג צום וואָקזאַל זיינען געפאַלען פינף ארעסטאַנטען; דריי אויף'ן וועג, וועלכע זיינען אוועקגעפיהרט געוואָרען אין דער פּאָליציי טויטע, און צוויי זיינען נור וואָס געפאַלען אויף'ן וואָקזאַל.

און בעזאָרגט זיינען די קאָנוואָינע געווען ניט ווייל עם זיינען געפאַלען פינף מענשען, וועלכע האָבען געקענט לעבען. דאָס האָט זיי ווייניג אינטערעסירט; זיי האָט מעהר געקימערט די איבריגע ארבייט, וועלכע זיי האָבען געהאט, ביים אויספּילען די פאָרמאַליטעטען, וועלכע דאָס געזעץ פאָדערט אין אזא פאַל: איבערגעבען די טויטע, די פּאַפּירען וועגען זיי און די זאכען, אויסשטרייכען זייערע נעמען פון דער ליסטע פון דעם עטאַפּ. דאָס איז געווען פאר זיי א גאַנץ איבעריגער עסק און דערצו נאָך אין אזעלכע שרעקליכע היצען.

דערמיט זיינען די קאָנוואָינע, דער אָפיציער און די אונטעראָפיציערען געווען שטארק בעשעפטיגט און ביז וואנען זיי האָבען דאָס ניט אָבגע'פּטר'ט, האָבען זיי קיינעם ניט צוגעלאָזען נאָהענט צו די וואגאָנעם פון די ארעסטאנטען. נעכלודאָוו'ן האָט מען פון דעסטוועגען צוגעלאָזען, דען ער האָט געגעבען א מטבע איינעם פון די קאָנוואָינע אונטער־אָפיצערען; דער אונטער־אָפיציר האָט איהם נור געבעטען ער זאָל דאָס מאכען גיכער אום די נאטשאַלסטווא זאָל ניט בעמערקען.

אין גאנצען זיינען געווען אכצעהן וואגאָנעם אויסער דעם וואגאָן פון דער נאטשאַלסטווא. די ארעסטאנטען זיינען געווען אָנגעפּאַקט אין די וואגאָנעם אזוי ווי הערינג אין א פעסיל. דורכגעהענדיג פערביי די פענסטערלעך פון די וואגאָנעם, האָט זיך נעכלודאָוו צוגעהערט צו דעם גערויש וואָס קומט פאָר אינעווייניג. פון אלע וואגאָנעם האָט זיך געהערט א טומעל און שימפּפעריי, ד' שמוציגסטע זידעל־ווערטער. אָבער מערקווירדיג, ערגעץ האָט מען ניט געהערט קיין מיטליידם־וואָרט וועגען די געפאַלענע קאַמעראַדען אויף'ן וועג, ווי נעכלודאָוו האָט ערוואַרטעט צו הערען. דער געפּילדער איז מעהרסטענטהיילס געווען איבער די פּלעצער,

ווענגען די זעקלעך און פעקלעך, איבער וואסער אַנצוטרינקען זיך און לעשען דעם דורשט.

געהענדיג פערביי די וואגאָנעס, איז נעבלודאָוו צוגעקומען צו די, אין וועלכע עס זיינען געזעסען די פרויען. פון דעם צווייטען פון זיי האָט ער געהערט קרעכצען פון א פרוי. אין דעם נעקסטען וואַגאָן איז געזעסען מאסלאָווא. די איבריגע פרויען האָבען איהם באלד דערקענט און האָבען צוגערופען מאסלאָוואַ'ן צום פענסטער.

איהר געזיכט האָט געשיינט פון פרייד, ווען זי האָט איהם דערזעהן. זי האָט זיך מיט די הענד צוגעהאלטען פאר די אייזערנע גראטעס און האָט געקוקט אויף איהם מיט איהרע קרומליכע שווארצע אויגען.

— אך, וויא היים, !— האָט זי געזאָגט פרעהלאך שמייכעלנדיג.

— האָט איהר בעקומען די זאכען ?

— יא, איך דאנק אייך זעהר.

— דארפט איהר נאָך עטוואס ? — האָט נעבלודאָוו א פרעג געטאָהן, פיהלענדיג, ווי עס טראָגט זיך א שטיקענדע היץ פון וואַגאָן.

— ניין, קיין זאך ניט, איך דאנק אייך.

— אך, א טרונק, א טרונק! — האָט א זאָג געטאָהן פעדאָסיא, צורוקענדיג זיך נעהנטער צום פענסטערל, וואו עס איז געשטאנען מאסלאָווא.

— יא, א טרונק טאָהן וואָלט זיך אזוי וועלען — האָט נאָך איהר א זאָג געטאָהן מאסלאָווא.

— איז דען גאָר קיין וואסער ביי אייך ניטאָ?

— געוועזען אביסעל, האָט מען שוין אין גאנצען אויסגעטרונקען.

— באלד וועל איך א בעט טאָהן דעם קאָנוואָינעם. מיר וועלען זיך איצט ביז ניזשני נאווגאראד מעהר ניט האָבען די מעגליכקייט צו זעהען.

— וואָס איז, איהר פאָהרט דען מיט?— האָט מאסלאָווא אי־בערגעפרעגט אזוי ווי פאר איהר וואָלט דאָס געוועזן אן אונערוואר־

טעטע נייעס, און זי האָט מיט פרייד א קוק געטאָהן אויף נעכלו־דאָוו׳ן.

— איך פאָהר מיט דעם פאָלגענדען צוג.

מאסלאָווא האָט גאָר ניט געענטפערט, האָט נור זיך פערטראַכט אויף אייניגע סעקונדען און האָט דערנאָך טיעף אָפּגעזיפצט.

— איז דאָס אמת, ליעבער הערר, אז צוועלף מענשען זיינען געפאלען פון אונזערע אויף׳ן וועג צום וואקזאל, ווי זיי דערציילען, — האָט א פרעג געטאָהן פון צווייטען פענסטער אן אלטע ארעס־טאנטקע מיט א טרויעריגע שטימע.

דאָס איז געווען קאָראבלעווא.

— איך האָב ניט געהערט אז צוועלף, איך האָב געזעהן נור 2.

— מען זאָגט אז צוועלף. דאָס זיינען אביסעל שדים, ווי זיי האָבען דאָס אויף מענשען קיין רחמנות ניט, האָט געזאָגט די אלטע בייזלעך.

— און פון די פרויען איז קיינע ניט קראנק געוואָרען? — האָט א פרעג געטאָהן נעכלודאָוו.

— די ווייבער זיינען פעסטער, — האָט מיט א געלעכטער זיך אָבגערופען אן אנדערע איינגערע ארעסטאנטקע, — נאָר אָט איין דעם צווייטען וואגאָן קרעכצט דאָרט איינע. איהר הערט?

— אָט איהר פרעגט מיך, צו דאַרף איך ניט וואָס? — האָט זיך פּלוצלינג א כאפּ געטאָהן מאסלאָווא, — איך וואָלט אייך גע־בעטען, אפשר וואָלט איהר געקענט טאָהן די טובה און פועל׳ן, מען זאָל די אונגליקליכע קראנקע פרוי דאָ איבערלאָזען ; זי געהט נע־באך צו קינד. וואָס פאר א שרעקליכער רחמנות ! די נאטשאל־סטוואָ וויים אפשר ניט ; ווען איהר וואָלט זיי דאָס געזאָגט.

— גוט, איך וועל זאָגען, — האָט געענטפערט נעכלודאָוו.

— אָט וואָס נאָך, צו איז מעגליך, אז זי זאָל קענען זעהען איהר מאן טאראס, — האָט זי געבעטען ווייטער נעכלודאָוו׳ן און האָט מיט די אויגען אָנגעוויזען אויף פעדאָסיא. — ער פאָהרט דאָך מיט אייך.

— מיין הערר, מען טאָר ניט ריידען דאָ, — האָט זיך דער־הערט די שטימע פון דעם קאַנוואָינעם אונטער־אָפיציר.

דאָס איז געווען אַן אנדערער, ניט דער, וועלכער האָט מיט 3 ווײַלע פריהער צוגעלאָזען נעבלודאָוו'ן. נעכלודאָוו איז אָבגעטראָטען פון וואגאָן און איז געגאנגען אויפזוכען אימיצען פון דער נאטשאל־סטווע אום צו בעטען וועגען דער געווינעריז, און וועגען זעהן טאראַ־סען. אָבער ער האָט פון די קאָנוואָינע ניט געקענט דערשלאָגען זיך קיין ענטפער. זיי זיינען געווען זעהר פערנומען. איינע האָבען גע־פיהרט ערגעץ אַן ארעסטאנט, די אנדערע זיינען ארומגעלאָפען איינ־קויפען פאר זיך צו'ם עסען אויף'ן וועג און איינלייגען זייערע זאַכען אין די וואגאָנעס; נאָך אנדערע האָבען בעדיענט א דאמע, וועל־כע איז געפאָהרען צוזאמען מיט דעם קאָנוואָינעם אָפיציער, און זיי האָבען זעהר אונווילּיג געענטפערט אויף נעכלודאָוו'ס פראגען.

נעכלודאָוו האָט דערזעהן דעם קאָנוואָינעם אָפיציער שוין נאָך דעם צווייטען קלונג.

דער אָפיציער האָט מיט זיין קורצער האנד אָפגעווישט די וואָנצעס, וואָס האָבען פערדעקט זיין מויל, און א קוועטש טהוענ־דיג מיט די פלייצעס, האָט ער עפּעס אויסגערעדט דעם פעלדפעבעל.

— וואָס דארפט איהר, אייגענטליך? — האָט ער א פרעג געטאָהן נעכלודאָוו'ן.

— א פרוי געהט צו קינד אין וואגאָן ביי אייך, נון רעכען איך, אז עס וואָלט נויטיג געווען...

— נו, זאָל זי געהן צו קינד. אז זי וועט געבוירען וועלען מיר דאן זעהן, — האָט געזאָגט דער קאָנוואָינער אָפיציער. און האָט זיך א קעהר געטאָהן און איז אוועק צו זיין וואגאָן, בעוועגענדיג זיינע קורצע הענטלעך.

אין דיזער צייט איז דורכגעגאנגען דער קאָנדוקטאָר מיט זיין פייפעל אין האנד. עס האָט זיך דערהערט דער לעצטער קלונג, א פייף, און עס האָט זיך צווישען די בעגלייטענדע אויף'ן פלאטפאָרמע און צווישען די ארעסטאנטקעס אין וואגאָן דערהערט א יאמער. נעכלודאָוו איז געשטאנען מיט טאראס'ען אופ'ן פלאט־

פּאָרם און האָט געקוקט ווי איינער נאָך דעם אַנדערען האָבען זיך געצויגען די וואַגאָנעם מיט די פערגראַטעטע פענסטער און הינטער זיי די געגאָלטע קעפּ פון די אַרעסטאַנטען. אָט געהט פערביי דער ערשטער פרויען־וואַגאָן, אין די פענסטערלעך זעהען זיך די קעפּ מיט ווייסע טיכלעך פון די אַרעסטאַנטקעס; דערנאָך דער צווייטער, פון וועלכען עס האָט זיך געהערט דער זעלבער קרעכצען פון דער פרוי; דערנאָך דער וואַגאָן, אין וועלכען עס איז געזעסען מאַסלאָווא. זי איז צוזאַמען מיט די איבריגע געשטאַנען אין פענסטערל און האָט געקוקט אויף נעכלודאָוו'ן און האָט טרויעריג געשמייכעלט.

31.

דער צוג, מיט וועלכען נעכלודאָוו איז געפאָהרען, האָט געראַפּט אָבגעהן ערשט אין צוויי שטונדען אַרום, און ער האָט אָנגעפאַנגען גערעכענט אונטער דער צייט צו־פאָהרען צו זיין שוועסטער. אָבער נאָך די איינדריקע פון'ם גאַנצען טאָג האָט ער זיך געפיהלט צערבראָכען און ערמיעדעט, אַז ווי ער האָט זיך נור אַוועקגעזעצט אויף דער ווייכער סאָפע אין זאַאל פון ערשטען קלאַס, אַזוי איז ער באַלד אונוויליג איינגעשלאָפען.

א לאַקעי אין אַ פראַק מיט אַ מונד־סערוועטקע אין האַנד האָט איהם אויפגעוועקט.

— העררר, העררר, זייט איהר ניט אַמאָל נעכלודאָוו, פירסט? אַ מאַדאַם זוכט אייך אַרום.

נעכלודאָוו איז אויפגעשפּרונגען, האָט אויסגעריבען די אויגען און האָט זיך דערמאָנט וואו ער איז און אַלעס וואָס ער האָט דעם טאָג דורכגעלעבט.

אין זיין מוח איז דורכגעלאָפען די פּראָצעסיע פון די אַרעסטאַנטען, די וואַגאָנעם מיט די פערקראַטעוועטע פענסטער און פערשפּאַרטע פרויען אינעווייניג.

אין דער ווירקליכקייט אָבער האָט ער באַלד דערזעהן פאַר זיינע אויגען עטוואָס אַנדערש: לאַנגע טישען פערשטעלט מיט

פלעשער, וואזעס, קאנדעלאברעס, סערוויזען און פלינקע לאקעיען זיינען שנעל ארומגעלאָפען הין און צוריק.

— ענדליך האָב איך דיך געפונען, — האָט נאטאשע צו איהם געזאָגט, ווען זי איז צוגעגאנגען נאָהענט צו איהם.

— איך בין זעהר צופרידען וואָס דו ביסט געקומען.

— איך בין שוין פון לאנג דאָ, איך מיט אגראפענא פעטראָווגא. מיר האָבען דיך איבעראל ארומגעזוכט.

— און איך האָב דאָ איינגעשלאָפען. ווי צופרידען איך בין וואָס דו ביסט געקומען, — האָט ער איבערגע׳חזר׳ט. — איך האָב געהאט אָנגעהויבען שרייבען א בריעף צו דיר.

— אויף אן אמת? — האָט זי פערוואונדערט געפרעגט. — וועגען וואָס אזוינס?

— געסטערן, ווען איך בין פון אייך אוועק, האָב איך געוואָלט זיך אומקעהרען און איבערבעטען דיין מאַן, נאָר איך האָב ניט געוואוסט ווי ער וועט מיך צונעהמען, — האָט נעכלודאָוו געזאָגט. — איך האָב ניט גוט גערעדט מיט איהם און דאָס האָט מיך געפלאָגט.

— איך האָב געוואוסט, איך בין געווען זיכער, אז דו האָסט ניט געוואָלט. דו ווייסט דאָך. — און טרערען האָבען זיך בעוויזען אין איהרע אויגען, און זי האָט איהם אָנגענומען ביי׳ם האנד. דיזע פראגע איז אמת געווען א ניט קלאָהרע, אָבער ער האָט זי פאָלשטענדיג פערשטאנען און איז געווען געריהרט דורך איהר בעדייטונג. די ווערטער האָבען בעדייטעט, אז אויסער איהר ליעבע צו׳ם מאַן איז איהר אויך טהייער און וויכטיג איהר ליעבע צו איהם, צו׳ם ברודער, און אז דאָס צוואווערטלען זיך פערשאפט איהר שווערע שמערצען.

איך דאנק דיר, איך דאנק דיר. אך, וואָס איך האָב היינט געזעהן, — האָט ער זיך פלוצלינג דערמאָנט אָן די געשטאָרבענע ארעסטאנטען, — צוויי ארעסטאנטען זיינען פון היץ געפאלען אין גאס.

טאקי שרעקליך. אָבער וואָס קענסטו טאָהן?

— איך ווייס ניט. אָבער איך פיהל, אז איך דארף עטוואָס טהאָן, און וואָס איך וועל קענען, דאָס וועל איך טהאָן.

— יא, יא, איך פערשטעה. נו, און מיט דיזע, מיט די קאָר־טשאגינ׳ס איז שוין אלעס געענדיגט?

— אלעס, און איך דענק, אזביידע צדדים האָבען ניט וואָס צו בעדויערען.

— א שאָד. מיר איז א שאָד. איך האָב זי ליעב. נאָר זאָל זיין אזוי. אָבער צו וואָס ווילסטו פערבינדען, פערבינדען זיך? — האָט זי ניט דרייסט צוגעזעצט. — צו וואָס פאָהרסטו?

— איך פאָהר, ווייל אזוי דארף איך טהאָן, — האָט נעכלודאָוו געענטפערט טרוקען און ערנסט. אזוי וועלענדיג מאכען א ענדע צו דיזער טהעמא, נאָר איהם האָט באלד פערדראָסען פאר זיין קאלט־קייט צו דער שוועסטער. „פאר וואָס זאָל איך איהר ניט זאָגען אלעס, וואָס איך דענק?" האָט ער א קלער געטהאָן. „און זאָל אגראפענא פעטראָווא אויך הערען."

— דו רעדסט וועגען מיין אבזיכט צו הייראטען מיט קאטיו־שא׳ן. ווייסטו, איך האָב בעשלאָסען אזוי צו טהאָן, אָבער זי האָט מיר ענטשיעדען ענטזאגט. זי וויל ניט מיין אָפּפער, און זי אָפּפערט אליין מיט זעהר פיעל פאר איהר אין איהר לאגע. איך קען אָבער ניט אָננעהמען דיזען אָפּפער, אויב דאָס איז א מינוטיגער. און אָט פאָהר איך נאָך איהר און וועל זיין דאָרט וואו זי וועט זיין, און וועל העלפען, פיעל מעגליך, צו פערלייכטערען איהר שיקזאל.

— נאטאליא איוואנאָוונא האָט גאָר ניט געענטפערט. אגרא־פענא פעטראָוונא האָט געקוקט אויף איהם פערוואונדערט און האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

נעכלודאָוו איז ארויס אויף׳ן פלאטפאָרם און איז צוזאמען מיט טאראס׳ן אוועק צו׳ם דריטען־קלאסנעם וואגאָן.

— אָט דאָס איז מיין מיטרייזענדער, — האָט נעכלודאָוו גע־זאָגט, אָנווייזענדיג אויף טאראס׳ן, וועמענס געשיכטע זיין שוועס־טער האָט געוואוסט שוין פון פריהער.

— צו דען פאָהרסטו אין דריטען קלאס?

— יאָ, עס איז מיר בעקוועמער מיט איהם צוזאַמען, — האָט ער געזאָגט. — אָט נאָך וואָס, אין קוזמינסקאָיע האָב איך נאָך ניט אָבגעגעבען די ערד צו די פּויערען, איז אין פאַל פון טויט, וועלען דיינע קינדער ירש'ענען.

— דמיטרי, הער אויף.

— און אויב איך וועל יאָ אָבגעבען, איז דאָס איינציגע, וואָס איך קען זאָגען, איז, אז אַלעס איבעריגעס וועט געהערען צו זיי, ווייל איך וועל ניט הייראַטהען, און אויב איך וועל יאָ הייראַטהען וועט ניט זיין קיין קינדער... אַזוי, אַז...

— דמיטרי, איך בעט דיך, רעד ניט אַזוי, — האָט נאַטאַליאַ איוואַנאָווגאַ געזאָגט, וועהרענד נעכלודאָוו האָט געזעהן, אַז זי איז געווען צופריעדען צו הערען דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט.

נעכלודאָוו איז אריין אין דעם אָנגעהיצטען פון דער זון וואַגאָן און איז באַלד ארויס צוריק אויף'ן טאָרמאָז.

נאַטאַליאַ איז געשטאַנען ענטקעגען און האָט געזוכט ווענען וואָס אָנצופאַנגען צו רעדען, אָבער זי האָט גאָר ניט געקענט געפינען. דער קורצינקער געשפּרעך וועגען די געלד אנגעלעגענהייטען און דער ירושה האָט אריינגעבראַכט אַ קאַלטקייט צווישען זיי און זי איז דאָרום געווען צופרידען ווען דער צוג האָט זיך געריהרט פון אָרט און זי האָט גענקענט איהם זאָגען: „פאָהר געזונד, פאָהר געזונד, דמיטרי!"

32.

די היץ איז געווען אַן אונערטרעגליכע. דער גרויסער וואַגאָן פון דריטען קלאַס איז געווען אַזוי געפּאַקט מיט מענשען און אָנגעהיצט פון דער ברענענדער זון פון אַ גאַנצען טאָג, אַז נעכלודאָוו האָט ניט געקענט אריינגעהן אינעווייניג און איז געבליבען שטעהן דרויסען לעבען טהיר. אָבער אויך דאָ איז געווען שווער צו אָטהעמען און ער האָט נור דאַן אריינגעצויגען אין זיך די לופט מיט דער פולער ברוסט, ווען דער צוג האָט אָנגעהויבען שנעל צו בעוועגען זיך און עס האָט אַ בלאָז געטאָהן דערפון אַ צוג־ווינט.

אין נעבלודאוו'ס פארשטעלונג האבען זיך יעצט געשילדערט די אלע איינדריקע פון טאג און פון דיזע האט אם שטארקסטען ארויסגעטראטען דאס שעהנע געזיכט פון דעם פערשטארבענעם צווייטען ארעסטאנט מיט די שמייכלענדע ליפען און דעם שטרענגען אויסדרוק פון דעם שטערן. דאס שרעקליכסטע דאביי איז, וואס מען האט דאך איהם ערמארדערט און קיינער וויים ניט ווער עס האט איהם ערמארדערט. אבער ערמארדערט איז ער דאך. נאד פיהרט האט מען איהם, אזוי ווי אלע ארעסטאנטען פון דיזער פאר־טיע, אויף דער פעראררדנונג פון מאסלעניקאוו. מאסלעניקאוו האט זיך געמאכט זיין געוועהנליכע פעראררדנונג, מען זאל אין דיזען טאג ארויסשיקען די פארטיע ארעסטאנטען, האט אונטערגעשריעבען מיט זיין נארישע צאצקעדיגע האנדשריפט א פאפיער מיט א גע־דרוקטען קעפיל. נו, ווער וועט דען רעכענען, אז ער איז דאס דער שולדיגער אין דיזען מארד? נאך וויינינגער קען מען רעכענען פאר שולדיג דעם דאקטאר פון אסטראג, וועלכער האט אונטערזוכט די ארעסטאנטען בעפאר מען האט זיי ארויסגעשיקט. ער האט ער־פילט זיין פפליכט געוויסענהאפט, האט אפגעטהיילט די שוואכע און האט בשום אופן ניט געקענט פאראויסזעהן די שרעק־ליכע היץ, און איהם איז ניט פארגעקומען, אז מען וועט זיי ארויס־שיקען אזוי שפעט ביי טאג און אזוי געדיכט אלע צוזאמען.

ווער דען, דער סמאטריטעל?... אבער וואס האט דען דער סמאטריטעל געטאהן? ער האט נור געפאלגט וואס מען האט איהם געהייסען, און געהייסען האט מען, אז ער מוז אין דיזען און דיזען טאג ארויסשיקען אזוי פיעל קאטארזשניקעס, אזוי פיעל פערשיקטע פרויען און מענער. און ער האט אזוי געטאהן. אזוי קען מען אויך ניט בעשולדיגען דעם קאנוואינעם אפיציער, וועמענס פפליכט עס איז נור בעשטאנען דעריין, ער זאל מיט'ן צאהל איבערגעבען די נפשות אהינצו. ער האט געפיהרט די פארטיע ארעסטאנטען ווי געוועהנליך, און ער האט דאך ניט געקענט פאראויסזעהן, אז אזעל־כע געזונדע יונגען, אזוי ווי יענע צוויי, וועלכע נעכלודאוו האט גע־

זעהען, זאָלען גאָר אין מיטען דערינען אנידערפאלען אין גאס און ניט אויפשטעהען.

קיינער איז דאָ ניט שולדיג. און מענשען זיינען דאָך ער־מאָרעדרט געוואָרען און ערמאָרדערט זיינען זיי געוואָרען טאקע פון דיעזעלביגע צוזאמען, וועלכע זיינען, דוכט זיך, גאָר ניט שולדיג אין דיזע מאָרדען.

— געקומען איז דאס אלעס דערפון, — האָט זיך געטראכט נעבלודאוו, — וואס דיעזע אלע לייט, די גובערנאטארען, די אָקאָלאָ־דאָטשנע, די סמאָטריטעלס, די פּאליצייסקע רעכענען, אז עס גיט אמאָל אזא לאגע, ווען איין מענש הערט אויף צו האָבען וועלכע ניט איז בעציהונג, פּפליכט אדער מענשליכע געפיהלען צו דעם אנ־דער מענשען. אי מאסלעניקאָוו, אי דער סמאָטריטעל, אי דער קאָנוואָינער אפיציער, — אָט די אלע, ווען זיי וואָלטען ניט געווען קיין גובערנאטארען, קיין אפיצירען, קיין סמאָטריטעלס, וואָלטען זיי אפשר צוואנציג מאָהל איבערטראכטען צו מעג מען אין אזא ברענענדען וועטער טרייבען אַ גאנצע מאסע מענשען; זיי וואָל־טען אויפ׳ן וועג צעהן מאָהל זיך אבגעשטעלט, די מענשען זאלען זיך אפּרוהען, און זעהענדיג אז איינער איז שוואך, איהם ווערט עפּעס ניט גוט, וואלט מען איהם גלייך ארויספיהרען פון דער מאסע, פון דער שטיקענעס, מען וואָלט איהם אוועקגעזעצט אין א שאָטענדיגען פּלאַץ, מען וואלט איהם שנעל געבראכט א ביסעל קאלטע וואסער, מען וואלט איהם לאָזען אייניגע מינוט זיך אויסרוהען, און ווען עס האָט שוין יאָ געטראָפען אזא אונגליק וואלטען זיי כאטש פיהלען אַ פעררדרוס, זיי וואלטען צייגען זייער מיטלייד.

און איצט ,ווען זיי זיינען נאטשאלניקעס, האָבען זיי דאָס אליין ניט געטאָן און האָבען דאס זאגאר ניט ערלויבט אנדערע צו טהאָן, און דאָס איז דארום, ווייל זיי האָבען ניט געזעהען פאר זיך קיין מענשען, נור געוויסע בעפעהלע, וועלכע זיי דארפען אויספיה־רען און קיין אנדער זאך ניט.

נעבלודאוו האָט זיך אזוי פערטראַכט, אז ער האָט ניט בע־מערקט ווי דער וועטער האָט זיך אונטערדרעסען געביטען. די זונן

האָט זיך בעהאַלטען הינטער אַן אָפּגעריסענע שטיק וואָלקען און פון מעריב זייט האָט זיך אנגעהויבען אנצורוקען אויפ'ן הימעל אַ העל־גראָהער וואָלקען, וועלכע האָט זיך שוין דאָרט גאַנץ ווייט ערגעץ אנגעהויבען אויסלײידיגען איבער די פעלדער אין אַ קרום־גיסענדען געדיכטען רעגען. פון צייט צו צייט האָט דעם וואָלקען דורכגעשניטען אַ בליץ, און מיט די קלאַפּעריי פון די וואַגאָנעם האָט זיך אלץ אָפּטער און אָפּטער צוזאַמענגעמישט דאָס קנאַלען פון אַ דונער.

אויף די ארומיגע פעלדער איז אלעס ווי לעבעדיגער געווארען, ווי מיט אַ גלאַנציגען לאַקיר בעדעקט; דאָס גרינע איז נאָך גריי־נער געווארען, דאָס געלע נאָך געלער און דאס שווארצע — שווארצער.

— יאַ, ווענען וואס האָב איך אייגענטליך געטראַכט, — האָט זיך אליין געפרעגט נעכלודאָוו, ארײינשלינגענדיג אין זיך די פריי־שע פייכטע לופט.

— יאַ, איך האָב געטראַכט וואס די אלע, דער סמאָטריטעל, די קאָנוואָינע און אנדערע — אלץ מענשען גאַנץ גוטע פון דער נאַ־טור — זיינען געווארען בייז און שלעכט נור דארום, ווייל זיי זיי־נען בעאַמטע.

ער האָט זיך דערמאָנט ווענען דער גלייכגילטיגקייט פון מאַס־לעניקאָוו'ן, ווען ער האָט איהם דערציילט וואס עס טוהט זיך אין אָסטראָג, די שטרייננקייט פון סמאָטריטעל, די הארטהערציגקייט פון דעם קאָנוואָינעם אָפיצער, ווען ער האָט איהם געזאגט, אַז אין וואַגאָן געהט אַן אונגליקליכע ארעסטאַנטקע צו קינד. אלע דיעזע מענשען, ווי עס שיינט, זיינען פערהאַרטעוועט ביי זייער אַמט, אַז זיי קענען ניט דורכגעווייקט ווערען פון קיין געפיהל פון רחמנות. אלס בעאַמטע זיינען זיי געווען פערדעקט מיט אַזאַ האַרטקייט, אַז מענשענליעבע האָט ניט געקענט דורכדרינגען צו זייער הארצען, אַקוראַט ווי דער רעגען קען ניט דורכנעמען די ברוקירטע ערד, — האָט נעכלודאָוו געטראַכט, קוקענדיג ווי די רעגען־וואַסער קען ניט איינזאַפּען אין דער ברוקירטער ערד פון די שפּוע'דיגע ווענט פון טהאָל און פליסט אראָב אין קליינע שטראָמען.

„עס קען אפשר זיין, אז מען דארף אויסברוקירען די ווענט פון די גראַבענס, אבער עס איז טרויעריג צו קוקען אויף דיעזע ערד, וואו עס האָט דאך געקענט וואקסען תבואה, בוימער, פירות, בלומען, אזוי ווי דאָרט וואו די ערד איז ניט אויסגעלייגט געוואָרען מיט שטיינער. דאס זעלביגע איז אויך מיט די מענשען. עס קען זיין, אז מען דארף דיעזע גוּבערנאַטאָרען, סמאָטריטעלס, פּאָליציי און קאָנוואָינע, עס איז אבער שרעקליך צו זעהן מענשען, וועלכע עס פעהלט די הויפּט מענשליכע איינענשאפט — ליעבע און מיטלייד פון איינעם צום צווייטען".

„און די גאנצע צרה ליגט דעריין" האָט נעכלודאוו זיך ווייטער געטראכט, „וואס דיעזע אלע מענשען נעהמען אָן פאר א געזעץ דאָס, וואס איז גאר קיין געזעץ ניט, און אנערקענען ניט פאר קיין געזעץ דאס, וואס איז אייביג, אונפערמיידליך און פעסטגעשטעלט פון גאָט אליין, איינגעקריצט אין די הערצער פון מענשען. דערפאר איז דאך דאָס מיר אזוי שווער צו זיין צווישען דיעזע מענשען. איך ציטער פשוט פאר זיי. און ווירקליך, דיעזע מענשען זיינען שרעקליך, ערגער פון מערדער. א מערדער קען נאָך אמאָהל רחמנות האָבען, אבער זיי קענען קיין מאָל קיין מיטלייד ניט האָבען. זיי זיינען פארזיכערט פון רחמנות, ווי א שטיין פון געוויקסע. און דאס איז דאס שרעקליכסטע אין זיי. מען זאגט, עס זיינען שרעקליך די פוגאטשאָווס, די ראזינס, — דיעזע זיינען טויזענד מאָל שרעקליכער!"

„אויב עס וואלט נויטיג געווען צו לייזען די פראגע, האָט ווייטער פארטגעזעצט זיינע געדאנקען נעכלודאָוו, ווי מאכט מען, אז מענשען פון אונזער צייט, קריסטען, הומאנע, איינפאך גוטע מענשען, זאלען בעגעהן די שרעקליכסטע טהאטען, ניט פיהלענדיג זיך שולדיג אין קיין זאך און ניט האָבען קיין געוויסענסביססע דערביי — דאן איז עס מעגליך נור אויף איין אופן, אז די אלע לייטע זאָלען ווערען גובערנאטארען, אפיצירען, סמאָטריטעלס, פּאָליצייסקע, קאָנוואָינע, ד. ה. זיי זאלען ערשטענס זיין זיכער, אז עס איז דאָ עפּעס אזא זאך וואָס מען רופט א רעגירונגס־אמט, וואו מען קען

מים מענשען בעגעהן זיך ווי מיט ניט לעבעדיגע זאכען, מען זאל צו זיי ניט פיהלען גאָרנישט מענשליכעס, ברידערליכעס, און קיינע הארציגע בעציהונגען צו זיי ניט האָבען; און צווייטענס, אז דיעזע מענשען זאלען צוליעב זייער רעגיערונגס־אַמט גופא זיין אזוי פער־בונדען, אז די פעראַנטוואָרטליכקייט פאר זייערע אונמענשליכע טהאטען זאל ניט פאלען אויף אימיצען אין בעזונדערהייט, אז קיין איינער זאל ניט פיהלען זיך אליין אלס שולדיגען אין דיעזער אונ־מענשליכקייט. אויסער דיעזע אומשטענדען איז אונמעגליך אין אונ־זער צייט, אז מענשען זאלען בעגעהן אזעלכע שרעקליכע טהאטען, ווי די, וועלכע איך האָב היינט געזעהן, און די הויפט זאך איז נאָך דאָס, וואָס מענשען מיינען, אז עס קען מעגליך זיין אזא אומשטאנד, וואו מיט מענשען זאל מען זיך קענען בעגעהן ווי מיט א לעבענס־לאָזע זאך אָהן מיטגעפיהל צו איהם, אָהן ליעבע. זאכען קען מען בעהאנדלען אָהן ליעבע. מען קען האקען בוימער, מאכען ציגעל, שמידען אייזען אָהן ליעבע, אָבער מיט מענשען קען מען אָהן ליע־בע ניט בעגעהן זיך. פונקט אזוי ווי מען קען ניט ארומגעהן ארום ביענען און ניט זיין פאָרזיכטיג דערביי. אויב דו בעהאנדעלסט ביענען אָהן גענויע פאָרזיכטיגקייט, וועסטו זיי טהאָן דעם גרעס־טען שאדען און זיך. דאס זעלביגע איז אויך מיט די מענשען. און דאָס קען גאָר אנדערש ניט זיין, וואָרים די געמיינשאפטליכע ליעבע צווישען מענשען איז א גרונד־געזעץ פון מענשליכען לעבען. אמת, דער מענש קען זיך ניט צווינגען צו ליעבען, ווי ער קען זיך ניט צווינגען צו ארבייטען, נור דערפון פאָלגט ניט, אז מען קען אויסקומען צווישען מענשען אָהן ליעבע, בעזאנדערס, ווען דו פאָ־דערסט וואָס ניט איז פון זיי.

„פיהלסט דו ניט קיין ליעבע צו מענשען, זיץ זיך פאר זיך ער־געץ שטילערהייט“, האָט זיך ווייטער געטראכט נעכלודאָוו, „גריבעל זיך אין זיך אליין, בעשעפטיג זיך מיט זיך, מיט זאכען, מיט וואס דו ווילסט, נור ניט מיט מענשען. פונקט אזוי ווי עסען קען נור דאן ברייגנען נוצען און ניט שאדען דעם מענשען, ווען דער מענש עסט ווען איהם ווילט זיך עסען, אזוי קען מען נור דאן נוצליכער־

ווייזע צונויפקומען זיך מיט מענשען, ווען מען פיהלט די ליעבע צו זיי. ווען ניט איז עס שרעקליך".

33.

דער וואגאָן, אין וועלכען עס איז געפאהרען נעכלודאָוו, איז געוועזען פול געפאַקט מיט מענשען. דאָ זיינען געוועזען הויז־דיענער, בעל־מלאכות, פאבריק־ארבייטער, פלייש־הענדלער, אידען, ווייבער, קרעמער, פריקאזציקעס; עס איז אויך געוועזען צווישען זיי א סאָל־דאט און צוויי ד א מ ע ן — איינע א יונגע, די אנדערע אן עלטע־רע, מיט א בראַסלעט אויף דעם געבלייזטען ארעם, און עס איז אויך געפאהרען עפּעס א הערר מיט א שטריינגען געזיכט, מיט א קאָקארדע אויף דער שווארצער פוראזשקע.

אלע דיזע זיינען געזעסען רוהיג. נאָך דעם ווי זיי האָבען זיך איינגעזעצט אויף די פּלעצער, איינער האָט געקייעט יאָנדרעס, אן אנדערער האָט גערויכערט און אנדערע ווידער האָבען געשמאָק גע־שמועסט צווישען זיך.

טאראַס איז געזעסען צו דער רעכטער האנד פון אריינגאנג מיט א גליקליכעם געזיכט, האָט אָבגעהיט נעכלודאָוו'ס פּלאַץ, וועהרענד ער האָט געפיהרט א לעבעדיגען געשפּרעך מיט זיין שכן, א גערטנער וועלכער איז דאָס געפאָהרען אָנצונעהמען א נייע שטעלע פאר זיך.

נעכלודאָוו אריינגעהענדיג האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבען א שעהנעם אלטען מאן מיט א רעספּעקטפולעם, פּאטריארכאלעם גע־זיכט, מיט א לאנגען, ווייס־גראָהען באָרד. דערזעהענדיג נעכלו־דאָוו'ן האָט דער אלטער אָפּגערוקט די פאָלע פון זיין סיורטוק און האָט העפליך געזאָגט:

— זעצט זיך, זייט אזוי גוט.

נעכלודאָוו האָט איהם בעדאנקט און האָט זיך געזעצט אויף דעם פּלאַץ, וואָס דער אלטער האָט איהם אָנגעצייגט. ווי נור נעכלו־דאָוו האָט זיך געזעצט, האָט די פרוי, וואָס איז געזעסען אנטקעגען דעם אלטען, פאָרטגעזעצט דעם געשפּרעך, וואָס זי האָט געפיהרט מיט דעם אלטען פון פריהער.

זי האָט איהם דערציילט, ווי זי איז אין שטאָדט אויפגענומען געוואָרען, פון וואנען זי פאָהרט דאָס איצט צוריק.

— בין איך געפאָהרען צו איהם, זעהן זיך מיט איהם אויף מאסליעניצע, דאנקען גאָט, נו — איצט וועלען מיר זיך ניט זעהן ביז ראָזשדעסטוואָ, אבי מען זעהט זיך געזונדערהייט, ווי גאָט גיט.

— יא, אבי מען זעהט זיך געזונטערהייט, — האָט איבערגע־זאָגט דער אלטער אלס ענטפער און האָט זיך צוגעקוקט צו נעבלו־דאָווו'ן: — מען דארף זיך זעהען, אז ניט, א יונגער מאן אין שטאָדט ווערט זעהר גיך צולאָזען.

— אָה, ניין, זיידינקע, ער איז ניט אזא. איהר וואָלט געקענט מיינעם וואָלט איהר דאָס ניט זאָגען. ניט נור וועט ער ניט פיהרען קיינע אזעלכע נארישע זאכען, דאָרטען... נור ער איז דאָך אָט אזוי ווי א שעהנע, שעהמעדיגע מיידעלע. וואָס ער פערדיענט שיקט ער דאָך ביז דעם לעצטען גראָשען אהיים. און ווי ער האָט זיך דער־פרייט מיט'ן קינד. אוי, טאטעלעך, איהר האָט נור געדארפט זעהן ווי גליקליך ער איז געוועזן מיט'ן קינד, — האָט געזאָגט די ווייבעל מיט א שמייכעל.

אָט דאָס איז גוט וואָס ער האָט שכל און ער טהוט ניט אָט אזעלכע זאכען, — האָט געזאָגט דער אלטער, ווייזענדיג מיט די אויגען אויף א פאָר וואָס זיינען געזעסען אויף דער אנדער זייט. דאָס איז געוועזן א מאן, א פאבריק ארבייטער, מיט זיין פרוי. זיי האָבען איצט ביידע אריינגעגאָסען פון איין פלעשעל.

— ניין, מיינער טרינקט ניט און רייכערט ניט, — האָט די פרוי איבערגע'חזר'ט בענוצענדיג זיך מיט דער געלעגענהייט נאָך אמאָל צו ריהמען איהר מאן.

— וואָס דען, דאָס איז גוט? — האָט דער אלטער געזאָגט, קוקענדיג אויף'ן פאבריק־ארבייטער. יענער האָט דערפיהלט אויף זיך נעבלודאָווו'ס און דעם אלטען'ס בליקען און האָט זיך אָפגערופען:

— וואָס, פריץ, דו וואונדערסט וואָס מיר טרינקען? אז מיר ארבייטען זעהט קיינער ניט, און אז מיר טרינקען — זעהען אלע.

איך האָב פּערדיענט — טרינק איך און בין דער ווייב אויך מכבד. און פּטור. וואָס, מאוורא, ריכטיג?

מאוורא האָט זיך צולאכט און האָט שכור'ערהייט א מאך געטאָהן מיט'ן האנד.

— נו, גענוג צו פּלוידערען.

— אזוי איז דאָס גוט, גוט, אָבער זאָל זיך אקאָרשט די לייצעם פערפּלאָנטערן אונטערן עק, וועט זי אזא טאנץ טהאָן, אז דו וועסט ניט וויסען אויף וואָס פאר א וועלט דו ביסט אהינגעקומען... איך זאָג אייך קיין ליגען ניט. איהר, פּריצל, זאָלט נור אויף מיר קיין פאראיבעל ניט האָבען. איך האָב אויסגעטרונקען, אמת, נו, וואָס בלייבט צו מאכען, — האָט געזאָגט דער פאבריק־ארבייטער און ער האָט זיך צורעכט געמאכט צו שלאָפען, ארויפלייגענדיג דעם קאָפּ אויף דער ווייב'ס קניע און זי האָט געקוקט אויף איהם און האָט געשמייכעלט.

נעכלודאָוו איז געזעסען אייניגע מינוטען מיט דעם אלטען, וועלכער האָט איהם דערצעהלט וועגען זיך, אז ער איז א מוליער, שוין 53 יאָהר ווי ער ארבייט, האָט אויף זיין לעבען געמאכט אזוי פיעל אויוועגס, אז עס איז שווער זיי איבערצוצעהלען, און יעצט, אויף דער עלטער, וואָלט ער וועלען זיך אָפּרוהען, אויפהערען ארבייטען — קומט אלץ קיין צייט ניט אויס.

נעכלודאָוו האָט זיך אויפגעהויבען און איז צוגעגאנגען צו טאראס'ען.

— זעצט זיך, בארין, מיר וועלען דעם זעקעל צונעהמען אהער צו אָט, און דאָ וועט פאר אייך זיין א בעקוועמער פּלאץ, — האָט געזאָגט מילד קוקענדיג אויף נעכלודאָוו'ן דער גערטנער, וועלכער איז געזעסען מיט טאראס'ען און געשמועסט.

— אפילו ענגלאך, אָבער מיר'ן זיך קיין עולה ניט טהאָן, — האָט געזאָגט מיט א קוויטשעדיגען קול טאראס און האָט א הויב געטאָהן דעם גרויסען פּאַק, ווי א שפּילכעל, און געמאכט א פּלאץ פאר נעכלודאָוו'ן. — זעהט איהר, בארין, ווי פיעל פּלאץ מיר האָבען פאר אייך, און פאר אונז קען אימער זיך געפינען א פּלאץ, מען קען

שטעהן א וויילינקע, אויך קיין סכנה ניט, און אונטער׳ן באנק קאַ
מען נאָך אויך געפינען א פלאץ פאר זיך.

טאראס האָט וועגען זיך זעלבסט געזאָגט, אז ווען ער מאכט
ניט קיין שנאפּס קען ער גאָר ניט רעדען און טאָמער טרינקט ער
אוים א גלעזעל, אזוי ווערט ער גאָר מונטערער און רעדעוודיגער.

אין אזא צושטאנד איז ער איצט געווען אידער נעכלודאָוו איז
צוגעקומען; נעכלודאָוו׳ס צוקומען האָט איהם אָפּגענומען אויף א
וויילינקע דעם לשון, אָבער ווי ער האָט נור צוגענומען דעם זאק
האָט אָבגעראַמט דעם פּלאץ און געבעטען נעכלודאָוו׳ן צו זעצען
זיך, אזוי האָט זיך די צונג איהם פאנאנדערגעבונדען און ער האָט
פאַרטגעזעצט צו דערצעהלען פאר זיין שכן, דעם גערטנער, די גאנ־
צע געשיכטע פון זיין פרוי, פארוואָס מען פערשיקט זי און ווארום
ער פאָהרט נאָך מיט איהר איצט אין סיביר.

נעכלודאָוו האָט ניט געוואוסט די איינצעלהייטען פון דיעזער
געשיכטע און ער האָט זיך צוגעהערט אויפמערקזאם.

— דאָס דערצייל איך וועגען מיינע צרות, — האָט אָנגעהויי־
בען טאראס, קוקענדיג מיט פריינדליכע בליקען אויף נעכלודאָוו׳ן,
— אָט האָב איך געטראָפען אזא הארציגען מענשען, א גוטען ברו־
דער — האָבען מיר זיך צורעדט און איך דערצעהל איהם.

— אָט אויף אזא אופן, הייסט עס, ברודערקע, האָט מען זיך
דערוואוסט די גאנצע זאך. די מאמע האָט גענומען אָט דעם זעל־
ביגען קוכען און „איך געה", זאָגט זי, „צום אוריאדניק". מיין טאַ־
טע איז ביי מיר א עהרליכער אלטינקער „ניין, זאָגט ער, ווארט נאָך,
מיין ווייב. זי איז דאָך נאָך א קינד, זי ווייס אליין ניט וואָס זי
טהוט — א רחמנות, מען דארף ניט אזוי בייז זיין; זי האָט שוין
אודאי גאָר חרטה, דארף מען דאָך האָבען אייזעהענעס". אָבער עס
האָט ניט געהאָלפען. די מאמע טענה׳ט: „זי וועט אונז דאָ אלע־
מען פער׳סמ׳ען, אזוי ווי די טאראקאנעס" און זי איז אוועק צום
אוריאדניק און דער אוריאדניק האָט דאָס באלד צוקאָכט זיך און
געקומען גלייך מיט עדות.

— נו, און דו וואָס האָסט געטאָהן? האָט א פרעג געטאָהן דער גערטנער.

— און איך, ברודערעל מיינער, קייקעל זיך אויף'ן בויך פון ווייטאָג און רעווע. די גאנצע אינגעווייט האָט דאָס מיר אויסגע־קעהרט, רעדען קען איך ניט. דער טאטע האָט איינגעשפאנט דעם וואָגען און אוועקגעפיהרט פעדאָסיען צום סטאנאָוואָי, און פון דאָרטען צום סלעדאָוואטעל, און זי, ברודערעל מיינער, לייקענט ניט קיין זאך. גלייך פון אנהויב האָט זי זיך אין אלץ מודה געווען. „אָט אזוי און אזוי האָב איך, זאָגט זי, געטאָהן. אזוי געקראָגען דעם סם און אזוי אריינגעקנאָטען אין די טייג און אויסגעוועלגערט א קוכען".

— „און פאר וואָס האָסטו דאָס געטאָהן" — פרעגט דער סלעדאָוואטעל.

— אָט אזוי, — זאָגט זי, — האָב איך דאָס געטהאָן, ווייל ער איז מיר ניט ליעב. און איך וועל געהן אין סיביר בעסער איי־דער צו לעבען מיט איהם" — דאָס הייסט מיט מיר, פערשטעהסטו ברודערעל, — און טאראס האָט זאנפט געשמייכעלט דערביי. — נו, האָט זי זיך, הייסט עס, אין גאנצען מודה געווען. געוועהנליך, וואָס זאָל זיין? האָט מען זי אוועקגעפיהרט אין אָסטראָג. דער טאָ־טע איז געקומען אליין אהיים. און דאָ איז עס אקוראט אזא צייט וואָס איז דאָ אזוי פיעל ארבייט אויף'ן פעלד. נו, וואָס מאכט מען? אין שטוב זיינען ניטאָ קיינע ווייבערשע הענד אויסער די מאמען; האָבען מיר געדאכט, געטראכט, צו קען מען זי אפשר ניט ארויסנעהמען אויף זאלאָג.

— נו? — האָט איבערגעפרעגט דער גערטנער.

— נו, האָט דער טאטע ווייטער איינגעשפאנט דעם וואָגען און איז אוועק אין שטאָדט, צו דעם, צו יענעם, צו איין נאטשאלניק, צום צווייטען — עס געהט ניט, צו פינף שטיק איז ער ארומ־געקראָכען פון איינעם צום אנדערן, און גאָר ניט. נו, איז ער גע־קומען צוריק און א מאך געטאָהן מיט'ן האנד. וואָס העלפט דער בלאָפּאָטשען, אז ס'געהט ניט? זיי ווילען זי ניט ארויסלאָזען.

אָבער דארף זיך גראַדע מאכען א מאַן, פון די שרייבערס, א בריה א. יונג. „גיב מיר“ זאָגט ער, „א פינפערל און איך מאך דיר צורעכט דעם גאַנצען עסק“. געדונגען זיך, געדונגען זיך און אָבגעמאַכט פאר א דרייערל. אָט האָב איך איהרע אייגענע געמאכטע לייוונד געלייגט אין משכון און איהם אוועקגעגעבען. אז ער האָט דאָס אָנגעשריעבען א פאפיער, — האָט א זאָג געטאָהן טאראס, אזוי ווי ער וואָלט פארשטעלען ווי מען שיסט אוים מיט א ביקס: — נו האָט דאָס באַלד געטראָפען. איך בין שוין אַליין געקומען אין גאַנצען צו זיך דאָן, בין געזונד געוואָרען און בין אַליין געפאָהרען אין שטאָדט נאָך איהר.

— בין איך געקומען, ברודערעל מיינער, אין שטאָדט, האָב געלאָזען שטעהן די קליאַטשע מיט'ן וואָגען אין הויף פון שיינק, האָב גענומען אָט די פאפיער זיינע און קום אין אסטראָג. „וואָס דארפסטו?“ — „אָט אזוי און אזוי, — זאָג איך, — מיין בעל־הבית'טע איז דאָ ביי אייך איינגעשפּארט“ און האָב איהם אוועק־געגעבען די פאפיער. ער קוקט און קוקט אזוי אויף מיר: „וואַרט, — זאָגט ער, — דאָ אויף א ווײַלע“. האָב איך זיך געזעצט אויף דעם באַנק און וואַרט. די זון האָט זיך שוין א קעהר געטאָהן אויף נאָכמיטאָג און איך וואַרט. ערשט עס קומט אַרוים דער נאַטשאַלניק אַליין, זאָגט ער „וואַרגושאָוו?“ זאָג איך: „דאָס בין איך אַליין“ — „נו, געה, — זאָגט ער, — נעהם זי“. האָט מען געעפענט די טיהרען און ארויסגעפיהרט זי אין איהרע אייגענע קליידער ווי עס געהערט צו זיין. „נו, לאָמיר געהן“ — זאָג איך איהר, — אהיים וועלען מיר געהן, הא?“ — „ביזטו גאָר צופוס?“ — פרעגט זי מיך. „ניין, מיט אונזער קליאַטשע“ — ענטפער איך, און מיר זיינען אוועק.

„זיינען מיר געקומען אויפ'ן הויף פון דער אכסניה, איך האָב זיך אָבגערעכענט האָב איינגעשפּאַנט די קליאַטשע, האָב אריינגעלייגט אין וואָגען דאָס ביסעל היי וואָס איז געבליבען. זי האָט זיך געזעצט, האָט זיך איינגעוויקעלט אין דער פאַטשיילע און מיר זיי־

נען אוועקגעפאָהרען. זי שווייגט, און איך שווייג. ווי מען האָט נור אָנגעהויבען צו קומען נעהנטער צום הויז זאָגט זי מיר:

— לעבט דער טאטע?

— לעבט.

— און וואָס מאכט די מאמע? לעבט זי?

— לעבט.

— פערגיב מיר, — זאָגט זי, — טאראָס פאר מיין נאַרישקייט. איך האָב אליין ניט געוואוסט וואָס איך טהו.

און איך זאָג איהר: „שוין לאַנג מוחל געווען, נאָך וואָס דערמאָנען אלטע חטאים?“

„מעהר האָט זי ניט גערעדט; מיר זיינען געקומען צו פאָהרען אהיים, זי ווארפט זיך גלייך דער מאמען צו די פיס און די מאמע זאָגט: גאָט וועט מוחל זיין, און דער טאטע האָט איהר אָבגעגעבען א שלום עליכם און זאָגט: „נו, צו וואָס זאָל מען דערמאָנען אלטע זאכען? זעה, לעב איצט ווי בעסער איז. איצט איז ניט קיין צייט צו טענה'ען מען דאַרף פון פעלד אראָבנעהמען.

און זי האָט דאָס פון דעם טאָג א נעהם געטאָהן זיך פאר דער ארבייט, אז א נחת. איך שנייד און זי בינדט. עס איז ביי אונז געווען אזוי גערעטען. איך בין א בריה, פון האנד פאלט מיר די ארבייט ניט, אָבער זי איז נאָך מעהר בריה, פאר וואָס זי זאָל זיך ניט נעהמען. זי איז אזא לעבעדיגע און א יונגע, פול מיט זאפט. און זי האָט אזוי אָנגעהויבען האָלט האָבען צו ארבייטען, אז איך בעט זי צייטענווייז: „רוה זיך אָפּ אביסעל, די הענד זיינען דאָך שוין ווי קלעצער“. און זי, גאָרנישט, ווי ניט איהר מיינט מען, עסט אָפּ וועטשערע און זי איז שוין אין שטאַהל, געפינט עפּעס וואָס צו טהאָן פאר מאָרגען. אָט א וועלכע זי איז דאָס געוואָרן, אויף חדושים!

— נו, איז זי יעצט פריינדליכער געוואָרען צו דיר?

— פרעגט שוין גאָרניט. זי איז געוואָרען אזוי גוט, אזוי ליעבליך, אזוי צוגעבונדען, ווי איין נשמה. וואָס איך זאָל ניט א טראכט טהאָן — זי פערשטעהט שוין וואָס איך מיין. אָט מיין

מאמע אליין, מען דארף שוין ניט קיין גרעסערע בעסן'טע ווי זי איז, און אפילו זי זאָגט צו מיר: אונזער פּעדאַסיא איז עפּעס גאָר אזוי ווי א פערביטענע, אן אנדער ווייבעל גאָר געוואָרען". אָט פאָהרען מיר אזוי איין מאָל נאָך סנאָפּעס אין פעלד און איך מיט איהר זיצען זיך ביידע אויפ'ן פערעדאָק. זאָג איך איהר: נו, ווי איז דיר דאָס, פעדאָסינקע, ארויף אויף'ן קאָפּ צו טהאָן אזא זאך?"

— „ווי אזוי ארויף? — אָט אזוי, איך האָב ניט געוואָלט לע־בען מיט דיר. איך וועל בעסער שטארבען, האָב איך זיך געטראכט, איידער לעבען מיט איהם".

— „נו, און איצטער?" — פרעג איך.

— „נו, איצטער איז אן אנדער זאך. איצטער ביזטו מיר צום הארצען" — זאָגט זי.

טאראס האָט זיך דאָ אָפּגעשטעלט און האָט פרעהליך א שמייכעל געטאָהן, און שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ ווי האלב פערוואונ־דערט, האָט ער פאָרטגעזעצט:

— „מיר האָבען נור אראָפּגענומען פון פעלד, און איך פיהר אזוי צום טייך לייַן ווייקען, איך קום צו פאָהרען אהיים, ערשט א פּאָוויעסטקע: אין סוד הייסט עס. און מיר האָבען גאָר וועגען דעם מעהר ניט געטראכט, האָבען שוין גאָר פערגעסען די גאנצע מעשה; פאר וואָס קומט איצט גאָר משפּט'ן?...

— דאָס איז אלץ דער שטן, דער ניט גוטער, — זאָגט דער גערטנער. — קען עס א מענשען סתם ארויף אויף'ן זינען צו נעה־מען איינעם דאָס לעבען. אָט האָט ביי אונז אויך איינער... — און דער גערטנער האָט גענומען דערצעהלען א געשיכטע פון א מאָרד, וואָס האָט ביי זיי אין דאָרף געטראָפען.

דער צוג איז אָנגעקומען צו א סטאנציע און נעכלודאָוו צו־זאמען מיט'ן גערטנער זיינען ארויס אויף'ן פּלאַטפאָרם טרינקען וואסער.

34.

נאָך איידער ער איז אראָפּ פון וואגאָן האָט נעכלודאָוו בע־מערקט אויף'ן הויף פון סטאנציע איינינע רייכע עקיפּאזשען, איינ־

געשפּאַנטע צו דריי און צו פיער פערד, אויסגעפּוצטע מיט גלעק־לעך. ארויסגעהענדיג אויף'ן פּלאַטפאָרמע האָט ער דערזעהן א הייפעל מענשען, וועלכע איז געשטאַנען ארום א דיקע דאמע, גע־קליידעט אין סאמעט און זיידענס, מיט א רייכע הוט און גרויסע פעדערן אויפ'ן קאָפּ. ארום האָבען זיך געשטויסען לאקעיען, אונ־טערטראָגענדיג פּעקלעך, שטעקלעך, מאנטלען און שירעמס. ניט ווייט פון זיי זיינען געשטאַנען און האָבען זיך צוגעקוקט נייגעריגע, וועלכע האָבען געשלונגען מיט די אויגען די גאנצע הערליכקייט און רייכקייט, וועלכע זיי האָבען דאָ געזעהען.

דער נאטשאלניק פון סטאַנציע אין דער רויטער פוראזשקע, דער זשאנדארם, וועלכער איז אימער אָנוועזענד אויף דער פּלאַט־פאָרמע פון סטאַנציע ווען א צוג קומט אָן, א מאָגערע בארישנע אין א רוסישען קאָסטיום, דער טעלעגראַפיסט, אייניגע פּאסאזשי־רען, וואָס זיינען ארויס פון וואגאָן — אלעמענס אויפמערקזאמ־קייט איז געווען אויף דער רייכער דיקער דאמע מיט איהר בע־גלייטערשאפט.

אין דעם יונגען מענשען מיט'ן הינטעל, וועלכער איז געשטאַ־נען נאָהענט פון דער דאמע האָט נעכלודאָוו דערקענט דעם יונגען קאָרטשאגין. די דיקע דאמע איז געווען די שוועסטער פון דער פירסטין קאָרטשאגין, אין וועמעס אימעניע די קאָרטשאגינס האָבען זיך איבערגעקליבען פיר די זומער מאָנאטען.

דער אָבער־קאָנדוקטאָר, גלאנצענדיג אין זיין אוניפאָרם מיט גאָלדענע גאַלונעס און מיט די גלאַנציגע שטיוועל האָט העפליך געעפענט פאר די דאמע די טיהרעל פון וואגאָן און האָט זיך עהרענ־ווירדיג פערנייגט.

נעכלודאָוו, וועלכער האָט ניט געוואָלט בעגעגענען זיך מיט דיזע בעקאנטע פאמיליע, אום אויסצומיידען די צערעמאָניע פון נאָך אמאָל זעגענען זיך מיט זיי און ערקלעהרונגען, א. ז. וו. האָט זיך געהאלטען פון דער זייט, לעבען זיין וואגאָן.

אין דער זעלבער צייט איז פון דער אנדער זייט פון פּלאַטפאָר־מע אָנגעקומען א גרויסע מענגע ארבייטער, אין לאַפּטיעס, אין

קורצע פעלצלעך, און קלומיקעס איבער'ן פלייצע. זיי זיינען צו־געגאנגען צו דעם ערשטען וואגאן און האבען געוואלט אהין אריין. אבער דער קאנדוקטאר איז אונטערגעגאנגען און האט זיי אבגעטרי־בען. זיי האבען זיך ניט אפגעשטעלט, ניט ארומגעקוקט און זיינען געגאנגען גלייך ווייטער, טרעטענדיג איינער דעם אנדערן אויף די פיס, זיינען זיי צו צום צווייטען וואגאן און האבען שוין אנגעהויבען אריינגעהן אין איהם, ווי דער צווייטער קאנדוקטאר האט זיך צו־שריען אויף זיי.

זיי זיינען שנעל ארויס צוריק און די וואס זיינען נאך ניט אריין, האבען זיך גלייך א קעהר געטאהן איילענדיג צו געהן ווייטער זוכען אן אנדער וואגאן. אבער נעכלודאוו האט א זאג געטהון: איהר קענט אריין, דא אין וואגאן איז דא גענוג פלאץ. זיי האבען געפאלגט און זיינען אריין.

אריינגעהענדיג האבען זיי געפונען פלעצער און האבען זיך שוין געוואלט צוזעצען, אבער דער הערר אין א קאקארדע און די צוויי דאמען, וואס זיינען געזעסען לעבען איהם, האבען דאס איינ־געפונען אלס א שטארקע פערזענליכע בעליידיגונג פאר זיי און זיי האבען די ארבייטער־פויערים געיאגט צוריק פון וואגאן. די ארבייטער, א מאן צוואנציג, יונגע און אלטע, אלע מיט אבגע־ברענטע, אויסגעמאטערטע, אויסגעהארעוועטע געזיכטער, האבען זיך באלד אנגעהויבען רוקען ארויס פון וואגאן, פיהלענדיג זיך טא־קע שטארק שולדיג, וואס זיי האבען פערלעצט די געפיהלען פון דיזע גרויסע הערשאפטען; זיי זיינען געוועזן בערייט געהן כאטש ביז'ן עק וועלט, און זעצען זיך וואו מען זאל ניט הייסען, כאטש אויף טשוועקעס.

— וואוהין שפארט איהר זיך, שדים! צוזעצט זיך דא, — האט אויף זיי א געשריי געטהון דער אריינקומענדער קאנדוקטאר.

די ארבייטער האבען זיך דערפרעהט און האבען זיך בערוהיגט אזוי ווי מענשען, וועלכע זיינען איבערגעקומען א גרויסע דראהענ־דע געפאהר; זיי האבען זיך צוזעצט אויף זייערע פלעצער, האבען

ארײַנגעװאָרפֿען מיט אײן בעװעגונג די קלומיקעס פֿון זײערע פּלײ־צעס און האָבען זײ ארונטערגערוקט אונטער די בײנקלעך.

װען נעבלודאָװ איז צוגעגאנגען זעצען זיך אויף זײן פּלאַץ, לעבען װעלכען עס זײנען געזעסען דרײ פֿון די ארבײטער, האָבען זיך דיעזע דרײ א הויב געטהאָן פֿון זײערע פּלעצער — זײן עלעגאנ־טער אויסזעהען האָט זײ א ביסעל געשטעלט אין פֿערלעגענהײט — אָבער נעכלודאָװ האָט זײ בערוהיגט, זאָגענדיג זײ, אז זײ דארפֿען זיך ניט בעמיהען און מעגען רוהיג בלײבען אויף זײערע פּלעצער, זײ זײנען איהם ניט אין װעג. ער האָט זיך אלײן געזעצט אויפ'ן ברעג פֿון באנק, ניט װײט פֿון ארײנגאנג.

אײנער פֿון די ארבײטער, א מאן פֿון א יאָהר פֿופֿציג, האָט זיך דערבײ ערשטוינט, זאָגאר צושראָקען איבערגעקוקט מיט א אײנגערן. דאָס װאָס נעכלודאָװ האָט זיך מיט זײ אזוי העפֿליך בענומען, גאָר ניט אזוי װי דער שטײגער איז פֿון אלע פּריצים, האָט זײ ניט געזידעלט און האָט זיך אדרבא געצײגט פֿרײנדליך צו זײ, האָט זײ איבערראשט און פֿערװאונדערט. זײ האָבען זאָגאר חושד געװען טאָמער שטעקט עפּעס דערײן א געפֿאהר, א הינטער־געדאנק. זעהענדיג אָבער װײטער, אז דאָ איז קײן קונץ ניט געמײנט, קײן פּאסטקע פֿאר זײ און אז נעבלודאָװ איז זיך געזעסען געװעהנליך און האָט געשמועסט מיט טאראס'ען, זײנען זײ געקומען אלץ מעהר צו זיך און האָבען מעהר ניט געהאט קײן פֿערדאכט.

דער אלטער ארבײטער, װעלכער האָט זיך געפֿיהלט פֿריהער אזוי אונבעקװעם לעבען נעכלודאָװן, איז זאָגאר אזוי װײט געקו־מען צו זיך, אז ער האָט אָנגעהויבען צו פֿערפֿיהרען א שמועס מיט נעכלודאָװ'ן און מיט טאראס'ען. ער האָט זײ דערצעהלט, אז זײ פֿאָהרען איצט אהײם, אז זײ האָבען געארבײט צװײ און א האלב מאָנאט בײ גראָבען טאָרף און זײ פֿיהרען אהײם צו צעהן רובעל יעדערער, אויסער די ביסעל, װעלכע זײ האָבען בעקומען גלײך װי מען האָט זײ אנגעדונגען צו דער ארבײט.

זײער ארבײט איז געװען זעהר א שװערע, זײ זײנען געשטא־

נען ביז די קניע אין וואסער, אין זומפּיגען גרונד, ארבייטען פלע־
גען זיי פון זונען־אויפגאנג ביז פינסטער, און האָבען געהאט דער־
פאר מיטאָג־צייט צוויי שטונדען רוהע.

— ווער עס איז ניט געוואָהנט, — האָט דער אלטער געזאָגט,
— פאר דעם איז אזא ארבייט נאטירליך זעהר שווער, אָבער האָט
מען זיך איינגעהאָרעוועט, אריינגעקראָכען אין יאָך איז נאָכדעם
נישט קשה, צו דערליידען. ווען זיי וואָלטען נור געגעבען כאָטש צו
עסען ווי עס דארף צו זיין. פון אנהויב האָט מען געהאט שלעכטע
שפּייז און דערנאָך האָט מען זיך אָנגעהויבען צו בעקלאָגען, האָט
מען אָנגעהויבען געבען אביסעל בעסער.

ווען ער האָט זיך גוט צורעדט און האָט זיך געפיהלט היימיש,
האָט ער אויך שוין דערצעהלט פון זיין לעבען, ווי אָט שוין 28
יאָהר, אז ער געהט ארבייטען וואו עס מאכט זיך אין מרחקים און
ברייננגט דערנאָך די שכירות אהיים — א רובעל זעכציג א יאָהר
פערדיענט ער, א 3 רובעל געהט אוועק אויף הרחבה־זאכען: אויף
טאבאק, אויף שוועבעלעך.

— נו, א זינדיגער מענש, אמאָל בענארישט מען זיך און מען
מאכט א שנאפּס, אזא האָרעפּאסנער לעבען — האָט ער ווי פער־
ענטפערט זיך.

דאצו האָט ער אויך דערצעהלט ווי אין דער היים פיהרען די
ווירטהשאפט די ווייבער, און דער פּאָדראַטשיק האָט זיי פאר'ן
אוועקפאָהר געטראקטירט מיט א האלבען עמער שנאפּס אויף אלע־
מען, ווי איינער פון זיי איז געשטאָרבען ביי דער ארבייט און אן
אנדערען פיהרט מען א קראנקען אהיים. דער קראנקער, וועגען
וועלכען ער האָט דערצעהלט, איז דאָס אויך געפאָהרען מיט זיי אין
דעם זעלבען וואגאָן; אויף אן אנדער באנק אין ווינקעלע איז ער
געזעסען, א יונגער מענש — ער האָט געליטען קענטיג פון מאלאריע
פיבער.

נעבלודאָוו איז אונטערגעגאנגען צו דעם קראנקען. דאָס איז
געווען נאָך גאָר א אינגעל, אָבער ער האָט אזא שטרייגגען בליק
געהאט, אז נעבלודאָוו איז געבליבען אָפּהענטיג און האָט איהם ניט

געוואָלט דערעסען מיט פראגען; ער האָט נור געהייסען דעם עלטערען קויפען פיר איהם כינין און האָט איהם אויפגעשריעבען אויף א שטיקעל פאפיער דעם נאָמען פון דער רפואה. ער האָט איהם געוואָלט געבען געלד דארויף, אָבער דער אלטער האָט ניט געוואָלט נעהמען קיין נדבה.

— נו, וויפיעל איך בין ניט דורכגעפאָהרען, אזעלכע הערען האָב איך נאָך ניט געטראָפען. ניט נאָר וואָס ער טרייבט דיך ניט, ער טרעט דיר נאָך אָפּ זיין פּלאַץ. הפנים, עס גיט פערשיעדענע הערען, — האָט ער בעשלאָסען, ווענדענדיג זיך צו טאראס׳ען.

— „יא, אין גאנצען א נייע און אנדערע וועלט“, — האָט נעכלודאָוו געטראכט, קוקענדיג אויף דיזע טרוקענע מוסקוליסטע גלידער, גראָבע, פון שטוביגע ארבייט קליידער און די אָבגעברענטע ווילדע און אויסגעמאטערטע געזיכטער, און פיהלענדיג זיך ארומגערינגעלט פון גאָר נייע מענשען מיט ערנסטע אינטערעסען, פריידען און ליידען פון אן אמת׳ן ארבייטענדען און מענשליכען לעבען.

„אָט איז זי, די אמת׳ע גרויסע וועלט“, האָט נעכלודאָוו זיך דערמאָנט קאָרטשאגין׳ס פראזע, און יענע פוסט־און־פאסנע לוקסוס וועלט מיט איהרע קליינליכע גאָרנישטדיגע אינטערעסען. און ער האָט דערשפירט דעם פריידע־געפיהל פון א רייזענדער, וועלכער האָט ענטדעקט א נייע, אונבעקאנטע און ערהאבענע וועלט.

ענדע פון צווייטען טהייל.

# דריטער טהייל.

## 1.

די פארטיע, מיט וועלכער עס איז געגאנגען מאסלאָווא, איז דורכגעגאנגען לערך פינף טויזענד ווערסט. ביז פערם איז מאסלאָווא געגאנגען מיט'ן אייזענבאהן און אויפ'ן דאמפפער מיט די קרימינעלע, און נור אין דיעזער שטאָדט איז נעכלודאָוו'ן געלונגען אויסצואווירקען, אז מען זאָל זי איבערפיהרען צו די פּאָליטישע, ווי דאָס האָט איהם געראָטהען באָגאָדוכאָווסקאיא, וועלכע איז אויך געגאנגען מיט דיזער פארטיע.

די רייזע ביז פערם איז געוועזען זעהר שווער פאר מאסלאָווא, ווי פיזיש אזוי מאָראליש. צווישען די ארעסטאנטען און ארעסטאנטקעס, די נאדזיראטעלעס און קאָנוואָינע איז שוין געוועזען איינגעפיהרט א מנהג פון צינישער אויסגעלאסענהייט. יעדער פרויענצימער, אויב זי האָט זיך נור ניט געוואָלט בענוצען דערמיט וואָס זי איז א פרויענצימער, איז אויסגעקומען צו זיין שטענדיג אויף דער וואך, תמיד האָט זי זיך געמוזט היטען. און דיעזע שטענדיגע לאגע פון שרעק און קאמפף איז געוועזען זעהר שווער. מאסלאָווא פלעגט נאָך בעזונדער דערפון ליידען איבער איהר אָנציהענדען אויסזעהען און איבער איהר פערגאנגענהייט, וואָס איז אלעמען געוועזען בעקאנט. דער ענטשיעדענער ווידערשטאנד, וועלכען זי פלעגט געבען די מאנסלייט, וואָס פלעגען צושטעהן צו איהר, פלעגען זיי אננעהמען אלס א בעליידיגונג און דאָס האָט אין זיי ארויסגערופען נאָך א גרעסערען צאָרן געגען איהר. אין דיזער הינזיכט האָט גרינגער געמאכט איהר לאגע איהר נאָהענטקייט מיט פעדאָסיע'ן און טאראס'ען. ווען טאראס האָט זיך דערוואוסט וואָס פאר אן

אונאנגענעהמליכקייטען זיין פרוי האָט געליטען אין דיזער הינ־זיכט, האָט ער זיך געלאָזט ארעסטירען, כדי ער זאָל קענען זי בע־שיצען, און פון ניזשני נאָוואָראָד איז ער געפאָהרען ווי אן ארעס־טאנט מיט זיי צוזאמען.

דאָס וואָס מען האָט זי איבערגעפיהרט צו די פּאָליטישע האָט פארבעסערט איהר לאגע אין אלע הינזיכטען. שוין ניט ריידענדיג וועגען דעם וואָס די פּאָליטישע האָט מען געהאלטען אויף בעסערע פּלעצער, געגעבען בעסערע נאהרונג און זיי האָבען געליטען וויני־גער פון גראָבהייטען, איז איהר לאגע פערבעסערט געוואָרען נאָך דערמיט, וואָס זי האָט אויפגעהערט צו ליידען פון די פערפאָלגונ־גען פון מאנסלייטע, און זי האָט געקענט לעבען ניט הערענדיג ווי מען ווארפט איהר אויף יעדע מינוט איהר פערגאנגענהייט, וואָס זי האָט אזוי געוואָלט פערגעסען איצט. די הויפּט מעלה איז אָבער בעשטאנען דעריין, וואָס זי איז בעקאנט געוואָרען מיט אייניגע מענשען, וועלכע האָבען אויף איהר געהאט אן ענטשיידענעם און זעהר א גוטען איינפלוס.

אויף די עטאַפּען האָט מען איהר ערלויבט צו זיין צוזאמען מיט די פּאָליטישע, נור אין וועג האָט זי געמוזט געהן מיט די אוגאָלאָוונע, ווייל זי איז געווען א געזונדע פרוי. אזוי איז זי גע־גאנגען די גאנצע צייט ביז טאָמסק. מיט איהר צוזאמען זיינען גע־גאנגען, אויך צופוס, צוויי פּאָליטישע: מאריא פּאוולאָוונא שטשע־טינינא, דיזעלבע שעהנע מיידעל, וועלכע האָט אזוי איבערראשט נעכלודאָוו׳ן, ווען ער האָט זיך געזעהן מיט באָגאָדוכאָווסקאיא, און דער צווייטער א געוויסער סימאָנסאָן, וועלכען מען האָט פאר־שיקט קיין יאקוטסק. דאָס איז געווען דערזעלביגער שווארץ־האָריגער מיט טיעף אונטערן שטערן פערגאנגענע אויגען, וועלכען נעכלודאָוו האָט אויך דאן בעמערקט, ווען ער האָט זיך געזעהען מיט באָגאָדוכאָווסקאיא.

מאריא פּאוולאָוונא איז געגאנגען צו־פוס, ווייל זי האָט אָבגע־לאָזען איהר פּלאץ אויפ׳ן פוהר א שוואנגערער אוגאָלאָוונער ארעס־טאנטקע; סימאָנסאָן איז געגאנגען צו־פוס איבער דעם וואָס ער

האָט געגרעכענט פאַר ניט יושר׳דיג צו בענוצען זיך מיט קלאַסען־פּריווילעגיע.

דאָס איז געווען אַ פריהער, נאָכער פריהמאָרגען אין מאָנאַט סעפּטעמבער. דאָס איז געגאַנגען אַ שנעע, און דאָס אַ רעגען מיט מיט אַ שניידענדען קאַלטען ווינד. אַלע אַרעסטאַנטען פון דיזער פּאַרטיע — 400 מאַנסלייט און ביי אַ 50 פרויען — זיינען שוין גע־ווען אויפ׳ן הויף פון עטאַפּ. עס האָט זיך געהערט דער טומעל און הוזשען פון די קולות פון די אַרעסטאַנטען, צעהלענדיג געלד, קויפענדיג פּראָוויזיע, און די קוויטשעדיגע שטימען פון די הענד־לערקעס.

קאַטיושאַ און מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ,ביידע אין שטיוועל און אין פעלצלאַך, פערבונדען מיט פאַטשיילעס, זיינען אַרויס אויפ׳ן הויף און זיינען געגאַנגען צו די הענדלערקעס, וועלכע האָבען, איבער־שלאָגענדיג איינע די אַנדערע, פאָרגעשלאָגען זייערע סחורות: פריי־שע, וויסע קוילעטשען, פיש, לאָקשען, קאַשע, לעבערקעס, פלייש, אייער, מילך; ביי איינער איז אפילו געווען אַ געבראָטענער חזיר׳ל.

סימאָנסאָן, אָנגעטאָהן אין אַ גוטאַפּערטשענער קורטקע מיט גומענע קאַלאָשען, פערבונדען מיט שטריקלאַך אויף די וואָלענע זאָקען (ער איז געווען אַ וועגעטאַריאַנער און האָט ניט געברויכט פעל פון גע׳הרג׳עטע חיות) איז אויך געווען דרויסען, וואַרטענדיג דאָס אַרויסמאַרשירען פון דער פּאַרטיע. ער איז געשטאַנען לעבען גאַניק און האָט אַריינגעשריעבען אין זיין נאָטיץ־ביכעל אַן אַרויפ־געקומענעם געדאַנק. דער געדאַנק איז בעשטאַנען אין פאָלגענ־דעם: „אויב — האָט ער פערשריבען — אַ באַקטעריע וואָלט בע־אָבאַכטען און אויספאָרשען דעם נאָגעל פון אַ מענשען, וואָלט זי איהם אָנערקענען אַלס אַ ניט אָרגאַנישעס וועזען. גראַדע אַזוי האָבען מיר אָנערקענט דעם ערד־קוגעל, בעאָבאַכטענדיג זיין שאָ־לעכץ, פאַר אַן אונאָרגאַנישע זאַך. דאָס איז ניט ריכטיג“.

איינקויפענדיג אייער, אַ קראַנץ בייגעל, פיש און פרישען וויסברויט, האָט מאַסלאָוואַ דאָס אַלעס אַריינגעלייגט אין אַ זאַק, און מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ האָט זיך אָבגערעכענט מיט דער הענדלער־

קע, ווען פלוצלינג איז עפּעס געוואָרען א גערודער. אלעס איז אנ־שווינען געוואָרען און די מענשען האָבען זיך אָנגעהויבען אויס־שטעלען אין רייהען. עס איז ארויסגעקומען דער אָפיצער און האָט אָבגעגעבען די לעצטע בעפעהלע פארטיג צו מאכען זיך צום אָב־געהן.

אלעס איז צוגעגאנגען ווי געוועהנליך: מען האָט איבערגע־צעהלט, איבערגעקוקט אויב עס זיינען גאנץ די קאנדאלען, אויסגע־שטעלט פּאָאר־ווייז די וואָס זיינען געווען צוגעשמידט די הענד איינער צום אנדערן. נור פלוצלינג האָט זיך דערהערט דער בייזער קאָמאנדירענדער קול פונ׳ם אָפיציער, קלעפּ איבערן געזיכט און א געוויין פון א קינד. אלעס איז אויף א רגע שטיל געבליבען און דערנאָך איז דורך דער גאנצער מאסע דורכגעלאָפען א טויבער בעקלאָגען זיך. מאסלאָווא און מאריא פּאוולאָווא זיינען צוגע־גאנגען צום פּלאץ, וואו דער טומעל איז פאָרגעקומען.

2.

צוקומענדיג צום פלאץ פון דעם גערודער, האָבען מאריא פּאוו־לאָוונא מיט קאטיושא׳ן דערזעהען פאָלגענדעס: דער אָפיצער, א קרעפטיגער מאן מיט גרויסע, בלאָנדע וואָנצעס, פארוואָלקענט, האָט געריבען מיט דער לינקער האנד דעם פלאכען פלאץ פון דער רעכטער האנד, וועלכע ער האָט צושלאָגען אָן דעם פּנים פון ארעס־טאנט, און ער האָט דערביי אָהן אָן אויפהער געזידעלט זיך מיט אונפּאסיגע ווערטער. בעפאָר איהם איז געשטאנען א געגאָלטער ארעסטאנט, א מאָגערער, אָנגעטאָהן אין א קורצען ארעסטאנטס־קען כאלאט, האָט געוווישט מיט איין האנד זיין צובלוטיגטען פּנים און מיט דער אנדער האנד האָט ער געהאלטען אויפ׳ן אָרעם א קליין מיידעלע, וועלכע האָט געמאכט מורא׳דיגע קולות.

— איך וועל דיר ווייזען, דו (אונאנשטענדיגע זידלעריי), כ׳וועל דיך, (ווייטער זידלעריי), אָנלעהרנען ווי פיעל צו רעדען. די ווייבער ווערסטו אָבגעבען — האָט געשריען דער אָפיצער. — טהו אָן.

דער אָפיציער האָט נעמליך געפאָדערט, אז מען זאָל אָנטאָהן העגדקייטען אויף דעם ארעסטאנט, וועלכער איז געווען א פאר־שיקטער און האָט געטראָגען דעם גאנצען וועג אויף די הענד א מיי־דעלע, וואָס איז איבערגעבליבען א יתומה פון זיין פרוי, וועלכע איז געשטאָרבען אין טאָמסק פון טיפוס, ווי די ארעסטאנטען האָבען דערצעהלט. דער אויסרייד פון ארעסטאנט, אז ער קען דאָך ניט טראָגען א קינד אויף געשמידעטע הענד, האָט אריינגעבראכט אין צאָרען דעם אָפיציער, וועלכער איז עפּעס געווען גראָדע ניט אויפ־געלייגט, און ער האָט גע׳הרג׳עט *) דעם ארעסטאנט אָהן א שיעור.

אנטקעגען דעם צושלאָגענעם איז געשטאַנען דער קאָנוואָינער סאָלדאט, וועמען דער אָפיציער האָט א קאָמאנדעווע געטאָהן, אז ער זאָל אָנטהאָן דעם ארעסטאנט די קייטען אויף די הענד, וועלכע זאָלען איהם צושמידען צו דעם אנדער ארעסטאנט, און אָבנעהמען פון איהם די מיידעלע. צווישען די ארעסטאנטען איז דער רויש געוואָרען אימער העכער און העכער.

— פון טאָמסק זיינען מיר געגאנגען, האָט מען איהם ניט אָנ־געטהאָן, — האָט זיך דערהערט א הייזעריגע שטימע פון די הינטער־שטע רייהען. — דאָך ניט קיין ציינעל, ס׳איז דאָך א קינד.

— וואו זשע זאָל ער אהין טהאָן דאָס קינד? דאָס איז ניט געזעצליך, — האָט עפּעס אן אנדער א זאָג געטהאָן.

— ווער איז דאָס? — האָט א געשרעה געטהאָן דער אָפיציער אזוי ווי א ביהן וואָלט איהם דעם גיפט אריינגעלאָזט, וואָרפענדיג זיך אויף דער מאסע — איך וועל דיר ווייזען א געזעץ. ווער איז דאָס? ווער האָט דאָס געזאָגט? דו? דו?

— אלע זאָגען, ווארום... — האָט זיך אָבגערופען א ברייט־פלייציגער, נידעריגער ארעסטאנט.

ער האָט אָבער ניט צייט געהאט נאָך צו דערזאָגען, ווי דער

---

*) א פאקט, וועלכער איז פערצייכענט אין לינעוו׳ס בוך „פאָ־יעטאפו“.

אָפּיצער האָט מיט ביידע הענד אָנגעהויבען שלאָגען איהם אין געזיכט.

— וואָס, בונטעווען זיך וועט איהר? איך וועל אייך ווייזען ווי צו בונטעווען זיך. איך וועל אייך אלעמען צורייסען ווי די הינד, און נאטשאלסטוואָ וועט מיר נאָך א דאנק זאָגען דערפאר. נעהם דאָס מיידעלע!

די מאסע איז אנטשוויגען געוואָרען. דער קאָנוואָינער האָט ארויסגעריסען פון פּאָטער׳ס הענד דאָס שרייענדע קינד, דער צווייטער סאָלדאט האָט גענומען אָנטאָהן איהם די קייטען.

— טראָג עס אוועק צו די ווייבער! — האָט א געשריי געטאָהן דער אָפיציער צו דעם קאָנוואָינעם, פעררריכטענדיג די פּאָרטופּעע פון זיין שווערד.

דאָס קינד האָט זיך געצאפּעלט און געשריען שרעקליך, רייסענדיג די קליינינקע הענטעלע פון דער טיכעל, אין וועלכער זי איז געוועזען איינגעוויקעלט. פון דער מאסע האָט זיך אָפּגעטהיילט מאריא פּאוולאָוונא און איז אונטערגעגאנגען איצט צו דעם קאָנוואָינעם.

— הערר אָפיציר, ערלויבט מיר, איך וועל טראָגען דאָס קינד.

דער קאָנוואָינער סאָלדאט מיט דאָס קינד איז געבליבען שטעהן.

— ווער ביסט דו? — האָט דער אָפיציר בייז א פרעג געטאָהן.

— איך בין א פּאָליטישע.

קענטיג, אז דאָס שעהנע געזיכט פון דער ארעסטאנטקע האָט געווירקט אויף איהם. ער האָט זי אָנגעקוקט געלאסענער, אזוי ווי ער וואָלט זיך גוט מישב זיין וואָס צו טאָהן.

— מיר איז אלץ איינס, — האָט ער א זאָג געטאָהן פערדרוסליך, — נעהמט זי, אויב איהר ווילט. אייך איז לייכט צו האָבען רחמנות אויף זיי, און אז ער וועט אנטלויפען ווער וועט זיין פעראנטוואָרטליך?

— וויא זשע וואָלט ער געקענט אנטלויפען מיט א קינד אויף די הענד? — האָט זי מילד א פרעג געטאָהן.

— איך האָב קיין צייט ניט מיט אייך לאנג צו שמועסען דאָ. נעהמט אייך דאָס קינד אויב אייך ווילט זיך.

— בעפעהלט איהר אָבצוגעבען איהר, וואשע וויסאָקאָראָ־ יעו? — האָט א פרעג געטאָהן דער קאָנוואָינער סאָלדאט.

— גיב אָב!

— קום צו מיר, קלייניינקע, — האָט צערטליך גערעדט צום קינד מאריא פּאוולאָוונאַ, נעהמענדיג עס אויף די הענד.

דאָס קינד האָט אָבער ניט אויפגעהערט צו שרייען און האָט זיך געריסען צום פאָטער.

— גיט מיר זי, — האָט א בעט געטאָהן מאסלאָווא, — ביי מיר וועט די מיידעטשקע ניט וויינען, און זי האָט געוויזען דער מיידעלע א בייגעלע.

דאָס קינד איז גלייך אנטשוויגען געוואָרען און האָט זיך א ציה געטאָהן צו מאסלאָווא, וועלכע האָט זי גענומען צו זיך אויף די הענד.

אלעס איז געוואָרען שטיל. די טויערן האָבען זיך געעפענט. די פּארטיע ארעסטאנטען זיינען ארויס דרויסען. דאָ האָט מען זיי ווידער איבערגעצעהלט; די קראנקע אָבגעטהיילט און זיי האָ־ בען זיך צוזעצט אויף די וועגען. מאסלאָווא מיט'ן קינד אויף די הענד האָט זיך צוגעשטעלט צו די ארעסטאנטקעס.

סימאָנסאָן, וועלכער איז די גאנצע צייט געשטאנען און האָט זיך ערנסט צוגעקוקט צו אלעם וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, איז מיט איין גרויסען און ענטשלאָסענעם שריט, צוגעגאנגען צום אָפיציער, וועלכער האָט זיך געזעצט אין טאראנטאַס און האָט איהם געזאָגט:

—איהר האָט געהאנדעלט זעהר מיאוס, הערר אָפיציער.

— אוועק אויף אייער פּלאץ, דאָס איז ניט אייער זאך! — האָט בייז און גיפטיג א געשריי געטאָהן דער אָפיציער.

—מיין זאך איז צו זאָגען אייך, אז איהר האָט געהאנדעלט זעהר, זעהר מיאוס, און איך האָב דאָס אייך געזאָגט, — האָט גע־

ענטפערט סימאָנסאָן, קוקענדיג דורכדרינגליך דעם אָפיציער אין פּנים אריין, פון אונטער זיינע געדיכטע ברעמען.

—פערטיג? מארש! — האָט א געשריי געטאָהן דער אָפּי־ציער און די ארעסטאַנטען זיינען אוועק איבער'ן קויטיגען וועג, וועל־כער האָט זיך געצויגען צווישען כסדר'דיגען געדיכטען וואלד.

3.

נאָך דעם פערדאָרבענעם, אויסגעלאסענעם און פוילען לעבען פאר די לעצטע 6 יאָהר אין שטאָדט און צוויי מאָנאטען אין אסטראָג מיט די קרימינעלע ארעסטאַנטען, איז דאָס לעבען צווי־שען די פּאָליטישע געווען פאר מאסלאָווא א גרויס ערלייכטע־רונג, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס דער גאנג איז געווען אזוי שווער. אזעלכע „וואונדערבארע מענשען", ווי זי פלעגט זיך אויסדריקען, האָט זי נאָך קיין מאָל ניט געהאט אלס חברים.

„און אָט האָב איך געוויינט אויף מיין אונגליק, וואָס איך בין אונשולדיגערווייזע פערארורטהיילט געוואָרען", האָט זי גערעדט צו זיך אליין. „ניין, איך דארף דאָך גאָט דאנקען, וואָס איבער א צו־פאל בין איך געקומען צווישען דיזע „וואונדערבארע מענשען".

זי האָט זעהר לייכט, אָהן אנשטרענגונג, פערשטאַנען די מאָ־טיווען, איבער וועלכע דיזע פּאָליטישע זיינען ארויסגעטראָטען אין קאמפף געגען דאָס עקזיסטירענדע, און, ווי א מענש פון פאָלק, האָט זי געפיהלט זייער גערעכטיגקייט. זי האָט פערשטאַנען, אז דיזע „וואונדערבארע מענשען" געהען פיר דאָס פאָלק און געגען די הערען און די רייכע; און דאָס נאָך וואָס די לייט אליין זיינען געווען, לויט זייער אבשטאמונג און ערציהונג פון דער קלאסע, גע־גען וועלכע זיי זיינען ארויסגעטראָטען, און האָבען געאָפּפערט מיט זייערע פּריווילעגיען, מיט זייער פרייען לעבען און מיט זייערע לע־בענס זאָגאר פאר'ן פאָלק, האָט אין איהר איינגעפּליסט נאָך מעהר אכטונג צו זיי.

זי איז געווען אויסער זיך פאר ענטציקונג מיט אלע איהרע איצטיגע חברים און חבר'טעס. נור מעהר פון אלעם איז זי געווען

בעגייסטערט פון מאריא פאוולאָוונא, און ניט נור איז זי געווען ענטציקט פון איהר, זאָנדערן זי האָט זי ליעב בעקומען מיט דער גאנצער מאכט פון איהר ליידענדער זעעלע. זי האָט ניט געקענט אויף איין סעקונדע פערגעסען, אז דאָס איז א טאָכטער פון א גענעראל, וואָס האָט גערעדט אויף אייניגע שפראכען, איז געווען ערצויגען אויף אלעם גוטען און האָט זיך דאָך געהאלטען אזוי נאטירליך איינפאך און אזוי גלייך צו אלעמען, אז עס איז געווען ווירקליך וואונדערבאר צו זעהן.

דיעזער שטריך אין דעם כאראקטער פון מאריא פאוולאָוונא — די אבוועזענהייט פון אירגענד וועלכע קאָקעטסטוואָ, האָט בעזונדער פערוואונדערט און בעצויבערט מאסלאָווא. זי האָט געזעהען, אז מאריא פאוולאָוונא האָט געוואוסט, און איהר איז זאָגאר געווען אנגענעהם צו וויסען, אז זי איז שעהן, נור זי האָט ניט נור ניט געפרעהט זיך בעזאָנדערס דערפון וואָס זי האָט אויף מאנסלייטע געמאכט אזא איינדרוק מיט איהר שעהנעם געזיכט, זאָנדערן זי האָט זאָגאר מורא געהאט פאר דעם; זי האָט געפיהלט שרעק און אבשטויס צו דער מעגליכקייט פון פערליעבען זיך.

איהרע חברים, די מאנסלייטע, וועלכע האָבען זי געקענט, אויב זיי האָבען אפילו געפיהלט א נייגונג צו איהר, האָבען זיי זיך ניט ערלויבט אָבער צו צייגען עס איהר, און האָבען זיך מיט איהר בענומען ווי מיט א קאמעראד — א מאנספערזאָן; בלויז אונבעקאנטע פלעגען אָפט צושטעהן צו איהר, אָבער פון זיי האָט זי זיך גערעטעט, ווי זי האָט אליין דערצעהלט, דורך איהר פיזישע קראפט, מיט וועלכער זי האָט בעזאָנדערס שטאָלצירט.

— איינמאָל, — דערצעהלט זי שפאסהאפט קאטיושא׳ן, — האָט זיך צו מיר געטשעפעט אויף דרויסען עפעס א הערר און האָט בשום אופן ניט געוואָלט אוועק; האָב איך איהם אזוי א טרייסעל געטהאָן, אז ער האָט זיך דערשראָקען און איז אנטלאָפען.

געוואָרען איז זי א רעוואָלוציאָנערקע, ווי זי האָט אליין דערצעהלט, דערפאר וואָס זי האָט פון קינדהייט אָן געפיהלט אָן אָבשטויס צו דעם פריצישען לעבען, און האָט געליבט בעסער דאָס

לעבען פון די פּראָסטע מענשען. מען האָט זי אימער געזידעלט דערפאַר וואָס זי פלעגט ליעב האָבען מעהר צו זיין צווישען די דיענסטען, אין קיך, אין שטאַל איידער אין זאַאַל מיט די געסט.

— און איך האָב האַלט געהאַט בעסער צו פערברייגגען מיט די קעכינס, דיענסטמיידלעך און קוטשערס איידער מיט אונזערע הערען און דאַמען. מיט די דיענסטען איז מיר געווען פרעהליך און מיט אונזערע דאַמען איז געווען אזא אומעט, אז איך פלעג זיי אויסמיידען, — האָט זי דערצעהלט מאַסלאָוואַ'ן, — און דערנאָך ווען איך האָב אָנגעהויבען צו פערשטעהן, האָב איך דערזעהן, אז אונזער לעבען איז זעהר שלעכט. קיין מוטער איז ביי מיר ניט געווען, דעם פאָטער האָב איך ניט געליעבט, און ווען איך בין אַלט געווען נייגצעהן יאָהר בין איך מיט א חבר'טע אוועק פון הויז און בין אָנגעקומען אין א פאַבריק ארבייטען.

נאָך דער פאַבריק האָט זי געוואָהנט אין דאָרף, דערנאָך איז זי געקומען אין שטאָדט און איז ארעסטירט געוואָרען אויף א קוואַרטיר, וואו עס איז געווען א געהיימע דרוקעריי. גוי אזוי זי איז פערורטהיילט געוואָרען צו קאטאָרגע האָט מאַר־יא פּאַוו־לאָוונא אליין קיינמאָל ניט דערצעהלט, נור קאטיושא האָט זיך דאָס דערוואוסט פון אנדערע, אז פערורטהיילט איז מאַריא געוואָ־רען דערפאַר, וואָס זי האָט אויף זיך גענומען די שולד, אז זי האָט געשאָסען מיט'ן רעוואָלווער, ווען די זשאַנדאַרען זיינען געקומען אין דער געהיימער דרוקעריי.

פון זינט קאטיושא האָט דערקענט מאַריא פּאַוולאָוונא, האָט זי געזעהן, אז וואו און אונטער וועלכע אומשטענדען זי זאָל ניט זיין, האָט זי ניעמאַלס געדענקט פון זיך און איז אימער געווען נור בעזאָרגט, ווי צו העלפען דעם אָדער יענעם, ווי צו דיענען א בע־קאַנטען, א פריינד, א נאָהענטען, אָדער ווענען עס איז, וועלכער נויטיגט זיך אין איהר הילף. איינער פון איהרע איצטיגע קאַמע־ראַדען, נאָוואָדוואָראָוו, האָט שפּאַסענדיג געזאָגט איהר, אז זי איז איבערגעגעבען דעם ספּאָרט פון וואָהלטהעטיגקייט. און דאָס איז געווען וואָהר. איהר גאַנצע לוסט איז בעשטאַנען דעריין, צו געפי־

נען א פאַל, וואו זי קען עפּעס בעהילפיג זיין, פּונקט אזוי ווי ביי דעם יענער צו געפינען א חיה'לע צו פאנגען, און דיעזער ספּאָרט איז געוואָרען ביי איהר א געוואָהנהייט און איז געוואָרען איהר לעבענס־אויפגאבע. און געטאָהן האָט זי דאָס אזוי נאטירליך, אז אלע, וואָס האָבען זי געקענט, האָבען שוין דאָס גאָר ניט גע־שעצט, זאָנדערן האָבען דאָס געפּאָדערט.

ווען מאסלאָווא איז אָנגעקומען אין דער פּארטיע פון פּאָלי־טישע ארעסאנטען האָט מאריא פּאוולאָוונא אָנפאנגס געפיהלט צו איהר אן עקעל, אן אָבשטוים. קאטיושא האָט דאָס בעמערקט, ווי מאריא פּאוולאָוונא האָט זיך אליין געצוואונגען צו זיין גוט צו איהר און איז מיט איהר געווען מילד און וויכהערציג. און דיזע מילדהייט און וויכהערציגקייט פון אזא אויסערגעוועהנליכער פּער־זאָן, האָט אזוי געריהרט מאסלאָווא'ן, אז זי האָט זיך מיט דער גאנצער נשמה איהרער איבערגעגעבען און האָט גאנץ אונבעוואוסט פאר זיך אליין איבערגענומען איהרע פיהרונגען און אנ־שויאונגען און האָט אין אלעם איהר נאָכגעאהמט.

די איבערגעבענע ליעבע פון קאטיושא האָט אזוי געריהרט מאריא פּאוולאָוונא, אז זי האָט אויך ליעב בעקומען קאטיושא. דיזע פרויען האָט נאָך פערבונדען דער אָבשטוים, וואָס זיי האָבען בײדע געפיהלט צו געשלעכטליכע ליעבע. איינע האָט געהאסט ליעבע, דערפאר וואָס זי האָט געוואוסט די גאנצע שרעקען פון דיזער ליעבע; די אנדערע — דערפאר וואָס זי האָט ניעמאלס פערזוכענדיג דיזע ליעבע, געקוקט אויף איהר ווי אויף עטוואס אונ־פערשטענדליכעס און אין דערזעלבער צייט אָבשטויסענדעס און בעליידיגענדעס פאר דער מענשליכער ווירדע.

4.

דער איינפלוס פון מאריא פּאוולאָוונא, וועלכע קאטיושא האָט אימער געפאָלגט און נאָכגעטאָהן, דערפאר ווייל זי האָט זעהר ליעב בעקומען דיזע פרויענצימער, איז געווען איין ווירקונג, וועלכער קא־טיושא איז אונטערגעפאלען. דער אנדער איינפלוס איז געווען

פון סימאָנסאָן, און דיזער איינפלוס האָט אויף איהר געווירקט שטארק דערפאר, ווייל סימאָנסאָן האָט זי שטארק ליעב בעקומען.

אלע מענשען לעבען און ווירקען טהיילווייז לויט זייערע איי־גענע געדאנקען, טהיילווייז אונטער דער ווירקונג פון אנדערע מענ־שען. און דעריין, אויף וויפיעל די מענשען האנדלען לויט זייערע אייגענע געדאנקען אָדער אונטער דעם איינפלוס פון די געדאנקען פון אנדערע מענשען, בעשטעהט איינער פון די הויפּט פערשיעדענ־הייטען אין די בעציהונגען פון די מענשען איינע צו די אנדערע. אייניגע בענוצען זיך מעהרסטענטהיילס מיט זייערע אייגענע גע־דאנקען אלס מיט א גייסטיגען שפּיעלצייג, בעגעהן זיך מיט זייער שכל, ווי מיט א מאשין־ראָד, פון וועלכען עס איז ארונטערגענומען דער טרייב־רימען, וואָס מאכט בעוועגען די איבריגע רעדלעך, און אין זייערע האנדלונגען טהוען זיי ניט נאָך זייער אייגענעם שכל, זאָנ־דערן נאָך די געדאנקען פון אנדערע — ד. ה. לויט געוואָהנהייט, לויט דעם מנהג, לויט'ן פאָרגעשריעבענעם געזעץ; אנדערע מענ־שען אָבער, וועלכע רעכענען זייערע אייגענע געדאנקען פאר דער הויפּט בעוועגענדער קראפט פון זייערע האנדלונגען, הערען זיך אימער צו צו די פאָדערונגען פון זייער אייגענעם פערשטאנד און פאָלגען איהם אין אלע הינזיכטען; בלויז זעלטען טהוען זיי דאָס וואָס אנדערע האָבען בעשלאָסען און דאָס אויך פריהער אליין דורכ־קלעהרענדיג דאָס.

אזאָ מענש איז געוועזען סימאָנסאָן. ער האָט אלעס איבערגע־דענקט און איבערגעטראכט מיט זיין אייגענעם שכל, און ווי ער האָט נאָך דעם בעשלאָסען אזוי האָט ער געהאנדעלט.

ווען ער איז נאָך געווען א גימנאזיסט איז ער געקומען צו דער איבערצייגונג, אז דעם פערמעגען, וועלכען זיין פאָטער האָט זיך ערוואָרבען, זייענדיג א טשינאָווניק אין דער אינטענדאנטסטוואָ, איז ניט זיינער, אז עס איז ערוואָרבען געוואָרען אונעהרליך; ער האָט באלד געזאָגט אָפען דעם פאָטער, אז דיזער פערמעגען בע־לאנג צום פאָלק און מען דארף דאָס דעם פאָלק אוועקגעבען. ווען זיין פאָטער אָבער האָט איהם ניט נור ניט געפאָלגט, זאָנדערן האָט

זיך אויף איהם דערפאר געבייזערט, איז ער אוועק פון דער היים און האָט ניט געוואָלט מעהר הנאה האָבען פון דעם פּאָטער'ס פער־מעגען. נאכהער ווען ער איז געקומען צום שלום, אז דאָס גאנצע איבעל קומט ארויס דערפון וואָס דאָס פאָלק איז אונוויסענד, איז ער זיך צוזאמענגעקומען מיט די נאראָדניקעס, באלד נאָך זיין ענדיגען דעם אוניווערזיטעט, איז אָנגעקומען אין א דאָרף־שוהל אלס לעהרער און האָט אָפען און דרייסט געפּרעדיגט פאר זיינע שילער דאָס, אין וואָס ער האָט געגלויבט און האָט געזאָגט די פּוי־ערים אלעס, וואָס ער האָט געהאלטען פאר גערעכטיג, און האָט גע־לייקענט אין אלעס, וואָס איז נאָך זיין שכל נאָך אויסגעקומען פאלש.

מען האָט איהם ארעסטירט און פעראורטהיילט.

אין דער צייט פון זיין פּראָצעס איז ער געקומען צום שלום, אז די ריכטער האָבען קיין רעכט ניט איהם צו אורטהיילען, און איינמאָל איז ער געקומען צו דיעזען שלום, האָט ער דאָס זיי אָפען געזאָגט. ווען די ריכטער האָבען אָבער איהם ניט געהערט און האָ־בען דאָך פאָרטגעזעצט צו אורטהיילען איהם, האָט ער בעשלאָסען, אז ער וועט ניט ענטפערען אויף זייערע פראגען, און ער האָט ניט גענטפערט און האָט די גאנצע צייט קיין איין וואָרט ניט אויס־גערעדט אויף אלע זייערע בעמיהונגען. מען האָט איהם פערשיקט אין אַרכאַנגעלסקער גוברניע.

דאָרט, אין זיין פערשיקונג, האָט זיך ביי איהם אויסגעביל־דעט דער רעליגיעזער בעגריף, וועלכער האָט בעשטימט זיין גאנ־צע טהעטיגקייט. זיין רעליגיעזע לעהרע איז בעשטאנען דעריין, אז אלעס אין דער וועלט לעבט — קיין טויטעס עקזיסטירט ניט, אז אלע זאכען, וועלכע מיר רעכענען פאר לעבענסלאָז, פאר אונאָרגאַ־ניש, זיינען נור טהיילען פון איין ריזיגען אָרגאַנישען קערפּער, וועל־כען מיר קענען ניט אומפאסען, און דארום איז די אויפגאבע פון מענשען, אלס א טהייל פון דעם גאנצען אָרגאַניזמוס, אויפצוהאל־טען דאָס לעבען פון דיזען אָרגאַניזם און פון אלע זיינע לעבעדיגע טהיילען. און דארום האָט ער געהאלטען פאר א פערברעכען צו

פערניכטען אירגענד וועלכע טהייל פון דיזען לעבעדיגען אָרגאניז־מוס: ער איז געווען געגען מלחמה, געגען בעשטראָפונג און מאָרד אין אירגענד וועלכען אופן, ניט נור געגען טויטען מענשען, זאָנדערן געגען טויטען אפילו חיות.

וועגען הייראטה איז ביי איהם אויך געווען זיין אייגענע טהעאָריע, וועלכע איז בעשטאנען דעריין, אז די פערמעהרונג און פער־גרעסערונג פון דעם מענשליכען מין איז א נידריגע פונקציאָן, די העכערע פונקציאָן איז אָבער צו דיענען דעם וואָהלזיין פון דער מענשהייט, וועלכע עקזיסטירט שוין. ער האָט געפונען א בעשטע־טיגונג פאר דעם געדאנק אין דעם, וואָס אין בלוט געפינען זיך פאגאָציטען. אונפערהייראטהע מענשען זיינען נאָך זיין מיינונג געווען די פאגאָציטען, וועמעס ארבייט עס בעשטעהט אין העלפען די שוואכערע, קרענקליכע גלידער פון אָרגאַניזמוס. אזוי האָט ער פון דאן אָן טאקי געלעבט אזוי ווי זיין איבערצייגונג איז געווען, אָבוואָהל ער האָט זיך אמאָל, ווען ער איז נאָך געווען גאנץ יונג, איבערגעגעבען צו אויסגעלאסענהייט. ער האָט גערעכענט זיך עבען אזוי ווי מאריא פאוולאָוונא, פאר וועלט־פאגאָציטען.

זיין ליעבע צו קאטיושא האָט ניט געשטערט זיין טהעאָריע. דען ער האָט געליעבט פּלאטאָניש, דענקענדיג, אז אזא ליעבע, ניט נור וואָס זי שטערט ניט דער פאגאָציטען טהעטיגקייט פון דיענען די שוואכערע, זאָנדערן פערקעהרט, זי בעגייסטערט צו אזא טהע־טיגקייט.

אָבער אויסער דעם, וואָס ער האָט געלייזט מאָראלישע פרא־גען אויף זיין אייגענער ארט, האָט ער אויך אויף זיין אייגענער ארט געלייזט פראקטישע פראגען. אויף אלע פראקטישע פראגען זיינען ביי איהם געווען זיינע אייגענע טהעאָריען. ביי איהם זיינען געווען רעגעלען, וויפיעל שטונדען מען דארף ארבייטען, וויפיעל מען דארף רוהען, ווי מען דארף זיך נעהרען, ווי צו קליידען זיך, ווי צו ווארע־מען א הויז, ווי צו בעלייכטען, א. ז. וו.

נור ביי אלעם דעם איז סימאָנסאָן געווען זעהר שעהמעוודיג מיט מענשען און בעשיידען, אָבער איין מאָל איז ער געקומען צו א

בעשלוס, דאן האט איהם שוין קיין זאך מעהר ניט אבגעהאלטען.

אט דיזער מענש האט דאס געהאט א שטארקען איינפלוס אויף מאסלאווא דערמיט, וואס ער האט זי געליעבט. מאסלאווא האט מיט איהר ווייבליכען חוש זעהר גיך דאס בעמערקט, און דער בעוואוסטזיין, אז זי האט געקענט ערוועקען ליבע צו זיך אין אזא אונגעוועהנליכען מענשען האט זי געמאכט שטאלצער ביי זיך.

נעכלודאוו האט איהר פארגעשלאגען צו הייראטהען זי מעהר ניט אויס גרויסמוטהיגקייט און איבער דעם, וואס איז אמאל געווען צווישען זיי; אבער סימאנסאן האט זי געליעבט אזא ווי זי איז יעצט; ער האט זי געליעבט דערפאר, ווייל ער האט זי געליעבט.

אויסער דעם האט זי געפיהלט, אז סימאנסאן רעכענט זי פאר אן אויסערגעוועהנליכע פערזאן, וועלכע צייכענט זיך אויס פון אלע אנדערע פרויען, וועלכע האט אין זיך בעזונדערע, העכערע מאראַלע אייגענשאפטען. זי האט ניט געוואוסט קלאהר, וועלכע בעזונדערע, העכערע אייגענשאפטען ער האט אין איהר געפונען, אבער יעדענפאלס אום ער זאל זיך ניט ענטטוישען אין איהר האט זי אנגעווענדעט איהר גאנצע קראפט ארויסצורופען אין זיך אליין די בעסטע אייגענשאפטען, וועלכע זי האט נור געקענט זיך פאר־שטעלען אלס גוט. און דאס האט זי געצוואונגען צו ווערען אזא גוטע, ווי עס איז נור מעגליך געווען פאר איהר צו זיין.

אנגעפאנגען האט זיך דאס נאך אין אסטראג. נאך דארטען, ווען די בעקאנטע און פריינד פלעגען בעזוכען די ארעסטאנטען און מען פלעגט זיי אלעמען ארויספיהרען אין דעם וויזיט־צימער, האט זי בעמערקט סימאנסאן׳ס אנגעשטרענגטען בליק פון אונטער זיינע געדיכטע ברעמען, דעם בליק פון זיינע אונשולדיגע, גוטע, דונקעל־בלויע אויגען געווענדעט אויף איהר.

נאך דאן האט זי בעמערקט אז דיעזער מענש האט אין זיך עט־וואס בעזאנדערעס און קוקט אויף איהר גאר אנדערש פון אלעמען. און זי האט בעמערקט דיזע ערשטוינענדע צוזאמענפארונג אין איין געזיכט פון בייזקייט, וועלכע עס האבען אויסגעדריקט זיינע שטעהענדיגע האאר און אנגעוואלקענטע ברעמען, און פון קינדער־

שע גוטהערציגקייט און אונשולד פון זיין בליק.

דערנאָך אין טאָמסק, ווען מען האָט זי איבערגעפיהרט צו די פּאָליטישע, האָט זי איהם ווידער געטראָפען. און ניט קוקענדיג דערויף, וואָס צווישען זיי ביידע איז ניט אויסגעשפּראָכען געוואָרען קיין איין וואָרט, איז אָבער אין די בליקען, מיט וועלכע זיי האָבען זיך איינִיגע מאָל אומגעוועקסעלט, שוין געוועזען אויסגעדריקט די אנערקענונג, אז זיי געדענקען איינער דעם אנדערן און, אז זיי זיינען איינער דעם אנדערן טהייער.

קיין גרויסע געשפּרעכען זיינען צווישען זיי דערנאָך אויך ניט געווען, נור מאסלאָווא האָט געפיהלט, דאָס ווען ער האָט געשפּראָכען אין איהר אנוועזענהייט, האָבען זיך זיינע ווערטער געווענדעט צו איהר, און, אז ער האָט דאָס גערעדט פון איהרע'ט וועגען, געבענדיג זיך די מיהע צו ריידען וואָס פערשטענדליכער פאר איהר. זייער נעהנטערע בעקאנטשאפט האָט זיך אָנגעהויבען בעזאָנדערס פון יענע צייט אָן, ווען ער איז געגאנגען צו־פוס צוזאמען מיט אלע קרימינעלע.

5.

פון ניזשני נאָווגאראָד ביז פּערם איז נעכלודאָוו'ן אויסגעקומען זיך צו זעהען מיט קאטיושא בלויז צוויי מאָל; איין מאָל אין ניזשני גופא, ווען מען האָט די ארעסטאנטען ארויפגעזעצט אויף א בארקע, און דעם צווייטען מאָל, אין פּערם, אין קאנטאר פון אסטראָג.

און אין ביידע מאָל זעהען זיך מיט איהר האָט ער זי געפונען שווייגענדיג, בעהאלטען אין זיך און בייזלעך. אויף זיין פראגע: וואָס זי מאכט און צו נויטיגט זי זיך אין עטוואָס, האָט זי געענטפערט אונגערן און, ווי איהם האָט זיך געדוכט, מיט א פאָרוואורף געגען איהם אין איהר בליק. דאָס האָט געערגערט נעכלודאָוו'ן. ער האָט מורא געהאט, אז אונטער די אומשטענדען וואָס זי געפינט זיך צווישען די קרימינעלע ארעסטאנטען, זאָל זיך אין איהר ווידער ניט ערוועקען די אונצופריעדענהייט מיט זיך אליין

און די טרויעריגע נויטווענדיגקייט צו פערגיסען די צרות מיט שנאפס. ער האָט אָבער מיט קיין זאך ניט געקענט איהר העלפען, ווייל ער האָט ניט געהאט קיין מעגליכקייט צו זעהן זיך אָפט מיט איהר.

נור דערנאָך, ווען מען האָט זי איבערגעפיהרט צו די פּאָלי־טישע, האָט ער אין יעדער מאָל זעהן זיך מיט איהר בעמערקט אלץ מעהר ווי זי ווערט מונטערער, זאנפטערער און ער האָט געזעהן אין איהר ענדליך יענע אינערליכע ענדערונג, וועלכע ער האָט אזוי געגארט צו זעהן אין איהר. נאָך צוויי מאָנאטען געהן מיט'ן עטאפּ האָט זיך שוין דיזע ענדערונג געמערקט אין איהר אויסערליכען אויסזעהן; זי איז געוואָרען מאָגערער, אָבגעברענט, אזוי ווי פער־עלטערט; אין איהר אָנטהון זיך, דעם פערקעמען און דער בענעה־מונג איז ניט געווען קיין שפּור פון דעם פריהערדיגען קאָקעטירען.

ער האָט צו איהר איצט געפיהלט דאָס, וואָס ער האָט נאָך אין דער גאנצער צייט ביז יעצט צו איהר ניט געפיהלט. דיזעס געפיהל האָט ניט געהאט קיין געמיינשאפטליכעס מיט זיין איינגליע־בען זיך אין איהר. עס איז געווען א געפיהל פון מיטלייד און ליעבשאפט, וועלכע ער האָט דערפיהלט ביי דעם ערשטען מאָהל טרעפען זיך מיט איהר אין געפענגניס, נאָך א לאנגע צייט פון ליי־דען.

דיזעס געפיהל האָט אזוי ווי געעפענט אין נעכלודאָוו'ס הארץ א גאנצען שטראָם פון געפיהלען, וועלכע האָבען פריהער ניט געהאט אין וואָס אויסצוגיסען זיך, און איצט האָט דיזער שטראָם פון גע־פיהלען געזוכט אויסצוגיסען זיך אויף אלע מענשען, מיט וועלכע נעכלודאָוו האָט זיך בעגעגענט. נעכלודאָוו האָט זיך געפיהלט אין דער גאנצער צייט פון זיין רייזע אין יענעם אויפגערעגטען צו־שטאנד, אין וועלכען ער האָט געשפּירט מיטגעפיהל צו אלעמען. און איז געווען אויפמערקזאם צו יעדען מענשען, פון דעם פוהר־מאן און דעם קאָנוואָינעם סאָלדאט ביז דעם נאטשאלניק פון טור־מע און דעם גובערנאטאָר, צו וועלכען איהם איז אויסגעקומען צו ווענדען זיך.

אין דיזער צייט איז נעכלודאָוו'ן אויסגעקומען צו שליסען בע־קאנטשאפט מיט פיעלע פּאָליטישע, פריהער אין יעקאטערינבורג, וואו זיי האָבען זיך פריי אויפגעהאלטען אין איין גרויסען הויז, און דערנאָך אויפ'ן וועג מיט יענע פינף מאנסלייטע און פיער פרויען, צו וועלכען מען האָט צוגעגעבען אויך מאסלאָוואַ'ן. דיזע בע־קאנטשאפט מיט די פּאָליטישע האָט אין גאנצען געענדערט נעכלודאָוו'ס פריהעריגע מיינונג וועגען זיי.

פון סאמע אָנפאנג פון דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג אין רוסלאנד און בעזאָנדערס נאָך דעם „ערשטען מערץ" האָט נעכלודאָוו געהאט צו די רעוואָלוציאָנערען זעהר אן אונגינסטיגען און פעראכטענדען געפיהל. עס האָט איהם אָבגעשטויסען פריהער פון אלעם די הארטהערציגקייט און די געהיימניסקייט פון די מיטלען, וועלכע זיי האָבען געברויכט אין קאמפּף געגען דער רעגיערונג; הויפּזעכליך האָט איהם אָבגעשטויסען די הארטהערציגקייט פון מאָרד, וועלכע זיי האָבען אנגעווענדעט אין קאמפּף, און דאן האָט ער אין זיי נאָך געהאסט דעם איבערגעטריבענעם גלויבען אין זיך זעלבסט, וועלכער איז געווען אזוי אלגעמיין אין זיי.

אָבער ווען ער האָט זיך מיט זיי נעהנטער בעקאנט און ווען ער האָט נעהנטער דערזעהן אלעם דאָס, וואָס זיי זיינען אויסגעשטאַנען זייטענס דער רעגיערונג, האָט ער פערשטאנען, אז זיי האָבען ניט געקענט זיין אנדערש פון דעם, וואָס זיי זיינען געוואָרען.

ווי שרעקליך אונזיניג עס זיינען געווען די פּייניגונגען, וועלכע עס זיינען אויסגעשטאנען די זאָגענאנטע קרימינעלע ארעסטאַנטען, דאָך איז בנוגע צו זיי געברויכט געוואָרען אייניגער מאסען, ביז זייער פעראורטהיילונג און נאָך זייער פעראורטהיילונג, א פאָרמע פון געזעצליכקייט. אָבער אין בעצוג צו די פּאָליטישע איז גאָר אפילו דאָס אויך ניט געווען, ווי נעכלודאָוו האָט עס געזעהן אין דעם פאל פון שוסטאָוואַ און דערנאָך פון די פילע, מיט וועלכע איהם איז אויסגעקומען צו בעפריינדען זיך.

מיט דיזע מענשען איז מען זיך בעגאנגען אזוי ווי מען טהוט ווען מען פאנגט פיש מיט א נעץ: מען שלעפּט ארויס אלעם וואָס

עס פאלט נור אריין אין נעץ, און דערנאָך קלייבט מען אָב די גרויסע פיש, וועלכע מען דארף האָבען, און אויף די קליינע שענקט מען סתם קיין אכטונג ניט און עס ווערט צושטיקט, צודריקט און פערניכטעט. אזוי האָט מען אויך אריינגעכאפּט הונדערטערוויז, ניט נור אונשולדיגע, זאָנדערן אזעלכע, וואָס האָבען פאר דער רעגיערונג גאָר קיין מאָל ניט געקענט שעדליך זיין, און מען האָט זיי געהאלטען מאנכע מאָהל יאָהרען לאנג אין די אסטראָגען, וואו זיי זיינען אָנגעשטעקט געוואָרען פון שווינדזוכט, זיינען וואהנזיניג געוואָרען אָדער זיינען בעגאנגען זעלבסמאָרד. און געהאלטען האָט מען זיי דערפאר, ווייל עס איז ניט געווען קיין אורזאכע ארויסצולאָזען זיי, ניט ווייל עס איז געווען אן אורזאכע צו האלטען זיי. ווי ניט ווי, האָבענדיג זיי אונטער'ן האנד אין טורמע, האָבען זיי געקענט צוגויץ קומען קלאָהר מאכען וואָס ניט איז ביי דער אונטערזוכונג.

דער שיקזאל פון דיזע אלע, אָפט אפילו פון רעגיערונגס־שטאנדפונקט גאנץ אונשעדליכע מענשען, איז אָבגעהאַנגען אימער פון דעם גוטען ווילען אָדער פון דעם געמיטס־צושטאנד פון דעם זשאנדארמסקען אָדער פּאָליציייסקען אָפיצער, פון א שפּיאָן, פון פּראָקוראָר, פון סלעדאָוואטעל, גובערנאטאָר אָדער מיניסטער.

ווערט אזא טשינאָווניק עפּעס אומעטיג אויפ'ן הארצען, לאנגווייליג די צייט, אָדער ער וויל זיך מיט וואָס עס איז אויסצייכענען — נו, מאכט ער פערהאפטונגען, האלט אין אסטראָג אזוי לאנג, ווי ער וויל, אָדער לאָזט ארויס אויב איהם ווילט זיך ניט מעהר האלטען זיי. און דער העכערער נאטשאלניק אויך דאָס זעלביגע; עס ווענדט זיך אָפט וויפיעל פאר איהם איז נויטיג אויסצוצייכענען זיך אָדער אין וואָס פאר א בעציהונגען ער געפינט זיך צו זיינע העכערע נאטשאלניקעס. אמאָל שיקט ער אוועק, ווען איהם ווילט זיך, יעמאנדען עק וועלט אָדער האלט א צייט לאנג אין איינצעלהאפט, אָדער פערשיקט אויף אייביגע קאטאָרגע אָדער פעראורטהיילט צום טויט אָדער לאָזט ארויס אויב איהם בעט וועגען דעם א וועלכע ניט איז דאמע.

מיט זיי איז מען זיך בעגאנגען ווי אין א מלחמה, און, נאַ־טירליך, האָבען זיי אויך געברויכט די זעלביגע מיטלען, וועלכע מען האָט אָנגעווענדט געגען זיי. און פונקט אזוי ווי די קריעגס־לייטע געפינען זיך אימער אין א אטמאָספערע פון אן עפענטליכער מיי־נונג, וועלכע ניט נור פערדעקט פון זיי די פערברעכליכקייט פון זייערע טהאטען, זאָנדערן רעכענט נאָך דיזע טהאטען פאר העל־דישקייט, — אזוי עבען האָט פאר די פאָליטישע עקזיסטירט אזא אטמאָספערע פון עפענטליכער מיינונג פון זייער קרייז, לויט וועל־כער די אכזריות'דיגע טהאטען, וועלכע זיינען פון זיי בעגאנגען גע־וואָרען, מיט דער געפאהר צו פערלירען די פרייהייט, דאָס לעבען און אלעס, וואָס דעם מענשען איז טהייער, איז זיי אייז געקומען ניט נאָר ניט שלעכטע, נאָר זאָגאר העלדענטהאטען.

דערמיט האָט זיך נעכלודאָוו ערקלעהרט יענע וואונדערבארע ערשיינונג, וואָס מענשען, גאנץ גוטמוטהיגע פון דער נאטור, ניט פעהיגע ניט נאָר אירגענד וועלכע ליידען דעם צווייטען צו פערור־זאכען, נאָר אפילו צוזעהן יענעמס ליידען, האָבען זיך רוהיג פער־פערטיגט צו מאָרדען מענשען און די אלע כמעט האָבען אנערקענט אזעלכע טהאטען פאר א גערעכטען, געזעצמעסיגען מיטעל פון זעלבסט־פערטהיידיגונג און עררייכונג פון די העכסטע צוועקען פיר דער מענשהייט. און די הויכע מיינונג וועגען זייער טהעטיג־קייט, און במילא אויך וועגען זיך זעלבסט, איז נאטירליכער ווייזע ארויסגעקומען פון דער בעדייטונג, וועלכע די רעגיערונג האָט זיי צו־געשריעבען, און דער אכזריות פון די שטראָפען, וועלכע זיי האָבען געהאט צו טראָגען.

ווען ער האָט זיי נעהנטער דערקענט האָט זיך נעכלודאָוו איי־בערצייגט, אז דאָס זיינען ניט געווען אזעלכע רוצחים, אזוי ווי מאנ־כע האָבען זיך פאָרגעשטעלט, און דאָס זיינען ניט געווען קיין דורכ־אויסדיגע העלדען, ווי אנדערע האָבען וועגען זיי געמיינט, זאָנדערן זיינען געווען געוועהנליכע מענשען, צווישען וועלכע, ווי דער פאל איז אימער, זיינען געווען אי גוטע, אי שלעכטע, אי מיטעלמעסיגע מענשען.

עס זיינען צווישען זיי געווען מענשען, וועלכע זיינען געוואָרען רעוואָלוציאָנערען דערפאַר, ווייל זיי האָבען באמת גערעכענט פאַר זייער פפליכט צו קעמפּפען געגען די עקזיסטירענדע איבעל אין דער געזעלשאפט; אָבער עס זיינען אויך געווען אזעלכע, וועלכע האָבען אויסגעקליבען דיזע טהעטיגקייט אוים עגאָאיסטישע צוועקען, צו ווערען בעריהמט; די מעהרסטע פון זיי זיינען אריינגעצויגען גע־וואָרען אין דער רעוואָלוציע דורך'ן פערלאנג צו ריזיקירען, דורכ־צומאכען געפאהרען, איבערלעבען דעם גענוס פון שפּיעלען מיט'ן לעבען, — דיזען פערלאנג, וועלכער איז אזוי נאטירליך דער דורכ־שניטליכער ענערגישער יוגענד, און וועלכען נעכלודאָוו האָט גוט געוואוסט נאָך פון דער צייט פון מיליטער־דיענסט.

דער חלוק צווישען זיי און געוועהנליכע מענשען איז בעשטאַ־נען דעריין, וואָס די פאָדערונגען פון מאָראַל זיינען ביי זיי געווען העכער איידער די מאָראלע פאָדערונגען, וואָס זיינען אָנגענומען אין'ם קרייז פון געוועהנליכע מענשען. צווישען זיי האָט זיך גע־רעכענט פאַר א חוב ניט נור צוריקהאַלטען זיך, זיין וואהרהייטליך, ניט אייגען־נוציג, נור אויך זיין פאַרטיג צו אָפּפערען מיט אלעס, אפילו מיט'ן לעבען, אויב דאָס איז נויטיג פאַר דער אלגעמיינער זאך. און דארום האָבען יענע פון זיי, וועלכע זיינען געשטאַנען הע־כער פון דער דורכשניטליכער שטופע, טאקע פאַרגעשטעלט מיט זיך א מוסטער פון זעלטענער זיטליכער הויכקייט; אָבער די, וועלכע זיינען געווען נידריגער פון דורכשניטס מענשען, זיינען געווען א סך נידריגער פון איהם, פאַרשטעלענדיג מיט זיך אָפט מענשען ניט וואָרהייטליכע, פארשטעלטע, אזוי, אז נעכלודאָוו האָט מאנכע פון זיינע נייע בעקאַנטע ניט נור געאכטעט, נור אויך ליעב באקומען מיט'ן גאנצען הארצען; צו אנדערע פון זיי אָבער האָט ער זיך פער־האלטען מעהר אלס גלייכגילטיג.

## 6.

נעכלודאָוו האָט בעזונדער ליעב באקומען דעם יונגען שווינד־זוכטיגען קרילצאָוו, וועלכער איז געוואָרען פערשיקט אויף קאטאָר־

גע, און איז געגאנגען מיט דערזעלבער פארטיע ארעסטאנטען, צו וועלכער מען האט צוגעאייניגט אויך קאטיושא'ן. נעכלודאָוו איז מיט איהם בעקאנט געוואָרען נאָך אין יעקאטערינבורג און דערנאָך אין וועג האט ער זיך עטליכע מאָהל געזעהן מיט איהם און גע־שמועסט.

איין מאָהל, זומער, ווען דער עטאפּ האט זיך אָבגעשטעלט אויף א טאָג, האט נעכלודאָוו מיט איהם פערבראכט כמעט דעם גאנצען טאָג, און צורייידענדיג זיך, האט קרילצאָוו איהם דערצעהלט זיין געשיכטע און ווי אזוי ער איז געוואָרען א רעוואָלוציאָנער. די געשיכטע זיינע ביז וואנען מען האט איהם אריינגעזעצט אין טורמע איז געווען גאנץ קורץ. זיין פאָטער, א רייכער גוטבעזיצער פון די זידליכע גובערניעס, איז געשטאָרבען ווען ער איז נאָך געווען א קינד. ער איז געווען דער איינציגער זוהן און די מוטער האט איהם ערצויגען. געלערענט האט ער זיך לייכט אי אין גימנאזיע אי אין אוניווערזיטעט און האט געענדיגט דעם קורס אלס ערשטער קאנדידאט פון מאטעמאטישען פאקולטעט. מען האט איהם פאָר־געשלאָגען, אז ער זאָל בלייבען ביים אוניווערזיטעט און פאָהרען קיין אויסלאנד. אָבער ער האט נאָכגעדיינקט. א מיידעל איז געווען, וועלכע ער האט געליעבט און ער האט געהאט אין זינען חתונה צו האָבען מיט איהר און זיין טהעטיג אין זעמסטוואָ. געוואָלט האט זיך אלעס און ענטשלאָסען האט ער זיך אויף קיין זאך ניט. אין דיזער צייט האָבען זיינע חברים פון אוניווערזיטעט א בעט געטאָהן ביי איהם געלד אויף דער אלגעמיינער זאך. ער האט געוואוסט, אז די אלגעמיינע זאך איז דאָס די רעוואָלוציאָנערע זאך, מיט וועל־כער ער האט זיך דאן בכלל ניט אינטערעסירט, אָבער אוים געפיהל פון חבר'שאפט און אייגענליעבע, מען זאָל ניט מיינען, אז ער האט מורא, האט ער געגעבען געלד. די וואָס האָבען גענומען דאָס געלד זיינען אריינגעפאלען; מען האט ביי זיי געפונען א צעטעל, פון וועלכען מען האט זיך דערוואוסט, אז געלד האט געגעבען קריל־צאָוו; מען האט איהם ארעסטירט און אריינגעזעצט, פריהער אין אוטשאסטאָק, דערנאָך אין טורמע.

— אין טורמע, וואוהין מען האָט מיך אריינגעזעצט, — האָט קרילצאָוו דערצעהלט נעכלודאָוו'ן, — איז ניט געווען בעזונדער שטריינג; מיר פלעגען ניט נור איבערקלאַפּען זיך דורך'ן וואנד, נור אויך שפּאַצירען איבער'ן קאָרידאָר, האָבען גערעדט, פלעגען זיך טהיילען מיט פּראָוויזיאָן, מיט טאבאק, און אין אָווענד פלעגען מיר אפילו זינגען אין א כאָר. ביי מיר איז געווען א גוטע שטימע. יא. ווען ניט מיין מוטער, איז מיר אין טורמע געווען זעהר גוט — זי נור האָט געהאט שטארקע יסורים דערפון, — מיר איז אָבער דאָרט געווען גאנץ אנגענעהם און אינטערעסאנט. דאָ האָב איך זיך אויך בעקאנט מיט דעם בעריהמטען פּעטראָוו (ער האָט זיך דערנאָך געקויילעט אין פעסטונג מיט א שטיק גלאָז) און מיט נאָך אנדערע. אָבער קיין רעוואָלוציאָנער בין איך ניט געווען. איך האָב געשלאָסען אויך בעקאנטשאפט מיט צוויי שכנים אין די נאָהענטע קאמערן. זיי זיינען ביידע אריינגעפאלען צוזאמען מיט פּוילישע פּראָקלאמאציעס און מען האָט זיי גע'משפט פאר א פּארזוך צו בעפרייען זיך פון קאָנוואָי, ווען מען האָט זיי געפיהרט מיט'ן אייזענבאהן. איינער פון זיי איז געווען א פּאָלאק לאָזינסקי, און דער אנדערער א איד, ראָזאָווסקי. יא, דער ראָזאָווסקי איז געווען נאָך גאָר א אינגעל. ער האָט געזאָגט, אז ער איז אלט זיבעצעהן יאָהר, אָבער אויפ'ן אויסזעהן איז ער מעהר ניט אלט געווען ווי א יאָהר פונפצעהן. א מאָגערינקער, א קליינינקער, מיט בליציגע, שווארצע אויגען, א לעבעדיגער, און, ווי אלע אידען, זעהר מוזיקאליש. זיין שטימע האָט נאָך געציטערט, אָבער ער האָט שעהן געזונגען. יא, פאר מיר האָט מען זיי ביידען געפיהרט צום משפט. אין דער פריה האָט מען זיי אוועקגעפיהרט. אָווענדס האָט מען זיי צוריקגעבראכט און זיי האָבען דערצעהלט, אז מען האָט זיי פאר־משפט צו טויט. קיינער האָט דאָס ניט ערווארט! זייער שולד איז געווען אזא ניטוויכטיגע, זיי האָבען נור געוואָלט אנטלויפען פון קאָנוואָי, האָבען אָבער אפילו קיינעם דערביי ניט פערוואונדעט. דערצו עפּעס אזוי אוננאטירליך, אז מען זאָל קענען אזא קינד, ווי ראָזאָווסקי, הינריכטען. און מיר האָבען אלע אין טורמע בעשלאָ־

סען, אז דאָס איז נור אזוי אום אנצושרעקען, און, אז דער אור־טהייל וועט ניט אויסגעפיהרט ווערען. האָבען מיר זיך געהיצט א ביסעל, און דערנאָך בערוהיגט זיך.

— נור איינמאָהל, אין א פאר־נאכט איז דאָס געוועז. איז אונ־טערגעקומען צו דער טהיר פון מיין קאמער דער וועכטער פון אונזער קאָרידאָר און זאָגט מיר, אז די טשעסלער זיינען געקומען אויפשטעלען די תליה. אָנפאנגס האָב איך ניט פערשטאנען. וועל־כע תליה? וואָס מיינט ער? אָבער דער וועכטער, אן אלטער מאן שוין, איז געוועזען אזוי צוטראָגען, אז א קוק טהוענדיג אויף זיין גע־זיכט האָב איך שוין פערשטאנען אום וואָס דאָ האנדעלט זיך, אז דאָס איז פון אונזערע צוויי חברים וועגען. איך האָב געוואָלט דורכקלאפען אין וואנד, ווי אונזער שטייגער איז געוועזען, איבער־ריידען זיך מיט די קאמעראדען איבער דעם, אָבער איך האָב מורא געהאט טאָמער וועלען זיי ביידע דערהערען. די קאמעראדען האָבען אויך געשוויגען. וואהרשיינליך האָבען זיי שוין אלע געוואוסט. אין קאָרידאָר און אין די קאמערלאך איז דער גאנצער אָוונד געווען א טויטע שטילקייט. מיר האָבען זיך ניט צונויפגערעדט דורך איבער־קלאפען זיך און האָבען ניט געזונגען. א זייגער צעהן איז צו מיר ווידער צוגעגאנגען דער וועכטער און האָט מיר געזאָגט, אז מען האָט שוין געבראכט א תליון פון מאָסקווע. ער האָט דאָס מיר געזאָגט און איז גלייך אוועק. איך האָב איהם אָנגעהויבען רופען אום עפעס מעהר אויסצופרעגען. מיט איין מאָהל הער איך, ווי ראָ־זאָווסקי שרייט צו מיר פון זיין קאמער אויף דער אנדער זייט קאָרידאָר, פרעגענדיג.

— וואָס איז מיט אייך? וואָס רופט איהר איהם צו זיך?

איך האָב איהם דערויף עפעס אַן ענטפער געטאָהן, אז דער וועכטער האָט מיר געבראכט טאבאק, אָבער עס שיינט אזוי ווי ער וואָלט אהנען די גאנצע שרעקליכע וואהרהייט, האָט מיך אָנגעהוי־בען אויסצופרעגען פאר וואָס האָבען מיר דעם גאנצען אָוונד ניט געזונגען, פאר וואָס האָבען מיר זיך ניט איבערגעקלאפט? איך געדיינק שוין ניט וואָס מיר איז אויסגעקומען צו ענטפערען

איהם, און איך בין וואָס שנעלער אָפּגעטראָטען פון טהיר אום ניט צו ריידען ווייטער מיט איהם. יא, א שרעקליכע נאכט איז דאָס געווען. די גאנצע נאכט האָבען מיר זיך צוגעהערט צו יעדער שאר, צו יעדער קלאנג. מיט איינמאָל הער איך, מען עפנעט די טהירען פון קאָרידאָר און עס געהן — עפּעס פילע געהען. איך האָב זיך אוועקגעשטעלט לעבען פענסטערל פון טהיר. אין קאָרי־דאָר האָט געברענט דער לאָמפּ. דער ערשטער איז דורכגעגאנגען דער סמאָטריטעל, א דיקער מאן, דוכט זיך, אזוי אימער איז ער גע־ווען אזא פעסטער מענש ביי זיך, אן ענטשלאָסענער, נור איצט איז אויף איהם קיין צורה ניט געווען צו דערקענען. בלאס, איינגעפאלען, אזוי ווי ער וואָלט געווען א צושראָקענער. נאָך איהם האָט גע־פאָלגט זיין אסיסטענט — אן אָנגעכמורעטער, אָבער מיט א פעס־טער ענטשלאָסענהייט, הינטער זיי האָט געפאָלגט דער קאראאול. זיי זיינען דורכגעגאנגען פארביי מיין טהיר און האָבען זיך אָפּגע־שטעלט לעבען דער טהיר פון קאמער געגענאיבער מיר, אויף דער אנדער זייט פון קאָרידאָר.

— און איך הער ווי דער אסיסטענט פון סמאָטריטעל שרייט אויס עפּעס מיט א זאָנדערבארער שטימע: „לאָזינסקי, שטעהט אויף, טהוט אָן ריינע וועש". יא, דערנאָך הער איך, ווי עס האָט א סקריפּע געטאָהן די טהיר. זיי זיינען אריינגעגאנגען צו איהם; דערנאָך האָב איך דערהערט די שריט פון לאָזינסקי: ער איז איבער־געגאנגען אויף דער אנדער זייט פון קאָרידאָר. איך האָב געקענט זעהען נור דעם סמאָטריטעל. ער שטעהט א בלאסער און שפּילעט נור אָב און פארשפּילעט דעם זעלבען קנעפּעל און קוועטשט מיט די פּלייצעס. יא, פּלוצלונג אזוי ווי ער וואָלט זיך דערשרעקען פאר וואָס האָט ער א טראָט געטהאָן אָן א זייט. דאָס איז לאָזינ־סקי דורכגעגאנגען פערביי איהם און איז צוגעגאנגען צו מיין קא־מער.

— א שעהנער, יונגער מענש איז ער געווען; ווייסט איהר, פון יענעם שעהנעם פּוילישען טיפּ: א ברייטער, גלייכער שטערען מיט א צודעק פון בלאָנדע, געקרייזעלטע זיידענע האָאר און שעה־

נע, בלויע אויגען. אזא בליהענדער, יונגער, זאנפטער, קרעפטי־גער מענש. ער האט זיך אפגעשטעלט לעבען מיין טהיר, אזוי, אז איך האב געזעהען אין גאנצען זיין געזיכט. שרעקליך, איינגעפא־לען, גרויליך.

— „קרילצאוו, האט איהר פאפיראסען?“ — האט ער א בעט געטאהן.

— איך האב איהם געוואלט דערלאנגען, נור דער אסיסטענט, אזוי ווי ער וואלט מורא האבען עס זאל ניט צו לאנג דויערען, האט ארויסגעכאפט שנעל זיין פארטסיגאר, האט אן עפען געטאהן און האט דערלאנגט לאזינסקי׳ן. ער האט גענומען א פאפיראס, דער אסיסטענט האט שנעל אנגעצונדען א שוועבעלע און אונטערגע־טראגען איהם פייער. ער האט פעררייכערט און האט זיך אזוי ווי פערטראכט. דערנאך האט ער זיך עפעס אזוי ווי ערמאנערט און געזאגט:

— „אי, הארצלאז, אי, אונגערעכטיג. איך האב קיין פער־ברעכען ניט בעגאנגען. איך...“ — אין זיין ווייסער, יונגער האלז, פון וועלכער איך האב ניט געקענט אבנייסען מיינע אויגען, האט עפעס א ציטער געטאהן, און ער איז געבליבען אין מיטען די רייד. יא, אין דיזער צייט דערהער איך ראזאוווסקי מיט זיין דינער, אי־דישער שטימעלע שרייט עפעס. לאזינסקי האט א ווארף געטאהן דעם אויסגערויכערטען שטיקעל פאפיראס און איז אפגעטראטען פון טהיר. און דורכ׳ן פענסטערל האב איך דערזעהן ראזאוווסקי. זיין קינדערשע געזיכט, מיט די פייכטע, שווארצע אויגען, איז גע־ווען רויט און פערשוויצט. ער האט אויך געטראגען שוין ריינע וועש און די הויזען זיינען געווען צו ברייט און ער האט יעדע ווייַ־לע זיי אונטערגעהויבען מיט זיינעביידע הענט און האט אין גאנ־צען געציטערט.

— ער האט צוגעשטעלט זיין געזיכט צו מיין פענסטערל, זא־גענדיג:

„אנאטאלי פעטראוויטש, ניט וואהר, אז דער דאקטאר האט מי־ פארשריבען ברוסט טהעע? איך בין ניט געזונד, איך וועל אויס־

טרינקען נאָך אביסעל ברוסט־טהעע“.

קיינער האָט ניט געענטפערט. וואָס ער האָט דערמיט גע־מיינט — איז פאר מיר געבליבען אונפערשטענדליך. יא, פּלוצלינג האָט דער אסיסטענט פון סמאָטריטעל אָנגענומען אזא שטרענגע מינע און האָט ווידער עפּעס מיט א מין זאָנדערבאר קוויטשעדיגע שטימע א געשריי געטאָהן:

„וואָס פאר א וויצלען זיך דאָ? לאָמיר געהן“.

— ראָזאָוסקי, ווי עס האָט געשיינט, האָט קיין קרעפטען ניט געהאט צו בעגרייפען דעם גאנצען גרויל פון דעם וואָס איהם ער־ווארטעט, און איז געגאנגען, זאָגאר געלאָפען אזוי ווי ער וואָלט זיך געאיילט, פאראויס פאר אלעמען אין קאָרידאָר. נור דערנאָך האָט ער זיך איינגעשפּארט — איך האָב געהערט זיין שניידענדען געשריי און געוויין. עס האָט זיך אָנגעהויבען א גערודער, א קלאַ־פּען און שארען פון פיס. ער האָט אלץ הארצרייסענד געשריען און געוויינט, דערנאָך האָט זיך דאָס געהערט אלץ מעהר פון וויי־טען, ביז עס האָט א קלונג געטאָהן די טהיר פון קאָרידאָר און אלעס איז שטיל געבליבען.

יא, מען האָט זיי דאָך געהאנגען. דער וועכטער, אן אנדע־רער, האָט דאָס אליין געזעהען און ער האָט מיר דערצעהלט, אז לאָ־זינסקי האָט זיך ניט געוועהרט, נאָר ראָזאָווסקי האָט זיך לאנג גע־ריסען, אזוי, אז מען האָט איהם מיט גוואלד ארויפגעשלעפּט אויפ׳ן עשאפאָט און אריינגערוקט דעם קאָפּ אין דער פּעטלע. יא, דער סטאָראָזש, וואָס האָט מיר דערצעהלט, איז געוועזן א נארישער יונג, און ער זאָגט צו מיר:

„מיר האָט מען דערצעהלט, אז עס איז שרעקליך צוצוזעהען; עס איז גאָר ניט אזוי שרעקליך. ווי זיי זיינען געבליבען הייגנען, האָבען זיי נאָר אמאָל צוויי זיך א צאפּעל געטאָהן מיט די פּלייצעס, און אויס“ — ער האָט געוויזען ווי זייערע פּלייצעס האָבען זיך א צאפּעל געטאָהן. — „דערנאָך האָט דער תליון זיי א ציה געטאָהן ביי דער פוס, עס זאָלען, הפנים, די פּעטלעס בעסער פערציהען, און פּטור. זיי האָבען זיך שוין מעהר ניט געצאפּעלט“.

— יא, מעהר ניט געצאפּעלט — האָטווידערהאָלט קרילצאָוו און האָט זיך צואוויינט.

— פון דאן אָן בין איך געוואָרען א רעוואָלוציאָנער. יא, — האָט ער געזאָגט נאכהער ווי ער האָט זיך בערוהיגט, און ער האָט געענדיגט דערצעהלען זיין ווייטערע געשיכטע.

ער האָט געהערט צו דער פּארטיי נאראָדנאַיא וואָליא און איז געוואָרען איינער פון די גרעסטע טעראָריסטען. איבעראל האָט ער געהאט אן ערפאָלג, ענדליך האָט איינער, וועמען ער האָט זיך פערטרויעט, איהם ארויסגעגעבען. מען האָט איהם ארעסטירט, אָבגעהאלטען צוויי יאָהר אין טורמע, פעראורטהיילט צום טויט און פערביטען דעם אורטהייל אויף אייביגע קאטאָרגע.

אין אסטראָג האָט ער בעקומען שווינדזוכט, און יעצט, אין די פערהעלטניסע, אין וועלכע ער האָט זיך איינגעפונען, איז איהם געבליבען צו לעבען נאָך געצעהלטע מאָנאטען.

אָבער ער האָט קיין חרטה ניט געהאט. אדרבה, — האָט ער געזאָגט, — ווען ער זאָל האָבען נאָך א לעבען, וואָלט ער דאָס אויך בענוצט צום זעלבען צוועק.

7.

אין דעם טאָג, ווען עס איז פאָרגעקומען דער צוזאמענשטויס צווישען דעם קאָנוואָינעם אָפיצער מיט די ארעסטאנטען איבער דאָס קינד, איז נעכלודאָוו גראָדע אויפגעשטאנען שפּעט; די ברִיעף, וועלכע ער האָט געוואָלט דאָ פארטיג מאכען כדי צו קענען אָבשי־קען זיי פון דער נעכסטער שטאָדט, האָבען איהם אויך אויפגעהאל־טען אביסעל צייט אין דער אכסניה, אזוי, אז דעם מאָהל האָט ער דער פּארטיע שוין ניט אָנגעיאָגט אין וועג, נור ער איז אָנגעקומען אין דאָרף פּארנאכט, ווען די פּארטיע איז דאָרט שוין געוועזן. נעכלודאָוו האָט אָבגעטרונקען טהעע און איז אוועק צום עטאפּ בע־טען וועגען אן ערלויבניס צו זעהן זיך.

אויף די פריהערדיגע 6 עטאפּען האָט קיין איינער פון די קאָנ־וואָינע אָפיצערען ניט געוואָלט דערלאָזען איהם אריינצוגעהן זיך

זעהן מיט די ארעסטירטע, אזוי, אז ער האָט ניט געזעהן מאסלאָ־ ויא'ן שוין מעהר ווי א וואָך. אָט דיזע שטריינגקייט צו איהם איז געקומען דערפון, וואָס מען האָט ערוואַרטעט עפּעס א הויכגעשטעל־ טען טורעמנעם בעאמטען. יעצט האָט דער בעאמטער שוין גע־ האַט דורכגעפאָהרען, און נעכלודאָוו האָט געהאָפט, אז דער אָפי־ צער וועט איהם ערלויבען צו זעהן זיי.

אן ארבייטער פון דער אכסניה האָט זיך גענומען אוועקפיה־ רען נעכלודאָוו'ן צו'ם עק דאָרף, וואו עס האָט זיך געפונען דער עטאַפּ. די נאכט איז געווען אזא פינסטערע, אז ווי נאָר דער בע־ גלייטער איז אוועק עטליכע טריט פאָראויס, האָט נעכלודאָוו שוין ניט געקענט איהם זעהן. דורכגעהענדיג די לענג פון דאָרף, האָ־ בען זיי דערזעהן דורך דער געדיכטער פינסטערניש שטראהלען פון די לאמטערענס, וואָס האָבען געברענט ארום דעם הויף פון עטאַפּ. באלד האָבען זיי אויך דערהערט דעם בעקאנטען אויסגעשריי: „ווער געהט?" פון דעם וואָך־סאָלדאט. ווען דער סאָלדאט איז געוואָהר געוואָרען, אז דאָס זיינען פרעמדע, איז ער געוואָרען שטרענג און האָט ניט געוואָלט ערלויבען זיי אפילו ווארטען נאָהענט פון פאַר־ קאָן. אָבער נעכלודאָוו'ס בעגלייטער האָט זיך געמאכט ניט וויסענ־ דיג פון דעם סאָלדאט'ס שטרענגקייט.

— ס'אר'א בייזער דו ביסט דאָס! — האָט ער געזאָגט צום סאָלדאט. — טהו נאָר דאָרטען א רוף דעם עלטערען, און מיר'ן אונטערווארטען.

דער סאָלדאַ האָט גאָר ניט געענטפערט און האָט נור א געשריי געטאָהן עפּעס דורך דער טהירעל. אין א פּאָר מינוטען ארום איז ארויסגעקומען דער עלטערער און נעכלודאָוו האָט איהם איבערגע־ געבען זיין וויזיט־קארט, אויף וועלכער עס איז שוין געווען פון פרי־ העך אָנגעשריבען וואָס ער פערלאנגט, ער זאָל דאָס אָבגעבען דעם אָפיצער. דער עלטערער האָט גענומען דעם צעטעלע און איז אוועק. אין קורצען האָט זיך ווידער געעפענט די טהירעל און פון הויף זיינען ארויס עטליכע פרויען מיט קערבלאך, זעקלאך, קריגע־ לאך, פּלוידערענדיג צווישען זיך אויף זייער סיבירער אויספּראכע.

איינע פון זיי האָט זיך, הפנים, דערפרעהט מיט'ן יונגען פויער, וואָס האָט בעגלייט נעכלודאָוו'ן, און זי האָט זיך אָבגערופען צו איהם מיט א פריינדליכען טאָן.

— דו, טייוועל, וואָס טהוסטו דאָ, א רוח אויף דיר?

— אָט, ד'האָב בעגלייט א דורכפאָהרער. וואָס האָסטו דאָ געטראָגען?

— עסענווארג. נאָך אויפ'ן דער פריה האָט מען געהייסען ברענגען.

— נו, און נעכטיגען האָט מען ניט געהייסען בלייבען?

— דו רעדסט פון זינען, דו פלוידערזאק, —האָט זי א גע־שריי געטאָהן לאכענדיג, — קום, בעגלייט אונז.

דער בעגלייטער האָט נאָך עפּעס געזאָגט אזעלכעס, פון וואָס ניט נור די ווייבער, נאָר אויך דער וואך־סאָלדאט האָט זיך צו־לאכט, און ער האָט זיך געווענדעט צו נעכלודאָוו'ן.

— וואָס, ט'איהר טרעפען אליין? איהר'ט ניט פער־בלאָנדזשען?

— יא, איך וועל טרעפען.

דער בעגלייטער האָט אָבגעגעבען נעכלודאָוו'ן זיין לאנגען שטעקען און איז אוועק מיט די פרויען צום דאָרף. זיין שטימע האָט זיך נאָך געהערט דורך'ן געדיכטען נעבעל, ווען די טהירעל האָט זיך געעפענט, און דער עלטערער איז געקומען רופען נעכלודאָוו'ן צום אָפיצער.

8.

דער עטאפּ איז דאָ געווען איינגעאָרדענט גראדע ווי אלע עטאפּען אויף דעם סיבירער וועג. אין מיטען הויף, וועלכער איז גע־ווען ארומגעצאמט מיט פערשפּיצטע קלעצער, זיינען געשטאנען 3 איינשטאָקיגע הייזער. אין איינעם — דעם גרעסטען — מיט פער־קראטעוועטע פענסטער, האָבען זיך אויפגעהאלטען די ארעסטאנ־טען, דאָס צווייטע איז געווען פאר די קאָנוואָינע סאָלדאטען און דאָס דריטע — פאר'ן אָפיצער און דער קאנצעלאריע. דער אונ־

טער־אָפּיצער האָט צוגעפיהרט נעכלודאָוו׳ן צום גאַניק פון דעם קלענסטען הויז. אין פאָרהויז האָט נעכלודאָוו געטראָפען אַ סאָל־דאַט מיט איין באָרפוסע פוס, פאנאנדערבלאָזענדיג אַ סאַמאָוואַר מיט דער כאָלאַווע פון אַ שטיוועל. דערזעהענדיג נעכלודאָוו׳ן האָט דער סאָלדאט געלאָזען שטעהן דעם סאַמאָוואַר און איז אוועק אין דעם צווייטען צימער.

— שוין געקומען, אייער וואָהלגעבאָרען.

— נו, רוף אהער, — האָט זיך דערהערט אַ בייזע שטימע.

— אין דיזער טהיר געהט, — האָט דער סאָלדאט געזאָגט צו נעכלודאָוו׳ן און האָט זיך באלד ווידער גענומען צום סאַמאָוואַר.

אין דעם צווייטען צימער האָט נעכלודאָוו געטראָפען דעם אָפּיצער, זיצענדיג ביי אַ געגרייטען טיש, אויף וועלכען עס זיינען געשטאַנען צוויי פלעשער און רעשטען פון מיטאָג. דערזעהענדיג נעכלודאָוו׳ן, האָט דער אָפּיצער זיך אביסעל צו־געשטעלט און אזוי ווי איראָניש און פערדעכטיג אָנגעהויבען קוקען אויף איהם.

— וואָס ווינשט איהר? — האָט ער געזאָגט און, ניט וואַר־טענדיג אויף אַן ענטפער, האָט ער אַ געשריי געטאָהן דורך׳ן טהיר.

— בערנאָוו, דער סאַמאָוואַר וועט אַ מאָל ווערען פאַרטיג?

— באלד.

— איך וועל דיר געבען אַ באלד, וועסטו האָבען צו געדענקען.

— איך טראָג! — האָט דער סאָלדאט אַ געשריי געטהאָן און ער האָט אריינגעבראַכט דעם סאַמאָוואַר.

— אלזאָ, וואָס פאַר אַ געפעליגקייט קען איך אייך טהון?

— איך האָב געוואָלט זיך זעהן מיט אַ ארעסטאַנטקע.

— אַ פּאָליטישע? דאָס איז פערבאָטען דורך׳ן געזעץ.

— דיזע פרוי איז ניט קיין פּאָליטישע, — האָט נעכלודאָוו געזאָגט.

— יא; אָבער זעצט זיך געפעליגסט.

נעכלודאָוו האָט זיך אוועקגעזעצט.

— זי איז ניט קיין פּאָליטישע, — האָט נעכלודאָוו איבער־

גע׳הזר׳ט, — נאָר דורך מיין בקשה איז איהר ערלויבט צו געפינען זיך אונטער וועגענס צוזאמען מיט די פּאָליטישע.

— יאָ, איך וויס, — האָט דער אָפיצער איהם איבערגעשלאָ־גען, — א קליינינקע, אַ שווארצינקע? פאר וואָס ניט, דאָס קען מען. רויכערען ווינשט איהר?

דער אָפיצער האָט דערלאנגט א קעסטיל פּאפּיראָסען נעכלו־דאָוו׳ן און, אָנגיסענדיג צוויי גלעזער טהעע, האָט ער איינע פון זיי צוגערוקט צו נעכלודאָוו׳ן.

— ביטע, טרינקט.

— איך דאנק, איך וואָלט געוואָלט זיך זעהן...

— די נאכט איז גרויס. איהר האָט נאָך צייט. איך וועל באלד הייסען ארויסרופען זי.

— פיעללייכט וואָלט מעגליך געווען מיך לאָזען געהן אהין צו זיי?

— צו די פּאָליטישע? דאָס איז ניט ערלויבט.

— מען האָט מיך אייניגע מאָהל געלאָזען. ווארום, אויב מען זאָל מורא האָבען, איך זאָל עטוואָס ניט איבערגעבען, קען איך דאָך דאָס טהאָן דורך איהר אויך.

— נו, לאָמיר זאָגען, אז ניט, — איהר וועט מען בעזוכען, — האָט דער אָפיצער געענטפערט און האָט זיך פאנאנדערגעלאכט.

— נו, טאָ בעזוכט מיך.

— עס וועט זיין רעכט אָהן דעם אויך, — האָט דער אָפיצער געזאָגט און האָט צוגעטראָגען אַ געעפענטע פלאש קאָניאק צו נעכלודאָוו׳ס גלאָז טהעע. — איהר פערלאנגט? נו, ווי איהר פער־שטעהט. ווען דו לעבסט אין דיעזער סיביר, בינסטו צופריעדען צו טרעפען א געבילדעטען מענשען. קיין ערגערע דיענסט פון אונ־זערע איז, דוכט זיך, שוין ניט צו געפינען. און אז דער מענש איז געוואָהנט צו עטוואָס אנדערש, איז טאקי שווער.

דער אלגעמיינער בעגריף וועגען אונזער גאל מענשען איז דאָך, אז אויב א קאָנוואָינער אָפיצער, הייסט עס, אַ גראָבער קערל א אונ־

געבילדעטער, און דאָס קומט זיי גאָר ניט אויפ׳ן רעיון, אז דער מענש איז, קען זיין, געבוירען גאָר צו עפּעס אנדערש.

דאָס פערדרויטיגטע געזיכט פון אַפּיצער, זיינע פּערפיומע, די פינגערלאַך און בעזונדערס זיין אונאנגענעהמער געלעכטער זיינען נעכלודאָוו׳ן געוועזען עקעלהאפט. נאָר ער איז יעצט, אזוי ווי די גאנצע צייט פון זיין רייזע, געוועזען אין אזא שטימונג, וועלכע האָט איהם ניט ערלויבט לייכטזיניג און מיט פעראכטונג צו פערהאלטען זיך צום צווייטען. דארום ווען ער האָט אויפמערקזאם אויסגעהערט דעם אָפיצער און האָט פערשטאנען זיין גייסטיגען צושטאנד, האָט ער צו איהם ערנסט געזאָגט.

— איך דענק, אז אפילו אין אייער אמט קענט איהר געפינען א געוויסע בעפרידיגונג פאר זיך דערמיט, וואָס איהר זאָלט זוכען צו פערלייכטערען די ליידען פון די מענשען.

— וואָס פאר א ליידען פיהלען זיי? דאָס איז דאָך אזא עולם.

— וואָס פאר אן עולם איז דאָס? — האָט נעכלודאָוו געזאָגט.

— גראדע אזעלכע, ווי אלע און עס זיינען דאָך פאָרהאַן אויך גאָר אונשולדיגע.

— נאטירליך זיינען דאָ פערשיעדענע. פערשטעהט זיך, עס איז א רחמנות. אנדערע לאָזען ניט דורך די קלענסטע זאך, און איך, וואו נאָר מעגליך, זעה איך צו פערלייכטערען. זאָל איך בעסער ליידען, איידער זיי. אנדערע אבי עפּעס, באלד לויט׳ן געזעץ, אז ניט — איז שיסען, אָבער איך האָב רחמנות. פערלאנגט איהר? טרינקט, — האָט ער געזאָגט, אנגיסענדיג נאָך א גלאָז טהעע, — ווער איז זי, אייגענטליך, די פרוי, וועלכע איהר ווילט זעהן?

—דאָס איז א אונגליקליכע פרוי, וועלכע איז אריינגעפאלען אין א עפענטליכע הויז, און נאכהער האָט מען זי על פּי טעות בעשולדיגט אין פער׳סמ׳ען א מענשען, וועהרענד זי איז אין דער ווירקליכקייט א וואוילע פרוי, — האָט נעכלודאָוו געענטפערט.

יא, עס פּאסירט. אין קאזאן, וויל איך אייך דערצעהלען, איז געוועזען איינע — עממא האָט מען זי גערופען. אליין איז זי געוועש

אן אונגארין, אָבער אויגען האָט זי געהאַט וואהרע פערסישע, — האָט ער פאַרטגעזעצט, ניט זייענדיג אימשטאנד איינצוהאלטען דעם שמייכעל ביי דיזער עראינערונג, — פראכט איז אין איהר געווען אזוי פיעל, אז א גרעפין האָט געמעגט מקנא זיין איהר...

נעבלודאָוו האָט איבערגעשלאָגען דעם אַפּיצער און האָט זיך אומגעקעהרט צוריק צו דער פריהערדיגער טענה. — איך דענק, אז איהר קענט פערלייכטערען די לאגע פון אזעלכע מענשען, אזוי לאנג ווי זיי זיינען אין אייער מאכט. און האנדלענדיג אזוי, בין איך זיכער, אז איהר וואָלט געפונען א גרויסע בעפרידיגונג.

דער אַפּיצער האָט געקוקט אויף נעכלודאָוו'ן מיט גלאנציגע אויגען און האָט, קענטיג, מיט אונגעדולד געוואַרט, אז ער זאָל ענדיגען, כדי ער זאָל קענען פאַרטזעצען זיין געשיכטע מיט דער אונגארין מיט די פערסישע אויגען.

— יא, דאָס איז, לאָמיר זאָגען, ריכטיג. איך האָב טאקי רחמנות אויף זיי; נאָר איך האָב געוואָלט אייך דערצעהלען וועגען דער עממא'ן. איז וואָס פלעגט זי טהון...

— מיך אינטערעסירט דאָס ניט, — האָט נעכלודאָוו איהם איבערגעהאקט, — און איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, אָבוואָהל איך בין פריהער אויך געווען אן אנדערער, אָבער יעצט לייד איך ניט אזא ארט בעציהונג צו פרויען.

דער אַפּיצער האָט דערשראָקען א קוק געטאָהן אויף איהם.

— אפשר וועט איהר טרינקען נאָך א גלאָז טהעע?

— ניין, איך דאנק.

— בערנאָוו! — האָט דער אַפּיצער א געשרעה געטאָהן. — פיהר זיי אוועק צו וואקולאָוו'ן און הייס אריינלאָזען זיי צו די פּאָליטישע; זיי קענען דאָרט זיין ביז פּאָווערקע.

## 9.

נעכלודאָוו איז ווידער ארויס אויפ'ן פינסטערען הויף אין דער בעגלייטונג פון דעם סאָלדאט.

— וואוהין? — האָט א פרעג געטאָהן א סאָלדאט, וועלכער איז אָנגעקומען ענטקעגען.

— צו דער פינפטער קאמער.

— דורך דאנען וועסטו ניט דורכגעהן, ס'איז פערשלאָסען, דו מוסט דורכ'ן ואגיק.

— וואָס הייסט פערשלאָסען?

— דער עלטערער האָט פערשלאָסען און איז אליין אוועק אין דאָרף.

— נו, טאָ קומט אהין.

נאָך אויפ'ן הויף האָט זיך געלאָזט הערען א געפילדער פון שטימען און א אינערליכע בעוועגונג פונקט ווי אין א בינשטאָק. ווי ער האָט אויפגעעפענט די טהיר, איז דיעזער געפילדער געוואָרען נאָך גרעסער, די מענשליכע קולות האָבען זיך צומישט מיט דעם בעטויבענדעם קלאנג פון די קייטען, און עס האָט זיך דער שפירט דער בעקאנטער שווערער גערוך.

אין דער פאָרהויז איז געשטאנען א גרויסע, שטינקענדיגע פאס, די זאָ גערופענע „פאראשע". אין דער געביידע, וועלכע איז געווען בערעכענט פאר 150 מאן, האָבען זיך יעצט געפינען 450, און די איינגקייט איז געווען אזוי גרויס, און די קאָרידאָרען זיינען געווען אזוי געפאקט מיט ארעסטאנטען, דאָס עס איז קוים געבליבען א פרייער דורכגאנג. געהענדיג דורכ'ן קאָרידאָר, האָט נעכלודאָוו בעגעגענט טאראס'ען מיט א טשאיניק זודיגע וואסער אין האנד. זיין געזיכט איז געווען אזוי צושלאָגען און מיט שינאקעס אויפ'ן נאָז און אונטער די אויגען, אז נעכלודאָוו האָט זיך דער־שראָקען קוקענדיג אויף איהם.

— וואָס איז מיט דיר? — האָט נעכלודאָוו געפרעגט.

— אָט, עס האָט זיך געטראָפען א געשיכטע.

— רק זיי רייסען זיך ארום, — האָט דער סאָלדאט זיך אָב־געזרופען מיט פעראכטונג.

— צוליעב א אידענע, — האָט צוגעזעצט נעכלודאָוו'ס בע־גלייטער.

— און פעדאָסיא וואָס מאכט?

— אזוי, געזונד. אָט טראָג איך וואסער פאר איהר אויף טהעע, — האָט טאראס געענטפערט און איז אוועק צו דער קאמער, וואָס פאר פאמיליען־ארעסטאנטען.

דער אונטער־אָפיצער, וואָס האָט בעגלייט נעכלודאָוו׳ן, האָט איהם געזאָגט, אז ער וועט קומען נאָך איהם פאר פאָוויערקע, און איז אוועק צוריק. ווי נאָר נעכלודאָוו איז געבליבען אליין איז צו איהם צוגעלאָפען אן ארעסטאנט, צוהאלטענדיג די קייטען כדי זיי זאָלען ניט קלינגען, און האָט געהיימניספול איהם איינגערוימט א סוד.

— נעמט זיך אָן, בארין. זיי האָבען איהם אין גאנצען צודולט. זיי האָבען איהם פער׳שכור׳ט. היינט האָט ער זיך שוין אָנגערופען קארמאנאָוו. האָט רחמנות, נעמט זיך אָן. מיר טאָרען ניט, זיי וועלען דער׳הרג׳נען, — האָט דער ארעסטאנט געזאָגט און איז באלד אַבגעגאנגען פון נעכלודאָוו׳ן.

עס האָט זיך געהאנדעלט וועגען דעם, וואָס א קאטאָרזשניק קארמאנאָוו האָט אָנגערעדט אן עהנליכען צו איהם נאָכ׳ן געזיכט ארעסטאנט, וועלכער איז געוואָרען פערשיקט קיין סיביר, ער זאָל זיך מיט איהם בייטען, אזוי, אז קארמאנאָוו זאָל געהן אויף פערשיקונג און יענער זאָל געהן אויף קאטאָרגע.

נעכלודאָוו האָט שוין געוואוסט פון דער געשיכטע, וועלכע עס האָט איהם דערצעהלט דערזעלבער ארעסטאנט מיט א וואָך צוריק. ער האָט יעצט נאָר א שאָקעל געטאָהן מיט׳ן קאָפּ, וואָס עס האָט געזאָלט בעדייטען, אז ער האָט פערשטאנען און ער וועט טהאָן וואָס נאָר מעגליך, און איז אוועק ווייטער.

נעכלודאָוו האָט געקענט דיעזען ארעסטאנט. דאָס איז געוועזען א פויער פון א יאָהר 30, וועלכער איז געוואָרען פער׳משפט צו 4 יאָהר קאטאָרגע פאר א פערזוך צו בערויבען דורך מאָרד. דער פערברעכען, ווי ער אליין האָט דערצעהלט, איז געוועזען די ארבייט ניט פון איהם, מאקאר דיעווקין, נאָר פון א י ה ם, דעם ניט־גוטען. ביי זיין פאָטער האָט זיך אמאָל אָבגעשטעלט א דורכפאָהרער און

האָט ביי זיי געדונגען אַ פוהר צו פאָהרען ביז'ן נעקסטען דאָרף. טרינקענדיג טהעע, האָט יענער זיך בעריהמט, אז ער פאָהרט חתונה האָבען און פיהרט מיט זיך 500 רובעל. ווי מאקאר האָט דאָס דער־הערט, איז ער באלד ארויסגעלאָפען אויפ'ן הויף און אריינגעלייגט אין שליטען אַ האַק.

— איך ווייס אליין ניט צו וואָס האָב איך די האק גענומען, — האָט מאקאר דערצעהלט זיין געשיכטע. — „נעהם, זאָגט ער צו מיר, די האק", האָב איך גענומען. מיר האָבען זיך געזעצט און אוועקגע־פאָהרען. גאָר ניט. דעם גאנצען וועג האָב איך גאָר פערגעסען, אז אין שליטען ליעגט א האַק. מיר האָבען שוין אָנגעהויבען צו־צו־פאָהרען צום דאָרף, אין גאנצען אַ וויאָרסט זעקס געבליבען; ערשט ער טענה'ט צו מיר: „וואָס ווארטסטו? וועסט ארויספאָה־רען אויפ'ן בארג, וועט שוין זיין שפעט, דאָרט איז דער טראקט — א סך מענשען פאָהרען. אויב טהאָן, איז יעצט, ווארטען איז ניטאָ וואָס". איך האָב זיך איינגעבויגען צום שליטען אזוי ווי צו פערשטעקען די שטרוי, און די האק שפרינגט אליין מיר אין האנד אריין. ער האָט זיך ארומגעקוקט. „וואָס טהוסטו?" פרעגט ער. איך האָב זיך פערמאָסטען איהם צו דערלאנגען, ער איז אָבער געווען א פלינקער יונג, איז ער אראָבגעשפרונגען און אָנגעכאפּט מיך ביי די הענד. „וואָס טהוסטו, דו גזלן?" פרעגט ער. ער האָט מיך אומגעוואָרפען אין שנעע, פערבונדען מיינע הענד מיט'ן גארטעל און אריינגעשליידערט אין שליטען. איך האָב זיך אפילו ניט גע־וועהרט. האָט ער מיך אוועקגעפיהרט צו פריסטאוו; יענער האָט מיך אָבגעשיר'ט אין טורמע; און מען האָט מיך גע'משפט. די געמיינדע האָט אפילו זיך גוט אָבגערופען וועגען מיר; די ב"ב דאָס גלייכען. אָבער אן אַבלאָקאַט האָב איך ניט געקענט דינגען, נו האָט מען פער'משפט צו 4 יאָהר.

און אָט דער מענש האָט איבערגעגעבען נעבלודאָוו'ן א טורעמ־נע געהיימנים, אום צו ראטעווען זיינעם א לאנדסמאן, וויסענדיג, אז ער ריזיקירט מיט'ן אייגענעם לעבען, ווייל ווען די ארעסטאנטען זאָלען דאָס געוואָהר ווערען, וואָלטען זיי איהם זיכער דערשטיקט.

10.

דער טהייל, וואו עס האָבען זיך אויפגעהאַלטען די פּאָליטישע, איז בעשטאַנען פון 2 קאַמערען, די טהירען פון וועלכע זיינען ארויסגעגאַנגען אין אַ אָבגעצאַמטען טהייל פון קאָרידאָר. דער ערשטער, וועמען נעבלודאָוו האָט געטראָפען אריינגעהענדיג אהין, איז געווען סימאָנסאָן; ער איז געזעסען נעבען אויווען און האָט צוגעלייגט האָלץ. זעהענדיג נעכלודאָוו'ן, האָט ער זיך אויפגעהויבען און האָט איהם דערלאַנגט די האנד.

— איך בין צופריעדען, וואָס איהר זייט געקומען, איך דארף איך טאקי זעהן.

— וועגען וואָס, נעמליך, איז דאָס?

— שפּעטער; יעצט בין איך פערנומען, — האָט סימאָנסאָן געענטפערט און וויעדער זיך גענומען צום אויווען.

אין דעם ערשטען צימער האָט נעכלודאָוו בעגעגענט מאסלאָוואַ'ן איינגעבויגען, מיט אַ בעזים אין האנד, שארענדיג אַ בארג מיסט צום אויווען. אנטרעפענדיג נעכלודאָוו'ן, האָט זי זיך אויסגעגלייכט, אָבגעווישט די הענד אָן דער קליידעל און געבליבען שטעהן.

— איהר ברייננגט אין אָרדנונג די קאַמערען, — האָט נעכלודאָוו געזאָגט צו איהר, דערלאַנגענדיג די האנד.

— יא, מיין אַלטע בעשעפטיגונג, — האָט זי געזאָגט און האָט אַ שמייכעל געטהאָן. — און שמוציג איז דאָ, אז עס איז אַ שרעק אַ קלעהר צו טהאָן. מיר האָבען שוין גערייניגט און גערייניגט.

— וואָס, דער פלאַשען איז שוין טרוקען? — האָט זי זיך געווענדעט צו סימאָנסאָן'ען.

— כמעט טרוקען, — האָט ער געענטפערט, קוקענדיג אויף איהר מיט עפּעס אַ זאָנדערבארען בליק, וועלכער האָט נעכלודאָוו'ן ערשטוינט.

— נו, וועל איך קומען איהם נעמען און איך וועל ברענגען

די פעלצען טריקענען. אונזערע זיינען אלע דארט, — האָט זי זיך געווענדעט צו נעכלודאָוו'ן, אָנצייגענדיג איהם אויף איין טהיר און אליין אוועקגעהענדיג אין אַ צווייטע.

דער צווייטער צימער איז געווען בעלויכטען פון אַ קליינעם לעמפעל, אזוי, אז גענוג ליכטיג איז געווען נור ארום דעם פלאַץ, וואו דער לעמפעל איז געשטאַנען, אויף די נאַרעס אָבער ארום די ווענד איז געווען טונקעל.

אין דיעזער קליינער קאמער זיינען געווען אלע אויסער צוויי. וועלכע האָבען פעראָרדענט מיט דער פּראָוויזיע און זיינען אוועק־געגאַנגען קויפען עסען און ברענגען וואסער פאר טהעע. אין איין אָרט איז געזעסען וויערא יעפרעמאָוונא און האָט אָנגעשטאָפּט פאַ־פּיראָסען. אויף דער נארע לעבען לאָמפּ איז געזעסען אַ צווייטע פרוי, ראַנצעווא, און האָט אויסגעווישט גלעזער און טעצלאך און צושטעלט זיי אויף אַ אויסגעשפּרייטען האנדטוך.

— און מיר האָבען שוין געדענקט, אז איהר זייט אוועקגע־פאָהרען אין רוסלאנד, — האָט זי צו איהם געזאָגט.

אין אַ ווייטען ווינקעל האָט מאריאַ פּאַוולאָוונאַ געוואַשען דעם קאָפּ דער קליינער מיידעלע, וועלכע זי האָט אין דער פריה איבערגענומען פון דעם קרימינעלען ארעסטאַנט.

— ווי גוט, וואָס איהר זייט געקומען. האָט איהר שוין געזעהן קאַטיושאַ'ן? — האָט זי געפרעגט נעכלודאָוו'ן. — זעהט נאָר וואָס פאר אַ גאַסט מיר האָבען. —זי האָט אָנגעוויזען אויף דער מיידעלע.

אין אַן אנדער אָרט אויף די נאַרעס איז געזעסען דער שווינד־זיכטיגער קרילצאָוו. אַ אויסגעמאָגערטער, אַ בלייכער, איז ער גע־זעסען אנגעבויגען, מיט די הענד אריינגעשטעקט אין די ארבעל פון פּעלצעל און האָט געציטערט פאר קעלט. נעכלודאָוו האָט געוואָלט צוגעהן צו איהם, נאָר רעכטס פון טהיר איז געזעסען דער בעריהמ־טער רעוואָלוציאָנער נאָוואָדוואָראָוו, און נעכלודאָוו האָט זיך גע־איילט צו בעגריסען איהם. בעזאָנדערס געאיילט דאָס צו טהאָן האָט ער זיך דערפאר, וואָס נאָוואָדוואָראָוו איז געווען דער איינ־ציגער פּאָליטישער פון דער גאנצער פּארטיע, וועלכען ער האָט ניט

ליעב געהאט. נאָוואָדוואָראָוו האָט דערלאנגט נעכלודאָוו'ן די האנד.

— נו, האָט איהר א אנגענעהמע רייזע? — האָט ער געזאָגט, קענטיג, איראָניש.

— יא, ס'איז פיעל אינטערעסאנטעס, — האָט נעכלודאָוו גע־ענטפערט, מאכענדיג זיך, אז ער בעמערקט ניט די איראָניע און נעהמט דאָס אָן פאר א העפליכקייט.

— ווי איז אייער געזונד, — האָט ער געפרעגט קרילצאָוו'ן און האָט א דרוק געטהאָן זיין קאלטע האנד.

— אָט אזוי, איך קען זיך נאָר ניט דערווארעמען, איך בין שרעקליך דורכגעווייקט געוואָרען. וואָס פאר א הינטישע קעלט דאָ איז דאָס. די שויבען זיינען אויסגעבראָכען. — ער האָט אָנגע־וויזען אויף די צובראָכענע גלאָז אין די פענסטער.

— וואָס איז מיט אייך? ווארום זייט איהר אזוי לאנג ניט געקומען?

— די נאטשאלסטווא איז שטרענג געוואָרען, מען לאָזט ניט צו. קוים היינט האָט זיך געטראָפען א געמיטהליכערער אָפיצער.

— ניט שלעכט געמיטהליך! פרעגט מאשע'ן, וואָס ער האָט היינט אין דער פריה געטהאָן.

מאריא פאוולאָוונא האָט דערצעהלט די געשיכטע מיט דאָס קינד ביים ארויסגעהן פון עטאפּ.

— נאָך מיין מיינונג וואָלט מען געדארפט ערקלעהרען א קאָלעקטיווען פּראָטעסט, — האָט וויערא יעפרעמאָוונא געזאָגט מיט אן ענטשלאָסענער שטימע. — וולאדימיר האָט ערקלעהרט, אָבער דאָס איז ווענינ.

— וואָס פאר א פּראָטעסט? — האָט פערדריסליך זיך אָפּ־גערופען קרילצאָוו. קענטיג, די אוננאטירליכקייט פון דעם טאָן און די נערוועזיטעט פון וויערא יעפרעמאָוונא האָט איהם שוין ניט דעם ערשטען מאָל געריי צט. — איהר זוכט קאטיושא'ן, — האָט ער זיך געווענדעט צו נעכלודאָוו'ן. — זי ארבייט אלץ, פערנומען מיט'ן רייניגען. אָבער די פליי ארויסרייניגען איז שוין ניט מעג־ליך, זיי פרעסען אָהן רחמנות. און מאשא וואָס טהוט דאָרט, —

האָט ער געפרעגט, אנווייזענדיג אויף דעם ווינקעל, וואו מאריא פּאוולאָוונא איז געזעסען.

— זי קאמט אוים איהר נייע טאָכטערעל, — האָט ראַנצעווא זיך אָבגערופען.

— וועט זי אמאָל ניט פערלאָזען קיין לעבעדיגעס?

—נו, נו, איך מאך דאָס זאָרגפעלטיג. זי איז יעצט א ריי־נינקע. נעהמט זי, — האָט זי זיך געווענדעט צו ראַנצעוואַ'ן, — און איך וועל געהן העלפען קאַטיאַ'ן, איך וועל אגב אויך ברענגען איהם דעם פלאַשען.

ראַנצעווא האָט גענומען דאָס קינד און האָט זי צוגעדריקט צו זיך מיט א מוטערליכע צערטליכקייט.

מאריא פּאוולאָוונא איז ארוים און באלד זיינען אנגעקומען די איבריגע צוויי מיט עסענוואַרג און זודיגע וואסער.

דער אויוועץ איז שוין געווען אויסגעהייצט, די טהעע איז געווען אנגעגאָסען אין די גלעזער און פערווייסט מיט מילך, בויגעל, פרישע ברויט, אויער, פוטער איז געווען אויסגעלייגט אויף א האנד־טוך. אלע האָבען זיך צוגערוקט צו דעם פּלאַץ אויף די נארעס, וועלכער האָט פערנומען דעם אָרט פון א טיש, און גענומען עסען. נאָך די קעלט און די נעץ פון דעם וועג און אזוי פיעל פּראַצע אום צו ברענגען דיזע צימערען אין אָרדנונג, האָט דער יעצטיגער מאָל־צייט אלעמען ערפרישט און אריינגעבראכט אין א גוטער שטימונג. ביים עסען האָט זיך פערפיהרט א לעבעדיגער געשפרעך צווישען אלעמען איבער פיעלע פערשיעדענע זאכען.

11.

נעכלודאָוו האָט גערעכענט צו רעדען מיט קאַטיושאַ'ן בע־זונדער נאָך דעם ווי זיי וועלען אלע אָבעסען, און דערווייל איז ער געזעסען נעבען קרילצאָוו'ן און גע'טענה'ט מיט איהם. צווישען אנדערע האָט ער איהם דערצעהלט די געשיכטע וועגען מאקאר'ן און זיין פערברעכען. קרילצאָוו האָט אויסגעהערט אויפמערקזאם, אָנקוקענדיג נעכלודאָוו'ן מיט זיינע גלאַנציגע אויגען.

— יא, — האָט ער פּלוצלונג אָנגעהויבען, — מיך אינטערע־סירט אָפּט דער געדאנק, וואָס אָט געהען מיר צוזאמען מיט זיי, מיט וועמען „מיט זיי“?

— מיט דעם זעלבען פאָלק, פאר וועלכען מיר ווערען פער־שיקט, וועהרענד, ניט נאָר ווייסען מיר ניט דיזע מענשען, זאָנדערן מיר ווילען גאָר זיי ניט ויסען און ניט קענען. און זיי, נאָך ער־גער — זיי האסען אונז פּשוט און רעכענען אונז פאר זייערע פיינד. אָט דאָס איז דאָס שרעקליכסטע.

— אה, דעריין איז גאָר קיין שרעקליכעס ניטאָ, — האָט נאָ־וואָדוואָראָוו זיך אָבגערופען אויף דיזע בעמערקונג פון קרילצאָוו. — די מאסע קען נור פערגעטערען הערשאפט, — האָט ער געזאָגט מיט זיין קנאקענדער שטימע. — די רעגיערונג הערשט — פערגע־טערען זיי די רעגיערונג. מאָרגען וועלען מיר זיין די הערשענדע מאכט, וועלען זיי פערגעטערן אונז...

אין דיזער ווייל האָט זיך הינטערן טהיר דערהערט א געפּיל־דער און א זידלעריי און קלעפּ אָן וואנד. מען האָט אימיצען, קענטיג, געשלאָגען. עס האָבען זיך דערהערט באלד געשרייען „קאראאול!“

— אָט זיינען זיי איך, די חיות! נו, וואָס קען זיין געמיינ־שאפטליכעס צווישען אונז און זיי? — האָט זיך רוהיג געזאָגט נאָוואָדוואָראָוו.

— וואָס זאָגסטו? חיות? אָט האָט ערשט נעבלודאָוו דערצעהלט וועגען איינעם פון זיי, וואָס ריזיקירט מיט זיין לעבען אום צו רע־טען זיין פריינד. דאָס איז עפּעס גאָר ניט עהנליך צו חיות, דאָס איז א העלדענטהאט.

— אה, סענטימענטאליטעט! — האָט איראָניש געזאָגט נאָ־וואָדוואָראָוו. — אונז איז שווער צו פערשטעהן די בעוועגענדע קראפט פון דיזע מענשען, און די מאָטיווען פון זייערע טהאטען. דו זעהסט דעריין גרויסמוטה, און עס קען זיין, אז דאָ איז פּשוט קנאה צו יענעם קאטאָרזשניק.

— מערקווירדיג, ווי דו ווילסט דאָס ניט איינזעהן קיין גר־

טעם אין דעם צווייטען, — איז אויפגעשפרונגען ערהיצט מאריא פּאוולאָוונא. (זי האָט צו אַלעמען פון זיי געזאָגט „דו“).

— מען קען ניט זעהען דאָס, וואָס עס איז ניטאָ.

— וואָס הייסט ניטאָ, ווען אַ מענש ריזיקירט מיט אַ שרעק־ליכען טויט.

— איך בין דער מיינונג, אז אויב מיר ווילען טהאָן אונזער זאַך, איז די ערשטע בעדינגונג דערצו ניט צו פאנטאזירען, און קו־קען אויף זאכען אָט אזוי ווי זיי זיינען. מען דארף אַלעס טהאָן פיר די מאַסען פון פאָלק, און פון זיי אַליין גאָר ניט ערווארטען. די מאסע איז דער אָביעקט פון אונזער טהעטיגקייט, אָבער קענען ניט זיין אונזערע מיטהעלפער, ווי לאנג זיי זיינען גלייכגילטיג אזוי ווי איצט, — האָט נאָוואָדוואָראָוו אָנגעהויבען, אזוי ווי ער וואָלט געלייענט אַ לעקציע, — און דארום דארפען מיר פון זיי גאָרניט ערווארטען ביז וואנען עס האָט זיך ניט ערפילט דער פּראָצעס פון ענטוויקלונג, יענער פּראָצעס, צו וועלכען מיר פּאָרבערייטען זיי איצט.

— וועלכער פּראָצעס פון ענטוויקלונג? — האָט אָנגעהויבען מיט היץ קרילצאָוו און איז געוואָרען רויט און אויפגערעגט. — מיר זאָגען, אז מיר זיינען געגען דעספּאָטיזמוס, איז דאָס דען ניט דער שרעקליכסטער דעספּאָטיזמוס.

— ניטאָ דאָ קיין דעספּאָטיזם! — האָט רוהיג געענטפערט נאָוואָדוואָראָוו, — איך זאָג נור, אז איך ווייס דעם וועג אויף וועל־כען דאָס פאָלק דארף געהן, און איך קען אָנווייזען דעם וועג.

— און פון וואנען ביסטו דאָס אזוי זיכער, אז דער וועג, אויף וועלכען דו ווייזט אָן, איז דער וואהרער? איז דאָס אַליין ניט אַ דעס־פּאָטיזמוס, פון וועלכען עס איז ארויסגעקומען די אינקוויזיציע און די שרעקליכע שטראָפען פון דער גרויסען רעוואָלוציאָן? זיי האָבען אויך געוואוסט, וויסענשאפטליך, דעם איינציגען וואהרען וועג.

— דאָס, וואָס יענע האָבען געהאט אַ טעות, בעווייזט נאָך ניט, אז איך מוז אויך זיין אין טעות. און דאצו איז אַ גרויסער אונטער־

שיעד פון די פּלוידערייען פון אידעאָלאָגען ביז די בעווייזע פון דער פּאָזיטיווער עקאָנאָמישער וויסענשאפט.

נאָוואָדוואָראָוו׳ס שטימע האָט אָבגעהילכט אין גאנצען קאַ־מער. ער אליין האָט נור גערעדט, און אלע אנדערע האָבען גע־שוויגען.

— נור זיי דיספּוטירען, — האָט זיך אָבגערופען מאריא פּאוו־לאָוונא, ווען נאָוואָדוואָראָוו איז ענטשוויגען געוואָרען.

— און איהר אליין וואָס דענקט וועגען דעם, — האָט נעכלו־דאָוו א פרעג געטאָהן ביי מאריא פּאוולאָוונא.

— איך מיין, אז אנאטאָלי איז גערעכט; מען טאָר דעם פּאָלק ניט אָנהייננגען איבער געוואלט אונזערע אנזיכטען.

— און ווי דיינקט איהר, קאטיושא? — האָט מיט א שמייכעל א פרעג געטאָהן נעכלודאָוו עטוואָס פערשעהמט און ערוואַרטענדיג איהר ענטפער מיט א געוויסע פורכטזאמקייט, אז זי זאָל ניט זאָגען עפּעס ניט פּאסענדעס.

— איך מיין, אז דאָס פּראָסטע פּאָלק ווערט שוין צופיעל בע־לײדיגט, — האָט זי געזאָגט און איהר געזיכט האָט זיך אָנגע־צונדען, — צו פיעל בעליידיגט איז שוין דאָס פּראָסטע פּאָלק.

— אמת, מיכאילאָוונא, אמת, — האָט א געשריי געטאָהן נאבאטאָוו. — זעהר בעליידיגט איז דאָס אָרימע פּאָלק. מען דארף, אז עס זאָל נישט בעליידיגט ווערען, אָט דעריין בעשטעהט אונזער אויפגאבע.

— א מערקווירדיגען בעגריף זיי האָבען עס וועגען די אויפ־גאבען פון דער רעוואָלוציע, — האָט געזאָגט נאָוואָדוואָראָוו און האָט אָנגעהויבען רוהיג רויכערן.

— איך קען מיט איהם ניט ריידען, — האָט קרילצאָוו א זאָג געטאָהן נעכלודאָוו׳ן און איז ענטשוויגען געוואָרען.

— און מען דארף טאקי ניט, — האָט געענטפערט נעכלו־דאָוו.

12.

ניט קוקענדיג דארויף, וואָס נאָוואָדוואָראָוו איז געווען זעהר געאכטעט פון אלע רעוואָלוציאָנערען, ניט קוקענדיג דארויף, וואָס אלע האָבען איהם גערעכענט פאר א זעהר קלוגען, האָט איהם נעבלודאָוו צוגערעכענט צו יענע רעוואָלוציאָנערען, וועלכע זיינען נאָך זייערע מאָראלע אייגענשאפטען נידעריגער פון דער דורכשניט־ליכער שטופע. זיינע גייסטיגע קרעפטען זיינען געשטאנען זעהר הויך, נור זיין מיינונג וועגען זיך איז געווען א צו גרויסע, אָהן א ערך גרעסער ווי זיינע אינטעלעקטועלע קרעפטען.

דאָס איז געווען א מענש מיט א פונקט פערקעהרטע גייסטיגע פיזיאָנאָמיע ווי סימאָנסאָן. סימאָנסאָן איז געווען איינער פון די מענשען — הויפטזעכליך פון מענליכען כאראקטער, — ביי וועלכע די טהאטען זיינען א רעזולטאט פון דער ארבייט פון געדאנק און ווערען פון דיזער ארבייט רעגולירט. נאָוואָדוואָראָוו, פערקעהרט, האָט געהערט צו יענע — הויפטזעכליך ווייבליכען כאראקטער, — ביי וועלכע די ארבייט פון געדאנק איז געווענדעט טהיילווייז צו עררייכען די ציעלען, וועלכע זיינען געשטעלט געוואָרען דורכ'ן געפיהל, טהיילווייז אויף צו רעכטפערטיגען טהאטען, וואָס זיינען געוואָרען ארויסגערופען דורכ'ן געפיהל.

די גאנצע רעוואָלוציאָנערע טהעטיגקייט פון נאָוואָדוואָראָוו'ן, טראָץ דעם, וואָס ער האָט געקענט ערקלעהרען זי גאנץ שעהן מיט איבערצייגענדע ארגומענטען, איז נעבלודאָוו'ן אויסגעקומען פאר א פראָדוקט פון זיין שטרעבען צו אויסערליכען גלאנץ, פון זיין פערלאנג צו שטעהן העכער פון אנדערע. אָנפאנגס האָט ער געהאט ערפאָלג א דאנק זיין פעהיגקייט צו בענעהמען פרעמדע געדאנקען און ריכטיג זיי איבערדערצעהלען, וואָס עס ווערט בעזאָנדערס געשעצט צווישען שיהלער און לעהרער, און ער איז אין גימנאזיע און אוניווערזיטעט געווען פון די ערשטע. שפעטער, ווען ער האָט זיין לערנען געענדיגט, איז ער, אום צו ווערען בעוואוסט אין אן אנדער קרייז, געוואָרען פון א רעפאָרמאטאָר־ליבעראל א

הייסער נאַראַדאָוואָלצע. און ווייל אין זיין כאראקטער איז ניט געווען די מאָראלע און עסטעטישע אייגענשאפטען, וועלכע רופען ארויס צווייפעל אָדער וואקלונג, האָט ער גיך פערנומען אין דער רעוואָלוציאָנערער וועלט אן אָנפיהרענדע ראָלע, וואָס האָט בעפרידיגט זיין זעלבסטליעבע. אזא מיינונג וועגען איהם האָט אויך געהאט קרילצאָוו, וועלכער האָט איהם אויך ניט ליעב געהאט. דערביי האָט ער געהאט א אונגעהויערען גלויבען אין זיך זעלבסט, און אזוי ווי איהם איז אויסגעקומען צו האָבען צו טהאָן מיט יונגע מענשען, וועלכע האָבען אנגענומען דיזע זעלבסטזיכערהייט פאר טיעפזיניגקייט און חכמה, האָבען אלע איהם זיך אונטערוואָרפען און ער האָט געהאט גרויס ערפאָלג אין די רעוואָלוציאָנערע קרייזען.

די געגנאָסען האָבען איהם געאכטעט פאר זיין דרייסטקייט און ענטשלאָסענהייט, אָבער זיי האָבען איהם ניט געליעבט. ער ווידער האָט קיינעם ניט געליעבט און אויף אלע אנגעזעהענערע מענשען האָט ער געקוקט ווי אויף קאָנקורענטען. די פרויען האָט ער געהאלטען פאר נארישע און נישטיגע מענשען, אויסער די, אין וועלכע ער פלעגט זיך אָפט פערליעבען, כאָטש פרינציפיעל איז ער געווען פאר דער פרויען־פראגע. דיזע זיינען ביי איהם געוואָרען אויסערגעוועהנליכע פרויען, וועמענס מעלות נאָר ער איז געווען פעהיג צו בעמערקען. די פראגע וועגען די בעציהונגען פון געשלעכטער איז ביי איהם געווען ווי אלע פראגען איינפאך; זי האָט געקענט גרינדליך געלייזט ווערען דורך דער אנערקענונג פון פרייע ליעבע.

נעכלודאָוו'ן האָט ער ניט פערטראָגען פאר זיין „פאלש זיין", ווי ער האָט דאָס אָנגערופען, צו מאסלאָוואַ'ן און דערפאר, וואָס נעכלודאָוו האָט געדענקט וועגען די פעהלערען פון דער היינטיגער אָרדנונג און די מיטלען דאָס אויסצובעסערען אנדערש ווי ער. ווי גוטמוטיג נעכלודאָוו האָט זיך געפיהלט די גאנצע צייט, האָט ער דאָך ניט געקענט אין זיך בעהערשען די געפיהלען פון עקעל צו דיזען מענשען.

13.

פון דער צווייטער קאמער האָט זיך דערהערט די שטימע פון דער נאטשאלסטווא. דאָס איז געווען די פּאוויערקע. אלע זיינען געוואָרען שטיל און זיך צושטעלט אין רייהען און דער עלטערער האָט געצעהלט אָנצייגענדיג אויף יעדען מיט'ן פינגער. ווען ער איז צוגעקומען צו נעכלודאָוו'ן, האָט ער גוטמוטיג צו איהם געזאָגט:

— יעצט, פירסט, קענט איהר מעהר ניט בלייבען. איהר דארפט אוועקגעהן.

נעכלודאָוו, וויסענדיג וואָס דאָס בעדייטעט, איז צוגעגאנגען צו איהם און איהם אריינגעשטעקט א דריי־רובעלדיגע.

— נו, וואָס קען מען מיט אייך טהאָן. זיצט שוין נאָך אביסעל.

— דער עלטערער האָט שוין געוואָלט אוועקגעהן, ווען עס איז אריינגעקומען א צווייטער אונטער־אָפיצער און נאָך איהם א הויכער, דארער ארעסטאנט מיט אונטערגעשלאָגענע אויגען און א שיטערע בערדיל.

— איך בין געקומען וועגען דער מיידעלע, — האָט דער ארעסטאנט געזאָגט.

— אָט איז דער טאטע, — האָט זיך אָבגערופען א קלינגענדע קינדערשע שטימע.

— איך, טאָכטעריל, איך, — האָט בוזאָווקין צערטליך געזאָגט.

— איהר איז דאָ גוט, — האָט מאריא פּאוולאָוונא זיך אָבגערופען, מיט מיטלייד אנקוקענדיג דעם פויער'ס צושלאָגענעם געזיכט. — לאָזט איהר ביי אונז.

— ווילסטו ביי אונז נעכטיגען? — האָט ראנצעווא זי געפרעגט.

— איך וויל. און דער טאטע אויך.

— דער טאטע טאָר ניט. טאָ לאָזט זי איבער, — האָט ראנצעווא זיך געווענדעט צום פאָטער.

— איבעריגס, לאָזט זי, — האָט דער עלטערער געזאָגט און איז אוועק צוזאַמען מיט דעם אונטער־אָפיצער.

ווי די קאָנוואָינע זיינען ארויס, האָט נאבאטאוו א פרעג געטהאָן בוזאָוקינ׳ען:

— וואָס, איז עס אמת, אז קארמאנאָוו וויל זיך טוישען?

— דער גוטמוטהיגער, מילדער געזיכט פון בוזאָוקינ׳ען איז געוואָרען פערזאָרגט און זיינע אויגען האָבען ווי מיט א הייטעל זיך בעצויגען.

— איך האָב ניט געהערט. איך גלויב קוים. נו, אקסיוטקא, זיי זיך געזונד, — און ער איז ארויס.

— ער וויים אלעס, און עס איז אמת, אז זיי האָבען זיך געביטען, — האָט נאבאטאָוו געזאָגט. איז וואָס דענקט איהר צו טהאָן?

— איך וועל דערצעהלען דער נאטשאלסטווא. איך קען זיי ביידע אויפ׳ן געזיכט, — האָט נעכלודאָוו געענטפערט.

אלע זיינען געבליבען שטיל.

סימאָנסאָן האָט די גאנצע צייט געשוויגען, ליגענדיג אויף די נארעס מיט די הענד אונטער׳ן קאָפּ פערטראכט; ער האָט זיך איצט אויפגעהויבען, אזוי ווי פיר אן ענטשלאָסענעם שריט, איז אראָב פון די נארעס און פאָרזיכטיג ארומגעגאנגען די אלע וואָס זיינען געזעסען און איז אונטערגאנגען צו נעכלודאָוו׳ן.

— קענט איהר מיך יעצט אויסהערען?

— געוויס, — האָט געזאָגט נעכלודאָוו און איז אויפגעשטאַנען אום צו געהן מיט איהם אַן א זייט...

א קוק טהוענדיג אויף נעכלודאָוו׳ן, וועלכער האָט זיך אויפגעהויבען פון פלאץ און בעגעגענדיג זיך מיט איהם מיט די בליקען, איז קאטיושא רויט געוואָרען און האָט א שאָקעל געטאָהן מיט׳ן קאָפּ אזוי ווי ניט וויסענדיג וואָס צו טהאָן.

— איך האָב אייך צו זאָגען פאָלגענדעס, — האָט אָנגעהויבען סימאָנסאָן, ווען נעכלודאָוו איז אָבגעגאנגען מיט איהם אַן א זייט אין קאָרידאָר. אין קאָרידאָר איז דער גערויש און ליארם און

טומעל פון די קרימינעלע ארעסטאנטען געווען נאָך גרעסער. נעכלו־דאָוו האָט זיך א קרים געטהאָן, אָבער עס שיינט, אז סימאָנ־סאָנ'ען האָט דאָס ניט געקימערט.

— וויסענדיג אייערע בעציהונגען צו קאטערינא מיכאילאָוו־נא, — האָט ער אָנגעהויבען מיט אויפמערקזאמקייט און קוקענ־דיג גלייך אויף נעכלודאָוו'ן מיט זיינע גוטע אויגען, — רעכען איך זיך פערפפליכטעט...

ער איז געבליבען אין מיטען, דען זיינע ווערטער האָט מען ניט געקענט הערען, לעבען טהיר האָבען צוויי שטימען געשפּראָכען מיט איין מאָל, קריגענדיג זיך וועגען עפּעס.

— מען זאָגט דאָך דיר, געטשקע דו: ניט מיינע, — האָט געשריען איינער.

— דערוואָרגען זאָלסטו ווערען מיט דעם, — האָט געכריפּעט דער צווייטער.

אין דיזער מינוט איז מאריא פּאוולאָוונא ארויס אין קאָרידאָר.

— קען מען דאָ פיהרען א געשפּרעך, — האָט זי געזאָגט, — געהט בעסער אריין אהער, דאָ איז ווערעטשקא איינע אליין און זי איז אליין ארייננעגאנגען די ערשטע אין טהיר פון א קליינע קאמע־רעל, וועלכע האָט בעלאנגט צו די פּאָליטישע ארעסטאנטקעס. דאָרט איז אויף די נארעס געלעגען ווערא יעפרעמאָוונא.

— זי האָט קאָפּשמערצען און זי איז איינגעשלאָפען; זי קען ניט הערען וואָס איהר רעדט, און איך געה גלייך ארויס, — האָט געזאָגט מאריא פּאוולאָוונא.

— ניין, פערקעהרט, בלייב דאָ, — האָט געזאָגט סימאָנסאָן, — ביי מיר זיינען פאר קיינעם קיין סודות ניטאָ, און דעסטאָ מעהר פאר דיר אודאי ניט.

— נו גוט, — האָט געזאָגט מאריא פּאוולאָוונא און, קינדעריש בעוועגענדיג זיך אין אלע זייטען אום זיך בעקוועמער איינצוזעצען אויף די נארעס, האָט זי זיך בערייט געמאכט צו הע־רען, קוקענדיג ערגעץ ווייט מיט איהרע גרויסע גרויע אויגען.

— אלזאָ, איך האָב איך געוואָלט זאָגען, — האָט ווידער

אַנגעהויבען סימאַנסאַן פון אָנפאַנג, — אַז וויסענדיג אייערע בעצי־ציהונגען צו קאַטערינאַ מיכאַילאָוונאַ, רעכען איך פאַר מיין פפליכט איך צו ערקלעהרען מיינע בעציהונגען צו איהר.

— דאָס הייסט, וואָס מיינט איהר? — האָט אַ פרעג געטאָהן נעכלודאָוו, הנאה האָבענדיג פון די אויפריכטיגקייט און איינפאַכ־קייט מיט וועלכע סימאַנסאַן האָט גערעדט צו איהם.

— איך מיין דאָס, וואָס איך וואָלט געוואונשען צו הייראַטהען מיט קאַטערינאַ מיכאַילאָוונאַ...

— וואונדערבאַר, — האָט געזאָגט מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ, אויס־שטעלענדיג איהרע גרויסע אויגען אויף סימאַנסאַן.

— ...און איך האָב זיך ענטשלאָסען צו ערקלעהרען איהר דאָס און בעטען זי אויב זי וויליגט איין צו הייראַטהען מיט מיר, — האָט פאָרטגעזעצט סימאַנסאַן.

— וואָס זשע קען איך דערביי טאָהן? דאָס הייגגט דאָך אָב פון איהר, — האָט געזאָגט נעכלודאָוו.

— יאַ, אָבער זי וועט ניט ענטשיידען דיזע פראַגע אָהן אייך.

— וואַרום?

— דאַרום, ווייל אַזוי לאַנג ווי די פראַגע פון אייערע בעצי־הונגען צו איהר איז נאָך ניט אין גאַנצען ענטשיעדען, קען זי דאָך ניט מאַכען קיין אויסוואהל.

— פון מיינער זייטע איז די פראַגע אין גאַנצען ענטשידען. איך האָב געוואונשען צו טהאָן דאָס, וואָס איך רעכען פאַר מיין פפליכט און אויסער דעם לייכטער צו מאַכען איהר לאַגע, אָבער איך וויל בשום אופן ניט זיין איהר אין וועג.

— יאַ, זי וויל אָבער ניט אייער אָפּפער.

— איך אָפּפער מיט קיין זאַך ניט.

— און איך ווייס, אַז איהר בעשלוס וועט זי ניט ענדערען.

— נון, דאַן איז דאָך מיט מיר ניטאָ וואָס צו ריידען, — האָט געזאָגט נעכלודאָוו.

— איהר איז אָבער נויטיג, אַז איהר זאָלט דאָס אויך אנער־קענען.

— גוי זשע קען איך אנערקענען, אז איך דארף ניט טהאָן דאָס, וואָס איך בין פערפפליכטעט צו טהאָן? איינס נור קען איך אייך זאָגען, אז איך רעכען זיך פאר ניט פריי צו אויסוועהלען, אָבער זי האָט די פולע פרייהייט.

סימאָנסאָן האָט א ווײלע געשוויגען פערטראכט.

— גוט, אזוי וועל איך איהר זאָגען. מיינט ניט, אז איך בין אין איהר פערליעבט, — האָט ער פאָרטגעזעצט, — איך ליעב זי, אזוי ווי א שעהנעם, זעלטענעם מענשען, וועלכער האָט זיך פיעל אָנגעליטען. איך פאָדער פון איהר גאָר נישט, עס ווילט זיך נור העלפען איהר, פערלייכטערען איהר לאגע...

נעכלודאָוו האָט זיך געוואונדערט ווען ער האָט דערהערט א ציטער אין סימאָנסאָן'ס שטימע.

— לייכטער מאכען איהר לאגע, — האָט געזאָגט נאָך אמאָל סימאָנסאָן — און... אויב זי וויל ניט אננעהמען אייער הילפע, זאָל זי אָננעהמען מיינע. אויב זי זאָל איינשטימען, וואָלט איך דאן געבעטען, אז מען זאָל מיך שיקען אויף אהין, וואוהין זי איז אָנגעוויזען צו געהן. פיער יאָהר זיינען ניט אן אייביגקייט. איך וואָלט געוואָהנט לעבען איהר, און עס קען זיין, אז איך וואָלט לייכטער געמאכט איהר שיקזאַל...

ער איז ענטשוויגען געוואָרען און איז געבליבען וויטער צוטראָגען און ערדעגט.

— וואָס זשע קען איך אייך זאָגען? — האָט געזאָגט נעכלודאָוו, — איך בין זעהר צופריעדען וואָס זי האָט געפונען אזא בעשיצער ווי איהר...

— אָט דאָס האָב איך געוואָלט וויסען, — האָט געזאָגט סימאָנסאָן — איך האָב געוואָלט וויסען אויב, ווינשענדיג איהר גוטעס, געפינט איהר, אז איהר הייראטה מיט מיר וואָלט געווען ווינשענסווערטה פאר איהר.

— אה, יא, — האָט נעכלודאָוו ענטשלאָסען געזאָגט.

— מיר געהט אויסשליסליך אין דעם, אז דיזע אויסגעמאטערטע נשמה זאָל זיך קענען אָברוהען, — האָט סימאָנסאָן געזאָגט, קור־

קענדיג אויף נעבלודאָוו׳ן מיט אזא קינדערשע צערטליכקייט, וועל־בע איז פאר קיין פאל ניט געוועזן צו ערווארטען פון אזא מרה־שחורה׳דיגען מענשען.

סימאָנסאָן האָט זיך געשטעלט און אָננעהמענדיג נעבלודאָוו׳ן פאר׳ן האנד, האָט ער שעמעוודיג א שמייכעל געטהאָן און איהם א קוש געטאָהן.

— וועל איך איהר אזוי איבערגעבען, — האָט ער געזאָגט און איז ארויס.

14.

— נון, ווי געפעלט אייך, הא? — האָט געזאָגט מאריא פאוו־לאָוונא. — טאקי אויף א אמת פערליעבט. דאָס וואָלט איך שוין קיין מאָל פון איהם ניט ערווארטעט; וולאדימיר סימאָנסאָן זאָל זיך פערליעבען אזוי נאריש, אזוי אינגליש. זאָנדערבאר! און, דעם אמת זאָגענדיג, עס איז טאקי פערדרוסליך, — האָט זי געענדיגט, אָב־זיפצענדיג זיך.

— און ווי, דיינקט איהר, וועט זי, קאטיא, דערויף קוקען? — האָט א פרעג געטאָהן נעבלודאָוו איהר מיינונג.

— זי? קאטיא? — האָט מאריא פּאוולאָוונא איבערגעפרעגט און האָט זיך אָבגעשטעלט, אזוי ווי נאָכצודיינקען ווי ריכטיגער צו ענטפערען אויף דיעזער פראגע.—זי? זעהט איהר, ניט קוקענ־דיג אויף איהר פערגאנגענהייט, איז זי פון דער נאטור איינע פון די בעשיידענסטע און מאָראלסטע כאראקטערע... און זי פיהלט אזוי צערטליך... זי ליעבט אייך, און איז גליקליך דאמיט, וואָס זי קען טהאָן פאר אייך כאָטש די טובה, ניט צו טהאָן אייך קיין שלעכ־טעס, איהר זאָלט זיך ניט פערפלאָנטערן אוים פפליכטען צו איהר. הייראטהען מיט אייך וואָלט פאר איהר געוועזן א גרויסער מאָרא־לער אונגליק, ערגער פון איהר גאנצער פערגאנגענהייט, און דא־רום וועט זי קיין מאָל דערויף ניט איינגעהן. און אין דערזעלבער צייט איז זי בעאונרוהיגט פון אייער אנוועזענהייט ארום איהר.

— נון, הייסט עס, אז איך דארף פערשווינדען? — האָט געפרעגט נעבלודאָוו.

מאריא פּאוולאָוונא האָט א שמייכעל געטאָהן מיט איהר געוועהנליכען קינדערשען, ליעבליכען שמייכעל און האָט געענטפערט:

— יא, געוויסערמאסען.

— ווי זשע קען איך געוויסערמאסען פערשווינדען?

— נו, דאָ האָב איך אייך א ליגען געזאָגט, נור וועגען איהר האָב איך אייך געוואָלט זאָגען, אז זי זעהט וואהרשיינליך די נארישקייט פון זיין ענטוזיאסטישער ליעבע (ער האָט נאָך איהר גאָרנישט געזאָגט), און זי איז שטאָלץ דערמיט און האָט מורא דערפאר. איהר ווייסט אפשר, איך בין דאָך קיין מבין ניט אויף דיזע זאכען, נור מיר דוכט זיך, אז פון זיין זייט איז דאָס א גאנץ געוועהנליכער מענליכער געפיהל, אבוואָהל עס איז געמאסקירט. ער זאָגט אז דיזע ליעבע ערהויבט זיין ענערגיע און אז דיזע ליעבע איז א פּלאטאָנישע. אָבער איך וויים דאָך, אז אויב דאָס איז אויסשליסליכע ליעבע, איז אין גרונד פון איהר ליגט דאָך אונבעדינגט פאסקודסטווע... פונקט אזוי ווי ביי נאָוואָדוואָראָוו'ן און ליובאָטשקא'ן.

מאריא פּאוולאָוונא איז אראָב פון דער אייגענטליכער פראגע, פעררייידענדיג זיך אויף איהר בעליעבטער טהעמא.

— וואָס בלייבט מיר אָבער צו טהאָן? — האָט א פרעג געטאָהן נעבלודאָוו.

— איך מיין, אז איהר דארפט איהר זאָגען. אימער איז בעסער ווען אלעס איז קלאָהר. רעדט מיט איהר איבער. איך וועל זי א רוף טהאָן אהער, ווילט איהר? — האָט געזאָגט מאריא פּאוולאָוונא.

— ביטע, — האָט געזאָגט נעבלודאָוו, און זי איז גלייך ארויס רופען קאטיושא.

א זאָנדערבארער געפיהל האָט איצט אומגעפאסט נעבלודאָוו'ן ווען ער איז געבליבען אליין אין דיזער קליינער קאמער, הערענדיג דעם שטילען אטהעם און פון ווילע צו ווילע די קרעכצען פון וועראַ יעפרעמאָוונא און פון ווייטען האָט זיך נאָך אלץ געהערט דער רויש און טומעל פון די אלע קרימינעלע ארעסטאנטען.

דאָס וואָס סימאָנסאָן האָט פאַר איהם ערקלעהרט, האָט פון איהם אראָבגענומען די פפליכט, וועלכע ער האָט אויף זיך גענומען, און האָט איהם געמאַכט פריי פון זיין אויפגאַבע, וועלכע אין שוואַכע מינוטען האָט זיך איהם געדוכט צו זיין שווערליך און פרעמדלעך, אָבער אין דער זעלבער צייט האָט ער איצט געפיהלט אונאַנגענעהם און שמערצליך. ערשטענס, האָט דיזער שריט פון סימאָנסאָן איבערגעענדערט זיין לאַגע און האָט שוין זיין שריט ניט געמאַכט פאַר אן אויסערגעוועהנליכען, און דארום איז ער ביי זיך אליין אין די אויגען אראָבגעפאַלען. דער פרייז פון דעם אָפּפער, וועלכען ער האָט געהאַלטען אין בריינגען פון איהרע'ט וועגען, איז אין זיינע אייגענע אויגען און אין די אויגען פון דער וועלט ביליגער געוואָרען: אויב אזאַ גוטער מענש ווי סימאָנסאָן, וועלכער איז צו איהר מיט קיין זאַך ניט פערפפליכטעט, וויל פעראייניגען מיט איהר זיין שיקזאַל, טאָ וואָס פאַר אַ ווערטה האָט שוין זיין ענטשלוס, ווען ער איז שולדיג אין איהר גאַנצער אונגליקליכער לאַגע?

קען זיין, אז אין איהם האָט זיך אויך ערוועקט אַ געפיהל פון אייפערזוכט: ער איז אזוי געוואָהנט געוואָרען אין איהר ליעבע צו איהם, אז ער האָט ניט געקענט צולאָזען דעם געדאַנק, זי זאָל ליעבען אן אנדערן. דאַצו איז דעריין אויך געווען דער פערדרוס, וואָס עס ווערט אין גאַנצען צושטערט אַ געניו אויסגעאַרבייטער פּלאַן — ווי צו לעבען צוזאַמען מיט איהר אזוי לאַנג ווי זי וועט דארפען אָפּזיין אין קאַטאָרגע. אויב אָבער זי הייראַטה פאַר סימאָנסאָן, דאַן האָט ער דאָך ניט וואָס צו טהאָן לעבען איהר און ער וואָלט מוזען אויסאַרבייטען אַ נייעם פּלאַן פאַר זיין צוקונפט.

ער האָט אָבער נאָך ניט בעוויזען אַרויסצופּלאָנטערן זיך פון דיזע געדאַנקען און געפיהלען, ווי עס האָט זיך געעפענט די טהיר און אין קאַמער איז אַריין קאַטיושאַ.

זי איז צוגעגאַנגען צו איהם מיט שנעלע טריט.

— מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ האָט מיך געשיקט, — האָט זי געזאָגט, אָבשטעלענדיג זיך נאָהענט לעבען איהם.

— יא, איך האָב געוואָלט צו אייך ריידען. זעצט זיך. וולאַדי־מיר איוואַנאָוויטש האָט מיט מיר גערעדט.

זי האָט זיך געזעצט, ארויפלייגענדיג די הענד אויף די קניע, און האָט אויסגעזעהען רוהיג, נור ווי נעכלודאָוו האָט אויסגערעדט סימאָנסאָן'ס נאָמען, איז זי רויט געוואָרען.

— וואָס זשע האָט ער אייך געזאָגט? — האָט ער א פרעג געטאָהן.

— ער האָט מיר געזאָגט, אז ער וויל מיט אייך הייראטהען.

איהר געזיכט האָט זיך מיט אמאָל פערצויגען מיט א כמארע און האָט אויסגעדריקט ליידען; זי האָט קיין זאך ניט געזאָגט, און האָט נאָר אראָבגעלאָזען די אויגען.

— ער פרעגט מיין ערלויבנים דערויף, אָדער מיין ראטה. איך האָב איהם געזאָגט, אז דאָס היינגט אָב פון אייך, אז איהר דארפט דאָס בעשליסען.

— אך, וואָס רעדט איהר? צו וואָס? — האָט זי געזאָגט מיט יענעם בליק פון איהרע קרומליכע אויגען, וועלכער האָט אימער אזוי שטארק געווירקט אויף נעכלודאָוו'ן. און עטליכע מינוט האָבען זיי אזוי געקוקט איינער דעם אנדערן אין די אויגען און דיזער בליק האָט פיעלעס געזאָגט, ווי איהר אזוי אויך איהם.

— איהר מוזט בעשליסען, — האָט נעכלודאָוו ווידערהאָלט.

— וואָס קען איך בעשליסען? שוין אלעם לאַנג בעשלאָסען.

— ניין, איהר מוזט בעשליסען אויב איהר נעהמט אָן דעם פאָרשלאַג פון וולאדימיר איוואַנאָוויטש, — האָט געזאָגט נעכלו־דאָוו.

— וואָס פאר א פרוי קען איך זיין — א קאטאָרזשניצע. צו וואָס זאָל איך נאָך אונגליקליך מאכען אויך וולאדימיר איוואַ־נאָוויטש'ען? — האָט זי געזאָגט פערדרוסליך.

— יא, אָבער ווען עס זאָל ערהאלטען ווערען א בעגנאדיגונג?

— האָט א פרעג געטאָהן נעכלודאָוו.

— אך, לאָזט מיך צופריעדען, עס איז ניטאָ מעהר וועגען וואָס

צו ריידען, — האָט זי געזאָגט, האָט זיך אויפגעהויבען און האָט פערלאָזען דאָס צימער.

15.

ווען נעכלודאָוו איז ארויס נאָך איהר און איז אריין אין דער קאמער, וואו די מענער האָבען זיך איינגעפונען, זיינען דאָרט אַלע געווען זעהר צוטראָגען. נאבאטאָוו, וועלכער פלעגט איבעראַל געהן, מיט יעדען רעדען און אַלעם בעאָבאכטען, האָט געבראכט אַ איבערראשענדע נאכריכט. דיזע נאכריכט איז בעשטאנען דעריין, וואָס ער האָט געפונען אויפ'ן וואנד אַ אויפשריפט פון דעם רעוואָלוציאָנער פעטלין, וועלכער איז געווען פערורטהיילט צו קאטאָרגע. אַלע זיינען געווען פריהער זיכער, אז פעטלין איז שוין לאנג אין קארע, און מיט אמאָל ווייזט זיך גאָר ארויס, אז ער איז ניט לאנג דורכגעגאנגען איינער אליין צווישען קרימינעלע קאטאָרזשנע.

„דעם 17טען אויגוסט", האָט זיך דערציילט אין דעם אויפשריפט, „בין איך ארויסגעשיקט געוואָרען אליין מיט די קרימינעלע ארעסטאנטען. נעוויעראָוו איז געווען מיט מיר אין אנפאנג, ער האָט זיך אָבער אויפגעהאנגען אין קאזאן אין משוגעים־הויז. איך בין געזונד און מונטער און האָף אויף בעסערעס".

אַלע האָבען איצט אָנגעהויבען דיסקוטירען איבער דער לאגע פון פעטלין און איבער די אורזאכען, וועלכע האָבען געטריבען נעוויעראָוו'ן צו זעלבסטמאָרד. קרילצאָוו האָט געשוויגען און האָט געטראכט וועגען עפּוואָס, קוקענדיג פאראויס מיט זיינע גרויסע, גלענצענדע אויגען.

— מיר האָט דער מאן געזאָגט, אז נעוויעראָוו האָט שוין געליטען פון גאַלוצינאציעס נאָך זייענדיג אין פעטראָפּאוולאָווסק — האָט געזאָגט ראנצעוואַ.

— יאַ, אַ פּאָעט, אַ פאנטאזיאָר, אַזעלכע מענשען האַלטען ניט אוים, ווען זיי מוזען זיצען איינזאם, — האָט געזאָגט נאָוואָדוואָראָוו — אָט איך, ווען איך פלעג אריינפאלען אין אָדינאָטשקע, פלעג איך ניט ערלויבען מיין פאנטאזיע זיך צושפּיעלען. איך האָב נור סיס־

טעמאטיש צוטהיילט מיין צייט, און דארום האָב איך דאָס אַלעס געקענט לייכט אריבערטראָגען.

— וואָס קען מען ניט אריבערטראָגען? איך — אָה, איך פלעג אפשר צופריעדען זיין, ווען מען פלעגט מיך אריינזעצען, — האָט געזאָגט נאבאטאָוו מיט א שטארקער שטימע, וועלענדיג מאכען פרעהליכער, — אזוי האָסטו רק מורא מען זאָל דיך ניט ארעסטירען, דו זאָלסט קיין אנדערע ניט אריינפלאָנטערען; אָבער אז מען זעצט אריין איז געענדיגט יעדע פעראנטוואָרטליכקייט און מען קען זיך אויסרוהען אביסעל

— האָסטו איהם גאָהענט געקענט? — האָט א פרעג געטהאָן מאריא פאוולאָוונא, קוקענדיג אונרוהיג אויף דעם פערטראכט... קרילצאָוו.

— נעוויעראָוו א פאנטאזיאָר? — האָט מיט איין מאָהל הי־ציג א זאָג געטהאָן קרילצאָוו, פערהוסטענדיג זיך אזוי ווי ער וואָלט אנשטריינגען זיך פון לאנגען זינגען אָדער רעדען, — נעוויעראָוו — דאָס איז געווען אזא מאן, וועלכער, ווי אונזער לאקיי פלעגט זאָגען, די ערד ברייננגט ווייניג ארויס... יא, דאָס איז געווען א קריסטאָלע־נער מענש, מען האָט איהם געקענט זעהן דורך און דורך. יא, ער האָט ניט נאָר ליגען זאָגען ניט געקענט, ער האָט ניט געקענט אפילו בעהאלטען עטוואָס, פערשטעלען זיך... יא, א פיעלפאכע, ריינע נאַ־טור, ניט אזא ווי... נור וואָס איז צו ריידען!...

און קרילצאָוו האָט זיך צו־הוסט און איז ענטשוויגען געוואָרען א ווײלע. נאָך א פּאָר מינוטען פויזע האָט ער ווידער אָנגעהויבען.

— אָט מיר דיסקוטירען, וואָס איז בעסער? פריהער צו ביל־דען דאָס פאָלק, און דערנאָך ענדערן די פאָרמען פון לעבען, און ווידער — ווי צו קעמפּפען: דורך פריעדליכע פּראָפּאגאנדע אָדער דורך טערראָר? מיר דיסקוטירען, יא, און ז י י דיסקוטירען ניט; פאר זיי איז גאנץ עגאל. זאָלען אונטערגעהן, זאָלען אומקומען ...הנדליגע, הונדערטער מענשען, און וועלכע מענשען? די בעסטע ... דער בעפעלקערונג. אָט דאָס דארפען זיי גראדע. יא, ה ע ר־צ ע ן האָט געזאָגט, אז ווען מען האָט די דעקאבריסטען אויסגע־

שלאָסען פון צירקולירען צווישען די מענשען, האָט מען נידריגער געמאכט די אַלגעמיינע שטופע, אויף וועלכע די בעפעלקערונג האָט זיך געפונען, און דערנאָך האָט מען אומגעבראכט הערצען׳ען אליין און זיינע צייטגענאָסען איצט ברייגגט מען אום די נע-וויעראָוום...

— אה, אַלעמען וועלען זיי ניט אומבריינגען, — האָט מיט זיין דרייסטער שטימע געזאָגט נאבאטאָוו, — עס וועט נאָך אַלץ בלייבען ווער עס זאָל ארויסברייגגען צום לעבען אנדערע.

— ניין, עס וועלען ניט בלייבען, ווען מיר וועלען זיי צופיעל שאנעווען, האָט מיט פערדרוס איהם איבערגעשלאָגען קרילצאָוו. — גיב מיר א פאפיראָס.

— אָבער, אנאטאָלי, דו טאָרסט דאָך ניט רויכערן אזוי פיעל, — האָט געבעטען זיך ביי איהם מאריא פאוולאָוונא, — איך בעט דיך רויכער ניט מעהר.

— אך, לאָז צו־רוה, — האָט ער איהר געענטפערט מיט כעס און האָט פעררויכערט א פאפיראָס, ער האָט זיך אָבער באלד צו־הוסט; איהם האָט געשטיקט און געקעהרט צום ברעכען. ער האָט אויסגעשפיגען און פאָרטגעזעצט.

— ניין, ניט גוט, ניט דאָס האָבען מיר געטאָהן, וואָס מיר האָבען געדאַרפט טהאָן: ניט דיסקוטירען צווישען זיך, זאָנדערן, אַלע האָבען זיך געדאַרפט צונויפנעהמען אזוי ווי איין מענש... און פער־ניכטען זיי.

— אָבער זיי זיינען דאָך אויך מענשען, — האָט געזאָגט נעכלודאָוו.

— ניין, דאָס זיינען ניט מענשען — יענע, וועלכע קענען טהאָן דאָס, וואָס זיי טהוען. ער האָט זיך אזוי צוהיצט, אז ער האָט זיך שרעקליך צו־הוסט און בלוט האָט זיך איהם א גאָס געטאָהן פון מויל.

נאבאטאָוו איז ארויסגעלאָפען נאָך שנעע. מאריא פאוולאָוונא האָט איהם פאָרגעלייגט וואלעריאַנא טראָפענס, ער האָט דאָס אָבער ניט געוואָלט נעהמען. ווען די שנעע און קאלטע וואסער האָבען

איהם בערוהיגט אביסעל האָט מען איהם אװעקגעלײגט שלאָפען. נעבלודאָװ האָט זיך געזעגענט און איז ארױס צוזאמען מיט דעם אונטער אָפיצער, װעלכער איז שױן פון לאנג געקומען איהם רופען.

16.

אויף דרויסען איז געװען אויסגעשטערנט. אומקעהרענדיג זיך צו זיין קװארטיר, האָט נעבלודאָװ אנגעקלאפּט אין דער דונקע־לער פענסטערעל פון הויז; א ברייט־שולטעריגער ארבייטער איז ארויסגעגאנגען בארפוסערהייט און האָט איהם געעפענט די טהיר פון פאָרהויז. פון דעם גרויסען צימער האָט זיך געלאָזט הערען דער בראפּען פון די פיעלע פוהרלייט. צו דער לינקער זייט איז געװען ־רער קלענערער צימער, א ריינער צימער פאר פריצים.

נעבלודאָװ איז אריין, האָט זיך אויסגעטהאָן, האָט אויף דעם סאראטענעם דיװאן אויסגעבעט זיין פּלעד, האָט אװעקגעלײגט צו־קאָפּענס זיין לעדערנע קישעלע און האָט זיך געלייגט. ער איז אָבער ניט אזוי גיך איינגעשלאָפען; אין זיין געדאנקען האָט איצט אָנגע־הויבען דורכצוגעהן אלעס, װאָס איז פאָרגעקומען אין דיעזען גאנ־צען טאָג און ער האָט אָנגעהויבען אלעס צו צוגלידערן. פון אלעם דעם, װאָס ער האָט היינטיגען טאָג געזעהען, איז דאָס שרעקליכ־סטע, װאָס האָט אויף איהם געמאכט אן איינדרוק, געװען דער אינגעלע, װעלכען ער האָט געזעהן שלאָפענדיג אין דער געדיכטער בלאָטע נעבען דער פאראשע, מיט'ן קעפּעלע אנגעשפּארט אויף דער פוס פון אן ארעסטאנט, ניט האָבענדיג קיין אנדער פּלאַץ, װאו זיך צו לייגען.

ניט קוקענדיג אויף דער אונערװארטעטקייט און װיכטיגקייט פון דעם געשפּרעך אבענדס מיט סימאָנסאָן און קאטיושא, האָבען זיך פון דעסטװעגען זיינע געדאנקען ניט אָבגעשטעלט אויף דיזער פּאסירונג. זיין בעציהונג צו דיזער פראגע איז געװען פיעלפאכיג און אונבעשטימט, דארום האָט ער װעגען דעם ניט געװאָלט יעצט דיינקען.

דערפאר האָבען זיך איהם אלץ שטארקער פאָרגעשטעלט די

איבריגע בילדער און פאסירונגען פון דיזען טאָג. דאָס בילד פון די אונגליקליכע, וועלכע ווערען דאָרט דערשטיקט אין ענגעניש, פינסטערניש, פערפעסטעטע לופט און שרעקליכע בעהאנדלונג, האָט געפרעסט זיין געמיטה, און, בעזאָנדערס, פון יענעם יונגען אינגעל, וועלכער האָט מיט׳ן קינדערשען אונשולדיגען פנים׳על צוגעשפּארט זיך אויפ׳ן פוס פון ארעסטאנט; דאָס האָט איהם ניט געקענט ארויס פון זינען.

צו וויסען, אז ערגעץ וואו אויף דער וועלט מאטערען מענשען איינע די אנדערע, פייניגען, פּלאגען און מאכען זיי אזוי שרעקליך פערדאָרבען, אונמענשליך, אָדער זעהן מיט די אייגענע אויגען די קוואלען, מאטערנעס, פייניגונג און פערדערבונג, זיינען צוויי גאָר בעזונדערע זאכען. און נעכלודאָוו האָט דאָס איצט געפיהלט, ער האָט ניט איין מאָל אין פערלויף פון די דריי מאָנאט געפרעגט זיך: „בין איך משוגע, וואָס איך זעה דאָס, וואָס אנדערע זעהען ניט, אָדער משוגע זיינען יענע, וואָס טהוען דאָס וואָס איך זעה?“ אָבער דיעזע מענשען (און אזעלכע זיינען געוועזען פיעל) האָבען געטהון דיזע שאנדטהאטען, דיזע שרעקליכע גרוילטהאטען גאנץ רוהיג און מיט דעם זיכערען גלויבען, אז ניט נאָר איז דאָס אלעס אזוי נויטיג און דארף אזוי זיין, זאָנדערן, זיי האָבען נאָך געדיינקט, אז זיי טהוען דערמיט אויף זעהר וויכטיגע און זעהר ניצליכע זאכען, אזוי, אז עס וואָלט געווען זעהר שווער צו רעכענען דיזע אלע מענשען פאר משוגעים. זיך אליין האָט ער אָבער אויך ניט געקענט רעכע־נען פאר א משוגענעם דערפאר, ווייל ער האָט דאָך געזעהען אליין די קלאָהרהייט פון זיינע געדאנקען און ער האָט זיך דארום אימער געפונען אין א מין צווייפעל.

דאָס וואָס נעכלודאָוו האָט געזעהן אין דיזע דריי מאָנאטען, האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט אויף פאָלגענדען אופן: פון אלע מענ־שען וואָס לעבען אויף דער פרייהייט, זיינען דורכ׳ן געריכט און אדמיניסטראציע געוואָרען אָבגעקליבען די נערוועזע, די היציגע, די אויפגערעגטע, בעגאבטע און שטארקע, און וועניגער כיטרע און פאָרזיכטיגע אלס די איבריגע, און דיעזע מענשען, אויף קיין פאל

ניט מעהר געפעהרליכע פאר דער געזעלשאפט איידער די איבריגע, וואָס זיינען געבליבען פריי, ווערן איינגעשפּארט אין די געפיינג־ניסע, געשיקט אויף די עטאפּען, אין קאטאָרגע, וואו זיי ווערען אויפ־געהאלטען יאָהרען לאנג, ניט בעשעפטיגט מיט קיין ניצליכע ארבייט און ווייט פון דער נאטור, פון פאמיליען לעבען, פון פּראָדוקטיווע טהעטיגקייט, ד. ה. ווייט פון אלע נאטירליכע אומשטענדען פון מענשליכען לעבען. דאָס איז איינס.

צווייטענס, דיעזע מענשען, פון וועלכע עס איז געראויבט די פרייהייט, ווערן אומנישט ערנידעריגט, בעליידיגט, געדריקט, גע־שטיקט, געמאטערט און געפייניגט אָהן אורזאכע און אָהן צוועק — קייטען, געגאָלטע קעפּ, שענדליכע קליידער, ד. ה. אָפּגענומען פון זיי יעדע מענשליכע אמביציע, שאנד־געפיהל, זעלבסט־ווירדע און זעלבסט־בעוואוסטזיין.

דריטענס, זייענדיג שטענדיג אין געפאהר מיט'ן לעבען, שוין ניט ריידענדיג פון אזעלכע אויסערגעוועהנליכע פעלע, ווי זאָנענ־שטיך, דערטרונקען ווערן, קלעפּ ביז'ן טויט, כסדר'דיגע אנשטעקענ־דע קראנקהייטען, האָבען זיך דיזע מענשען שטענדיג איינגעפונען אין אזא לאגע, אין וועלכער אפילו דער בעסטער, אָרענטליכסטער מענש פערצייהעט זיך און פערצייהעט אנדערע די שרעקליכסטע טהאטען.

פיערטענס, דיזע מענשען זיינען איבער געוואלט געוואָרען איינגעשפּארט צוזאמען מיט אויסערגעוועהנליך פערדאָרבענע טיפּען, פּראָפעסיאָנעלע רויבער, מערדער, וועלכע ווירקען, אזוי ווי הויוען אויף איינצווזייערען טייג, אויף צו גיכער פערדאָרבען מאכען אויך די איבריגע, און ענדליך, פינפטענס, די אַכזר'שע האנדלונג מיט דיעזע מענשען האָט זיי אם בעסטען געלערענט, אז גוואלד, מאָרד, רציחה, גזילה, מסירה און אלערליי ברוטאליטעט איז א זאך וואָס אנדערע ווענדען אָן געגען זיי ווען דאָס איז פאר יענע נויטיג, און איז דארום אויף געווים ערלויבט זיי, וועלכע געפינען זיך אונטער ארעסט, עלענד און נויט.

אלע די איינריכטונגען, וועלכע ער האָט געזעהען, האָבען זיך

איהם פאַרגעשטעלט ווי מיט א כיון אויסגעטראכט און איינגעריכטעט, כדי צו מאטערן מענשען און מאכען זיי פערדאַרבען און זינדיג צו אזא שטופע, ווי עס וואָלט געוועזן אונמעגליך אָהן דיעזע איינריכטונגען.

אין די טורמעס — טומענער, יעקאטערינבורגער, טאָמסקער, און אויף די עטאַפּען האָט ער געזעהען ווי דיזער צוועק, וועלכען די געזעלשאַפט האָט זיך געשטעלט, איז זעהר לייכט עררייכט געוואָרען. מענשען — איינפאכע, געוועהנליכע, מיט די בעגריפען פון א רוסישער־בויערישער קריסטליכער געזעלשאפטליכע זיטליכקייט האָבען פערלאָרען דיזע בעגריפע און זיך דורכגענומען מיט אנדערע בעגריפע, לויט וועלכע יעדע בעלייִדיגונג, ערנידערונג, פערגוואלטיגונג פון דער מענשליכער פערזאָן איז געוואָרען ערלויבט, ווען דאָס איז נאָר געוועזן נוציג. אלע זיטליכע געזעצע פון מיטלייד, מיטגעפיהל, רעספּעקט פאר זיך אליין און אכטונג צו דעם צווייטען — דאָס אלעם האָבען זיי ניט געטראָפען אין דער ווירקליכקייט ארום זיך, און זיי האָבען ניט געקענט פיהלען זיך פערפּפליכטעט דאָס נאָכצוטהאָן.

נעכלודאָוו האָט דאָס בעאָבאכטעט אויף אלע ארעסטאנטען, וועלכע ער האָט געקענט: אויף פעדאָראָוו'ן, אויף מאקארען און אפילו אויף טאראס'ען, וועלכער האָט אין א צייט פון צוויי מאָנאטען פון זיין אין די עטאַפּען, איבערראשט נעכלודאָוו'ן מיט זיינע אויסגעלאסענע און זיטענלאָזע בענעהמונגען, וועלכע ער האָט פריהער אין זיך ניט געהאט.

אין וועג האָט נעכלודאָוו זיך זאָגאר דערוואוסט פון אזעלכע פעלע, וואו ארעסטאנטען, פלאנעווענדיג צו אנטלויפען, ריידען איין זייערע חברים ארעסטאנטען אויך צו לויפען מיט זיי, כדי אויפ'ן וועג, לויפענדיג דורך די וועלדער, הרג'ענען זיי און קענען עסען זייער פלייש. ער האָט געזעהען א לעבעדיגען מענשען, וועלכער איז געוועזן אָנגעקלאָגט פאר אזא פערברעכען און האָט זיך מודה געוועזן, אז ער האָט אזוי געטאָהן. און אזעלכע פעלע פון מענשען־פרעסעריי פלעגען זיך איבער'חזר'ן זעהר אָפט.

נור דורך אַן אייגענטהימליכען קולטיווירען און ערציהען אזעל־ בע זינד איז עס געווען מעגליך, אז מען זאָל ברייגנען דעם רוססע צו אזא צושטאנד, צו וועלכען עס זיינען געקומען די בראָדיאגעס. די איינציגע אורזאכע דערצו גיט מען אָן די נויטיגקייט צו שטע־ רען פערברעכענס, אָבשרעקען, אויסבעסערען די פערברעכער, אָבער אין דער ווירקליכקייט האָבען זיך די פערברעכענס און די זינד ניט אויסגעראָטען, זאָנדערן זיי האָבען זיך ערשט דאָ, אין די בע־ שטראפונגס־אנשטאלטען געהאָדעוועט, ערצויגען און געמאכט גע־ וואָרען צו א נאטור. אנשטאט היילען פון זינד, האָבען זיי גאָר פער־ פעסטעט מיט מעהר זינד.

„מו צו האָס טהוען זיי דאָס?“ — האָט זיך נעכלודאָוו גע־ פרעגט, — און ער האָט דערויף ניט געקענט געפינען קיין ענטפער.

## 17.

ווען נעכלודאָוו האָט זיך אויפגעכאפּט פון זיין שטארקען שלאָף נאָך די שווערע געדאנקען, וועלכע האָבען זיך געראנגעלט ביי איהם אין קאָפּ, זיינען די פוהרלייטע שוין לאנג געווען אראָב־ געפאָהרען פון הויף; די ווירטהין פון דער אכסניה האָט שוין לאנג אָבגעטרונקען טהעע און אָבווישענדיג מיט דער רויטער טיכעל איהר פערשוויצטע האלז, איז זי אריינגעגאנגען צו איהם זאָגען, אז אן עטאפּנער סאָלדאט האָט איהם געבראכט א צעטעלע.

דער צעטעלע איז געווען פון מאריא פּאוולאָוונא. זי האָט איהם געשריבען, אז דער צושטאנד פון קרילצאָוו'ן איז פיעל ערנסטער, איידער זיי האָבען פריהער געדענקט. „מיר האָבען פרי־ הער געוואָלט איהם איבערלאָזען און בלייבען מיט איהם, אָבער דאָס ערלויבט מען ניט און מיר מוזען איהם פיהרען מיט אונז. אָבער מיר האָבען זעהר מורא, אז דאָס וועט דערנעהנטערן זיין טויט. זעהט פועל'ן אין שטאָדט, אז אויב מען וועט איהם איבער־ לאָזען דאָ זאָל מען ערלויבען אימיצען בלייבען מיט איהם — דאָס וואָלט געווען דאָס בעסטע. אויב דערצו וועט זיין נויטיג, איך זאָל מיט איהם הייראטען, בין איך בערייט דאָס צו טהאָן.

נעבלודאָוו האָט אוועקגעשיקט דעם יונג אויפ׳ן סטאנציע, מען זאָל פאר איהם באלד שפאנען די פערד. ער האָט נאָך ניט צייט געהאט ענדיגען זיין גלאָז טהעע, ווי די טראָיקע איז שוין אונטערגעפאָהרען צום גאניק. ער האָט זיך אָבגערעכענט מיט די ווירטהין פון דער אכסניה און האָט זיך ארייגעזעצט אין פוהר, זאָגענדיג דעם פוהרמאן, ער זאָל יאָגען די פערד וואָס גיכער אום אָנצוּיאָגען די פארטיע. עס האָט ווירקליך ניט לאנג גענומען און ער האָט אָנגעיאָגט די פוהרען מיט די זאכען און די שוואכע און קראנקע ארעסטאנטען.

אין דער דריטער פון זיי איז געלעגען קרילצאָוו, איינגעוויקעלט אין א פעלץ, אין א ווארעמע היטעל, און דעם מויל מיט א ווייסער טיכעל. זיין געזיכט איז געוועזען פיעל בלאסער ווי אימער און מאָגערער; זיינע שעהנע אויגען האָבען איצט אויסגעזעהן נאָך גלאנציגער און גרעסער. מאריא פאוולאָוונא איז געזעסען אויף דער אנדער זייט פון דער פוהרעל. זי האָט זיך איבערגעקוקט מיט נעבלודאָוו׳ן, מיט א פיעלבעדייטענדעם בליק, וועלכער האָט אויסגעדריקט איהר בעזאָרגטקייט איבער דער לאגע פון קרילצאָוו׳ן. און אום ניט ארויסצורופען קיין פערדאכט ביים קראנקען האָט זי א געשריי געטאָהן פון איהר פוהר מיט א פרעהליכער שטימע:

— עס ווייזט אויס, אז דער אָפיצער האָט זיך בעדענקט און האָט געהייסען, אז מען זאָל פון בוזאָווקין׳ען אראָבנעהמען די קייטען. ער אליין טראָגט זיין קינד און צוזאמען מיט איהם געהען קאטיא און סימאָנסאָן און מיין פלאץ פערנעהמט ווערא̇טשקא.

קרילצאָוו האָט עפּעס א מורמעל געטאָהן, וואָס עס איז געוועזען שווער צו הערען. נעבלודאָוו האָט זיך אָנגעבויגען צו איהם און קרילצאָוו האָט אראָבגערוקט די טיכעל פון מויל און געזאָגט:

— איצט איז פיעל בעסער. איך זאָל זיך נאָר ניט פערקיהלען.

נעבלודאָוו האָט א שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ, אז ער הערט, כדי צו פערשפּאָרען קרילצאָוו׳ן צו ווידערהאָלען נאָך אמאָל, און ער האָט טרויעריג א בליק געטהאָן אויף מאריא פאוולאָוונא. זיי

האָבען ביידע פערשטאַנען, אַז דער קראַנקער קרילצאָוו וועט ניט לאַנג אַנציהען.

— האָט איהר בעקומען מיין צעטעלע? — האָט אַ פרעג געטהאָן מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ נעכלודאָוו׳ן, — וועט איהר טהאָן דאָס, וואָס איך האָב אייך געבעטען?

— אונבעדינגט, — האָט געענטפערט נעכלודאָוו און איהם האָט שטאַרק פערדריקט דאָס האַרץ, וויסענדיג גאַנץ גוט, אַז דאָס זיינען די לעצטע טעג פון קרילצאָוו׳ן.

אום גיכער צו זיין אין שטאָדט און האָבען צייט אויסצופיהרען דאָס, וואָס מאַריאַ פּאַוולאָוונאַ האָט איהם געבעטען, האָט נעכלודאָוו געהייסען דעם יאַמשטשיק, ער זאָל טרייבען גיכער די פערד. זיי זיינען באַלד צוגעקומען צום טייך, וועלכען זיי האָבען געדאַרפט דורכפאָהרען דורך אַ פּראָהם.

אויף דעם פּראָהם איז געוועזען שטיל, עס האָבען זיך נור געהערט די גלייכע טריט פון די פּראָהם־אַרבייטער און דער הירזשען פון די פערד און פון צייט צו צייט אַ טאָפּען פון זייערע קאָפּיטעס.

18.

נעכלודאָוו איז געשטאַנען ביים ברעג פון פּראָהם און האָט געקוקט אויף דעם ברייטען, רוישיגען טייך. אין זיין פאָרשטעלונג האָבען זיך איצט געמאָלען צוויי בילדער: דער קאָפּ, די בלאַסע געזיכט און די גרויסע גלאַנציגע אויגען פון׳ם שטערבענדען קרילצאָוו און די פיגור פון קאַטיושאַ, וועלכע געהט אַזוי פעסט זייט ביי זייט מיט סימאָנסאָן׳ען. דאָס בילד פון קרילצאָוו׳ן, וועלכער האַלט ביים שטאַרבען, ניט ערוואַרטענדיג אַליין דעם טויט האָט געמאַכט אַ שווערען, אַ טרויעריגען איינדרוק, דאָס בילד אָבער פון קאַטיושאַ, ווי זי געהט לעבעדיג, מונטער, ערוועקבענדיג זיך די ליעבע פון אַזאַ פּערזאָן, ווי סימאָנסאָן און שטעלענדיג זיך דאַמיט אויף דעם פעסטען וועג צו גוטעס און ערהאַבענעס, — וואָלט געדאַרפט מאַכען אַן אַנגענעהמען, ערפרייהענדען, ערמונטערנדען איינדרוק. דאָך איז עס געוועזען פאַר נעכלודאָוו׳ן שווער, און ער האָט ניט גע־

קענט בעהערשען אין זיך דיעזע שווערקייט.

פון שטאָדט האָט זיך דערהערט א גלאָקענקלאנג. די פוהר־לייט, וועלכע זיינען געשטאנען ניט ווייט פון נעבלודאָוו׳ן, האָבען זיך איבערגע׳צלם׳ט, א בייג טהוענדיג זיך מיט׳ן גאנצען קערפּער. נאָר איין אלטער מאן, וועלכער איז געשטאנען נעהנטער פון זיי אלעמען צום ברעג פון׳ם פּראָהם, האָט זיך ניט גע׳צלם׳ט און האָט נאָר אויסגעשטעלט א פּאָר גרויסע אויגען אויף נעבלודאָוו׳ן. דער אלטער האָט אויסגעזעהן זעהר אָרים, אָפּגעריסען און א בעטלער־טאָרבע איז געהאנגען ביי איהם איבער׳ן פּלייצע.

— און דו, אלטער, פאר וואָס צלם׳סט זיך ניט, ביסט דו ניט קיין קריסט? — האָט נעבלודאָוו׳ס פוהרמאן א פרעג געטהאָן דעם אלטען.

— צו וועמען זאָל איך מתפּלל זיין? — האָט איהם לעבעדיג א פרעג געטהאָן דער אלטער.

— צו וועמען? צו גאָט! — האָט געענטפערט דער פוהרמאן איראָניש.

— אָט, ווייז מיר, איך בעט דיך, וואו איז ער, דער גאָט?

עס איז געווען עטוואָס ערנסטעס, פעסטעס אין דער ארט, אין וועלכער דער אלטער האָט ארויסגערעדט דיזע פראגע. דער פוהרמאן האָט זיך אביסעל פערשעהמט, אָבער ניט וועלענדיג בלייבען בחרפּה פאר די איבריגע צוהערער, האָט ער שנעל אָן ענטפער געטהאָן:

— וואו? אויפ׳ן הימעל!

— און דו ביסט דאָרט געוועזען אויפ׳ן הימעל?

— געוועזן, ניט געוועזן, אָבער אלע וויסען, אז מען דארף צו גאָט תּפלה טהאָן.

— קיינער האָט גאָט ניט געזעהען, — האָט ערנסט געענט־פערט דער אלטער, — אין ערגעץ ניט!

— דו ביסט א נעבריסט, ווי עס ווייזט אויס, דו אָבגעריסע־נער שלעפּער.

אימיצער האָט פון דער זייט א לאך געטהאָן.

— און אין וואָס גלויבסט דו, אלטינקער, — האָט א צווייטער פויער א פרעג געטהאָן.

— איך האָב קיין גלויבען ניט. איך גלויב קיינעם ניט אויסער זיך אליין.

— ווי אזוי גלויבט מען דאָס זיך זעלבסט? — האָט געפרעגט נעכלודאָוו ארייננעהענדיג אין געשפרעך. — מען קען זיך דאָך טועה זיין.

— קיין מאָל ניט, — האָט א טרייסעל טהוענדיג מיט׳ן קאָפּ געענטפערט דער אלטער.

— טו וואָרום זיינען פאראן אזוי פיעל פערשיעדענע גלויבענס? — האָט געפרעגט נעכלודאָוו.

— דעריבער זיינען טאקי דאָ פערשיעדענע גלויבענס, ווייל מען גלויבט לייטען און זיך ניט. איך האָב אויך געגלויבט לייטען און איך האָב געבלאָנדזשעט. איך האָב זיך אזוי פערפּלאָנטערט, אז איך בין קוים ארויסגעקראָכען. די אלטגלויביגע און די ניי־גלויביגע, סובאָטניקעס און כליסטען, מאָלאָקאנען און סקאָפּצעס, יעדע אמונה גלויבט נור זיך אליין. און אָט האָבען זיי זיך פאנאנדערגעפּויזעט ווי בלינדע הינטלעך. אמונות זיינען דאָ א סך, און א גייסט איז נאָר פארהאן איינער, אין דיר, אין מיר און אין איהם. דארום דארף יעדער גלויבען זיין אייגענעם גייסט און דאַן וועלען אלע זיין פעראייניגט. זאָל יעדער זיין ער אליין און אלע וועלען זיין איינס.

— נו, און איהר גלויבט שוין לאנג אזוי? — האָט געפרעגט נעכלודאָוו.

— שוין זעהר לאנג. עס איז שוין דער דריי און צוואנציגסטער יאָהר ווי זיי טרייבען מיך.

— וואָס הייסט זיי טרייבען?

— אזוי ווי מען האָט געטריבען יעזוס׳ן, אזוי טרייבט מען מיך מען כאַפּט מיך און מען שלעפּט מיך ארום אין געריכטען, צו גלחים און ווער ווייסט וואוהין; אין משוגעים הויז האָט מען מיך שוין ארייננעזעצט. אָבער זיי קענען מיר גאָר נישט טהאָן, ווייל איך

בין פריי. „ווי רופט מען דיך?“ פרעגען זיי מיך, און זיי מיינען, אז איך וועל דערביי אננעהמען וועלכען עס איז נאָמען. אָבער איך נעהם קיין נאָמען ניט אָן. איך האָב זיך פון אלעם אָבגעזאָגט: איך האָב נישט קיין היים, קיין אָרט, קיין פאטערלאנד—קיין זאך ניט. איך בין איך אליין. „ווי רופט מען דיך?“ — מענש. — „ווי אלט ביסטו?“ — איך האָב ניט געצעהלט מיינע יאָהרען, און מען קען זיי אויך ניט צעהלען—זאָג איך—ווייל איך בין אימער געווען און וועל אימער זיין.—„ווער איז דיין פאָטער און מוטער?“ — פרעגען זיי מיך. — „ניין“, ענטפער איך, „איך האָב ניט קיין פאָטער און מוטער. גאָט איז מיין פאָטער, די ערד—מיין מוטער.“ „און דעם צאר אנערקענסט דו?“ — פרעגט מען מיך. — „ווארום דען נישט? — ער איז זיך א צאר, און איך בין זיך א צאר“. זיי פלאגען מיך אזוי לאנג ביז זיי ווערט נמאס.

— וואוהין געהט איהר יעצט? — האָט געפרעגט נעכלודאָוו.

— וואוהין גאָט פיהרט. איך ארבייט. אז עס איז ניטאָ קיין ארבייט—בעטעל איך.

דער אלטער, דערזעהענדיג אז דער פראָהם קומט אָן צו דעם אנדערען ברעג, האָט געוואָרפען א טריאומפירענדען בליק אויף די דערביישטעהענדע און איז אנטשוויגען געוואָרען.

ווען דער פראָהם איז צוגעשוואומען צום צווייטען ברעג, האָט נעכלודאָוו ארויסגענומען זיין פאָרטמאנע און האָט דעם אלטען געוואָלט געבען געלד. דער אלטער האָט זיך ענטזאגט.

— דאָס נעהם איך ניט. ברויט נעהם איך — האָט ער געענטפערט.

— נון, ענטשולדיגט.

— ניטאָ וואָס צו ענטשולדיגען. דו האָסט מיך ניט בעליידיגט, און מען קען מיך ניט בעליידיגען — האָט דער אלטער געזאָגט, אנטהוענדיג זיין צוקנייטשטע טאָרבע אויף די פלייצעס.

— און אייך גלוסט זיך דאָס מיט איהם פיהרען א געשפרעך, — האָט דער פוהרמאן געזאָגט צו נעכלודאָוו'ן, ווען יענער האָט זיך ארייגעזעצט אין וואָגען. — אָט, א בראָדיאגע א וועלכער.

19.

ווען דער וואָגען איז צוגעקומען צום שפּיץ בארג האָט זיך דער פוהרמאַן אומגעדרעהט.

— צו וועלכען האָטעל צופיהרען? — האָט ער געפרעגט.

— וועלכער איז בעסער?

— דער בעסטער איז „סיבירער". אויך ביי דיוקאָוו'ן קריגט מען אַ פיינעם צימער און אַ גוטע בעהאַנדלונג.

— פאָהר וואו דו ווילסט.

דער פוהרמאַן האָט זיך ווידער אוועקגעזעצט מיט אַ זייט און האָט גענומען אָנטרייבען דעם פערד. די שטאָדט האָט אויסגעזעהן פונקט ווי אַלע אנדערע שטעדט: דיזעלבע הייזער מיט גרינע דעכער, דיזעלבע קירכע, דיזעלבע גרויסע געשעפטען און מאגאזינען אין דער פּאַראַדנער גאַס, און זאָגאַר די פּאָליציי־לייט זיינען געווען די זעלבע. נאָר די הייזער זיינען געווען הילצערנע און די גאַסען אונ־ברוקירט. אין איינער פון די לעבעדיגסטע גאַסען האָט זיך דער פוהרמאַן אָבגעשטעלט ביים אריינפאָהר פון האָטעל. אָבער אין האָטעל זיינען געווען אַלע נומערן פערנומען און מען האָט געמוזט פאָהרען זוכען אַן אנדערן. אין דעם אנדערן האָטעל איז גראדע געווען איין צימער לעדיג, און נעכלודאָוו איז אהין אריינגעפאָה־רען. צום ערשטען מאָל זייט צוויי מאָנאַט האָט ער זיך געפונען ארומגערינגעלט פון אַ געוויסער ריינליכקייט און בעקוועמליכקייט, צו וועלכער ער איז געווען געוואוינט.

דאָס צימער, וואָס מען האָט געגעבען נעכלודאָוו'ן, איז אפילו ניט געווען איבעריגס גלענצענד פערפּוצט, אָבער דאָך, נאָך דעם שטענדיגען ארומפאָהרען אויף די פּאָטשטאָווע וועגען, און דעם לע־בען, וואָס ער האָט געפיהרט אין די דאָרפישע אכסניות און די עטאַ־פּען, — נאָך דעם אַלעמען איז דיזע וואָהנונג געווען אַ היבשע ערלייכטערונג.

פריהער פון אַלעמען האָט ער געדאַרפט פטור ווערען פון דעם שמוץ, וואָס האָט זיך אויף זיין קערפּער אָנגעקליבען אין דער

גאנצער צייט פון זיין ארומפאָהרען און פון וועלכען ער האָט אויף קיין פאל ניט געקענט פּטור ווערען, זייענדיג אימער אין די עטאַ־פּען. אזוי גיך ווי זיינע זאכען זיינען אריינגעבראכט געוואָרען אין צימער, איז ער גלייך אריין נעהמען א וואנע. דערנאך האָט ער זיך אָנגעטאָן אנשטענדיג, ווי עס פּאסט זיך פאר א שטאדטס־מאן, א געפּרעסטע העמד, זיינע אביסעל צוקנייטשטע הויזען, ראָק און פּאלטאָ, וועלכע זיינען געלעגען אין קופערט. דאן איז ער געוועזען פארטיג צו פאָהרען צום פערוואלטער איבער דער גובערניע. דער איזוואָזטשיק, וועלכען דער משרת פון האָטעל האָט געבראכט, האָט געהאט א גוט אָבגעפּיטערטען, גרויסען קירגיזען פערד, געשפּאנט אין א זעהר לייכטע דראָשקע. ער האָט איהם צוגעפיהרט צו א גרויסער, שעהנער הויז, ביי וועלכע עס איז גע־שטאנען א וואך און א גאָראָדאָוואָי.

דער גענעראל איז געוועזען עפּעס ניט געזונד און ער האָט ניט אויפגענומען קיין בעזוכער. פון דעסטוועגען האָט ער געבעטען דעם דיענער, ער זאָל איהם מעלדען פאר'ן גענעראל. דער דיענער האָט זיך אומגעקעהרט צוריק מיט א גינסטיגער אנטוואָרט:

— **דער גענעראל בעט, איהר זאָלט אזוי גוט זיין און אריינ־געהן.**

דער קאָרידאָר, דער לאַקעי, בעדיענער, דער זאאל מיט פּאר־קעטנע דילען — דאָס אלעס איז געוועזען עהנליך צו א פּעטערבורגער הויז, נור גרויסארטיגער און שמוציגער אביסעל. נעכלודאָוו'ן האָט מען אריינגעפיהרט אין קאבינעט.

דער גענעראל, אן אָנגעבלאָזענער, מיט א נאָז ווי א קארטאָ־פעל, איז געזעסען אין זיין זיידענעם כאלאט, מיט א פּאפּיראָס אין האנד און געטרונקען טהעע.

— גוטען מאָרגען, גוטען מאָרגען. פערצייהעט וואָס איך נעהם אייך אויף אזוי אין כאלאט, אלץ דאָך בעסער איידער גאָר ניט אויפנעהמען. איך בין באמת ניט אין גאנצען געזונד און געה ניט ארויס. נון, וואָס האָט אייך געבראכט אין אזעלכע מרחקים צו אונז?

— איך בין מיטגעפאָהרען מיט א פארטיע ארעסטאנטען, צווי־
שען וועלכע עס האָט זיך איינגעפונען א פערזאָן א נאָהענטע צו מיר
— האָט געזאָגט נעכלודאָוו, — און אָט בין איך אריין צו בעטען
אייער עקסעלענץ אייניגער מאָסען וועגען דיעזער פערזאָן און נאָך
וועגען עטוואָס.

דער גענעראל האָט זיך פערצויגען מיט דעם רויך פון פאפי־
ראָס, האָט א שלונג געטהאָן א זופּ טהעע, האָט פערלאָשען נאכהער
דעם פאפּיראָס אין דער פעפּעלניצע, און ניט אראָבנעהמענדיג זיי־
נע גלאנציגע אויגען פון נעכלודאָוו, האָט ער ערנסט צוגעהערט זיך
צו זיינע רייד. ער האָט איהם נור איבערגעשלאָגען די רייד אום
צו פרעגען אויב ער וויל ניט רויכערן.

דער גענעראל האָט בעלאנגט צו דעם טיפּ פון די געלעהרטע
מיליטער־מענשען, וועלכע רעכענען, אז זיי קענען ווי עס איז פער־
אייניגען ליבעראליזמוס און הומאניטעט מיט די אויפגאבען פון
זייער פּראָפעסיאָן. נור, אלס א מענש פון דער נאטור א קלוגער
און א גוטער, האָט ער באלד דערפיהלט, אז אזא פעראייניגונג איז
אונמעגליך, און אום ניט צו זעהן דעם היפוך פון זיין פּראָפעסיאָן
מיט זיינע הומאניטארע געדאנקען, האָט ער אלץ מעהר און מעהר
אָנגעהויבען טרינקען און האָט אזוי זיך פער'שכור'ט, אז נאָך 35
יאָהר פון זיין מיליטער דיענסט איז ער געוואָרען, ווי די ערצטע
רופען עס אָן, אן אלקאָהאָליקער.

ער איז געווען אין גאנצען דורכגענומען פון אלקאָהאָל. איהם
איז שוין איצט גענוג געווען אויסצוטרינקען איין ביסעלע וועלכע
עס איז שטארקייט אום צו ווערען פער'שכור'ט. טרינקען שנאַפּס
איז פאר איהם געווען א נויטווענדיגע בעדירפניס, אָהן וועלכער
ער האָט ניט געקענט לעבען, און יעדען טאָג פלעגט ער מוזען געגען
אבענד אין גאנצען שכור זיין, אבוואָהל ער האָט זיך שוין אזוי
צוגעפּאסט צו דיעזען צושטאנד, אז ער האָט געקענט געהן גלייך,
ניט וויגענדיג זיך און האָט ניט גערעדט אין גאנצען אויסער'ן וועג,
ווען אפילו ער איז געווען בעזויפען. אויב אָבער ער האָט יא אמאָל
גערעדט נארישקייט אין אזא צושטאנד, האָט מען דאָס אָבער גע־

רעכענט ערשט דאן פאר א גרויסע חכמה איבער דער הויכער שטע־לונג, וועלכע ער האט פערנומען.

נאר אין דער פריה, אט אין דער צייט, אין וועלכער נעכלו־דאוו האט איהם בעזוכט, האט מען אין איהם נאך געקענט דערקע־נען דעם קלוגען מענשען. ער האט פערשטאנען וואס מען רעדט צו איהם און האט מעהר אדער ווייניגער אויסגעפיהרט אין דער ווירקליכקייט דעם שפריכווארט, וועלכען ער האט ליעב געהאט אפט צו ווידערהאלען: שכור און קלוג, זיינען זיינע צוויי מעלות.

די העכער־געשטעלטע רעגיערונגס לייטע האבען געוואוסט, אז ער איז א פיאניצע, ער איז אבער דאך געווען געבילדעטער אלס אנדערע, אבוואהל זיין בילדונג האט זיך אבגעשטעלט אויף דעם פלאץ, וואו זי איז געווען, ווען עס האט זיך אנגעהויבען זיינע שכרות — אבער דאך, ער איז געווען דרייסט, געשיקט, רעספעקטאבעל, און האט געקענט אפילו שכור׳ערהייט האלטען זיך מיט טאקט, און דארום האט מען איהם געלאזט בעטרעטען אזא פעראנטווארטליכע אמט, ווי די וועלכע ער האט געהאט.

נעכלודאוו האט איהם דערצעהלט, אז די פערזאן, צוליעב וועלכע ער איז מיטגעפאהרען מיט די ארעסטאנטען, און וועלכע אינטערעסירט איהם אזוי, איז א פרויענצימער, אז זי איז אונשול־דיג פעראורטהיילט געווארען, און אז עס איז וועגען איהר דער־לאנגט געווארען א פראשעניע אויף דעם קיסר׳ס נאמען.

— יא. נו? — האט געפרעגט דער גענעראל.

— מען האט מיר פערשפראכען אין פעטערבורג, אז די נאכ־ריכט וועגען איהר שיקזאל וועט מען מיר ארויסשיקען ניט שפע־טער ווי דיעזען מאנאט און אהער...

ניט אראבלאזענדיג די אויגען פון נעכלודאוו׳ן, האט דער גע־נעראל אויסגעצויגען זיין האנד מיט די קורצע פינגער צום טיש, האט א קלונג געטאהן אין גלעקעל און האט פארטגעזעצט ווייטער אויפמערקזאם הערען וואס נעכלודאוו זאגט איהם, פעררויכערנדיג ווידער א פאפיראס און בלאזענדיג שטארק פון זיך דעם רויך; ער האט צוגעהוסט גאנץ שטארק.

— וואָלט איך געבעטען, — האָט פאָרטגעזעצט נעכלודאָוו,

— אויב עס איז מעגליך אויפהאַלטען דאָ דיעזע פרוי ביז וואנען עס וועט ערהאלטען ווערען אן ענטפער אויף דער פראָשעניע, וועל־כע איז דערלאַנגט געוואָרען אין פעטערסבורג.

דער לאַקעי איז אריין. דאָס איז געווען א דענטשיק אָנגע־טאָהן אין א מונדיר.

— גיב א פרעג אויב אננא וואסיליעווגא איז שוין אויף, — האָט געזאָגט דער גענעראַל צום לאַקעי, — און דערלאַנג מיר נאָך טהעע. — נון, עטוואָס נאָך? — האָט ער זיך איצט געווענדעט צו נעכלודאָוו'ן.

— מיין צווייטע ביטע, — האָט פאָרטגעזעצט נעכלודאָוו, — האָט צו טהאָן וועגען א פּאָליטישען ארעסטאנט, וועלכער געהט אויך מיט דיעזער פּארטיע.

— אזוי! — האָט געזאָגט דער גענעראַל, בעדייטונגספאָל שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ.

— ער איז געפעהרליך קראנק, האַלט ביים שטארבען, און מען וועט איהם וואהרשיינליך לאָזען דאָ אין באָלניצע, דען פיהרען איהם ווייטער איז אונמעגליך. נון, איינע פון די פּאָליטישע ארעס־טאנטקעס וואָלט געוואונשען צו בלייבען לעבען איהם.

— איז זי איהם א פרעמדע?

— יאָ, אָבער זי איז בערייט צו הייראטהען מיט איהם, אויב דאָס וועט איהר געבען די מעגליכקייט צו בלייבען לעבען איהם.

דער גענעראַל האָט דורכדרינגענד געקוקט מיט זיינע גלענ־צענדע אויגען און האָט געשוויגען, הערענדיג, אזוי ווי ער וואָלט געוואָלט שטעלען אין פערלעגענהייט נעכלודאָוו'ן מיט זיין שטענ־דיגען קוקען אויף איהם, און ער האָט אלץ ניט אויפגעהערט צו רויכערען.

ווען נעכלודאָוו האָט געענדיגט, האָט דער גענעראַל ארויסגע־נומען א בוך, און בלעטערענדיג שנעל מיט זיינע פינגער האָט ער געפונען דעם געזעץ וועגען הייראטה צווישען ארעסטאנטען און האָט איהם איבערגעלעזען, פרעגענדיג דערנאָך נעכלודאָוו'ן:

— צו וואָס איז זי פעראורטהיילט ?

— זי? צו קאטאָרגע.

— נון, קען די לאגע פון פעראורטהיילטען דורך הייראטה ניט פערבעסערט ווערען.

— אָבער...

— ערלויבט נור. ווען מיט איהר וואָלט געהייראט א פרייער מענש, מוז זי דאָך אלץ אָבזיין איהר שטראָף. דאָ איז די פראגע ווער איז פעראורטהיילט צו א גרעסערע שטראָף, ער אָדער זי?

— זיי זיינען ביידע פעראורטהיילט צו קאטאָרזשנע ארבייט.

— נו, איז ניטאָ וואָס צו ריידען, — האָט לאכענדיג געזאָגט דער גענעראל, — וואָס איהם, דאָס איהר. איהם קען מען אלס א קראנקען איבערלאָזען דאָ, — האָט ער פאָרטגעזעצט, — און זעלבסט פערשטענדליך, אלעס מעגליכעס וועט געטהאָן ווערען אום צו פערלייכטערען זיין לאגע; אָבער זי, ווען אפילו זי זאָל מיט איהם הייראטהען, קען זי פון דעסטוועגען ניט פערבלייבען...

— די גענעראלשע טרינקט קאפע — האָט געמעלדעט דער לאקעי.

דער גענעראל האָט א שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ און האָט פאָרטגעזעצט זיינע רייד, זאָגענדיג צו נעכלודאָוו׳ן.

— יעדענפאלס וועל איך נאָך נאָכדענקען, ווי איז זיין פאמיליע? פערשרייבט אָט דאָ, זייט אזוי גוט.

נעכלודאָוו האָט פערשריבען.

— און דאָס קען איך אויך ניט, — האָט דער גענעראל געענטפערט נעכלודאָוו׳ן אויף זיין ביטע צו זעהן זיך מיט דעם קראנקען. — זעלבסטפערשטענדליך, אז איך פערדעכטיג אייך ניט, — האָט ער געזאָגט, — אָבער איהר אינטערעסירט זיך מיט איהם און מיט אנדערע, און איהר האָט געלד, און דאָ ביי אונז איז אלעס פערקויפליך. מען זאָגט מיר: אויסראָטען כאבאר. ווי קען מען אויסראָטען, ווען אלע זיינען כאבארניקעס און וואָס א שטאפעל ניעדעריגער דער טשינאָווניק, אלץ מעהר כאבארניק איז ער. ווי קענט איהר דאָ איינהיטען פאר 5000 וויאָרסט? ער איז זיך דאָרטען

אזא קיסר'ל ווי איך דאָ, — און ער האָט זיך צולאכט. — איהר האָט זיך דאָ געזעהן שוין וואהרשיינליך מיט פּאָליטישע, איהר האָט געגעבען געלד, האָט מען אייך ארייגעלאָזען, — האָט ער געזאָגט, שמייכלענדיג — אזוי, הא, זאָגט דעם אמת?

— יא, עס איז אמת.

— איך פערשטעהע, אז איהר מוזט אזוי טהאָן. איהר ווילט זעהן א פּאָליטישען און אייך טהוט וועה דאָס הארץ פאר איהם, און דער סמאָטריטעל אָדער דער קאָנוואָינער נעהמט די מטבעה דערפאר, ווייל זיין געהאלט איז א שפּאָט קליינער און ער האָט א פאמיליע, וועלכע וויל לעבען, נו ווי זאָל ער ניט נעהמען? ווען איך וואָלט געווען אין אייער אָדער אין זיין לאגע וואָלט איך געטהאָן דאָסזעלבע וואָס איהר טהוט אָדער וואָס ער טהוט. אָבער זייענדיג אין מיין לאגע וועל איך זיך ניט ערלויבען אויף קיין איין האָאר אָבצוטרעטען פון בוכשטעבליכען געזעץ, און עבען דארום, ווייל איך בין א מענש און קען בעאיינפלוסט ווערען פון רחמנות. נו, דיעזע פראגע איז געענדיגט, דערצעהלט מיר איצט וואָס טהוט זיך אין אונזער מעטראָפּאָליע? — און דער גענעראל האָט אָנגעהויבען פאנאנדערפרעגען זיך, אין דערזעלבער צייט אויך פון זיין זייט דערצעהלענדיג, זובענדיג, ווי עס האָט געשיינט, צו דערוויסען זיך נייעס און ארויסצוצייגען זיין בעדייטונג און הומאניטעט.

## 20.

— נו, איז ביי וועמען שטעהט איהר איין? ביי דיוק? נו דאָרט איז אויך פאסקודנע. אָט איהר קומט צו אונז צו מיטאָג, — האָט געבעטען דער גענעראל, ווען נעכלודאָוו האָט גענומען אבשיעד. — פינף אוהר עסען מיר מיטאָג. רעדט איהר ענגליש?

— יא, איך רייד.

— נו, איז וואויל. אהער, פערשטעהט איהר מיך, איז געקומען צו פאָהרען אן ענגלענדער, א רייזענדער. ער שטודירט די פערשיקונגס סיסטעם און די געפעגנגניסע אין סיביר, נו איז ער דאָס איינגעלאדען צו אונז צו מיטאָג, קומט איהר אויך. איך וועל אייך

דאן געבען אנטוואָרט אויך וועגען דעם קראנקען און מיט יענער פרוי. עס קען זיין, אז מען וועט יעמאנדען קענען איבערלאָזען לע־בען איהם.

זעגענענדיג זיך מיט דעם גענעראל, איז נעכלודאָוו אוועק צום פּאָסט, וואו ער האָט ערהאלטען זיינע בריעף און פּאַקעטען. ער איז צוגעגאנגען צו אַ באנק און האָט זיך געזעצט און דערזעהענדיג צווישען די פּאַקעטען איינע מיט אַ רויטע טריוואקס־חתימה, האָט ער איהם דעם ערשטען געעפענט; דאָרט האָט ער געפונען סעלע־ניןס אַ בריעף צוזאמען מיט אַ אָפיציעלען פּאַפּיער; דאָס בלוט האָט איהם אַ שטראָם געטהאָן אין געזיכט און דאָס הארץ האָט אָנ־געהויבען שטארק צו קלאַפּען. דאָס איז געווען די ענטשיידונג פון מאסלאָוואס פּראָצעס. וואָס איז די ענטשיידונג? זאָל דאָס מעגליך זיין, אז מען האָט אָבגעזאָגט אין דער אַפּעלאציע?

נעכלודאָוו איז שנעל דורכגעלאָפען מיט די אויגען דעם גע־שריבענעם מיט געדיכטע, געבראָכענע און קליינע בוכשטאבען בריעף און האָט פרעהליכער אָבגעאטהעמט. די ענטשיידונג איז געווען אַ געוואונשענע.

„ליעבער פריינד!“ — האָט איהם סעלענין געשריעבען — „דער לעצטער געשפּרעך אונזערער האָט אויף מיר איבערגעלאָזען אַ שטארקען איינדרוק. דו ביסט געווען גערעכט וועגען מאסלאָ־וואן. איך האָב אויפמערקזאם איבערגעקוקט דעם גאנצען פּראָ־צעס און איך האָב איינגעזעהן, אז געגען איהר איז בעגאנגען געוואָ־רען אַ גרויזאַמע עולה. פעררעכטען איז מעגליך געווען נאָר אין דער קאָמיסיע פון פּראָשעניעס, וואוהין דו האָסט זיך געווענדעט. מיר איז געלונגען אויסצואווירקען דאָרט אַ גינסטיגע ענטשיידונג, און אָט שיק איך דיר אַ קאָפּיע פון דער בעגנאדיגונג אויף דער אדרעסע, וועלכע די גרעפין יעקאטערינא איוואנאָוונא האָט מיר גע־געבען. די אָריגינעלע פּאַפּיער איז אָבגעשיקט געוואָרען דאָרט, וואו זי האָט זיך אויפגעהאלטען ביזן געריכט, פון וואנען זי וועט וואָהר־שיינליך, איבערגעשיקט ווערען אונגעזאמט צו דער סיבירער הויפּט־

פערוואלטונג. איך אייל זיך צו וויסען טהאָן דיר דיעזע פרעהלי־
כע נייעס און דריק פעסט דיין האנד, דיין

סעלענין“.

דער אינהאלט פון דעם פאפיער זעלבסט איז געווען פאָלגענ־
דער: „ די קאנצעלאריע פון זיין קייזערליכער מאיעסטעט“ א. ז. וו.
— „אויפ’ן בעפעהל פון דעם הויפט פערוואלטער פון דער קאנצע־
לאריע פון זיין מאיעסטעט וועגען צונעהמען פראָשעניעס אויפ’ן
קייזער’ס נאָמען, ווערט ערקלעהרט דער מעשטשאנקע יעקאטערינא
מיכאילאָווא, אז זיין קייזערליכע מאיעסטעט, זייענדיג גנעדיג צו
דער ביטע פון מאסלאָווא, האט גנעדיגסט בעפאָהלען צו פערבייטען
דעם אורטהייל פון קאטאָרזשנע ארבייט אויף פערשיקען אין פלע־
צער ניט זעהר ווייט אין סיביר.“

די נאכריכט איז אלזאָ געווען א פרעהליכע און א וויכטיגע.
עס האט פאסירט גראדע ווי נעכלודאָוו האט געקענט ווינשען פאר
קאטיושא און פאר זיך אליין. אמת, דיעזע נייע וועגדרונג אין איהר
לאגע וועט מוזען פעראורזאכען נייע שוועריגקייטען אין זיינע בע־
ציהונגען צו איהר. ווי לאנג זי איז געווען פעראורטהיילט צו קא־
טאָרגא האט זיין חתונה האָבען מיט איהר געהאט א זינען בלויז
לייבטער צו מאכען איהר לאגע. איצט האט קיין זאך ניט גע־
שטערט זייער צוזאמענלעבען, אָבער דארויף האט זיך נעכלודאָוו
ניט געריכט; ער איז דאצו ניט געווען פאָרבערייטעט.

אויסער דעם, איהרע בעציהונגען צו סימאָנסאָן’ען? וואָס
האָבען בעדייטעט איהרע נעכטיגע ווערטער? און אויב זי וויליגט
איין צו הייראטען מיט סימאָנסאָן’ען, וועט עס זיין פאר איהר
בעסער אָדער ערגער? ער האט בשום אופן ניט געקענט ארויס־
פלאָנטערן זיך פון דיעזע געדאנקען, וועלכע האָבען זיך געשטויסען
איצט אין זיין מוח, און האט געזעהן אויף דערווייל אָבווענדען
זיי פון זיך.

„אלעס דאָס וועט זיך ארויסצייגען שפעטער“ — האָט ער זיך
געטראכט — „פאָרלויפיג איז נויטווענדיג וואָס שנעלער צו זעהען

זיך מיט איהר און לאָזען איהר וויסען וועגען די פּרעהליכע נאכ-ריכט, אז איהר שטראָף איז פערביטען געוואָרען פון קאטאָרגע אויף פערשיקונג און אז זי איז מעהר אָדער ווניגער בעפרייט״.

ער האָט געמיינט, אז די קאָפּיע, וועלכע איז ביי איהם אין האנד, איז גענוגענד, אז מען זאָל זי גלייך בעפרייען. ער האָט זיך ארויפגעזעצט אויף א דראָשקע און האָט געהייסען דעם איזוואָז-טשיק שנעל פאָהרען צום אסטראָג.

טראָץ דעם וואָס דער גענעראל האָט ניט ערלויבט איהם צו בעזוכען דעם אסטראָג, דאָך, וויסענדיג פון ערפאהרונג, אז וואָס די עלטערע ערלויבען ניט קען מען אמאָל לייכט פועל'ן ביי די קלע-נערע, האָט ער געהאָפט צו קענען זיך זעהן מיט זיי און איבערגעבען קאטיושא'ן די פרעהליכע בשורה און געוואָהר ווערען וואָס מאכט קרילצאָוו.

דער סמאָטריטעל פון אסטראָג איז געווען א הויכער, א דיקער מאן מיט גרויסע באקענבארדען. ער האָט זעהר שטרענג אויפ-גענומען נעכלודאָוו'ן און האָט איהם גלייך ערקלעהרט, אז זייטיגע מענשען האָבען קיין רעכט ניט צו בעזוכען דעם אסטראָג אָהן ספּע-ציעלע ערלויבנים דאצו. אויף דער בעמערקונג פון נעכלודאָוו'ן, אז זאָגאר אין הויפּט שטאָדט האָט מען איהם צוגעלאָזען זעהן זיך מיט די ארעסטאנטען, האָט דער סמאָטריטעל איהם טרוקען גע-ענטפערט:

— דאָס קען זיך זיין אמת, אָבער איך לאָז ניט.

די קאָפּיע פון דער ענטשיידונג פון דער קייזערליכער קאנצע-לאריע האָט אויך ווניג געהאָלפען. דער סמאָטריטעל האָט דער-פון ניט געוואָלט וויסען און האָט איין מאָל פאר אלע מאָהל ער-קלעהרט, אז ער וועט נעכלודאָוו'ן ניט לאָזען זעהען זיך מיט קיי-נעם פון די ארעסטאנטען אָהן א ערלויבנים פון דער העכערער נא-טשאלסטוואָ. אומזאָנסט האָט נעכלודאָוו געבעטען כאָטש אויס-קינפטע איבער דעם צושטאנד פון קרילצאָוו'ן, דער סמאָטריטעל האָט געענטפערט דערויף אויף שטרענג און טרוקען, אז ער ווייס זאָ-גאר ניט, אויב אזא ארעסטאנט געפינט זיך אין אסטראָג און ער

ענטזאגט זיך פון אירגענד וועלכען געשפרעך וועגען דעם.

די שטרענגקייט פון סמאַטריטעל איז געווען הויפטזעכליך אי־בער דעם, וואָס אין אסטראג איז געווען די טיפוס עפידעמיע צוליעב דעם, וואָס עס זיינען געווען אונגעהויער פיעל ארעסטאנטען אזוי, אז דער אסטראג איז געווען איבערגעפאקט. דער איזוואָזטשיק, וואָס האָט געפיהרט נעכלודאָוו'ן האָט דערפון געוואוסט און האָט איהם געזאָגט אויפ'ן וועג.

— עפּעס איז אויף זיי דאָרטען, זאָגט מען, אזא חולאת אָנגע־פאלען. מענשען פאלען ווי פליגען. א מאן צוואנציג האָט מען בע־גראָבען אין איין טאָג.

21.

ניט קוקענדיג אויף זיין נידערלאגע אין אָסטראָג, איז נעכלו־דאָוו אלץ אין דעמזעלבען מונטערן, עטוואָס עררעגטען צו־שטאנד, אוועקגעפאָהרען צום קאנצעלאריע פון דעם גובערנאטאָר אום צו דערוויסען זיך, צו האָט מען שוין דאָרט ערהאלטען די באפיער וועגען מאסלאָווא. אזא פאפיער איז נאָך דאָרט ניט ער־האלטען געוואָרען, און דארום האָט נעכלודאָוו, אומקעהרענדיג זיך צוריק אין האָטעל גלייך געזעצט זיך און אָנגעשריבען א בריעף צו סעלענין'ען און צו דעם אדוואָקאט. ענדיגענדיג די בריעף האָט ער א קוק געטהאָן אויפ'ן זייגער; עס איז שוין צייט געווען צו פאָהרען צום גענעראל אויף מיטאָג.

אויפ'ן וועג איז איהם ווייטער געקומען דער געדאנק וועגען דעם, ווי קאטיושא וועט בעגעגענען די בשורה וועגען איהר בעפריי־הונג פון קאטאָרגע, און וואוהין וועט מען זי שיקען? ווי וועט ער מיט איהר לעבען? און סימאָנסאָן? ווי זיינען איהרע בעציהונגען צו איהם? ער האָט זיך דערמאָנט איצט אויף אָן די ענדערונג, וועלכע איז אין איהר פאָרגעקומען, ער האָט זיך אויך דערמאָנט איהר פערגאנגענהייט.

דער מיטאָג ביי דעם גענעראל איז איהם געווען בעזאָנדערס אנגענעהם. עס איז געווען מיט אלע אנגענעהמליכקייטען און בע־

קוועמליכקייטען, ווי עס ווערט געפיהרט אין א רייכער אריסטאָ־
קראטישער הויז, צו וועלכע ער איז אזוי געוואוינט געווען און וואָס
ער האָט שוין ניט געהאט אזא היבשע צייט זייענדיג אין וועג.

די גענעראלשע איז געווען א פעטערבורגער גרענד דאמע פון
אלטען ארט, א געוועזענע הויף־פריילין אין ניקאָלאי׳ס סוויטע,
זי האָט גערעדט גאנץ נאטירליך פראנצויז און זעהר אוננאטיר־
ליך רוסיש. זי האָט זיך געהאלטען גלייך, שלאנק און בעוועגענ־
דיג מיט די הענד האט זי דאָך ניט אָבגעצויגען די עלענבויגענס
פון טאליע. מיט׳ן מאן האָט זי זיך געהאלטען גאנץ רוהיג און מיט
א געוויסער אכטונג, אָבער טרויעריגליך געשטימט און צערטליך דא־
ביי. נעכלודאָוו׳ן האָט זי בעגעגענט ווי אן אייגענעם מענשען.
זי האָט איהם געגעבען צו פיהלען, אז זי וויים זיינע פערהעלטני־
סע און אז זיין טהאט איז אָבוואָהל אָריגינעל אָבער זעהר עהרליך,
און זי רעכענט איהם פאר אן אויסנאהם מענשען.

דער גאנצער צוגאנג, די בעקוועמליכקייט, דער אנגענעהמער
געשפרעך, די איידעלע מאניערען, די געשמאקע שפייזען, דער עלע־
גאנטער טיש, די שעהנע בענעהמונגען, — דאָס אלעס האָט איצט
געווירקט אויף נעכלודאָוו׳ן בעזאָנדערס אנגענעהם.

ביים טיש זיינען אויסער דער פאמיליע — די טאָכטער פון
גענעראל מיט איהר מאן און דער אדיוטאנט — אויך געווען: דער
ענגלענדער, א קופעץ, וואָס האָט געהאנדעלט מיט גאָלד און א געקו־
מענער גובערנאטאָר פון א וויימער סיבירער שטאָדט. דיעזע אלע
לייטע זיינען איצט געווען אנגענעהם פאר נעכלודאָוו׳ן.

דער ענגלענדער, א געזונדער, רויטער מענש, וואָס האָט זעהר
שלעכט גערעדט פראנצויז, האָט אָבער גערעדט זעהר שעהן
און אָראטאָריש ענגליש, איז געווען זעהר אינטערעסאנט, דען ער
האָט זיך פיעל אנגעזעהען און האָט געהאט גענוג צו דערצעהלען פון
אמעריקא, אינדיען, יאפאן און סיביר.

דער יונגער קופעץ, דער גאָלד הענדלער א זוהן פון א פויער,
אָנגעטהאָן אין א שווארצען פראק, וועלכער איז גענעהט געוואָרען
אין לאָנדאָן, מיט בריליאנטענע זאפאָנקעס, האָט גערעדט אנגע־

נעהם, האָט זיך געהאַלטען פאַר אַן אייראָפּעער ליבעראַל. האָט גע־האט אַן אונגעהויערע רייכע ביבליאָטהעק און האָט געשענקט אונ־געהויער גרויסע סומען פיר וואָהלטהעטיגע אנשטאַלטען — ער האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ נייעם און גוטען טיפּ פון אייראָפּעער קול־טור, אויסגעוואַקסען אויף דעם געזונדען מוזשיצקען באָדען.

דער גובערנאַטאָר פון דער ווייטער שטאָדט איז געווען דער־זעלביגער, וועגען וועלכען מען האָט זעהר פיעל גערעדט אין פּעטער־בורג, ווען נעכלודאָוו איז נאָך דאָרטען געווען. דאָס איז געווען אַ פולער מענש מיט שיטערע פערקאָמטע, געגרייזעלטע האָאר, מיט צערטליכע, בלויע אויגען מיט אַ בייכעל און מיט אָבגעפּאַשעטע ווייסע הענד, מיט רינגען אויף די פינגער און מיט אַן אנגענעהמען שמייכעל אויפ'ן געזיכט. דער גענעראַל האָט זעהר געשעצט דעם גובערנאַטאָר דערפאַר, וואָס צווישען אזוי פיעל כאַבאַרניקעס איז דער גובערנאַטאָר געווען אַן אויסנאַהמע. די גענעראַלשע האָט דעם געוועזענעם דירעקטאָר געשעצט, ווייל זי איז געווען אַ גרויסע ליעבהאָבערין פון מוזיק און אליין אַ גוטע פּיאַניסטין, און ער איז געווען אַ גרויסער קענער אין מוזיק און פלעגט מיט איהר שפּיעלען פּיאַנאָ אין פיער הענד.

נעכלודאָוו איז געווען אזוי אויפגעלייגט און ביז אזא מדרגה גוטהערציג, אז אפילו דיעזער מענש איז איהם היינט ניט געווען אונאנגענעהם. אַ פרעהליכער, אַן ענערגישער איז געווען דער אָפּי־צער־אדיוטאַנט, וואָס האָט איהם פּאָרגעשלאָגען בייהילפיג צו זיין אין אַלע אנגעלעגענהייטען און ער איז איהם געווען אנגענעהם מיט זיין גוטמוטהיגקייט.

אנגענעהמער פון אַלעמען איז אָבער נעכלודאָוו'ן געווען דאָס ליעבליכע יונגע פּאָאר, די טאָכטער פון גענעראַל מיט איהר מאַן. דיזע טאָכטער איז געווען אַ ניט שעהנע, איינפאַכע יונגע פרוי, און איהר מאַן, מיט וועלכען זי האָט געהייראַט אויס ליעבע נאָך אַ לאַנ־גען קאַמפּף מיט איהרע עלטערן, איז געווען אַ ליבעראַלער קאַנדי־דאַט פון מאָסקווער אוניווערזיטעט, בעשיידען און קלוג, איז געווען אויף אַ שטעלע און האָט זיך באַשעפטיגט מיט סטאַטיסטיק, בע־

זאָנדערס מיט דער סטאַטיסטיק פון די פרעמדע שטאַמען, וועלכע ער האָט דורכשטודירט, האָט זיי געליעבט און האָט געזעהען צו ראַטעווען זיי פון אויסשטאַרבען. אין געשפּרעך מיט'ן גענעראַל האָט נעכלודאָוו ווידער אַ בעט געטהאָן די ערלויבניס צו בעזוכען די טורמע.

דער גענעראַל איז הפנים ניט געוועזן צופריעדען וואָס ביים מיטאָג טיש רעדט מען וועגען עסקים, האָט ער זיך אָנגעכמורעט און האָט גאָר נישט געזאָגט.

— ווילט איהר שנאַפּס? — האָט ער אַ פרעג געטהאָן אויף פראַנצויזיש דעם אונטערגעקומענעם ענגלענדער. דער ענגלענדער האָט אויסגעטרונקען אַ שנאַפּס און האָט דערצעהלט, אַז ער האָט בעזוכט היינט דעם סאָבאָר און אַ פאַבריק, נור ער וואָלט נאָך וועלען זעהען די טורמע.

— אָט וואויל, — האָט זיך אַ ווענד געטהאָן דער גענעראַל צו נעכלודאָוו'ן, — איהר קענט געהן צוזאַמען. — גיט זיי אַן ערלויבניס — האָט ער געזאָגט צום אַדיוטאַנט.

— ווען דענקט איהר צו פאָהרען? — האָט נעכלודאָוו אַ פרעג געטאָהן דעם ענגלענדער.

— איך וויל בעסער אימער בעזוכען טורמעס אין אָוועגד — האָט געזאָגט דער ענגלענדער: — אַלע זיינען דאַן אין דערהיים און עס ווערען ניט געמאַכט קיין פּאָרבערייטונגען, און אַלעס איז אַזוי ווי עס איז.

— אַה, ער וויל זעהען אַלעס אין פולען גלאַנץ? נו, זאָל ער זעהען. איך האָב געשריבען... אָבער פאָלגט מען מיך ניט. נו, זאָלען זיי דאָס דערוויסען זיך פון דער אויסלענדישער פּרעסע, — האָט געזאָגט דער גענעראַל און האָט זיך געזעצט צום טיש, וואו די ווירטהין האָט אָנגעוויזען די געסט זייערע פּלעצער.

נעכלודאָוו איז געזעסען צווישען דער ווירטהין און דעם ענגלענדער. געגען איהם איז געזעסען דעם גענעראַל'ס טאָכטער און דער געוועזענער דירעקטאָר פון דעפּאַרטאַמענט.

ביים טיש איז דער געשפּרעך געוועזן אַ צופעליגער וועגען פער־

שיעדענע זאכען; וועגען אינדיען, וועגען וועלכער דער ענגלענדער האָט דערצעהלט; וועגען דער טאַנקינער עקספּעדיציע וואָס דעם גענעראל איז זעהר ניט געפעלען געווען, וועגען די שווינדלערייען און כאבאר וואָס געהט אָן אין סיביר. אלע די געשפּרעכען האָבען נעכלודאָוו'ן ווייניג אינטערעסירט.

אָבער נאָכ'ן מיטאָג, אין זאאל, ביים קאפע טרינקען, האָט זיך פערבונדען אן אינטערעסאנטער געשפּרעך מיט דעם ענגלענדער און מיט דערווירטהין פון הויז וועגען גלאַדסטאָן'ען און נעכלו־דאָוו'ן האָט זיך געדוכט, אז ער האָט געזאָגט פיעל קלוגע זאכען, וואָס זיינע מיטשפּרעכער האָבען געוויס באמערקט.

און נאָך דעם געשמאקען מיטאָג, וויין, קאפע, אויף דעם ווייכען פוטעל, צווישען העפליכע און גוט ערצויגענע מענשען, איז נעכלודאָוו'ן געוואָרען אלץ מעהר און מעהר אנגענעהם. און ווען די ווירטהין, אויף דעם וואונש פון'ם ענגלענדער, האָט מיט דעם דירעקטאָר פון דעפּארטמענט זיך געזעצט ביים פּיאנאָ און האָבען אָנגעהויבען שפּיעלען די פינפטע סימפאָניע פון בעטהאָווען, האָט נעכלודאָוו דערפיהלט יענעם גייסטיגען צושטאנד פון פולער צו־פריעדענהייט מיט זיך, וועלכען ער האָט שוין אזא לאנגע צייט ניט פארזוכט, אזוי ווי ער וואָלט ערשט איצט ערקונדיגען זיך וואָס פאר א וואוילער מענש ער איז געווען.

אָבדאַנקענדיג דער ווירטהין פאר דעם פארגניגען, וועלכען ער האָט שוין אזוי לאנג ניט געהאט, האָט ער שוין געוואָלט געזעגענען זיך און אוועקפאָהרען, אָבער דאָ איז די טאָכטער פון גענעראל צוגעגאנגען צו איהם מיט אן ענטשיעדענעם פנים און, רויטלעך ווע־רענדיג, געזאָגט:

— איהר האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגען מיינע קינדער: ווילט איהר זיי זעהען?

— זי מיינט, אז עס איז אלעמען אינטערעסאנט צו זעהען איהרע קינדער — האָט מיט א שמייכעל געזאָגט די מוטער, מאכענ־דיג שפּאס אויף דער ליעבליכער איינפאכקייט פון איהר טאָכטער'ס פארשלאג. — דעם פירסט איז אפשר דאָס גאָר ניט אינטערעסאנט.

— פארקעהרט, זעהר, זעהר אינטערעסאנט — האָט געזאָגט נעבלודאָוו, זייענדיג געריהרט פון דער גליקליכער מוטער־ליעבע, וועלכע האָט זיך געגאָסען איבער די ברעגען — איך בעט איידָ, ווייזט מיר זיי.

— זי פיהרט דעם פירסט אָנקוקען איהר קליינוואַרג — האָט זיך צולאכט דער גענעראל ביים קאָרטען־טיש, שפּיעלענדיג מיט׳ן איידים, מיט דעם גאָלד־העגדלער און מיט דעם אדיוטאנט — נו, קומט אָב, קומט אָב אייער פפליכט.

די יונגע פרוי, הפּנים אביסעל אויפגערעגט וואָס אָט וועט מען באלד זאָגען מבינות וועגען איהרע קינדער, איז געגאנגען מיט שנעלע טריט פאָראויס, פיהרענדיג נעבלודאָוו׳ן אין די אינווייניגסטע צימערן. אין א הויכען צימער מיט ווייסע טאפּעטען, בעלויכטען פון א קליינעם לאָמפּ מיט א דונקעלען אבאזשור, זיינען געשטאַנען אין דער רייהע צוויי בעטלעך און צווישען זיי איז געזעסען אין א ווייסער פּאָלערינע די ניאנקע מיט א דיקען סיבירסקען גוטמוטהיגען פּנים. די ניאנושקע האָט זיך אויפגעהויבען און פערנייגט. די מוטער האָט זיך אָנגעבויגען איבער׳ן בעטעל, אין וועלכער עס איז געלעגען מיט א צועפּענטען מיילכעל א צוויי־יאָהריגע מיידעלע, מיט לאנגע, לאָקיגע, צושפּרייטע האָאר איבער׳ן קישעלע, און איז געשלאָפען.

— אָט דאָס איז קאטיא — האָט די מוטער געזאָגט פערריכטענדיג די געשטריקטע דעקע מיט בלויע שטרייפען, פון אונטער וועלכער עס האָט זיך ארויסגעוויזען א ווייסע פיסעל — א שעהנינקע? זי איז דאָך אין גאנצען צוויי יאָהר אלט.

— פּרעכטיג!

— און דאָס איז וואסיוּך, ווי דער זיידע רופט איהם. אין גאנצען שוין אן אנדער טיפּ, א סיביריאק. ניט וואהר?

— א פּרעכטיגער אינגעלע — האָט געזאָגט נעבלודאָוו קוקענדיג אויף דעם פּוזאמען אינגעלע, וואָס איז געשלאָפען אויפ׳ן בייכעל,

נעבלודאָוו האָט זיך איצט דערמאָנט אויף די קייטען, געגאָלטע קעפּ, הריגות, צולאָזענהייט, אויפ׳ן שטארבענדען קרילצאָוו,

אויף קאטיושא'ן מיט דער גאנצער פערגאנגענהייט, און ער האָט מקנא געווען; איהם האָט זיך אויך געוואָלט פאר זיך אזא רייגעם, זויבערען, ווי איהם האָט זיך געדוכט, גליק.

אָנקוקענדיג נאָך אייניגע מאָל די קינדער איז ער ארויסגע־גאנגען נאָך דער גליקליכער יונגער מוטער אין זאאל, וואו דער ענג־לענדער האָט אויף איהם געווארט, אום צוזאמען פאָהרען אין טור־מע, ווי זיי האָבען אָבגערעדט.

דער וועטער האָט זיך געענדערט. עס איז געגאנגען א גע־דיכטער שנעע און האָט פערשאָטען דעם וועג און די דעכער, די בוימער פון גאָרטען, דעם גאניק, די אויבערשטע טהייל פון פוהרעל און דעם רוקען פון פערד. דער ענגלענדער האָט געהאט זיין איי־גענעם עקיפאזש; נעכלודאָוו האָט געהייסען דעם ענגלענדער'ס קוטשער פאָהרען צום אסטראג, האָט זיך אָבער אליין ארייגעזעצט אין זיין פוהרעל און פיהלענדיג עפּעס שווער, ווי א געצוואונגענער צו ערפיעלען אן אונאנגענעהמע פפליכט, איז ער געפאָהרען נאָך דעם עקיפאזש אין זיין פוהרעל.

22.

דאָס דונקעלע הויז פון אָסטראג האָט ביינאכט מיט זיין קוים בעלויכטענע פענסטער געמאכט א שרעקליכערען איינדרוק אלס ביי־טאָג. דער סמאָטריטעל איז ארויס צום טויער און האָט גענומען פון נעכלודאָוו'ן און דעם ענגלענדער דעם פּאָס־צעטעל, האָט אי־בערגעלעזען און האָט דערנאָך געבעטען די בעזוכער, זיי זאָלען פאָלגען נאָך איהם. ער האָט זיי ארייגעפיהרט אין קאנצעלאריע, און בעטענדיג העפליך, זיי זאָלען זיך זעצען, האָט ער געפרעגט מיט וואס ער קען זיי דיענען. ווען נעכלודאָוו האָט איהם גע־זאָגט, אז ער וואָלט וועלען זעהן זיך מיט מאסלאָווא, האָט דער סמאָטריטעל ארויסגעשיקט ברייגען זי און האָט זיך פאָרבעריי־טעט צו ענטפערען אויף די פראגען, וואָס דער ענגלענדער וועט איהם פרעגען דורך דער הילפע פון נעכלודאָוו'ן.

דער ענגלענדער האָט געפרעגט, ווי פיעל ארעסטאנטען עס

געפינען זיך אין אסטראג? וויפיעל מענשען דארט קענען זיך אויפהאלטען? וויפיעל קינדער געהען מיט די ארעסטאנטען, א. ז. וו. נעכלודאָוו האָט אלע זיינע פראגען איבערזעצט דעם סמאָטריטעל, ווען ער האָט דערהערט די שריט פון דער אָנקומענ־דער מאסלאָווא. ער האָט זיך א קעהר געטהאָן און אז ער האָט דערזעהן קאטיושא האָט איהם א צופ געטאָהן אין הארצען.

„איך וויל לעבען, איך וויל א פאמיליע, קינדער, איך וויל מענשליכען לעבען“, — איז איהם דורכגעפלויגען איצט דורכ'ן מח און זיין געזיכט איז געווארען רויטליך.

ער האָט זיך אויפגעהויבען און האָט צוגעטראָטען נעגען איהר א פאָר שריט. זי איז געווען וויעדער אזא, ווי יענעם מאָל, ווען זי האָט איהם געמאכט פאָרווירפע; זי איז געווען ערדעגט, אין איהר געזיכט האָבען זיך געביטען אלע פארבען, איהרע פינגער האָ־בען קראמפפהאפט געציטערט; זי איז געשטאנען איצט לעבען איהם אראָפגעלאָזען די אויגען.

— ווייסט איהר שוין, אז עס איז אנגעקומען א בעגנאדיגונג?

— האָט געזאָגט נעכלודאָוו.

— יא, דער נאדזיראטעל האָט מיר געזאָגט, — האָט זי גע־ענטפערט.

— נו, און אזוי גיך, ווי עס וועלען אָנקומען די פאפירען, קענט איהר ארויסגעהן און בעזעצען זיך וואו נור איהר ווילט... מיר וועלען דאָס נאָכדיינקען...

זי האָט איהם אָבער שנעל איבערגעשלאָגען:

— וואָס האָב איך נאָכצודיינקען? וואו וולאדימיר איוואַ נאָוויטש וועט זיין, אהין וועל איך אויך געהן.

ניט קוקענדיג אויף איהר גאנצער אויפגערעגטקייט, האָט זי ביי דיעזע ווערטער אויפגעהויבען איהר בליק אויף נעכלודאָוו'ן און ארויסגערעדט זיי שנעל, אזוי ווי זי וואָלט פריהער פערפער־טיגט זיך וואס איהם צו זאָגען.

— אזוי גאָר, — האָט געזאָגט נעכלודאָוו.

— וואס דען, דמיטרי איוואנאָוויטש, אז ער וויל איך זאָל

מיט איהם לעבען... — זי האָט זיך פערשעהמט, האָט אראָפּגעלאָזען גלייך וויעדער די אויגען און זהאָט זיך פאַרבעסערט — אז ער וויל איך זאל זיין לעבען איהם. וואס דארף איך בעסער?... איך דארף דאָס רעכענען פאר א גליק... וואָס זשע זאָל איך?..

— אויב איהר ליעבט איהם... — האָט ער געזאגט.

— וואָס ליעבען, ניט ליעבען? גענוג שוין. און וולאדימיר איוואנאָוויטש איז דאָך אין גאנצען אַן אַנדערער.

— יאָ, פערשטעהט זיך, — האָט אָנגעהויבען נעכלודאָוו, — ער איז אַ פּראַכטפאָלער מענש, און איך דיינק...

— ניין, איהר דמיטרי איוואנאָוויטש, ענטשולדיגט מיך אויב איך טהו ניט דאָס וואָס איהר ווילט, — האָט זי צו איהם געזאָגט. — הפנים אזוי דארף דאָס שוין זיין. איהר דארפט אויך לעבען.

זי האָט איהם געזאָגט גראדע דאָס, וואס ער האָט זעלבסט ניט לאנג געדענקט. אָבער יעצט האָט ער געפיהלט גאָר אנדערש. איהם איז געוועזן ניט נאר א שאנדע, נאר אויך א שאד דאָס אלעס, וואָס ער פערליערט דורך דעם.

— איך האָב דאָס ניט ערווארטעט, — האָט ער געזאָגט.

— נאָך וואָס זאָלט איהר זיך מאטערען און פּלאגען. איהר האָט זיך שוין גענוג געפּלאגט.

— איך האָב זיך ניט געפּלאגט, מיר איז געוועזן גוט, און איך וואָלט וועלען דיענען אייך נאָך, אויב איך וואָלט קענען.

— אונז? „מיר" דארפען קיין זאך ניט, — האָט זי געזאָגט. — איהר האָט אזוי אויך פאר מיר שוין געטאָהן גענוג. ווען ניט איהר... — האָט זי אנגעהויבען, אבער איהר שטימע האָט א ציטער געטהון.

— נון, איהר מיר דארפט זיכער ניט דאנקען, — האָט געזאָגט נעכלודאָוו.

— צו וואָס די חשבונות? אונזערע רעכענונגען וועט גאָט שוין מאכען, — האָט זי שנעל ארויסגערעדט און איהרע שווארצע, קרימליכע אויגען האָבען א גלאנץ געטאָהן מיט אָנגעלאָפענע טרערען.

— וואָס פאר א גוטע פרוי איהר זייט, — האָט ער געזאָגט.

— א י ך  א גוטע ? — האָט זי ארויסגערעדט דורך שטיקענ־דע טרערען און א מילדער שמייכעל האָט בעלויכטען איהר גאנצעס געזיכט.

— אר יו רעדי ?*) — האָט זיך אין מיטען געהערט די פראַ־גע פון דעם ענגלענדער.

— דיירעקטלי**) — האָט געענטפערט נעכלודאָוו און האָט איהר א פרעג געטאָן וועגען קרילצאָוו'ן.

זי איז געקומען צו זיך פון אויפרעגונג און האָט רוהיג דער־צעהלט, וואס זי האָט געוואוסט: קרילצאָוו איז זעהר שוואך גע־וואָרען אויפ'ן וועג און מען האָט איהם באלד ארייננגעגעבען אין באָלניצע. מאריא פאוולאָוונא איז געווען וועגען דעם זעהר אונרו־היג, און האָט זיך געבעטען, אז מען זאָל זי צונעהמען דיענען אין באָלניצע, אָבער מען האָט איהר ניט ערלויבט.

— זאָל איך געהן ? — האָט זי א פרעג געטהון, זעהענדיג אז דער ענגלענדער וואַרט.

— איך נעהם נאָך ניט קיין אבשיעד, איך וועל זיך נאָך זעהן מיט אייך, — האָט נעכלודאָוו געזאָגט, דערלאנגענדיג איהר די האנד.

— פערצייהעט, — האָט זי קוים הערבאר ארויסגערעדט. זייערע בליקען האָבען זיך באגעגענט און אין דעם זאנדערבארען קרומען בליק און רחמנות־שמייכעל, מיט וועלכע זי האָט ארויס־גערעדט דעם „פערצייהעט“ און ניט „אדיע“, („פראָסטיטע“ און ניט „פראָשטשאיטע“) האָט נעכלודאָוו פערשטאַנען, אז פון די צוויי השערות, וועלכע ער האָט געמאכט וועגען די אורזאכען פון איהר בעשלוס, איז די צווייטע די ריכטיגע — זי ליעבט טאקי איהם און דענקט, אז ווען זי וועט זיך אָבער מיט איהם פערבינדען, וועט זי צושעדיגען זיין לעבען, ווען זי געהט אבער אוועק מיט סימאָנ־

*) זייט איהר פערטיג ?

**) זאָפאָרט.

סאַנ'ען בעפריים זי איהם. און זי האָט זיך איצט געפרעהט, וואָס זי האָט אויסגעפיהרט איהר וואונש, און האָט אין דערזעלבער צייט אויך געליטען, וואס זי מוז זיך שיידען מיט איהם.

זי האָט א דריק געטאָהן זיין האנד, האָט זיך שנעל א קעהר געטהון און איז ארוים.

נעבלודאָוו האָט א קוק געטהון אויף דעם ענגלענדער, זייענדיג פארטיג צו געהן מיט איהם, אבער דער ענגלענדער האָט עפּעס שנעל פערצייכענט אין זיין נאָטיץ־ביכעל. ניט שטערענדיג איהם האָט נעבלודאָוו זיך צוגעזעצט אויף דעם הילצערנעם ביינקעל, וואס איז געשטאנען לעבען וואַנד און האָט פּלוצלונג דערפיהלט זיך שרעקליך מיעד. ער איז געווען מיעד ניט פון דער שלאָפלאָזער נאכט, ניט פון דער נסיעה, ניט פון אויפרעגונג, נור ער האָט געפיהלט, אז ער איז מיעד שרעקליך פון גאנצען לעבען. ער האָט זיך אָנגעלעהנט אָן ווענטעל, האָט פערמאכט די אויגען און איז תיכף איינגעשלאָפען מיט א שווערען טיעפען שלאָף.

— נו, וואָס? פערלאנגט איהר איצט באקוקען די קאמערן פון טורמע? — האָט א פרעג געטאָהן דער סמאָטריטעל.

נעבלודאָוו האָט זיך אויפגעכאפּט און האָט זיך געוואונדערט וואו ער איז. דער ענגלענדער האָט שוין געענדיגט זיינע פערצייכענונגען און האָט געוואָלט געהן באקוקען די קאמערן. א מיעדער איז ער נאָכגעגאנגען נאָך זיי.

23.

דורכגעהענדיג דעם פיהרהויז און דעם עיפּוש'דיגען קאָררידאָר, אין וועלכען זיי האָבען דערזעהען, צו זייער פערוואונדערונג, ווי צוויי ארעסטאנטען שלאָגען אָב וואסער דאָ גלייך אויף די דילען, זיינען זיי, דער סמאָטריטעל, דער ענגלענדער און נעבלודאָוו, אין בעגלייטונג פון די נאדזיראטעלעס, אריינגעגאנגען אין דער ערשטער קאמער פון די קאטאָרזשנע. אין קאמער זיינען געווען נארעס אין מיטען, אויף וועלכע די ארעסטאנטען זיינען שוין געלעגען. זיי זיינען געווען א מאן 70. זיי איפּען געלעגען א

קאָפּ צו א קאָפּ, א זייט צו א זייט. ווי די בעזוכער זיינען אריינגעקומען, זיינען זיי אלע, קלינגענדיג מיט די קייטען, אויפגעשפרונגען און געבליעבען שטעהן לעבען די נארעס, גלענצענדיג מיט זייערע פריש־אָבגעגאָלטע האלבע קעפּ. עס זיינען געבליבען ליגען נור צוויי. איינער איז געווען א יונגערמאן א רויטער, הפּנים, פון היץ; דער אנדערער — אן אלטער, וועלכער האָט געהאלטען אין איין קרעכצען.

דער ענגלענדער האָט זיך נאָכגעפרעגט, ווי לאנג איז שוין דער יונגער קראנק. דער סמאָטריטעל האָט געענטפערט, אז פון אין־דער־פריה אָן; דער אלטער אָבער ליידעט שוין לאנג פון בויכוויטאָג, אבער עס איז ניטאָ קיין פּלאץ, וואו איהם אהינצוטאָהן, ווארום דער לאזארעט איז שוין לאנג איבערגעפיעלט. דער ענגלענדער האָט אונצופריעדען א שאָקעל געטאָהן מיט'ן קאָפּ און האָט ערקלעהרט, אז ער וואָלט וועלען זאָגען עפּעס דיזע מענשען, אין האָט געבעטען נעכלודאָוו'ן ער זאָל איבערזעצען וואָס ער וועט זאָגען. עס האָט זיך ארויסגעשטעלט, אז דער ענגלענדער האָט אחוץ דעם צוועק פון זיין רייזע, צו בעשרייבען די טורמעס אין סיביר, געהאט נאָך אן אנדער צוועק — צו פּרעדיגען רעטונג דורך גלויבען און דורך תשובה טאָהן.

— זאָגט זיי, אז כריסטוס האָט אויף זיי רחמנות געהאט, זיי געליעבט, — האָט ער אנגעהויבען, — און איז געשטאָרבען פון זייער'ט וועגען. אויב זיי וועלען דעריין גלויבען וועלען זיי זיין געראטעוועטע.

ווי לאנג ער האָט גערעדט זיינען די ארעסטאנטען געשטאנען לעבען די נארעס אזוי ווי סאָלדאטען מיט די הענד גלייך ארונטערגעלאָזען.

— אין דיעזען בוך, זאָגט זיי, — האָט ער געענדיגט זיין דרשה, — איז דאס אלעס געזאָגט געווארען. זיינען פאראן אזעלכע, וואס קענען לעזען?

עס האָט זיך בעוויעזען, אז גראמאָטנע זיינען פאראן איבער 20 מאן.

דער ענגלענדער האָט פון זיין האנד־טאש ארויסגענומען עט־ליכע איינגעבונדענע ביכלעך פון נייעם טעסטאמענט און די מוס־קולנע הענד מיט שטארקע, שווארצע נעגעל האָבען זיך א ציה גע־טאָהן צו איהם, אבשטויסענדיג איינער דעם אנדערן. ער האָט איינגעטהיילט אין דיעזען קאמער צוויי יעוואנגעליעס און איז אוועק אין צווייטען קאמער.

אין צווייטען קאמער איז פארגעקומען דאסזעלביגע. דאָ איז אויך געוועזען אזא שטיקענדע לופט, אן עיפּוש; דאָ איז אויך אין פראָנט צווישען די פענסטער געהאנגען גאָט'ס בילד, און צו דער לינקער זייט פון טהיר איז געשטאנען די פאראשע; דאָ זיינען אויך געוועזען דריי קראנקע, וועלכע האָבען זיך ניט געקענט אויפ־הויבען. אין דער דריטער קאמער זיינען געוועזען פיער קראנקע. אויף דער פראגע פון דעם ענגלענדער, פאר וואָס נעהמט מען ניט צונויף די קראנקע אין איין קאמער, האָט דער סמאָטריטעל גע־ענטפערט, אז די ארעסטאנטען אליין ווילען דאָס ניט. דאס זיינען אבער ניט אנשטעקענדע קראנקהייטען און דער פעלדשער באזוכט זיי און היילט.

— שוין די צווייטע וואך ווי ער האָט קיין אויג ניט געעפענט.

— האָט א שטימע א זאָג געטאָהן.

דער סמאָטריטעל האָט ניט געענטפערט און האָט געפיהרט אין דער וועיטערער קאמער. פון די „קאטארזשנע" איז מען ארי־בער צו די פארשיקטע, פון די פערשיקטע צו די, וואָס פאָלגען פרייוויליג, די פאמיליעס פון די פארשיקטע. אומעטום איז געוועזען אסזעלביגע. אומעטום פארקיהלטע, הונגעריגע, אנגעשטעקטע פון קראנקהייטען, ערנידעריגטע, בעליידיגטע, פארשפארטע, וועלכע האָבען אויסגעוויעזען ווי ווילדע חיות.

דער ענגלענדער האָט צוטיילט די בעשטימטע צאָהל עוואנגע־ליעס און האָט ווייטער שוין מעהר ניט געטהיילט, האָט אפילו קיין רעדעס מעהר ניט געהאלטען. דער שווערער אנבליק, די שטי־קענדע לופט, האָבען הפּנים דערשטיקט אויף זיין ענערגיע און

ער איז שוין געגאנגען איבער די קאמערס, ענטפערענדיג בלויז „אָל־רייט“ אויף די אָנצייגונגען פון דעם סמאָטריטעל.

נעכלודאָוו איז נאָכגעגאנגען אזוי ווי אין שלאָף, ניט האָבענדיג קיין כח אָבצוזאָגען זיך און אוועקגעהן, פיהלענדיג אלץ נאָך מיעד און האָפנונגסלאָז.

24.

אין איינער פון די קאמערן פון די פערשיקטע האָט נעכלודאָוו, צו זיין פערוואונדערונג, דערזעהען יענעם זאנדערבארען זקן, וועלכען ער האָט אין־דער־פריה באגעגענט אויף'ן פראהם. דער אלטער, אַן ארומגעריסענער, אין גאנצען אין קנייטשען, אין איין העמד, א שמוציגע, אזוי ווי אש־קאָליר און צוריסען אויף'ן פלייצע, הויזען אויך אזעלכע, א באָרפוסער, איז געזעסען אויף דער ערד, לעבען די נארעס און האָט שטרייננ־פראַגליך געקוקט אויף די אריינגעהענדע. אלע ארעסטאנטען, אזוי ווי אין די אנדערע קאמערען, זיינען אויפגעשפרונגען און צושטעלט זיך אויסגעצויגען, דערזעהענדיג די נאטשאַלסטוואָ; דער אלטער איז אבער געבליעבען זיצען. זיינע אויגען האָבען געגלאַנצט און די ברעמען האָבען זיך בייז אנגעוואָלקענט.

— אויפשטעהן! — האָט אויף איהם א געשריי געטהון דער סמאָטריטעל.

דער אלטער האָט זיך ניט א ריהר געטאָהן און האָט בלויז פאַרעכטליך א שמייכעל געטאָהן.

— פאר דיר שטעלען זיך אויף דיינע קנעכט. און איך בין ניט דיינער א קנעכט. אויף דיר איז א חתימה... — האָט אָנגעצייגט דער אלטער אויף דעם סמאָטריטעל'ס שטערען.

— וואַ־אַ־אָס? — האָט זיך א בייזער געטאָהן דער סמאָטריטעל, דערנעהנטערענדיג זיך צו איהם.

— איך קען דיעזען מאַן, — האָט נעכלודאָוו זיך אונטערגעאיילט זאָגען דעם סמאָטריטעל, — פארוואָס האָט מען איהם ארייננעזעצט?

— דאס האָט די פּאָליציי איהם צוגעשיקט, ווייל ער איז אָהן א פּאַספּאָרט. מיר בעטען זיי, אז מען זאָל צו אונז אהער ניט שי־קען מעהר, און זיי שיקען.

— און דו ביסט הפּנים אויך פון די מחנות פון אנטיכריסט ?

— האָט דער אַלטער א זאָג געטהון נעבלודאָוו׳ן.

— ניין, איך בין א בעזוכער, — האָט געזאגט נעכלודאָוו.

— אהא, געקומען וואונדערן זיך ווי אנטיכריסט מאַטערט מענשען ? נו, אָט, זעה. האָט פערכאַפּט מענשען, פערשפּאַרט זיי אין א שטייג א גאַנצען חיל. מענשען דארפען אין שוויים פון זייער פּנים ברויט עסען, און ער האָט זיי פערשפּאַרט, אזוי ווי חזרים, קאָרמעט זיי אָהן ארבייט, זיי זאָלען ווערען חיות.

— וואָס זאָגט ער ? — האָט א פרעג געטהאָן דער ענגלענדער.

נעכלודאָוו האָט ערקלעהרט, אז דער אַלטער בעאורטהיילט דעם סמאָטריטעל פאר האַלטען מענשען איינגעשפּאַרט.

— ווי זשע, פרעגט איהם, דארף מען, נאָך זיין מיינונג, בא־געהן זיך מיט די וואָס היטען ניט אָב דעם געזעץ ? — האָט גע־זאָגט דער ענגלענדער.

נעכלודאָוו האָט איבערזעצט די פראַגע.

דער אַלטער האָט זיך זאָנדערבאַר צולאַכט, ארויסשטעלענדיג זיין גלייכע רייהע צייהנער.

— דאס געזעץ, — האָט ער איבערגעזאגט מיט פעראַכטונג, — פריהער האָט ער אַלעמען בערויבט, די גאַנצע ערד, די גאַנצע עשירות האָט ער פון מענשען אבגענומען און האָט זיי פערכאַפּט צו זיך, האָט צושלאָגען אַלעמען, וואָס זיינען געווען געגען איהם, און דערנאָך האָט ער אנגעשריעבען דעם געזעץ, אז מען זאָל ניט רויבען און ניט מאָרדען. ווען ער וואָלט פריהער אבער אנשרייבען דעם געזעץ.

נעכלודאָוו האָט איבערזעצט. דער ענגלענדער האָט א שמייכעל געטהאָן : — נו, אבער דאָך ווי זאָל מען זיך בעגעהן איצטער מיט גנבים און רוצחים ? פרעגט ביי איהם.

נעכלודאָוו האָט ווידער איבערזעצט די פראַגע.

דער אלטער האָט געמאַכט א שטרענגען געזיכט.

— זאָג איהם, אז ער זאָל פון זיך אראָבנעהמען די חתימה פון אנטיכריסט, דאַן וועט ער ניט האָבען ניט קיין גנבים און ניט קיין רוצחים. אזוי זאָג איהם טאַקע.

— הי איז קרייזי*), — האָט א זאָג געטהון דער ענגלענדער, ווען נעבלודאָוו האָט איהם איבערזעצט די ווערטער פון דעם אלטען, און א קוועטש טאָהנדיג מיט'ן פּלייצע, איז ער ארוים פון דער קאַמער.

— דו טהו דיין זאַך, און זיי לאָז צורוה. יעדער זאָל קוקען אויף זיך. גאָט ווייס וועמען צו שטראָפען און צו וועמען גנעדיג צו זיין, און ניט מיר ווייסען, — האָט געזאָגט דער אלטער, — זיי זיך אליין א הערר וועט מען קיין העררען ניט דאַרפען. געה זיך, געה זיך, האָסט זיך אנגעקוקט גענוג ווי די דיענער פון אנטיכריסט קאָרמענען די לייז מיט מענשען. געה זיך, געה.

ווען נעבלודאָוו איז ארויסגעגאַנגען אין קאָרידאָר, איז דער ענגלענדער געשטאַנען מיט דעם סמאָטריטעל ביי אן אָפענער טהיר פון א פּוסטער קאַמער און האָט געפרעגט, וואס פאר א חדר דאס איז. דער סמאָטריטעל האָט ערקלעהרט, אז דאָס איז די מתים-שטיבעל.

— אָ, — האָט דער ענגלענדער געענטפערט, ווען נעבלודאָוו האָט דאס איהם איבערזעצט, און ער האָט געוואָלט אנקוקען אינ-וויינינ.

די מתים-קאַמער איז געוועזען א קליינער צימער. אויף דער וואַנד האָט געברענט א לעמפּעל און האָט שוואַך בעלויכטען אין איין ווינקעל די אנגעוואָרפענע זעק, האָלץ, און אויף די נאַרעס פיער טויטע. דער ערשטער טרופּ איז געוועזען פון א גרויסגעוואַקסיגען מענשען מיט א קליינער, שפּיציגער בערדעל און מיט א האַלב אבגעגאָלטען קאָפּ. דער קערפּער איז שוין געוועזען זעהר פארגליווערט. גלייך מיט איהם איז געלעגען, אין א ווייסער קליי-דעל און יאַקעל, א באָרפוסע, מיט פּראָסטע האָאַר, אן אלטע פרוי

*) ער איז ניט ביים זינען.

מיט א צוקנויטשטען, געלען פּנים און שארפע נעגעל. נאָך דער טויטער אלטינקער איז געלעגען דער קערפּער פון א מאנספּערזאָן איינגעהילט אין א ליניען־פארביגע זאך. דיעזער קאליר האט אָן עפּעס דערמאָנט נעכלודאָוו'ן.

ער איז צוגעגאנגען נעהנטער און האט זיך גענומען איינקוקען: א קליינע, שארפע, צו אויבען שטעקענדע בערדעל, א שטארקער, שעהנער, נאָז, א הויכער, ווייסער שטערען, שיטערע לאָקיגע האָאָר. ער האט דערקנעט די געזיכטס־ציגע און האט זיינע אויגען ניט געגלויבט. ערשט נעכטען האט ער געזעהען דיעזען פּנים, אַן אויפגערעגט־ערהיצטען, ליידענדען. איצט איז ער געווען רוהיג, אונבעוועגליך, שרעקליך און שעהן. יא, דאָס איז געווען קרילצאָוו, אדער אמווענינגסטען יענער סליאד, וואס איז פערבליעבען פון זיין קערפערליכער עקזיסטענץ.

„צוליעב וואָס האט ער געלעבט? צוליעב וואָס האט ער געליטען? האט ער דאס איצט פערשטאנען?" — האט זיך געטראכט נעכלודאָוו און איהם האט זיך געדאכט, אז דערויף איז ניטאָ קיין ענטפער, אז עס איז קיין זאך ניטאָ אויסער דעם טויט, און איהם איז געווארען שלעכט. ניט נעהמענדיג קיין אבשיעד פון דעם ענגלענדער איז ער ארויס דרויסען, און פיהלענדיג די נויטווענדיגקייט צו בלייבען אליין אום איבערצודענקען אלעס, וואָס ער האט געזעהען און איבערגעלעבט דעם אבענד, איז ער אוועק אין האָטעל.

25.

נעכלודאָוו איז לאנג ארומגעגאנגען הין און צוריק אין צימער פון זיין האָטעל. זיין אנגעלעגענהייט מיט קאטושאַ'ן איז געווען צו ענדע. זי האט איהם ניט געדארפט, און איהם איז געווען אי טרויעריג, אי א שאנדע. אָבער ניט דאָס האט איהם איצט געמאַטערט. די אנדער אנגעלעגענהייט איז ניט נור ניט געווען געענדיגט, נור האט נאָך שטארקער איידער ווען עס איז איהם געמאַטערט און געפאדערט פון איהם טהעטיגקייט. די גאנצע שרעקליכע

איבעל, וועלכע ער האָט געזעהען און וואס ער האָט זיך דערוואוסט אין דער לעצטער צייט, און בעזאָנדערס היינט, אין דער שרעקליכער טורמע, דער גאַנצער איבעל, וועלכער האָט דער׳הרג׳ט אויף דעם ליעבען קרילצאָוו, דאָס אַלעס האָט טריאומפירט, האָט רעגיערט, און עס האָט זיך ניט געזעהען קיין מעגליכקייט ניט נור צו קענען מנצח זיין עס, נור אפילו פאַרשטעהן, ווי מנצח צו זיין. אין זיין פאַרשטעלונג זיינען ווידער אויפגעקומען דיעזע איינגעשפּאַרטע אין פערפעסטעטע לופט, הונדערטע און טויזענדע געשענדעטע מענשען, וועלכע זיינען איינגעשפּאַרט געוואָרען פון גלייכגילטיגע גענעראַלען, פּראָקוראָרען, סמאָטריטעלעס; ער האָט זיך ערהאינערט אויף דעם פרייען אַלטינקען, וועלכער האָט געמאַכט פאַרווירפע דער נאַטשאַלסטוואָ און וועלכען מען האָט גערעכענט פאַר אַ משוגענעם, און, צווישען די טויטע קערפּערס, דעם שעהנעם, וועקסענעם פּנים פון דעם געשטאָרבענעם אין ערביטערונג קרילצאָוו׳ן. און די פריהערידגע פראַגע: איז ער, נעכלודאָוו, משוגע, אדער משוגע זיינען די אַלע מענשען, וועלכע רעכענען זיך פאַר קלוגע און טהוען די אַלע מעשים? דיעזע פראַגע איז נאָך שאַרפער אויפגעקומען איצט אין זיין מח און האָט געפאָדערט אַן ענטפער.

ווערענדיג מיעד פון ארומגעהן און טראַכטען, האָט ער זיך אוועקגעזעצט אויף׳ן דיוואַן פאַר׳ן לאָמפּ און האָט מעכאַניש אָן עפען געטאָהן דאס יעוואַנגעליום, וואס דער ענגלענדער האָט איהם געגעבען אַלס אַ מתנה, און וועלכע ער האָט ארויפגעלייגט אויפ׳ן טיש, ארויסנעהמענדיג פערשיעדענע זאַכען פון זיינע טאַשען. „מען זאָגט, אַז דאָ איז די ענטשיידונג פון אַלעס“, — האָט ער זיך געטראַכט, און עפענענדיג דאס עוואַנגעליום, האָט ער אנגעהויבען לייענען, וואו עס האָט זיך גענפענט: מאַטוויי, 18־טער קאַפּיטעל.

„1. דאַן זיינען די תלמידים צוגעגאַנגען צו יעזוסען און האָבען געזאָגט: ווער וועט מעהר פאַרדינען צו זיין אין הימעלשער מלוכה?“ — האָט ער געלעזען.

„2. יעזוס האָט צוגערופען א קינד, האָט איהם אוועקגע־ שטעלט צווישען זיי.

„3. און האָט געזאגט: באמת זאג איך אייך. אויב איהר וועט ניט תשובה טאָהן און וועט ניט זיין אזוי ווי קינדער, וועט איהר ניט אריינקומען אין דער הימעלשער מלוכה.

„4. אלזאָ, ווער עס וועט ביי זיך קליין ווערען, אזוי ווי דיע־ זעס קינד, יענער וועט מעהר זוכה זיין צו זיין אין הימעלשע מלוכה".

— יא, יא, אזוי איז דאָס, — האָט ער זיך געטראַכט, דער־ מאָנענדיג זיך, ווי ער האָט געפיהלט די רוהע און פרייד פון לעבען נור אויף אזוי פיעל אויף וויפיעל ער האָט זיך קליין געהאלטען.

„5. און ווער עס וועט אויפנעהמען איין אזא קינד אין מ י י ן נאָמען, יענער נעהמט מ י ך אויף.

„6. און ווער עס וועט פארפיהרען אימיצען פון דיעזע קליי־ נע, וואָס גלויבען אין מ י ר, יענעם וואָלט בעסער געווען, אז מען וואָלט איהם אנהייננגען א מיהל־שטיין אויפ'ן האלז און דער־ טרינקען איהם אין דער טיעפענעס פון ים".

— צו וואָס איז דאָ: „ווער עס וועט אויפנעהמען" און וואו־ הין אויפנעהמען? און וואָס בעדייט: „אין מיין נאמען?" — האָט ער זיך געפרעגט, פיהלענדיג אז דיעזע ווערטער זאגען איהם גארנישט — און צו וואס איז „א מיהלשטיין אויפ'ן האלז און די טיעפענים פון ים?" ניין, דאָס איז עפּעס ניט קלאָר, ניט דייט־ ליך, — האָט ער זיך געטראַכט און האָט זיך דערמאָנט ווי ער האָט עטליכע מאָהל אין זיין לעבען גענומען זיך פאר'ן יעוואנגעליום און שטענדיג האָט די אונקלאָהרקייט פון אזעלכע פלעצער איהם אב־ געשטויסען. ער האָט געלעזען ווייטער און האָט זיך געטראַכט: וואָס פאר א פערדרוס, וואָס דאָס איז עפּעס ניט גלאַט, און עס פיהלט זיך דאך דאָ עפּעס גוטעס. און ער האָט פארטגעזעצט לעזען:

„11. ווארום דער מענשען־זוהן איז געקומען אויפמאָנען און ראַטעווען דאס אומגעקומענע.

„12. ווי מיינט איהר? אויב ביי אימיצען וואָלט געווען הונדערט שאָף און איינע פון זיי וואָלט פערבלאָנזשעט, וועט ער דען ניט איבערלאָזען די ניין־און־ניינציג אין די בערג און געהן זוכען די פערבלאָנזשעטע?

„13. און אויב עס וועט טרעפען, אז ער געפינט זי; דאן, זאָג איך אייך באמת, פרעהט ער זיך פון איהר מעהר איידער פון די ניין־און־ניינציג ניט פערבלאָנדזעטע.

„14. אזוי איז ניט דער רצון פון אונזער הימעלשען פאטער, אז עס זאל אומקומען איינער פון די זעע קליינע.

— יא, עס איז ניט דער רצון פון פאטער, אז זיי זאלען אומקומען. און זיי קומען אום הונדערטערוויז, טויזענדערוויז, און ביטאַ קיין מיטלען צו ראטעווען זיי — האָט ער זיך געטראכט.

„21. דאן איז פעטרוס צוגעגאנגען צו איהם און געזאָגט, — האָט נעכלודאָוו ווייטער געלעזען, — הערר, וויפיעל מאָהל מוחל זיין מיין ברודער, וואָס האָט זיך פארזינדיגט געגען מיר? ביז זיעבען מאָהל?

„22. זאָגט צו איהם יעזוס: איך זאָג דיר ניט — ביז זיעבען, נור ביז זיעבען מאָהל זיעבציג.

„23. בכן, איז די הימעלשע מלוכה גלייך צום קייזער, וועלכער האָט געוואלט א חשבון האָבען מיט זיינע קנעכט.

„24. ווען ער האָט זיך אָנגעהויבען רעכענען, איז צו איהם געבראכט געווארען אימיצער, וועלכער איז איהם שולדיג געווען צעהן טויזענד טאַלאַן.

„25. און אזוי ווי ער האָט ניט געהאט מיט וואָס צו בעצאָהלען, האָט זיין קיסר בעפעהלען אז מען זאָל איהם פארקויפען, און זיין פרוי, און זיינע קינדער, און אלעס וואס ער האָט געהאט, און בעצאהלען.

„26. דאן איז יענער קנעכט געפאלען און, בוקענדיג זיך צו איהם, געזאָגט: קייזער! האָב געדולד מיט מיר, און אלעס וועט דיר בעצאָהלט ווערען.

„27. דער קייזער, רחמנות האָבענדיג אויף יענעם קנעכט,

האָט איהם אָבגעלאָזען און האָט איהם זיין חוב מוחל געווען.

„28. דער קנעכט אבער, ארויסגעהענדיג, האָט געפונען איי־נעם פון זיינע חברים, וואס איז איהם שולדיג געווען הונדערט דינאַרעס, און אנכאפענדיג איהם האָט ער איהם געוואָרגען זאָגענ־דיג: גיב מיר אָב, וואס מיר קומט.

„29. דאן איז דער חבר זיינער געפאלען צו זיינע פיס, האָט איהם געבעטען און געזאָגט: האָב געדולד מיט מיר, און איך וועל דיר אלעס אבגעבען.

„30. אבער יענער האָט ניט געוואָלט, און איז אוועקגעגאנגען און אריינגעזעצט איהם אין געפענגניס ביז ער וועט ניט אוועקגע־בען דעם חוב.

„31. זיינע חברים, זעהענדיג וואָס עס איז פארגעקומען, האָ־בען געהאט גרויס פערדרוס, און זיינען געקומען און דערצעהלט דעם קייזער אלעס וואס עס איז געווען.

„32. דאן האָט דער קייזער איהם גערופען און זאָגט: בייזער קנעכט! דעם גאנצען חוב יענעם האָב איך דיר מוחל געווען, ווייל דו האָסט מיך איינגעבעטען.

„33. האָסטו דען אויך ניט געדארפט מוחל זיין דעם חבר דיינעם, אזוי ווי איך האָב דיר מוחל געווען?“

— ניט שוין זשע בלויז דאס? — האָט פלוצלונג נעכלודאָוו אויסגעשריען, איבערלעזענדיג דיזע ווערטער. און אן אינערליכע שטימע פון זיין גאנצען וועזען האָט איהם געזאָגט: „יא, בלויז דאָס“.

און מיט נעכלודאָוו'ן האָט פאסירט דאָס, וואָס עס פאסירט אָפט מיט מענשען, וועלכע עס לעבען א גייסטיגען לעבען. עס האָט געטראָפען דאס, וואס דער געדאנק, וואס האָט זיך איהם פריה־ער פאָרגעשטעלט אלס משונה'דיג, אלס א פאראדאָקס, אפילו ווי עפּעס א שפּאָס, אלץ אָפטער און אפטער געפינענדיג פאר זיך א בעשטעטיגונג אין לעבען, איז פלוצלונג פאר איהם ערשיענען, ווי די איינפאכסטע, אונצווייפעלהאפטע ווארהייט. איהם איז געוואָרען איצט קלאָהר, אז די גאנצע שרעקליכע בייזהייט, פון וועלכע עס ליידען מענשען, אלע שלעכטסקייטען, פון וועלכע ער איז געווען אן

עדות אין די טורמעס, אין די אסטראָגען און די גדלות פון די מענ־שען, וועלכע האָבען געטאָהן אל־דאָס־בייז, איז ארויסגעקומען בלויז דערפון, וואס מענשען האָבען געוואָלט טאָהן אן אונמעגליכע זאך: זייענדיג שלעכט האָבען זיי געוואָלט אויסבעסערען דאס שלעכטע. זינדיגע מענשען האָבען געוואָלט אויסבעסערען זינדיגע מענשען און האָבען געדיינקט דאָס אויסצופיהרען אויף מעכאנישע אופנים. נור פון דעם אַלעם איז ארויסגעקומען דאָס, וואָס די אליין־זיך־ליעבענדע מענשען, מאכענדיג זיך פאר א פּראָפעסיאָן דיעזע בע־שטראפונג און אויסבעסערונג פון אנדערע, זיינען אליין צולאָ־זען געווארען ביז דער לעצטער מדרגה און מאכען צולאָזען אויך יענע, וועלכע זיי קוועלען אָהן אָן אויפהער. איצט איז איהם גע־וואָרען קלאָהר, פון וואנען עס שטאמט דער גאנצער שרעק, וועל־כען ער האָט געזעהען, און וואָס מען דארף טהאָן צו פערניכטען איהם. דער ענטפער, וועלכען ער האָט ניט געקענט געפינען, איז געווען דער זעלביגער וואס קריסטוס האָט געגעבען פעטרוסען: ער איז בעשטאנען דעריין, אז מען דארף מוחל זיין אלעמען, איבעראל, אונענדליכע צאָהל מאל מוחל זיין, ווארום עס זיינען ניטאָ אזעלכע מענשען, וועלכע זאָלען אליין ניט זיין קיין שולדיגע און זאָלען דא־רום קענען בעשטראָפען אָדער אויסבעסערען אנדערע.

— עס קען דאך ניט זיין, אז דאס זאָל זיין אזוי איינפאך, — האָט זיך געזאגט נעכלודאָוו, און אין דער זעלבער צייט האָט ער געזעהען אהן שום ספק, ווי זאָנדערבאר דאָס זאָל ניט שיינען פון אנפאנג פאר דעם, וואס איז געוועהנט געווארען צו דאָס פאר־קעהרטע. דאס איז געווען אהן שום ספק, און ניט נור די טהעאָ־רעטישע, נור אויך די פּראקטישסטע לייזונג פון דער פראגע. דער שטענדיגער ארגומענט געגען דעם, וואס זאָל מען אבער טאָהן מיט די בייזוויליגע און שלעכטס־טהוענדע, זאָל מען דען זיי לאָזען אונ־בעשטראָפט? — דאס האָט איהם שוין איצט ניט געבראכט אין קיין פערלעגענהייט. דיעזע טענה וואָלט האָבען א בעדייטונג, ווען עס וואָלט באוויעזען געווארען, אז שטראָף פארקלענערט פארברע־כען, בעסערט אוים פארברעכער; אבער אז באוויעזען געווארען

איז אקוראט דער היפוך, דאן איז דאס איינציג פערנינפטיגע, וואס איהר קענט טאהן, איהר זאלט אויפהערען טאהן דאס וואס עס איז ניט נור נוצלאז, נור שעדליך, און א חוץ דעם, אונזיטליך, פער־דארבען און הארצלאז. שוין יאהרהונדערטע ווי איהר היגריכטעט מענשען, וועלכע איהר אנערקענט אלס פערברעכער. נון, האבען זיי שוין אויפגעהערט צו זיין? זייער צאהל פארמעהרט זיך נאך מיט די פארברעכער, וועלכע ווערען פערדארבען פון די שטראף און נאך מיט די פארברעכער־ריכטער, פראקוראָרען, אונטערזור־כונגס־ריכטער, געפיינגנים־וועכטער, וועלכע משפט'ן און בעשטרא־פען מענשען. נעכלודאוו האט איצט פערשטאנען, אז די געזעל־שאפט און ארדנונג בכלל עקזיסטירען ניט דערפאר, ווייל עס זיי־נען דא געזעצליכע פארברעכער, וועלכע משפט'ן און בעשטראפען אנדערע מענשען, נור דערפאר וואס ניט קוקענדיג אויף אזא פער־דארבענהייט, האבען מענשען דאך רחמנות און ליעבען דאך איי־נער דעם צווייטען.

האפענדיג צו געפינען א בעשטעטיגונג פאר דיעזען געדאנק אין זעלבען יעוואנגעליום, האט נעכלודאוו אנגעהויבען לייענען פון אנפאנג. איבערלעזענדיג די בארג־פריידיגט, וועלכע האט איהם תמיד גערירט, האט ער היינט דערזעהען אין דיעזער פריידיגט ניט קיין אבסטראקטע, שעהנע געדאנקען, וואס זיינען אונדורכ־פיהרבאר, זאנדערן איינפאכע, קלאהרע און פראקטיש אנווענדבארע געבאטען, וועלכע ווען מען זאל זיי ערפילען (וואס איז פאלשטענ־דיג מעגליך) בילדען א וואונדערליכע נייע איינריכטונג פון א מענשליכע געזעלשאפט, אין וועלכער ניט נור עס ווערט פער־ניכטעט געוואלט אליין פון זיך, נור וואו עס ווערט עררייכט דאס העכסטע וואהלזיין פאר מענשען — די מלוכה פון גאט אויף דער ערד.

דיעזע געבאט זיינען געוועזען פינף:

דאס ערשטע געבאט איז בעשטאנען דעריין, אז א מענש טאר ניט נור ניט מארדען, נור דארף ניט בייז זיין אויף זיין ברודער, דארף איהם ניט קליין מאכען, און אויב ער צוקריגט זיך מיט ווע־

מען, דאַרף ער שלום שליסען איידער ער ברייננט א מתנה צו גאָט, דאָס הייסט תפלה טהאָן.

דאס צווייטע געבאָט איז בעשטאנען דעריין, אז א מענש טאָר ניט נור ניט איבערטרייבען אין געשלעכטליכער ליעבע, נור דאַרף אויסמיידען תענוג צו האָבען פון דער שעהנקייט פון א פרוי; ער דאַרף, איין מאָהל צונויפקומענדיג זיך מיט איין פרוי, קיין מאָהל ניט ווערען איהר אונטריי.

דאס דריטע געבאָט איז בעשטאנען דעריין, אז קיין מענש טאָר ניט מאכען א פערשפּרעכען דורך א שבועה.

דאס פערטע געבאָט איז בעשטאנען דעריין, אז א מענש טאָר ניט נור ניט צאָהלען עין תחת עין, נור דאַרף אונטערשטעלען די צווייטע באק, ווען מען גיט איהם א פּאטש אין איינער, דאַרף מוחל זיין א בעליידיגונג און קיינעם ניט אָבזאָגען, וואָס מענשען פערלאנגען פון איהם.

דאָס פינפטע געבאָט איז בעשטאנען דעריין, אז א מענש דאַרף ניט נור ניט פעראכטען שונאים, ניט קעמפּפען מיט זיי, נור דאַרף זיי נאָך ליבען, שטיצען און דיענען זיי.

נעכלודאָוו'ס בליק האָט זיך אבגעשטעלט אויף דאס ליכט פון ברענענדען לאָמפּ און איז ווי פערשטארבען. ער האָט זיך דער־מאָנט דעם גאנצען עקעל פון אונזער לעבען און ער האָט זיך קלאָהר פארגעשטעלט, וואס דיעזער לעבען וואלט געקענט זיין, אויב מענשען וואלטען זיך ערציהען אין דיעזע פארשריפטען. א בעגייסטערונג, וועלכע ער האָט שוין לאנג ניט געפיהלט, האָט ארומ־געכאפּט איצט זיין נשמה. אזוי ווי ער וואָלט, נאָך לאנגע מאטער־נים און יסורים, געפונען פּלוצלונג רוהע און פרייהייט.

ער האָט די גאנצע נאכט ניט געשלאָפען. און ווי דאס טרעפט אָפט מיט פיעלע, וועלכע האָבען געלעזען דאס יעוואנגעליום, האָט ער איצט פערשטאנען אין פולער בעדייטונג ווערטער, וועלכע ער האָט פיעל מאָהל געלעזען און גאר ניט באמערקט. ער האָט זיי איצט אנערקענט און געגלויבט. נור א חוץ דעם וואס ער האָט זיי אנערקענט און געגלויבט, האָט ער אנערקענט און געגלויבט, אז

א מענש האָט קיין אנדער זאך מעהר ניט צו טהאָן ווי נור צו ערפילען דיעזע געבאָטען, אז אין זיי איז דער פערנינפטיגער טעם פון מענשליכען לעבען, אז יעדעס אָבטרעטען דערפון איז א טעות, וועלכער שלעפט גלייך נאָך זיך א שטראף. דאס איז געוועזן געדרונגען פון דער גאנצער לעהרע, און בעזונדער קלאָהר איז דאָס נאך געוועזן אויסגעדריקט אין דעם משל מיט די וויין־גערטנערער. די וויין־גערטנערער האָבען געדיינקט, אז דער גאָרטען, אין וועלכען זיי זיינען געשיקט געוואָרען צו ארבייטען פאר'ן בעל־הבית, איז געמאכט געוואָרען פון זייערטוועגען, און אז זייער ארבייט בעשטעהט אין דעם, אז זיי זאָלען הנאה האָבען פון גארטען, פארגעסענדיג אָן בעל הבית און מאָרדענדיג די, וועלכע דערמאָנען זיי וועגען דעם בעל הבית און וועגען זייערע פפליכטען צו איהם.

— דאס זעלביגע טוהען מיר, — האָט געטראכט נעכלודאָוו, — לעבענדיג אין דער לעבערליכער זיכערהייט, אז מיר זיינען אליין די בעלי־בתים פון אונזער לעבען און אז עס איז אונז געגעבען פון אונזער הנאה וועגען. אויב אבער מיר זיינען געשיקט געוואָרען אהער איז עס דאך דורך אימיצענס רצון און צוליעב עפעס. און מיר האָבען בעשלאָסען, אז מיר לעבען נור פון אייגענער שמחה וועגען און זעלבסטפערשטענדליך, אז אונז איז שלעכט, ווי עס וועט זיין שלעכט דעם ארבייטער, וואס פאָלגט ניט דעם בעל־הבית. און דער ווילען פון בעל הבית איז אויסגעדריקט אין דיעזע געבאָט. ערפיל נאָר דיעזע געבאָט און אויף דער ערד וועט אָנקומען גאָט'ס מלוכה, און מענשען וועלען געניסען דעם גרעסטען גליק, וואָס איז נאָר צוטריטליך זיי.

זוכט די מלוכה פון גאָט און זיין אמת, דאס איבעריגע וועט קומען ממילא. און מיר זוכען דאָס א י ב ע ר י ג ע און, אויגענשיינליך, קענען מיר עס ניט געפינען.

אָט דאָס איז דער זינן פון מיין לעבען. עס האָט זיך נור געענדיגט איינס און א צווייטעס האָט זיך אָנגעפאנגען.

פון דיעזער נאכט אָן האָט זיך אנגעהויבען פאר נעכלודאָוו'ן

לגמרי א נייעם לעבען, ניט אזוי דערפאר, ווייל ער איז איינגע־טראָטען אין נייע אומשטענדען פון לעבען, נור דערפאר וואס אלעס, וואָס מיט איהם האָט נור פּאסירט פון דער צייט אָן, האָט באקו־מען פאר איהם גאָר אן אנדער בעדייטונג אלס פריהער.

מיט וואס עס וועט זיך ענדיגען דיעזער נייער פּעריאָד פון זיין לעבען, דאס וועט ווייזען די צוקונפט.

מאָסקווא, 12־טען דעצעמבער, 1899.

ע נ ד ע.